*

דאָס בוך איז אַן איבערזעצונג פון דעם זאמלבוך „ההסתדרות", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין העברעאיש דורך דער החלוץ־אָפּטיילונג ביים הועד הפועל פון דער הסתדרות. דאָס בוך דערשיינט אין יידיש אין צוויי בענדער. דער ערשטער באַנד באַהאַנדלט די אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון דער הסתדרות: איר וועזן, גרונד־יסודות, סטרוקטור, ווי אויך איינִיקע וויכטיקע געביטן פון איר טעטיקייט (פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירונג, קעגנזייטיקע הילף, קולטור און דערציאונג א. א.). דער צווייטער באַנד וועט זיין בעיקר געווידמעט דעם ווירטשאַפטלעכן סעקטאָר („חברת העובדים", ארבעטער־קאָלאָניזאַציע, ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס), ווי אויך אַנדערע פראגן, וואָס זיינען נישט באַהאַנדלט געוואָרן אין ערשטן באַנד.

דאָס בוך איז איבערזעצט מיט איינִיקע פארקירצונגען און אויסבעסערונגען.

מיט דעם באַנד ווערט געעפנט א סעריע ביכער אין יידיש אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „י ס ו ד ו ת", וואָס די „החלוץ"־אָפּטיילונג וועט ארויסגעבן איבער די גרונד־פּראָבלעמען פון ציוניזם, ארץ ישראל און דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג.

# אינהאלט:

## א. ווי אזוי איז די הסתדרות אנטשטאנען?



## ב. וואס איז אזוינס די הסתדרות?



## ג. די סטרוקטור פון ד'ער הסתדרות

## ז. יוגנט



## ח. די הסתדרות און די אנדערע ארבעטער־ארגאניזאציעס



## ט. דער אראבישער ארבעטער



## י. קעגנזייטיקע הילף



## י"א. דערציאונג, קולטור און ליטעראטור

# ווי אזוי איז די הסתדרות אנטשטאנען?

די ארבעטער אין ארץ ישראל דארפן זיך פאראייניקן אין איין ארבעטער־ארגאניזאציע, וואָס זאָל טאָן אלץ, וואָס איז נויטיק כדי צו שטארקן דעם כוח פונם יידישן ארבעטער אין לאנד. די דאזיקע אָרגאניזאציע דארף ניט טראָגן דוקא דעם נאָמען „ציוניסטיש־סאציאליסטישע". ס'איז גענוג דער נאָמען: „אָרגאניזאציע פון ארץ־ישראלדיקע ארבעטער" („הסתדרות פּועלי ארץ־ישראל"). דער גייסט פון פּראָלעטארישן ציוניזם, ד. ה. דער גייסט פון אמתן יידישן סאָציאליזם, וועט ממילא באלעבן די דאזיקע אָרגאניזאציע. זאָל נאָר זיין א קערפּערשאפט פון יידישע ארבעטער אין ארץ־ישראל; די נשמה פון סאציאליזם וועט ממילא ווערן איינגעהויכט אין איר. אָן דער דאזיקער נשמה איז עס בכלל אונמעגלעך.

הסתדרות פּועלי ארץ־ישראל — מיט דעם איז אלץ געזאָגט. זי וועט בעל כרחה מוזן ווערן דאס, וואָס זי איז לויט איר עצם וועזן. און אויך דאס ארבעטס־פעלד פון דער הסתדרות וועט זיין — אלץ. פאר ארבעט אין שלום און פאר ארבעט אין קאמף, אָן באגרענצונגען און אָן פארבאָטן.

י. ח. ברענער.

ד. בן־גוריון

## אונזער הסתדרות

די הסתדרות איז ניט קיין אריינפיר און ניט קיין אנהויב. זי איז א העכערע מדרגה אינם וואוקס פון אונזער באוועגונג.

די ווערטן פון אונזער באוועגונג זיינען דאס רוב געשאפן געוואָרן נאך פאר דער גרינדונג פון דער הסתדרות: דער ווערט פון ארבעט און איר פלאץ אינ'ם אויפקום פון פאלק און אינ'ם אויפבוי פון לאנד; דער אויפטו פון דער שמירה און הגנה; דער געדאנק פון פארווירקלעכנדיקן סאציאליסטישן חלוציזם; דער אויפבוי פון דער ארבעטנדיקער קאלאני־

זאציע און די פאַרווירקלעכונג פון דער נאציאָנאַליזירונג פון באָדן; די פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירונג אין שטאָט און דערנאָך אין דאָרף; די פאָרם פון דער קבוצה, וואס ענדערט די ווערטן פון ווירטשאַפט, געזעלשאַפט און דערציאונג; דאס אָנווענדן אַ וויסנשאַפטלעכע שיטה אין דער געמיש־טער לאַנדווירטשאַפט; די שאַפונג פון אַן ארבעטס־ליטעראַטור; די אויפ־לעבונג פון דער העברעאישער שפּראַך אלס ארבעטס־שפּראַך אין געדאַנק און אין דער טאַט; דאס אויפשטעלן אַנשטאַלטן פאַר שותפות און קעגנ־זײַטיקער הילף (קראַנקן־קאַסע, „המשביר״, „קפא״י״); די פאַרבינדונגען מיט דער יידישער און אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־באַוועגונג; דאס אויפשטעלן אַ באַוועגונג פון ארבעטערינס און דאס דערהויבן די ארבעטנדיקע פרוי צו דער מדרגה פון אַ פאַקטאָר מיט גלייכע רעכט און גלייכע מעגלעכקייטן אין דער ווירטשאַפט, אין דער ארבעט, אין געזעלשאַפטלעכן לעבן; דער געדאַנק פון אחדות פון ארבעטער־קלאַס און זײַן היסטאָרישע מיסיע; דער פּאָליטישער קאַמף פאַר נאציאָנאַלע און סאָציאַלע רעכט; די אָרגאַניזירונג פון דער „החלוץ״־באַוועגונג אין גלות — אָט די אַלע ווערטן און דערגרייכונגען, וואס ליגן אין יסוד פון דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער־באַוועגונג, זײַנען אויסגעוואַקסן און האָבן געשלאָגן וואָרצלען נאָך איידער די הסתדרות איז באַשאַפן געוואָרן.

און פונדעסטוועגן וועט דער אָנדענק פון גרינדונגס־טאָג אין חיפה, חנוכה תרפ״א (1920), בלייבן אַן אנטשיידנדיקע היסטאָרישע דאַטע אין דער געשיכטע פון אונזער באַוועגונג, פונקט אזוי ווי דער אָנדענק פון ערשטן קאָנגרעס אין באַזעל אין דער געשיכטע פון ציוניזם. מיט דער גרינדונג פון דער הסתדרות איז אויפגעשטעלט געוואָרן די אייניקייט פון ארבעטער־קלאַס, זײַנען מאָביליזירט געוואָרן זײַנע ארבעטס־פייאיקייטן, זײַנע שעפערישע מעגלעכקייטן, זײַן קאַמפס־כוח, און ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן זײַן קאָלעקטיווע אחריות.

ביי פופצן יאָר האָט אונזער באַוועגונג זיך געראַנגלט מיט פאַרשיי־דענע שפּאַלטונגען, וואס זײַנען פון גלות אריינגעבראַכט געוואָרן אין ארץ־ישראל. און אויב דער יידישער ארבעטער איז אין ארץ־ישראל געוואָרן דער וויכטיקסטער כוח, וואס באַווירקט מיט זײַן גייסט דעם ציוניסטישן ווערק — איז עס דער עיקר דערפאַר, וואס עס איז דערגרייכט געוואָרן די אייניקייט פונם ארבעטער־קלאַס אין איין הסתדרות.

די הסתדרות איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער צייט פון דער גרויסער שפּאַלטונג אין דער ארבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט אונטער דער השפּעה פון קאָמוניזם. די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט, פאַרשטייט זיך, ניט אויסגעמיטן אויך די יידישע ארבעטער־באַוועגונג. אפילו אזוינע

פאַרפּעסטיקטע פּאַרטייען, ווי דער „בונד" און די „פּועלי־ציון", מיט זייער לאַנג־יאַריקער אָרגאַניזאַציאָנעלער טראַדיציע, האָבן ניט געקאָנט באַשטיין דעם שפּאַלטונגס־שטורעם. און גראָד צו יענער צייט איז אין ארץ־ישראל אויסגעוואַקסן געוואָרן די אָרגאַניזיר־ראַם, וואָס האָט פאַראייניקט און צונויפגעשלאָסן דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס אַ דאַנק איר איז דער יידישער אַרבעטער דערגאַנגען צו אַלע זיינע דערגרייכונגען, פון דעמאָלט אָן און ביזן היינטיקן טאָג.

דער ווערט און כוח פון דער הסתדרות באַשטייט ניט נאָר אין דער פאַרזיכערונג פון דער אינערלעכער אייניקייט און אין דער פאַרשטאַרקונג פון אָרגאַניזאַציאָנעלן פאַרנעם פונם אַרבעטער־קלאַס. דאָס וואָס צייכנט אויס אונזער באַוועגונג מער פאַר אַלץ — איז די רייכקייט פון אירע פאַרשיי־דענע אויפגאַבן. די פאַרצווייגטע טעטיקייט פון דער הסתדרות נעמט אַרום אַלע באַדערפעענישן און שטרעבונגען פון אַרבעטער: אַרבעט און ווירט־שאַפט, קאָלאָניזאַציע און עליה, קולטור און דערציאונג, געזונטהייטס־שוץ און קערפּער־קולטור, קאַמף פאַר די אַרבעטס־באַדינגונגען און בירגער־רעכט, זאָרג פאַר זיכערקייט און פאַרדייטיקונג פון לעבן.

אין אַלע לענדער באַשטייט די אַרבעטער־באַוועגונג פון דריי אָפּ־געזונדערטע צווייגן: די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, די פּאָליטישע פּאַרטיי און די קאָאָפּעראַטיווע פאַראייניקונג. די הסתדרות האָט ניט נאָר פאַר־אייניקט די דאָזיקע דריי צווייגן אין איר טעטיקייטס־קרייז, נאָר זי האָט צוגעגעבן צו זיי נאָך אַנדערע. די ווירטשאַפט, די מדינה און דער אַרבע־טער־קלאַס — די אַלע עקזיסטירן שוין פון פריער אין אַנדערע לענדער, און די אויפגאַבע פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע באַשטייט אין דעם, ווי אַזוי צוצופּאַסן די אַרבעטס־באַדינגונגען, די געזעצן פון לאַנד און די ווירטשאַפטלעכע אָרדנונג צו די באַדערפעענישן און פאַרלאַנגען פון די אַרבעטער. אָבער דאָ, אין ארץ־ישראל, ליגט אויף דער באַוועגונג די פליכט פון מעשה בראשית: זי דאַרף ניט נאָר אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער, נאָר אים צוערשט באַשאַפן, אויסבילדן, ברענגען אין לאַנד; ניט נאָר פאַרבעסערן זיינע אַרבעטס־באַדינגונגען, נאָר צוערשט זוכן און פאַרגרעסערן די אַרבעטס־מעגלעכקייטן און פּרנסה־קוואַלן אויף אויפ־צונעמען נייע עולים; ניט נאָר אויסבעסערן די ווירטשאַפטס־אָרדנונג, נאָר בויען נייע ווירטשאַפטן אין דאָרף און שטאָט; ניט נאָר מאַכן דעם אַרבעטער אַלס שותף צו די אוצרות פון קולטור און גייסט, נאָר שאַפן פון דאָס ניי ליטעראַטור, וויסנשאַפט און קונסט; ניט נאָר אויסקעמפן פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע רעכט, נאָר לייגן דעם יסוד פון אַ מדינה׳־שאַפטלעכן לעבן און אויספורעמען די אַנטשטייענדיקע געזעלשאַפט.

עליה און קאָלאָניזאציע — דאס זיינען די צוויי לוחות־הברית פון די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער. פון דער עליה זיינען מיר אנטשטאנען, און אויף דער קאָלאָניזאציע באזירט זיך אונזער עצם קיום, אוןביידע צוזאמען זיינען אויסגעקריצט מיט פייער און בלוט אויף דער פאן פון אונזער באוועגונג. עס איז אויף אונז ארויפגעלעגט געווארן א שליחות, וואס איר גלייכנס האָט נישט קיין שום אנדערע ארבעטער־באוועגונג: מיר זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן ניט נאר אויפצושטעלן אַן אָרגאניזאציע, וואס שליסט איין די ארבעטער, וועלכע געפינען זיך שוין דא אין לאנד, נאר אויך א מעכטיקן אינסטרומענט, וואס זאל אויפנעמען די מאסן־עליה פון די גלות־לענדער און זיי אויף אייביק איינוואָרצלען אין ארבעטס־לעבן אין לאנד. צוליב דעם איז געשאפן געווארן אונזער הסתדרות.

צ. ראזענשטיין

## עטאפן

### די ערשטע.

די הסתדרות איז ניט אנטשטאנען ווי א „יֵש מאַיִן״. אלץ, וואָס ס׳איז געווען אין לאנד, זינט עס זיינען דא פאראן יידישע ארבעטער, האָט איר געדינט אלס אנהויב. און ניט מיט איינמאָל, ניט מיט איין גרויסן שפרונג — איז זי באשאפן געווארן. זי איז א רעזולטאט פון א לאנג־דויערנדיקער היסטארישער אנטוויקלונג. שריט ביי שריט, א שטאַפּל נאך א שטאַפּל האט זיך דער יידישער ארבעטער אין ארץ־ישראל כסדר געהויבן צו דער ארבעטער־אחדות, ביז ער האט דערגרייכט די הויכע מדרגה פון אויפשטעלן די הסתדרות.

די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער־באוועגונג, אלס ארגאניזירטע באַ־וועגונג, וואס איז דורכגעדרונגען מיטן באוואוסטזיין פון איר ספעציעלער שליחות אין פאָלק און אין ציוניזם, ציילט איר געשיכטע זינט דער צווייטער עליה (1904). אבער אנטפלעקונגען פונם חלוצישן גייסט אין דער געשיכטע פון ישוב זיינען שוין געווען מיט פיל יאָרן פריער. א סך חלוצישע פונקען זיינען צושפרייט איבער דער גאנצער תקופה פון דער ערשטער עליה (1882—1903). דער בולטסטער צווישן זיי איז געווען די עליה פון ביל״ו.

בעצם איז ביל״ו געווען די ערשטע ארגאניזאציע פון „החלוץ״ אין

אונזער געשיכטע. יענע פינף הונדערט בחורים און מיידלעך, דאס רוב לערן־יוגנט, וואס האבן זיך דעמאָלסט ארגאניזירט אין רוסלאנד כדי צו גיין קיין ארץ־ישראל, האָבן געשטרעבט צו אַ גרינדלעכער ענדערונג אין זייער לעבנס־ארדנונג, זיי האָבן געשטרעבט אויפצושטעלן אַ נייע יידישע געמיינשאפט, וואָס שאפט אליין אירע ווערטן און קומט ניט אָן צו פרעמדער ארבעט. דאס איז געווען א ברויזנדיקע אידעאליסטישע יוגנט, וואס איז מוכן ומזומן זיך מקריב צו זיין צוליב דער אידייע. נאר ווייניקע פון די „בילו״ זיינען עולה געווען, נאר אייניקע צענדליק מענטשן, און זיי זיינען עס געווען די ערשטע, וואס האבן פארזוכט דעם טעם פון אַ יידישן ארבעטער־לעבן אין דער קאָלאָניע. זיי זענען אויך געווען די ערשטע, וואָס האָבן געבילדעט אַן ארבעטער־קבוצה, די ערשטע וואָס האָבן געפירט אַ שותפות׳דיקן לעבן אלס קאלעקטיוו אין משך פון אייניקע יאר.

דאס קליינע הייפל „בילו״־חברים איז ניט געווען בכוח זיך איינ־צוהאלטן אויף זייער פּאָזיציע. די שווערע און אומרחמנות׳דיקע ווירקלעכ־קייט האט צעבראכן זייער גייסט, די גרופּע איז זיך פונאנדערגעפאלן. די עליה פון „בילו״ האט זיך איבערגעריסן אָן א המשך. אבער אייביק וועט באשטיין די זכות פון „בילו״, אלס ערשטע כוואליע חלוצישער יוגנט, וואס קומט אין לאנד דורכגעדרונגען מיט דער שטרעבונג צו נאציאנאלער און סאציאלער באנייאונג.

פרווון פון ארגאניזירונג אין צייטן פון ערשטער עליה.

דער יידישער ארבעטער האט באגלייט די יידישע קאָלאָניזאציע אין לאנד פון אירע ערשטע שריט אָן. אין די צייטן פון דער ערשטער עליה (1882—1903) פלעגן זיך פון מאָל צו מאָל קאָנצענטרירן אין לאנד אייניקע הונדערט ארבעטער, וואס האָבן געלעבט אלס טאָג־ארבעטער, און האבן ניט פארמאָגט קיינע מיטלען און קיין זאך אַ חוץ זייערע פלייסיקע הענט. אין זייער גרעסטער מערהייט האבן זיי כלל ניט געהאט בדעה צו פאר־בלייבן אויף שטענדיק לוין־ארבעטער. צוגלייך מיט אלע עולים פון יענער צייט האבן זיי געשטרעבט „אל המנוחה ואל הנחלה״ („צו רו און צו א נחלה״). קוים פלעגן זיך אויפזאמלען אין איין אָרט א גרעסערע צאל ארבעטער, אזוי פלעגט זיך דערוועקן ביי זיי דער וואונש זיך אָרגאַ־ניזירן. די אלע פרווון האָבן אָבער ניט מאריך ימים געווען. דער פאראיין פלעגט באשטיין א קורצע צייט און זיך צעפאלן.

אין דער געשיכטע פון דער ערשטער עליה זיינען באקאנט דריי אזעלכע פרווון פון ארבעטער־אָרגאניזירונג.

דער ערשטער „ארבעטער־פאראיין״ („אגודת הפועלים״) איז געגרינ־

דעט געוועזן אין ראשון לציון אין די יאָרן תרמ"ו־תרמ"ז (1886־1887). זיינע צוועקן זענען דעפינירט געוואָרן אויפן פאָלגענדיקן אופן: „א) דער ועד פון דער אגודה דאַרף כסדר זוכן ארבעט, כדי מען זאָל ניט זיין געצוואונגען ארומצוגיין ליידיק; 2) ווער עס האָט ניט קיין ארבעט — זאָל מען אים אַ ביסל צוהעלפן; לעבן צוזאמען, האָבן אַ בשותפותדיקע קיך"...

יהושע ברזילי, איינער פון די אָנגעזעענע עסקנים און ארבעטער־פריינט אין יענער תקופה, האָט געשריבן וועגן דעם ערשטן אַרבעטער־פאראיין די פאָלגנדיקע ווערטער: „צווישן די דאָזיקע מענטשן האָט געהערשט פולשטענדיקע אחדות. די נויט פון איינעם האָט טיף גערירט דעם צווייטן, ווייל די אידייע האָט זיי אלעמען צונויפגעבונדן און צוזאמענגעשלאָסן. דער פלאן און דער ציל פון „ארבעטער־פאראיין" איז געווען צו שטיצן איינער דעם צווייטן און מקרב צו זיין די נייע עולים, וואָס קומען כסדר אָן, מונטערן זיי און אויסלערנען זיי ארבעטן אין וויינגערטנער און ביי פלאַנצונגען".

אזוי ארום געפינען מיר שוין ביי דער ערשטער „אגודת הפועלים" אייניקע גרונט־שטריכן פון דער ארץ־ישראל'דיקער ארבעטער־באַוועגונג: קעגנזייטיקע הילף, שותפות, זאָרג פאר נייע עולים. דער פאראיין האָט ניט געהאַט קיין לאַנגן קיום. דערצו איז מן הסתם אין אַ געוויסער מאָס גורם געווען אויך די אקטיווע באטייליקונג פון די מיטגלידער פון דער „אגודת הפועלים" אינעם „אויפשטאַנד" קעגן די באַאַמטע פון באַראָן אין ראשון־לציון, וואָס נאָך איר האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף די מיטגלידער פונם פאראיין.

נאָך אַ פּרווו אויפצושטעלן אַ ארבעטער־פאראיין איז געמאכט געוואָרן בעת ס'האָט זיך פארשטארקט דער שטראָם פון עליה אין די יאָרן 1890—1891 („עלית טיומקין"). עס זיינען געגרינדעט געוואָרן די קאָלאָניעס רחובות און חדרה. אין רחובות, וואָס האָט זיך דאַן געבויט, ווי אויך אין אַנדערע ערטער האָבן זיך צונויפגעזאמלט אייניקע הונדערט אַרבעטער. ס'איז דאַן געגרינדעט געוואָרן דער צווייטער ארבעטער־פאראיין. אין רחובות איז ער באַקאַנט געווען אונטער פארשיידענע נעמען: „דער ברודער־פאראיין" („אגודת אחים"), „די אָרגאַניזאַציע פון די צענטלער" („הסתדרות העשרות"). ער איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון די ארבעטער־אינטערעסן, האָט אויפגעשטעלט בשותפות'דיקע אַנשטאַלטן און אויך אַ בשותפות'דיקע קאַסע מיטן צוועק צו גרינדן אַן אַרבעטער־קאָלאָניע.

אין צוזאמענהאַנג מיטן דאָזיקן ארבעטער־פאראיין איז געמאכט געוואָרן אַ פּרווו אויפצושטעלן אַ נייע אגודה מיטן נאָמען „הארץ והעבודה" („ערד און ארבעט"), אין תרנ"ב (1892), וואָס האָט ארומגענומען ניט נאָר

ארבעטער, נאָר אויך געוויסע ציוניסטישע טוער, ארבעטער־פריינט. די אגודה האָט געזאָלט פארטיידיקן די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון די ארבעטער, און דער עיקר — זאָרגן „פאר זייער צוקונפט, אזוי אז איטלעכער יידישער ארבעטער זאָל קענען נאָך אַ געוויסער צייט קומען „אל המנוחה ואל הנחלה". אויך דער דאָזיקער פרווו איז ניט מאריך ימים געווען. עס איז אָבער כדאי אים צו פארצייכנען, אַלס קלאָרן אויסדרוק וואָס די גרינדער פון „הארץ והעבודה" האָבן געגעבן דעם געדאנק פון ארבעטס־קאָלאָניזאַציע. זיי האָבן מיט פשוטע ווערטער געזאָגט, אַז דאָס ציל פון ישוב ארץ־ישראל איז „דער מענטש, וואָס באַארבעט זיין ערד און לעבט פון זיין ארבעט, און דאָס זיינען מיר נאָך ניט זוכה געווען צו זען אין א"י". „עס איז נויטיק אויפצושטעלן אַ נייעם דור, אַ דור, וואָס באַארבעט די ערד מיט זיינע אייגענע הענט. מיר מוזן אויסגעפינען פארן ישוב אַ נייעם וועג, וואָס לויט אים זאָלן זיך פאראייניקן אייגענטום מיט ממשות'דיקער פראַצע, ערד מיט ארבעט, אזוי אַז עס זאָלען ניט זיין ביי אונז קיין ארבעטער אָן ערד און קיין ערד אָן יידישע אַרבעטער".

אַ דריטער פרווו צו אָרגאניזירן יידישע ארבעטער איז געמאכט געוואָרן אין יאָר תר"ס (1900), בעת ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן די „הסתדרות הפועלים" („ארבעטער־אָרגאניזאציע"), וואָס האָט ארומגענומען אייניקע הונדערט מאַן. איר הויפט־דאגה איז געווען צו באַפעסטיקן די לאגע פון די ארבעטער, העלפן זיי איינאָרדנען זיך דורך קאָלאָניזאציע. די ירידה אין מצב פון גאנצן ישוב צום סוף פון דער ערשטער עליה האָט זיך באַזונדערס שטארק אָפּגערופן אויף דער לאַגע פונ'ם יידישן ארבעטער. ער האָט זיך גענומען פילן אַלס אַן איבעריקער אין לאַנד, און זיין הויפט־שטרעבונג איז געוואָרן: אויפהערן צו זיין אַן ארבעטער, קומען צו דער רו, „אל המנוחה ואל הנחלה". און באמת, נאך שווערע מי האָט אַ טייל פון די ארבעטער מצליח געווען די דאָזיקע שטרעבונג צו פארווירקלעכן, און מען איז געוואָרן פויערים. אַ טייל האָט פארלאָזן דאָס לאַנד, צי מיטן גוטן ווילן, צי אונטערן דרוק פון די באַאַמטע פון באַראָן, וואָס האָבן געוואָלט פטור ווערן פון דער „ארבעטער־פראגע". אזוי ארום זיינען די רייען פון די ארבעטער געוואָרן אַלץ מער שיטער, און ממילא האָט זיך אויסגעלאָשן אויך דער דאָזיקער פרווו פון אָרגאניזירונג.

צום סוף פון דער ערשער עליה איז די ארבעטער־געזעלשאפטלעכקייט אין ארץ־ישראל געשטאנען אויף אַ גאָר נידעריקער מדרגה. דאָס הייפל ארבעטער, וואָס איז פארבליבן אין לאנד, האָט איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס. מען איז געווען פאַרצווייפלט. ס'האָט זיך געדוכט, אַז ס'איז גאָר ניטא קיין פלאַץ אין לאַנד פאַרן יידישן ארבעטער. אַ קלאָרן בילד פון

דער לאַגע אין יענע יאָרן געפינען מיר אינם אויפרוף פון יוסף וויתקין צו דער יוגנט אין גלות (1905):

„איר זייט דאָ ניט איבעריק, ווי מען האָט אייך איינגעוואוינט צו קלערן. איר זייט נויטיק פאַרן פאָלק און פאַרן לאַנד, אזוי ווי לופט צום אָטעמען. קומט צום דינסט פון פאָלק און זייט גרייט צו שנאה און בייזהאַרציקייט פון דער סביבה, זייט גרייט צו שפּאָט און ביטול, צום יאוש, וואָס פרעסט דאָ אויף דעם גוף מיט דער נשמה. קומט גיכער, באַנייט די טעג פון די ביל"ויים מיט מער כוח, ווייל נאָך אַ ביסל — און מיר גייען צו גרונט!".

דער איבערברוך איז געקומען מיטן אָנהויב פון דער צווייטער עליה, וואָס אירע ערשטע שוואַלב איז געווען אַ גרופּע „פּועלי־ציון" פון דער שטאָט האָמעל אין רוסלאַנד, מיטגלידער פון דעם יידישן זעלבסט־שוץ (1904). ס'איז געקומען אַ נייער דור פון יידישע אַרבעטער, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין לעבן פון ישוב.

אין אנהויב פון דער צווייטער עליה.

מיט דער צווייטער עליה איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין ארץ־ישראל און ס'האט זיך אנגעהויבן איר כסדר'דיקער אָרגאנישער וואוקס.

אין אנהויב האט די ארבעטער־באוועגונג געוואוסט בלויז איין און איינציקע ארגאניזיר־פאָרם — די פּארטיי. די פארטייען זיינען געווען דער איניציאטאָרישער און אָנפירנדיקער כוח אין ארבעטער־לעבן. דאס גאנצע עפנטלעכע לעבן פון דער ארבעטער־מחנה האָט זיך קאָנצענטרירט אין די פארטייען, וואס האבן אויך אויפגעשטעלט ליטערארישע טריבונעס. ס'האבן זיך אויסגעקריסטאליזירט צוויי פארטייען: דער „הפועל הצעיר" און די „פּועלי־ציון", און דיביידע האבן ארומגענומען די גרעסטע מערהייט פון ארבעטער־עולם. די פארטייען האָבן זיך ניט באגנוגנט מיט פּאָליטישער און קולטורעלער טעטיקייט, נאר זיי האבן זיך באשעפטיקט מיט אלע לעבנס־ענינים פונ'ם ארבעטער: אויסזוכן און פארטיילן ארבעט, גרינדן קיכן, אויפנעמען די ניי־געקומענע עולים און זארגן פאר זייער איינארדנונג, שאפן פארשיידענע ווירטשאפטלעכע אונטערנעמונגען. יעדע פארטיי האָט זיך געמיט צו פארבעסערן דעם מאטעריעלן און גייסטיקן צושטאנד פון אירע חברים און צו באפרידיקן זייערע זארגן. קיין אלגעמיינע ארגאניזאציע, וואס זאל זארגן פארן גאנצן ארבעטער־כלל, אומאָפּהענגיק פון דער פארטיי־אנגעהעריקייט, איז נאך דאמאלסט ניט געווען.

ד. בן־גוריון אנאליזירט אויפן פאלגנדן אופן די העגעמאניע פון די פארטייען אין יענער תקופה:

„די העגעמאניע פון די פארטייען אין עפנטלעכן לעבן איז געווען אַ דירעקטער פועל־יוצא פון אייגנארטיקן כאראקטער פונם ארץ־ישראל׳דיקן ארבעטער. ער איז ניט געקומען פון דער ארבעט צו דער באוועגונג, ווי די ארבעטער ביי די אומות העולם, נאר פארקערט: פון דער באוועגונג צו דער ארבעט. אין אנפאנג איז געווען די אידייע, און די אידייאישע פאר־בינדונג האט באשטימט די פאָרם פון דער באוועגונג — און דעם פאקט פון איר צעשפאלטונג. די, וואס זיינען געקומען אלס ערשטע מיט דער צווייטער עליה און וואס האבן געגרינדעט די צוויי פארטייען אין לאנד, זיינען לויט זייער גייסט און שטרעבונגען גאר ניט געווען אזוי ווייט איינער פון צווייטן, ווי מען קען עס מיינען, בעת מען אורטיילט לויט דער צעשפאלטונג און די כסדר׳דיקע פארטייאישע קעגנזאצן אין משך פון פינף און צוואנציג יאָר. די דאָזיקע קעגנזאצן זיינען גיכער אַ פועל־יוצא פון דעם עצם קיום פון צוויי פארטייען, איידער א סיבה דערצו. די גייסטיקע און אידעאישע מאָטיוון, וואס האבן געבראכט די צווייטע עליה אין ארץ־ישראל, די ארבעט און דאס גרויסע ווערק צו וועלכן זיי האבן זיך איבערגעגעבן אין לאנד מיט לייב און לעבן — דאס אלץ איז געווען געמיינזאם ביי דער איבערוועגנדיקער מערהייט פוןביידע פארטייען. אין יענער תקופה זיינען אבער גענוג געווען דינע אידעאָלאָגישע ניואַנסן אדער פארשיידנהייטן פון נוסח, אדער א ויכוח איבער נעמען, בכדי ס׳זאל אויפגעשטעלט ווערן א פארטייאישע מחיצה צווישן מענטשן, וואס זיינען געווען חברים און שותפים אין איינעם און דעם זעלבן לעבנס־ווערק״.

אין פלוג גענומען, האבן ביידע פארטייען געשטרעבט צו איין געמיינזאמען ציל: צו שאפן א יידישן ארבעטער־קלאס, וואס זאל זיין איינגעוואָרצלט אין אלע געביטן פון ווירטשאפט אין לאנד.

„די פארמערונג פון יידישן ארבעטער אין לאנד און זיין פאר־פעסטיקונג אין אלע ארבעטס־געביטן — איז א אומבאדינגטער תנאי פאר דער פארווירקלעכונג פון ציוניזם״, — אזוי האט פאָרמולירט זיין פראָגראַם דער „הפועל הצעיר״. די „פועלי־ציון״ האבן אויסגעדריקט דעם אייגענעם געדאנק מיט אנדערע ווערטער זאָגנדיק, אז דער ארבעטער־קלאַס איז דער הויפט־טרעגער פון ציוניסטישער פארווירקלעכונג.

פארשיידן זיינען געווען די אידעאָלאָגישע פאָרמולעס, אָבער דאָס ציל איז געווען איינע און דאס זעלבע: די שאפונג פון אן יידישן ארבעטער־קלאס אין לאנד. ביידע פארטייען האבן צו יענער צייט ניט געהאלטן פון קאָלאָניזירונג און האָבן אין איר איינגעזען אן אפנויג פון דעם כשר׳ן וועג פון א פראָלעטאריער. סיי די סיי יענע האבן מקיים געווען די מצוה

פון כיבוש העבודה (דעראבערונג פון ארבעט), און מקיים געווען עס טריי און מיט מסירות־נפש.

מיט דער צייט איז די מחנה געוואקסן און ס'האט זיך אויסגעבילדעט אן ארבעטער־צבור, וואס איז געשטאנען מחוץ פוןביידע פארטייען; דער דאזיקער צבור פון אומפארטייאישע איז מיט דער צייט אויפגעטראָטן אלס דריטער פאקטאָר, וואס האט ניט וויי ניק בייגעטראָגן צו פארשטארקן די פאראייניקונגס־שטרעבונג אין דער ארבעטער־באוועגונג און זי צו פאר־ווירקלעכן אין פארשיידענע עטאַפן.

## די ערשטע שפּראָצונגען פון ארבעטער־אחדות.

דער גרעסטער טייל ארבעטער, וואס זיינען אנגעקומען מיט דער צווייטער עליה, האָבן זיך אין די יאָרן 1904—1907 קאָנצענטרירט אין די קאָלאָניעס פון יהודה, דער עיקר אין דער „מוטער פון די קאָלאָניעס" פתח־תקוה, און דא איז אויך געמאכט געווארן דער ערשטער פרווו צו פאר־איי ניקן אלע ארבעטער אן אונטערשייד פון פארטיי־אָנגעהעריקייט אין איין אלגעמיינעם פאראיין, אויף פראָפעסיאָנעלע און ווירטשאפטלעכע יסודות. דער ענין איז אבער ניט געווארן פארווירקלעכט צוליב דער קאנקורענץ צווישן ביידע פארטייען.

אנדערש האט עס אויסגעזען אין גליל. דער געדאנק פון ארבעטער־אחדות איז דארט געפאלן אויף א פרוכטבארן באָדן. אין אנהויב איז דער גליל געווען פרעמד און ווייניק באקאנט דעם יידישן ארבעטער, ווייל ער איז געלעגן ווייט, און די פארבינדונג מיט אים איז געווען א שווערע. ער האט אבער אנגעהויבן ציען צו זיך אלץ מער און מער די יידישע ארבעטער פון יהודה, בפרט נאכן חרם אויפן יידישן ארבעטער אין פתח־תקוה אין אנהויב 1906. ס'האט זיך אנגעהויבן א וואנדערונג אין די קאָלאָניעס פון גליל התחתון. דער עיקר — אין סעדזשערא, וואס איז געווארן דער צענטר פון דער יידישער ארבעטער־משפחה אין גליל.

דער גליל האט געהאט די זכיה צו זען די ערשטע שפּראָצונגען פון ארבעטער־אחדות. דא איז אויפגעשטעלט געווארן די ערשטע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציע פון יידישע לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער „החורש" (1907), וואס האט פאראייניקט אויף אומפארטייאישע יסודות אלע ארבעטער פון גליל התחתון. אין ועד פון „החורש" האבן זיך באטייליקט חברים פון ביידע פארטייען.

דאָ, אין גליל האט זיך אויך אנגעהויבן וועבן די ווירטשאפטלעכע און געזעלשאפטלעכע שאפונג פון יידישן ארבעטער. אין סעדזשערא איז פארזייט געווארן דער ערשטער קערנדל פון דער לאנדווירטשאפטלעכער

קבוצה: ס'איז געגרינדעט געווארן די קאָאָפעראטיווע ארבעטס־גרופע, וואס איז באקאנט מיטן נאמען „קאָלעקטיוו" (1907). דער „קאָלעקטיוו" האט איבערגענומען צו באארבעטן אויף זיין אחריות דיווירטשאפט פון דער פאַרם אין סעדזשערא. פון דאָזיקן קאָלעקטיוו האט זיך אויסגעבילדעט אויך די ערשטע גרופע פון „השומר". זינט דאן זיינען יידישע ארבעט און שמירה געווארן געקניפט און געבונדן איינע מיט דער צווייטער. אויך דער „השומר" איז געווען אן אלגעמיינע אומפארטייאישע ארגאניזאציע, הגם די איניציאַטיוו־גרופע איז באשטאנען פון מיטגלידער פון איין פארטיי, די „פועלי־ציון".

צו יענער צייט איז געשאפן געווארן נאך אַן אונטערנעמונג, אין א גרויסער מאָס — לויט דער איניציאטיוו פון „השומר": דער „לגיון העבודה", אדער פארקירצט — „עבודה". דא זען מיר שוין די אידייע פון א קיבוץ, אלס אָרגאניזאציע אין לאנדס־מאסשטאב, וואס דינט די צוועקן פון כיבוש. דאס איז געווען א פאראייניקונג פון חברים, וואס האבן זיך געגרייט צו פירן א קאָלעקטיוון לעבן און האבן אנגעהויבן עס צו פאַר־ווירקלעכן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. „עבודה" האָט באטראכט אלס איר הויפט־אויפגאבע צו קאנצענטרירן חברים, וואס זאלן זיך אפגעבן פאר די סאמע שווערע און געפערלעכע הכשרה־ארבעטן, און וואס זאָלן אויך ארײַנפירן דעם נייעם עולה אין ארבעטס־לעבן, איינגעוואוינען אים צו אויפגאבן פון כיבוש און שמירה. דער דאָזיקער „לאנד־קיבוץ" האָט געהאט צוויי אפטיילונגען: סעדזשערא און חדרה.

די אונטערנעמונגען און אויפטוען, וואס זיינען צו יענער צייט געמאכט געווארן אין גליל, זיינען געווען דורכגענומען מיטן זעלבן גייסט פון אחדות. די גרופע, וואס האט געמאכט די כיבוש־ארבעט אין כנרת, איז געווען אן אלגעמיינע, ניט קיין פארטייאישע, און אזא איז געווען אויך די גרופע, וואס איז געגאנגען אין אום־דזשוני (יעצט דגניה). אלץ מער און מער האט זיך איינגעוואָרצלט דער געדאנק, אז די פאראייניקונג איז א מוז, און אז אָן איר וועט דער יידישער ארבעטער ניט זיין בכוח אויס־צופירן זיין שליחות, אלס הויפט־טרעגער פון דער ציוניסטישער פאַר־ווירקלעכונג.

אויך די יידישע ארבעטערין האט דא אין גליל געשטעלט אירע ערשטע אומזיכערע טריט. דא זיינען געמאכט געווארן אירע ערשטע פרווון זיך צו אָרגאניזירן, דאָ האָט זיך אָנגעהויבן איר ערשטע ווירט־שאפטלעכע טעטיקייט (די לערן־פערמע פאר מיידלאך אין כנרת אין יאר 1911 און אנדערע). אויך די ערשטע קאנפערענץ פון לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטערינס איז פארגעקומען אין גליל (מרחביה 1914).

די גרינדונג פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארגאניזאציעס.

די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער זיינען געווען די ערשטע, וואס האבן באוויזן אויפצובויען א שטענדיקע אלגעמיינע אומפארטייאישע ראם. צוערשט זיינען געשאפן געוואָרן אָרטיקע אָרגאניזיר־קעמערלעך, די ארבעטער־קאָמיטעטן (ועדי פועלים) אין פארשיידענע קאָלאָניעס. דאן זיינען אויפגעוואקסן קרייז־פאראייניקונגען: די הסתדרות פועלי הגליל (אויף דער קאָנפערענץ אין אום־דזשוני, פסח תרע"א, 1911*), די הסתדרות פועלי יהודה (אויף דער קאָנפערענץ אין עין־גנים, שבועות תרע"א, 1911), און שפעטער, אין יאר 1916, איז אויפגעשטעלט געווארן אויך די הסתדרות פועלי השומרון. יעדע פון די דאזיקע ארגאניזאציעס איז געווען טעטיק נאר אין די גרעניצן פון איר קרייז, באזונדער דער גליל, באזונדער — יהודה און באזונדער — דער שומרון, געשטרעבט האט מען אבער שוין דאן צו א פאראייניקונג אין לאנדס־מאסשטאב. מען דארף דאָ פארצייכנען דעם פרווו אויפצושטעלן אַ פאראייניקטן קאָמיטעט, דעם „ועד המאוחד" פון ארץ־ישראל'דיקע ארבעטער, אין יאָר 1913, און אנדערע פרווון.

די לאנדווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס האָבן געבילדעט דעם קערן, וואָס פון אים איז מיט דער צייט אויסגעוואקסן די הסתדרות הכללית. דאָ, אין דעם לאגער פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער, אין זייערע אָר־גאניזאציעס און קאָנפערענצן, איז אויסגעשמיט געוואָרן די נשמה פון דער הסתדרות. דאָ האָבן זיך אויסגעפורמעט די וויכטיקסטע ווערטן פון דער ארבעטס־באַוועגונג: די שטרעבונג צו ארבעטער־אחדות, קעגנזייטיקע הילף און שיתוף, ווירטשאפטלעכע שאַפונג, קולטור־טעטיקייט, קאלאניזאציע אויף יסודות פון זעלבשטענדיקער ארבעט און נאציאָנאלן באָדן.

פריער, איידער ס'זיינען אנטשטאנען די לאנדווירטשאפטלעכע אר־גאניזאציעס, האט די ארבעטער־געזעלשאפטלעכקייט געשטראָמט נאר אין איין ריכטונג, אין דער פארטייאישער; אצינד זיינען געגאנגען צוויי שטראָמען: די פארטיי און די „הסתדרות", ד. ה. די אלגעמיינע אומ־פארטייאישע אָרגאניזאציע. די באַציאונגען צווישן די פארטייען און דער „הסתדרות" (אזוי האט געהייסן קורץ די הסתדרות חקלאית — די לאנד־ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציע) זיינען ניט געווען קיין אידילישע. ס'הויבט זיך אָן א געראנגל, דער עיקר — אין דער פראגע פון קאָמפעטענצן. די פארטייען ווילן ניט, אז פון זייערע הענט זאלן ארויסגענומען ווערן וויכטיקע טעטיקייטס־געביטן, און זיי מיען זיך צו האלטן די לאנדווירט־

* די קאָנפערענץ אין אום־דזשוני האָט אויסגעוויילט נאר דעם „ועד פועלי הגליל". די „הסתדרות פועלי הגליל" איז געשאפן געוואָרן שפעטער.

שאפטלעכע הסתדרות אין דעם ענגן תחום פון פראָפעסיאָנעלע ענינים.

די הסתדרות האלט נאָך דאַן אין זוכן אירע וועגן, זי איז נאָך ניט זיכער אין איר כוח, זי קווייקלט זיך, ווייס נאָך ניט, וואס מעג זי טאָן און וואס טאָר זי ניט. ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות חקלאית אין יהודה (פתח־תקוה, חנוכה תרעב, 1911), האָט מען זיך מתוכח געווען, צי באַדאַרף „די אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער אין יהודה" זאָרגן נאָר פאַרן אַרבעטער, וואס געפינט זיך שוין אין לאַנד, אָדער אויך פאַר דער עליה פון אַרבעטער פון גלות און צי איז דאָס ניט, חלילה, אַן אָפּנויג פון דעם „ריינעם" פּראָפעסיאָנעלן אינהאַלט פון דער הסתדרות.

אָבער ביסלעכווייז ווערט אין דער הסתדרות חקלאית פעסטער דער גלויבן אין די אייגענע כוחות, זי הויבט אָן צו קעמפן מיט מער מוט פאַר דער פאַרברייטערונג פון איר קאָמפּעטענץ; פון קאָנפערענץ צו קאָנפערענץ ברייטערן זיך אויס די האָריזאָנטן, עס וואַקסט דער פאַרנעם פון די ענינים, עס פאַרצווייגט זיך די טעטיקייט. די ערשטע שריט פון דער הסתדרות זיינען נאָך ניט קיין דרייסטע, אָבער עס וואַקסט ביסלעכווייז די אינערלעכע זיכערקייט. אַזוי, אַ שטייגער, באַשליסט די צווייטע קאָנפערענץ אין יהודה „צו גרינדן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע ביבליאָטעק, כדי צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון אַגריקולטור־בילדונג, וואס פילן זיך ביי די אַרבעטער". דאַכט זיך — נאָר לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָפעסיאָנעלע בילדונג, אין דער אמת'ן באַדייט עס אָבער אַ פיל ברייטערע קולטור־טעטיקייט: לערנען די אַרבעטער העברעאיש, איינאָרדענען רעפעראַטן און אַנדערע קולטורעלע אונטערנעמונגען.

די זעלבע קאָנפערענץ האָט אויך אַנערקענט „די נויטיקייט צו שאַפן אַ קראַנקן־קאַסע אויפן יסוד פון חבר־אַפּצאָל". אויך דער באַשלוס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן צום זכות פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער הסתדרות, אַז זי האָט געלייגט דעם גרונט־שטיין פון'ם דאָזיקן אַנשטאַלט, וואס איז איצט אַ צירונג פון דער גאַנצער ארץ־ישראל'דיקער אַרבעטערשאַפט.

אַ ווייטערדיקער שריט צו פאַרברייטערן דעם טעטיקייט־פאַרנעם און די קאָמפּעטענץ פון דער הסתדרות איז געמאַכט געוואָרן אויף דער דריטער קאָנפערענץ אין יהודה (בן־שמן, חנוכה תרע"ג). זינט פון דער קאָנפערענץ אָן איז דער געדאַנק פון אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע געוואָרן אַ גרונט־פּרינציפּ אין אידייאישן לעבן און אין דער פּראַקטישער טעטיקייט פון דער הסתדרות. דאָס באַדייט אָבער ניט, אַז די הסתדרות האָט זיך דערווייטערט פון געדאַנק וועגן כבוש העבודה. פאַרקערט: די פריערטע קאָנפערענץ (ראשון־

לציון, חנוכה תרע״ד) באטאָנט בפירוש: „די קאָנפערענץ געפינט איין, אז אונזער הויפט־טעטיקייט דארף זיין געווענדעט צו דער גריינדונג פון דעם נייעם ישוב. אין דער זעלבער צייט דארפן מיר אבער אָנשטרענגען אונזערע כוחות און פאַרזעצן אָן אויפהער דעם קאמף פאר כבוש העבודה אין די אלטע קאָלאָניעס, זיך באמיען צו געפינען ארבעט פאר נייע ארבעטער, דערלייכטערן זייערע לעבנס־באדינגונגען און זייער עקזיסטענץ און שאפן נייע אלגעמיינע צענטערן פאר ארבעטער (קלובן, קיכן, ארבעטס־ביוראָען), וואס אין זיי זאל זיך קאָנצענטרירן דאס געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע לעבן פון די ארבעטער״.

אין דער פראגע פון קאָמפעטענץ שטעלט די דריטע קאָנפערענץ פעסט: „די גאנצע טעטיקייט אויף איינצואָרדנען קבוצות און ארבעטער־ישובים, ווי אויך אויפצונעמען נייע ארבעטן דארף געטאָן ווערן נאר דורך דער הסתדרות״. דאס הייסט, אז מיט די דאָזיקע ענינים באשעפטיקט זיך נאר די הסתדרות, זי איז דער פארטרעטער פון די ארבעטער כלפי חוץ, אין די באציאונגען מיט די קאָלאָניזיר־אנשטאלטן.

וואס מער די הסתדרות פארפעסטיקט זיך און פארשטארקט זיך, אלץ גרעסער ווערן די רייבונגען צווישן איר און די פארטייען. ס׳האט זיך געפירט א גרויסער מכוח דעם, ווער עס דארף זיך פארנעמען מיט דער אָדער יענער טעטיקייט, צו וועמען געהערט דער אדער יענער אנשטאלט, ווער איז פאר אים פאראנטוואָרטלעך. עס האבן זיך צונויפגעשטויסן צוויי ווילנס, צוויי שטרעבונגען: פון איין זייט — די שטרעבונג צו באגרענצן די טעטיקייט פון דער הסתדרות אין די ענגע ראמען פון בלויז פראָפע־סיאָנעלע ענינים, און פון דער אנדער זייט — די שטרעבונג צו פארברייטערן איר קאָמפעטענץ און דעם פארנעם פון אירע ענינים און מאכן פון איר דעם וויכטיקסטן אינסטרומענט פון דער גאנצער ארבעטערשאפט. דערפון איז געקומען צו א ויתרוצו אין דער הסתדרות גופא. אירע אומפארטייאישע חברים האבן באזונדערס געשטרעבט צו פארברייטערן איר טעטיקייטס־געביט. מיט דער צייט האָט זיך ביי זיי אויסגעארבעט א נעגאטיווע באציאונג צום עצם זכות הקיום פון די פארטייען, ווייל זיי האבן ניט געזען קיין ערנסטע אידעאָלאָגישע חילוקי־דעות צווישן זיי; האבן זיי דעריבער גע־פאָדערט א פאראייניקונג פון אלע ארבעטער. די פאָדערונג פון פאר־אייניקונג איז געשטיגן פון קאָנפערענץ צו קאָנפערענץ. מיר ברענגען דאָ די ווערטער פון ש. י ב נ א ל י אין דער דאזיקער פראגע אויף דער זיבעטער קאָנפערענץ פון די ארבעטער אין יהודה:

„מיר אומפארטייאישע, פארוואָס אנערקענען מיר ניט קיין זכות הקיום פון די פארטייען? ווייל מיר זען ניט איין פאר זיי קיין לעבעדיקן

אינהאלט, ווייל אונזער וועג איז באמת אייניק, ווייל אין דעם עיקר פון די עיקרים זיינען צווישן אונז קיין חלוקי־דעות ניטא און מיר שאפן זיי קינסטלעך. די הסתדרות איז פאר אונז יענע געזעלשאפטלעכע שאפונג פון דעם יידישן ארבעטער אין ארץ־ישראל, וואס איז אויפגעקומען פון זיין לעבן ארויס, פון זיין ארבעט, פון זיינע יסורים, פון זיינע אייגענע געדאנקען־כוחות, וואס ברויזן אין אים. מיר זיינען פאראייניקט אין א אינערלעכער אחדות, דורך אונזערע געמיינזאמע ליידן און באמיאונגען דורצולייגן א לעבנס־וועג פארן יידישן ארבעטער, דורך אונזערע אייגנ־ארטיקע געזעלשאפטלעכע שאפונגען".

## צווישן די שטאָטישע ארבעטער.

נישט אלע ארבעטער אין דער תקופה פון דער צווייטער עליה האבן זיך קאָנצענטרירט אין דאָרף, אין דער לאנדווירטשאפט. גרופן ארבעטער האבן זיך באזעצט אויך אין דער שטאָט. אויך דער שטאָטישער ארבעטער־צבור איז ניט געבליבן פאַרגליווערט. פון צייט צו צייט פלעגט אויפברויזן אין אים דער דראַנג צו אָרגאַניזירונג און פאראייניקונג. עס ווערן געמאכט פרווון אויפצושטעלן פראָפעסיאָנעלע פאראיינען, זיי האבן אבער ניט געהאַט קיין לאנגן קיום. די ערשטע האבן זיך אָרגאַניזירט די דרוקער־ארבעטער. ס׳זיינען באקאַנט פון יענער צייט אויך פרוון זיך צו אָרגאַניזירן ביי די שטיינהאקער, האָלץ־ארבעטער, שלאָסער, ביוראָ־ און האנדלס־אָנגעשטעל־טע. דעם אמת געזאָגט, האָט זיך די פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירונג אין שטאָט אנגעהויבן פריער ווי אין דאָרף. שוין אין יאר 1897 איז אין ירושלים געווען א דרוקער־פאראיין; ער האָט זיך פונסניי אָרגאַניזירט אין יאָר 1902 און צום דריטן מאל — אין יאר 1907. ניט איין מאל זיינען די דרוקער געווען געצוווּנגען צו שטרייקן, און ס׳איז באקאַנט דער אלגעמיינער דרוקער־שטרייק אין ירושלים אין יאר 1908.

אויך אין שטאָט זיינען געווען אנטפלעקונגען פון כיבוש העבודה (ווי א שטייגער, די קאָמונע פון די שטיינהאקער אין ירושלים; באמיאונגען צו באהערשן דעם בוי־פאך א. אנד.). ניט אלע מאל זיינען די ארבעטער געגאנגען צו די פאכן, וואס זיי האבן מיטגעבראכט פון די גלות־לענדער, אָפט האבן זיי פארזוכט אריינצודרינגען אין נייע ארבעטס־געביטן, ביי וועלכע יידן זיינען אין גלות לחלוטין ניט געווען באשעפטיקט.

דער שטאָטישער ארבעטער האט אויך געשטרעבט אויפצושטעלן ארבעטער־קלובן. ס׳איז באקאַנט דער ארבעטער־קלוב אין יפו, וואָס איז אויפגעשטעלט געווארן אין יאר 1909, שפעטער איז צוגעקומען דער קלוב אין חיפה און די ארבעטער־היים אין ירושלים. די דאָזיקע קלובן האָבן

געדינט אלס צענטערן פאר יעטווידער טעטיקייט און געזעלשאפטלעכער אקטיוויטעט צווישן די שטאָטישע ארבעטער. דאך האבן זיך ביי די שטאָטישע ארבעטער ניט אנטפלעקט יענע אינטענסיווע אידייאישע ברויזונג, יענע געזעלשאפטלעכע אקטיוויטעט און אָרגאניזאציאָנעלע פייאיקייטן, מיט וועלכע ס׳האט זיך אויסגעצייכנט דער לאנדווירטשאפטלעכער צבור. דער חלוצישער אינהאלט פון דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטער־באוועגונג אין די צייטן פון דער צווייטער עליה האט געפונען זיין פארקערפערונג אין דארף, אין כבוש עבודה אין דער מושבה און אין דער שאפונג פון א נייעם אייגענעם ארבעטער־ישוב. דאָ, אין דאָרף, האט זיך קאָנצענטרירט די חלוצישע מחנה, און דאָ זיינען אויסגעקריצט געווארן די לוחות־הברית פון דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטערשאפט.

אין די מלחמה־יאָרן.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 יאר איז אויפן ישוב, און צוגלייך מיט אים אויף דער ארבעטערשאפט, געקומען א שווערער קריזיס: גרויזאמע רדיפות מצד דער טערקישער מאכט, פארטרייבונגען פון לאנד, צוואנגס־ארבעט, מאטעריעלע נויט, ארבעטסלאזיקייט, הונגער און מגפות. דער ישוב און די ארבעטערשאפט זיינען ממש געשטאנען ביי אן אָפגרונט.

אין יענע יארן האט זיך אנטפלעקט אין איר גאנצער לעבנס־נויטווענדיקייט די באדייטונג פונם פאקט, וואס עס עקזיסטירט די אלגעמיינע ראם — די הסתדרות חקלאית. דער געדאנק פון קעגנזייטיקער הילף האט זיך טיף איינגעוואָרצלט ביי דער ארבעטערשאפט און האט זי באוועגט צו גרויסע זאכן. דער דאָזיקער געדאנק האט איר געהאלפן איבערצוקומען די שווערע טעג. מען האט זיך געטיילט מיט דער ארבעט, געגרינדעט לייקאסעס, געמיינזאמע פאָנדן, ס׳איז געשאפן געוואָרן די קאמונע אין פתח־תקוה, ס׳זיינען אויפגעשטעלט געווארן אונטערנעמונגס־קבוצות (קבוצות קבלניות). וואָס איז געווען די באדייטונג פון דער הסתדרות חקלאית פארן ארבעטער־עולם אין די שווערע מלחמה־יארן — וועגן דעם באקומען מיר א באגריף פון דעם פאָרטראג פון ל. שקולניק „וועגן דעם וועזן פון דער הסתדרות״, אויף דער זיבעטער קנפערענץ פון די ארבעטער אין יהודה (רחובות, פורים תרע״ח, 1918). צווישן אנדערן האט ער געזאגט פאלגענדיקעס:

„די הסתדרות האט געהאט א גרויסן און וויכטיקן אינהאלט אין די יארן פון קריזיס. דער שווערער מאטעריעלער מצב, פארפאָלגונגען, רעגירונגס־ארבעט, רעזערוו־ארבעטן, ביי־געשאפענע ארבעטן אין דער

פאָרם פון גערטנער־גרופן — דאָס אַלץ האָט פאַראייניקט די ארבעטער ארום איין פונקט, און דער דאָזיקער פונקט איז געווען די הסתדרות. גרויס איז געווען איר השפעה אין קאַמף פאר פּראָדוקטיוון קיום פון די ארבעטער און פון אַלע ארבעטס־פייאיקע מענטשן. מ׳האט באדארפט שטיין אין צענטר פון דער ארבעט, בכדי דאס אלץ ריכטיק צו דערפילן. דאס איז געווען די „היים״ פון די ארבעטער. אין שווערע און געפערלעכע מאָמענטן פלעגט מען זיך זאמלען אין ארבעטער־היים ארום דעם ארבעטער קאמיטעט, ארום דעם מרכז״.

און הגם מען האט אין דער מלחמה־נויט געהאט אנגעשטרענגט אלע כוחות אויף אויפצוהאלטן זיך, אויף אפהיטן דאס, וואס איז שוין פאראן, — האט פונדעסטוועגן ניט אויפגעהערט דער שאפונגס־גייסט פון דער ארבע־טערשאפט. גראד אין די מלחמה־יארן איז דורך דער הסתדרות חקלאית געשאפן געווארן דער „המשביר״, און מיט דער הילף פון קפא״י זיינען געגרינדעט געווארן די ארבעטער־קבוצות אין גליל העליון. עס זיינען אויך אויפגעשטעלט געווארן קבוצות פון ארבעטערינס.

ס׳איז פונדאסניי אויפגעשווומען דער געדאנק פון א פינאנץ־אנ־שטאלט, וואָס זאל שטיין אין רשות פון דער ארבעטערשאפט, וועגן וועלכן מען האט שוין געהאט גערעדט אויף דער דריטער און פערטער קאָנפערענץ פון די ארבעטער אין יהודה. די זעקסטע קאנפערענץ (פתח־תקוה, סוכות תרע״ז) האט אנגענומען פאלגנדיקן באשלוס:

„די תקופה פון קריזיס האט באזונדערס בולט באטאָנט, ווי וויכטיק עס איז פאר דער ארבעטערשאפט צו האבן אן אייגענעם פינאנץ־אנשטאלט פאר ארבעטס־צוועקן, וואס זאל שטיין אין רשות פון דער ארבעטער־אָרגאניזאציע אין ארץ־ישראל״. אין די דאזיקע ווערטער איז, אייגנטלעך, אויסגעדריקט דער געדאנק וועגן בנק הפועלים (ארבעטער־באנק), וואס איז פארווירקלעכט געווארן ערשט נאך דער גרינדונג פון דער הסתדרות הכללית.

די מלחמה־יארן און זייער ליידן האבן געבראכט דערצו, ס׳זאלן ענגער צוזאמענגעשלאסן ווערן די רייען פון די יידישע ארבעטער אין לאנד. ס׳איז רייף געווארן דאס באוווסטזיין, אז דער ארבעטער־צבור שטעלט מיט זיך פאָר איין געזעלשאפטלעכע איינהייט, וואָס איז פאר־אייניקט אין דער טאג־טעגלעכקייט און אין די ווייטע צילן, אין גורל און שליחות.

בערל קאצנעלסאן האט אט דעם באוווסטזיין פון ארבעטער־אחדות געגעבן דעם פאלגנדן אויסדרוק: „אין אונזער לעבן, אין דעם אמת פון אונזער לעבן, אין זיין שמערץ און שאפונג, אין זיינע שוועריקייטן און

טרייסט — זיינען מיר איין גאנצעס: דער יידישער ארבעטער אין לאנד. דאס איז אפשר איין באזונדערע פאָרמאַציע אין דער גאנצער יידישער וועלט. אלץ, וואס מיר האבן איבערגעלעבט אין לאנד, די עקזיסטענץ־באדינגונגען, די ארבעט, די הגנה, די קיבוצישע לעבנס־פאָרמען, די שפראך און קולטור, די ווייטאָגן און ליידן, שטרויכלונגען און גבורה, אונזערע ווייטע פריינט און נאָנטע שונאים — אלץ, אלץ פאראייניקט, פארבינדעט, גלייכט אויס אין שווערן קאמף, שטעלט אוועק אין איין פראָנט־ליניע, ווענדעט אונזערע אויגן צו איין און דעם זעלבן גרויסן לעבנס־טרוים, פארפליכטעט אונז צו די זעלבע מעשים, צו די זעלבע וועגן. דאס אלץ מאכט פון אונז איין „כלל" אין ארץ־ישראל.

אין ליידן איז געלייטערט געוואָרן די ארבעטער־אייניקייט אין ארץ־ישראל.

דער צוקונפט אַנטקעגן.

נאך דעם, ווי יהודה איז באפרייט געווארן פון טערקישן יאָך, האט דער קליינער ישוב גענומען קומען צו זיך פון די מלחמה־צרות. פון גליל אין מען נאך אלץ געווען אפגעריסן. אין די ארבעטער־רייען פון יהודה האט געהערשט א גרויסע אויפמונטערונג. מען איז געווען פול מיט דער־ווארטונגען אויף אָנקומענדיקע גרויסע טעג. די באלפור־דעקלאראציע האט אָנגעזאָגט די בשורה פון א נייער תקופה אין לאנד און אין ציוניזם.

אין יענע מונטערע טעג איז זיך אויפגעקומען די זיבעטע קאנפערענץ פון דער הסתדרות חקלאית אין יהודה (רחובות, פורים תרע"ח, 1918). די דאָזיקע קאָנפערענץ איז געווען געווידמעט די פראגן פון דער צוקונפט. ב. קאצענעלסאן האט דארטן געהאלטן זיין גרויסן פאָרטראג: „דער צו־קונפט אַנטקעגן". אין אנהויב פון זיין רעדע האט ער געזאגט: „ענדלעך איז געקומען דער מאמענט, וואס מיר האבן אזוי געווארט אויף אים. די קייטן זיינען געפאלן. ס'זיינען פארביי די יארן פון שרעק. ס'איז אויך פארביי די געפאר פון חורבן און אונטערגאנג, וואס האט אין די דאזיקע יאָרן געשוועבט איבער דעם לעבנס־ווערק פון צוויי דורות גאולה־ארבעט און גאולה־יסורים. און ביים שיין פון די גרויסע בשורות, וואס ברעכן זיך דורך צו אונז פון דער וועלט־פינסטערניש, גייען מיר פון דאס ניי ארויס צו א ליכטיקן לעבן".

דאָס איז געווען דער גרונט־טאָן פון יענע רייד. און דער רעדנער האט פונאנדערגעוויקלט איין פרשה נאך דער צווייטער וועגן דעם, ווי אזוי די ארבעטער־באוועגונג דארף זיך גרייטן צו דער צוקונפט: „די גאנצע צוקונפט פון ציוניזם הייננט אפ פון דעם, צי וועט ער אנטפלעקן און אנטוויקלען יענעם פאָלקסטימלעכן, מענטשלעכן, ברייטן און טיפן אינהאלט,

וואס ליגט אין אים פארבארגן זינט ער באשטייט, און צי וועט ער געפינען דעם שליסל צום הארצן פון פאלק, געווינען אים דורך דער וויזיע פון א פולקאמער דערלייזונג, פרייהייט, יידישן און מענטשלעכן שטאָלץ".

דער ציוניזם, הייסט עס, דארף אצינד ווערן א גרויסע פאלקס־טימלעכע גאולה־באוועגונג. און וואס פאר א פלאץ דארף אין איר פארנעמען די ארבעטער־באוועגונג? אויף דעם גיט ער פאלגנדיקע תשובה:

„מיר דוכט זיך, אז דער בת־קול פון דער היסטארישער השגחה גיט שוין זיין תשובה: די יונגע ברו־זנדיקע כוחות, די חלוצים — זיי קומען, זיי וועלן קומען, זיי וועלן זיך מוסר נפש זיין און זייער גייסט וועט באלויכטן די באוועגונג".

פון דאנען דרינגט ארויס דאָס ארבעטס־פראָגראם: אנטוויקלען דעם קרן־קיימת צו א גרויסן פאלקס־פאנד, וואס לייזט אויס דעם באדן און שטעלט אים אין רשות פון פאלק; צוגלייך מיט דעם דארף געשאפן ווערן א גרויסע געזעלשאפט, וואס זאל פינאנסירן די קאָלאָניזאציע, די אויפבוי־ארבעט, די לאנדווירטשאפטלעכע אינדוסטריע. מען דארף דערהויבן די לאנדווירטשאפט אויף א הויכע מדרגה, עס דארף קומען א געזעלשאפט־לעכער פראגרעס, א קולטורעלע פאלקס־ארבעט, וואס זאל פארטיפערן די יסודות פון לעבן.

דאס זיינען די הויפט־פונקטן פון יענעם פראגראם, וואס ב. קאצע־נעלסאן האט געבראכט צו דער קאָנפערענץ. א גרויסער טייל פון זיינע רייד קלינגט איצט ווי א זעלבסטפארשטענדלעכקייט, ווייל די זאכן באַ־שטייען שוין. דאמאלסט אבער, ווען דער קאָלאָניזאַטאָרישער פארנעם איז נאך געווען זייער קליין, ווען חוץ דעם קרן־קיימת האט די ציוניסטישע ארגאניזאציע ניט פארמאגט קיין שום קאָלאָניזיר־אנשטאלטן, ווען דער קרן־היסוד האָט נאָך ניט עקזיסטירט, און אויך די גאולת הקרקע דורכן קרן־קיימת איז געמאכט געווארן אויף א זייער באשיידענעם אופן — דאמאלסט איז אין דעם דאזיקן פראגראם געווען א ברייטער פארנעם, און ס'איז אנגעוויזן געווארן דער וועג פון דער ארבעטערשאפט אין ציוניזם.

יענע קאנפערענץ, דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון גרויסער שליחות, וואס ליגט אויף דער ארבעטערשאפט אויפן שוועל פון א נייער תקופה אין פאלק און אין ציוניזם, האט אויך מיט א באזונדערער פעסטקייט ארויסגערוקט די פאדערונג פון ארבעטער־אחדות.

### דער דראנג צו דער אייניקייט.

צו יענער צייט, 1917־18, האט זיך אין דער ארץ־ישראל'דיקער אר־בעטערשאפט אנגעהויבן א באוועגונג פון שאפן יידישע גדודים, כדי דאס

יידישע פאלק זאל ערשיינען אלס אקטיווער פאקטאָר אין דער מלחמה און העלפן באפרייען ארץ־ישראל. אָט די באוועגונג האט ארומגענומען די מערהייט פון די יידישע ארבעטער אין לאנד און האט געבראכט צו דער שאפונג פון ארץ־ישראלדיקן גדוד. דער גדוד איז געווארן דער צענטראלער כוח פון דער איחוד־באוועגונג ביי דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטערשאפט.

די באגעגניש פון ארץ־ישראל׳דיקן גדוד מיטן גדוד פון די יידישע פרייוויליקע פון אמעריקע האט נאך מער פארשטארקט דעם דראנג צום איחוד. דער אמעריקאנער לעגיאָן האט איינגעשלאסן אין זיך די גרעסטע מערהייט פון „החלוץ" אין אמעריקע, וואס איז אין יאר 1915 געגרינדעט געווארן דורך ד. בן־גוריון און י. בן־צבי. זיי ביידע זיינען אָנגעקומען קיין אמעריקע, נאָך דעם ווי די טערקן האָבן זיי ארויסגעשיקט פון ארץ־ישראל. זיי זיינען ביידע געווען זייער טעטיק אין דער אָרגאניזירונג פון גדוד אין אמעריקע און זיינען אנגעקומען צוזאמען מיטן אמעריקאנער לעגיאָן. אין מצרים, וואו ס׳האבן זיך באגעגנט די גדודים פון אמעריקע און פון ארץ־ישראל, איז די פראגע וועגן פאראייניקונג פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין לאנד געשטעלט געווארן אין איר גאנצן פארנעם און מיט גרויס אנטשלאָסנקייט: ניט נאָר די שאפונג פון איין אָרגאניזאַציאָנעלער ראָם פאר אלע ארבעטער, נאָר אויך די פאראייניקונג פון אלע טעטיקייטס־געביטן, אויך יענע, וואָס האָבן פון שטענדיק אָן געהערט צו פארטייען. דאָס הייסט: א פולשטענדיקער איחוד, וואָס זאָל מבטל מאכן די מחיצה צווישן דער פארטיי און דער הסתדרות, אזוי אז די עקזיס־טירנדיקע פארטייען זאלן אויפגעלייזט ווערן.

צו יענער צייט, בעת אין די יידישע גדודים אין מצרים האָט זיך אלץ מער און מער געפעסטיקט דער געדאנק פון איחוד, האָט זיך אָנגע־הויבן א שטארקער דראנג צום איחוד אויך אין די רייען פון די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער, דער עיקר צווישן די אומפארטייאישע, וואָס האָבן זיך גרופירט אין דער הסתדרות חקלאית. דאָס באוואוסטזיין, אז מען שטייט אויפן שוועל פון א איבערברוך אין לעבן פון לאנד, און אז די ארבע־טערשאפט וועט ניט זיין בכוח אויסצופילן איר שליחות, אויב זי וועט ניט בייקומען די אינערלעכע צעשפליטערונג — אָט דאָס באוואוסטזיין האָט צוגעגעבן מער וואָגיקייט דער פאָדערונג פון איחוד. די פאָדערונג זיך צו פאראייניקן איז געוואָרן אלץ שטארקער און שטארקער. ס׳זיינען געמאכט געוואָרן די נויטיקע שריט כדי צו פאראייניקן אין לאנדס־מאסשטאב די דריי לאנדווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס פון יהודה, גליל און שומרון, און דאן אויפצורופן אַן אלגעמיינעם צוזאמענפאָר פון אלע ארבעטער אין שטאָט און דאָרף.

די „פועלי־ציון״־פארטיי האָט זיך אין איר גרעסטער מערהייט אָנגע־שלאָסן אָן דער איחוד־באַוועגונג. אנדערש איז געווען ביים „הפועל הצעיר״. פאַרשיידענע מאָטיוון האָבן אים באַוועגט ניט אָנצושליסן זיך אָן דער איחוד־בעוועגונג, און דער עיקר — דער חשש טאָמער וועט די שאַפונג פון א ברייטער מאסן־אָרגאַניזאַציע און די ליקווידירונג פון די פאַרטייען ברענגען דערצו, אז געוויסע ווערטן פון דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטער־שאַפט וועלן געשעדיקט ווערן. דער „הפועל־הצעיר״ האָט דערקלערט, אז ער וועט ניט צושטיין צו קיין איחוד, וואָס וועט „פאַרווישן דעם קיום פון „הפועל־הצעיר״. ער האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך אין דער קאָמיסיע, וואָס האָט געזאָלט אויסארבעטן די פּאַראייניקונגס־פּלאַטפאָרם. אזוי ארום איז די קאָמיסיע באַשטאַנען נאָר פון מיטגלידער פון „פועלי־ציון״ און פון די אומפּאַרטייאישע (ד. בן־גוריון, י. בן־צבי, י. טאַבענקין, ש. יבנאלי, ב. קאַצענעלסאָן, ד. רמז).

די שטימונג פון יענע טעג האָט אויסגעדריקט ב. קאַצענעלסאָן אויף דער איחוד־קאָנפערענץ: „וואָלטן מיר געהאַט די זכיה דערצו, וואָלט דער איחוד צושטאַנד־געקומען לויט אן אלגעמיינער פייערלעכער הסכמה זיך צו באַפרייען פון דעם קלעם פון אָפּהענטיקייט און צעשפּליטערונג, וואָס מאַכן פון אונז א תל. אַצינד, ווען מיר זיינען דערצו ניט זוכה געווען, האָט אפילו דער געדאַנק פון איחוד גורם געווען צו דיסקוסיעס און מחלוקת״. אָבער „דער ענין איז געשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום מיט כוח און פעסטקייט, ניט כדי עס זאָל זיך אָנהויבן א נייע מחלוקת, נאָר כדי ער זאָל פאַרווירקלעכט ווערן אין א גרויסן אויפטו״.

ב. קאַצענעלסאָן האָט אין זיין רעדע אוועקגעשטעלט די פאָדערונג פון איחוד אין איר גאַנצער הויך. דער איחוד איז א געבאָט פון דער שעה, פון יעדן שטאַנדפּונקט, אויך כדי אויפצונעמען די נייע עליה: „צי וועלן מיר פאַרשטיין אויסצושטרעקן פשוט און ברייט אונזער ברידערלעכע האַנד? צי וועלן מיר קענען לייסטן אמתע פּולע חברישע הילף? ווי אזוי וועט עס אבער געמאַכט ווערן? צי קאָן מען זיך פאַרשטעלן, אז מיר וועלן מאַכן די ארבעט דורך פאַרשידענע קלייזלעך, בעת יעדער רייסט צו זיך פאַר די פּאָלעס? ניט שוין וועלן מיר אויפנעמען די עולים אין באַזונדערע מחיצות, איטלעכער אין זיין באַזונדערן חדר אריין? צי וועלן מיר נישט פאַרשטיין אויפצובויען די איינציקע, גאַנצע, ברייטע הסתדרות, אין וועלכער דער עולה וועט געפינען זיין לעבנס־סביבה?״

אין א געשפּאַנטער אַטמאָספער פון פלאַמענדיקע דיסקוסיעס און חילוקי־דעות, איז זיך צונויפגעקומען דער אלגעמיינער צוזאַמענפאָר פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטער אין פּתח־תקוה.

דער צוזאמענפאר אין פתח־תקוה און די גרינדונג פון „אחדות־העבודה".

דער צוזאמענפאָר פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער איז גע־עפענט געוואָרן אין פתח־תקוה אין כ"ד אדר א' תרע"ט (1919). ס'האָבן זיך אין אים באטייליקט 60 דעלעגאטן, פון זיי 19 „פועלי־ציון", 12 „הפועל־הצעיר", 27 אומפארטייאישע, 2 חברים פון מרכז.

מיט דער מערהייט פון 48 קעגן 12 האָט דער צוזאמענפאָר אנגע־נומען א באשלוס וועגן איחוד לויטן פראָגראם־פאָרשלאג פון דער אויבן־דערמאנטער קאָמיסיע. אלס המשך פון דעם צוזאמענפאָר איז זיך צונויפ־געקומען דער אלגעמיינער צוזאמענפאָר פון די ארץ־ישראל'דיקע ארבעטער און לעגיאָנערן, וואָס האָט אונגענומען דאָס איחוד־פראָגראם און געגריג־דעט די „ציוניסטיש־סאָציאליסטישע פאראייניקונג פון די ארץ־ישראל'דיקע ארבעטער „אחדות העבודה". די „פועלי־ציון"־פארטיי איז אריינגעטראָטן אין „אחדות העבודה". דער „הפועל־הצעיר" האָט זיך ניט באטייליקט אין איחוד־צוזאמענפאָר און איז ממשיך געוועזן זיין זעלבשטענדיקן קיום.

אלס יסוד פון „אחדות העבודה" איז געלייגט געוואָרן דער געדאנק וועגן אן אלגעמיינער פאראייניקונג פון גאנצן ארבעטער־קלאַס; ד. ה. די אויפשטעלונג פון אן אלגעמיינער אָרגאניזאציע, וואָס נעמט ארום דעם גאנצן ארבעטער־קלאַס פון ארץ־ישראל מיט אלע זיינע ענינים. אין איינ־קלאנג מיטן דאָזיקן געדאנק איז געווען אויך דער אָרגאניזאציאָנעלער אויפבוי פון „אחדות העבודה": זי איז געווען אויפגעשטעלט פון אויטאָ־נאָמע פראָפעסיאָנעלע קערפערשאפטן, וואָס פאראייניקן חברים לויט זייער פאך־אנגעהעריקייט.

אזוי ארום האָט דער צוזאמענפאָר פון פתח־תקוה געשאפן א אָרגא־ניזאציע, וואָס האָט איינגעשלאָסן אין זיך אלע טעטיקייטס־געביטן, וועלכע האָבן ביז דאַן אָנגעהערט באזונדער צו דער הסתדרות און צו דער פארטיי: פראָפעסיאָנעלע טעטיקייט, עקאָנאָמישע, קאָלאָניזאטאָרישע, פּאָליטישע, קולטורעלע. ס'האָט זיך איר אָבער ניט איינגעגעבן איינצו־שליסן אין אירע רייען אלע ארבעטער. דער „הפועל־הצעיר" האָט זיך, ווי געזאָגט, ניט אָנגעשלאָסן אן „אחדות העבודה", און אין דעם גאשאפענעם מצב איז אויך ער פאַרוואנדלט געוואָרן אין א מין פארטיי־הסתדרות. צווישן ביידע אָרגאניזאציעס האָט זיך אָנגעהויבן א קאָנקורענץ אויף אלע געביטן. ס'זיינען געגרינדעט געוואָרן פאראלעלע אנשטאלטן: צוויי אר־בעטס־ביוראָ'ען, צוויי עליה־צענטרען, צוויי קראנקן־קאסעס, צוויי ביוראָ'ען אויפצונעמען עפענטלעכע ארבעטן. ס'איז אנטשטאנען א שעדלעכע דאָפּלט־קייט. די רייבונגען און צוזאמענשטויסן פון ביידע קאָנקורירנדיקע פארטייען האָבן זיך געלאָזן פילן אין אלע געביטן פון ארבעטער־לעבן אין לאנד.

אין יענער צייט (1919—1920) האָט זיך אָנגעהויבן דער שטראָם פון דער דריטער עליה. די קאָנקורענץ צווישן די פּאַרטייען האָט באַזונדערס שטאַרק געטראָפן די נייע עולים. גרויס איז געווען זייער אַנטוישונג, און פילע פון זיי זיינען ניט צוגעשטאַנען ניט צו „אחדות־העבודה" און ניט צום „הפועל־הצעיר". ווידער אַ מאָל איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער אומפּאַרטיי־אישער עולם.

אינ׳ם אויפרוף פון יוסף טרומפּעלדאָר „צו די ארץ־ישראל׳־דיקע אַרבעטער" געפינען מיר אַן אויסדרוק פון דער ביטערער אַנטוישונג, וואָס האָט פאַרפילט די הערצער פון פילע נייע עולים צוליב דער צעשפּאַל־טונג פון דער אַרבעטערשאַפט:

„בעת איך האָב פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אין אָנהויב פון קריג, זיינען דאָ געווען צוויי אַרבעטער־פּאַרטייען: „הפועל הצעיר" און „פועלי־ציון". ס׳האָט זיך געפירט צווישן זיי אַ אידייאישער קאַמף, אָבער אויף אַלגע־מיינע פראַגן האָט מען נאָך דאַן געקענט געפינען אַן אַלגעמיינע תשובה; ס׳האָט עקזיסטירט אַ פאַראייניקטע הסתדרות פון לאַנדווירטשאַפטלעכע אַר־בעטער, איין אַלגעמיינע קראַנקן־קאַסע. אַצינד איז ניטאָ קיין שום בשות־פות׳דיקע זאַך. „הפועל הצעיר" האָט זיך זיין „משרד עבודה", און „אחדות העבודה" — איר „לשכת עבודה"; צוויי קראַנקן־קאַסעס, צוויי אָרגאַניזאַ־ציעס פון לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, און עס גייט אַן אַ קאַמף צווישן צוויי ריכטונגען ביי די באַן־אַרבעטער".

און יוסף טרומפּעלדאָר ווענדעט זיך צו דער אַרבעטערשאַפט מיט אַ הייסן רוף: „דורכצוברעכן דעם קרייז פון פּאַרטייאישקייט" און אָנצו־הויבן אַ בשותפות׳דיקע אַרבעט:

„דאָס יידישע פאָלק שטייט ערב זייער וויכטיקע געשעהענישן. אין די נאָענטסטע חדשים אָדער יאָרן וועט אַנטשידן ווערן דער גורל, צי זאָל דאָס יידיש פאָלק זיין אָדער ניט זיין אין ארץ־ישראל. געראָדפטע דורך פּאָגראָ־מען, וואָס זייער גלייכנס איז נאָך ניט געווען, ממש געשעכטענע, שטייען די רוסישע יידן ביי די טויערן פון לאַנד און בעטן זיך, מ׳זאָל זיי אַריינ־לאָזן. עס איז נויטיק אַ באַזונדערע אָנשטרענגונג פון אַלע אַרבעטנדיקע. יעדע רגע איז טייער. איטלעכער, וואָס קומט אַריין אין לאַנד, ראַטעוועט זיך פון זיכערן טויט אָדער פון אַ לעבן פון אנוסים. יעדע רגע, וואָס מיר פאַרשפּעטיקן, וועט זיין פון אונזער זייט אַ זינד. באַמיט זיך דעריבער אַרויסצוגיין פון קרייז פון פּאַרטייאישקייט, דערנענטערט זיך איינער צום צווייטן פאַר דער בשותפותדיקער אַרבעט מיט אַ ברייט־געעפנטן ברודער־האַרץ".

טרומפּעלדאָרס קאָנקרעטער פאָרשלאָג איז ניט געווען קיין ווייט־

גייענדיקער: „די פּאַרטייען בלייבן עקזיסטירן. די אַרבעטער ווײַלן אויס פאַרשטייער צו אַן אַלגעמיינער קאָנפערענץ. די וואַל־סיסטעם וועט זײַן אַ פּראָפּאָרציאָנעלע. די קאָנפערענץ איז אַן אומפּאַרטייאישע און זי שאַפט געמיינזאַמע אַנשטאַלטן. פּאַראַלעל צו דער קאָנפערענץ ווערן געשאַפן אומפּאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען".

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען צווישן די פּאַרטייען. אין די הערצער פון אַלע חברים איז אַלץ מער געוואַקסן די אַנערקענונג, אַז מען מוז ענדערן די געשאַפענע־לאַגע, און די דאָזיקע שטרעבונג איז געקומען צום אויסדרוק אין די באַשלוסן פון דער געמיינזאַמער זיצונג פון ביידע פּאַרטייען:

„ס'וועט אויפגערופן ווערן אַן אַלגעמיינער צוזאַמענפאָר פון אַלע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, כדי צו באַשטימען די געמיינזאַמע טעטיקייט און שאַפן דערצו די נויטיקע אָרגאַנען. די זיצונג לייגט פאָר דעם צוזאַמענפאָר, ער זאָל באַהאַנדלען די פאַראייניקונג פון דער טעטיקייט אויף פאָלגנדיקע געביטן: קראַנקן־קאַסע, „המשביר", אויפ־נאַמע פון עולים, עפנטלעכע אַרבעטן, אַנשטאַלט פאַר קולטור און פּראָפעסיאָנעלער בילדונג, יורידישע ביורא, אַרבעטער־באַנק. די פראַגע, צי זאָל די דאָזיקע פאַראייניקונג פון טעטיקייט אויסגעדריקט ווערן אין דער שאַפונג פון בשותפותדיקע אַנשטאַלטן, אָדער אין דער גרינדונג פון אַ פאַרבאַנד פון פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, ווערט איבערגעלאָזן פאַרן צוזאַמענפאָר.

די פראַגע פון אויפלייזן די פּאַרטייען שטייט ניט אויפן סדר־היום פונם צוזאַמענפאַר".

דער צוזאַמענפאַר אין חיפה און די גרינדונג פון דער הסתדרות.

כמעט צוויי יאָר זײַנען פאַרביי זינט דעם צוזאַמענפאָר אין פתח־תקוה. אין משך פון די דאָזיקע צוויי יאָר איז דער אַרבעטער־עולם באַדייטנ־דיק געשטיגן אין צאָל אין איז אויך געוואָרן פילפאַרביקער. די נייע עולים בילדן שוין די מערהייט פון דער אַרבעטערשאַפט און זיי לייגן אויף איר אַרויף זייער שטעמפּל. דאָס איז אַ ברויזנדיקער חלוצישער עלעמענט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיטן ברענענדיקן באַגער פון אַ יידישער רעוואָלוציע און אַ נייער געזעלשאַפט. ס'איז געווען די צייט פון די גרויסע שאָסיי־אַרבעטן, ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבילדן די ערשטע גרויסע קיבוצים: דער „גדוד העבודה" אויפן נאָמען פון י. טרומפּעלדאָר, די קיבוצים פון „השומר הצעיר", די „חבורת העמק".

די נייע עולים טרעטן אויף אין דער עפנטלעכקייט ווי אַן אַקטיווער

פאקטאָר, וואָס הערט ניט אויף צו מאָנען דעם איחוד. אויפן כרמל איז אויפגערופן געוואָרן א חלוצ־ישער צוזאמענפאָר („החלוץ", „צעירי ציון", „השומר הצעיר"), וואָס האָט מיט פעסטקייט געפאָדערט, ס'זאָל געשאפן ווערן די הסתדרות. די נייע עולים זיינען אויך אויפגעטראָטן מיט א באזונ־דערער ליסטע ביי די וואלן צום גרינדונגס־צוזאמענפאָר פון דער אלגע־מיינער הסתדרות.

דער ערשטער אלגעמיינער צוזאמענפאָר פון די ארץ־ישראל דיקע ארבעטער איז געעפנט געוואָרן אין חיפה, כ"ד כסלו תרפ"א (5־טן דע־צעמבער 1920). אין די וואלן האָבן זיך באטייליקט 4433 חברים, וואָס האָבן אויסגעוויילט 87 דעלעגאטן לויט 4 רשימות: 38 „אחדות העבודה"; 27 — „הפועל הצעיר", 16 נייע עולים, 6 — מ. פ. ס. ע.

געעפנט דעם צוזאמענפאָר האָט יוסף בארא ץ מיט קורצע און קלאָרע רייד, וואָס זייער זין איז געווען: „פון דעם צוזאמענפאָר וועלן מיר ניט ארויסגיין אָן ארבעטער־אחדות".

ש. יבנאלי האָט רעפערירט איבער דעם וועזן פון דער אלגע־מיינער אָרגאניזאציע. אין זיינע ווערטער האָט זיך אנטפלעקט די גע־שטאלט פון דער הסתדרות, וואָס האָט ערשט געזאָלט געגרינדעט ווערן: „די שליחות פונם יידישן ארבעטער און פונם גאנצן דור באשטייט ניט אין דער פאָרזעצונג פון אונזער קיום, נאָר אין דער רעטונג פון פאָלק. דער אויפבוי פון ארץ־ישראל, און מיט אים די גאולה פון דער גרעסטער מער־הייט פון גלות־יידנטום — דאָס איז דאָס געבאָט פון אונזער דור". אין די דאָזיקע ווערטער איז באטאָנט געוואָרן דער עיקר: דאָס געפיל פון דער באזונדערער שליחות, וואָס ליגט אויף דער ארבעטער־באוועגונג. „זאָל אויפשטיין דער קאָלעקטיווער כוח, דער געזעלשאפטלעכער גאון: די יידישע ארבעטס־געזעלשאפט", און זאָל זי נעמען אויף זיך די גרויסע און פאראנטוואָרטלעכע אויפגאבע פון יידישער דערלייזונג.

שווער זיינען געווען די חבלי לידה פון דער פאראייניקונג אין פתח־תקוה, אָבער אויך דער חיפה'ער צוזאמענפאָר איז ניט פאָרלויפן אידיליש. גרויסע ראנגלענישן האָבן אים באגלייט פון ערשטן טאָג אָן. יעדער שריט פאָראויס אויפן וועג פון געזעלשאפטלעכער און אָרגאניזאציאָנעלער קאָנ־סאָלידירונג איז אָנגעקומען מיט יסורים.

דער צוזאמענפאָר אין חיפה האָט דערגרייכט דאָס, וואָס ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן אין פתח־תקוה: ס'איז פאראייניקט געוואָרן די גאנצע ארבעטערשאפט אין לאנד. אָבער די אלגעמיינע הסתדרות, וואָס איז געגרינ־דעט געוואָרן אין חיפה, האָט ניט ארומגענומען אלע געביטן פון ארבעטער־לעבן. ס'זיינען באשטימט געוואָרן פארשיידענע באוואָרענישן און באגרענ־

צונגען. וויכטיקע אויפגאבן זיינען געבליבן אויסערן תחום פון דער הסתד־רות־טעטיקייט.

א שווערער געראנגל איז אָנגעגאנגען אויפן צוזאמענפאָר איבער דעם היקף פון די ענינים, מיט וועלכע די הסתדרות האָט זיך צו באשעפטיקן און וועגן איר קאָמפעטענץ. א שטייגער, די דיסקוסיע וועגן דעם, צי מעג די הסתדרות זיך באשעפטיקן מיט קולטור־ענינים, נאך דעם ווי די פאר־טייען בלייבן עקזיסטירן. ס׳האָט זיך געלאָזט הערן פאָלגנדיקע באגרינ־דונג: „עס זיינען פאראן ביי אונז פארשיידענע אָנשויאונגען, און אינם באגריף „קולטור" קען מען איינשליסן אלצדינג". דעריבער האָט מען פארענדיקט מיט א פשרה: „די איינאָרדנונג פון אלע קאָלאָניזאטארישע, עקאָנאָמישע און אויך קולטורעלע ענינים פון די ארבעטנדע אין לאנד". א דאנק דעם וואָרט „אויך" איז פארשמעלערט געוואָרן דער באגריף פון קולטור־ארבעט, און א גרויסער חלק פון איר איז געבליבן אויסערן תחום פון דער הסתדרות.

דאָס איז געווען ניט די איינציקע באוואָרעניש. דער גאנצער וועג פון צוזאמענפאָר איז געווען פול מיט שטרויכלונגען, אָבער ער האָט זיי גובר געווען און איז ארויס בשלום. א וויכטיקע ראָלע האָבן דערביי געשפילט „די נייע", וואָס זיינען געקומען מיט זייער גאנצן יוגנטלעכן ברען און חלוצישער אנטשלאָסנקייט צו פארווירקלעכן די ארבעטער־אחדות.

דער גאדאנק פון אחדות האָט געזיגט. ס׳האָט געזיגט דאָס געפיל פון אחריות, דאָס באוואוסטזיין פון שליחות צו ראטעווען דאָס פאָלק און צו ברייגען די גאולה, ס׳האָט געזיגט דער „קאָלעקטיווער כוח", דער „געזעל־שאפטלעכער גאון" — און ס׳איז באשאפן געוואָרן די הסתדרות הכללית.

## אויפן גרינדונגס־צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות

יוסף בארא ץ:

„מיר וועלן ניט ארויסגיין פון דאנען אָן ארבעטער אחדות".

לאנג האָבן מיר גערעדט וועגן דער עליה, וואָס דארף קומען, וועגן דער מאסן־עליה. דאָס איז אָבער געווען פאר אונז ווי א ווייטער חלום. אצינד איז די דאָזיקע עליה געוואָרן אווירקלעכקייט. א גרויסע אחריות ליגט איצט אויף אונז. אונזער גורל אין לאנד הענגט אָפּ פון די באשלוסן פון דעם צוזאמענפאָר.

מען זאָגט, אז אויפן דאָזיקן צוזאמענפאָר קוקט אויס מיט האָפנונגען דאָס גאנצע יידישע פאָלק. איך ווייס ניט, ווי ווייט דאָס איז ריכטיק, די יעניקע אָבער, וואָס געפינען זיך דאָ מיט אונז, גלויבן פון גאנצן הארצן, אז דער צוזאמענפאָר מוז געפינען א לייזונג פאר די פראגן, וואָס באשעפטיקן אונז. פון דעם צוזאמענפאָר וועלן מיר ניט ארויסגיין אָן ארבעטער־אחדות.

מיר געפינען זיך אין לאנד אין א צושטאנד פון א קריזיס. מיר מוזן נעמען די ארבעט אויף זיך. מיר דארפן זיך באפרייען פון די ספקות. איך דערמאָן די ווערטער פון אונזער חבר יוסף בוסל. אין מאָמענטן פון יאוש פלעגט ער אונז זאָגן: „חברים לאָמיר אָרגאניזירן די ארבעט!" אויך אזוי דארפן מיר יעצט האנדלען, און מיטן דאזיקן רוף עפן איך דעם אלגעמיינעם צוזאמענפאָר פון די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער.

ש. יבניאלי:

### די רעטונג פון פאָלק.

מיר ריידן אלע וועגן דער אחריות פון דער איצטיקער שעה. וואָס איז אָבער אונזער אויספיר?

זייט יאָרן שטייט פאָר אונז בנוגע צו פארשיידענע טיילן פון יידישן פאָלק אין גלות די עצם פראגע פון זייער קיום, פון זייער לעבן אָדער פארניכטונג, און קיין תשובה איז ניטאָ. די גאולה, וואָס מען זאָגט צו אין דער ווייטער צוקונפט, איז ניט קיין ענטפער איצט. מיר האָבן געוואַרט ביז איצט, אז עס וועט קומען עמיצער און ברענגען די גאולה. ס׳איז שוין אָבער געקומען די צייט מיר זאָלן פארשטיין, אז חוץ אונז אליין איז קיין אנדער גואל ניטאָ.

ס׳איז געקומען די שעה, ווען דער ציוניזם מוז דערלייזן דאָס יידישע פאָלק און אים ראטעווען פון אונטערגאנג.

ביז איצט איז אויף די יידן פון ארץ־ישראל געלעגן דער חוב אָפצוהיטן דאָס לעצטע ליכט פון פאָלק, עס זאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן. אויפהאלטן דעם ישוב — דאָס איז געווען די פליכט פון די, וואָס וואוינען אין לאנד און פון די וואָס שטרעבן צו איר, דאָס איז אויך געווען דער אינהאלט פון זייער טעטיקייט. אָבער פון איצט אָן, אויב דער ציוניזם וועט ניט ווערן פארוואנדלט אין א רעטונגס־פאקטאָר אין פאָלק, וועט עס הייסן, אז מיר האָבן ניט דערפילט אונזער חוב.

דאָס געבאָט פון דעם יידישן ארבעטער און פון אונזער גאנצן דור באשטייט ניט אין דער פאַרזעצונג פון אונזער קיום, נאָר אין דער רעטונג פון פאָלק. דער אויפבוי פון ארץ־ישראל און צוגלייך מיט דעם די גאולה פון דער גרעסטער מערהייט פון גלות־יידנטום — דאָס איז דאָס געבאָט פון אונזער דור.

ווער וועט נעמען אויף זיך די דאָזיקע שווערע לאסט? דער יידישער ארבעטער אין לאנד, די פיר טויזנט יידישע ארבעטער, וואָס לעבן אין ארץ־ישראל פון זייער פראַצע, שטעלן מיט זיך פאָר פאַר דער אויפלעבונג פון פאָלק א כוח, וואָס עס איז ניטא זיין גלייכן אין אלע גלות־לענדער. מיר, מיט אונזערע זין און טעכטער, בעלי־ביתישע קינדער, וואָס האבן קיינמאָל ניט געארבעט, וואָס זיינען געקומען אין לאנד און זיך צוגעפאסט מיט הצלחה צו כלערליי ארבעטן, סיי ביים בויען שאָסייען און וועגן, סיי ביים באַאַקערן די טאל, סיי ביים פלאנצן אויף שטיינערנע בערג, — מיר אלע זיינען די לעבעדיקע עדות, אז אונזער פאָלק פארמאָגט נאָך פרישקייט און קראפט.

עס איז ניטאָ איצט דער געניאלער יחיד, וואָס קען זיך שטעלן בראש פון אונזער תקופה. הערצל איז ניטאָ. טאָ זאָל אויפשטיין דער כוח פון דער מאסע, דער קאָלעקטיווער גאון: די יידישע ארבעטער־געזעלשאפט! אויב דער יידישער ארבעטער וועט חלילה פארמינדערן זיין אייגענע געשטאלט, אויב ער וועט ניט אויפוועקן אין פאָלק דעם גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות, — וועט עס באטייטן, אז ער האָט פאַרראַטן זיין גרויסע שליחות.

ס'איז ניט גענוג, מיר זאָלן גיין אויפשטעלן א געמיינזאמע קראנקן־קאסע, און ניט אין דעם איז אונזער געבאָט. מיר מוזן ווערן דער כוח, וואָס מאָנט און וועקט און מונטערט דאָס פאָלק צו בויען דאָס לאנד, דער כוח וואָס קומט מיטן פאָלק אין א דירעקטע פארבינדונג, אָן שום פארמיטלער. די יידישע ארבעטער קענען ניט ריידן צום פאָלק מיטן לשון פון ועד הצירים: „א שטראָם עמיגראנטן האָט זיך ארייננגעריסן אין לאנד, שיקט געלט". מיר דארפן אליין ריידן צום פאָלק וועגן אונזערע נויטן. מיר מוזן שאפן די כלים פארן אויפבוי פון לאנד. מיר מוזן שאפן פינאנץ־אנשטאלטן, וואָס זאָלן באזייטיקן די פארמיטלער צווישן פאָלק און ארבעט. פון דעם צוזאמענפאָר מוזן מיר שיקן דעם אָנזאָג, אז מיר האָבן גענומען אונזער גורל אין אונזערע אייגענע הענט. מיר וועלן שיקן אונזער וואָרט צום פארוואָגלטן פאָלק. דאָס פאָלק מיינט, אז עס איז פאר אים ניטאָ קיין אָרט אין לאנד, זיינע פירער און וואָרטזאָגער פארפירן אים און מאכן שוואך זיין מוט. מוזן מיר אנטפלעקן דעם פאָלק ישראל דעם סוד, אז ס'איז מעגלעך צו דערלייזן די יידן פון פוילן און רומעניע און זיי באזעצן אין ארץ־ישראל.

און מיטן פוילן באוואוסטזיין און אין אונזער אלעמענס נאמען וועלן מיר זיי אנזאָגן, אז נאָך איידער ס׳וועלן גרוי ווערן זייערע האָר, וועלן זיי זיין בירגער פון ארץ־ישראל מיט אונז צוזאמען. אזוי וועט עס זיין!

דער זין פון איחוד איז שאפן די הסתדרות פון די ארץ־ישראל׳־דיקע ארבעטער, שאפן די געזעצלעכע פינאנץ־אנשטאלטן פאר דער ארבעט, א טריבונע פאר אלע ארבעטס־מענטשן אין לאנד, א טאג־צייטונג, וואָס זאָל אָנזאָגן טאָג־איין טאָג־אויס וועגן דעם, וואָס ס׳ווערט געטאָן און וואָס ס׳דארף נאָך געטאָן ווערן, וואָס זאָל ריידן כסדר צום פאָלק וועגן דעם, אז מ׳קען דערלייזט ווערן אין ארץ־ישראל. גיט אונז די מענטשן און די מיטלען, און דאָס לאנד וועט אויפגעבויט ווערן!

ד. קלעי

## די לעצטע נאכט

— — — אלע פילן, אז „די ענינים האָבן זיך פארענדיקט”. מיטן געפיל אז ס׳איז אָפּגעטאָן געוואָרן א שווערע ארבעט, וואָס זאָגט צו פיל אין דער צוקונפט, שליסט דער פאָרזיצער, י. שפרינצק, דעם צוזאַמענפאָר מיט קורצע רייד:

„מיר זיינען אלע מיד. אָבער קיינער פון אונז איז ניט אויף אזוי פיל מיד, ער זאָל ניט פילן דעם באדייט פונם צוזאמענפאָר. און מיר גייען זיך פונאנדער איטלעכער צו זיין ארבעט פול מיט יענער שטרעבונג, וואָס מיר האָבן מיט איר אָנגעהויבן: „אָרגאניזירן די ארבעט”, אָרגאניזירן די ארבעט פארן אויפבוי פון ארבעטענדן ארץ־ישראל!”

קוים האָט דער פאָרזיצער פארענדיקט זיינע רייד — און מיט אַ מאָל האָט עמיצער א הויב געטאָן א שטול, און ס׳האבן תיכף גענומען פליען שטולן און בײנק, די טישן זיינען פארשוואונדן און ס׳איז אוועק א טאנץ. די פיס האָבן זיך א לאז געטאָן, ווי אין א וויכער. פון אלע זייטן האָט זיך געטראָגן דער פילשטימיקער געזאנג: „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד”. ניט קיין טאנץ איז עס געווען, ממש, א חרפה צו דערציילן: מיושבדיקע מענטשן אין די יאָרן האָבן זיך געדרייט ווי שכורע אין א קארעהאד. די „בלוטיקע שונאים”, מישטיינס געזאָגט, נעמען זיך ארום פון גאנצן הארצן. אלע מחיצות צווישן אייגענע, וואָס מ׳האָט אין משך פון יאָרן אויפגעשטעלט, זיינען אוועק מיטן ווינט. א שמחה אָן א שיעור נעמט

ארום דעם טאנצנדיקן און זינגנדיקן זאל, וואָס האָט זיך צונויפגעהעפט אין איין גאנצעס.

אין סאמע מיטן פון דער ברויזנדיקער שמחה דערשיינט מיט א מאָל יוסף חיים ב ר ע נ ע ר אויף דער בימה. א פנים געמאכט עס מיט א כיוון, איבערגעריסן דעם טאנץ, ווייל ער האָט געוואָלט אָפּהיטן די כוחות פון די מענטשן און געדאגה׳ט פאר זייער געזונט. דער עולם איז תיכף שטיל געוואָרן. ברענער האָט געהאלטן א אמתדיקע דרשה אויפן פסוק „מה טוב ומה נעים״, איינפלעכטנדיק אין זיינע רייד ענינים פון דעם צוזאמענפאָר. דער עולם קלייבט נחת און ווערט דערהויבן, דאָ און דאָרטן זעסטו א שמייכל. און ברענער איז ווי א קוואל, וואָס שלאָגט אלץ שטארקער און שטארקער. א האלבע שעה און מער האלט ער אין איין שיטן פערלדיקע רייד ארום דעם קורצינקן פסוק. דאן גייט ווידער א מאָל א טאנץ. און א גאנצע נאכט האָבן זיך פילע געדרייט ווי פארחלומטע אין האלב־פינסטערן זאל. ארום איינער א חלוצה, וואָס איז אָקאָרשט עולה געווען פון פוילן, נעמט זיך צונויף אָן עולם, וואָס הערט דאָרשטיק דעם נייעם ניגון, וועלכן זי האָט מיטגעבראכט פון דאָרטן: „למה ירדה נשמה למטה? ירידה צורך עליה״ — א סימבאָלישער אויסדרוק פונם צוזאמענפאָר און פון אלץ, וואָס האָט זיך אין אים אָפּגעשפּילט.

ד. ר מ ז

## גרינדונג און באשאפונג

אונזער הסתדרות איז געגרינדעט געווארן אין דער גרייטקייט אויפ־צונעמען די נייע עליה. זי איז געבוירן געווארן אין שויס פון דער דאמאלסט נאך זייער קליינער ארבעטער משפחה, אין דערווארטונג אויף די, וואס דארפן אָנקומען. מיר זיינען געוועזן א דור פון יונגע מענטשן. ניט אלע פון די, וואס זיינען דאמאלסט געוועזן מיט אונז, זיינען דערגאנגען ביז אהער. אויך די, וואס זיינען געקומען נאך אונז, זיינען ניט אלע זוכה געוועזן צו דערגיין ביז אהער. פילע זיינען אומגעקומען אונטערוועגס.

פון יאר 1920, זינט עס איז געגרינדעט געווארן די הסתדרות, ציילן מיר די יארן פון איר גרינדונג. מיר האבן אויפגעבויט די הסתדרות אויפן גרונט פון עלעמענטן, וואס זיינען שוין פון פריער באשטאנען. א מין יש מיש. מיר פירן אבער נאך א צווייטע ציילונג, די ציילונג פון א נייער

באשאפונג, די באשאפונג פון דער ארבעטענדיקער לאנדווירטשאפט. דאס איז שוין אַ ״יֵשׁ מֵאַיִן״. אַ דאנק דעם דראנג צו אמת׳ער גאולה האט אויפגעבליט אויפן באָדן פון אונזער היימלאנד יענער וואונדער, וואס זיין אָנהויב איז סימבאָליזירט אין דעם דרייעק: כנרת־דגניה־מרחביה. די צייי־לונג פון דער באשאפונג, דער מנין הבריאה, הויבט זיך אָן מיט צען יאר פריער ווי די ציילונג פון דער גרינדונג, דער מנין היצירה.

ש. פרידמאן

## זעקס צוזאמענפארן

### א.

די צוזאמענפארן פון דער הסתדרות זיינען ווי צייכנס פון א דורכ־געמאכטן וועג. איטלעכער צוזאמענפאר פירט אונטער דעם סך־הכל פון א באשטימטן עטאפ אין דער אנטוויקלונג פון דער הסתדרות, ער קומט עפעס צו לערנען און פעסטצושטעלן נייע כללים אויפן סמך פון דער אָנגעזאמלטער פּראַקטישער דערפארונג.

איטלעכער צוזאמענפאר איז זיך אויפגעקומען ביי אנדערע פאליטישע עקאנאמישע און געזעלשאפטלעכע באדינגונגען. פון איין צוזאמענפאר ביזן צווייטן איז כסדר געוואקסן די צאל הסתדרות־מיטגלידער, און די נייע שטראָמען פון דער עליה האבן ניט נאָר פארגרעסערט דעם כוח פון דער הסתדרות און פארברייטערט איר פארנעם, זיי האבן אויך מיטגעבראכט מיט זיך נייע פראבלעמען און נייע דאגות. דעריבער האט איטלעכער צו־זאמענפאר געהאט אויך זיין באזונדערע, אייגנארטיקע געשטאלט און האט געעפנט מיט זיך א נייעם קאפיטל אין דער געשיכטע פון דער הסתדרות.

דער ע ר ש ט ע ר צוזאַמענפאָר איז געווען דער גרינדונגס־צוזאמענ־פאָר פון דער הסתדרות, דער צוזאמענפאָר פון דעם גרויסן באַגער צו אחדות. זיין היסטארישער ווערט באשטייט אין דעם עצם גרינדן די הסתדרות. ער האט אָנגעמערקט די ריכט־ליניעס פון דעם צוקונפטיקן וועג. ער איז ניט אריין אין פרטים און האט נאר פראָקלאמירט אין אלגעמיינע ווערטער אירע צילן. ער האט נאך ניט געזען פאר זיך דעם ממשות׳דיקן בשותפות׳דיקן אויפטו, וואס פאראייניקט פארשיידענע קערפערשאפטן און שאפט טאטזאכן אין פראָצעס פון דעם דאזיקן בשותפות׳דיקן אויפטו. דערי־בער זיינען ביי אים געווען ספקות און וואקלענישן בנוגע פארשיידענע

ארבעטס־געביטן, צי דארף מען זיי בכלל ארייננעמען אין טעטיקייטס־קרייז פון דער הסתדרות. ד׳עריבער — די פּאַרזיכטיקע פאָרמולירונג לגבי יענע ענינים, וואָס זיינען יאָ איינגעשלאָסן געוואָרן אין טעטיקייטס־קרייז. אזוי איז עס, א שטייגער, געווען בנוגע צו דער קולטור־ארבעט, צו די פארבינדונגען מיט די גלות־לענדער, מיט פארשיידענע כוחות אין חוץ־לארץ און מיט „אָרגאניזאציעס פון חלוצים״; דערביי איז באטאָנט געווארן, אז עס רעדט זיך נאר וועגן א „פראקטישער״ פארבינדונג, און ניט מער ווי דאס.

דער ערשטער צוזאמענפאר האט זיך אבער ניט באגרענעצט מיט דער פראקלאמירונג פון איחוד. ער האט געפסקנט, און דערביי אין זייער קלאָרע און ענערגישע ווערטער, אז „נאר די הסתדרות אליין באשעפטיקט זיך מיט די ענינים, וואס גייען אריין אין איר טעטיקייטס־קרייז״, און אז „אלע אנשטאלטן, וואס שטייען איצט אין רשות פון די פארטייען און וואס באשעפטיקן זיך מיט ענינים, וועלכע גייען אריין אין טעטיקייטס־קרייז פון דער הסתדרות, גייען אריבער אין רשות פון דער אלגעמיינער הסתדרות״.

א דאנק דעם דאזיקן קלאָרן און ענערגישן באשלוס האט די הסתדרות באקומען איר אינוועניקסטן ממשות׳דיקן אינהאלט, א דאנק אים איז מעגלעך געווארן דער ברייטער פארנעם פון פארווירקלעכונג און אויפבוי.

ב.

דער צווייטער צוזאמענפאָר איז זיך אויפגעקומען אין צוויי יאָר ארום, אונטערן צייכן פון דעם ברייטן פארנעם פון אויפבוי. די קורצע צייט פון צוויי יאר בשותפות׳דיקער ארבעט אין איין אלגעמיינער הסתדרות איז געווען גענוג, כדי מבטל צו מאכן א סך ספקות, מקרב זיין די הערצער, באזייטיקן חילוקי־דעות און אריינברענגען קלאָרקייט אין די גרונט־הנחות, וואס זיינען אָנגעמערקט געווארן אויפן גרינדונגס־צוזאמענפאר.

דער צווייטער צוזאמענפאר האט געגעבן דער הסתדרות איר גרונט־געזעץ, וואס באשטייט אין זיינע וויכטיקסטע טיילן אָן שנויים אויך ביים היינטיקן טאג. פארשיידענע ארבעטס־געביטן, וועגן וועלכע מ׳האט נאך ביים ערשטן צוזאמענפאר דיסקוטירט, צי דארף די הסתדרות זיך בכלל פארנעמען מיט זיי, זיינען אונטערן דרוק פון דער ווירקלעכקייט געווארן א קנין פון גאנצן כלל; אזוי איז עס געווען בנוגע דער אלגעמיינער קולטור־ארבעט, דער פאליטישער און מוניציפּאלער טעטיקייט, די פאר־בינדונגען מיט דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער־באוועגונג; מען האט שוין גערעדט אויפן צווייטן צוזאמענפאָר וועגן דער „חברת העובדים״ („דער ווירטשאפטלעכער ועד־הפועל״, לויטן אויסדרוק פון ב. קאצענעלסאן), וואס

זאל זיין „דער אייגנטימער פון אלע פינאנציעלע און קאָאָפעראטיווע אנשטאלטן פון דער הסתדרות" און וואס זאל האלטן אין זיינע הענט „די גרינדונגס־אקציעס פון די טעכטער־געזעלשאפטן". עס זיינען אנגענומען געווארן באשלוסן וועגן א טעגלעכער צייטונג פון דער הסתדרות און וועגן א ביכער־פארלאג, וועגן פאָנדן פאר קעגנזייטיקער הילף, וועגן דער פּאָלי־טישער און מוניציפּאלער טעטיקייט, וועגן רעגלמעסיקע פארבינדונגען מיטן „החלוץ" און נאָך. דאָס איז געווען דער ערשטער צוזאמנפאָר פון פּראקטישע מעשים. ער האָט אונטערגעפירט דעם סך־הכל פון די ערשטע שריט און האָט געלייגט יסודות פון דעם גאנצן בנין, וואָס שטייען פעסט ביז היינטיקן טאָג.

ג.

דער דריטער צוזאמענפאר איז לויטן אינהאלט געווען א צוזאמענ־פאר פון ווייטערדיקן בוי פון דעם הסתדרות־בנין. ער האט צוגעגעבן נייע טיילן און האט פארפולקאמט די יעניקע טיילן, וואס זיינען שוין אויפגעשטעלט געווארן פריער. ער האט דערגענצט דעם גרונט־געזעץ און געשאפן נייע כלים פאר דער ווייטערדיקער ארבעט: די צענטראלע קאָנטראָל־קאָמיסיע, דעם קאָאָפעראציע־צענטער, די צענטראלע פארוואלטונג פון חברת העובדים; ער האט באשטימט כללים פארן עפנטלעכן לעבן פון דער הסתדרות, אויסגעארבעט די וואל־סיסטעם פון אירע אנשטאלטן, פאָרמולירט פונדאסנייי דעם וועזן און דעם ארבעטס־געביט פון דער פראָ־פעסיאנעלער באוועגונג, די וועגן פון „ארגון משותף" (ד. ה. פון געמיינ־זאמער טעטיקייט מיט די אראבישע ארבעטער), די סיסטעם פון געהאלט אין די אנשטאלטן פון דער הסתדרות. דער צוזאמענפאר האט אויך לאחר המעשה באשטעטיקט וויכטיקע כלים, וואס זיינען אינצווישן געשאפן גע־ווארן, און האט זיי איינגעשלאסן אין אלגעמיינעם ארגאניזאציאנעלן בנין: „הנוער העובד" און די מועצת הפועלות. ער האָט פעסטגעשטעלט די גרונט־פרינציפּן פון דער זעלבשטענדיקער ווירטשאפטלעכער טעטיקייט פון דער הסתדרות, אין דער ריכטונג פון א „נושא קבוע" אין יעדער אונטער־נעמונג, ד. ה. פון א סטאַבילן גרונט־קערן, וואָס איז פאראינטערעסירט אין דער אנטוויקלונג פון דער אונטערנעמונג און טראגט אליין די אחריות פאר איר; ס'איז אויך פראקלאמירט געווארן דער אנהויב פון א פלאַנ־מעסיקער שיכון־טעטיקייט (פארזאָרגונג מיט דירות) א. אנ.

און דאס אלץ — אין זומער 1927, אין דער צייט פון קריזיס, וואס האט שטארק געדריקט אויף די געמיטער אין ישוב און אין ציוניזם און האט געשעדיקט אויך די ערשטע פרווון פון דער הסתדרות אויפצושטעלן אירע אייגענע ווירטשאפטלעכע כלים, אין יארן פון נויטן און ארבעטס־

לאָזיקייט. אין יענער אלגעמיינער דעפּרעסיע האט דער דריטער צוזאמענ־פאר געשטארקט דעם גלויבן פון דער ארבעטערשאפט אין אירע כוחות און אין איר וועג.

ד.

אין גאנץ אנדערע באדינגונגען איז זיך אויפגעקומען דער פערטער צוזאמענפאר. זיין ערשטע סעסיע איז פאָרגעקומען אין אנהויב פון א ווירטשאפטלעכן אויפשוואונג, אין פעברואר 1933, די צווייטע — אין דעם סאמע ברען פון „פּראָספּעריטי". דער צוזאמענפאָר האט געפירט זיין ארבעט אונטערן צייכן פון דער גרויסער עליה, פון ברייטע ווירטשאפטלעכע מעג־לעכקייטן, אבער אין דער זעלבער צייט — אויך פון געוויסע געזעלשאפט־לעכע שטרויכלונגען. דער דאזיקער צוזאמענפאר האט פּראָקלאמירט די באנייאונג פון קאָלאָניזאַטאָרישן ווערק אין גרויסן פארנעם („די קאָלאָני־זירונג פון טויזנט", — „התישבות האלף"). צו דער זעלבער צייט האט ער געווידמעט זיין אויפמערקזאמקייט די ווירטשאפטלעכע ענינים פון דער הסתדרות, די וועגן פון דער פּראָפעסיאנעלער באוועגונג, וואס האט שוין ארומגענומען מאסן חברים, די פראגן פון קולטור און לעבנס־שטייגער פון דער ארבעטערשאפט, און האט באהאנדלט די וועגן, ווי אזוי צו באזייטיקן די געזעלשאפטלעכע אפנויגן און שטרויכלונגען אין דער הסתדרות'ישער ווירטשאפט. אויפן געביט פון פּראָפעסיאנעלער באוועגונג האָט דער צוזאמענפאָר פאָרמולירט די שטרעבונג פון דער הסתד־רות צו דער סיסטעם פון קאָלעקטיווע ארבעטס־אָפּמאכן, און אויפן געביעט פון ווירטשאפטלעכער טעטיקייט — די טענדענץ צו פאר־פעסטיקן די עקאָנאָמישע אנשטאלטן און „אויפשטעלן די פארוואלטונג פון חברת העובדים אלס העכסטע ווירטשאפטלעכע פארוואלטונג". דער צוזאמענ־פאר האט מיט באפרידיקונג קאָנסטאטירט די אנטוויקלונג פון דער פּראָדוציר־און באדינונגס־קאָאָפּעראציע. צוגלייך מיט דעם איז געשטעלט געווארן די פראגע וועגן פרעמדער ארבעט ביי חברים פון דער הסתדרות, און די פאָדערונג צום מרכז הקואופרציה און צו די חברים פון די קאָ־אָפּעראטיוון „זיך צוריקצוהאלטן פון פרעמדער ארבעט און פון אלע אנדערע צופאסונגס־פאָרמען, וואס זיינען מסוגל צו ברענגען די קאָאָפּעראציע צו דעגענערירונג". שפּעטער צו, בעת דער צווייטער סעסיע, אין יאנואר 1934, איז באשטימט געווארן א ספּעציעלער געריכט פאר פרעמדע לוין־ארבעט און א ספּעציעלע קאמיסיע, וואס האט געזאלט שטודירן די דאזיקע פראגע; אלס פועל־יוצא פון איר טעטיקייט איז שפּעטער אנגענומען גע־ווארן „דאס געזעץ וועגן שותפות'דיקער ארבעט" („חוקת העבודה השיתופית").

ח.

א לאנגע הפסקה פון אכט יאָר טיילט אָפּ צווישן דער צווייטער סעסיע פון פערטן צוזאמענפאָר און דעם פ י נ פ ט ן צוזאמענפאָר (1942). אין משך פון די דאזיקע יארן האבן זיך אָנגעזאמלט פארשיידענע פראגן פון אינער־לעכן הסתדרות־לעבן, וואָס האָבן געווארט אויף זייער לייזונג. די צייט אבער איז ניט געווען צוגעפּאסט דערצו, מען זאל זיך אוועקזעצן זיי צו באהאנדלען.

דער צוזאמענפאר איז זיך אויפגעקומען אין זייער א שווערער און געפערלעכער צייט. דער שרקלעכער שונא איז נאָך דאן געווען ביי זיין פולער קראפט און איז געשטאנען ניט ווייט פון די גרענעצן פון לאנד. פון אייראָפּע זיינען דערגאנגען אָפּגעהאקטע און פארנעפּלטע ידיעות וועגן דעם יידישן גורל אין די אָקופּירטע לענדער, מ׳האט נאך ניט געקענט ארויסזען אפילו קיין סימן פון אָנהויב פון סוף צו דער מלחמה, און אין לאנד האט שוין געהערשט דער רעזשים פון „ווייסן בוך״. דער צוזאמענ־פאר איז אָ דורך אונטערן צייכן „איידער ס׳קומט דער מארגענדיקער טאג״; אזוי האָט ב. קאצענעלסאָן א נאָמען געגעבן זיין רעפעראט, דעם צענט־ראלן רעפעראט פון דעם צוזאמענפאָר.

דער צוזאמענפאר איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער טיפער זאָרג וועגן דעם, ווי אזוי זאל דאס יידישע פאלק פון א קרבן פון דער מלחמה פארוואנדלט ווערן אין א קעמפערישן פאקטאָר. ער איז געווען טיף באזאָרגט מיטן גורל פון אייראָפּעאישן יידנטום, וואָס איז כמעט אינגאנצן געווען אין היטלערס הענט, און דאס — נאך איידער ס׳איז געקומען די שרעקלעכע פארניכטונג. דער צוזאמענפאָר איז געווען דורכגעדרונגען מיטן באוואוסטזיין פון דער גרויסער אחריות, וואס דער גורל האט ארויפגעלייגט אויפן ישוב און אויף דער ארבעטערשאפט. ער האט זיך פארענדיקט דער־מיט, וואס ער האט באשלאסן איינצופירן אין דער גאנצער הסתדרות, בנוגע צו אלע אירע חברים, ווירטשאפטן, אנשטאלטן און אָרגאנען — א רעזשים פון מלחמה־ און אויסנאם־צושטאנד, דורכפירן אין גאנצן ישוב „א רעזשים, וואס זאל פארפליכטן יעדן מאן און יעדע פרוי זיך צו מאבי־ליזירן אין מיליטער, הגנה און קריגס־ארבעט״.

דער פינפטער צוזאמענפאר איז ניט דערגאנגען צו די אינערלעכע הסתדרות־פראגן. צוליב דער הארבער צייט זיינען די אלע פראגן אָפּגעלייגט געווארן אויף א מער גינסטיקע צייט, אויף א צווייטע סעסיע פון זעלביקן צוזאמענפאר. קיין צווייטע סעסיע איז אבער ניט פארגעקומען, אנשטאט איר איז אויפגערופן געווארן דער זעקסטער צוזאמענפאר, צווײ א האלב יאר שפעטער, אין סוף 1944.

ו.

דער זעקסטער צוזאמענפאר איז זיך אויפגעקומען נאך דער גרויסער דערגרייכונג פון דער יידישער בריגאַדע, און זיין ערשטע סעסיע איז געווען געווידמעט דער פראגע, ווי אזוי צו פארגרעסערן אונזער מיליטערישן כוח. א צווייטע פראגע, וואס איז געשטאנען פאר דער דאזיקער סעסיע, איז געווען די פראגע וועגן די טעראָר־אקטן אין לאנד און וועגן די מיטלען, וואס די הסתדרות דארף אננעמען, כדי זיי אויסצוראָטן. צו דער צווייטער סעסיע פון זעקסטן צוזאמענפאר איז שוין אבער געבראכט געווארן א גאנצע רייע אינערלעכע ענינים, ארגאניזאציאנעלע און געזעל־שאפטלעכע פראָבלעמען פון דער הסתדרות, וואס זיינען שוין זייט א לאנגער צייט געשטאנען אויפן סדר־היום און האבן געמאָנט א לייזונג.

אין א גרויסער מאָס איז דער צוזאמענפאר געווען געווידמעט פראגן פון דעם לוין־ארבעטער אין דער הסתדרות. אין צענטער פון זיינע פארהאנדלונגען איז געשטאנען די פראגע וועגן שינויים אין דער אָרגאני־זאציאָנעלער סטרוקטור דורך דער גרינדונג פון פראָפעסיאָנעלע אָר־גאניזאציעס אין לאנדס־מאסשטאב, לויט ווי ס׳איז זיינערצייט באשלאָסן געווארן אויפן צווייטן צוזאמענפאר. ס׳איז באשלאסן געווארן אויפצושטעלן אויפן יסוד פון אינדוסטריעלע פארבאנדן אין די ראמען פון דער הסתדרות און אונטער איר העכסטער אנפירונג, פראָפעסיאָנעלע לאנדס־אָרגאניזאציעס פון פאבריק־ארבעטער, בוי־ארבעטער, טראנ־ספאָרט־ארבעטער און ים־ארבעטער. דער צוזאמענפאר האט איינגעפונען, אז די ענדערונגען אין דער פראָפעסיאָנעלער אָרגאניזירונג זיינען נויטיק, „כדי צו פארשטארקן די געזעלשאפטלעכע טעטיקייט פון די לוין־ארבעטער, פארטיפן דעם אינהאלט פון זייער הסתדרות׳ישן לעבן און פארייניהייטלעכן זייערע ארבעטס־באדינגונגען״.

אויך פאר דעם זעקסטן צוזאמענפאר איז געשטאנען די פראגע וועגן פרעמדער לוין־ארבעט אין די קאָאָפעראטיוון, וואס איז בשעתו געשטאנען פארן פערטן צוזאמענפאר און וואס האט אין משך פון יארן באשעפטיקט די הסתדרות׳ישע עפנטלעכקייט. דער צוזאמענפאר האט קלאר און דייט־לעך פראָקלאמירט, אז „די הסתדרות וועט מער ניט דולדן קיין עקס־פלאאטאציע פון פרעמדער ארבעט מצד אירע חברים״, און האט באַאופ־טראגט דעם ועד הפועל דרינגלעך צו פארווירקלעכן די ליקווידירונג פון פרעמדער ארבעט אין די קאָאָפעראטיוון, „און ציען אלע קאָנסעקווענצן, וואס דרינגען ארויס פון דעם באשלוס פון צוזאמענפאר, לגבי יעדן קאָאָפע־ראטיוו, וואס וועט עובר זיין אויף דעם באשלוס״.

ס׳איז באשלאסן געווארן צו שאפן א נייעם אויפזיכטס־אינסטרומענט,

וואָס זאָל לויט זיין אייגענער איניציאַטיוו אויפפּאַסן די באַציאונגען צווישן די הסתדרות־אַנשטאַלטן און דער הסתדרות־געזעלשאַפטלעכקייט, ווי אויך די באַציאונגען צווישן פאַרשיידענע טיילן פון דער אַרבעטער־געזעלשאַפטלעכקייט.

ס׳איז פונדאַסניי באַשטעטיקט געוואָרן דער משפּחה־פּרינציפּ פון דעם געהאַלט אין די הסתדרות־אַנשטאַלטן און ס׳איז געענדערט געוואָרן דאָס געזעץ וועגן געהעלטער אין די דאָזיקע אַנשטאַלטן מיט דער טענדענץ איינצושליסן אין דער דאָזיקער געהאַלט־שיטה אויך באַרופן, וואָס זיינען פריער געשטאַנען מחוץ פון איר.

דער צוזאַמענפאַר איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון אָפּשלוס פון דער מלחמה און פון דער באַנייאונג פון די פאַרבינדונגען מיט די גלות־לענדער. נאָך די פראַגן פון די לוין־אַרבעטער, האָבן די פראַגן פון די דאָזיקע פאַרבינדונגען און פון דער געשטאַלט פון „החלוץ" געבילדעט דעם צווייטן צענטראַלן קאָמפּלעקס ענינים פון צוזאַמענפאַר. ס׳זיינען אָנגענומען געוואָרן באַשלוסן וועגן אַ פאַראייניקטן „החלוץ", וועגן דער פליכט פון די הסתדרות־שליחים צום „החלוץ" אין יעדן לאַנד צו ווירקן „ווי אַ איינהייט, אונטער דער אָנפירונג פון דער הסתדרות, אין דער ריכטונג פון איינהייט און ממשות׳דיקער צוזאַמענהעפטונג פון דער חלוצישער באַוועגונג". ס׳זיינען באַשטימט געוואָרן די יסודות פון דעם אייניקן „החלוץ": „פּערזענלעכע פאַרווירקלעכונג, עליה, יידישע אַרבעט, לאַנדווירטשאַפט, כיבוש עבודה, הגנה, אַרבעטס־קאָלאָניזאַציע אין אַלע אירע פאָרמען, קעגנזייטיקע הילף און שותפות, חלוצישע אַרבעטער־איינהייט, אָנגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און צו דער הסתדרות".

---

די פריערדיקע קאַפּיטלעך שעפּן, פאַרשטייט זיך, ניט אויס אַלץ, וואָס ס׳איז אויפגעטאָן געוואָרן אויף די זעקס צוזאַמענפאָרן. דאָ זיינען נאָר אָנגעצייכנט געוואָרן די ראשי־פּרקים, און אויך דאָס — ניט אין גאַנצן. מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט נאָר די באַזונדערע שטריכן, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן פון די צוזאַמענפאָרן, און האָבן פאַר איטלעכן פון זיי באַשטימט זיין פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער הסתדרות. איטלעכער צוזאַמענפאַר איז אַ המשך פון די פריערדיקע, און איטלעכער פון זיי האָט געווירקט אין זיינע באַזונדערע צייט־באַדינגונגען. אַלע צוזאַמען האָבן זיי געבויט דעם בנין פון דער הסתדרות און יעדער פון זיי האָט דערביי בייגעטראָגן זיין חלק.

# וואס איז אזוינס די הסתדרות?

ב. קאצענעלסאן

## שטריכן צו אונזער געשטאלט

— — — פון ערשטן מאָמענט אָן, בעת אונזער טעטיקייט איז נאָך געווען קליין און אָרעם, האָט זי שוין געזען פאר זיך ברייטע האָריזאָנטן. שוין דאן, בעת מיר זיינען נאָך געווען שוואך און קליין אין צאָל, האָבן מיר זיך באטראכט ווי חלוצים פונם ארבעטער־קלאס, ווי א מחנה, וואס גייט פאָראויס פאַרן פאָלק, און לויט דעם האבן מיר באשטימט אונזערע אויפגאבן. און נאך איידער מיר זיינען רייף געוואָרן צו זעלבשטענדיקער קאָלאָניזאציע־ארבעט, האבן זיך שוין ביי אונז אָנגעמערקט צוויי הויפט־שטריכן, וואס האבן מיט דער צייט באשטימט די געשטאלט פון אונזער באוועגונג: חברישקייט פון ארבעטער און באוואוסטזיין פון חלוציִשער שליחות אין לעבן פון פאלק.

דער יסוד פון חברישקייט האט געשפראָצט אין אונזער באוועגונג פון אירע ערשטע טעג אָן. די איינזאמקייט און פאריתומטקייט האבן פאר־טיפט ביי אונז די חברישע פארבינדונג. די נויט און די וויסטעניש ארום האבן געטריבן צו קעגנזייטיקער הילף. שוין פון אָנהויב אָן איז עס אבער געווען מער ווי קעגנזייטיקע הילף אליין. פון די ערשטע טעג אָן איז אין איר געלעגן פארבאָרגן דער קערן פון גלייכקייט. פון דעם זיינען ארויס־געוואקסן די שטרעבונגען צו לעבנס־ און ווירטשאפטס־פאָרמען אויף יסודות פון שותפות, קעגנזייטיקער אחריות, גלייכקייט און געזעלשאפט־לעכער צוזאמענהעפטונג.

פון די ערשטע טעג אָן האט אין אונז געלעבט דאס באוואוסטזיין, אז מיר זיינען שליחים פון אַן אָרעם פאלק, אז ניט צופעליק זיינען מיר אהער געקומען, און אז ס'איז ניטא פאר אונז קיין אנדער לייזונג, ווי די לייזונג פון דער לעבנס־פראגע פון פאלק. דערפון שטאמט אונזער בייגונג

אפצושאצן, אפצוווּעגן און אפצומעסטן יעדן טאָט און יעדן טריט, גלייך ווי ער וואלט דארפן מכריע זיין די וואָגשאָל אין לעבן פון פאָלק צום גוטן אדער צום בייזן. פון דעם שטאמט אונזער לעבעדיקער רצון צוצופאסן אלץ וואס מיר טוען צו דער איין און איינציקער לייזונג, — צו דער בויט פון פאלק; פון דעם שטאמט אונזער אומרו אין דערוואַרטונג פון דער עליה, אונזער טיפע זאָרג פאר איר גורל. פון דעם קומט אויך אונזער זאָרג פאר דער לאגע אין גלות און פאר דער דערציאונג און הכשרה פון איצטיקן דור. פון דעם — קומען אונזערע באמיאונגען אָנצומערקן די וועגן פאר דער ציוניסטישער באוועגונג, ניט געקוקט אויף אלע אנטוישונגען.

מיר האבן געגלויבט אין גרויסע מעשים, מיר האבן געגלויבט אז די ארבעטער־באוועגונג איז בארופן צו טאָן די גרויסע מעשים, מיר האָבן געפילט די אָנזאָגן פון די גרויסע טעג, און מיר האבן זיך געלערנט צו זען די ליניע, וואס פירט פון די קליינקייטן פון אונזער טאָג־טעגלעכער ארבעט צו די גרויסע אָנזאָגן אין דער צוקונפט.

א דאנק דעם דאזיקן סינטעז פון חברישקייט און חלוציות, אלס כסדרדיקער דראנג צום סאָציאלן און נאציאָנאלן מאקסימאליזם, — איז די ארבעטער־מחנה אין לאנד צוזאמענגעשלאסן געווארן אין איין גרויסע קערפערשאפט, וואס איר נאמען איז: הסתדרות העובדים העברית הכללית בארץ־ישראל. אין דאזיקן סינטעז ליגט דער סוד פון אייניקייט פון אונזער באוועגונג, דער סוד פון איר כוח און קראפט.

י. טאבענקין

## דער כאראקטער פון אונזער באוועגונג

לויט איר אינהאלט איז די ארבעטער־באוועגונג איינע און די זעלבע ביי אלע פעלקער. אומעטום — די זעלבע אידייע, דער זעלבער טרעגער פון דער אידייע און די זעלבע פארווירקלעכונגס־וועגן. די אידייע איז — דער סאָציאליזם, די פרייע ארבעטס־געזעלשאפט; דער טרעגער פון דער אידייע: דער ארבעטער־קלאס; און דער וועג איז: דער קלאסן־קאמף. די קאָנקרעטע פאָרם פון יעדער ארבעטער־באוועגונג טראָגט אבער א נאציאָנאלן כאראקטער, ווייל די גאנצע מענטשהייט לעבט אין דער פאָרם פון נאציעס.

דאס געמיינזאמע צווישן אונז און דער ארבעטער־באוועגונג אין דער

וועלט — דאס איז די שטרעבונג אריבערצופירן דאס גאנצע פאלק צו א לעבן פון ארבעט, ער זאל זיך שטיצן ניט אויפן אייגנטום, נאר אויף דער באפרייענדיקער ארבעט, ער זאל ווערן אן ארבעטנדיק פאלק, עם עובד. עס טיילט אונז אבער אפּ פון דער ארבעטערשאפט ביי אנדערע פעלקער — דער אייגנארטיקער כאראקטער פון אונזער נאציאָנאלן לעבן אין ארץ־ישראל.

דער מענטשלעכער באשטאנד פון אונזער באוועגונג איז אנדערש, ווי ביי די אנדערע ארבעטער־באוועגונגען. ביי אנדערע פעלקער שטאמען די פראָלעטאריער פון די ארבעטנדיקע שיכטן, דער עיקר — פון דאָרף, ווי אויך פון די פאראָרעמטע מיטל־שיכטן אין שטאָט, ווי למשל, פון בעלי־מלאכות, וואָס האָבן צוליב זייער פאראָרעמטקייט געמוזט ווערן לוין־ארבעטער. דער יידישער ארבעטער אין לאנד שטאמט אָבער פון אן אנדער סאָציאַלן מקור, ער קומט פון די ניט־ארבעטנדיקע שיכטן.

ביי די אומות העולם שטאמט די ארבעטער־באוועגונג, בדרך כלל, פון דעם זעלבן לאנד, וואו זי איז טעטיק, איר כסדרדיקער וואוקס קומט פון פויערטום, וואָס ווערט פאראָרעמט אין דעם זעלבן לאנד. אונזער באַוועגונג אבער איז א באוועגונג פון עליה, א באוועגונג פון מענטשן, וואס קומען אין א נייַ לאנד און הויבן ערשט דא אָן זייער ארבעטס־לעבן.

דער יסוד פון דער עליה באשטייט אינם איבערגאנג פון ניט־ארבעט צו ארבעט. דער זין פון אונזער באוועגונג באשטייט אין דער „דעראָבערונג פון ארבעט (כבוש עבודה) פארן יידישן מענטשן און דער דעראבערונג פונם מענטשן פאַר דער ארבעט". איטלעכער ארבעטער אין דער וועלט האט א מאָראלישן צוגאנג צו דער ארבעט, פאר אים איז עס אָבער א נאטירלעכער ווערט וואס דריקט זיך אויס אין זיין שטרעבונג צו באפרייען די ארבעט. ביי אונז איז עס אנדערש: דער איבערגאנג פון ניט־ארבעט צו ארבעט באשטימט ביי אונז דעם מאָראלישן צוגאנג צו **דעם עצם ארבעט**.

איטלעכע ארבעטער־באוועגונג איז חלוציש; אונזער חלוציות האט אָבער אַן אייגנארטיקן כאראקטער: פערזענלעכע חלוציות. אויך אין דער רוסישער ארבעטער־באוועגונג איז געווען אזא מין חלוציות ביי א טייל ארבעטער, וואס האבן די ערשטע באגריפן זייער שליחות; אונזער חלוציות אבער, וואס טראָגט דעם כאראקטער פון פערזענלעכער פארווירקלעכונג, איז דער אורשפרינגלעכער ווענ פון ארץ־ישראל׳דיקן ארבעטער צום סאָציאַליזם און צו דער באפרייאונג. אין איר יסוד ליגט די פאָדערונג, אז דער מענטש זאָל ענדערן **זיך אליין** און זיין באציאונג צו אלץ ארום אים.

דער צווייטער גרונט־שטריך פון אונזער באוועגונג איז — קאָלאָני־

זאציע, אין זין פון שאפן א נ י י ע ווירטשאפט. אין אנדערע לענדער ווירקט דער ארבעטער אויף דער שוין עקזיסטירנדער ווירטשאפט, וואס איז גע־שאפן געווארן דורכן קאפיטאליזם. די ארבעטער־באוועגונג וואקסט דארטן ניט פון דער שאפונג פון א נייער ווירטשאפט, נאר פון דעם, וואס אין דער מאָדערנער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט פארשטארקן זיך ביי דער ארבעטערשאפט — אלס פועל־יוצא פון דער קאָנצענטראציע פון קאפיטאל און ארבעט — דאס באוואוסטזיין און די שטרעבונג זיך צו באפרייען פון איר יאָך און זי צו באהערשן. אונזער באוועגונג איז אבער פארבונדן מיט דער שאפונג פון א נייער ווירטשאפט. דער ארבעטער־קלאס אין ארץ־ישראל אנטשטייט אין פראָצעס פון קאָלאָניזאציע; און זיין כוח וואקסט צוזאמען מיטן וואוקס פון די קאָלאָניזאציע־מעגלעכקייטן. דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטער איז ניט קיין פראָדוקט פון א סטאַטישן ארץ־ישראל, פון אַן עקזיסטירנדיקער ווירטשאפט, נאר פון אזא ארץ־ישראל, וואס אין איר קען מען אויפבויען און אנטוויקלען א ווירטשאפט.

א דריטער גרונט־שטריך פון אונזער באוועגונג — דאס איז דער וועג פון שטאָט צום דאָרף, אין קעגנזאץ צו דער אנטוויקלונג פון דער ארבעטער־באוועגונג אין דער גארער וועלט: פון דארף אין שטאָט אריין. דער עקאָנאָמישער יסוד פאר אונזער איבערגאנג פון שטאָט אין דאָרף באשטייט אין דער שאפונג פון דער לאנדווירטשאפט; ווייל זי איז דער יסוד פאר דער אנטוויקלונג פון ארץ־ישראל, וואָס וועט אונז דערמעגלעכן אויפנעמען נייע עולים. דאס הייסט ניט, אז נאר דאָרף, און שטאָט — ניט; דאס הייסט אבער: די שאפונג פון א נייער ווירטשאפט. אינם שאפונגס־פראָצעס פון דער ארבעטער־באוועגונג אין דער וועלט זעען מיר דעם פאקט פון דערווייטערן זיך פון דער ערד, פון דער נאטור; ביי אונז גייט אבער אָן א פארקערטער פראָצעס: צוריק צו דער נאטור, צו דער ערד־ארבעט. פון דעם שטאמט דער מקור פון אידעאַליזירן די לאנד־ווירטשאפט און די נאטור. דאס איז די אידעאָלאָגיע פונם צוריקקער צו דער נאטור און צו דער ערד־ארבעט, וואס באגלייט אונזער באוועגונג פון אָנהויב אָן, אָנהויבנדיק פון די משכילים, פון די ערשטע „חובבי־ציון" און אחד העם און ביז א. ד. גארדאן.

היות ווי אונזער באוועגונג איז א באוועגונג פון קאָלאָניזאציע, האט זי א גאר גרויסע געוויכט אין לאנד. אונזער געוויכט און השפעה וואלטן געווען פיל קלענער, אויב ארץ־ישראל וואָלט געווארן קאָלאָניזירט דורך א פאָליטישן קאפיטאליסטישן כוח. אונזער פאָליטישער באדייט איז גע־וואקסן דערפאר, וואס אונזער באוועגונג שטייט בראש פון דער אנטוויק־לונג, זי איז די טרעגערין פון אינטענסיפיצירונג, פון נאציאָנאַלער פאר־

איינ יקונג, פון זאָרג פאַר דער ווירטשאַפט, פון דער שאַפונג פון אַ פּאַר־איינ יקנדיקער שפּראַך א. א. וו. אין די אַלע אויפגאַבן גייט דער אַרבעטער אין אַנדערע לענדער נאָך דער בורזשואַזיע; ביי אונז אָבער איז דווקא דער אַרבעטער דער הויפּט־טרעגער פון די דאָזיקע ווערטן, און ער האָט עס געצוואונגען אויף דעם בעל־הבית זיך איינשפּאַנען אין זעלביקן יאָך.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין גלות („בונד") האָט איבער־געריסן די פעדים, וואָס האָבן זי פאַרבונדן מיטן אייגנאַרטיקן עבר פון פאָלק און מיט זיין עתיד. איר ליד איז געווען: „אַ נייער משיח קומט אָן". אַנדערש איז עס ביי די אומות העולם: דאָרטן איז די אַרבעטער־באַוועגונג די טרעגערן פון דעם היסטאָרישן זכרון און פון נאַציאָנאַלן באַנייאונגס־פּראָצעס. די ארץ־ישראל'דיקע אַרבעטערשאַפט, וואָס שטיצט זיך אויפן היסטאָרישן עבר פון אונזער פאָלק, ווערט ממילא די טרעגערן פון דער היסטאָרישער ירושה און דער שליח פון דער היסטאָרישער אויפגאַבע. דאָס דאָזיקע געפיל פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונג צווישן יחיד און כלל. דאָס באַוואוסטזיין פון קלאַסן־שליחות, וואָס איז צוגלייך דערמיט אויך די נאַציאָנאַלע שליחות, דאָס באַוואוסטזיין, אַז אונזערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַדערפעני שן פאַלן צונויף — דאָס פאַרמאָגט נאָר די ארץ־ישראל'דיקע אַרבעטערשאַפט אַליין.

פון דעם שטאַמט אונזער ליידנשאַפטלעכע שטרעבונג צו אַרבעטער־אחדות, דער רצון אַפּצוהיטן די הסתדרות, זי זאָל זיך ניט באַגנוגנען בלויז מיט פּראַקטישע צוועקן, דער רצון צו זען אין איר דעם ברייטן פאַרנעם פון דער היסטאָרישער שליחות, דעם יורש פון אונזער עבר, דעם באַשעפער פון אונזער קעגנוואַרט און דעם קעמפער פאַר אונזער עתיד.

(פון אַ רעפעראַט אין סעמינאַר פון קיבוץ המאוחד, 1928).

פ. לוביאַניקער

## די ארץ־ישראל'דיקע אַרבעטער־באַוועגונג

דער וועג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל איז געווען אַנדערש, ווי דער וועג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַנדערע לענדער. דאָרטן האָט מען אָנגעהויבן אַלס פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין דער פּאָליטישער און קאָנסטרוקטיוו־קאָאָפּעראַטיווער ריכטונג. ביי אונז אָבער איז דער אָנהייב געווען אין ווירטשאַפטלעכער

שאפונג, אין שאפונג פון א נאציאָנאלן לעבן אין א נייעם לאנד. אויף דעם שאפונגס־יסוד איז אויסגעוואקסן דער פּאָליטישער און פראָפעסיאָנעלער בנין. אויב אפילו די פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע אויפגאבן פון דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטער־באוועגונג ווערן צומאָל געשטעלט אויבן אָן, — איז אבער דער עיקר געווען און איז אויך היינט, ביי אלע אומ־שטענדן און אין אלע צייטן — דער קאָנסטרוקטיווער אויפטו. ער איז דער מקור פון איר חיות און דער צענטר פון אירע שטרעבונגען.

די ארבעטער־באוועגונג אין דער גאָרער וועלט איז אנטשטאנען ווי א ריין־פּראָלעטארישע באוועגונג, און ערשט מיט דער צייט, בעת זי איז געוואָרן גרעסער און האט זיך אנטוויקלט, האט זי באנומען אירע נאציאנאלע אויפגאבן. דאקעגן די ארץ־ישראלדיקע ארבעטער־באוועגונג איז *לכתחילה* געבוירן געווארן פון דער נאציאנאלער שליחות. זי האט געשעפּט אירע כוחות פון די קוואלן פון דער יידישער יוגנט און פונם יידישן מיטל־קלאס אין גלות, און איר הויפט־אויפגאבע האט זי געזען אין דעם, אז זיי זאלן פארוואנדלט ווערן אין מענטשן פון ארבעט און שאפונג, אין אן ארבעטס־פּאָלק. די נאציאָנאלע ווירקלעכקייט, וואס פון איר איז אנטשטאנען די ארבעטער־באוועגונג אין ארץ־ישראל, און וואָס כדי זי מתקן צו זיין איז זי געקומען אויף דער וועלט, האט באשטימט די שטרע־בונג צו ארבעט און צו א שאפונגס־לעבן, אלס איר **גרונט־שטרע־בונג** אין אלע אירע באמיאונגען, אויפן מאטעריעלן און גייסטיקן געביט.

די הסתדרות, אלס גוף וואס פארקערפּערט אין זיך די שטרעבונגען פון דער ארבעטער־באוועגונג, איז ניט קיין ריין־פּראלעטארישע אָרגאַ־ניזאציע, אין אנגענומענעם זין. זי נעמט ארום דעם לוין־ארבעטער אין שטאָט און דאָרף, די מענטשן פון דער ארבעטער־קאָלאָניזאציע אין קבוצה און מושב, דעם לאנדווירט וואס לעבט פון אייגענער ארבעט, די ארבעטנ־דיקע אינטעליגענץ, די לערן־יוגנט און די ארבעטס־יוגנט. זי איז אַן אָפּ־שפיגלונג פון דער אומפאסנדער ווירקלעכקייט פון ארבעט און שאפונג אין ארץ־ישראל, און זי פאראייניקט אלעמען אין איין גרויסער שליחות: די פארווירקלעכונג פונם ציוניזם און די פארוואנדלונג פון די יידן אין אַן ארבעטנדיקן פאָלק. ביי אלע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער הסתדרות, סיי אין צאָל, סיי לויט איר אינערלעכן באשטאנד, בלייבט באשטיין און הערשן אין איר לעבן און טעטיקייט דער עיקר: די קאָנ־סטרוקטיווע לייזונג און די העגעמאָניע פון ארבעט אין יידישן לעבן.

די יידישע ארבעטער־באוועגונג אין לאנד איז דערגאנגען צו איר קאָנסטרוקטיוון וועג, ווייל זי האט אין אים געזען דעם הויפּט־וועג צו דער פארווירקלעכונג פון ציוניזם. זי האט דערהויבן די אידייע פון יידישער

ארבעט און די פאָדערונג צו פערזענלעכער פאַרווירקלעכונג — צו דער וויכטיקסטער מדרגה, ווייל זי האט פארשטאנען, אז נאר אויף דעם אופן איז מעגלעך געזונט צו מאכן דעם גוף און די נשמה פון יידישן פאָלק און פארוואנדלען ארץ־ישראל אין א ממשות׳דיקע לייזונג פון דער יידן־פראגע; זי איז געווארן די טרעגערן פון דער פאָדערונג פון א נאציאָנאַלן קאפיטאל, ווייל זי האט אין אים אייגעזען א מיטל צו שאפן די אור־שפרינגלעכע פרנסה־קוואלן פארן פאלק און פאר א געזונטער יידישער געזעלשאפט אין ארץ־ישראל; זי האָט געשטעלט די פאָדערונג פון העב־ברעאיש אלס אומגאנגס־שפראך אין טאָג־טעגלעכן לעבן, ווייל זי האָט פארשטאנען, אז נאר א פאלק, וואס איז פאראייניקט דורך זיין שפראך און איז פארבונדן מיט די קולטור־אוצרות פון זיין עבר, איז פייאיק צו באנייען זיין גייסטיקע שאפונג; זי האט געקעמפט פאר דער ארגאניזירונג פון ישוב אויף פולשטענדיק־דעמאָקראַטישע יסודות, אין דער איינערלעכער איבערצייגונג, אז נאר אויף דעם וועג וועלן מיר קענען באשאפן א פריי זעלבשטענדיק פאלק; זי איז געגאנגען אויפן פאָליטישן געביט אין דער ריכטונג פון שאפנדיקן רעאליזם, וואס זעט דעם עיקר אין די זעלבב־שטענדיקע באמיאונגען פונם פאָלק, וויסנדיק גענוי, אז נאציאָנאלע פריי־הייט באקומט מען ניט געשאָנקען פון פרעמדע הענט, נאר מען דארף זי דערווערבן דורך שווערע ארבעט, עקשנות׳דיקע חלוציות און גרייטקייט זיך מקריב צו זיין.

און ווייל די יידישע ארבעטער־באוועגונג האָט זיך אידענטיפיצירט מיט נאציאָנאלע צילן און באדערפענישן, — איז זי געווארן דער הויפּט־טרעגער פון דער ציוניסטישער פארווירקלעכונג, דער צענטער פון שאפונג, זאָרג און אחריות פארן גורל פון פאָלק. מיטן כוח פון דער דאזיקער אידענטיפיצירונג האט די ארבעטער־באוועגונג קאָנצענטרירט אין אירע רייען די בעסטע שעפערישע קרעפטן פון פאָלק, די אויסדערוויילטע יידישע חלוצישע יוגנט, און האט אויפגעשטעלט די יסודות פון אונזער לעבן, וואס אויף זיי איז אונזער שטאָלץ און אין זיי ליגט אונזער בטחון אויף ווייטער: די יידישע ארבעטס־קאָלאָניזאציע אין אירע פארשיידענע פאָרמען, די גרויסע ווירטשאפטלעכע און עקאָנאָמישע אנשטאלטן, די גאנצע מערכה פון יידישער ארבעט אין לאנד.

ד. בן־גוריון

# די דרייפאכע אחדות

די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער־באוועגונג צייכנט זיך אויס מיט איר אינטעלעקטועלער פרייהייט און זעלבסשטענדיקייט. די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער האָבן זיך ניט פארשקלאפט צו אָנגענומענע אויטאָריטעטן, האָבן זיך ניט פארבונדן מיט קיין שום דאָגמע אין דער ארבעטער־באוועגונג; זיי האבן ניט איבערגענומען ביי אנדערע זייערע כלים, ניט די כלים פון געדאנק און מעשים, אויך ניט די ארגאניזאציע־כלים. זיי האבן ניט געקענט גיין מיט אַן אויסגעטראָטענעם וועג. מיר זיינען געשטאנען פאר מעשי בראשית, פאר וועלכע ס׳האבן ניט געפאַסט די כלים און די וועגן פון דער ארבעטער־באוועגונג אין אנדערע לענדער. אויב מיר וואָלטן ניט געווען געצוואונגען צו טראַכטן זעלבשטענדיק און אויסצולייגן פאר זיך א נייעם וועג, — וואָלטן מיר ניט געהאלטן דארטן, וואו מיר האלטן אצינד. מיר וואָלטן קיין קיום ניט געהאַט אפילו אין משך פון איין יאָר. אונזער באווע־גונג האָט פארשטאנען צו לערנען פון דער דערפארונג פון אנדערע און פון זייערע וועגן; זי האט אבער אויך פארשטאנען, זיך ניט צו פארשקלאפן צו זיי און זיי צו קאָנטראָלירן פונדאָסניי. די דאָזיקע אינטעלעקטועלע פרייהייט האט אונזער באוועגונג ניט פארלוירן אויך ביים היינטיקן טאג. זי האָט געוואַגט צו באשטימען איר באציאונג צו זיך אליין, צום פאָלק, צום לאנד, צו דער מענטשהייט, לויט דעם, ווי זי אליין זעט עס אלץ, לויט אירע אייגענע הצטרכותן.

דער גרונט־שטריך אין וועג פון אונזער באוועגונג איז געווען די דרייפאכע אחדות: די אחדות פון קלאס, די אחדות פון פאלק און די אחדות פון מיטלען און ציל.

אחדות פון קלאס — ניט אין דעם זין, וואס איז אָנגענומען אין דער ארבעטער־באוועגונג אין אייראָפע און אמעריקע. ניט קיין אחדות פון קלאס, וואס איר אינהאלט באשטייט בלויז אין פראָפעסיאָנעלער אָרגאני־זירונג פון מענטשן, וואס לעבן אין געמיינזאמע באדינגונגען; אויך ניט קיין אחדות פון ארבעטער אין א פאָליטישער פארטיי, וואס איר אינהאלט באשטייט אין גיין צוזאמען צו דער וואַל־אורנע, נאר א פיל טיפערע אחדות: די אחדות פון דער היסטאָרישער שליחות, די שותפות פון שיקזאל, די אחדות פון לעבנס־אויפטו, פון גרויסער מיסיע — די אחדות אויף לעבן און אויף טויט.

די אחדות, וואס דער ארבעטער־קלאס אין ארץ־ישראל האט געלייגט אלס יסוד פון זיין טעטיקייט — דאס איז די אחדות פון היסטאָרישן שיקזאל

און די אחדות פון פאָלק. נאָר ווייניקע אויסדערוויילטע אין יידישן פאָלק האבן זיך אזוי פאראייניקט מיטן פאָלק אין אלע לאנגע דורות פון זיין היסטאָרישן און טראגישן עבר, מיט דער יידישער צעשפרייטונג אין אלע עקן וועלט און מיט זיין צוקונפטיקן גורל, ווי ס׳האט עס געטאָן די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטערשאפט. עס איז נאך ניט געווען קיין טיפערע אידענ־טיפיצירונג מיטן היסטאָרישן גורל, מיט דער היסטאָרישער ירושה, מיט די ליידן און מיט דער היסטאָרישער וויזיע פון יידישן פאלק, ווי די, וואס ס׳האט זיך אַנטפלעקט אין אונזער ארבעטער־מחנה.

און די אחדות פון ציל און פון מיטלען — וואס באדייט עס? פאר אונז האט זיך די וועלט ניט געטיילט אין צווייען: די רעוואלוציע און די וויזיע — באחרית הימים, און היינט צו טאָג — אונטערטעניקייט. די אחדות פון מיטלען און פון ציל — דאס איז די אייניקייט פון טעאָריע און פון פראקטיק. מיר האבן ניט געקענט פאנאנדערטיילן צווישן דער וויזיע פון דער צוקונפט און צווישן דערווירקלעכקייט; מיר האבן ניט אנערקענט קיין ווייטן ציל, וואס איז אפגעריסן פון דער ווירקלעכקייט. און עס זיינען פאר אונז געווען פסול אלע הויכע רייד וועגן ציוניסטיש־סאָציאליסטישן ענד־ציל, ווען זיי זיינען ניט פארבונדן מיט טאָג־טעגלעכע מעשים, וואס פארווירקלעכן אים. מיר האבן אויך ניט געקענט משלים זיין מיט א ווירקלעכקייט, וואס שטרעבט ניט טאג־איין טאג־אויס צום ציל. אונזער באוועגונג, פיל מער ווי זי איז א באוועגונג פון מענטשן וואס מאָנען — איז זי א באוועגונג, וואס פון איר ווערט געמאָנט, וואס מאָנט קודם־כל פון זיך אליין. דאס איז א באוועגונג, וואס האט א סך פאָדערונגען, אבער אירע טרעגער ווענדן זיך מיט די פאדערונגען קודם־כל צו זיך אליין. דעריבער האט זי געזען דעם צענטער און דעם עיקר — אין מענטשן. ניטא קיין סך באוועגונגען, ווי אונזערע, וואס פארשטייען אזוי גוט, וואס עס הייסט ווירטשאפט, ארגאניזאציע־ראמען, רעזשים און געזעצן. אונזער באוועגונג האט אויפגעשטעלט אן ארגאניזאציע, וואס האט ניט איר גלייכן אין דער וועלט. זי האט אריינגעבראכט אין א שווערן רעזשים זיך אליין, אירע חברים, איר יוגנט. אבער די ווירטשאפט, די ארגאניזאציע און דער רעזשים האבן ביי איר ניט פאַרשטעלט דעם מענטשן, וואס שאפט, ליידט, ראנגלט זיך. דעריבער איז דער מענטש ניט געווארן ביי איר קיין מיטל,— ער איז געבליבן דער ציל. און דערביי ניט קיין אָפגעזונדערטער ציל פאר זיך, נאר א רינגעלע אין דער אומאויפהערלעכער קייט פון איין דינאַמישן ציל, וואס פארווירקלעכט זיך כסדר און ווערט פארוואנדלט אין דעם ענד־ציל. און דעריבער — יענער חלוצישער גייסט, וואס לעבט אין אונזער באוועגונג.

ז. אהרונאוויטש

# די אלגעמיינקייט פון דער הסתדרות

דער מהות פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין ארץ ישראל באשטייט אין דער „סאָציאַליזאַציע פונם נאַציאָנאַליזם" אינם יידישן פאָלק. פּראַקטיש הייסט דאָס — די פאַרווירקלעכונג פונם ציוניזם דורך ארבעט. דער פאַרווירקלעכער — איז די הסתדרות, וועלכע איז אַן אלגעמיינע, קודם־כל דערפאַר, ווייל אינם פּרווירקלעכונגס־פּראָצעס האָבן זיך אין איר פולשטענדיק צונויפגעגאָסן דער נאַציאָנאַלער און דער סאָציאַלער יסוד.

דער יידישער ארבעטער איז צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן זיין מיסיע נאָך מיט העכער פערציק יאָר צוריק: „די ארץ־ישראלדיקע ארבעטערשעפט האָט טיילווייז ביודעים — און צום גרעסטן־טייל בלא יודעים — אדורכגעבראַכן פאַר זיך פריער־אומבאַקאַנטע וועגן. זייער נייקייט איז באַשטאַנען — אמאָל אין אייגנאַרטיקע פאָרמען, וועלכע זי האָט אויסגעפורעמט פאַר אירע באַדערפענישן, אמאָל אין ספּעציפישע קאָמבינירונגען און צוזאַמענשטעלונגען, און אמאָל אויך אין דעם, וואָס זי איז געווען די ערשטע ארויסצוברענגען געוויסע דערשיינונגען, איידער אַנדערע גרעסערע און שטאַרקערע פון איר, האָבן אָפּגעשאַצט זייער באַדייטונג. — — דער גלות האָט אוועקגעשטעלט פאַרן יידישן ארבעטער פראַגן, וועגן וועלכע קיין שום אַנדער ארבעטער האָט אפילו נישט געהערט — — זיי האָבן אויך דיקטירט תשובות, וועלכע זיינען נישט געגעבן געוואָרן דורך קיין שום ארבעטער אין אַן אַנדער פאָלק". — אזוי האָט בערל קאַצנעלסאָן אויפגעפאַסט די פאַקטאָרן פון אייגנאַרטיקייט און ספּעציפישקייט, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט אין דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער־באַוועגונג.

פאַרווירקלעכונג פונם ציוניזם הייסט — איינוואַנדערונג פון יידישע מאַסן קיין ארץ־ישראל און זייער איינוואָרצלען אין לאַנד. אויפנעמען מאַסן הייסט — אַ רעזשים פון אויפנעמען דורך ארבעט. דער מצב אין דער היינזיכט, ווי ער האָט אויסגעזען בעת דער צווייטער עליה, ווערט געשילדערט דורך יצחק טאַבענקין אין די פאָלגענדע ווערטער: „אין לאַנד איז נישט געווען קיין אָרט פאַרן יידישן ארבעטער, מען האָט אים נישט באַדאַרפט. ווער עס איז געקומען מיט דער צווייטער עליה, האָט ער אין דער עקזיסטירנדער ווירטשאַפט אין לאַנד נישט געפונען קיין אָרט פאַר ארבעט און פרנסה. די ווירטשאַפט איז געווען זאַט מיט מענטשן, זאַט מיט ארבעטער־כוחות. — — אַן דער דעראָבערונג פון נייע חיונה־פּאָזיציעס, אַן דער שאַפונג פון נייע אַנטוויקלונגס־פאַקטאָרן — איז נישט געווען קיין אָרט

פאר נייע איינוואנדערער. — — אלע מעלות זיינען געווען אויף דער זייט פון אראבישן ארבעטער, ווי אן איינגעזעסענער אין לאנד, איינגעוואָרצלט אין איר לאנדשאפט, אין איר קלימאט, אין אירע ארבעטס־אופנים און איר לעבען. — — אריינצופאסן זיך אין אזאווירקלעכקייט איז פארן יידישן נייעם ארבעטער געווען אונמעגלעך, און ער איז געווען געצוואונגען אַדורכצוברעכען פאר זיך נייע און ספעציפישע וועגן".

דעריבער האָט די צווייטע עליה אויסגעקריצט אויף איר אידייאישער פאַן די דעראבערונג פון ארבעט („כיבוש העבודה") פארן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל, ווי א הויפט־ציל פארן יידישן ארבעטער.

וואָס זיינען געווען די הויפט־וועגן, וואָס די צווייטע עליה האָט, „ביודעים ובלא יודעים" אָנגעצייכנט כדי צו פארווירקלעכן דעם ציל?

אין דער געשיכטע פון דער אלוועלטלעכער ארבעטער־באוועגונג זיינען געווען צוויי דעראָבערונגען, וועלכע האָבן אויפגעטרייסלט די יסו־דות פון דער קאפיטאליסטישער וועלט: דער ערשטער ארבעטער־שטרייק און דער ערשטער ארבעטער־קאָאָפעראַטיוו.

דער שטרייק האָט אויסגעפורמט די רעכט פונם ארבעטער אויף זיין גוף און אויף זיין נשמה גלייכצייטיק. א דאנק דעם שטרייק האָט דער ארבע־טער דעראָבערט פאר זיך און פאר זיין קלאס דעם מאטעריעלן, פאָליטישן און גייסטיקן לעבנס־ניוואָ. דער שטרייק האָט געבראכט דעם ארבעטער דעם שוואונגס־כוח צו ענדערן די אָרדנונג פון דער קאפיטאליסטישע געזעלשאפט.

דער ווערט פונם ערשטן ארבעטער־קאָאָפעראַטיוו איז באשטאנען נישט נאָר אין דער קעגנזייטיקער הילף, וואָס איז דורך אים דערגרייכט געוואָרן; זיין היסטאָרישער ווערט איז באשטאנען אין דעם, וואָס ער האָט געדינט פארן ארבעטער־קלאס אלס ערשטע ממשותדיקע שולע, צו לער־נען די מלאכה וויאזוי מען בויט יסודות פון א פאָלקס־ווירטשאפט וויאזוי די ארבעטערשאפט דארף בויען די מלוכהשע ווירטשאפט, ווען זי וועט איבערנעמען די פאָליטישע מאכט, מיטן כוח פון דעם שטרייק, וועל־כער האָט צוגעגרייט א וועג דערצו.

דער פראָפעסיאָנעלער פאראיין און די ארבעטער־ווירטשאפט זיינען נישט מיט איינמאָל געבוירן געוואָרן אין דער אינטערנאציאָנאלער ארבע־טער־באוועגונג, און אויך דער געוויכט פון זייער אנטוויקלונג איז נישט געווען קיין גלייכער. דאקעגן אין דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער־באווע־גונג, האָט זיך אין ערשטן אנטוויקלונגס־פעריאָד אָנגעצייכנט די אומצע־רייסבארע פארבינדונג צווישן דעם פראָפעסיאָנעלן פאראיין און דער ארבע־טער־ווירטשאפט. דער שטורם פונם שטרייק אין דער כנרת־פאַרם האָט

געבוירן די קבוצה דגניה — די מוטער פון דער גאנצער ארבעטער־ווירט־שאפט אין ארץ־ישראל.

די הסתדרות איז אן אלגעמיינע, ווייל זי האט געירשנט און איבערגענומען פון דער צווייטער עליה ביידע שטיץ־פאקטארן צו דערגרייכן איר ציל: דעם פראפעסיאנעלן פאראיין און די ארבעטער־ווירטשאפט. אט די ביידע צוזאמען און קעגנזייטיק האבן פארוואנדלט די אלגעמיינע הסתדרות אין א תמיד־אקטיוון וואך־פאסטן פאר דער יידישער ארבעט אין לאנד, פאר איר דעראבערונג, פארפעסטיקונג און פארמערונג, כדי אויפ־צונעמען די יידישע עליה דורך ארבעט.

די הסתדרות איז אן אלגעמיינע, ווייל זי האט געשאפן אן אומפאסנדיקע און הארמאנישע ארבעטער־ווירטשאפט, וואס האט נישט איר גלייכן אין קיין שום אנדער ארבעטער־באוועגונג. „די ארבעטער־קאאפע־ראציע אין דער וועלט איז פארשידנפארביק: קאנסום־פאריינען פאר דעטאיל און הורט־פארקויף; אינדוסטריעלע פראדוציר־קאאפעראטיוון; לאנדווירטשאפטלעכע קאאפעראטיוון, געזעלשאפטן פאר פארזיכערונג, קרעדיט, איינקויף, פארקויף און אנדערע באדינונגס־צווייגן אין דער לאנד־ווירטשאפט. אבער דידאזיקע פארשידנפארביקייט פון דער אלוועלטלעכער קאאפעראטיווער באוועגונג איז אויך דער מקור פון איר שוואכקייט. אין זייער ווייניק לענדער און כמעט אין קיין שום לאנד פון די גרויסע לענ־דער איז נישט געווען קיין באלאנסירטע אנטוויקלונג פון די פארשיעדענע קאאפעראציע־טיפן" — אזוי שילדערט די אלוועלטלעכע קאאפעראציע נ. בארו אין זיין ווערק, געווידמעט דער געשיכטע פון הונדערט יאר קאאפעראציע אין דער וועלט.

דאקעגן צייכנט זיך אויס די ארבעטער־ווירטשאפט אין ארץ־ישראל מיט א ברייטער און אלץ־ארומנעמענדיקער פילזייטיקייט: ישובים פון קאלעקטיוויסט־שער און פון קאאפעראטיווער, ארבעטנדיקער לאנדווירט־שאפט — די קבוצה, דער קבוץ, דער מושב און דער מושב שיתופי; לאנדווירטשאפטלעכע אינסטיטוציעס: „תנובה" פארן פראדוקטן־פארקויף, „המשביר" פאר הורט־איינקויפן, דארפישע און שטאטישע קונסום־קאאפע־ראטיוון פאר דעטאיל־קניות, „ניר" פאר לאנדווירטשאפטלעכן קרעדיט, „מקורות" פאר וואסער־צושטעלונג אויף באוואסערונגס־צוועקן; „סולל־בונה" פאר בוי־אונטערנעמונגען; „יכין" און „חק"ל" פאר לאנדווירטשאפט־לעכע אונטערנעמונגס־ארבעטן אין דער פריוואטער ציטרוס־ווירטשאפט; די ווירטשאפטלעכע טעטיקייטן פון קרן־חוסר־העבודה — צו שאפן ארבעט בעת אן ארבעטסלאזיקייט; „שכון" און אנדערע געזעלשאפטן צו באזארגן די ארבעטער מיט וואוינונגען אין שטאט און דער קאלאניע; אינדוסטריע־

ווערק אין די ארבעטער־ישובים; לאנדווירטשאפטלעכע אינדוסטריע־ווערק און באדינונגס־אונטערנעמונגען פון דער פראָדוציר־און באדינונגס־קאָאָפּע־ראציע; שטיינהאקערייען, צעמענט־פאבריק, גלאָז־פאבריק, אייזן־גיסע־רייען, אייל־און שפייז־פאבריקן און אנדערע אינדוסטריע־ווערק פון „סולל־בונה" און „המשביר"; א פאסאזשיר און טראנספּאָרט קאָאָפּעראציע־געזעלשאפט — די איינציקע אין דער אלוועלטלעכער קאָאָפּעראציע; „נחשון" פאר דעראָבערן דעם ים־וועזן; „אוירון" פאר לופטפליערײַ; „הסנה" פאר פארזיכערונג; א קאָאָפּעראטיווע נעץ פון קרעדיט־אינסטיטוציעס מיט דער בנק־הפועלים אין דער שפּיץ. די דאָזיקע אלע אונטערנעמונגען, צוזאמען מיט די אָרגאניזאציאָנעלע, פּראָפעסיאָנעלע אנשטאלטן, מיט אינסטיטוציעס פאר קעגנזייטיקער הילף און דערציאונג — באשעפטיקן און זיינען מפרנס א דריטל פון די הסתדרות־חברים און זייערע משפחות. דער אייגענער און דער אומזאץ־קאפּיטאל פון דער ארבעטער־ווירטשאפט אין איר גאנצן פארנעם שטעלן מיט זיך פאָר א דינאמישן שאפונגס־פאָנד, וועלכער ברענגט אין באוועגונג דעם קלאסן־קאפּיטאל, נאציאָנאלן און געזעלשאפטלעכן קאפּיטאל און צום סוף אויך פּריוואטן קאפּיטאל אין דער ריכטונג פון צו־גרייטן און פארגרעסערן די מעגלעכקייטן אויפצונעמען די עליה.

די הסתדרות איז אן אלגעמיינע, ווייל אויסער דער ארבעטער־ווירטשאפט, האָט זי אָרגאניזירט ארום דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג דעם גרעסטן טייל פונקציעס, וואָס זיינען פארבונדן מיטן לעבן פונם ארבע־טער, זי האָט זיי געגעבן אן אינהאלט און א פארנעם, וואָס זייער גלייכן איז ניטאָ ביי קיין שום אנדער ארבעטער־באוועגונג. די פאקטאָרן, וועלכע ברענגען דערצו זיינען: די נויטווענדיקייט איינוואָרצלען די הסתדרות־חברים און דערפירן ביז צום מאכסימום דעם כוח פון זייער אָרגאניזירונג און דערציאונג — פאר זיי און פאר די נייע עליה־כוואליעס. אויב מיר וועלן אוועקשטעלן אויף איין ברעג פון דער אלגעמיינער אָרגאניזירונגס־נעץ דעם „החלוץ" און אויפן צווייטן ברעג — די „ציון־אינסטיטוציע, — א באשיידענע אָרגאניזאציע מיטן ציל אויפצושטעלן א מצבה אויפן קבר פון אן איינזאמען חבר — וועלן מיר געפינען צווישן די דאָזיקע צוויי ברעגן: דאָס ארבעטס־ביוראָ; די פּראָפעסיאָנעלע פאך־פאראיינען, דעם אלגעמיינעם אָרגאניזאציאָנעלן געבוי מיט אלע זיינע פארשיידענע קעמער־לעך; די ווירטשאפטלעכע נעץ מיט אלע אירע אינסטיטוציעס און אונטער־נעמונגען; קרן־חוסר־עבודה (ארבעטסלאָזיקייט־פאָנד); קופּת־חולים (קראנ־קן־קאסע); א פאָנד פאר העלפן די משפחות פון פארשטאָרבענע חברים; אנשטאלטן אויסצולערנען די העברעישע שפראך; די פארצווייגטע הסתד־רות־פּרעסע מיטן „דבר" אין דער שפּיץ; הסתדרותישער בוכפארלאג „עם

עובד״; א פארצווייגטע קולטור־און אויפקלערונגס־ארבעט; פאך־שולן פאר דער יוגנט; די נעץ פון שולן און קינדער־גערטנער פון דער ארבעטער־באוועגונג — די צווייטע לויט דער גרויס אין דעם יידישן ישוב; דעם ספּאָרטיוון פארבאנד „הפועל״; דעם ארבעטער־טעאטער „אוהל״ און צום סוף — די ארץ־ישראלדיקע ארבעטערינס־באוועגונג און די באוועגונג פון דער ארץ־ישראלדיקער יוגנט.

די הסתדרות איז אן א ל ג ע מ י י נ ע, ווייל יעדער צווייג פון איר טעטיקייט און יעדעס קעמערל זיינען, יעדער באזונדער און אלע צוזאמען, פארפלאָכטן מיט פעדים פון קעגנזייטיקער הילף: הילף פונם ארבעטער, וועלכער געפינט זיך שוין אין ארץ־ישראל, פאר אָרגאניזירן די עליה פון זיין חבר אין גלות, וועלכער גרייט זיך ערשט קומען אין לאנד אריין; דער יסוד פון קעגנזייטיקער הילף, אויף וועלכן עס באזירט זיך די ארבעטס־צעטיילונג דורכן ארבעטס־ביוראָ, כדי צו שיצן דעם נייעם עולה און דעם ארבעטער, וועלכער איז שוואכער, צוליב אזא אָדער אנדער סיבה; הילף פונם ארבעטער און ארבעטערין פאר די ארבעטער־יינגלעך און מיידלעך; צילבאוואוסטע הילף פון ארבעטער פון די שטארקערע עדות פאר ארבעטער פון די אָפּגעשטאנענע עדות; דער איינהייטלעכער שטייער, וועלכער איז געבויט אויפן פרינציפּ, אז צאָלן צאָלט יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן, און הילף באקומט יעדער לויט זיינע באדערפנישן; פּראָפעסיאָנעלע הילף, לויט די באדערפנישן פון די פארשידענע צווייגן אין דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג און סאָציאלע פארזיכערונג פאר יעדן יחיד לויט זיינע באדערפנישן אין די עקזיסטירענדיקע מעגלעכקייטס־ראמען, אומאָפּהענגיק פון דער אבסאָלוטער שטייער־סומע, וואָס ווערט געצאָלט לויט דער הויך פונם פארדינסט; הילף פון דער גאנצער הסתדרות־ווירטשאפט פארן ארבעטער דורך שאפן פאר אים ארבעט און איינאָרדנען אים ביי באדינגונגען פון א געהעריקן לעבנס־ניוואָ פאר אים און פאר זיין משפחה; די מיטאַבטייליקונג פונם איינצעלנעם חבר אינם אויפבוי פון דער הסתדרותישער ווירטשאפט אין דאָרף און אין שטאָט, קודם־כל, דורך דעם, וואָס דער מערוווערט פון זיין ארבעט אין דער דאָזיקער ווירטשאפט בלייבט אין רשות פון דער גאנצער הסתדרות; די הילף פונם לוין־ארבעטער פאר דער ארבעטער־לאנדווירטשאפט דורך דעם, וואָס ער געברויכט אירע פּראָדוקטן; די הילף פון דער ארבעטער־לאנדווירטשאפט פארן לוין־ארבעטער אין דער שטאָט און אין דער קאָלאָניע, דורך דעם, וואָס זי אָרגאניזירט אים צו קאָלאָני־זירונג, גיט כסדר אים מענטשעלכע כוחות אויף צו העלפן ביים אָנפירן מיט די אָרגאניזאציאָנעלע, פּראָפעסיאָנעלע און ווירטשאפטלעכע הסתדרות־אינסטיטוציעס; ווי אויך דורך דעם מאָראלישן מערווערט, מיט וועלכן די

אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט באַשטראַלט דעם הסתדרותישן כלל, אין ישוב און אין ציוניזם; די קעגנזייטיקע הילף פון די ווירטשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס צווישן זיך זעלבסט; קעגנזייטיקע הילף אין די ראַמען פון יעדן לאַנדווירטשאַפטלעכן ישוב באַזונדער און צווישן די ישובים פון יעדער לאַנדווירטשאַפטלעכער קערפּערשאַפט אין לאַנד־מאַסשטאַב, דורך די צענ־טראַלע פאָנדן און צענטראַלע אָנפירונגס־כוחות; הילף פון דער הסתדרו־תישער קרעדיט־נעץ פאַר דעם פילבאַרביקן רעגנבויגן פון די ווירטשאַפט־לעכע, סאָציאַלע און פּראָפעסיאָנאַל־אָרגאַניזאַציאָנעלע אונטערנעמונגען, וועלכע געפינען זיך אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער הסתדרות; די סאָציאַל־דערציערישע טעטיקייט פון דער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטערינס־באַוועגונג דורכן „אַרגון אמהות עובדות״; די כסדרדיקע הילף פון דער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטערשאַפט פאַר די דערציערישע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָלאָניזאַטאָרישע אונטערנעמונגען פון דער אַרבעטער־יוגנט־באַוועגונג.

די הסתדרות איז געווען בכוח צו דערגרייכן אַזאַ אַלגעמיינקייט אין דער קעגנזייטיקער הילף, ווייל זי האָט אָרגאַניזירט דעם אַבסאָלוט גרעסטן טייל פון דער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטערשאַפט אין אַלע אירע שיכטן: לאַנג־איינגעזעסענע און נייע אייַנוואַנדערער, דערוואַקסענע אַרבעטער און יוגנטלעכע, אַרבעטער און אַרבעטערינס; אַרבעטער־פאַכלייט און פשוטע אַרבעטער; אַרבעטנדיקע און אַרבעטסלאָזע; לוין־אַרבעטער אין פּריוואַטע ווירטשאַפטן און לוין־אַרבעטער אין הסתדרותישע ווירטשאַפטן; שטאָטישע און דאָרפישע אַרבעטער; פיזישע און גייסטיקע אַרבעטער; א קבוץ גלויות פון עדות; געבוירענע אין די גלות־לענדער און ארץ־ישׂראלדיקע.

די הסתדרות איז געוואָרן אַן א ל ג ע מ י י נ ע, ווייל לויטן פרייען ווילן פון אירע חברים האָט זי איינגעפירט די הערשאַפט פונם כלל אויף יעדן פרט, אויף יעדן טייל, אַרבעטס־צווייג אָדער ווירטשאַפטס־אינסטיטוציע אין דער הסתדרות, דורך שטענדיקע באַמיאונגען צו קאָאָרדינירן ח י י ־ ש ע ה און ח י י ע ו ל ם אין אַ ל ע ט י י ל ן פון ד ע ר ה ס ת ד ר ו ת.

די הסתדרות איז געוואָרן אַן א ל ג ע מ י י נ ע, ווייל לייגנדיק די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, קולטורעלע און פּאָליטישע יסודות פון דער יידי־שער אַרבעטס־געזעלשאַפט אין ארץ ישׂראל, האָט זי דערמיט אויסגע־שמידט די באַזע פאַר דער שאַפונג פון דער יידישער מדינה.

די הסתדרות איז געוואָרן אַן א ל ג ע מ י י נ ע אין איר וועזן, אין אירע שטרעבונגען, וועגן און דערגרייכונגען — ווייל די מערסטע צייט פון איר עקזיסטענץ איז זי אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם קאָנצענטרירטן אידייאישן כוח פון דער קלאַסן־פּאַרטיי, וואָס אַרום איר האָט זיך פאַר־

אייניקט דער אבסאָלוט גרעסטער טייל פון דער ארבעטערשאפט אין ארץ ישראל.

דער פּאָליטישער שפּאלטונגס־אומגליק האָט געטראָפן די ארץ־ישראלדיקע ארבעטער־באוועגונג גראָד אין דער צייט פון גרויסן חורבן פונם אייראָפּעישן יידנטום. די רעטונג פון די פארבליבענע רעשטלעך און זייער אויסלייזונג אין ארץ ישראל, דער פּאָליטישער גערא‏נגל פארן גורל פונם ציוניזם, דאס אויסגעפינען נייע און גרויסע כוח־קוואלן צווישן דעם אַנגלאָ־זאקסישן און דעם רוסישן יידנטום — דאָס אלץ הענגט אָפּ פון דער אייניקייט פון דער ארבעטערשאפט אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע איי־ניקייט ווערט געפּאָדערט פון דעם איצטיקן דור אין דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער־באוועגונג, אין אָנבליק פון די גרויסע סכנות און גרויסע האָפ־נונגען, וואָס רינגלען איצטער ארום אונזער ווערק; די דאָזיקע אייניקייט ווערט געפּאָדערט, כדי אויפצוהאלטן אויך אין דער צוקונפט די אלגע־מיינע הסתדרות פאר דער פארווירקלעכונג פונם ציוניזם אין אונזער צייט.

ד. רמז

## דריי מאָסן

די הסתדרות האט זוכה געווען צו זיין איינע פון די באדייטנדסטע יידישע קאָלעקטיווע פערזענלעכקייטן אין דער יידישער געשיכטע אין היינטיקן דור. צוגלייך מיט דעם האט זי זוכה געווען צו ווערן איינע פון די וויכטיקסטע קאָלעקטיווע ארבעטער־פערזענלעכקייטן אין דער אל־וועלטלעכער ארבעטער־באוועגונג אין היינטיקן דור. דאס אלץ — ניט דערפאר, וואס מיר זיינען גרויס אין צאָל.

אמת, מיר ציילן שוין צענדליקער טויזנטער, וכן ירבו. אונזער צאָל איז געשטיגן און ס׳האבן זיך אנטוויקלט אונזערע אנשטאלטן, די ארגאַ־ניזאציאָנעלע און ווירטשאפטלעכע כלים פון דער הסתדרות. אבער — ניט אין דעם איז אונזער מעלה און אונזער ווערט.

אויב מיר באטראכטן די צאָל חברים ווי די מאָס פון דער ל ע נ ג פון דער הסתדרות און דעם כוח פון אירע אנשטאלטן ווי די מאָס פון איר ב ר י י ט, — בלייבט נאך איבער די דריטע מאָס, און זי איז די וויכ־טיקסטע: די מאָס אין דער ט י ף: צי זיינען טיף אדער פלאַך די מאָראלישע אויפנאמס־פייאיקייטן פון דער הסתדרות?

דער קיום אליין איז ניט גענוג פאר אונז. אויך דער שטענדיקער וואוקס איז ניט גענוג. ס'איז נויטיק, אז די הסתדרות זאל לעבן א פול לעבן, א לעבן, וואס אנטהאלט אין זיך דאס ג י י ן צ ו ז א מ ע ן אַנטקעגן דער צוקונפט.

(פון א רעדע אין טאָג פון הסתדרות, 1936).

מ א י ר י ע ר י

## א ברייטע פלייצע

די הסתדרות איז ניט בלויז א פראָפעסיאָנעלער פארבאנד. ניטא קיין זאך, וואָס זאָל זיין אזוי פרעמד איר גייסט, ווי טרייד־יוניאָניזם. די הסתדרות קען זיך ניט באגנוגנען מיט טיילווייזע דערגרייכונגען. ווייל אויב מען באגנוגנט זיך מיט זיי, אויב דער קאמף צו פארבעסערן די לעבנס־באדינגונגען פונם ארבעטער איז ניט פארבונדן מיטן אלגעמיינעם קאמף פאר דער ענדערונג פון דער סאָציאלער אָרדנונג — דאמאלסט קאן דער קאמף פאר בעסערע לעבנס־באדינגונגען ווערן „א שטעקן מיט צוויי עקן".

דער ראדיקאליזם פון דער פארווירקלעכונג — אנדערש גערעדט, די חלוציות, — היט אָפּ די הסתדרות, זי זאל זיך ניט באגנוגענען מיט טיילווייזע דערגרייכונגען. די מיליאָנען, וואס שטייען הינטער אונז און גאַרן אויף זייער אויסלייזונג — זיי לאזן אונז ניט רוען.

די הסתדרות פארמאָגט צוויי נעמען: „הסתדרות העובדים" און „חברת העובדים". די „חיי הנצח" פון דער הסתדרות ליגן אין דער חברת העובדים. חברת העובדים — דאס איז די פארווירקלעכונג פון ציוניסטיש־סאָציאליסטישן ענד־ציל אונטערוועגס, דאס איז די ארבעטער־מדינה אונטערוועגס. אין תוך גענומען, איז די חברת העובדים א „יידישע מדינה אונטערוועגס" אין א גרעסערער מאָס, ווי דאס איז די ציוניסטישע ארגאַניזאציע. דא, אין די ראמען פון דער חברת העובדים, וועט פארווירקלעכט ווערן דער חלום פון אַן אַרבעטנדיקן יידישן פאָלק.

אין דער איבערגאנגס־צייט פון קאפיטאליזם צום סאָציאליזם קאָן געמאָלט זיין נאציאָנאלע באפרייאונג נאָר אונטער דער אָנפירונג פונם ארבעטער־קלאס. מיר, ארבעטער, שטרעבן ניט סתם צו מאכט. אונזער כוח באשטייט אין דער פייאיקייט צ ו נ ו י פ צ ו ש מ ע ל צ ן ש א פ ו נ ג א ו ן מ א כ ט. דער אינערלעכער זין פון דער הסתדרות און פון דער חברת

העובדים פאָדערט, מיר זאָלן ניט נאָכגעבן און באַשטיין אויף דער העגע־מאָניע פון ארבעטער־קלאַס, מיר זאָלן גיין פאָראויס, און ממילא וועלן גיין נאָך אונז אונזערע פארבינדעטע, דאָס הייסט — יענע פאָלקס־שיכטן, וואָס וועלן אויפריכטיק אונז אויסשטרעקן אַ האַנט און וואָס זיינען עס געצוואונגען צו טאָן צוליב סאָציאַלע טעמים.

און נאָך: אין די גרינדונגס־טעג פון דער הסתדרות זיינען מיר געווען אַ חבֿרה פון אָרעמע מענטשן, געבענטשט מיט גרויסע טרוימען. קליין זיינען געווען די אַרבעטער אין צאָל, ברייט איז אָבער געווען זייער פּלייצע. אַלע האָבן געשלעפּט דעם יאָך. און אַזוי איז עס געווען אויך בעת ס'איז געקומען די דריטע עליה. צו פוס זיינען מיר געגאַנגען פון אַלע כבֿישים קיין חיפה, צו דער ערשטער קאָנפערענץ פון „השומר הצעיר" און צום צוזאַמענפאָר פון דער הסתדרות.

דאָרטן, אין טעכניקום, אויף די טרעפּ, זיינען געזעסן דריי הונדערט חברים. יענע דריי הונדערט יונגוואַרג האָבן דער הסתדרות געגעבן אַ ברייטע פּלייצע; און אַזוי איז עס געווען אין „גדוד העבודה", אין „הפועל הצעיר" און אין „אחדות־העבודה". כמעט די גאַנצע הסתדרות איז געווען אַ ק ט י ו. און היינט? דער אַפּאַראַט איז אויסגעוואַקסן. די אַנשטאַלטן און אונטערנעמונגען, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט, זיי זיינען אַ גרויסע שאַפונג. די הסתדרות איז אמת אויסגעוואַקסן, די באַוועגונג איז אָבער ניט מיטגעוואַקסן מיט איר. די פּלייצע איז ניט גענוג ברייט.

דעמאָקראַטיע — דאָס איז די ברייטע פּלייצע פון דער גרעסטער מערהייט, וואָס שלעפּט דעם יאָך פון כלל. לענין האָט געזאָגט, אַז איטלעכע קעכין דאַרף ווערן אַ פּאָליטיש דענקנדיקער מענטש. און אַ פאַרנונפטיקע פירערשאַפט פון דער הסתדרות מוז זאָגן, אַז איטלעכער אַרבעטער פון דער רייע, די טויזנטער אַרבעטער אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן מוזן ווערן פּאָליטישע מענטשן, מוזן ווערן אַקטיווע טרעגער פון דער הסתדרות אין איר גאַנצן פּאָליטישן פאַרנעם.

(פון אַ רעדע אויפן 42־טן ראַט פון דער הסתדרות, 1942).

מ. ע ר ע ם

# דאָס אייגנאַרטיקע פון דער הסתדרות

אַ סך פריינט האָט די הסתדרות אין דער וועלט, אָבער אויך די נאָנסטע פריינט אונזערע שטייען צומאָל און שטוינען: די דאָזיקע ארבעטער־אָרגאַניזאַציע — פאַר וואָס איז זי אַזוי אייגנאַרטיק לויט איר סטרוקטור, פאַרנעם פון אירע מעשים און אירע פאַרווירקלעכונגס־וועגן?

און באמת, אַ „מאָדנע" איז אונזער הסתדרות. אַלץ איז צונויפגענומען אין איר: פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע, דאָרפישע ווירטשאַפט און אינדוסטריעלע אונטערנעמונג, דערציאונג און קולטור, ספּאָרט און קונסט, געזונטהייטס־וועזן און קעגנזייטיקע הילף, קרעדיט און פאַרזאָרגונג, טראַנספּאָרט, ים־טעטיקייט און פישעריי, בוי־אונטערנעמונג, מאָביליזאַציע און שוץ.

ווער האָט אָנגעלאָדן אויף דער הסתדרות אַזוי פיל אויפגאַבן? פון וואַנען שטאַמט דער יצר ארומצונעמען אַזעלכע פאַרשיידענע און פאַרשיינדאַרטיקע טעטיקייטס־געביטן, וואָס מאַכן די הסתדרות ענלעך צו אַ מדינה, וועלכע האָט צו טאָן מיט אַלע באַדערפענישן און ענינים פון אירע מיטגלידער?

קיינער האָט ניט „אויסגעטראַכט" די דאָזיקע סטרוקטור און דעם חשק פון דער הסתדרות זיך צו אויסברייטערן. די יידישע ווירקלעכקייט און דער מוז זי צו ענדערן — זיי האָבן עס באַשטימט דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון דער הסתדרות.

די אייגנאַרטיקייט פון דער הסתדרות איז אייגנטלעך דער אויסדרוק פון דער אייגנאַרטיקייט פון יידישן פאָלק. גלייך ווי דאָס פּראָבלעם פון יידישן פאָלק איז אייגנאַרטיק אין דער וועלט און פאָדערט אַ ספּעציעלע לייזונג, — אַזוי האָט דער טרעגער פון דער דאָזיקער לייזונג, דער יידישער ארבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל, געשאַפן פאַר זיך אייגנאַרטיקע אָרגאַניזיר־פאָרמען, וואָס פּאַסן זיך פאַרן ציל: פאַרן אויפבוי פון אַ נייער יידישער ווירקלעכקייט, פון אַ טעריטאָריאַל־איינגעוואָרצלטע נאַציע.

וואָלט די הסתדרות געווען „צוגעשניטן" לויט די „בעסטע מוסטערן" פון אַנדערע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס, — וואָלט זי דורך דעם אַליין אונטערגעשריבן איר אייגענעם אורטייל און וואָלט זיך אָפּגעריסן פון ממשותדיקן לעבן. דער ארבעטער־קלאַס מיט זיין אָרגאַניזירונג און קאַמף — איז ניט קיין פּועל־יוצא פון נאָכמאַכונג און פון איבערגעשפּיצטע המצאות. ער איז אָרגאַניש אויסגעוואַקסן פון דעם לעבן פון פאָלק, וועלכן ער באַווירקט און וועמען ער פירט צו זיין מאָרגן.

ד. בן־גוריון

# אלגעמיינע ארבעטער־אָרגאַניזאַציע
# אָדער א פעדעראַציע פון פאַרטייען?

שוין אויפן ערשטן איחוד־צוזאַמענפאָר אין פּתח־תקוה איז די דאָזיקע פראַגע געשטעלט און באַהאַנדלט געוואָרן אין איר גאַנצער שאַרפקייט. וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די געמיינזאַמע ארבעטער־אָרגאַניזאַציע: צי איז עס אַן אַלגעמיינע אינסטיטוציע, אויסגעוויילט דורך אַלע ארבעטער, וואָס באַשטימט אַליין פאַר זיך אירע קאָמפּעטענצן און ארבעטס־וועגן און וואָס באַשליסט מיט אַ מערהייט שטימען, אָדער עס איז אַ פעדעראַטיווע אינסטי־טוציע, וואָס איז אויפגעשטעלט אויף אַ פּאַריטעטן אופן און ווירקט אין די ראַמען פון א באַגרענעצטער קאָמפּעטענץ, וואָס איז פון פאָראויס באַשטימט געוואָרן לויט אַן אָפּמאַך און מיט אַ וועטאָ־רעכט פון דער מינדערהייט? דער דאָזיקער ויכוח האָט זיך געצויגן פון דעמאָלט אָן ביז׳ן ערשטן צוזאַ־מענפאָר פון דער הסתדרות אין חיפה.

דער געדאַנק וועגן דער הסתדרות אַלס פעדעראַציע און די באַ־גרענצונג פון איר קאָמפּעטענץ — די ביידע זיינען פון סאַמע אָנהויב געווען געקניפּט און געבונדן צווישן זיך. איינער דריינגט ארויס פונם צווייטן.

ווי באַקאַנט, האָט דער צוזאַמענפאָר אין חיפה געגרינדעט אַן אַל־געמיינע אָרגאַניזאַציע פון די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער, און ניט קיין פעדעראַציע פון פאַרטייען. דער פעדעראַטיווער געדאַנק אָבער, וואָס האָט אויפן צוזאַמענפאָר קיין אָפּקלאַנג ניט געהאַט און וואָס אין גרונט־געזעץ פון דער הסתדרות און אין איר אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי איז פון אים קיין זכר ניטא, — לעבט פונדעסטוועגן און ווירקט אין פאַרשידענע קרייזן, דער־וועקט זיך פון מאָל צו מאָל אין פאַרשיידענע פאָרמען און שטערט דער הסתדרות אין איר ארבעט זינט איר גרינדונג ביזן היינטיקן טאָג.

דער צוזאַמענפאָר אין חיפה, ווי אויך דער צוזאַמענפאָר אין פּתח־תקוה, האָט די פאַרטייען ניט ליקווידירט. נאָך מער, דער גרינדונגס־צוזאַ־מענפאָר פון דער הסתדרות, אין קעגנזאַץ צום ערשטן איחוד־צוזאַמענפאָר, האָט גאָר ניט געשטעלט פאַר זיך אַזאַ ציל. אַ טעות איז אָבער צו מיינען, אַז די אידייע פון איחוד־צוזאַמענפאָר אין פּתח־תקוה האָט זיך אויסגעלאָזט צו גאָרניט. זינט דער גרינדונג פון דער הסתדרות זיינען שוין די פאַרטייען ניט מער די זעלבע, וואָס פריער.

ס׳האָט זיך געענדערט דער כוח פון דער פאַרטיי, איר אויפגאַבע און די באַדינגונגען פון איר עקזיסטענץ. דער כוח פון דער ווירטשאַפטלעכער,

קאָלאָניזאַטאָריטער און קולטורעלער טעטיקייט, וואָס זיינען פריער געווען קאָנצענטרירט אין די הענט פון דער פּאַרטיי, זיינען איצט אַריבער אין רשות פון דער הסתדרות. די הסתדרות האָט גענומען אויף זיך ניט נאָר די זאָרג פאַר די טאָג־טעגלעכע הצטרכותן פון אַרבעטער־קלאַס, נאָר זי האָט קאָנצענטרירט אין אירע הענט אַלע אַנשטאַלטן, אויפטוען און מעשים, וואָס באַשטימען די „חיי עולם" פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די הסתדרות פירט אָן מיט דער עליה און דער קאָלאָניזאַציע פון דער אַרבעטערשאַפט. זי ווערט אַ מעכטיקער פּאָליטישער פאַקטאָר אין ישוב און אין לאַנד; עס ווערן אַלץ שטאַרקער אירע פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד: מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דער „החלוץ"־באַוועגונג, מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטערשאַפט. ביסלעכווייז ווערט די הסתדרות אַ צענטער און באַוועג־קראַפט פון אַ וועלט־באַוועגונג, זי פאַראייניקט אַרום זיך אַלע כוחות, אַלע ווילנס און פאַרלאַנגען פון אַלע גלות־לענדער, וואָס זיינען געווענדעט צום אויפבוי פון אַן אַרבעטס־געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל, לשם דער פולקאָמער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער גאולה פון יידישן פאָלק.

אַנשטאָט דער הערשאַפט פון אַ פּאַרטיי, וואָס איז אָפּהענגיק פון אַ באַגרענצטן קרייז מיטגלידער, איז געקומען די דעמאָקראַטיע פון אַרבעטער־קלאַס. אין דער הסתדרות איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מין אַרבעטער־מדינה, אַן אויטאָנאָמע הערשאַפט פון אַרבעטער־קלאַס. אין יסוד פון דער דאָזיקער קלאַסן־אויטאָנאָמיע ליגן אַלגעמיינע און גלייכע דעמאָקראַטישע וואַלן, אַ פירערשאַפט, וואָס איז אויסגעוויילט דורכן גאַנצן כלל, און וואָס איז פאַר אים פאַראַנטוואָרטלעך. ניט קיין אָפּמאַכן פון פּאַרטייאישע זעלבשטענדיקע גרופּן, ניט קיין פּאַריטעט־אָרגאַנען, וואָס ווערן באַשטימט דורך די פּאַרטייען, נאָר פרייע וואַלן און געזעצלעכע אַנטשיידונגען פון דער מערהייט אין יעדער פראַגע און אין יעדן ענין, ביי וועלכן ס'זיינען פאַראַן חילוקי־דעות. דער מאָראַלישער יסוד פון דער הסתדרות באַשטייט ניט אין דער גלייכהייט פון פּאַרטייען, נאָר אין דער גלייכהייט פון חברים.

דער פעדעראַטיווער געדאַנק שטייט אין קעגנזאַץ צו דער אויטאָנאָמיע פונם קלאַס און איז סותר דעם רצון פון דער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע. ער קען זיך ניט איינלעבן אונטער איין דאַך מיטן פּרינציפּ פון געוויילטע אַנשטאַלטן און פון פולקאָמער עפנטלעכער אחריות. ניט גענוג וואָס ער פאַרמעסט זיך אויף די מאָראַלישע יסודות פון דער הסתדרות און שוואַכט אָפּ איר כוח כלפי פנים, ער פאַרקלענערט אויך איר ממשות'דיקע אַקציאָנס־פעיאיקייט און פאַרמינערט איר געשטאַלט און באַטייט כלפי חוץ.

עס איז נאָך נויטיק — און עס וועט נויטיק זיין פון צייט צו צייט —

צו דערמאָנען, אויפקלערן און באַטאָנען, אַז ניט קיין פעדעראַציע פון פאַר־טייען, וואָס געוועלטיקן איבער דער אַרבעטערשאַפט, איז געשאַפן געוואָרן אין חיפה, נאָר די איין־איינציקע און אַלגעמיינע הסתדרות פון דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, וואָס הערשט אַליין איבער איר גורל, וואָס ווײַלט אירע שליחים און באַשליסט וועגן אַלע אירע ענינים און נויטן, ווי אַ דעמאָקראַ־טישע און אויטאָנאָמע מאַכט: לויט דער הסכמה פון אַלעמען, בעת ס'איז קיין חילוקי־דעות ניטאָ, און לויט דער אָנטשיידונג פון דער מערהייט, בעת זיי זײַנען יאָ פאַראַן.

(1925)

יוסף אהרונאָוויטש

# אויפן אַרבעטס־פראָנט

ניט פון שוים אויף די ים־כוואַליעס האָט דער יידישער אַרבעטער אַ שפרונג געטאָן קיין ארץ־ישראל. דער טראַגישער מצב פון פאָלק ישראל האָט אים געבוירן. יעדעס ביי ווערט, וואָס ער האָט דערוואָרבן, איז דער־וואָרבן געוואָרן מיטן בלוט פון זיין האַרצן.

אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט ער אויפגעשטעלט לערער און דערציער, וואָס האָבן פאַרטיפט און פאַרברייטערט דעם באַטייט פון אַרבעט און האָבן זי דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון אַן ערן־וואָך. טויזנטער און טויזנטער האָבן אין משך פון די דאָזיקע יאָרן פּרובירט אויפן אַרבעטס־פראָנט און זיינען ניט מצליח געווען. די צאָל פון די באַזיגטע איז אפשר גרעסער ווי די צאָל פון די, וואָס זיינען ביי דער אַרבעט געבליבן. צו זיין אַ יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל — ניט לייכט קומט עס אָן.

נאָר דער יעניקער, וואָס טראָגט מיט זיך אַ גרויסן מאָראַלישן באַגאַזש, איז בכוח ביי צוקומען די דאָזיקע מערכה, בלייבן שטיין אויפן אַרבעטס־פראָנט.

ד. רמז

# דאס גרונט-געבאָט

עס איז ניטאָ קיין באוועגונג מיט אַזוי פיל פארצווייגטע באדערפע־נישן ווי אונזער באוועגונג, און עס איז ניטאָ קיין פאָלק מיט אזוי פיל באדערפענישן און נויטן, ווי אונזער פאָלק. אָבער אויב מיר ווילן אויס־דריקן דעם עיקר פון אלע אונזערע פארלאנגען — וועלן מיר זאָגן: מיר זיינען געקומען אויפצוהויבן דאָס לאנד דורך אונזער ארבעט, כדי צו ווערן אין אים אויפגעריכטעט און דערלייזט, און מיר וועלן דערהויבן די ארבעט אין לאנד צו אַ מענטשלעכער מדרגה. ווייל אין זיין אינטענסיווער אַנט־וויקלונג איז דאָס לאנד מסוגל צו טראָגן אויף זיך סיי אונז, סיי דאָס פאָלק, וואָס וואוינט פון פריער.

פאראן איין גרונט־געבאָט ביי אונז, מענטשן פון מערב, וואָס קערן זיך צוריק קיין מזרח, כדי אויפצובויען פאר זיך אן ארבעטס־נעסט: ארבעטער פונם קליינעם פאָלק אין דאָזיקן קליינעם לאנד — פאראייניקט זיך! אלע שפאַלטן, די כלומערשט היסטאָריש אומפארמיידלעכע שפאַלטן, מוזן זיך פארהיילן! די פאראייניקונג — דאָס איז אונזער שיקזאל, אונזער אויפגאבע.

די געשיכטע האָט אויסגעגאָסן פאר דער ארבעטער־באוועגונג אין לאנד אַ געטרייע מטבע. פון איין זייט איז אויסגעקריצט: „דאָס פאָלק און זיין באפרייאונג", פון דער צווייטער זייט: „דער ארבעטער און זיין דער־לייזונג". און טאָמער האָט זיך איינע פון די אויפשריפטן אָפגעריבן — איז די מטבע פסול.

# די סטרוקטור פון דער הסתדרות

## ווי אזוי איז געבויט די הסתדרות?

### א. ווער קען זיין א חבר אין דער הסתדרות?

אַ תשובה אויף די דאָזיקע פראגע געפינען מיר אין גרונט־געזעץ פון דער הסתדרות, אין פונקט וועגן מיטגלידערשאפט:

„יעדער ארבעטער און ארבעטערין, פון אַכצן יאָר און עלטער, וואָס לעבן פון אייגענער פראצע, ניט עקספּלאָאַטירנדיק קיין פרעמ־דער ארבעט, און וואָס וואָרפן זיך אונטער דער טעטיקייטס־דיסציפּלין פון דער הסתדרות, קענען זיין מיטגלידער פון דער הסתדרות".

דאָ זיינען פאָרמולירט געוואָרן די צוויי הויפּט־באדינגונגען, וואָס זיינען נויטיק, כדי צו זיין אַ חבר אין דער הסתדרות:

א) לעבן פון אייגענער ארבעט, ניט עקספּלאָאַטירנדיק קיין פרעמדער.

ב) זיך אונטערוואָרפן דער טעטיקייטס־דיסציפּלין פון דער הסתדרות.

די ביידע באדינגונגען שטאמען פון איין מקור: פון דער איבערצייגונג, אז ניט די טעאָרעטישע אָנשויאונגען פונם מענטשן זיינען וויכטיק, נאָר זיינע קאָנקרעטע מעשים. ווער ס'לעבט פאקטיש פון עקספּלאָאַטאציע — איז פּסול צו זיין א חבר אין דער הסתדרות, אויב אפילו ער שטרעבט טעאָרעטיש צו א געזעלשאפט אָן עקספּלאָאַטאציע.

### ב. די ארגאניזאציע־סטרוקטור

אין יסוד פון דער סטרוקטור פון דער הסתדרות ליגט דער פּרינציפּ פון פּראָפעסיאָנעלער אָרגאניזירונג.

דער ארבעטער־קאָמיטעט (ועד הפועלים) אויף דעם איינצעלנעם ארבעטס־פּלאץ שטעלט מיט זיך פאָר דאָס ערשטע רינגעלע פון דער אָר־גאניזאציע־סטרוקטור פון דער הסתדרות. ער ווערט אויסגעוויילט פון צייט צו צייט דורך אלע ארבעטער, וואָס זיינען באשעפטיקט אין געגעבענעם פּלאץ, און פירט אָן מיט די ענינים, וואָס דרינגען ארויס פון די באציאונגען

מיטן ארבעטס־געבער און מיט אנדערע ענינים, וואָס זיינען נוגע צו די ארבעטער.

די צווייטע שטופע אין דער אָרגאניזאציאָנעלער סטרוקטור איז — דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין. ער נעמט ארוס אלע ארבעטער, וואָס גע־הערן צום זעלבן פאַך. דער ראט פון פאראיין ווערט אויסגעוויילט דורך אלע מיטגלידער; די וואלן קומען פאָר יעדע 2—3 יאָר.

די דריטע שטופע איז דער ארבעטער־ראט (מועצת הפועלים) אין שטאָט און אין דער מושבה. זיין אויפגאבע איז — צו זאָרגן פאר די פּראָ־פעסיאָנעלע, עקאָנאָמישע, קולטורעלע, דערציערישע און מוניציפּאלע ענינים פון דער ארבעטערשאפט אין געגעבענעם אָרט. ער ווערט אויסגע־וויילט דורך אלע אָרטיקע חברים פון דער הסתדרות. די וואלן זיינען גליי־כע, אלגעמיינע און פּראָפּאָרציאָנעלע. אין דעם ליגט איינער פון די הויפּט־אונטערשיידן צווישן דער ארבעטער־אָרגאניזירונג אין ארץ־ישראל און אין אנדערע לענדער, באשר אין אנדערע לענדער איז דער פארבאנד פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געבויט אויף׳ן יסוד פון באזונדערער פאר־טרעטונג פון איטלעכן פאראיין.

די פערטע שטופע בילדן די לאנדעס־אָרגאניזאציעס אָדער די פּראָ־פעסיאָנעלע פאראיינען, וואָס זיינען געבויט אין לאנדעס־מאסשטאב: די לאנדווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציע (הסתדרות חקלאית); די אָרגאניזא־ציע פון אָנגעשטעלטע (הסתדרות הפקידים); פון אינזשענערן, ארכיטעקטן און לאנד־מעסטער (הסתדרות המהנדסים, הארכיטקטים והמודדים); פון באן־פּאָסט־ און טעלעגראף־ארבעטער (הסתדרות עובדי הרכבת, הדואר והטלגרף); פון בוי־ארבעטער (הסתדרות פועלי הבנין); ארבעטס־יוגנט (הנוער העובד); ארבעטערינס־ראט (מועצת הפועלות), און דער „פאר־באנד פון ארץ־ישראל־ארבעטער״ („ברית פועלי ארץ־ישראל״).

אויף דער העכסטער שטופע אין אָרגאניזאציאָנעלן בוי פון דער הסתדרות שטייען די צענטראלע אנשטאלטען:

א) דער צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות (ועידת ההסתדרות), וואָס אירע דעלעגאטן ווערן אויסגעוויילט איינמאָל אין דריי יאָר דורך אלע מיטגלידער פון דער הסתדרות אויפן יסוד פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן;

ב) דער ראט פון דער הסתדרות (מועצת ההסתדרות), וואָס ווערט אויסגעוויילט אויפן צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות דורך פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, און שטעלט מיט זיך פאָר דעם העכסטן אָרגאן פון דער הסתדרות צווישן איין צוזאמענפאָר און דעם צווייטן;

ג) דער ועד הפועל, וואָס ווערט אויסגעוויילט דורכן ראט פון דער הסתדרות.

דער ועד הפועל פון דער הסתדרות פירט זיין ארבעט דורך פלענאר־זיצונגען און דורך פארשיידענע אָפּטיילונגען. די אָפּטיילונגען פון ועד הפועל פארנעמען זיך מיט פאָלגנדיקע ענינים: מיטגלידערשאפט און חברים־אָפּצאָל, פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזירונג, ארבעטס־געזעצגעבונג, פּראָפעסיאָנעלע בילדונג, סאָציאלע היגיענע, ארבעטס־ענינים, אנשטאלטן פון קעגנזייטיקער הילף, גלות־ענינים, עליה און החלוץ, פּאָליטישע פראגן, אַראַבישע ארבעטער, מוניציפּאלע ענינים, זיכערהייט און שוץ, קולטור און אויפקלערונג, פארשפּרייטונג פון דער העברעאישער שפּראך, יידן פון די מזרח־לענדער, דערציאונג און יוגנט, סטאטיסטיק און אינפאָרמאציע.

די ארבעטער־ראטן און די פּראָפעסיאָנעלע לאנדעס־פאראיינען זיינען פאראַנטוואָרטלעך אין זייער טעטיקייט פארן ועד הפועל פון דער הסתדרות; די אָרטיקע פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען, — פארן אָרטיקן אַר־בעטער־ראט, די ארבעטער־קאָמיטעטן — פארן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

איטלעכער, וואָס טרעט אריין אין דער הסתדרות, ווערט צוגלייך אַ מיטגליד אויך אין דער „חברת העובדים", וואָס איז די קאָאָפּעראטיווע פאר־אייניקונג פון דעם גאנצן ארבעטער־כלל. „די אלגעמיינע קאָאָפּעראטיווע יידישע ארבעטס־געזעלשאפט אין ארץ־ישראל" — דאָס איז דער פולער נאָמען פון דער „חברת העובדים" — נעמט ארום אלע ווירטשאפטלעכע אנשטאלטן, קאָאָפּעראטיוון און קאָלאָניזאציע־ווערק אין דער הסתדרות.

דער צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות איז צו גלייכער צייט אויך דער צוזאמענפאָר פון „חברת העובדים". דער ועד הפועל פון דער הסתדרות איז צוגלייך אויך די פארוואלטונג פון „חברת העובדים".

## דער וואוקס און דער צוזאמענשטעל פון דער הסתדרות

### א. אזוי איז געוואקסן די הסתדרות

ביי דער וויגעלע פון דער הסתדרות, ווען זי איז אנשטאנען ענדע 1920 יאָר, איז געשטאנען א קליינע ארבעטער־מחנה: בסך־הכל 4433 מענטשן. זינט דאן האט די הסתדרות דורכגעמאכט א כסדרדיקע אנטוויק־לונג און האָט דערגרייכט אנהויב 1947־טן יאָר די צאָל פון איבער 174000 חברים און חברות.

די פאָלגנדיקע טאבעלע באווייזט דעם וואוקס פון דער הסתדרות:

| אנהויב יאר | צאל פון הסתדרות־מיטגלידער |
| --- | --- |
| 1921 | 4.433 |
| 1925 | 10.085 |
| 1930 | 25.400 |
| 1933 | 35.000 |
| 1935 | 67.000 |
| 1937 | 99.000 |
| 1939 | 108.000 |
| 1942 | 126.300 |
| 1945 | 151.860 |
| 1946 | 163.500 |
| 1947 | 174.000 |

די צאָלן נעמען ארום אלע ארבעטער און ארבעטערינס, ווי אויך די פרויען פון די ארבעטער, וואס זיינען באשעפטיקט ביי זיך אין דער הויז־ווירטשאַפט, ווי אויך מיטגלידער פון הנוער העובד, וואס ארבעטן.

אין 1920־טן יאר, ווען די הסתדרות איז געגרינדעט געוואָרן, האָט דער יידישער ישוב אין ארץ ישראל געציילט 66.500 נפשות. זינט דאן איז דער ישוב געשטיגן צענפאַך, די הסתדרות אבער — 39 מאָל!

אנהויב 1947 יאָר האט די הסתדרות־באפעלקערונג, ד. ה. די הסתדרות־חברים צוזאמען מיט זייערע משפחה־אָנגעהעריקע, באטראָפן 265.000 נפשות, וואָס עס האָט אויסגעמאכט ביי 42% פונם גאנצן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

דער הסתדרות איז געלונגען ארומצופאסן די גרויסע מערהייט פון די יידישע ארבעטער אין ארץ־ישראל, קרוב דריי פערטל (ביי 74%). אָט דער פערטל, וועלכער געפינט זיך פאָרלויפיק אויסער די רייען פון דער הסתדרות, געהערט טיילווייז צו אנדערע ארבעטער־אָרגאניזאציעס (ווי, למשל, „הפועל המזרחי”), אין גרעסטן טייל זיינען דאָס אָבער ניט־אָרגאניזירטע.

### ב. פאמיליע־צושטאנד און עלטער

לויטן פאמיליע־צושטאנד ווערט די הסתדרות־מיטגלידערשאפט פארטיילט אויפן פאָלגנדיקן אופן:

| יאר | % אומפארהיידאטע | % פארהייראטע |
|---|---|---|
| 1922 | 68,0 | 32,0 |
| 1926 | 49,8 | 50,2 |
| 1938 | 31,4 | 68,6 |
| 1941 | 26,0 | 74,0 |
| 1945 | 23,4 | 76,6 |
| 1946 | 24,2 | 75,8 |

די אנטוויקלונגס־טענדענץ איז א גאנץ קלאָרע: כסדרדיקער וואוקס פון דעם פראָצענט מיטגלידער, וואס זיינען פארהייראט. הגם אין לעצטן יאָר, 1946, איז דער פראָצענט פון די אומפארהייראטע עטוואָס געשטיגן, ענדערט דאָס נישט דאָס אלגעמיינע בילד.

אינטערעסאנט איז די פארטיילונג פון די הסתדרות־חברים לויטן עלטער:

| אין עלטער פון | 1920 | 1937 | 1943 | 1946 |
|---|---|---|---|---|
| 18—20 | 18,4 | 2,9 | 5,5 | 8,4 |
| 21—25 | 36,9 | 19,2 | 11,2 | 15,5 |
| 26—30 | 22,7 | 30,5 | 21,3 | 12,6 |
| 31—35 | 8,6 | 22,8 | 24,9 | 21,2 |
| 36—45 | 7,8 | 19,6 | 28,3 | 29,4 |
| העכער אלס 45 יאָר | 5,6 | 5,0 | 8,8 | 12,9 |
| בס"ה | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

מיר זעען, אז אין אלגעמיין ווערט די הסתדרות „פארעלטערט". די יוגנט, אין עלטער פון 18 ביז 25, וועלכע האט אויסגעמאכט אין די ערשטע יאָרן פון דער הסתדרות־עקזיסטענץ מער ווי א העלפט פון דער גאנצער מיטגלידערשאפט, מאכט אויס אין די לעצטע יאָרן ווייניקער ווי א פערטל. אמת, דער פראָצענט פון יונגע מיטגלידער איז עטוואָס געשטיגן די לעצטע יאָרן, בעיקר א דאנק דער באַנייאונג פון דער עליה נאָך דער מלחמה. גלייכצייטיק איז אויך געשטיגן דער פראָצענט פון הסתדרות־חברים, וואָס זיינען עלטער פון 45 יאָר.

### ג. שטאָט און דאָרף

די פאָלגנדיקע טאבעלע ווייזט די פארטיילונג פון דער הסתדרות־מיטגלידערשאפט אין שטאָט און אין דאָרף (די ציפערן זיינען פון ערשטן יאנואר 1947):

| | |
|---|---|
| א. גרויסע שטעט: | |
| תל־אביב מיט רמת־גן | 57.298 |
| חיפה | 32.172 |
| ירושלים | 16.173 |
| ב. קליינע שטעט און אינדוסטריעלע פונקטן: (טבריה, צפת, עפולה, נשר, נהרים, עתלית, ים המלח א. א.) | 5.067 |
| ג. לאנדווירטשאפטלעכער סעקטאָר: | |
| מושבות (קאָלאָניעס) | 32.365 |
| קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן (קבוצים און קבוצות) | 22.764 |
| מושבי עובדים | 8.304 |
| בס״ה | 174.143 |

אין דאָרף (מושבות, קבוצישע ווירטשאפטן און מושבים) האָבן אזוי ארום זיך געפונען 36,4% פון אלע הסתדרות־חברים. אין שטאָט — 63,6%.

מען דאַרף אבער נעמען אין אכט, אז ניט אלע הסתדרות־מיטגלידער, וואס וואוינען אין דאָרף, פארנעמען זיך מיט לאנדווירטשאפט. באזונדערס איז עס גילטיק לגבי די, וואס געפינען זיך אין די מושבות.

### ד. דער פראפעסיאנעלער צוזאמענשטעל

די פארטיילונג פון דער הסתדרות־מיטגלידערשאפט לויט די פאר־שיידענע עקאָנאָמישע צווייגן איז געווען (אָנהויב 1947) פאָלגנדע:

| | | 1933 | סוף 1939 | אנהויב 1947 |
|---|---|---|---|---|
| .1 | ארבעטנדע קאָלאָניזאציע | 14.3 | 22.7 | 23.1 |
| .2 | לאנדווירשאפטלעכע לוין־ארבעטער | 22.7 | 13.5 | 3.1 |
| .3 | ארבעטער אין מושבות, וואס פארמאָגן | | | |
| .5 | בוי און עפנטלעכע ארבעטן | 14.3 | 13.5 | 10.6 |
| | אן אייגענע ווירטשאפט | — | 0.6 | 1.0 |
| .4 | אינדוסטריע און מלאכה | 23.9 | 20.2 | 26.4 |
| .6 | טראנספאָרט | 6.0 | 5.0 | 5.2 |
| .7 | באאמטע און אָנגעשטעלטע | 8.0 | 9.0 | 12.4 |
| .8 | פרייע פראָפעסיעס | 4.0 | 4.5 | 6.3 |
| .9 | באדינונגס־פונקציעס | 6.8 | 6.7 | 6.3 |
| .10 | שוץ און זיכערהייט | — | 4.3 | 3.1 |
| .11 | פארשיידענע | — | — | 2.5 |
| | ס״ה | 100.0 | 100.0 | 100.0 |

מיר זעען, אז כמעט 70% פון דער הסתדרות־מיטגלידערשאפט זיינען באשעפטיקט אין עיקרדיקע פראָדוקציע־צווייגן (אריינרעכנענדיק טראנס־פּאָרט). אמת, עס קומען פאָר, פון צייט צו צייט, געוויסע ענדערונגען אין דעם פּראָפעסיאָנעלן צוזאמענשטעל פון דער הסתדרות־מיטגלידערשאפט, אלס פועל־יוצא פון די ענדערונגען אין דעם ווירטשאפטלעכן לעבן פונם ישוב, אבער זיי רירן נישט אָן דעם אלגעמיינעם געזונטן און פראָדוקטיוון כאראקטער פון דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטערשאפט.

ד. בן־גוריון

## די אָרגאניזיר־באזע פון דער הסתדרות

אייגנאַרטיק זיינען געווען די באוועג־כוחות, וואָס האָבן געווירקט אין לעבן פון דער יידישער ארבעטערשאפט אין ארץ־ישראל, און אייגנאַר־טיק איז די געשטאלט, וואָס זיי האָבן אויסגעפורעמט פאר איר ווערק און אָרגאניזאציע.

די ערשטע זאך, וואָס צייכנט אויס די הסתדרות — איז איר ברייטע אָרגאניזיר־באַזע. די הסתדרות פאראייניקט אין זיך די אר־בעטער פון שטאָט און דאָרף, דעם לוין־ארבעטער און דעם, וואָס ארבעט פאר זיך, דעם גייסטיקן און פיזישן ארבעטער.

אין דעם רוב לענדער איז דער דאָרפישער ארבעטער ווייט פון שטאָ־טישן, ווי מזרח פון מערב. אין דער צייט, וואָס די שטאָטישע ארבעטער זיינען גוט אָרגאניזירט און שטייען אין אַוואַנגאַרד פון דער סאָציאליסטי־שער באַוועגונג, זיינען די דאָרף־ארבעטער דאָס רוב פרעמד דער ארבע־טער־באוועגונג און ווייט פון ארבעטער־אָרגאניזירונג. אפילו אין די לענ־דער, וואו די דאָרף־ארבעטער זיינען שוין יאָ אָרגאניזירט, איז זייער השפעה אויף דער באוועגונג ניט קאָנטיק. ביי אונז איז עס פארקערט. די הסתדרות פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער איז געשאפן געוואָרן פריער, איידער ס'האָבן זיך אָרגאניזירט די ארבעטער אין שטאָט. זי האָט עס געגעבן די שטויס־קראפט צו דער אלגעמיינער פאראייניקונג פון אר־בעטער אין דאָרף און שטאָט, און ביזן היינטיקן טאָג איז זי דער רוקן־ביין פון דער גאנצער הסתדרות.

די הסתדרות האָט צעשטערט נאָך אַ מחיצה, וואָס טיילט פונאַנדער די ארבעטער כמעט אין אלע לענדער, די מחיצה צווישן דעם לוין־ארבעטער

און דעם ארבעטער, וואָס לעבט פון אייגענער פראַצע, ניט עקספּלאָאַטירנדיק קיין פרעמדער ארבעט. עס איז מיר ניט באקאנט קיין שום ארבעטער־אָר־גאניזאציע אין דער וועלט, וואָס פאראייניקט צוזאמען די דאָזיקע צוויי מינים ארבעטער, הגם עס הערשט אין דער ארבעטער־באַוועגונג די נייגונג צו דערנענטערן זיי איינעם צום צווייטן און צונויפצוגיסן זיי, אויב ניט אין איין פּראָפעסיאָנעלער אָרגאניזאציע, איז לכל הפחות אין איין פּאָליטישער קערפּערשאפט. אין אונזער באוועגונג זיינען ביידע קאטעגאָריעס ארבעטער געווען פארבונדן צווישן זיך, זינט פון ערשטן אָרגאניזירונגס־פּרווו פון יידישן ארבעטער אין ארץ־ישראל.

ביי אונז איז אויך ניט געווען קיין אָפּגעפרעמדקייט צווישן פיזישע און גייסטיקע ארבעטער. די ארבעטער־באוועגונג אין ארץ־ישראל שעצט הויך דעם מאָראלישן, נאציאָנאלן און סאָציאלן ווערט פון פיזישער ארבעט. די ארבעט אין פעלד, אין שטיין־האַקעריי, אין פאבריק — איז געשטעלט געוואָרן אין דער פאָדערשטער רייע פון אלע דעראָבערונגען און ענדערונ־גען, וואָס מיר זיינען מחוייב דורכצופירן ביי דער רעאַליזירונג פון אונזער שליחות. אונזער באוועגונג האָט אָבער צו גלייכער צייט אַנערקענט דעם גרויסן ווערט פון וויסנשאפט און טעכניק און דערגרייכונגען פון גייסט, און האט געוואוסט, ווי וויכטיק עס זיינען קולטור־מיטלען פאר אונזער גאנצער טעטיקייט אין דאָרף און אין שטאָט. מיר האָבן איינגעזען די גרויסע נויטיקייט צונויפצוגיסן אָרגאניזאציאָנעל די האנט־ און קאָפּ־ארבע־טער, און מיר האָבן געשטרעבט פון שטענדיק אָן צו פאראייניקן אלע ארבעטער לויט זייערע פאַכן. דער אלגעמיינער ארבעטס־בונד, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין ארץ־ישראל, און וואָס הייסט הסתדרות, נעמט ארום אלע פאַכן פון ארבעט, גייסטיקער און פיזישער, אָן שום אונטערשייד.

די צווייטע זאך, וואָס לייגט אַרויף א באזונדער שטעמפּל אויף אונזער הסתדרות, — איז איר ברייטער טעטיקייטס־קרייז, וואָס נעמט ארום דעם גאנצן אינהאלט און אלע שטרעבונגען פון אונזער באנייאונגס־באוועגונג און אונזער נאציאָנאלן און סאָציאלן אויפקום.

פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזירונג, פארבעסערונג פון ארבעטס־באדינ־גונגען, פארזאָרגונג מיט ארבעט, פארשטארקונג פון עליה און אויפנאמע פון עולים, איינוואָרצלונג פון דער העברעאישער שפּראך אין די מאַסן און זאָרג פאר פארשפּרייטן אונזער קולטור, אנטוויקלונג פון קלאסן־באוואוסט־זיין, דערציאונג פון יונגן דור און בילדונג פאר דערוואקסענע, זאָרג פארן נאציאָנאלן קאפּיטאל און פארן קלאסן־קאפּיטאל, אויפבוי פון דאָרפישע ישובים און אנטוויקלונג פון ווירטשאפטן אין אלע ארבעטס־צווייגן אין שטאָט און דאָרף, איינאָרדנונג פון געברויכס־קאָאָפּעראטיוון און שאפונג

פון אנשטאלטן פאר קרעדיט און קעגנזייטיקער הילף, פארזיכערונג פון געזונט און לעבן, אָרגאניזירונג פון ווירטשאפטלעכע און קאָלאָניזאטאָרישע קיבוצים, קאמף פאר פאָליטישע און נאציאָנאלע רעכט, פאר געזעצלעכן שוץ פון ארבעטער און ארבעטעריגס, פאר דער אָרגאניזירונג פון ישוב, פאר נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע, באציאונגען מיט אַראַבישע ארבעטער, צו־גרייטונג פון חלוצים אין די גלות־לענדער און זייער איבערפירונג צו אן ארבעטס־לעבן אין לאנד, קאָנצענטרירונג פון פאָלקס־מאסן ארום דעם ציוניסטישן אויפבוי און פארבינדונגען מיט דער אינטערנאציאָנאלער אר־בעטער־באוועגונג — דאָס אלץ זיינען אָרגאנישע טיילן אין דעם טעטי־קייטס־פראָגראם פון דער הסתדרות.

דער ברייטער פארנעם פון טעטיקייט און די פארצווייגטע אָרגאני־זירונג ליגן אין דעם עצם וועזן פון דער ארבעטער־באוועגונג אין לאנד. אַן אַרבעטערשאפט, וואָס וואקסט אויס פון עליה, באטראכט זיך אליין ניט נאָר אלס אָנהויב פון א נאָרמאלן און געזונטן ארבעטס־קלאס, וואָס זיין גלייכנס איז ניטא ביי יידן אין די גלות־לענדער, נאָר אויך אלס קערן און צוקונפטיק בילד פון באנייטן יידישן פאָלק. די הסתדרות איז אין די הענט פון ארץ־ישראל׳דיקן ארבעטער ניט נאָר אַ קלאסן־אינסטרומענט אויף צו פארטיידיקן זיינע באזונדערע אינטערעסן, נאָר אויך א נאציאָנאלע שאַ־פונגס־קוזשניע, וואו ס׳ווערט אויסגעשמידט די צוקונפט פון דעם זיך באַ־נייענדיקן פאָלק. דער ארבעטער האָט זיך אָרגאניזירט אין דער הסתדרות ניט נאָר אויף צו פארטיידיקן זיינע ארבעטס־באדינגונגען, נאָר קודם־כל צוליב דער ארבעט אליין. דער גורל פון היסטאָרישן ווערק פון אונזער באוועגונג איז פארבונדן מיט דער ארבעט, וואָס מיר טוען דאָ. און די הסתדרות איז דער אָרגאניזאציאָנעלער אויסדרוק פון דער קאָלעקטיווער אחריות פון דעם ארבעטער־קלאס פאר דער דאָזיקער ארבעט.

אין אנדערע לענדער האָט די ארבעטער־באוועגונג אין אָנהויב גע־זאָרגט נאָר פאר דער פארבעסערונג פון די שווערע ארבעטס־באדינגונגען. דער ארבעטער האָט געזען, אז ער איז ניט מער ווי א בלינדער ווערקצייג אין די הענט פון קאפיטאל, וואָס ארבעט בעל כרחו פאר יענעם, און עס האָבן אים ניט אינטערעסירט די פרוכטן פון זיין ארבעט און איר דערפאָלג. דאָס איז געווען דעם ארבעטס־געבערס עסק. אויך דאָ אין לאנד האָט דער ארבעטער צו קעמפן פארן פארבעסערן די ארבעטס־באדינגונגען, סיי אין דער ווירטשאפט פון זיין ארבעטס־געבער, סיי אין זיין אייגענער ווירט־שאפט. אונזער באוועגונג איז אָבער פאראינטערעסירט אין דער עצם אר־בעט ניט ווייניקער, ווי אין אירע באדינגונגען, די ארבעט איז ניט נאָר

א מיטל צום עקזיסטירן, זי איז דער עצם אינהאלט פון דער עקזיסטענץ. אונזער באוועגונג טראָגט די זאָרג און די אחריות פאַר דער ארבעט אליין, פאַר איר אנטוויקלונג, פּראָדוקטיוויטעט, צוגעפּאסטקייט צו די צילן, וואָס שטייען פאַר איר.

און קוים האָבן מיר אזא מין באציאונג צו דער ארבעט, וואָס מיר טוען אין לאנד, — ממילא קענען מיר שוין ניט מאכן קיין חילוק צווישן איין קאטעגאָריע ארבעטער און דער אנדערער, און איבערלאָזן עמיצן אויסער די ראַמען פון אונזער אָרגאַניזאציע, ד. ה. ארויסלאָזן עמיצן פון דער אלגעמיינער אחריות. קוים האָבן מיר דאָס געפיל פון אונזער אחריות פאַר דער ארבעט, וואָס ווערט געטאָן אין לאנד, פאַרן אויפבוי־ווערק, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט דורך ארבעטער פון פאַרשיידענע פאכן, — קענען מיר שוין ניט מוותר זיין אויפן אָרגאַנישן צוזאמענבונד און אויף דער קאָלעקטיווער אחריות פון די פאַרשיידנאַרטיקע פאכן. דער ארבעטער, וואָס פילט זיין אחריות פאַרן אויפבוי־ווערק אלס גאנצקייט, — זעט זיך אליין ממילא אלס שותף מיט די אלע, וואָס באטייליקן זיך אין זעלביקן אויפבוי. דער גאנצער ארבעטער־קלאַס, לויט זיינע פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, טרעט אויף ווי איין גאנצע און פולקאמע איינהייט, און דאָס ניט נאָר דערפאַר, וואָס זיינע פאַרשיידענע טיילן געפינען זיך אין ארבעטס־באדינגונגען, וואָס זיינען זיי מקרב צווישן זיך, ניט נאָר דערפאַר, וואָס זיי פירן א געמיינזאמען קאמף פאַר עקזיסטענץ, נאָר דערפאַר, וואָס זיי טראָגן א ן א ל ג ע מ י נ ע א ח ר י ו ת פאַרן געמיינזאמען אויפבוי־ווערק, וואָס קען אויפגעשטעלט ווערן איינציק און אליין ביי דער פולשטענדיקער און געהעריקער באטייליקונג פון אלע פאַרשיידנאַרטיקע פאכן.

די אלגעמיינע, בשותפותדיקע, קאָלעקטיווע אחריות פאַרן אויפבוי־ווערק, — דאָס איז אפשר געווען דער אנטשיידנדיקער מאָראַלישער כוח, וואָס האָט פאַראייניקט און צונויפגעהעפט דעם ארבעטער־עולם אין לאנד אין איין פעסט־צעמענטירטע אָרגאַניזאציאָנעלע איינהייט.

אין דאָס רוב לענדער זיינען שוין פון פריער באשטאנען באדינגונגען, וואָס האָבן געבראכט די ארבעטערשאפט צו אָרגאַניזאציאָנעלער פאַראייניקונג: געמיינזאמע סאָציאלע אָפּשטאמונג, געמיינזאמער קולטור־עקאָנאָמישער לעבנס־שטייגער. די ארבעטער זיינען דאָס רוב געווען קינדער און קינדס־קינדער פון ארבעטער. דער פאך אליין פלעגט צומאָל אריבערגיין בירושה פון דור צו דור. דאָס רוב ארבעטער זיינען געווען קינדער פון איין לאנד און האָבן גערעדט איין שפּראך. זייער קולטור־ניוואָ איז דאָס רוב געווען איינער און דער זעלבער. און נאָך איידער זיי האָבן באקומען א קלאסן־באוואוסטזיין, וואָס האָט זיי אלעמען פאַראייניקט און געמאכט

ביודעים צו איין קאָלעקטיוו, — האָבן שוין מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן איינ־הייט, א דאנק זייערע בשותפותדיקע טראַדיציעס און לעבנס־שטייגער.

די אַלע באַדינגונגען זיינען ניט געווען בנמצא בנוגע צו דער אר־בעטערשאַפט אין ארץ־ישׂראל. פאַרקערט: אונזער אָפּשטאַמונג, אונזער דערציאונג און עבר, אונזערע געוואוינהייטן און נשמה־איינגנשאַפטן, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פון גלות, — דאָס אַלץ האָט אונז ווייניקער פון אַלץ צוגעגרייט צו א קאָלעקטיוון און אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן. אין יסוד פון אונזער פריערדיקן לעבנס־שטייגער איז געלעגן די צעשפּליטערונג. לויט אונזער אָפּשטאַמונג זיינען מיר געווען אָנגעהעריק צו אָפּגעזונדערטע סאָציאַלע קרייזן. מיר האָבן זיך אויפגעזאַמלט אַהער פון לענדער, פאַר־שיידענע לויט זייער קולטור, זייער געזעלשאַפטלעכן געדאַנקן־גאַנג און פּאָליטישן טעמפּעראַמענט. אונזער שפּראַך איז געווען א צעמישטע; פאַר־שיידן און אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן זיינען מיר געווען לויט אונזער דערציאונג. און דווקא דער דור הפלגה, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישׂראל, דווקא ער האָט עס אויפגעשטעלט דאָ אין משך פון אייניקע יאָרן א ברייטע, פעסטע און אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע, וואָס זעלטן וואו פאַרמאָגן אזוינס אַרבעטער אין אַנדערע לענדער.

וואָס האָט פאַרוואַנדלט דעם צעזייטן און צעשפּרייטן מענטשן־שטויב אין איין אָרגאַניזאַציאָנעלע איינהייט? מיט וועלכן כוח איז ער גובר געווען די נייגונגען צו שפּאַלטונגען און צעשפּליטערונגען, וואָס האָבן געהערשט אין זיין עבר? מיט וואָס איז ער געווען אַנדערש פון די איבעריקע קרייזן אין ישוב, וואָס זיינען ביז היינט ניט מצליח געווען זיך צו אָרגאַניזירן, הגם זיי זיינען געקומען אין לאַנד מיט א גאַנצן דור פריער? צי איז עס ניט קיין פּועל־יוצא פון טיפן געפיל און באַוואוסטזיין פון קאָלעקטיווער אחריות פאַרן גורל פונ׳ם אויפבוי־ווערק, פאַר דעם לעבנס־ווערק, צוליב וועלכן דער יידישער אַרבעטער איז געקומען אין לאַנד? די געמיינזאַמע אחריות פאַרן אַרבעטס־אויפבוי אין לאַנד — פון איר שטאַמט דאָס געבאָט פון איחוד פון אַלע אַרבעטס־מענטשן, און זי האָט עס געשאַפן די הסתדרות.

די דאָזיקע אחריות פאַראייניקט ניט נאָר די פיזישע אַרבעטער, נאָר די אַרבעטס־מענטשן פון אַלע פאַכן, צווישן זיי אַרבעטער פון וויסנשאַפט, ליטעראַטור, קונסט, דערציאונג, טעכניק און ביוראָ.

אַן אַרבעטער וואָס טוט ביי יענעם, אויף דער אחריות פון אַרבעטס־געבער, טוט זיין פליכט ניט אריינקלערענדיק זיך אין דער אַרבעט פונם אינזשינער, פונם אויפזעהער, פונם בוכהאַלטער. צי זיינען די אויסרעכ־נונגען פון אינזשינער פּינקטלעך, צי זיינען ריכטיק זיינער פּלענער, צי פירן זיך די חשבונות און די ביכער אין אָרדנונג, צי שטימען צווישן זיך

די פאַרשיידענע טיילן פון דער אַרבעט אָז צי דינען זיי זייער ציל ווי געהעריק איז — דאָס אַלץ איז די זאָרג פון אונטערנעמער, ווייל ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אויספירונג פון דער אַרבעט אין גאַנצן. אָבער דער אַרבעטער, וואָס באַטראַכט די אַרבעט וואָס ער טוט, ווי זיינע אַן אייגענע, און וואָס האַלט ניט, אַז ער איז פּטור פון דער אַחריות פאַר דער אונטערנעמונג, אין וועלכער ער לייגט אַריין זיינע כוחות און שאַפונגס־פייאיקייטן — ממילא אַנערקענט ער שוין די קעגנזייטיקע ערבות פון אַלע שותּפים פון אויפבוי־ווערק. אין דער אַלגעמיינער הסתדרות ווערן פאַר־ווירקלעכט די קעגנזייטיקע ערבות און אַחריות פון די אַלע, וואָס באַטייליקן זיך אין איינעם און דעם זעלבן אויפבוי־ווערק. שליסט זיך עמיצער אויס פון דער אַלגעמיינער הסתדרות — שליסט ער זיך אויס טעאָרעטיש און פּראַקטיש אויך פון דער געמיינזאַמער אַחריות פאַרן גורל פון דעם אויפבוי־ווערק.

אומעטום, וואו מיר זעען איינצעלנע אַרבעטער אָדער גרופּן אַרבעטער, וואָס שטייען מחוץ פון דער הסתדרות, זעען מיר אויך, אַז זיי טראָגן ניט קיין זאָרג און קיין אַחריות פאַרן גורל פון אונזער אויפבוי אין לאַנד.

בעת די הסתדרות פאָדערט אויף די גייסטיקע אַרבעטער, זיי זאָלן זיך שטעלן אין אירע רייען, שטאַמט די דאָזיקע פאָדערונג ניט נאָר פון דער באַדערפעניש און פון דעם ווילן צו פאַרשטאַרקן דעם כוח פון דער הסתדרות און צו פאַרהיטן איר גאַנצקייט. לויט איר אינהאַלט און מהות איז עס קודם־כל אַ מאָראַלישע פאָדערונג. די פאַראייניקונג פון די גייסטיקע אַרבעטער מיט דער אַרבעטערשאַפט און מיט איר הסתדרות — דאָס איז אַ מאָראַלישער געבאָט פון דער אַרבעט פאַר די אַלע, וואָס טראָגן די אַחריות פאַר דער אַרבעט. דערמיט באַהעפטן זיי זיך מיט דער שליחות פונעם אַרבעטער־קלאַס און מיטן אויפבוי־ווערק.

ז. אהרנאוויטש

# פאַרווירקלעכונגס־מיטלען

## א.

אַ לעגענדע דערציילט וועגן אַ פּויער, וועלכער איז געוועזן געבענטשט מיט גאָטס אַ מתנה, — אַרויסצורופן אַ וועטער לויט זיין אייגענעם ווילן. אָבער, דערציילט די לעגענדע, פון זיינע פעלדער האָט דער פּויער אַראָפּ־גענומען שטרוי און נישט קיין תבואה, ווייל ער האָט פאַרלאַנגט נאָר גוטע

וועטערן, און ער האָט ניט געבעטן אויף רעגן, ניט אויף ווינט, ניט אויף שטורם, — און אָן זייער פארשידנקייט גיט ניט די ערד קיין פרוכט.

דעם היפך געפינען מיר אין דער געשיכטע פונם ארץ־ישראלדיקן ארבעטער. דער „וועטער" איז ניט געווען אָפהענגיק פון אים. די פרוכט פון לאנד — האָט ער אליין דערלאַנגט. דאָס איז אפשר געווען דער סאמע ערנסטער צוזאמענשטויס צווישן מענטש און ערד; עס זיינען געקומען יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן געוואָלט ווערן ארבעטער, ווייל זיי זיינען געוואָרן ציוניסטן. זיי האָבן געשטרעבט צו א ציוניזם פון יידישער ארבעט — און זייערע ערשטע טריט אין לאנד האָבן געפירט צו דער יידישער קאָלאָניע, אבער דאָרטן האָבן זיי געפונען עבודה זרה, אָנגעפירט דורך יידן. דאָס האָט באדייט הונגער אין דער געגנווארט און יאוש אין דער צוקונפט. פאראייניזאמט און אָפגעזונדערט זיינען געשטאנען די ניט־גערופענע געסט אויפן אומבאקאנטן שיידוועג, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געראנגל צווישן קעגנזעצלעכע מאטעריע און גייסט. און פונקט אזוי ווי דער ציוניסטישער ציל „איז ניט געמאכט געווארן נאָר געבוירן געווארן" מיטן צוציאונגס־כוח פונם ווילן צו באנייאונג און מיטן צוואנגס־כוח פון אָפשטויסנדיקן גלות, פונקט אזוי זיינען אויך אויסגעשמידט געווארן די פארווירקלעכונגס־וועגן פונם יידישן ארבעטער מיטן כוח פונם ווילן צום ציוניזם אין לאנד און מיטן צוואנגס־געבאָט פון דער ווירקלעכקייט.

און דאס איז די געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג אין ארץ ישראל און פון איר אלגעמיינער הסתדרות: דער הינטערגרונד — אונטערנעמונגס־עול פונם ציוניזם; דער מהות — דעראָבערונג פון דער ארבעט פארן עליה־אויפנעם; דער וועג — א דורכגעבויערטער טונעל מיטן כוח פון ווילן, און פון דער אנדערער זייט, מיטן כוח פון צוואנג; די מכשירים — קראפט־הויבערס פון קעגנזייטיקער הילף.

ב

וואָס איז דער מקור? — אונטערן דאָזיקן קעפל איז אמאָל פארעפנטלעכט געוואָרן אין „הפועל הצעיר" א נאָטיץ פון חבר תנחום — איינער פון די גרינדער פון דגניה. מיר וועלן פון איר ברענגען נאָר די פאָלגענדע שורות:

„אין איינעם א פרימאָרגן — נאָך אָן אויפקלערונג וועגן קבוצה־וועזן — האט א חברטע געפרעגט, וואס זיינען די השפעות, וועלכע האָבן געווירקט אויף צו גרינדן די קבוצה אין ארץ־ישראל? — — דעמאָלט האָט זיך דערוועקט אין מיר דער ווילן צו געבן אן ענטפער, קודם־כל, זיך זעלבסט. — — ווען איך דערמאָן זיך אין מיין ערשטן אריינטריט אין פתח־תקוה, מיין צוזאמענטרעף מיט די פתח־תקוה'ער ארבעטער, דאַכט

זיך מיר, אז אויסער איינצלנע אַנטוישטע איז דאָס געווען אַן אָרגאַניזיר־
טער קבוץ פון מענטשן מיט איין אידייע: כיבוש העבודה (אַרבעטס־
דעראָבערונג). זי האָט אַרומגענומען אַלעמען, אויסער איינצעלנע אײנגאַנצן־
פאַרצווייפלטע. איך האָב געזען דעם פאַראייינזאַמטן יחיד, וועלכער האָט
געליטן ביי זיין אַרבעט, אָדער איך האָב געזען דעם משגיח, אָדער דעם
קאָלאָניסט, וועלכער האָט זיך אָפּגעפרעמדט און האָט אָפּגעשפּאָט פון
אַלעם, וואָס איז אונז געווען הייליק. אין אַלע קאָלאָניעס האָב איך זיי
געטראָפן, און עס איז ניטאָ קיין ספק, אַז פון די דאָזיקע איינדרוקן זיינען
אַנטשטאַנען די שותּפותדיקע געדאַנקען, וועלכע האָבן לאַנגזאַם אָנגע־
הויבן ווערן ממשותדיק... — ניט פון טאָלסטאָיען און ניט פון אַנדערע
רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע גרופּן האָבן מיר געלערנט די לערע פון
אַ קבוצה. יעדנפאַלס, קען איך עס זאָגן וועגן מיר. דער ציוניסטישער
געדאַנק, און ספּעציעל דער ווילן אים צו פאַרווירקלעכן — האָט אונז
אויפגעמונטערט צו גיין קיין ארץ ישראל, צו אַרבעטן, דעראָבערן די
אַרבעט און שאַפן אַ ניי לעבן אויפן נאַציאָנאַלן באָדן. עס איז געווען
אוממעגלעך צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע פּשוטע זאַכן אָן שותּפותדיקע
כוחות: אין די באַדינגונגען פון לאַנד האָט געקענט אַ סך מער מצליח זיין
אַ קבוצה, ווי אַן איינצלנער. אָבער פון יענער אָנהויב־תּקופה און ווייטער
האָבן זיך פאָרמירט די דערגרייכונגען, עס זיינען פאַרטיפט געוואָרן די
יסודות, עס איז באַרייכערט געוואָרן דאָס לעבן, און די אידייאישע באַזע
פון דער קבוצה האָט זיך פאַרפעסטיקט".

פון די דאָזיקע וואָרצלען איז אויסגעוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט
אונזער גאַנצע אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט מיט אַלע אירע ווירטשאַפט־
לעכע און געזעלשאַפטלעכע יסודות און אָפּצווייגונגען.

אויב מיר וועלן צונויפזאַמלען אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן דעם
דאָזיקן ענין — וועלן מיר באַקומען אַ קווערשניט־בילד פון דער קעגנ־
זייטיקער הילף, וואָס ציט זיך פונם שפּיץ ביזן יסוד: דער געטרייער
פאַרטיידיקונגס־קאַמף פאַר דער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט, וואָס עס
האָבן געפירט אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן די פאָרשטייער פונם אַרבע־
טער־קלאַס און פון זיינע פאַרבינדעטע אין גלות. ווען עס זיינען פאָר־
געקומען די גרויסע אָנגריפן אויף אירע געזעלשאַפטלעכע יסודות; די
באַמיאונגען פון די אַרבעטער־שליחים אין די אָנפירנדיקע און ווירט־
שאַפטלעכע אינסטאַנצן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג צו פאַר־
ברייטערן און פאַרפעסטיקן די אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט; די קרעַ־
דיט־הילף פאַר דער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט דורך דער הסתדרותי־
שער אַלגעמיינער פינאַנץ־אינסטיטוציע — דעם בנק־הפועלים; דאָס ווידמען

יעדעס יאָר א גרויסע טייל פון די הכנסות פון דער הסתדרותישער געלט־אקציע אין אמעריקע פאר קאָלאָניזאציע־באדערפנישן; די באזירונג פון אונזערע דאָרפישע ווירטשאפטן, אין א גרויסער מאָס, אויף די חברים פון דער הסתדרות בכלל און אויפן שטאָטישן ארבעטער בפרט, וועלכע האלטן פאר זייער פליכט צו באנוצן די פראָדוקטן פון דער ארבעטער־לאנדווירטשאפט; קעגנזייטיקע הילף אין די ראמען פון דער הסתדרות חקלאית (לאנדווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציע) — דורך אירע אָרגאניזאַציאָנעלע און ווירטשאפטלעכע אנשטאלטן: צי דורך איר הויפט־אנשטאלט, די צענטראלע, כלפי פנים און כלפי חוץ — דעם מרכז החקלאי; צי דורך דער עלטסטער פון אונזערע ווירטשאפטלעכע אינסטיטוציעס — „המשביר", וועלכער פארנעמט זיך מיט צושטעלן די בויטיקע זאכן פאר די מענטשן און פאר דער לאנדווירטשאפט, פארן לעבעדיקן און טויטן אינווענטאר; צי דורך „תנובה" — א מוסטער־קאָאָפעראטיוו פאר פארקויפן לאנדווירט־שאפטלעכע פראָדוקטן; צי דורך „ניר" — א קרעדיט־אנשטאלט פאר א פארברייטערטע און פארטיפטע קאָלאָניזאציע־איניציאטיוו; צי דורך „מקורות" — פאר וואסער־צושטעלונג כדי אינטענסיפיצירן די ארבעטער־לאנדווירטשאפט; אדער דורך אנדערע וועגן פון קעגנזייטיקער הילף צווישן ווירטשאפטן־שוועסטער אין לאנד־מאסשטאב, צווישן זיך זעלבסט, און אינערהאלב יעדער לאנדווירטשאפטלעך־געזעלשאפטלעכער גרופירונג.

אבער די העכסטע מדרגה פון קעגנזייטיקער הילף איז — די דירעקטע שותפות צווישן חבר און חבר, וואס ווערט אָפּגעהיט און געפלעגט אין יעדער ווירטשאפטלעכער אײנהייט דורך אירע בויער גופא, — דורך די, וואס האבן זי אָנגעזאפט מיט ארבעט, ליידן, ליבע און איבערגעבנקייט און מיט כסדרדיקער איניציאטיוו אויף צו פארברייטערן און אויפנעמען נייע עולים. א דאנק ז״י זיינען אנטפלעקט געווארן נייע וועגן פארן ציוניזם און פארן ארבעטער — א דאנק ז״י איז אנטשטאנען אן ארבעטער־קאָלאָניזאציע, וועלכע איז געווארן א שטארקער ווירטשאפטלעכער, פּאָלי־טישער און מאָראלישער פאקטאָר אינם ציוניזם, אינם ישוב און אין דער ארבעטער־באוועגונג.

ווען אמאָל, אין א שמועס, האט מיך איינער פון די פירער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג אין ענגלאנד געפרעגט: וואס איז דער חוט־השדרה פון דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער־באוועגונג? האָב איך געענטפערט, אז דאס איז די קאָאָפעראטיווע ארבעטער־קאָלאָניזאציע מיט אלע אירע ריכטונגען און אָפּצווייגונגען. און ווען ער האט זיך געוואונדערט: ווי אזוי איז דאס געשען, אז א קלענער פּראָצענט ארבעטער, קאָנצענטרירט אין דער קאָאָפעראטיווער לאנדווירטשאפט, זאָל האָבן אזא

השפעה אויף דער גאנצער ארבעטערשאפט? כ׳האב געענטפערט: מיר האָבן א קראפט־סטאנציע אויפן ירדן און איר ליכט דערגרייכט ביז תל־אביב.

אין די ווייטערדיקע קאפיטלען, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן די אויפגאבן פון דער קעגנזייטיקער הילף און אירע אָפּצווייגונגען, וועט ניט זיין שווער צו באווייזן דאָס ליכט, מיט וועלכן די ארבעטער־לאנדווירטשאפט באשטראלט דעם גאנצן הסתדרותישן שאפונגס־פעלד.

## ג.

עס איז אַן אָנגענומענע זאך, אז יעדער „וואָס" און יעדער „ווי אזוי" וואָס עס האט געשאפן דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער, נעמט זיך פונם אויפפאסן דעם קאמפּס־פראָנט פאר יידישער ארבעט אין ארץ־ישראל. די סאָפּיאָרן פון דעם דאָזיקן פראָנט זיינען, — פון דעמאָלט ביזן היינטיקן טאָג — די ארבעטער אין דער קאָלאָניע. זיי זיינען אין משך פון א סך יאָרן געבליבן פאראיינזאמט, אויך איצטער איז זייער לאגע זייער אַן ערנסטע, אָבער מען קען ניט פארלייקענען, אז מיט דער הילף פון דער גאנצער באוועגונג איז פארשטארקט געווארן דער אָנגריף פונם ארץ־ישראלדיקן ארבעטער אויף דעראָבערן די ארבעט אין דער קאָלאָניע.

די גאנצע פרשה פון קעגנזייטיקער הילף, אין דער פאָרם ווי זי האָט זיך געוועבט פאַרן יידישן ארבעטער אין דער קאָלאָניע, צי אין די ראמען פון דער הסתדרות חקלאית, צי אין די ראמען פון דער אלגעמיינער הסתדרות — אין איר געפּינסטו דעם ברען צו דער כיבוש העבודה, כדי אויפצונעמען נייע עולים און זיי צו פארפעסטיקן.

צווישן די, וועלכע העלפן דעם ארץ־ישראלדיקן ארבעטער צו פארפעסטיקן זיך אין דער קאָלאָניע געפינען זיך — א חוץ דער יידישער אגענץ — דער ועד הפועל פון דער הסתדרות, דער מרכז־החקלאי, „ניר", קרן־חוסר־עבודה, בנק־הפועלים, סולל־בונה, „ביצור". מיט זייער כוח, אין פארשיידענע קאָמבינירונגען, איז דער־מעגלעכט געוואָרן צו בויען וואוינונגען פאר קאָלאָניע־ארבעטער — מיט דער הילף פון „קרן־בילינסון" און די געזעלשאפטן „בדולח" און „נוה־עובד", וועלכע דינען ספּעציעל צו דעם דאָזיקן צוועק; די אנטוויקלונג פון הילפס־ווירטשאפטן אין פלוגות פון די קבוצים און מושבים — מיט דער הילף פון קרעדיט־פאָנדן פאר דעם דאָזיקן צוועק; א פאָנד פאר קליינע הלוואות פאר ארבעטסלאָזע („משען"); פארזאָרגונג פון לעבנסמיטל און אנדערע הילף פון קרן־חוסר־עבודה; פינאנציעלע הילף פאר די ארבעטער־ראטן אין די קאָלאָניעס.

אבער באזונדערס אינטערעסאנט וועט זיין אן איבערבליק איבער די קעגנזייטיקע הילפס־באציאונגען צווישן דער זעלבסטשטענדיקער אר־

בעטער־ווירטשאפט און דער לוין־ארבעט אין דער קאָלאָניע. נאָכדעם ווי די קאָלאָניע איז געוואָרן איינער פון די וויכטיקע פאַקטאָרן פאַר דעם אויפשפּראָץ פון דער זעלבסטשטענדיקער ארבעטער־ווירטשאַפט, האָט זיך די דאָזיקע ווירטשאפט אומגעקערט צו איר ערשטער אכסניה — צו דער קאָלאָניע. דאָס מאָל איז זי דערשינען אלס אָנפירנדיקער פאקטאָר צו פאַר־פעסטיקן די יידישע לוין־ארבעט און ניט נאָר אלס נצרך, וואָס נויטיקט זיך אין פאַרברייטערן זיין אייגענע באזע.

כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּרט איז דער אויסצוג פונם באריכט צו דער פינפטער לאַנדווירטשאפטלעכער קאָנפערענץ: „עס זיינען אדורך אַ סך יאָרן ביז דער מרכז החקלאי האָט געפונען אַ לעזונג פאַר דער אָנגעווייטאָקטער פראגע פון אריינפירן דעם נייעם עולה און ארבעטער אין דער ארבעט. אויפן רוף פון מרכז החקלאי האָבן חברים פארלאָזן זייערע ווירטשאפטן און איבערגעגאַנגען אין די קאָלאָניעס, צו אינסטרואירן אין אגריקולטור דעם נייעם עולה און לוין־ארבעטער אין דער קאָלאָניע”.

ד א ס א ו ן נ אָ ך. די צוזאמענשליסונג פון קאָלאָניע־ארבעטער אויף דער באזע פון אייגענער ארבעט־אונטערנעמונג (עבודה קבלנית) — האָט שוין אונטער זיך אַ שטורמדיקע געשיכטע, אָנהויבנדיק פונם פּרווו פון די גרופּן „אחוה” און „עבודה” אין 1913 ביז די מעפּילים־גרופּן אין דער קאָלאָניע. אָבער נאָר אַ דאַנק דעם כוח פונם קאָלאָניזאַטאָרישן אויפטו זיינען פון די פּרווון אויסגעוואַקסן — ארום די קאָלאָניעס און נעבן זיי — אַ רינג פון צענדליקער לאנדווירטשאפטן, קבוצים און מושבים, און זיי האָבן געשאפן, לכתחילה און בדיעבד, איינע פון די וויכטיקסטע פעסטונגען צו פארשטארקן די יידישע ארבעט אין דער קאָלאָניע.

דער דערפאָלג פון דער זעלבסטשטענדיקער ארבעטער־ווירטשאפט האָט געדינט אלס פאַקטאָר פארן גרינדן דעם „יכין”, די „משרדים קבלניים לחקלאות” (אונטערנעמונגס־אַמטן פאַר לאנדווירטשאפט) און צום סוף — די געזעלשאפט „חק”ל”, אַ צענטראַלע אונטערנעמונגס־געזעלשאפט פאַר פּרדסים־ווירטשאפט, אין שותפות פון דער הסתדרות מיט דער יידישער אגענץ. דאָס אַלץ איז ארויסגעדרונגען פון דער שטרעבונג, ניט צו זיין געצוואונגען זיך צו רעכענען נאָר מיטן חשבון פון פּרדס־אייגנטימער און צו פאַרפעסטיקן דעם לעבנס־ניוואָ און די עקזיסטענץ פונם יידישן ארבע־טער אין קאָלאָניע.

העכער דרייסיק יאָר ציט זיך דער ענין פון כיבוש העבודה אין דער קאָלאָניע, אויף דעם דאָזיקן מזבח האָט מען מקריב געווען יוגנט־יאָרן און לעבנס־ענערגיע פון צענדליקער טויזנטער חברים, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן דער ארבעטס־דעראָבערונג אין קאָלאָניע.

די באוועגונג וועט ניט רוען און וועט זיך ניט בארואיקן, ביז זי וועט אָנזאמלען גענוג כוח, צו ציען ווייטער איר וועג — אויסצולייזן די יידישע ארבעט אין דער קאָלאָניע.

ד.

פאר אונז ליגט א פאבריק־סטאטוס, אָפּגעדרוקט אין העברעיש און אין פראנצויזיש, מיטן נאָמען: „געזעצן און רעגלאמענטן פון דער פאבריק ל. שטיין און שותפים, מאשינען־מייסטער, יפו". דער סטאַטוט איז פון דער תקופה פאר 1910. צווישן אנדערע קען מען דאָרט זען די פאָלגענדע פונקטן, ווי אזוי זיי זיינען דעמאָלט געשריבן געוואָרן מיט זייער לשון:

„די צייט פון דעם ארבעטס־טאָג איז זומער פון 6 אינדערפרי ביז 6 אינאָוונט און ווינטער — פון 7 ביז 7; עס ווערט באשטימט א האלבע שעה פאר פרישטיק און א שעה פאר מיטאָג; פאר יעדע מלאכה וואָס דער ארבעטער וועט דורך א טעות שעדיקן און קאליע מאכן איר פורעם, אָדער צעברעכן אדער פארלירן, וועט ער דארפן באַצאָלן פון זיין געלט. די לייטונג וועט פארגלייכן צווישן די ארבעטער אין פאל פון א קאָנפליקט צווישן זיי און דאס נאָר נאָך דער ארבעט; דאָס אוועקגיין פון ארבעטער און דאס אָפּזאָגן זיי: יעדער ארבעטער קען אוועקגיין אָדער זיך אָפּ־זאָגן אין יעדער צייט, מעלדנדיק 24 שעה פריער, מיטן תנאי, אז ער איז ניט פארבונדן; אזוי האָט אויך די לייטונג דאָס רעכט אָפּצוזאָגן יעדן ארבעטער אָן שום באלוינונג, מעלדנדיק אים וועגן דעם 24 שעה פריער; אויב דער ארבעטער וועט איבערשרייטן דעם דאָזיקן אָפּמאַך, אָדער ער וועט זיך פארזינדיקן מיט א גרויסע זינד, ווערט ער תיכף אָפּגעזאָגט אָן שום אנטשעדיקונג; יעדער ארבעטער דאַרף אויף זיין אייגענער אחריות אָפּהיטן די פאָרזיכטיקייטס־מיטלען, וועלכע עס פאָדערט זיין ארבעט, כדי ניט צו ברענגען פאר זיך קיין אומגליק; קיין שום מענטש קען זיך ניט באקלאָגן אָדער זיך דערלויבן צו בעטן פונם פאבריק־אייגנטימער וועלכע־עס־איז אנטשעדיקונג אָדער אונטערשטיצונג, אויב בעת דער ארבעט אוי־סער דער פאבריק אָדער אין דער פאבריק, איז אים געשען וועלכער־עס־איז אומגליק. ער קען אויך ניט פאָדערן קיין שום הילף פאר דער גאנצער צייט פון זיין ניט־ארבעטן."

דער דאָזיקער סטאטוט געפינט זיך אין אן „ארבעטער־ביכל", וואָס האָט א לויפנדן נומער און אויף זייער ראנד איז פאראן אַן אָרט פאר דער חתימה פונם ארבעטער אונטער די פאָלגנדע שורות: „איך באשטעטיק מיט מיין אונטערגעצייכנטער חתימה, אז נאָכן לייענען און גוט פארשטיין די באדינגונגען פון דעם דאָזיקן סטאטוט, פון אָנהויב ביזן סוף, בין איך

מסכים אויף זיי און איך פארפליכט מיך זיי אויסצופירן מיטן גאנצן הארצן און מיטן פולן ווילן".

אין קעגנזאץ צו די דאָזיקע באגריפן וועגן די ארבעטער־רעכט ביי דער ארבעט געפינען מיר זיך איצט אין לאנד אין אַן אַטמאָספער פון קאָלעקטיווע אָפּמאַכן, וועלכע אנערקענען די רעכט פונם ארבעטער־קאָמי־טעט, פונם פּראָפעסיאָנעלן פאראיין און ארבעטער־ראט: אין די פראגן פון אָרגאניזירטע ארבעט, — גענוגנדע סיבות כדי אָפּצוזאָגן פון דער ארבעט, רעדוקציע לויט דער רייע, אנטשעדיקונגען פאר אָפּגעזאָגטע; אַן 8־שעהדיקן ארבעטס־טאָג, פאסיקע לוין־באַדינגונגען פאר איבער־שעהן און נאכט־ארבעט, יערלעכע און וועכנטלעכע אָפּרו־צייט; יום־טוב־אפּרו, ער־שטער מאי, א פאראלעלער שטייער פונם אייגנטימער פאר קופּת־חולים, פארזיכערונג אין אַן אומגליקס־פאל ביי דער ארבעט, סאניטארישע און היגיענישע איינריכטונגען און נאָך.

געוויס: ניט אין יעדן אָרט, ניט אין יעדן ארבעטס־צווייג און ניט אין יעדער ארבעטס־אונטערנעמונג זיינען די דערגרייכונגען גלייך. עס זיינען אויך פאראן דעפעקטן אין אונזער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג, און ספּעציעל, אין די קריזיס־צייטן. אָבער די הסתדרות איז די, וועלכע האָט דעראָבערט יסודות פאר ארבעטס־באַדינגונגען — אין א לאנד, וואו דער שאָטן פון ביליקע ארבעט איז אויסגעשפּרייט אויף יעדער ארבעטס־ווירטשאפט, און עס איז כמעט ניט פאראן קיין שום אונטערשטיצונג דורך א רעגירונגס־געזעץ.

דער הסתדרות איז געלונגען צו דערפירן צו דעם די ארבעטס־געבער, טראָץ די געפלאָנטערטע באגריפן וועגן ארבעטס־באציאונגען, וואָס הערשן צווישן זיי, ווייל זי האָט געוואוסט ווי אזוי צו אָרגאניזירן דעם גרעסטן טייל פון דער ארבעטערשאפט אין לאנד, און זי האָט פארשטאנען צו ארגאניזירן ביי זיך דעם גרעסטן טייל פון דער ארבעטער עליה: ווייל זי האָט אויסגעבויט צום שוץ פונם ארבעטער א גאנצע נעץ פון ממשותדיקער קעגנזייטיקער הילף; ווייל זי האָט געוואוסט ווי אזוי צו אנטוויקלען אינם יידישן ארבעטער אין ארץ ישראל די פעאיקייט צו דערהערן די דינסטע קלאנגען, וואס דערגייען צו אים פון דעם יידישן, ציוניסטישן און ארבעטער־לעבן.

ה.

דער כוח פונם ארבעטער־קלאס קען ניט געשאפן ווערן אין קיין שום לאנד אָן א ברייטער טעטיקייט, וועלכע זאָל זיך שטיצן אויף אר־בעטער־מאסן אָרגאניזירטע לויט זייערע פּראָפעסיעס — דאָס איז דער רעאַלער אינסטרומענט און אויך דאָס צויבער־שטעקעלע, וואָס האָט פאר־

וואנדלט דעם מענטשן־שטויב אין גאַנצע קאַמף־מחנות, וועלכע פאַרמעסטן זיך צו ענדערן דעם לעבנס־שטייגער פונם ארבעטער און פונם קלאס און די צוקונפט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

דאָס זעלבע גילט אויך לגבי דעם כוח פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

נאָכמער — אין די רייען פון אונזער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, פונקט ווי אין יעדער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג וואָס קאָנצענטרירט מאַסן, קען מען שטענדיק אונטערשיידן אומאָפּהענגיק פון דעם, צו וועלכער עליה געהערן די מאַסן — דריי קאַטעגאָריעס: אַן אַרבעטער, וועלכער זעט אין דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אַן אינסטרומענט צו פאַרטיידיקן זיינע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן; אַן ארבעטער, וועלכער פאַסט־אויף די פראָפעסיאָנעלע באוועגונג ניט נאָר ווי אַן אינסטרומענט פאר זיינע ענגע פראָפעסיאָנעלע אינטערעסן, נאָר ווי אַ ראַם צו פארטיידיקן די ספּעציפישע אויפגאבן פונם ארבעטער־קלאס; און אַן ארבעטער — וועלכער קוקט אריין טיפער און זעט אין דער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג א מכשיר צו פארווירקלעכן די גרויסע שליחות פונם ארבעטער־קלאס, אלס פיאָנער פון פאָלק.

און באוואוסטזיניק אָדער אומבאוואוסטזיניק, ווערט געמאכט אין אלע טיילן פון דער הסתדרות, אין דער ברייט און אין דער טיף, א מעכטיקע ארבעט, כדי אויפצוהויבן מאסן ארבעטער פון דער מדרגה „שלא לשמו" צו דער מדרגה פון „לשמו" — פאר ארץ־ישראלדיקן סאָציאליזם, וואָס זיין אינהאלט איז: די באנייאונג פון יידישן פאָלק דורך ארבעט.

## ו.

דער שטייגער אין דער אלוועלטלעכער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג איז, אז יעדער פראָפעסיאָנעלער פאראיין, אלס כלל, איז אָפּגעזונדערט פון די איבריקע פראָפעסיאָנעלע פאראייגען און נאָר אין אויסערגעוויינלעכע פאלן פירן זיי אדורך אן אלגעמיינע טעטיקייט.

דעריבער צעטיילן זיך די פראָפעסיאָנעלע פאראיינען אין אויסלאנד אויף רייכע און אָרעמע, לויט דער הכנסה־הויך פון די מיטגלידס־שטייערן, וואָס איז אָפּהענגיק פונם פאך, פון דער הויך פון לוין און פון דער צאָל חברים, וועלכע זיינען אָרגאניזירט אין פאראיין.

דעריבער עקזיסטירן אין דער וועלט שטארקע און שוואכע פראָפעסיאָנעלע פאראיינען, פונקט ווי עס עקזיסטירן דאָרט גאנצע פראָפעסיעס, וואָס זייערע ארבעטער זיינען בכלל ניט אָרגאניזירט.

אויף א גאנץ אנדערן יסוד זיינען אויפגעבויט געוואָרן די פראָפע־

סיאַנעלע פאַראייגען אין ארץ ישראל. לויטן יסוד־סטאַטוט פון דער הסתדרות קען אַן ארץ־ישראלדיקער ארבעטער ווערן אַ מיטגליד אינם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אויב ער ווערט אין דער זעלבער צייט אַ חבר אין דער הסתדרות. די דאָזיקע פאַרבינדונג זיינע מיט דער הסתדרות ווערט באַצייכנט דורך זיין אָנגעהעריקייט צום אָרטיקן ארבעטער־ראַט.

דער אָרגאַניזאַציע־אַפּאַראַט, וועלכער באַטרעפט צוואַנציק פּראָצענט פונם מס אחיד (איינהייטלעכן שטייער), גייט אריין אין איין קאַסע פון דעם אָרטיקן ארבעטער־ראַט, וועלכער נעמט אַרום אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צוזאַמען — די שטאַרקע און די שוואַכע. דער ארבעטער־ראַט צעטיילט זיינע מיטלען צווישן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און באַדינט זיי מיט זיין פאַרוואַלטונג, אַפּאַראַט, לאָקאַלן, קולטור־טעטיקייט א.א.וו. — ניט לויט דער אריינגעטראָגענער שטייער־סומע פון יעדן פון זיי, נאָר לויט דער באַדערפעניש פון יעדן פון זיי.

די דאָזיקע שיטה דערמעגלעכט אָוועקצושטעלן הינטער יעדן שוואַכן טייל פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג דעם כוח פון דער גאַנצער אָרטיקער ארבעטערשאַפט — און זי שאַפט אויך די כסדרדיקע מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן די ניט־אָרגאַניזירטע, דאָרט וואו דער כוח פון די ארבעטער אַליין גענוגט ניט דערצו.

דאָס איז די ערשטע אַלגעמיינע שטופּע, אין וועלכער עס ווערט דערצויגן דער חבר פאַר דער הסתדרות.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ וואָס צווינגט אויך דעם חבר, וועלכער איז אריינגעטאָן אין זיינע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן, אויפצוהויבן זיך העכער פון זיי, ארויפצוקוקן אין דער הויך:

עס איז אויסגעשלאָסן, עס זאָל זיך ניט איינקריצן טיף אינם באַוואוסטזיין פון יעדן חבר אין דער הסתדרות איר ספּעציפישער וועג פון קאָנצענטרירטער זאָרג פאַר יעדן יחיד. 75%, בערך, פונם מס אחיד ווערט געווידמעט דער סאָציאַלער קעגנזייטיקער הילף דורכן קרן־חוסר־עבודה און זיינע פאַרשיידענע טעטיקייטס־צווייגן, דורך קופּת־חולים, קרן־נכות (אינוואַלידן־פאָנד), „דור לדור" (עלטער־פאָנד), „מציב" — פאַר פאַרזאָרגן די משפחה פון פאַרשטאָרבענעם חבר.

יעדער הסתדרות־חבר און זיין משפחה קען געניסן אויף אַ גלייכן אופן פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן, ניט אָפּהענגיק פון דער שטייער־סומע, וואָס ער טראָגט אריין — ער ווערט נאָר אויפגעפאָדערט צו צאָלן אַ שטייער לויט דער ריכטיקער הויך פון זיין ארבעטס־לוין. די דאָזיקע שיטה, וועלכע איז שוין ביי אונז געוואָרן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, האָט ניט קיין פּרעצעדענט אין קיין שום ארבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט. דאָרט

באזירט זיך די סאָציאַלע הילף אויפן פּרינציפּ: ווער עס צאָלט מער — באקומט מער.

ז.

די הסתדרות האט באוויזן טעארעטיש און פראקטיש, אז עס איז נישט ריכטיג די צעטיילונג, לויט וועלכער די פראפעסיאנאלע באוועגונג איז אַן ענין פאר „עולם הזה״ און די ארבעטער־ווירטשאפט — אַן ענין פאר „עולם הבא״.

דער סאמע איבערצייגענדער מוסטער פון נאטירלעכע קעגנזייטיקע הילפס־באַציאונגען צווישן דער הסתדרותישער ווירטשאפט און דער פראָ־פעסיאנאלער באוועגונג קען דינען די בוי־פראפעסיע.

אויב די ארבעטער אין דער מושבה זיינען געווען די סאפיאָרן אויפן ארץ־ישראלדיקן ארבעטס־פראנט, זיינען דאך די בוי־ארבעטער געווען די רייטער־ארמיי אויף דעם דאזיקן פראנט. זיי האבן אויפגעהאנגען די פאָן פון יידישער ארבעט אויף די רושטאָוואניעס־הויכן, און זיי האָבן זי געטראָ־גן פון דן ביז באר־שבע, זיי האָבן דעראָבערט דעם יידישן ישוב, און האָבן דערגרייכט ביז דער רעגירונגס־ווירטשאפט, ביז דער אינטערנאציאנאלער ווירטשאפט און אפילו ביז צו דער אראבישער ווירטשאפט.

די מחנה בוי־ארבעטער, וועלכע האט א הערלעכן עבר און א גרויסע האָפנונג אויף דער צוקונפט, האָט מיט אלע אירע וואָרצלען געצויגן די יניקה פון דער אונטערנעמונגס־טעטיקייט (קבלנות) אין בוי־ארבעט: אָנ־הויבענדיק פון טעכנישע גרופן, דורך דעם „אמט פאר עפנטלעכע ארבעטן״ (משרד לעבודות צבוריות) ביזן „סולל־בונה״ און פון אים צו אָרטיקע משר־דים קבלניים און קבוצות קבלניות פאר בוי־ארבעט — און ווידער „סולל־בונה״, וועלכער האט באנייט זיין כוח אין א פאסיקער צייט, און ער איז געבליבן שטיין אויף דער וואַך און פארוואנדלט זיך, אין די קריטישסטע יארן, אין א מוסטער פאר די דערארבערונגס־מכשירים פון דער ארבעטער־שאפט אין לאנד. צו דעם איז צוגעקומען די גרויסע בוי־טעטיקייט פון דער געזעלשאפט „שכון״, פון קרן־חוסר־עבודה, און געזעלשאפטן צו פינאנצירן עפנטלעכע און בוי־ארבעטן: „ביצור״, „טפחות״, „בניני־ציבור״, „חברה לפיתוח צפת״, „חברה לפיתוח טבריה״ — שותפותדיקע געזעלשאפטן פון דער הסתדרות מיט אנדערע ארץ־ישראלדיקע און ציוניסטישע פאקטארן.

די קבלנות אין דער בוי־ארבעט האט אויך געהאט דורכפאלן, אבער זיי זיינען נישטיק לגבי די מעכטיקע דערגרייכונגען: בעיקר אדאנק איר זיינען טויזנטער נייע חלוצים אריינגעדרונגען אינם בוי־פאך; און מיט רעכט קען דער בוי־ארבעטער זאָגן, אז זי, די הסתדרותישע בוי־קבלנות, האָט אים שטענדיק געהאלפן, זי האט אים אין יעדער עת־צרה, אין קריזיס און דעפ־

רעסיע־צייטן דערמעגלעכט צו באקומען ארבעט, צו שאפן און פארמערן ארבעט. די בוי־קבלנות האט געדינט ווי א טרייע אונטערשטיצונג צו דער־ראבערן ארבעטס־באדינגונגען אויפן פריוואטן בוי־מארק. די דערגרייכונגען, וועלכע עס האט דערובערט דער בוי־פאך אין די פראספעריטי־יארן פון 1924־1925, האבן געהאט א גרויסע השפעה אויך אויף די ארבעטס־באדינגונגען פונם ארבעטער אין דער אינדוסטריע און מלאכה, וואס זייער עיקר־אנטוויקלונג האט זיך אָנגעהויבן צום סוף פון דער קריזיס פון דער פערטער עליה. זיי האבן שפעטער געווירקט אויף אלע ארבעטס־געביטן אין לאנד, וועלכע נעמען איצטער ארום, אין שטאט און אין דארף, כמעט פינף הונדערט פאכן.

אין דער זעלבער ריכטונג פון אויפשטעלן א יידישע ווירטשאפט פאר כיבוש עבודה און אויפצונעמען נייע עולים — האבן געווירקט די פאבריקן פון די הסתדרות־אינסטיטוציעס, די ווערק פון דער פראדוציר־קאאפעראציע, די טעטיקייט פון די געזעלשאפטן „אבן", „אבן־וסיד" און „מחצבות־ארצישראליות" פאר דעראבערן דעם ארץ־ישראלדיקן שטיין־מארק, די געזעלשאפט „נחשון" פאר דעראבערן די ארץ־ישראלדיקע פישעריי און די געזעלשאפט „אוירון" פאר דעראבערן די ארץ־ישראדיקע לופטפליערײ.

## ח.

אזוי האבן זיך פארבונדן די פראפעסיאנעלע באוועגונג מיט דער קאלאניזאציע־טעטיקייט.

די קאלאניזאציע־טעטיקייט — אין ברייטן זין פונם ווארט:

„איינצוארדנען ביי קאלאניזאציע אירע חברים אין שטאט און אין דארף, דערוועבן... לאנדווירטשאפטן, פאַרמעס, באדנס... גרינדן, פלאַנירן און בויען שטעט, דערפער, ארבעטער־קאלאניעס און קווארטאלען, אדער באטייליקען זיך אין זייער בויאונג און גרינדונג... אויסצונוצן די אוצרות און ווערטן פון דער ערד, באשעפטיקן זיך מיט יעדער צוגרייטונגס־ארבעט פונם באדן פאר קאלאניזאציע, פארפעסטיקן, אפצורוימען שטיינער, טריקענען, מאכן קאנאלען, אפצוימונגען, פלאנצן, באוואלדערן, פארבעסערן, איינאָרדנען באוואסערונגס־סטאציעס און צוגרייטן דעם באָדן מיט אלע אנדערע וועגן פאר קאלאניזאציע. ארגאניזירן ארבעטער־גרופעס און זיי צוגרייטן צו לאנדווירטשאפט... באשעפטיקן זיך מיט פישפאנגערײ אין טייכן, וואַסערן און ימען... באשעפטיקן זיך מיט ארבעטן ביים פארט, ביי שיפן, אויסלאדן און אָנלאדן שיפן און אראָפּנעמען רייזנדע אין די ארץ־ישראלדיקע פּאָרטן, דערוועבן, איינשאפן און בויען שיפלעך, פישער־שיפלעך, בארקעס, קליינע און גרויסע שיפן און אלע אנדערע אינסטרומענ־

טן פאר שיפעריי און פישפאנגעריי. גרינדן, אנטוויקלען, לייטן, ריכטן און דערוועַרבן וואַרשטאַטן און פאַבריקן אין אַלע אַרבעטס־צווייגן און אין אינ־דוסטריע; אָנפירן מיט יעדער טעטיקייט פון קבלנות פאַר הייזער־בוי, אין עפנטלעכע אַרבעטן און אין אַלע איבעריקע אַרבעטס־צווייגן, בויען און אַדורכפירן וועגן, שאָסייען, עלעקטרישע ליניעס, באַן־ליניעס, קראַפט־סטאַ־ציעס פאַר וואַסער־צושטעלונג, ליכט, עלעקטרע־קראַפט, בריקן, דאַמבעס, קאַנאַלן, טונעלן, פּאַרטן, שיף־סטאַציעס, אַעראָפּלאַן־סטאַציעס, שטיינהאַ־קעריי, מינעראַל־גרובן און אַנדערע אַרבעטן". און נאָך.

אַזאַ געוואַגטער אויסדרוק פאַר דער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט פון דער הסתדרות איז געגעבן געוואָרן אינם „סטאַטוט פון דער חברת העובדים השיתופית בארץ ישראל (חברת העובדים) בע"מ" — „קאָאָפּעראַטיווע אַר־בעטער געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל מיט באַשרענקטער האַפטונג", באַשטע־טיקט דורך דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג און רעגיסטרירט דעם 12־טן מערץ 1924 לויט די פאַראָרדנונגען פאַר קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן. די לעבעדיקע אָפּשפּיגלונג פאַר דעמדאָזיקן סטאַטוט איז געגעבן געוואָרן אין דאָרף און אין שטאָט אין די סך קאָלאָניזאַציע־ווערק אין פאַרשיידענע פאָרמען און שאַטירונגען, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען, איינגעפונדעוועט און פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט דער הילף פון ווירטשאַפטלעכע, קרעדיט־אונטערנעמונגס־ און קאָלאָניזאַטאָרישע מכשירים.

אויב מען זאָל ביי אונזער הסתדרות אַוועקנעמען דאָס קאָלאָניזאַ־ציע־ווערק, וואָס פאַרוואַנדלט זי אין אַ קאָלאָניזאַטאָרישן הויפּט־פאַקטאָר, אַרום וועלכן עס קאָנצענטרירן זיך די פאָלקס־מאַסן — נעמט מען ביי איר צו דעם „שם־המפורש".

אויב מען זאָל ביי אונזער הסתדרות צונעמען דאָס ווערק פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וואָס מיט איר כוח פירט זי אָן און קאָנצענ־טרירט די אַרבעטער־מאַסן — וואָלט מען ביי איר צוגענומען איר גוף, און זי וואָלט געבליבן אַ נשמה וואָס שוועבט אין דער לופט.

די ביידע זיינען געפלאָכטן און געבונדן איינער מיטן צווייטן, די אָפּשוואַכונג פון איינעם פון זיי — איז די אָפּשוואַכונג פון אַלץ; די שטאַר־קונג פון אַ טייל — איז די שטאַרקונג פון גאַנצן.

### ט.

עס לאָזט זיך גאָרניט געבן אויסרעכענען אַלע טעטיקייטן און אַנט־פּלעקונגען פון דער קעגנזייטיקער הילף אין דער הסתדרות: די קרעדיט־הילף פון בנק־הפועלים פאַרן אָרגאַניזאַציאָנעלן סעקטאָר פון דער הסתד־רות און פאַרן ווירטשאַפטס־סעקטאָר, וואָס באַדינט אים; די באַדייטענדע

סובסידיעס פון די ווירטשאפטלעכע אנשטאלטען יאר־איין יאר־אויס, פאר די פארשידנסטע ארגאניזאציאנעלע און סאציאלע אונטערנעמונגען פון דער הסתדרות; די זארגן פון ועד הפועל צו געבן א באזונדער שוץ דעם „ותיק", דעם לאנג־יאריקן חבר פון דער הסתדרות; די קעגנזייטיקע הילף פון די ווירטשאפטלעכע אנשטאלטן — צווישן זיך זעלבסט — אויב איינעם פון זיי טרעפט א צרה; די הילף פון די ווירטשאפטלעכע אנשטאלטן אין דער שאפונג פון נייע הסתדרותישע ווערק; דאס פלעגן די געברויכס־קאאפעראציע אין די שטעט דורך דעם לאנדווירטשאפטלעכן מכשיר „המשביר"; די פראדוציר, באדינונגס און טראנספארט־קאאפעראציע — וואס איז, ביי אלע אירע אינערלעכע שוועריקייטן, אן אויסדרוק פון קעגנזייטיקער הילף; די ברייטע און דערפאלגרייכע טעטיקייט פון דער ארבעטערינס־באוועגונג, און אין זייער צענטער — דאס סאציאלע ווערק פון די ארגוני אמהות עובדות; די באזונדערע אקטיוויטעט פונם אנגעשטעלטן־פאריין, (הסתדרות הפקידים) וועלכער נעמט אין זיך אריין דעם גרעסטן טייל פון די אנגעשטעלטע אין לאנד, פון א געהילף אין א קרעמל, ביז די אמטן פון דער יידישער אגענץ; „די מדינה פון דער ארבעטער־יוגנט" מיט אירע סניפים און ווערק אין שטאט און אין דארף, וועלכע שטיצט זיך אויף דער הילף פון די דערוואקסענע דורך דער פארמיטלונג פונם הסתדרותישן ועד הפועל, דעם מרכז החקלאי, די ארבעטער־ראטן אין די שטעט און אין די קאלאניעס, דעם צענטראלן ארבעטערינס־ראט און די ארבעטער־קאלאניזאציע; די ספארט־טיווע פאראייניקונג „הפועל", וואס אויך זי ווערט געשטיצט דורך אלע הסתדרותישע טיילן; אריינרעכענדיק די לער־יוגנט, וועלכע געניסט אויך פון דער הסתדרותישער הילף, קומט אויס, אז צענדליקער טויזנטער יוגנט־לעכע און ארבעטער־יוגנט געניסן פון דער הילף פון דער דערוואקסענער ארבעטערשאפט.

די באוועג־קראפט פאר דעם אלעם איז: די פאזיציע־שטארקונג פון דעם ארבעטער־קלאס און זיין צוגרייטונג צו זיין דער טרעגער פונם עול פאר דעם עליה־אויפנעם.

ט.

די זארג פארן רעזשים פון עליה־אויפנעם, וועלכע געפינט איר אויסדרוק אין דער גרויסער פארשידנארטיקער קעגנזייטיקער הילף, וואס איז איינגעפירט אין דער הסתדרות, זי האט עס געבראכט צו דער סטרוקטור פון דאפלטער קאנצענטרירונג, מיט וועלכער די הסתדרות צייכנט זיך אויס:

1. די ווערטיקאלע קאנצענטרירונג, לויט וועלכער דער אנהויב פונם לייטער איז — דער ארבעטער־קאמיטעט אינם ארבעטס־ארט,

און זיין סוף — דער הסתדרות־צוזאמענפאר, און אינמיטן — די ארטיקע ארבעטער־ראטן.

דער ארבעטער־ראט שטעלט מיט זיך פאָר, טעארעטיש און פראקטיש, די העכסטע מאכט פאר די ארבעטער אויפן ארט, פונקט ווי דער הסתדרות־צוזאמענפאר שטעלט מיט זיך פאָר טעארעטיש און פראקטיש, די העכסטע מאכט פאר אלע ארבעטער אין לאנד. פונם מאָראלישן און יורידישן שטאנד־פונקט פארמאָגן די ארבעטער־ראטן אין שטאָט און אין דאָרף אָט די דאָזיקע מאכט, ווייל זיי ווערן געוויילט אויף א דירעקטן אופן פון אלע ארבעטער אויפן ארט, אָן אונטערשיד פון פראפעסיע. די דאזיקע שיטה, וועלכע איז נישט באקאנט אין קיין שום אנדערער ארבע־טער־באוועגונג, איז איינגעפירט געוואָרן אין לאנד נישט דורך א צופאל. זי דרינגט ארויס פון די אויפגאבן פונם ארץ־ישראלדיקן ארבעטער, וואס כדי זיי צו פארווירקלעכן איז נויטיק די אויסנוצונג פונם מאקסימום פון אלע מעגלעכע כוחות פון דער ארבעטערשאפט.

די צענטראלע גזעצגעבערישע אנשטאלטן, דער אלגעמיינער צוזא־מענפאר, דער הסתדרות־ראט, זיינען אויך די צענטראלע אינסטאנצן פארן גאנצן ווירטשאפטלעכן געביט. די דאזיקע אנשטאלטן האבן אויך דאס רעכט און דעם חוב צוצופאסן אלע הסתדרותישע ארבעטס־צווייגן און הסתדרות־ווערק און אריינפירן זיי אין אלגעמיינעם שפאן פון דער באוועגונג און אירע באדערפנישן.

2. די הארייזאנטאלע קאנצענטרירונג דריקט זיך אויס אין דער שיטה פון פראָפּאָרציאָנעלע וואלן, וועלכע עקזיסטירן אין דער הסתדרות. דער דאָזיקער וואַל־מעטאָד פירט איבער דעם שווערפונקט פונם אויסגעוויילטן יחיד צו דער אידייאישער ריכטונג — קאנדידאטן־ליסטעס פון פארטייען און שטרעמונגען אין דער הסתדרות. אין א לאנד, וואו יעדע נייע כוואלע פון עליה קען אוועקשטעלן פאר א ווענדע־פונקט די יסודות פון דער הסתדרות — איז דער פראפארציאנעלער וואל־מעטאד א שוצוואנט קעגן צופעליקע און פרעמדע שטרעמונגען אין דער ארבעטער־באוועגונג. מיטן כוח פון אזעלכע וואלן ווערן די ענינים פון דער באוועגונג איבערגע־געבן אין די הענט פון אויסגעוויילטע, וועלכע האבן הינטער זיך און אי־בער זיך א געזעלשאפטלעכע קאָנטראָל און די אחריות פון פּאָליטישע און אידייאישע קערפערשאפטן.

**יא.**

די הסתדרות קען מיט רעכט אָנווייזן אויף א גאנצע ריי טעטיקייטן און ווערק, וועלכע זיינען אויסן צו דערהויבן די יידישע קולטור אין לאנד: צי מיטן דערווערבן די איינהייטליכע שפראך פארן ארבעטער — העברעיש

ווי א זעלבסט־ציל און אלס ציוניסטיש־סאציאליסטישער געזעלשאפטלעך־קולטורעלער און ארגאניזאציאנעלער מיטל; צי מיטן אוצר פון ארבעטס־ליטעראטור אין לאנד אין אלע אירע אנטפלעקונגען, אלס דערציענדער, איניציאטיוו־וועקנדער און אקטיוויזירנדער פאקטאָר — פון איר אנטשטייאונג אָן מיט א סך צענדליקער יאָרן צוריק ביזן היינטיקן טאג, מיטן „דבר" אין דער שפיץ, וועלכער איז געווען א כסדרדיקער אומ־פאסנדיקער און טיפער אויסדרוק פארן ארבעטער־לעבן, זיינע וואונטשן און שטרעבונגען אין הסתדרות, אין ציוניזם און אין פאלק; צי מיטן הסתדרותישן בוכפארלאג „עם עובד"; צי מיטן קולטור־לעבן פון דער ארבעטער־קאָלאָניזאציע, וואָס איר ווערט איז נאָך נישט גענוג אָפּ־געשאצט געוואָרן; צי מיט דער ברייטער טעטיקייט פון דער אמאָליקער צענ־טראלער קולטור־קאָמיסיע — און איצט — דער מרכז לתרבות, די מחלקת הסברה, די מחלקה לעברית און די קולטור־קאמיטעטן פון די ארבעטער־ראטן אויף די ערטער; צי מיט דער קינסטלערישער טעטיקייט פונם „אהל"; צי די זארג פאר דער ספעציעלער דערציאונגס־נעץ פון דער הסתדרות דורך דעם מרכז לחינוך, וועלכע נעמט ארום א פינף־און־צוואנציק טויזנט קינדער אין די קינדער־גערטנער, דערציאונגס־אנשטאלטן, פאך־און מיטל־שולען; צי אין דער קאנצענטרירונג פון צענדליקער טויזנטער יוגנטלעכע אין דער הסתדרות, און דורך איר ווערן זיי דערצויגן לויטן געבאָט פון דער ארץ־ישראלדיקער באפרייאונגס־באוועגונג — דורך דעם הנוער העובד, „הפועל" און די פארשיידענע יוגנט־אָרגאניזאציעס פונם ארבעטנדן ארץ־ישראל.

אין די דאָזיקע און אין נאָך א סך אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען דאָ ניט אויסגערעכנט געוואָרן, ווערן געמאכט אומגעהויערע אָנשטרענ־גונגען פאר דער קולטורעלער פארטיפונג און דערהויבונג פונם יידישן ארבעטס־מענטש אין ארץ־ישראל.

אבער מיט דעם אלעם האבן מיר נאך נישט פעסטגעשטעלט דעם עיקר.

אינם בוי־פאך איז באוואוסט, אז בעטאָן וואס איז אויסגעגאסן גע־ווארן אינם און אויפן אייזערנעם סקעלעט — שטעלט מיט זיך פאר אַן איינהייטלעכן מאטעריאל און אנטהאלט אין זיך אַ שטארקן ווידערשטאנדס־כוח, קעגן דרוק, געשפאנטקייט, בויגזאמקייט און צעברעכלעכקייט. דער־דאזיקער מאטעריאל הייסט: אייזן־בעטאָן.

די קולטור פון אַן איינגעוואָרצלט פאָלק קען מען פארגלייכן צו אזא אייזן־בעטאָן. דאס לאנד, די ארבעט און די שפראך שטעלן מיט זיך פאר דעם סקעלעט, וועלכער ווערט אנגעפילט — אין משך פון דורות און

יובלות — מיט א דינאמישן געמיש פון פארשידענע השפעות: בילדונג און טעכניק, ווירטשאפט און געזעלשאפטס־פארהעלטנישן, דערציאונג און לעבנס־שטייגער, ליטעראטור און קונסט; און די אלע — דורך קעגנזייטיקע איינפלוסן — שטעלן מיט זיך פאָר און שאפן אין יעדן פאלק א נאציאנאלע קולטור מיט א זעלבסטשטענדיקן כוח פאר עקזיסטענץ און אנטוויקלונג.

די יידישע גלות־געשיכטע ווערט באגלייט דורכן וויי־געשריי פון דער יידישער קולטור, וואָס עס פעלט איר דער סקעלעט, און וואָס געפינט זיך אונטערן „דרוק פון געשפאנטקייט, בויגזאמקייט און צעברעכלעכקייט״ פון פארשיידענע קולטורן.

דער ציוניזם האָט זיך פארמאָסטן פון אָנהויב אָן צו פאריכטן דעם גוף און די נשמה פון דער יידישער קולטור. מיר זעען דעם אָנהויב פון איר אנטשטייאונג. איר שותף איז יעדער ייד, וואָס געפינט זיך אין ארץ־ישראל, אלע געזעלשאפטלעכע שיכטן אין ישוב און אלע אינסטיטוציעס און אָרגאניזאציעס, וועלכע העלפן מיט דער יידישער קולטור אין ענגן און אין ברייטן זין פונם וואָרט.

אבער עס וועט ניט זיין קיין שום איבערטרייבונג, אויב מיר וועלן פעסטשטעלן דעם ספעציעלן געוויכט — און אפשר דעם אנטשיידנעם — וועלכן עס האָט דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער אינם שאפונגס־פראָצעס פון דער קולטור אין לאנד.

די צווייטע עליה — זי איז די, וועלכע האָט אוועקגעלייגט די יסודות פאר יידישער ארבעט און פאר דער העברעישער שפראך; איר לערע האָט זי איבערגעגעבן דער „החלוץ״־באוועגונג און דער יוגנט פארן ארבעטנדן ארץ ישראל אין גלות. דער „החלוץ״ און די יוגנט האָבן איבערגענומען די דאָזיקע לערע און זי געפלעגט אין משך פון צענד־ליקער יאָרן.

די „החלוץ״־באוועגונג און די יידישע יוגנט האָבן געפונען זייער נאטירלעכן המשך אין דער הסתדרות, און מיט איר הילף האָבן די טרעגער פונם ארבעטס־געדאנק און פון דער העברעישער שפראך געשטראָמט אין די צענדליקער טויזנטער אין די ארץ־ישראלדיקע שטעט און קאָלאָניעס, צו די בערג און טאָלן.

די צוזאמענשמעלצונג פון דער ארבעט און פון דער העברעישער שפראך, זי האָט עס געגעבן דעם לאנד די געשטאלט און דעם אינהאלט פון א יידישער ארץ־ישראלדיקער לאנדשאפט, א קאָנקרעטע און גייסטיקע לאנדשאפט — זי האָט עס געשאפן דעם אייזערנעם סקעלעט פאר אויסגיסן דעם „אייזן־בעטאָן״ פון דער ארץ־ישראלדיקער קולטור, וואָס שאפט זיך פאר אונזערע אויגן.

י. גורפינקעל

# קאנטראל און אויפזיכט אין דער הסתדרות

## א.

אונזער הסתדרות איז אַן אייגנאַרטיקע דערשיינונג, וואָס איז ניט ענלעך צו אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער. ניטאָ נאָך אַזאַ מדינה אין דער וועלט, וואו העכער אַ דריטל פון אירע דערוואַקסענע בירגער זאָלן זיין פרייוויליק פאַראייניקט אין איין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס העכער צוואַנציק טויזנט פון אירע מיטגלידער לעבן אַ פולשטענדיק קאָמונע־לעבן און נאָך טויזנטער אַנדערע אין מושבי עובדים און זיינען מקיים ביי זיך גלייכהייט און קעגנזייטיקע הילף אין אַזאַ מאָס, וואָס איז גאָר ניט בנמצא אין קיין שום אינדיווידועלער לעבנס־פאָרם.

ס׳איז ניטאָ אין דער וועלט נאָך אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל האָבן דערהויבן די קעגנזייטיקע הילף צווישן אירע חברים צו אַזאַ הויכער מדרגה, ווי אונזער הסתדרות. ווען מיר פאַרגלייכן דעם היקף פון הילף, די לענג פון דער צייט, אין וועלכער זי ווערט געגעבן, די צייט, וואָס מען דאַרף וואַרטן, איידער מען איז באַרעכטיקט צו באַקומען הילף אין אירע פאַרשיידענע פאָרמען, ווי קראַנקן־שטיצע, הילף פאַר אינוואַלידן, פאַר אַלטע („דור לדור״), פאַר אַן אַלמנה און יתומים („מציב״) — זעען מיר, אַז די קעגנזייטיקע הילף אין דער הסתדרות איז ווייט איבערגעשטיגן די מאָסן, וואָס עקזיסטירן אין אַנדערע אַרבעטער־באַוועגונגען. די פאָנדן פון קעגנזייטיקער הילף אין אַנדערע לענדער עקזיסטירן דאָס רוב ביי פאַרשיידענע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ביי איטלעכן באַזונדער, און די מאָס הילף, וואָס ווערט געגעבן דעם חבר, איז אָפּהענגיק פון דער הויך פון זיין מיטגלידס־אָפּצאָל. ווער עס צאָלט מער — באַקומט מער. אַנדערש איז עס ביי אונדז: די פאָנדן זיינען אַלגעמיינע און בשותפות׳דיקע פאַר אַלע מיטגלידער פון דער הסתדרות, און די הילף, וואָס ווערט געגעבן, איז גלייך פאַר אַלעמען, אומאָפּהענגיק פון דער הויך פון מיטגלידס־אָפּצאָל, וואָס דער חבר באַצאָלט.

אין אַנדערע לענדער ביים פאַרטיילן אַרבעט צווישן די אַרבעטסלאָזע, ווערט די רייע באַשטימט פשוט לויטן סדר פון דער רעגיסטרירונג. די פיזישע קראַפט פון דעם אַרבעטער און זיין פאַך־קוואַליפיקאַציע זיינען אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר ביים באַשטימען, ווער עס ווערט פריער געשיקט צו דער אַרבעט. די הסתדרות אָבער באַמיט זיך אָפּצוהיטן אויך אויף דעם געביט פרינציפּן פון יושר און געזעלשאַפטלעכע שיטות. זי שיצט דעם

שוואכן, דעם וואס איז שוין לאנג אין לאנד, דעם וואס האט א גרעסערע משפחה.

אויף דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין לאנד ליגט דער פליכט צו באשאפן ארבעט, וואס איז ניט געווען, אויסבילדן ארבעטער און אויס־לערנען זיי צו ארבעטן, קעמפן פאר מינימאלע עקזיסטענץ־באדינגונגען פאר ארבעטער, אלס קולטור־מענטשן, קעמפן פאר יידישער ארבעט, לייגן, מיט זעלבשטענדיקע מיטלען, די יסודות פאר סאָציאלער פארזיכערונג, שאפן א זעלבשטענדיקע ארבעטער־ווירטשאפט, דינען אלס הויפט־שטיצע פאר דער ציוניסטישער באוועגונג און זיין דער הויפט־טרעגער פון דער נייער העברעאישער קולטור.

אויף די אלע געביטן איז די הסתדרות טעטיק נאר מיטן כוח פון פרייען ווילן פון אירע חברים און פון דעם שטארקן דראנג צו גאולה, וואָס האָט באהערשט אירע גרינדער און האָט באוועגט מאסן באגייסטערטע חלוצים און יוגנט צו דרייסטע חלוצישע מעשים.

אזוי איז אונזער הסתדרות געווארן דער רוקן־ביין פון ישוב.

ב.

קיינמאל האט אונזער הסתדרות ניט געוואוסט דעם טעם פון זעלבסטצופרידנהייט, ניט געווען באפרידיקט מיט דעם, וואס זי האט דער־גרייכט. איטלעכע דערגרייכונג איז נאר אַן אָנהויב און אַן אריינפיר צו נייע דערגרייכונגען. ווייל דאס וואס מיר פארמאָגן שוין, איז דאך אזוי ווייניק אין פארגלייך מיט דעם, וואס עס פעלט אונז נאך, און אויך דאס וואָלט פארוועלקט געווארן, ווען עס בלייבט אָן א המשך.

ביי די ארבעטער אין אנדערע לענדער איז די אויפשטעלונג פון א נייער געזעלשאפט — א ציל פון דער ווייטער צוקונפט. אלץ איינס, צי זיי קלערן אויפשטעלן די נייע געזעלשאפט אויף די חורבות פון אלטן רעזשים מיטן כוח פון א רעוואָליוציע, אדער זיי ווילן זי אויפבויען אויפן וועג פון עוואָליוציע. אזוי צי אנדערש — אָבער דער צוקונפטיקער ציל פון דער איבערקערעניש איז ניט מחייב יעדען יחיד שוין איצט צו בייטן זיין לעבענס־שטייגער. אנדערש איז עס ביי אונז. מיר זיינען א באוועגונג פון פארווירקלעכונג, וואס שטרעבט צו לייגן שוין איצט די יסודות פון דער נייער ארדנונג: מאקסימום פון גלייכהייט און קעגנזייטיקער הילף, אליין־ארבעט אין דער קאָאָפעראטיווער ארבעטער־ווירטשאפט אין שטאָט, אין דער לאנדווירטשאפטלעכער קאָלאָניזאציע און אין פריוואטן לעבן פון איטלעכן חבר, באזייטיקונג פון עקספלואטאציע פון איינעם דורכן צווייטן.

דעריבער זיינען מיר אזוי עמפפינדלעך, בעת מיר זעען א גרויסע דיסטאנץ צווישן אונזערע צילן און דער ווירקלעכקייט; פון דעם שטאמט דאס געפיל פון זעלבסט־קריטיק, וואס איז אזוי שטארק אנטוויקלט ביי אונז, און וואס איז א מין וויטאמין, וועלכער גיט צו חיות דער ארבעטער־באוועגונג אין לאנד. ס׳טרעפט אבער, אז די דאזיקע קריטיק כאפט אריבער די מאָס און איז פוגע ניט די מענטשן, וואס פארווירקלעכן די אויפבוי־ארבעט, נאר דאס אויפבוי־ווערק אליין; ס׳טרעפט, אז אנשטאָט דעם אָפּפרישנדיקן ווינט פון אַן עכטער קריטיק און פון דעם ווילן אויסצובעסערן די פעלערן, איז עס נאר סתם אַ חטאים־זוכעריי, וואָס ברענגט ניט מיט זיך קיין שום נוצן.

ניט אלע חברים פון דער הסתדרות זיינען מסוגל צו זעען מיט אָפענע אויגן און אין דעם ריכטיקן ליכט דעם אויפטו פון דער הסתדרות. דער נייער עולה, וואָס קומט אין לאנד, האָט אויסצושטיין שווערע נסיונות: דאס ארבעטס־לעבן אליין, וואס איז פאר אים ניי, א נייע געזעלשאפטלעכע סביבה, א נייע שפראך. און ער דארף זיין פעסט פאַרהאַרטעוועט אינערלעך, כדי ער זאל ביי די אלע נסיונות ניט פארלירן די פערספעקטיוו און ניט ארויסלאָזן פון אויג דעם גרויסן שיין, וואס ליגט פארבאָרגן אין דעם ווערק פון דער ארבעטער־באוועגונג.

עס איז דעריבער וויכטיק, מיר זאלן זאגן פאר זיך אליין און פאר אנדערע דעם גאנצן אמת וועגן אונזער אויפבוי־ווערק, דעם אמת, אזוי ווי ער איז מיט זיינע ליכט און שאָטנס, ניט פארמאכן די אויגן אויף פעלערן, וואס זיינען פאראן, אבער אויך ניט צוצוגעבן קיין אויסגעטראכטע, וואס זיינען ניט געשטויגן ניט געפלויגן.

דעריבער האבן א באזונדער ווערט די אנשטאלטן פון קאנטראל און אויפזיכט אין דער הסתדרות. זייער אויפגאבע איז ניט סתם זוכן חסרונות, נאר זען צו באזייטיקן די פעלערן.

די זעלבע אייגנארטיקייט, וואָס צייכנט אויס אונזער אויפבוי־ווערק און זיינע טרעגער, איז כאראקטעריסטיש אויך פאר דעם קאנטראָל־אָרגאַן אין דער הסתדרות. ער באגנוגנט זיך ניט מיט דער ראָל פון א געוואוינ־לעכער קאָנטראָל־קאָמיסיע, וואס אונטערזוכט די סדרים פון געלט־ענינים און חשבונות, נאר ער פילט אויס די אויפגאבע פון א ריכטער צווישן דעם גרויסן צבור, וואס טראָגט אויף זיך דעם אויפבוי־ווערק, און די אנשטאלטן, וואס ער האט אויסגעוויילט, כדי זיי זאלן באדינען דעם כלל און דעם יחיד.

איטלעכער קאָנטראָל־אָרגאַן גוויטיקט זיך אין דעם צוטרוי פון דער געזעלשאפט. על אחת כמה וכמה איז עס געזאגט געווארן וועגן דעם

קאנטראל־ארגאן פון דער הסתדרות. און דאס איז גאר ניט פון די לייכטע זאכן.

די הסתדרות איז ניט קיין מדינה. זי האט ניט קיין מאכט־אָרגאנען. זי קען ניט אויפצווינגען איר ווילן דעם יחיד, אויב ער אליין איז ניט גרייט פרייוויליק נעמען אויף זיך די דיסציפלין פון דער הסתדרות. א בירגער פון א מדינה קען ניט אראָפּוואַרפן פון זיך איר שליטה, סיידן ער הויבט אויף אַן אויפשטאנד קעגן איר אָדער ער פארלאזט אירע גרענעצן. דער חבר פון דער הסתדרות קען אבער פשוט ארויסטרעטן פון איר, און דערמיט איז געענדיקט איר הערשאפט איבער אים.

און פונדעסטוועגן איז דער כוח פון דער הסתדרות גענוג גרויס; ווייל איר טעטיקייטס־געביט נעמט ארום שטחים, וואס זיינען לעבנס־וויכטיק פאר אירע חברים — ארבעט, קאָלאָניזאציע, מעדיצינישע הילף, באוואוינונג, קעגנזייטיקע הילף אין אירע פארשיידענע פאָרמען, קולטור. און עס איז מעגלעך, אז וואס מער ס׳וועט וואקסן דער פארנעם פון דער הסתדרות־טעטיקייט, וואס מער ס׳וועלן זיך פארצווייגן אירע אנשטאלטן און אויספיר־אָרגאנען, אלץ מער וועט זיך דער יחיד פילן אָפּהענטיק קעגן דער גרויסער פארצווייגטער אָרגאניזאציע, הגם קיינער האט זי ניט אויפ־געצוואונגען אויף אים און ער אליין האט זיך עס אלץ אויסגעקליבן מיט זיין גוטן ווילן.

ניט אלעמאָל איז דער יחיד גערעכט. ס׳טרעפט, אז ער טרייבט איבער אין זיינע פאָדערונגען, ווייל ער ווייסט ניט, וואו איז דער גרעניץ פון דער הילף, וואס דער אָדער יענער אנשטאלט קען אים געבן, בעת אים איז שלעכט. ס׳טרעפט אָבער אויך, אז די טענה פון חבר איז א גערעכטע, און ס׳איז אים טאקע געטאָן געוואָרן אַן עוולה. דעריבער זיינען אין אונזער ווירקלעכקייט אזוי וויכטיק די אנשטאלטן פון געזעצגעבונג, געריכט און קאָנטראָל. זייער אויפגאבע איז פעסטצושטעלן תקנות פון לעבן און פון געזעץ צום שוץ פון דעם כלל און פון דעם יחיד; ארייננ־ברענגען אין באוואוסטזיין פון אונזער צבור נייע געזעצלעכע באגריפן וועגן באציאונגען צווישן איין יחיד און דעם צווייטן און צווישן דעם יחיד און כלל, לויט די פרינציפן פון דער נייער געזעלשאפטלעכער מאָראל, וואס ווערט געשאפן אין אונזער טאָג־טעגלעכקייט.

די ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאבע פון דער צענטראלער קאָנ־טראָל־קאָמיסיע (ועדת הבקורת המרכזית) פון אירע ערשטע טעג אָן איז געווען — צו שאפן ארום איר טעטיקייט אַן אַטמאָספער פון אלגעמיינעם צוטרוי, פון גלויבן אין איר פייאיקייט צו אורטיילן און אין דעם יושר פון אירע באשלוסן, וואס זיינען פריי פון וועלכע־ניט־איז זייטיקע פניות

און זיינען אָביעקטיוו. זיין אָביעקטיוו — הייסט ניט זיין נייטראַל; דאָס הייסט אָבער — פסקענען אָן שום פניות.

איר צווייטע אויפגאַבע איז געווען — ווי ווייט עס לאָזט זיך צו פאַרשמעלערן דעם געביט פון פרייע באַשלוסן פון די אַלע, וואָס האָבן צו טאָן מיט פאַרטיילונג פון אַרבעט, וואַלן און אַנדערע ענינים, און אַריינברענגען זיי אין ראַמען פון רעגלאַמענט. דערפון נעמט זיך די געזעצגעבערישע איניציאַטיוו פון דער ועדת הבקורת. קיינער האָט עס אויף איר לכתחילה ניט אַרויפגעלייגט, זי האָט אָבער אַליין איינגעזען, אַז זי מוז נעמען אויף זיך די דאָזיקע איניציאַטיוו שוין ביים סאַמע אָנהויב פון איר טעטיקייט, ווייל זי האָט באַדאַרפט שאַפן געהילפס־אינסטרומענטן פאַר זיך אַליין און פאַר די אָרטיקע קאָנטראָל־אָרגאַנען. אַזוי אַרום זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך איר אַליין אָדער ביי איר אַקטיוון אָנטייל דאָס געזעץ וועגן אַרבעטס־פאַרטיילונג לויט באַשטימטע רעכט פון די אַרבעטס־זוכער, דאָס וואַל־געזעץ, דאָס געזעץ וועגן געהאַלט פאַר אָנגעשטעלטע פון דער הסתדרות, וועגן אָרטיקע קאָנטראָל־אָרגאַנען, וועגן קאָאָפּעראַטיווע אַרבעט אין באַצוג אויף פרעמדער לוין־אַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוון און אַרבעטס־קבוצות, כללים וועגן באַהאַנדלען אָנקלאַגעס קעגן דער קראַנקן־קאַסע. אין דעם אַלעמען איז די ועדת הבקורת געווען טעטיק ניט אַלס געזעצגעבער, נאָר זי האָט צוגעגרייט געזעץ־פאַרשלאַגן, וואָס האָבן געזאָלט באַהאַנדלט ווערן אין ועד הפועל פון דער הסתדרות און אין געוויסע פאַלן אין דעם ראַט פון דער הסתדרות („מועצת ההסתדרות״).

די אויפגאַבע פון דער ועדת הבקורת ענדיקט זיך ניט דערמיט, וואָס דאָס געזעץ איז באַשטעטיקט געוואָרן, זי פּאַסט אויף, צי זיינען ניט נויטיק שינויים און הוספות, זי גיט פירושים אויף אומקלאָרע שטעלן אין פאַרשיידענע געזעצן.

ס׳איז כדאי דאָ צו באַטאָנען, אַז די פאַרשיידענע כללים, וואָס די הסתדרות האָט אויסגעאַרבעט אין משך פון יאָרן אויף די געביטן פון אַרבעטס־פאַרטיילונג, די רייע, לויט וועלכער מען ווערט געשיקט אויף אַרבעט און לויט וועלכער מען גייט אַרויס פון דער אַרבעט, בעת מען זאָגט אָפּ אַרבעטער — דאָס אַלץ איז מיט דער צייט איבערגענומען געוואָרן דורך אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען מחוץ פון דער הסתדרות. בעת ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן די אַלגעמיינע לשכת העבודה, איז אונזער געזעץ וועגן אַרבעטס־פאַרטיילונג אָנגענומען געוואָרן אַלס גרונט־געזעץ וועגן אַרבעטס־פאַרטיילונג, און דאָס — מיטן הסכם פון אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַטייליקן זיך אין דער אַלגעמיינער לשכת העבודה.

אויך די ארבעטס־געבער, וואס זיינען בדרך כלל ניט שטארק להוט נאך די סאָציאַלע פרינציפּן פון אונזער געזעץ, האבן מיט דער צייט צוגעשטימט אין גרויסן טייל צו די פאָדערונגען פון דער לשכת העבודה און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען בנוגע דער רייען־פאָלגע ביים אננעמען און אָפּזאָגן ארבעטער.

ד.

וועגן דער אויפשטעלונג פון קאָנטראָל־אנשטאלטן אין דער הסתדרות — דער צענטראלער ועדת הבקורת אין די ארטיקע קאָנטראָל־קאמיטעטן (ועדים מבקרים) איז באשלאסן געווארן אויפן דריטן צוזאמענ־פאר פון דער הסתדרות (יולי 1927). שפּעטער האט דער ראט פון דער הסתדרות באשטימט די קאָמפּעטענץ פון די דאָזיקע אנשטאלטן: קאָנטראָל פון געלט־ענינים, בּיודזשעט און חשבונות פון די אָרטיקע און צענטראלע ארגאניזאציאנס־אנשטאלטן, קאנטראל איבערן ארגאניזאציע־אפּאראט, באַ־האנדלונג פון אָנקלאגעס מצד חברים קעגן אנשטאלטן, און מצד איין אנ־שטאלט קעגן צווייטן. ס'זיינען אויך פונאנדערגעגרעניצט געווארן די געביטן פון די אָרטיקע קאָנטראָל־קאָמיטעטן און פון דער צענטראלער ועדת הבקורת, וואס פירט אָן מיט דער טעטיקייט פון די אָרטיקע קאָמיטעטן און דינט אלס אינסטאנץ פאר אַפּעלאַציעס קעגן זייערע באשלוסן.

דער דריטער צוזאמענפאר האט אויך באשלאסן אויפצושטעלן דעם ע כ ס ט ן  ו ו י ר ט ש א פ ט ס ־ ר א ט, וואס האט צווישן אנדערן געזאלט נעמען אויף זיך די פונקציעס פון קאָנטראָל און אויפזיכט איבער די ווירטשאפטלעכע אנשטאלטן. דערביי איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגענדי־קער באשלוס:

„דער קאנטראל פון די ווירטשאפטלעכע אנשטאלטן איז קאנצענטרירט אין דעם ווירטשאפטס־ראט; די אויפזיכט איבערן אפּאראט פון געזעלשאפט־לעכן שטאנדפּונקט, ווערט איבערגעגעבן דער ועדת הבקורת".

דער ווירטשאפטס־ראט איז געווען טעטיק נאר א גאנץ קורצע צייט, בסך הכל אנדערטהאלב יאר. אנשטאָט אים איז אויפגעשטעלט גע־ווארן דאס ביוראָ פון „חברת העובדים" („לשכת חברת העובדים"), וואס האט די זעלבע אויפגאבן, וועלכע ס'האט געהאט דער ווירטשאפט־ראט.

מיט דער פארברייטערונג פון דער הסתדרות־ווירטשאפט זיינען זינט דעם דריטן צוזאמענפאר אנטשטאנען אייניקע רעוויזיאָנס־פארבאנדן (בריתות פיקוח): פאר דער לאנדווירטשאפט; פאר דער פּראָדוציר־ און באדינונגס־קאָאָפּעראציע; קרעדיט־קאָאָפּעראציע; וואוינונגס־קאָאָפּעראטי־וון; געבערויכס־קאָאָפּעראטיוון, און צו לעצט — פאר די קופות־התגמולין

(ארבעטער־קאסעס) אין הסתדרות־אנשטאלטן, געזעלשאפטלעכע אינסטי־טוציעס און אין דער פריוואטערווירטשאפט.

די דאזיקע רעוויזיאנס־פארבאנדן שליסן איין אנשטאלטן און אונ־טערנעמונגען, וואס פונקציאָנירן לויטן געזעץ פון קאָאָפעראַטיווע געזעל־שאפטן. דאקעגן, די יעניקע ווירטשאפטס־אנשטאלטן, וואס פונקציאָנירן אלס געזעלשאפטן, — ווי דער בנק הפועלים, „ניר", „סולל־בונה", „המשביר", „הסנה", „יכין", „נחשון", די געזעלשאפטן פאר אומבאוועגלעכע גיטער פון דער ארבעטערשאפט, — זיינען ניט אָנגעשלאָסן אָן קיין שום רעוויזיאָנס־פארבאנד און זיי ווערן קאָנטראָלירט נאר דורך די אָפיציעלע בוכפירונג־קאָנטראָליאָרן. ביי די אלע אנשטאלטן זיינען פאראן אינער־לעכע קאָנטראָל־קאָמיסיעס, זיי זיינען אבער ניט גענוג טעטיק. די ועד״ת הבקורת האלט, אז דער קאָנטראָל פון די אָפיציעלע בוכפירונג־ קאָנטראָ־ליאָרן איז ניט גענוגנד, און ס׳איז נויטיק א חוץ דעם איינפירן א געזעל־שאפטלעכע קאָנטראָל אויך אין ענינים פון געלט און חשבונות.

מען דארף אונטערשיידן צווישן דער עקאנאמיש־ווירטשאפטלעכער אויפזיכט, וואס איז פארבונדן מיט עקאנאמישע פאָרשונגען, און דעם קאָנטראָל פון די ספרים אין געלט־ענינים און חשבונות. די ווירטשאפטלעכע אויפזיכט דארף ליגן אין די הענט פון חברת העובדים; וואס איז שייך דער קאָנטראָל פון געלטער און חשבונות — דארף עס געמאכט ווערן דורך א ספעציעלער קאָנטראָל־אָפטיילונג ביי דער לשכת חברת העובדים אדער דורך דער ועדת הבקורת המרכזית.

## ח.

די אנשטאלטן פאר קאנטראל און אויפזיכט זיינען בארופן צו שטעלן פאַר דער הסתדרות די פראבלעמען, אויף וועלכע זיי שטויסן זיך אָן ביים באהאנדלען פארשיידענע ענינים, און צו ברייגנען פאָרשלאָגן אויסצובעי־סערן אדער צו באזייטיקן געזעלשאפטלעכע פעלערן. די דאזיקע אויפגאבע ווערט אויסגעפירט אין פארשיידענע ריכטונגען, וואס זיינען צווישן זיך פארבונדן און דערגענצן איינע די אנדערע.

די ועדת הבקורת פארעפנטלעכט פון צייט צו צייט טעזיסן פון אירע באשלוסן („פסקי הלכות"), און זיי דינען אלס מאטעריאל און ריכט־ליניען פאר די אָרטיקע קאָנטראָל־קאָמיטעטן, פאר די טוער און פונקציאָ־נערן פון דער הסתדרות און פארן ברייטן עולם, וואס קומט אין בארירונג מיט פארשיידענע ארבעטער־אינסטיטוציעס. די ארטיקע קאנטראל־קאמי־טעטן פון זייער זייט שיקן קאָפיעס פון זייערע באשלוסן צו דער ועדת

הבקורת המרכזית, וואס מאכט צו זיי אירע באמערקונגען, ווען זי האלט עס פאר נויטיק, און פירט אזוי ארום אָן מיט זייער טעטיקייט.

די ועדת הבקורת האט זיינערצייט פאָרגעשלאגן אויפן זעקסטן צו־זאמענפאר פון דער הסתדרות צו גרינדן א ספעציעלע קאָמיסיע, וואס זאל בודק זיין פון געזעלשאפטלעכן שטאנדפונקט די קאנדידאטן אויף פארשיידענע פאסטנס אין די הסתדרות־אנשטאלטן. מען קאָן זאָגן, אז דער געזעלשאפטלעכער ניוואָ פון דער מערהייט הסתדרות־אָנגעשטעלטע, — דער עיקר אין די ארגאניזאציע־אנשטאלטן — איז באפרידיקנדיק. מען דארף אבער געדענקען, אז צוליב די אויפגאבן, וואס די הסתדרות האט גענומען אויף זיך, זיינען נויטיק מענטשן מיט באזונדערע סגולות, וואס שטייען אויף א הויכער גייסטיקער און געזעלשאפטלעכער מדרגה, וואס זיינען צוגעפאסט צו זייערע אמטן און געניסן דעם פולן צוטרוי מצד די מאסן חברים, וועלכע קומען מיט זיי אין בארירונג. עס איז דעריבער ניט געגנוג דער געוואוינלעכער מאסשטאב בעת מען קומט אפצושאצן, ווי ווייט די הסתדרות־מיטארבעטער זיינען צוגעפאסט צו זייערע אויפגאבן פון געזעלשאפטלעכן שטאנדפונקט.

און נאך עפעס: די מיטארבעטער פון דער הסתדרות דארפן אויך דערציען דעם עולם, ער זאָל באוואוסטזיניק און מיטן גוטן ווילן זיך אונטערווארפן דער דיסציפלין פון דער הסתדרות. ס׳טרעפט, אז דער יחיד בונטעוועט זיך קעגן דער הערשאפט פון דעם אפאראט, הגם דער כלל אלס גאנצער האָט גענומען אויף זיך א סך געבאָטן מיט זיין פרייעם ווילן. נאר מיטן כוח פון דער דאזיקער אינערלעכער דיסציפלין, אין נאָמען פון דעם פרייעם ווילן פון קאָלעקטיוו, אָן שום צוואנג — איז אונז געלונגען צו שאפן די הסתדרות מיט אלע אירע אינסטיטוציעס און דערגרייכונגען. די פארפעסטיקונג פון דער דאזיקער אינערלעכער דיסציפלין הייננט אין א גרויסער מאָס אָפּ פון גוט־געאָרדנעטע באציאונגען צווישן דעם ארבע־טער־עולם און די הסתדרות־מיטארבעטער. דעריבער איז עס אזוי וויכטיק, לויט דער מיינונג פון דער ועדת הבקורת, שטארק מקפיד צו זיין בעת מען קלייבט אויס קאנדידאטן פאר דער הסתדרות־ארבעט.

א גוט־געאָרדנעטע ארבעט פון געזעצגעבונג, קאָנטראָל און געריכט העלפן מיט ממילא צו דערציען דעם עולם, ער זאל מקבל זיין די דיס־ציפלין פון דער הסתדרות מיטן גוטן ווילן, לויט זיין אינערלעכער איבער־צייגונג.

מ. לעכטמאן

# דאָס חברים-געריכט

שטרעבענדיק אָפּצוהיטן די מאָראַלישע און גייסטיקע גאַנצקייט פון אירע חברים און איינצושטעלן אין דער הסתדרות אַ לעבנס־שטייגער, אין וועלכן עס זאָלן הערשן חברישע באַציאונגען, וואָס פּאַסן זיך פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ ישראל, האָט דאָס גרונט־געזעץ פון דער הסתדרות פעסטגעשטעלט פאָלגנדיקן כלל: „אַלע חברים פון דער הסתדרות זיינען מחויב זיך צו משפטן פאַרן חברים־געריכט פון דער הסתדרות און מקיים צו זיין זיינע באַשלוסן". דער דריטער צוזאַמענפאָר פון דער הסתדרות האָט צוגעגעבן נאָך אַ כלל, וואָס לויטעט: „אויסשליסן אַ חבר פון דער הסתדרות אָדער אָפּנעמען ביי אים געוויסע רעכט איז מעגלעך נאָר לויט אַ באַשלוס פון הסתדרות־געריכט".

די קאָמפּעטענץ פון חברים־געריכט איז אַ גאַנץ ברייטע. ער באַהאַנדלט פאָלגנדיקע ענינים:

1) לויט דער אָנקלאַגע פון אַ חבר אָדער אַ הסתדרות־אַנשטאַלט — פאַרשיידענע ציווילע תביעות (געמיינט — תביעות פון געלט, פאַרמעגנס, אַלימענטן א. ד. גל.) און אָנקלאַגעס וועגן באַליידיקונגען און כבוד־פראַגן.

2) לויט דער אָנקלאַגע פון אַן אָרגאַניזאַציע־ אָדער קאָנטראָל־אַנשטאַלט — באַשולדיקונגען וועגן שעדיקן די הסתדרות און אירע אַנשטאַלטן און וועגן דיסציפּלין־ברוך.

3) אָנקלאַגעס און תביעות לויט אַ ספּעציעלן באַשלוס פון ועד הפועל פון דער הסתדרות.

די ריכטער אין חברים־געריכט זיינען ניט געבונדן דורך די געזעצן פון דער מדינה, נאָר „זיי פּסקענען לויט זייער שקול דעת און יושר, לויט די אַלגעמיינע יסודות פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, אין די ראַמען פון דעם גרונט־געזעץ פון דער הסתדרות און פון די באַשלוסן פון אירע באַרופענע אינשטאַנצן און לויט אָפּמאַכן צווישן די צדדים, אויף וויפל עס איז ניטאָ קיין סתירה צווישן זיי און צווישן די דאָזיקע יסודות".

ביי יעדן אַרבעטער־ראַט אין שטאָט און מושבה, ווי אויך אין די מושבים און אַרבעטער־שכונות, איז פאַראַן אַן אָרטיקער חברים־געריכט. די ריכטער ווערן אויסגעקליבן דורכן אַרבעטער־ראַט אָדער דורכן ראַט פון דאָרף צי פון דער שכונה.

דאָס אָרטיקע חברים־געריכט האָט צוויי שטופן:

די ערשטע שטופע — איין ריכטער, פאר קלענערע געלט־תביעות ביז א באשטימטן מאקסימום (איצט — 5 פונט), ווי אויך אָנקלאגעס וועגן באליידיקונגען און כבוד־פראגן.

די צווייטע שטופע — אין באשטאנד פון דריי ריכטער, פאר געלט־תביעות גרעסערע ווי דער מאקסימום, וואָס איז פעסטגעשטעלט פארן גע־ריכט פון דער ערשטער שטופע, אָרגאניזאציאָנעלע אָנקלאגעס (דיסציפּלין־ברוך א. ד. גל.). חוץ דעם דינט זי אלס אפעליאציע־אינסטאנץ פאר די באשלוסן פון דער ערשטער שטופע.

דאָס העכסטע געריכט (בית הדין העליון) איז די העכסטע אינסטאנץ פון דעם חברים־געריכט. זיין באשטאנד — ניט ווייניקער ווי דריי ריכטער. זיין קאָמפּעטענץ:

א) אפעליאַציע־אינסטאנץ פאר די באשלוסן פון חברים־געריכט אין זיין צווייטער שטופע.

ב) קאַסאַציע־אינסטאנץ פאר באשלוסן פון חברים־געריכט אין דער צווייטער שטופע.

ג) ערשטע און לעצטע אינסטאנץ פאר ענינים, וואָס דער ועד הפועל האלט פאר נויטיק צו ברענגען פאר אים.

די ריכטער ווערן אויסגעקליבן דורכן ראט פון דער הסתדרות (מועצת ההסתדרות).

די מועצת ההסתדרות קלייבט אויך אויס דעם סעקרעטאריאט פון העכסטן געריכט, וואָס דינט אלס העכסטע לייטונג פון חברים־געריכט, און אינסטרוקטירט זיין טעטיקייט אויף די ערטער.

דער ועד הפועל פון דער הסתדרות האָט דאָס רעכט צו ברענגען אָנקלאגעס וועגן בייזוויליקער שעדיקונג פון דער הסתדרות און דיסציפּלין־ברוך פאר א ספּעציעלן „הסתדרות־געריכט" (משפט ההסתדרות), וואָס איז א טייל פון דעם העכסטן געריכט. זיינע ריכטער — וואָס מוזן זיין ריכטער פון בית־דין העליון, — ווערן אויסגעקליבן דורכן ראט פון דער הסתדרות. דער הסתדרות־געריכט איז טעטיק אין באשטאנד פון דריי ריכטער, און ער אליין באשטימט פאר זיך זיין פּראָצעדור.

וועלכע ענינים ווערן געבראכט פארן חברים־געריכט? די פּראַקטיק באווייזט, אז די ענינים, וואָס זיינען באהאנדלט געוואָרן, נעמען ארום כלערליי מעגלעכע באציאונגען צווישן כלל און פּרט, ווי אויך פון חברים צווישן זיך.

די משפטים צווישן כלל און פּרט קען מען איינטיילן אין צוויי קאטעגאָריעס: אָנקלאגעס וועגן דיסציפּלין־ברוך און וועגן עבירות, וואָס זיינען פון געזעלשאפטלעכן שטאנדפּונקט פּוגע די פּרינציפּן פון דער

הסתדרות. צום ערשטן מין געהערן אָנקלאגעס וועגן ניט פאָלגן די באַ־שלוסן פון קאָמפּעטענטע אָרגאַנען, וועגן פוגע זיין אן ארבעטער־קאָמיטעט, א הסתדרות־אנגעשטעלטן בעת ער דערפילט זיינע פליכטן וכד׳. צום צווייי־טן מין געהערן אָנקלאגעס וועגן באַשעפטיקן ביליקע און ניט־אָרגאַני־זירטע ארבעט, מיסברויך מיטן צוטרוי ביים דערפילן געוויסע פליכטן וכד׳.

וואָס איז שייך די געלט־תביעות, וואָס ווערן באהאנדלט אין חברים־געריכט, זיינען זיי זייער פארשיידנארטיק: סכסוכים פון א שותפות, וואָס לייזט זיך אויף, תביעות נאָך אן אומגליקספאַל ביי דער ארבעט אָדער אויף די וועגן, שכירות פאר באָדן, תביעות אין צוזאמענהאנג מיטן אויסשליסן א חבר פון א מושב. א. אג.

דערצו נאָך — אָנקלאגעס אין פראגן פון כבוד און פערזענלעכע פגיעות: באליידיקונגען, רכילות, קערפערלעכע פארלעצונגען, פארשיי־דענע קאָמפּענסאציע־פאָדערונגען, און די לעצטע יאָרן — סכסוכים אין דירות־ענינים.

דאָס חברים־געריכט איז בארופן צו שטיין אויף דער וואך פון דעם הסתדרותישן געזעלשאפטלעכן אינהאלט פון ארבעטער־לעבען, פון חברישע באַציאונגען, פון דרך־ארץ פאר קאָמפּעטענטע הסתדרות־באשלוסן, בקיצור: שטיין אויף דער וואך פון געאָרדנעטע און רעגלמעסיקע באַציאונגען אין די פארשיידנסטע קעמערלעך און ווינקעלעך פון דער הסתדרות.

די באשלוסן פון חברים־געריכט דינען אלס מאטעריאל, פון וועלכן מען קען אָפּלערנען א געזעלשאפטלעכן מוסר־השכל. מען קאָן זאָגן, אז דאָס חברים־געריכט פילט אויס א געוויסע רעגוליאטיווע דערציערישע פונקציע אין דער הסתדרות און העלפט מיט צו פארפעסטיקן דעם בונד צווישן איר און אירע חברים.

ש. פרידמאַן

## דער יחיד אין דער הסתדרות

ווי מיר ווייסן, האָט די הסתדרות אויפגעשטעלט א גרויסן און פאר־צווייגטן בנין, וואָס געוועלטיקט כמעט איבער אלע לעבנס־שטחים פון דעם יידישן ארבעטער אין ארץ־ישראל: ארבעט, פארזאָרגונג מיט ארבעט, איר פארטיילונג, קעגנזייטיקע הילף אין אירע פארשיידענע פאָרמען, אויפשטע־לונג פון אן אייגענער ווירטשאפט, און נאָך און נאָך. מיט איין וואָרט —

א גרויסע מאשין מיט זייער א סך רעדער, און אין דעם אלעמען — דער יחיד, וואָס פילט זיך אָפטמאל קליין און אָפהענגטיק קעגן דער דאָזיקער גרויסער מאשין. וואָס איז זיין כוח קעגן איר? ווי אזוי קען ער אָפהיטן זיינע רעכט און זיין זעלבסטשטענדיקייט? ווי אזוי זאָל ער זיך שיצן קעגן אן עוולה, און טאָמער איז זי געטאָן געוואָרן, — וואָס זאָל ער טאָן בכדי זי זאָל פאַרריכט ווערן?

די הסתדרות האָט אויפגעשטעלט צווייערליי כלים, וואָס האָבן איינעם און דעם זעלבן צוועק: שיצן דעם יחיד קעגן דעם אָרגאַניזירטן קאָלעקטיוו. פון איין זייט — די אנשטאלטן פאר קאָנטראָל און אויפזיכט (ועדת הבקורת המרכזית, ועדים מבקרים); פון דער אנדער זייט — דאָס חברים־געריכט אין צענטער און אויף די ערטער.

ביי יעדן ארטיקן ארבעטער־ראט איז פאַראַן א קאָנטראָל־קאָמיסיע (ועד מבקר); ביים ועד הפועל פון דער הסתדרות — א צענטראלע קאָנ־טראָל־קאָמיסיע (ועדת הבקורת המרכזית). די דאָזיקע אָרגאַנען ווערן ניט באשטימט דורכן אנטשפּרעכנדיקן עקזעקוטיוו־אָרגאַן, נאָר זיי ווערן אויס־געוויילט פונקט אזוי ווי ער: דער ועד המבקר — דורכן פלענום פון אָר־טיקן ארבעטער־ראַט, די ועדת הבקורת המרכזית — דורכן ראט פון דער הסתדרות (מועצת ההסתדרות). דאָס הייסט, אז זיי זיינען ניט אָפּהענגיק פון די עקזעקוטיוו־אָרגאַנען, נאָר זיי זיינען אין א געוויסער מאָס גלייכ־געשטעלט מיט זיי, און זיי ציען די יניקה פון איינעם און דעם זעלבן מקור. זייער אויפגאבע איז אויפצופאסן די טעטיקייט פון די עקזעקוטיוו־אָרגאַנען און זיי צו קאָנטראָלירן. זיי שטייען אָפן פאר יעדן חבר פון דער הסתדרות, און יעדער איינער איז בארעכטיקט צו ברענגען צו זיי זיינע אָנקלאגעס קעגן די אנשטאלטן אָדער פונקציאָנערן פון דער הסתדרות, וואָס ער האָט צו זיי א טענה. אין סטאטוט פון ועד המבקר שטייט, אז ער קען פאָדערן פון דעם ועד הפועל פון ארבעטער־ראט אויפקלערונגען אין יעדן ענין, מיט וועלכן ער וועט זיך צו אים ווענדן. דאָ איז אָפגעהיט אין דער פולער מאָס דער פרינציפּ פון גלייכהייט צווישן צוויי צדדים: דער יחיד פון איין זייט און דער אנטשפּרעכנדער אָרגאַן פון דער צווייטער זייט. אויך דער שוואכסטער חבר אין דער הסתדרות קען קומען מיט זיין אָנקלאגע קעגען דעם באדייטנדסטן פונקציאָנער אָדער אנשטאלט, און די קאָנטראָל־קאָמיסיע — די אָרטיקע אָדער די צענטראלע — הערט זיי ביידן אויס ווי צוויי גלייכע צדדים און טראָגט ארויס איר פסק־דין, וואָס ביידע צדדים מוזן זיך אים אונטערוואַרפן. דער עקזעקוטיוו־אָרגאַן קען ניט מבטל מאכן דעם פסק־דין פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. אויב דער ועד הפועל פון ארבעטער־ראט איז ניט מסכים מיטן באשלוס פונם ועד מבקר, גייט דער

ענין אריבער צו דער ועדת הבקורת המרכזית און איר באשלוס איז ענדגילטיק.

ביי דעם גרעסטן אנשטאלט פאר קעגנזייטיקער הילף אין דער הסתדרות, קופת־חולים, איז צוליב דער גרויסער צאָל ענינים, וואָס יחידים קענען האָבן קעגן איר, אויפגעשטעלט געוואָרן א ספּעציעלער אָרגאַן אויף צו באהאנדלען די טענות פון חברים. ער איז געבויט אויף די זעלבע פּרינ־ציפּן, ווי די אלגעמיינע קאָנטראָל־אָרגאַנען: צוויי אינסטאנצן, א אָרטיקע און א צענטראַלע; פולקאָמע גלייכהייט צווישן דעם חבר און דער פארוואַל־טונג פון דער קופּת־חולים בעת דער באהאנדלונג פון דער אָנקלאגע; דער ענדגילדיקער באשלוס איז מחייב קופּת־חולים, און אויך דעם חבר, דעם אָנקלאָגער.

אין די דערמאָנטע אָרגאנען דערשיינט דער יחיד אלס אָנקלאגער און מאָנער, און דער אנטשרעכענדיקער אנשטאלט דארף זיך פאַרענטפערן. עס איז אָבער מעגלעך אויך א פארקערטע לאגע. בעת די הסתדרות קומט מיט אַן אָנקלאגע קעגן דעם איינצעלנעם חבר. אויך דאָ ווערט אָפּגעהיט דער זעלבער פּרינציפּ: די הסתדרות און דער אָנגעקלאָגטער חבר זיינען צוויי גלייכע צדדים, וואָס דערשיינען פאר אַן אנטשפרעכענדיקער אינס־טאנץ און זי הערט זייביידן אויס און טראָגט ארויס איר פּסק־דין. קיין שום עקזעקוטיוו־אָרגאן האָט ניט קיין רעכט אליין, אָן א משפּט, צו באשטראָפן אַ חבר פון הסתדרות, מעג ער באגיין דעם גרעסטן חטא. דער דאָזיקער כלל איז קלאָר אויסגעדריקט אין דעם גרונד־געזעץ פון דער הסתדרות: „אויסשליסן א חבר פון דער הסתדרות אָדער אָפּנעמען ביי אים זיינע רעכט איז מעגלעך נאָר לויטן באשלוס פון דעם הסתדרות־געריכט".

מ'מוז דאָ באמערקן, אז דער דאָזיקער פּרינציפּ האָט געהערשט אין דער הסתדרות זינט אירע ערשטע יאָרן אָן. שוין דאן איז געווען קלאָר, אז מ'קען ניט איבערלאָזן אין די הענט פון די עקזעקוטיוו־אָרגאנען דאָס רעכט אויסצושליסן חברים פון דער הסתדרות. עס זיינען אָבער ניט געווען קלאָר פאנאנדערגעגרענעצט די פארשיידענע פונקציעס פון דעם געריכט און פון דעם אָרטיקן ארבעטער־ראט. לויט דעם פריערדיקן נוסח פון דעם אנטשפרע־כנדיקן פּונקט אינעם גרונד־געזעץ, האָט דער באשלוס פון געריכט וועגן אויסשליסן א חבר פון דער הסתדרות געזאָלט באשטעטיקט ווערן דורכן אָרטיקן ארבעטער־ראט, און דער אָנגעקלאָגטער האָט געהאט דאָס רעכט צו אפּעלירן קעגן דעם פּסק־דין צו די צענטראַלע עקזעקוטיוו־אָרגאנען פון דער הסתדרות. דער אויבן־דערמאנטער נוסח, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן דריטן צוזאמענפאָר, האָט געמאכט א סוף צו דער דאָזיקער לאגע, און די אָנקלאגע פון די עקזעקוטיווע אָרגאנען קעגן איינצעלנע חברים פון

דער הסתדרות ווערט באהאנדלט און באשלאָסן נאָר אין געריכט פון דער הסתדרות.

אזא מין אָרדנונג איז ניט בנמצא אין קיין שום אנדער ארבעטער־אָרגאניזאציע אין דער וועלט. אין אנדערע לענדער, בעת א מיטגליד פון פראָפעסיאָנעלן פאראיין האנדלט ניט ריכטיק קעגן אים, צאָלט ניט דעם מיטגלידס־אָפּצאָל אָדער דערשיינט ווי א שטרייק־ברעכער, ווערט ער אויסגעשלאָסן אויף דעם געוויינלעכן אדמיניסטראטיוון וועג. ביי אונז איז עס אנדערש. אפילו דער ועד הפועל קען ניט אויסשליסן קיין חברים לויט זיין אייגענעם באשלוס, נאָר ער מוז ברייננגען דעם ענין פארן געריכט און אויפטרעטן אין אים ווי א צד. און ניט איין מאָל האָט פאסירט, אז דער געריכט, אויסהערנדיק די טענות פון דעם אָנקלאָגער און פון דעם אָנגע־קלאָגטן, פלעגט פריי־שפּרעכן דעם חבר אָדער אים באשטראָפן מיט א קלענערער שטראָף, ווי עס האָט געפאָדערט דער אָנקלאָגער.

אזוי ארום האָבן מיר אין דער הסתדרות, ווי געזאָגט, צווייערליי כליב וואָס באצוועקן דעם שוץ פון דעם יחיד קעגן דעם אָרגאניזירטן קאָלעק־טיוו: די קאָנטראָל־קאָמיסיעס פאר די פאלן, ווען דער חבר פון דער הסתדרות קומט מיט אַן אָנקלאגע, און דאָס געריכט, ווען די הסתדרות ווענדעט די אָנקלאגע קעגן אים. דיביידע סיסטעמען צוזאמען בילדן אַן ערנסטע גאראנטיע פאר די רעכט פון דעם יחיד אין דער הסתדרות און פאר זיין זעלבסשטענדיקייט, אלס מענטש.

# דער ארבעטער אין דער מושבה

נ. הרפז

## צו דער געשיכטע פון קאמף פאר יידישער ארבעט אין דער מושבה

**וואָס האָבן מיר געפונען אין די טעג פון דער צווייטער עליה?**

קומענדיק קיין ארץ־ישראל האָבן מיר, די מענטשן פון דער צווייטער עליה, דערזען פאר זיך אראבישע ארבעט אין אלע ווירטשאפטס־צווייגן פון דער מושבה (קאלאניע). אראבער האָבן געארבעט ניט נאר אין די ווייגגערטנער און פרדסים, נאָר אויך אין הויף פונם קאלאניסט און צום טייל האָבן זיי אפילו געוואוינט אין דער מושבה גופא. אפילו די שמירה איז געווען, בדרך כלל, אין אראבישע הענט. א יידישע ווירטשאפט, וואָס ווערט באארבעט און געשיצט דורך פרעמדע הענט — דאָס איז געווען די אכזריותדיקע ווירקלעכקייט, וואָס האָט אונז מקבל פנים געווען ביי אונזער אָנקומען אין לאנד. ווי אזוי זאָלן מיר דאָ געפינען אָן אחיזה אין לעבן, אויב די גרונט־פאזיציע ליגט אין די הענט פון דעם אראבער, וואָס איז ביליק און איינגעווארצלט אין לאנד?

און ניט נאר דאס אליין. ס'איז ניט געווען בנמצא קיין שום ארבע־טער־ארגאניזאציע, ניט קיין ארבעטס־ביורא, ניט קיין קראנקן־קאסע. יעדער איינער האט אליין געדארפט זוכן א וועג פאר זיך. מיר האבן געליטן פיזישע און גייסטיקע יסורים. מיר האבן געזען, ווי שיפן קומען אָן און פארן אוועק צוריק, מענטשן קומען און פארלאזן דאס לאנד, און דאס רוב איז עס געווען יוגנט.

די „הסתדרות הפועלים", וואָס האָט עקזיסטירט נאָך איידער מיר זיינען אנגעקומען, האָבן מיר געפונען אין א מצב פון פולשטענדיקער ירידה. די וואָס זיינען איבערגעבליבן פון איר, האבן געזאָרגט נאָר פאר זיך אליין, ווי אזוי זיך איינצואָרדנען צי אלס משגיחים איבער אראבישע

ארבעט אין פרדס, צי אלס בעלי־בתים פון א שטיקל אייגענעם באָדן, וועלכן מען קען באארבעטן און ווידער א מאָל — מיט אראבישע הענט. די קאָלאָניסטן האָבן כמעט אלע פארלוירן זייער ציוניסטישן גלויבן און זיינען געוואָרן טעריטאָריאליסטן און חסידים פון אוגאנדע.

פילע פון די ארבעטער זיינען ניט בייגעשטאנען די שווערע נסיונות און האָבן זיך אפגעזעגנט מיטן לאנד און מיט זייער יוגנט־חלום. טויזנטער פון די, וואָס האָבן געשטרעבט צו ציון, געגנבעט גרעניצן און זיינען געקומען לויטן „רויטן צעטל", האָבן פאריאושטע פארלאָזן דאָס לאנד. א מאָל פלעגט דער „אויסגיכטערונגס־פראָצעס" פארקומען אין אייניקע געציילטע וואָכן, א מאָל פלעגט ער דויערן א יאר און צוויי; איןביידע פאלן האָט ניט געקלעקט קיין כוח צו בלייבן און זען פאר זיך די פאר־שלאָסענע טויערן פון דער יידישער ווירטשאפט און די אומזיכערקייט אין מאָרגנדיקן טאָג. טאָג־איין טאָג־אויס האָט מען געמוזט זוכן דעם ארבעטס־טאָג, און דאָס רוב פלעגט מען אים ניט געפינען. דעריבער האָט מען געוואנדערט פון אָרט צו אָרט, פון מושבה צו מושבה, און אומעטום געטראָפן דעם אייגענעם מצב.

### דאָס פראָבלעם פון הילף

מיר, נייע יידישע ארבעטער, זייגען געווען בטל בששים אין דעם ים פון ביליקער אראבישער ארבעט. דער אראבישער ארבעטער האָט פארדינט פון פינף ביז אכט גרוש א טאָג. דער יידישער ארבעטער, וואָס האָט גיך תופס געווען די ארבעט און האט זיך אין איר ספעציאליזירט, האָט בעקומען א העכערן פרייז, און פלעגט אפטמאל דערגיין ביז צוועלף גרוש א טאָג. אזוינע זיינען אָבער געווען ווייניק, הגם אויך דאן זיינען געווען העכערע לוינען פאר קוואליפיצירטע ארבעט.

ביי אזא מין ארבעטס־לוין איז ניט מעגלעך געווען קיין מענטשלעכער קיום. דעם אמת געזאָגט, האָבן פילע פון די ארבעטער געקענט באקומען הילף פון עלטערן און קרובים, זיי האָבן זיך אָבער כמעט אלע דערפון אפגעזאָגט, ווייל דאס רוב האבן זיי דאך רעוואלטירט קעגן די עלטערן און קעגן דער סביבה און האָבן געשטרעבט צו אַן ארבעטס־לעבן.ווי אזוי זשע זאָלן זיי נעמען הילף און וואָס פאר א טעם וואלט דעמאלט געהאט זייער עצם קומען קיין ארץ־ישראל?

דאן האבן זיך באוויזן די ערשטע שפראָצונגען פון קעגנזייטיקער הילף אין דער פאָרם פון ארבעטער־קיכן, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין א רייע מושבות. די קיכן זיינען געווען צוגעפאסט צו די באדערפענישן פון די ארבעטער, וואָס זיינען כמעט אלע געווען ניט קיין

משפחה־מענטשן. קיין לאנגן קיום האָבן די קיכן ניט געהאַט. עולם איז דאָס רוב געווען ארבעטסלאַז, מען איז געבליבן שולדיק געלט, און בעת די חובות האָבן איבערגעשטיגן דעם גרונט־קאַפּיטאַל, האָבן זיך די קיכן געמוזט שליסן. מען פלעגט פון צייט צו צייט פּרובירן אויפצושטעלן די קיכן פונדאסניי, אבער אָן הצלחה. די קיך־פאַרוואַלטונג איז גלייכצייטיק געווען אַ מין ועד, וואָס האט געזאָרגט פאַר אַלע ארבעטער־ענינים אויפן פּלאַץ, געזאָרגט אויך פאַר די קראַנקע, הגם אין דער פּרימיטיוויסטער פאָרם.

ס׳איז כדאי צו באַמערקן, אז פילע פון אונז האָבן זיך אנטקעגנגעשטעלט אפילו קעגן דער דאַזיקער באַשיידענער קעגנזייטיקער הילף, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אז עס שמעקט פון איר מיט צדקה און דעריבער דאַרף מען פון איר ווייכן. דער פעסטער ווילן אָפּצוהיטן די אינערלעכע פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט איז גורם געווען דערצו, אז ס׳איז פאַרווישט געוואָרן דער חילוק צווישן פילאַנטראָפּיע און זעלבשטענדיקער חברישער הילף.

ס׳איז שווער צו באַשרייבן די דירות־באַדינגונגען פון ארבעטער אין יענע טעג. אונזער היינטיקער געצעלט וואָלט אנטקעגן יענע דירות אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ. מען איז געשלאָפן אויף ברעטער, וואָס האָבן זיך אנגעשפּאַרט אויף בלעכענע קעסטלעך פון נעפט, אין שרעקלעכער ענגשאַפט, אין חרוב׳ע שטאַלן אָן פענסטער און אָן טירן. חוץ קראַנקהייטן און שלאַפקייט צוליב שלעכטער דערנערונג האבן מיר געליטן פון קלימאַטישע קרענק און מיר האבן ניט געוואוסט, פון וואָס זיי קומען און ווי דאַרף מען זיי היילן. מענטשן פלעגן שטאַרבן פון אומבאַקאַנטע סיבות. יעדע קרענק, ביי וועלכער מען האָט געהאַט היץ, האָבן מיר גערופן „קדחת״. קיין געאָרדנטע מעדיצינישע הילף איז אין דאָס רוב קאַלאָניעס כמעט גאָר ניט געווען, און וואו זי איז יאָ געווען — פלעגט מען באַהאַנדלען די ארבעטער ערגער, ווי די אַרטיקע איינוואוינער.

די יונגע עולים, וואָס זייער איינלעבן זיך אין לאַנד איז געווען פאַרבונדן מיט אַ טיפער אינערלעכער איבערקערעניש, האָבן געליטן ניט נאָר פיזישע ליידן, נאָר אויך ביטערע גייסטיקע יסורים. ניט גענוג, וואָס זיי האָבן געקעמפט קעגן יאוש און אנטוישונגען, קעגן הונגער און קדחת — האָבן זיי נאָך כסדר געהערט פון די קאָלאָניסטן און זייערע קינדער דעם שטענדיקן פּזמון: „צוליב וואָס זייט איר געקומען אין לאַנד? גייט בעסער באַצייטנס צוריק אַהיים, כל זמן איר זייט נאָך יונג. אייערע האָפענונגען זיינען נאָר פּוסטע חלומות, אומזיסט וואַרט איר, זיי זאָלן מקויים ווערן״. די דאַזיקע רייד האבן באַליידיקט און געקרענקט. ס׳האָט

געעגבערט די גראַבקייט, מיט וועלכער מ׳איז מקבל פּנים די יונגע מענטשן, וואָס האָבן מיטן גאַנצן האַרצן געשטרעבט צו געפינען אין ארץ־ישראל א נייעם דור פון שטאַלצע ציון־יידן, טרעגער פון א נייער צוקונפט. ס׳קען זיין, אז דאָס איז געווען די עיקר־סיבה, צוליב וועלכער פילע פון די יונגעלייט האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד: ניט אַזוי דאָס לאַנד האָט זיי אַנטוישט, ווי אירע איינוואוינער.

### אַרבעטס־יסורים

עס הערשט צווישן אונז א מיינונג, אז די צווייטע עליה האָט זיך לייכטער צוגעפּאַסט צו דער אַרבעט, ווי די עולים אין אונזערע צייטן. דאָס איז ניט ריכטיק. די ליידן פון צופּאַסן זיך צו לאַנדווירטשאַפט און די יסורים פון אַרבעט זיינען דאַן געווען אומגעהויער גרויס. ווי געזאָגט, זיינען די אַרבעטער געווען יונג, די גרעסטע מערהייט פון זיי איז נאָך ניט געפּרובט געוואָרן דורך פיזישער אַרבעט. נאָך א טאָג פּראַצע אונטער דער ברענענדיקער זון פלעגט מען בלייבן אָן כוחות, מ׳האָט אפילו ניט געהאַט קיין כוח צו עסן.

איינס האָט זיי אָבער יאָ אויסגעצייכנט צום גוטן: זייער באַציאונג צו דער אַרבעט. אמת, מיר זיינען געשטאַנען אין א שווערן קאַמף מיטן אַרבעטס־געבער וועגן אונזער עצם אַריינדרינגען אין דער אַרבעט, קוים זיינען מיר אָבער אַריין — האָבן מיר אין דער אַרבעט געזען א מין שליחות. מיר האָבן געאַרבעט פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען אונזער אייגענע ווירטשאַפט. ס׳פאַרשטייט זיך, אז צווישן אונז זיינען געווען אויך אַזוינע, וואָס האָבן זיך אַנדערש באַצויגן צו דער אַרבעט, אָבער זיי האָבן זיך געפילט שלעכט צווישן דעם אַרבעטער־עולם. איטלעכער וואָס האָט געהאַט דרך־ארץ צו זיך אַליין, האָט זיך באַמיט אויסצופירן די אַרבעט מיט אחריות און האָט געזאָרגט פאַר זיין גוטן נאָמען, אַלס יידישער אַרבעטער.

אַזאַ מין באַציאונג צו דער אַרבעט איז ניט געווען קיין צופעליקייט. ס׳איז געווען קלאָר פאַר אונז אַלעמען, אז ס׳קען ניט געמאָלט זיין קיין כיבוש עבודה אָן אַן אחריותדיקער באַציאונג צו דער ווירטשאַפט. די דאָזיקע באַציאונג האָט טאַקע געגעבן אירע פּרוכט מיט א צייט שפּעטער, בעת ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן די זעלבשטענדיקע אַרבעטער־ווירטשאַפט.

### אין קאַמף פאַר יידישער אַרבעט

אין אונזער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט האָבן מיר געהאַט צו טאָן ניט נאָר מיט דער בייזהאַרציקייט און געלטגייציקייט פון די אַר־

בעטס־געבער, נאר אויך מיטן ניט־וועלן אונז פארשטיין מצד געוויסע קרייזן אין ישוב און אין ציוניזם. אראבישע ארבעט איז געווען פארשפרייט ניט נאָר אין די מושבות, נאָר אויך אין די שטעט, אין בוי־ארבעט, סטאָלעריי און אנדערע פאכן. אויך אין די ווירטשאפטן פון ציוניסטישע חברות פון חוץ־לארץ אין געווען אראבישע ארבעט. אין דער פארזוך־סטאנציע אויפן באָדן פון קרן־קימת אין עתלית האָבן געארבעט דער עיקר אראבער. אויך די ערשטע יונגע בוימלעך פון בן־שמן אויף צו פארפרלאנצן דעם יער הרצל זיינען געווען א פראָדוקט פון אראבישער ארבעט. דער אפ״ק, וואס איז געגרינדעט געווארן לויטן באשלוס פון ציוניסטישן קאָנגרעס לשם פראקטישער ארבעט אין ארץ־ישראל, האט געשטיצט ווירטשאפטן, וועלכע האבן באשעפטיקט אראבער, און איז גע־ווען קעגן דעם, אז יידישע ארבעטער זאלן אין זיי אריינדרינגען. אויך די באשיידענע אָנהויבן אין דער אינדוסטריע האבן באשעפטיקט אויס־שליסלעך אראבער.

גאר קליין אין צאָל זיינען געווען די, וואָס האָבן פאַרשטאנען די וויכטיקייט פון יידישער ארבעט. דער באַראָן, למשל, האט זי הויך געשעצט, און בעת ער פלעגט באזוכן דאס לאנד איז מען זיך נוהג געווען צו קאָנ־צענטרירן יידישע ארבעטער אין די קאָלאָניעס, וואס זיינען אויפגעבויט געוואָרן מיט זיין הילף. קוים פלעגט ער אָבער אוועקפאָרן, פלעגן זיינע פקידים זיך אומקערן צו זייער אלטער שיטה, און ארבעטן כמעט אויס־שליסלעך מיט אראבער.

דער קאמף פאר יידישער ארבעט האָט אין אָנהויב ניט געטראָגן קיין מאסן־כאראקטער. זיין טיפישער אויסדרוק איז געווען — אסיפות פון איי־ניקע צענדליק ארבעטער, וואָס האבן אָנגענומען פראָטעסט־רעזאָלוציעס. די פרעסע פון יענע טעג פלעגט ניט פארעפנטלעכן ניט אונזערע אסיפות, ניט אונזערע פראָטעסטן. זי האט זיך באצויגן פייַנדלעך צו אונזער באוועגונג, און מיר האבן געוואוסט, אז אונזערע אסיפות האבן ניט קיין שום ממשות, חוץ דעם, וואָס מיר ריידן זיך אַראָפּ פון הארצן.

נאר אין וויניקע אויסנאמס־פאלן פלעגט אונזער קאמף פאר יידישער ארבעט אננעמען א מער שארפן כאראקטער. אזא פאל איז געווען אין בן־שמן. בעת די ארבעטער אין פתח־תקוה האָבן זיך דערוואוסט וועגן דער אראבישער ארבעט ביי די פלאנצונגען אין בן־שמן, זיינען זיי ארויס אויפן פלאץ, האָבן ארויסגעריסן די יונגע בוימלעך און דאן פארפלאנצט זיי פונדאסנייעס.

אט אונזער „קאמף״ פאר יידישער ארבעט, וואס איז געפירט געוואָרן אָן געוואָלט־טאָטן, האט פונדעסטוועגן אויפגעבראכט די קאָלאָניסטן, און

זיי האבן געענטפערט מיט שארפע מיטלען, וואס זיינען דערגאנגען ביזן חרם אין פתח־תקוה. מיטן אויסרייד, אז מען דארף אפהיטן שבת און די יידישע טראדיציע, האבן זיי געוואלט ארויפצווינגען אויף אונז א התחייבות, אז מיר זאלן זיך פירן לויט די אנווייזונגען פון קאָלאָניע־ראט אפילו אין אונזערע פריוואטע ענינים. די פני פון דער קאָלאָניע האָבן כלומערשט ניט געקאָנט אריבערטראָגן, אז בחורים און מיידלעך קומען זיך אויף צוזאמען אויף אן אסיפה. און טאָמער זיינען די ארבעטער ניט מסכים זיך אונטער־צעווארפן די גבאים פון דער קאָלאָניע — טאָר מען זיי ניט געבן קיין ארבעט. די דאזיקע שיטה פון פאַרהונגערן אונז האָט אין דער אמת'ן געהאט גאָר אן אנדער מקור: די שנאה צו אונז, למאי מיר האָבן געוואַגט פאָדערן יידישע ארבעט. געגאנגען איז עס אין א הכשר אויף אראבישע ארבעט. אלע אנדערע מאָטיוון זיינען געווען פוסטע תירוצים. דעם אמת געזאָגט, איז ניט אין אלע קאָלאָניעס געווען דאס זעלבע, וואס אין פתח־תקוה, מיר האבן אבער געהאט אויך אין אנדערע ערטער אויסצושטיין געמיינע מיטלען פון קאמף קעגן אונז פאר אונזערע עקשנות'דיקע פאָדע־רונגען פון יידישער ארבעט.

### די אָרגאניזירונג פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער

די קאמף־מעטאָדן קעגן אונז האָבן אונז אבער ניט אפגעשלאָגן דעם מוט. אין ארבעטער־צבור איז פארגעקומען א הארבע סעלעקציע, און נאָך דעם ווי די שוואכערע האָבן פאַרלאָזן דאס לאנד, זיינען געבליבן מענטשן מיט א סך אויסדויער און מיט טיפער אמונה, און די האָבן זיך ניט אָפּ־געשראָקן פאר די שוועריקייטן פון קאמף. מיט דער צייט איז אויפגעשטעלט געווארן די אָרגאַניזאציע פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער (הסתדרות הפועלים החקלאים), בעמלעך: אין גליל, אין יהודה, און שפעטער אויך אין שומרון. ביי די קאָמוניקאציע־מיטלען פון יענע צייטן האָט גאָר ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן איין לאנדעס־אָרגאַניזאציע.

מיר זיינען געווען פול מיט ברייטע און דרייסטע פלענער, די מעשים זיינען אבער געווען קליין. דער מהלך צווישן אונזער ווילן און אונזערע מעגלעכקייטן איז געווען ניט קלענער, ווי דער געוואלדיקער קאָנטראַסט צווישן דעם ציוניסטישן טרוים, וואס האט געפלאקערט אין אונזער הארצן, און דער נעבעכדיקער ווירקלעכקייט אין לאנד. מיר האבן, א שטייגער, געוואָלט אויפשטעלן א קראנקן־קאסע, דאס איז געווען א נויטווענדיקייט; מיר האבן פעסטגעשטעלט א קליינעם אָפּצאָל פון פינף גרוש, נאר אויך אים איז ניט מעגלעך געווען איינצומאָנען. ס'האבן זיך פארשפרייט קראנ־קייטן און די קראנקן־קאסע איז ניט געווען בכוח צו טראָגן אפילו די

מינימאלע הוצאות. דערצו האבן מיר זיך נאך אנגעשטויסן אויפן ווידער־שטאנד מצד חברים אנצונעמען הילף און אויף זייער טענה, אז איטלעכער מוז שטיין אויף די אייגענע פיס און טאָר ניט אָנקומען צו יענעם. ס'האָט נאך געהערשט ביי אונז די מורא פון חלוקה און אפיטרופסות, וואס האבן דערנידעריקט דעם מענטשלעכן כבוד. ס'זיינען אויך געווען חברים, וואס דער אפצאל פאר דער קראנקן־קאסע האבן זיי יא געצאָלט, צו איר הילף האבן זיי אבער ניט געוואלט אנקומען. זיי האבן אָנגעוויזן אויף דער ירידה, וואס הערשט אין אלטן ישוב און איז ארייננגעדרונגען אויך צו די ביל"ויים און אין די קאָלאָניעס, און האבן געזען אין איר א סכנה, פאר וועלכער מען מוז זיך היטן.

קיין גרויסע זאכן האט די הסתדרות (אזוי האָט געהייסן קורץ די הסתדרות הפועלים החקלאים) דאן ניט אויפגעטאן, זי האט אבער צוגעגעבן מוט און כוח. די ארבעטער האָבן אָנגעהויבן באטראכטן זיך אליין אלס אָרגאניזירטער צבור, איטלעכער איז ארויס פון זיין ענגן תחום, פון איצט אָן איז ער מער ניט איינזאם אין זיין געראנגל.

ערשט א־צט זיינען מיר מסוגל אפצושאצן, וויפל נשמה־כוחות און געזעלשאפטלעכע ענערגיע עס איז געלעגן אין דער דאזיקער פאראייניקונג פון די קליינע מעשים מיטן גרויסן טרוים: דער כוח פון דער גרויסער וויזיע האט געהאלפן די ארבעטער צו טאן זייערע קליינע מעשים און ניט צו זיין אראָפּגעפאלן ביי זיך; און מיטן כוח פון די פראקטישע מעשים זיינען זיי צוגעבונדן געווארן צום באָדן און צו די ממשות'דיקע ווערק פון כיבוש און הגשמה (פארווירקלעכונג) און זיינען ניט פארוואנדלט געווארן אין סתם בעלי־חלומות.

### די סיסטעם פון קבלנות

אָונט נאָך אָונט פלעגן די ארבעטער זיין געצוואונגען צו באזוכן די ארבעטס־געבער און בעטן ביי זיי ארבעט, אָפּעלירנדיק צו זייער ציוניס־טישן געוויסן. די דאזיקע באזוכן האבן פארשאפט א סך עגמת נפש, אלץ איינס, צי איז א יחיד געגאנגען בעטן פאר זיך אליין, צי איז ער געווען א שליח פון לשכת־העבודה. אויך דאן, ווען די ארבעטס־געבער זיינען ניט געווען גראָב, האט עס ניט געבראכט צו קיין תכלית. די געזעלשאפטלעכע ארבעט איז געטאן געווארן פרייוויליק, אָן געצאָלט, נאכן ארבעטס־טאג, מען פלעגט ניט באוויזן צו באזוכן די מענטשן יעדן טאג, און די אויסגעדראָ־שענע תשובות: „איך דארף אייך ניט, איך האב בעסערע און ביליקערע אַרבעטער" — האבן אפגעשלאָגן דעם מוט. אפטמאָל פלעגן די טירן פשוט ווערן צוגעשלאָסן. זיינען די ארבעטער געקומען אויפן געדאנק אָנצונעמען

ארבעט לויט דער סיסטעם פון קבלנות (אַקאָרד־ארבעט), כדי צו מאכן א סוף צו די אלע בזיונות. עס הייסט, אז גרופּן ארבעטער פלעגן נעמען אויף זיך אויסצופירן געוויסע ארבעטן אויף זייער אייגענער אחריות.

קבלנות האט געהאט די מעלה, וואָס זי האט געזיכערט ארבעט אויף א לענגערע צייט פאר א גרעסערער צאָל מענטשן און דערביי ריין־יידישע ארבעט. אויף איינער פון די לאנדווירטשאפטלעכע קאָנפערענצן האָט מען באשלאָסן צו שאפן קבוצות קבלניות (גרופּן פאר אקאָרד־ארבעט) אין די מושבות. ס׳זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אייניקע אזעלכע קבוצות, וואָס האבן געלאָזן נאָך זיך גאָר וויכטיקע זכרונות אין דער געשיכטע פון דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטער־באוועגונג.

די ערשטע ערנסטע קבוצה פאר קבלנות איז געווען „אחוה״, וואָס האט זיך אָרגאניזירט אין 1913 יאָר. זי האָט באשטימט דעם כלל, אז דער ארבעטער איז פאראנטוואָרטלעך פאר דער אויספירונג פון דער ארבעט, און ער איז דער בעל־הבית איבער איר. דערמיט דערגרייכט ער צו א העכערער מדרגה פון זעלבסשטענדיקייט.

אין משך פון איין יאָר צייט האט „אחוה״ אויפגענומען 17 פרדסים אויף צו באארבעטן א גאנץ יאָר און 40 דונאם אויף צו פארפלאנצן, חוץ וויינגערטנער און מאנדל־גערטנער. ב צ ל א ל י פ ה ז״ל האט — לויט דער מיינונג פון פילע קאָלאָניסטן — געשטעלט אין סכנה די פארפלאנצונג פון פרדס, דורך דעם וואָס ער האט די ארבעט איבערגעגעבן דער קבוצה „אחוה״ אויף איר אחריות. צו דער אלגעמיינער איבערראשונג האט זיך דער ענין געענדיקט גוט, און דער דורכשניטלעכער טאָג־לוין איז באדייטנד אריבערגעשטיגן דעם אנגענומענעם לוין, און דאָס האט דערוויזן, אז די אקאָרד־סיסטעם איז די ריכטיקע. „אחוה״ האט באקומען א גוטן נאָמען, ס׳איז געוואקסן דער צוטרוי צו איר, און א געוויסע צייט האבן אין איר געארבעט אכציק מאן (ניט אלע חברים פון דער קבוצה); די קבוצה האָט אנגענומען ארבעט מער, ווי זי איז געווען ביכולת אויסצופירן מיט אייגענע כוחות, האט זי דעריבער באשעפטיקט ארבעטער, וואָס האבן צו איר ניט אָנגעהערט, און האט זיי באצאָלט דעם זעלבן פרייז, וואָס ס׳האבן באקומען אירע חברים.

לויטן ביישפּיל פון „אחוה״ האָבן זיך אָרגאניזירט נאָך אנדערע קבוצות פאר קבלנות: „עבודה״, וואָס פון איר איז שפּעטער אנטשטאנען דגניה ב׳, „עמל״, „אביב״. זיי זיינען אלע געגאנגען מיטן זעלבן וועג, וואָס „אחוה״. די קבוצות האבן זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס זייערע חברים האבן כמעט ניט פארלאָזן דאָס לאנד און זיי האבן געדינט אלס שטיץ־פונקטן פאר דער פארווירקלעכונג פונם ציוניזם.

אין די קבוצות פאַר קבלנות איז געשטיגן דאָס זעלבסט־באַוואוסטזיין פון די חברים. זיי זיינען ניט געווען אָפּהענגיק פון קיין משגיחים, זיי זיינען געווען געזיכערט מיט ארבעט און האָבן אליין געטראָגן די אחריות פאַר איר. אלס פועל־יוצא פון דעם אלעמען זיינען פארבעסערט געוואָרן די לעבנס־באַדינגונגען.

## די עליה פון תימן

א באזונדער קאַפּיטל איז די עליה פון די תימנ׳ער יידן און זייער וועג צו דער מושבה.

אין יאָר תרס״ט זיינען קיין ארץ־ישראל געקומען אייניקע גרופּן עולים פון צפון תימן און האָבן זיך געשטעלט ארבעטן אין ירושלים און אין בן־שמן. אין צוויי יאָר ארום איז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו שיקן קיין תימן א ספּעציעלן שליח, וואָס זאָל אויפמונטערן די עליה פון דאָרטן און ריכטן אויף כבוש עבודה אין די מושבות. דאָס ארץ־ישראל׳ביוראָ, בראש מיט א. רופּין האָט איבערגעגעבן די דאָזיקע שליחות דעם ח׳ ש. י ב נ א ל י, וואָס איז ט״ו כסלו תרע״א ארויסגעפאָרן פון יפו קיין תימן. ער איז געווען דער ערשטער שליח, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג האָט גע־שיקט קיין תימן. ער האָט דאָרט פארבראַכט כמעט א יאָר און האָט באַ־זוכט א סך שטעט און דערפער. נאָך אים זיינען געקומען עטלעכע גרופּן עולים, און זיי זיינען אַוועק צו לאַנדווירטשאַפטלעכער ארבעט אין רחובות, ראשון־לציון, פּתח־תקוה, חדרה, זכרון־יעקב און כנרת. מען האָט געהאָפט, אז די קאָלאָניסטן וועלן זיי נעמען אויף ארבעט מיט מער חשק ווי אונז, אָבער אויך זייער איינאָרדנונג איז געווען שווער, ווי קריעת ים־סוף. די ארבעטער־באַוועגונג האָט גענומען אויף זיך די זאָרג זיי איינצואָרדנען, הגם דאָס איז געווען גאָר ניט לייכט, ווייל זייערע לעבנס־געוואוינהייטן און טראַדיציעס זיינען געווען גאָר אנדערש, ווי ביי אונז, זיי האָבן ניט געהאַט קיין פאָרשטעלונג וועגן אָרגאַניזירונגס־ענינים.

צו דער ארבעט גופא האָבן זיך די תימנ׳ער גראַד גוט צוגעפּאַסט. זייער ליבע צום לאַנד און זייער נטיה צו ארבעט האָבן זיי די זאַך באַדייטנד פאַר־לייכטערט. זיי האָבן אָבער ניט געקענט ארומוואַנדערן, ווי מיר, פון איין מושבה אין די אנדערע, ווייל זיי האָבן כסדר געוואָלט זיין צווישן זייערע לאַנדסלייט און ס׳האָט זיי געצויגן צו זייערע צענטרען אין רחובות, פּתח־תקוה, ראשון־לציון און חדרה, חוץ דעם זיינען זיי דאָס רוב געווען בעלי־משפחות. ניט געקוקט אויף זייער באַזונדער אויפפאַסונג פון פארשיידענע ענינים און אויף זייער פרומקייט, האָבן זיך גאָר אין גיכן אָנגעקניפּט האַר־ציקע באַציאונגען צווישן זיי און די איבעריקע ארבעטער. זיי האָבן זיך

באַציִיגן צו אונז מיט צוטרוי, און מיר האָבן זיי אין א סך פאַלן באַלערנט אין אָרגאַניזאַציע־ענינים.

### נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט שטאַרק צושעדיקט דעם יידישן ישוב, און בעת זי האָט זיך פאַרענדיקט האָט מען כמעט אַלץ געדאַרפט אָנהויבן פונדאַמענט: אין די מושבות זיינען ניט געווען קיין יידישע אַרבעטער, די פּרדסים האָבן ניט געקענט קומען צו זיך פון די מלחמה־פּלאָגן. דאָס איז געווען די תקופה פון דעם משרד לעבודות צבוריות (ביוראָ פאַר עפנטלעכע אַרבעטן). די ערשטע קיבוצישע גרופּן פון דער דריטער עליה האָבן זיך צונויפגענומען ביי דער שאָסייען־אַרבעט און האָבן כמעט גאָר ניט געהאַט אין זינען די מושבה. נאָך די בלוטיקע געשעענישן פון יאָר 1921 איז ווידער געקומען א בעסערע צייט פאַר דער יידישער אַרבעט אין די מושבות. די קאָלאָניסטן פון פּתח־תקוה און חדרה האָבן געשוואָרן ביי די קברים פון די קרבנות מער ניט צו באַשעפטיקן קיין אַראַבער. זיי האָבן אָבער די שבועה געבראָכן אין גאָר א קורצער צייט. די אַרבעטער פון חדרה האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די מושבה אַלס פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס דער יידישער אַרבעטער ווערט אַרויסגעשטויסן פון דער יידישער ווירטשאַפט. דער דאָזיקער אַקט איז ניט געשטאַנען אין איינקלאַנג מיט דער טראַדיציע פון דער אַרבעטערשאַפט, וואָס איז טריי דעם פּרינציפּ פון כיבוש עבודה.

א קאַרדינאַלע ענדערונג אויף דעם געביט איז געקומען מיטן אָנהויב פון דער פערטער עליה. די פּרדסים זיינען געקומען אין א בעסערן מצב, די פּרייזן זיינען געשטיגן, די בעלי־פּרדסים האָבן געהאַט רווחים, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א גרעסערע עליה, לויט די באַגריפן פון יענע צייטן. ס׳האָט זיך פאַר אונז דאַן געשטעלט די פראַגע: ווי אַזוי און מיט וואָס זאָלן מיר אויפנעמען די דאָזיקע עליה? די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעשטעלט געצעלטן פאַר די עולים אויפן ברעג־ים אין תל־אביב; קיין אַרבעט האָבן זיי ניט געהאַט. אין פּתח־תקוה זיינען דאַן געווען 160 יידישע אַרבעטער און א העלפט פון זיי אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט. אין דער זעלבער צייט איז אָבער יאָ געווען אַרבעט פאַר טויזנטער אַראַבער.

איז מען געקומען צום געדאַנק וועגן א נייער אָרגאַניזאַציע־פאָרם פאַר עולים: „חבורה״ (אָן אַרבעטס־גרופּע), וואָס זאָל דערמעגלעכן אַריינצונעמען יידישע אַרבעטער און עולים אין די קאָלאָניע און זיי איינוואָרצלען אין איר. אַרום צוויי הונדערט מאַן האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דער חבורת „מעבר״ און זיינען געקומען אַרבעטן קיין פּתח־תקוה. נאָך איר האָבן זיך אָרגאַניזירט צוויי נייע חבורות: „הדרום״ און „שומרון״, וואָס האָבן אַרומ־

געגומען הונדערטער עולים און האבן זיך באטייליקט אין כבוש עבודה. צוגלייך מיט זיי זיינען אין די מושבות געווען פארשיידענע קבוצים. מען דארף דערמאָנען די פלוגה פון עין־חרוד און די פלוגות פון גדוד־העבודה וואָס זיינען לויט זייער אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי געווען ענלעך צו קיבוצים, זיי זיינען אָבער אויך געווען ענלעך צו די חבורות אין זין פון אויפנעמען עליה. אויך די יוגנט־באַוועגונגען (הנוער העובד, „חוגים") האָבן געשאפן קבוצות אין די מושבות. ניט קיין קליינער טייל פון די דאָזיקע קערפּער־שאפטן האט זיך שפּעטער באַזעצט אויפן באָדן, אין קבוצים און מושבים. דערביי איז זיי זיכער געקומען צו נוץ די דערפאַרונג, וואָס זיי האבן אָנגע־זאמלט בעת דער דאָזיקער תקופה פון כיבוש עבודה.

דער קאמף פאר יידישער ארבעט האָט אצינד אָנגענומען פיל שאַר־פערע פאָרמען, ווי אין די צייטן פון דער צווייטער עליה. דעמאָנסטראַציעס, פּיקעטן נעבן די פּרדסים, מאסן־דעלעגאציעס צו די קאָמיטעטן פון די קאָ־לאָניעס, אינטערווענצן פון דער פּאָליציי, בלוטיקע צוזאַמענשטויסן, ביי־טערע עפנטלעכע דיסקוסיעס, און צומאָל האָט דער געראַנגל אָנגענומען די פאָרם פון א בירגער־קריג. באַזונדערס באַרימט זיינען די ראַנגלענישן אין פתח־תקוה, חדרה, נס־ציונה, זכרון־יעקב. די פּאָזיציע פון דער יידישער ארבעט האט זיך באדייטנד פארפעסטיקט. ס׳האט זיך פארשטארקט איר אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם, ס׳זיינען געשטיגן די כוחות. גראָד אין די שווער־סטע יאָרן פון קריזיס אין לאנד איז די ארבעטס־לאגע אין די מושבות געווען פיל בעסער, ווי אין די שטעט, און דאָס דארף פארשריבן ווערן אויפן חשבון פונם קאמף פאר יידישער ארבעט.

## ארבעטער־ישובים ארום דער קאָלאָניע

איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען אין יענער צייט איז געווען די אויפשטעלונג פון א רייע ארבעטער־ישובים ארום די מושבות, וואָס האָבן געזאָלט פאַראייניקן אין זיך די לוין־ארבעט אין דער מושבה מיט דער שאפונג פון נייע קאָלאָניזאציע־פונקטן. גבעת־השלושה, גבעת־ברנר, רמת־הכובש, נען, קבוצת שילר, שפיים, משמרות א. אנד., ווי אויך די מושבים ארום די קאָלאָניעס — די אלע זיינען פארוואנדלט געוואָרן אין פעסטונגען פון קאמף פאר יידישער ארבעט, מיט דער גלייכצייטיקער שטרעבונג אויפ־צובויען זעלבשטענדיקע ווירטשאפטן. אין משך פון יאָרן האָבן די דאָזיקע ישובים געטראָגן אויף זיך די לאסט פון קאמף פאר יידישער ארבעט.

די פארשיידענע ארבעטער־גרופּן אין די מושבות האבן זיך צום טייל באַזעצט אויפן באָדן, און די צייט, וואָס זיי האבן פארבראכט אין דער מושבה איז זיי געקומען צו נוץ אין זין פון אינערלעכער אָרגאַניזירונג און

צוגרייטונג צו זעלבשטענדיקער ווירטשאפטלעכער טעטיקייט. פילע פון זיי האבן לכתחילה גאָר ניט געהאט בדעה צו גיין אויף התישבות, און פונ־דעסטוועגן האבן זיך פון זיי אויסגעבילדעט גרויסע לאנדווירטשאפטלעכע ישובים. די גרויסע מערהייט פון די ארבעטער־ווירטשאפטן האבן באקומען זייער אָרגאניזירונג און צוגרייטונג צו התישבות אין די יאָרן פון זייער ארבעט אין דער מושבה.

### גוטע און שלעכטע צייטן אין די מושבות

די געשיכטע פון קאמף פאר יידישער ארבעט האט אירע גוטע און שלעכטע צייטן. די שווערסטע צייט איז געווען בעת ס׳האבן געפעלט אר־בעטער. אָביעקטיוו גענומען זיינען די יאָרן 1931—1932 געוואָרן יאָרן פון אויפשטייג פון יידישער ארבעט. אין ישוב האט שוין געהערשט די איבער־צייגונג, אז יידישע ארבעט איז א עלעמענטארע מצוה, פארשיידענע קרייזן האבן מאָראליש געשטיצט די הסתדרות אין אירע באמיאונגען ארייננצו־פירן יידישע ארבעט אין יידישע ווירטשאפטן, ס׳האבן אָבער געפעלט ארבעטער. אין 1934 יאָר האבן מיר פארלוירן באדייטנדע שטחים אין כפר־סבא. ס׳האט זיך דאן פארשפרייט איבערן גאנצן לאנד א ברייטע באווע־גונג צום קאמף פאר יידישער ארבעט אין דער דאָזיקער מושבה, ביי די פרדסים פון כפר־סבא זיינען געשטאנען א סך משמרות (פיקעטן), אין וועלכע ס׳האבן זיך באטייליקט ברייטע קרייזן פון דער געזעלשאפט, שריפטשטעלער און דיכטער, כלל־טוער און זשורנאליסטן. ס׳זיינען פאָר־געקומען ארעסטן. די עפנטלעכע מיינונג איז געווען אויף אונזער זייט. מיר זיינען אָבער ניט ארויס בשלום פון דער דאָזיקער מערכה, און דאָס נאָר דערפאר, ווייל ס׳האבן געפעלט ארבעטס־הענט. ס׳האט זיך דאן אין דעם גערודגל אריינגעמישט די רעגירונג און זי האָט ארויסגעלאָזן דעם באקאנטן געזעץ, וואָס פארבאָט צו שטעלן ארבעטער־פיקעטן מיטן ציל אויסצוקעמפן יידישע ארבעט.

דאָ דארף פארצייכנט ווערן די טעטיקייט פון דער קאמוניסטישער „פראקציע״, וואָס האט זיך אנגענומען די קריוודע פון די אראבער, וועלכע מיר „שטויסן״, כלומערשט, ארויס. און זי איז פאראנגאנגען אזוי ווייט, אז זי האט געקעמפט קעגן דעם, נייע קבוצים זאָלן קומען אין די מושבות. די הסתדרות האט אויפגענומען דעם דאָזיקן קאמף. דער ענין איז אויס־פירלעך באהאנדלט געוואָרן אין העכסטן געריכט פון דער הסתדרות און צענדליקער מיטגלידער פון דער „פראקציע״ זיינען פון איר אויסגעשלאָסן געוואָרן. די ארבעטערשאפט האָט זיך שארף אָפגעגרעניצט פון די דאָזיקע עלעמענטן, און פיל פון זיי האבן פארלאָזן דאָס לאנד.

צוזאמען מיטן קאמף פאר יידישער ארבעט האט זיך אויך געפירט א ענערגישע טעטיקייט אויף צו העכערן דעם לוין פון יידישן ארבעטער. דער אראבישער ארבעטער האט באקומען 7—10 גרוש א טאג, דער יידישער 15—20. די הסתדרות האט געשטרעבט צו א לוין פון 20 גרוש א טאָג, זי האט אָבער געהאט צו טאָן ניט נאָר מיטן ווידערשטאנד פון די ארבעטס־געבער, נאָר אויך מיט שטרעבונגען מצד די ניט־אָרגאניזירטע ארבעטער און די ארבעטס־ביוראָ׳ן פון די מינדערהייטס־אָרגאניזאציעס, וואָס האבן געוואָרפן די פרייזן ניט נאָר אין צייטן פון ארבעטסלאָזיקייט, נאָר אויך דאַן, בעת ס׳האָט קיין ארבעט ניט געפעלט. אין די מושבות פון שרון איז דער הסתדרות געלונגען צו באהערשן דעם ארבעטס־מארק, ווייל דאָרטן איז געווען יידישע ארבעט. אין די „געמישטע" קאָלאָניעס האט אָבער די לשכת העבודה (ארבעטס־ביוראָ) פון דער הסתדרות ניט געהאט קיין ממשות׳דיקע שליטה. און די קאָנקורענץ פון ארבעטס־פרייזן האָט געמאכט צו־נישט אונזערע באמיאונגען פעסטצושטעלן א באשטימטן ארבעטס־לוין.

אין דעם דאָזיקן גרעאַנגל איז באנייט געוואָרן די סיסטעם פון קבלנות. ס׳זיינען נאָך ניט געווען קיין ספעציעלע אנשטאלטן אויפצונעמען ארבעט (מוסדות קבלניים), און דערמיט האבן זיך פארנומען פארשיידענע ארבעטער־גרופן, קבוצים און חבורות. די חבורה „מעבר" האט א געוויסע צייט באארבעט אויף איר אחריות 22 פרדסים. אין 1927 יאָר האבן פארשיי־דענע אָרגאניזירטע גרופן באשעפטיקט לויט דער סיסטעם פון קבלנות ביי 2500 ארבעטער, און אין סעזאָן פון „קטיף" (אראָפּנעמען די ציטרוס־פרוכטן פון די בוימער) איז מען דערגאנגען צו צען טויזנט.

דער צוזאמענפאָר פון דער לאנדווירטשאפטלעכער אָרגאניזאציע אין 1926 יאָר איז געקומען צום באשלוס, אז מען דארף די דאָזיקע טעטי־קייט פון קבלנות פירן אין א באשטימטער אָרגאניזאציאָנעלער ראם אויף דער אחריות פון דער הסתדרות. ס׳איז באשלאָסן געוואָרן אויפצושטעלן די געזעלשאפט „יכין", וואָס האט אין אָנהויב גענומען אויף זיך צווייערליי אויפגאבן: פארפלאנצן נייע פרדסים פאר אייגנטימער, וואָס געפינען זיך אין אויסלאנד, און אויך רעגלמעסיק באארבעטן די פאראנענע „אלטע" פרדסים. ס׳האט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז די באארבעטונג פון די פארא־נענע פרדסים פארנעמט אין דער טעטיקייט פון „יכין" א גאנץ קליינעם אָרט, און דער עיקר־ארבעט איז די פלאנצונג פון נייע פרדסים און דער עקספּאָרט פון די ציטרוס־פרוכטן.

אין יאָר 1936 זיינען אין פארשיידענע מושבות אויפגעשטעלט גע־וואָרן ספעציעלע אָרטיקע אנשטאלטן אויף אויפצונעמען ארבעט (משרדים

קבלניים). זייער גרונט־קאַפּיטאַל איז געווען קליין, די שוועריקייטן — גרויס, זיי האָבן זיך אָבער ברייט פאַרמאָסטן. זיי האָבן זיך ניט באַגרע־ניצט מיט דער רעגלמעסיקער באַארבעטונג פון פּרדסים אין משך פון אַ גאַנץ יאָר, נאָר זיי פלעגן אויך איבערנעמען פאַרשיידענע טיילווייזע אַר־בעטן, זיי פלעגן איבערנעמען אויף קבלנות דעם קטיף, און צום טייל אויך די אַרבעט פון איינפּאַקן די פּרוכט. בעת דער מלחמה האָבן זיי אויסגע־אַרבעט אויף אייגענער אחריות פון די ציטרוס־פּרוכט עטער־אויל און פאַרשידענע זאַפטן. אין משך פון די יאָרן 1936—1945 האָבן די משרדים קבלניים פאַרשאַפט 1.280.000 אַרבעטס־טעג.

היינט צו טאָג ווערט מען ביי אונז קנאַפּ נתפּעל פון אַזאַ צאָל אַרבעטס־טעג, וועלן מיר עס אָבער פאַרגלייכן מיט דער לאַגע פאַר דער מלחמה און אין אירע ערשטע יאָרן, און נעמען אין אַכט, אַז די דאָזיקע אַרבעטס־טעג זיינען געגעבן געוואָרן אין זייער גרעסטן טייל פאַר נייע עולים, וואָס האָבן ביי דער דאָזיקער אַרבעט באַקומען זייער הכשרה — וועלן מיר ערשט קענען אָפּשאַצן ווי געהעריק איז, וואָס עס איז אויפ־געטאָן געוואָרן כדי אויפצוהאַלטן יידישע אַרבעט אין די פּרדסים, ראַטעווען אַרבעטער פון אַרבעטסלאָזיקייט און אַריינגעמען נייע עולים אין לאַנד און אין אַרבעט. און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן בעת דער מצב פון די פּרדסים איז געווען שלעכט און די הכנסה איז געווען קליין. נאָר די יע־ניקע, וואָס האָבן אַליין איבערגעלעבט די יסורים פון אַריינדרינגען אין דער אַרבעט בעת דער צווייטער און דריטער עליה, זיינען מסוגל ריכטיק אָפּ־צושאַצן דעם ווערט דערפון, וואָס נייע עולים דרינגען אַריין אין דער אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון דער הסתדרות און ניט פון פּריוואַטע בעלי־בתים, וועלכע פלעגן מיט זייער שפּאָט און פאַראַכטונג אָפּט אָפּ־שלאָגן ביי די עולים דעם מוט, פאַרמינערן זייער ציוניסטישע אמונה און זייערע פייאיקייטן זיך איינצוואָרצלען אין לאַנד.

אַ דאַנק דער דערמאָנטער קבלנות־טעטיקייט פון דער הסתדרות איז דער פּרדס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלאַץ פון שטענדיקער אַרבעט; די פּאָזיציע פון די אַרבעטער אין דער לאַנדווירטשאַפט איז פאַרפעסטיקט געוואָרן, און זיי זיינען דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן געפיל פון פּערזענ־לעכער אחריות פאַר דער שאַפונג, אין וועלכער זיי באַטייליקן זיך.

### הילף פאַר אַרבעטער אין די מושבות

פאַראַן אַ טענה, — און לויט מיין מיינונג אַ גערעכטע, — אַז די הסתדרות און די ציוניסטישע באַוועגונג האָבן ניט גענוג געטאָן בכדי צו שטיצן די אַרבעטער פון די מושבות. ס'וועט אָבער זיין ניט ריכטיק צו זאָגן,

אז עס איז גאָר גיט געטאָן געוואָרן. איך וויל דאָ דערמאַנען די זאָרג פאַר דירות פאַר די ארבעטער אין די מושבות, דאָס אויפשטעלן לאגערן פאַר קיבוצים און יחידים, וואָס האָט זינט דער דריטער עליה אָן אָפגעקאָסט הונדערטער טויזנטער פונטן. און הגם ניט דער גאַנצער רכוש איז געבליבן ביי זיין פולן ווערט, קען מען עס אָבער בשום אופן ניט באטראכטן ווי א פארלוירן געלט: א טייל פון די לאגערן האָט געדינט פאַר די קיבוצים אלס הכשרה־פונקטן צו זייער התישבות, פון דאנען זיינען זיי אוועק אנדערש־וואו און זיך דאָרטן באזעצט אויפן באָדן; אנדערע ווידער זיינען לכתחילה באשטימט געוואָרן פאַר ארבעטער פון דער קאָלאָניע, און זיינען שפעטער פארוואנדלט געוואָרן אין זעלבשטענדיקע ישובים אין איר סביבה. חוץ דעם דאַרף מען דערמאָנען די שטיצע, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין דער פאָרם פון הלוואות פאַר הילף־ווירטשאפטן (משקי עזר) און ארבעטער־קיכן, הלוואות פאַר קיבוצים אין די מושבות און אנדערע הילפס־פאָנדן.

### די מושבה און די התישבות

א סך כוחות האָט אונזער התישבות געשעפט פון דער מושבה: דאָס מיינט — ניט נאָר, אז טויזנטער ארבעטער זיינען אריבער פון די מושבות אין די ארבעטס־ישובים, נאָר אויך אז די בעסטע יוגנט פון די מושבות גופא איז געגאנגען מיטן זעלבן וועג. מיט רעכט האָט די דאָזיקע יוגנט איינגעזען, אז די מושבה האָט פאַר איר נאָר א פאַריבערגייענדיקן ווערט, און אז אין דער התישבות שאפן זיך אייביקע ווערטן. די צוציאונגס־קראַפט פון דער ארבעטער־קאָלאָניזאציע איז דעריבער געווען גרעסער. אלס פועל־יוצא דערפון איז אָבער אונזער כוח אין דער מושבה אָפגעשוואכט געוואָרן.

די ארבעטער־קאָלאָניזאציע איז אזוי ארום שולדיק דער מושבה א חוב. זי מוז דער מושבה אומקערן כוחות פאַר נייע כיבוש־ארבעטן. ס'איז שוין אפשר געקומען די צייט, בעת מען קען פארלאנגען, אז די יוגנט פון דער התישבות זאָל זיך מאָביליזירן און גיין אין די מושבות אויף א באשטימטע צייט צוליב כיבוש העבודה. די דריטע און די פערטע עליה האָט ארייננעגאָסן אין די מושבות גאנצע שטראָמען יונגע חלוצישע כוחות, וואָס האבן אונז געהאָלפן אין אונזער קאמף. און איידער ס'וועט אָנקומען יענע גרויסע עליה, וואָס מיר אלע ווארטן אויף איר, און וועט ברייגגען א נייעם שטראָם חלוצים אין די מושבות — מוזן מיר געפינען כוחות ביי אונז אליין, עס זאָל חלילה ניט גיין לאיבוד די דערגרייכונג פון יאָרן פון כיבוש עבודה.

### פריינט פון יידישער ארבעט אין די מושבות

בעת מיר ריידן וועגן יידישער ארבעט אין די מושבות, מוזן מיר דערמאָנען צום גוטן יענע קאָלאָניסטן און בעלי פרדסים, וואָס זיינען געווען טריי דער יידישער ארבעט און וואָס האבן אָפּט מקיים געווען די מצוה פון עבודה עברית ממש מיט מסירות־נפש. ס׳איז נאטירלעך, אז אונטערנעמער מאכן זייער געלט־חשבון, און אויב ס׳האָבן זיך איינגעפונען מענטשן, אר־בעטס־געבער און אינהאבער פון פרדסים, וואָס ווייסן דעם חשבון, און וואָס זיינען פונדעסטוועגן מקיים זייער ציוניסטישן חוב אָן א שום דרוק פון אויסן, — מוזן מיר עס אָפּשאצן, ווי געהעריק איז. מען דאַרף ניט פאַר־געסן, אז די דאָזיקע מענטשן פלעגן ווערן כסדר אויסגעלאכט מצד יענע קאָלאָניסטן, וואָס פארלייקענען זייער חוב פאר יידישער ארבעט, און וואָס זיינען גרייט ווארפן אויף איר די שולד פאר אלע ווירטשאפטלעכע מפּלות.

פאר דער לעצטען צייט מערקט זיך אויף דעם געביט א ירידה. ס׳פעלן יידישע ארבעטער, און ס׳ווערט אלץ קלענער די צאָל פון קאָלאָ־ניסטן, וואָס בלייבן טריי דער יידישער ארבעט. מיר פארלירן פּאָזיציעס און נאָר מיט גרויס מי וועט מען זיי קענען באקומען צוריק. מיר זיינען אויך איצט ניט ווייניק געהאלפן געוואָרן דורך דער געמיינזאמער קאָמיסיע פאר יידישער ארבעט, אין וועלכער ס׳באטייליקן זיך פאָרשטייער פון מרכז החקלאי און פון די בעלי־פרדסים, וואָס זיינען טריי דער יידישער ארבעט אין שרון און אין שומרון, ווי אויך פאָרשטייער פון דער סוכנות. מיט דער הילף פון דער דאָזיקער קאָמיסיע האָבן מיר געהויבן דעם ארבעטס־לוין, איינגעפירט דעם אָפּצאָל פון ארבעטס־געבער לטובת דער קופת חולים און דערליידיקט איניקע ערנסטע ארבעטס־קאָנפליקטן.

### די פארקלענערונג פון דעם פרדסים־שטח

דער שטח פון יידישע פרדסים איז פאר דער לעצטער צייט אין א באדייטנדער מאָס פארקלענערט געוואָרן. ביי 2000 דונאם זיינען פארקויפט געוואָרן צו אראבער. א סך פרדסים האט מען אויסגעוואָרצלט. נתניה, למשל, איז ניט מער קיין מושבה, און דאָס רוב פרדסים אירע זיינען געוואָרן בוי־פלעצער. אויך אין אנדערע מושבות וואָרצלט מען אויס די ביימער. עס זיינען אויסגעוואָרצלט געוואָרן בערך 25 טויזנט דונאם פרדסים. דער דעפיציט אין שטח פון יידישע פרדסים זינט דער מלחמה איז ביי 30 טויזנט דונאם. אין פריוואטע יידישע הענט איז פאראן פרדסים פון 90 ביז 100 טויזנט דונאם. אין די ארבעטער־ישובים — קרוב 20 טויזנט. בעלי פרדסים איז פאראן בערך 3500.

ביי אזא מין צעשפּליטערונג פון דער פרדסים־ווירטשאפט, איז קיין

חידוש ניט, אז אויך אין נאָרמאַלע באַדינגונגען איז שווער אָפּצוהיטן די יידישע אַרבעט, בפרט נאָך אין אונזער צייט. אין די קליינע פּרדסים איז ניט מעגלעך צו פאַרוואַנדלען די אַרבעטער אין שטענדיקע, ס׳איז אויך ניט לייכט פאַרזאָרגן זיי מיט דער נויטיקער צאָל אַרבעטער, ווייל אומע־טום פאָדערן זיך אַרבעטער גראַד אין ברען־סעזאָן. די אַרבעט לאָזט זיך ניט ראַציאָנאַליזירן, די באַוואַסערונג קאָסט טייער. די אייגנטימער פון די דאָזיקע פּרדסים האָבן קליינע מיטלען, און מען קען ראַטעווען זייערע פּרדסים נאָר דורך אָרגאַניזירטער קבלנות. ערשט דאַן, ווען זיי וועלן איבערגעבן זייערע פּרדסים צו באַאַרבעטן א גאַנץ יאָר אַן אַנשטאַלט, וואָס וועט עס איבערנעמען — וועט מען קענען באַשעפטיקן אין די פּרדסים שטענדיקע אַרבעטער, פאַרזיכערן אין זיי יידישע אַרבעט און אויך ראַציאָ־נאַליזירן די אַרבעט. ס׳איז אָבער נויטיק, אַז דער אַנשטאַלט, וואָס וועט עס איבערנעמען, זאָל פאַרמאָגן גוטע מכשירים, זאָל קענען געבן לאַנגטער־מיניקע קרעדיטן און זאָל קענען האָבן א ערנסטע און געהעריקע פּראָפע־סיאָנעלע אויפזיכט.

### די גרינדונג פון „חק״ל״

אזוי זיינען מיר געקומען צום געדאַנק, אויפצושטעלן דעם „חק״ל״ (חברה קבלנית לחקלאות). אַנשטאָט די פריערדיקע אָרטיקע משרדים קבלניים אין די איינצעלנע מושבות, זיינען מיר געקומען צו א גרויסער צענטראַלער געזעלשאַפט פאַר קבלנות, מיט אָפּטיילונגען אין די מושבות.

די פּלענער זיינען גרויס און דרייסט. קודם־כל — דער פּלאַן פון מעכאַניזירונג. מען דאַרף אַריינפירן אין פּרדס מאַשינען, בכדי צו פאַר־קלענערן די הוצאות, לייכטער מאַכן די אַרבעט און העכערן דעם לוין. חק״ל וועט ברענגען דאָ אַזעלכע דערגרייכונגען, וואָס די בעלי־הפּרדסים אליין קענען מיט אייגענע כוחות קיינמאָל ניט קומען דערצו.

„חק״ל״ וועט זיך באַשעפטיקן אויך מיט „פלחה״ (תבואות־קולטור). פאַראַן דערצו א פאָדערונג אין פאַרשיידענע מושבות, און מען קען אויך אויף דעם געביט א סך דערגרייכן. דאָס זעלבע — בנוגע באַוואַלדערונגס־אַרבעט, וואָס ווערט געמאַכט דורך קרן־קיימת.

### געמיינזאַמער פראָנט

איינע פון די גרעסטע שוועריקייטן פאַר דער יידישער אַרבעט אין פּרדס באַשטייט אין דעם, וואָס די אַרבעט איז פאַרבונדן מיטן סעזאָן. אזוי, למשל, דערגייט ווינטער די צאָל אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין פּרדסים, צו 15 טויזנט, זומער אָבער איז דאָ אַרבעט בלויז פאַר 8 טויזנט

מאָן. 7 טויזנט, הייסט עס, שטייט פאַר צו זיין יעדן זומער ארבעטסלאָז. אויב מ׳וועט ניט געפינען קיין מיטל זיי צו באשעפטיקן. די ביי־פּראָדוק־ציעס פון די ציטרוס־פּרוכטן קענען דאָ ווייניק וואָס העלפן, ווייל זיי פאלן צונויף מיט דער צייט פון קטיף, ד. ה. ווינטער. אויך אין סאמע ברען פון סעזאָן איז מען ניט געזיכערט יעדן טאָג מיט ארבעט, ווייל ס׳זיינען דאָ רעגן־טעג און הפסקות אין קטיף און אין פארפאקונג צוליב סיבות, וואָס הייגנען ניט אָפּ פון אונז.

ס׳איז קיין ספק ניט, אז ס׳זיינען געמאכט געוואָרן באמיאונגען צו לייזן די דאָזיקע פראגע, אָבער מען האָט נאָך ניט גענוג געטאָן. מיר האָבן ניט געזאָרגט אין א געניגנדער מאָס, אז, למשל, בוי־ארבעט, שאָסיי־ארבעט א.דגל. זאָל געטאָן ווערן זומער, בעת אין פרדס איז ניטאָ וואָס צו טאָן. דאָס זעלבע — וועגן פאבריקן, וואָס באשעפטיקן ניט זייערע ארבעטער א גאנץ יאָר; מען וואָלט געקענט איינאָרדנען, אז די ארבעט זאָל געטאָן ווערן זומער. מען האָט ווייניק געפאָרשט די מעגלעכקייטן אויפצושטעלן פארשיי־דענע צווייגן פון היים־אינדוסטריע, וואָס זאָלן באשעפטיקן די משפחה פון דעם לאנדווירטשאפטלעכן ארבעטער און אין די זומער־חדשים — אויך אים אליין.

מען דארף געבן צו פארשטיין די בוי־אַרבעטער און פאבריק־ארבעטער אין די מושבות, אז אויב מען פארלאנגט פון זיי, זיי זאָלן עפעס נאָכגעבן צוליב דער דערמאָנטער רעגולירונג, מוזן זיי עס טאָן, שוין צוליב דעם אליין, וואָס די אראבישע ארבעט, וואָס וועט זיך פארפעסטיקן אין פרדס וועט זיך שפעטער אריבערטראָגן אויך אין די אינדוסטריע און אין בוי־ארבעט. דער פרדס — דאָס איז די ערשטע פראָנט־ליניע פון קאַמף פאר יידישער ארבעט. אויב זי וועט צעבראָכן ווערן — וועט זיך דער קאמף אריבערטראָגן אויף די צווייטע ליניע, אויף דער בוי־ארבעט, און דאן אויך אין די פאבריקן.

יידישע ארבעט — דאָס איז דער צענטראלער פונקט אין דעם לעבן פון דער מושבה. ס׳איז נויטיק צו פארבינדן אלע ארבעטס־צווייגן אין דער מושבה מיטן דאָזיקן צענטראלן פונקט און זאָרגן פאר דער ריכטיקער אָרגאניזירונג. מיר מוזן צוריק באקומען אין דער לאנדווירטשאפט פון דער מושבה אונזערע פריערדיקע פּאָזיציעס, וואָס מיר האָבן פאר די לעצטע יאָרן פארלוירן צוליב׳ן מאנגל אין ארבעטס־הענט.

ד. שפריר

# איבערגאַנג און שטענדיקייט

א סך יאָרן איז די מושבה געווען נאָר א מין דורכגאנגס־קאָרידאָר. א צייטווייליקער ארבעטס־פּלאַץ. לאַנג־דויערנדיקע ארבעטסלאָזיקייט נאָך קורצע תקופות פון ארבעט, נידעריקער לוין, שווערקייטן ביי דער ארבעט גופא, אַטמאָספער פון פרעמדקייט און פיינדלעכקייט מצד דער ארומיקער סביבה — דאָס אלץ האָט געבראַכט דעם ארבעטער דערצו, ער זאָל וואַנדערן פון אָרט צו אָרט. אין אָנפאַנג, ווען די שטאָט האָט נאָך ניט געצויגן צו זיך, פלעגט מען וואַנדערן פון איין מושבה אין די אַנדערע. בעת אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען בוי־ארבעט און אינדוסטריע, האָט מען גענומען וואַנדערן אין שטאָט אריין. מען קען זאָגן אָן א גוזמה, אז א קאָנ־טיקער טייל פון די שטאָטישע ארבעטער האָבן בשעתם געארבעט אין די מושבות, האָבן זיך דאָרט צוגערשט אקלימאַטיזירט און זיינען דאָרט דורכ־געגאַנגען זייער ערשטע שול אלס ארבעטער און הסתדרות־חברים.

די ארבעטער פון די מושבות זיינען אויך געווען דער וויכטיקסטער, כמעט דער איינציקער מענטשן־רעזערוואוּאַר פאַר דער התישבות. ס׳איז אינטערעסאַנט, אז פון די 96 קבוצישע ווירטשאַפטן, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן פאַר די לעצטע 25 יאָר (ביזן סוף 1945) — זיינען 71 געקומען פון דער מושבה. די אלגעמיינע צייטלונג פון די קיבוצים, וואָס זיינען פאַר דער זעלבער תקופה דורכגעגאַנגען די מושבה אָדער געפינען זיך נאָך אין איר (ביזן סוף 1945), גיט פאָלגנדן בילד:

71 קיבוצים האָבן זיך קאָלאָניזירט; זייער צאָל חברים, איידער זיי זיינען אריבער אויף התישבות — 6940; 55 קיבוצים האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט אנדערע קיבוצישע ווירטשאַפטן, זייער צאָל חברים — 2320; 70 קיבוצים זיינען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן, זייער צאָל חברים — 1900; 18 קיבוצים געפינען זיך נאָך אין די מושבות, חברים — 1540; צוזאַמען 214 קיבוצים מיט 12,740 חברים.

די קיבוצים אין די מושבות האָבן אין משך פון א סך יאָרן געדינט אלס באַזע פאַר כיבוש עבודה און זיינען געווען דער לעבעדיקסטער און אַקטיוווסטער טייל פון דער ארבעטערשאַפט. זייער חלוצישע דערציאונג, זייער יוגנטלעכקייט און דאָס עצם לעבן צוזאַמענגעשלאָסן אין א קאָלעקטיוו — דאָס אלץ צוזאַמען האָט זיי געשטעלט אין די פאָדערשטע רייען פון די קעמפער.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און דערנאָך די סוכנות — האָט אין

א באדייטנדער מאָס געהאָלפן די קיבוצים זיך צו פאַרפעסטיקן אין דער מושבה. אויף געלטער פון ציוניסטישן ביודזשעט זיינען אויפן באָדן פון קרן־קיימת אויפגעשטעלט געוואָרן העכער 50 וואוינונגס־לאַגערן, אויסגע־רעכנט בערך אויף 5000 מאַן. א דאַנק די הלוואות פון א ספּעציעלן פאָנד האָבן די קיבוצים אנטוויקלט הילפס־ווירטשאַפטן; לכתחילה האָבן די דאָזיקע הילפס־ווירטשאַפטן געהאַט גאַנץ באַשיידענע אויפגאַבן: זיי האָבן געזאָלט באַשעפטיקן די חברות אין גרינס־גערטנער בעת ס׳האָט געפעלט פאַר זיי אַרבעט, פאַרזאָרגן מיט אייגענע גרינס און געבן לאַנדווירטשאַפט־לעכע הכשרה. מיט דער צייט האָבן זיי זיך אָבער פאַנאַנדערגעוואָקסן און זייערע פאַרשיידענע צווייגן, — ווי גרינס, הינערצוכט, מילך־ווירטשאַפט און בינענצוכט — זיינען געוואָרן פאַרן קיבוץ אַן ערנסטער יסוד ביי זיין איבערגאַנג צו התישבות. די לעצטע יאָרן האָבן די קיבוצים אין די מושבות גענומען אנטוויקלען ווירטשאַפטן און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. צוליב דעם אַלעמען האָבן זיי כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט צו גיין אויף לוין־אַרבעט אין די פּרדסים.

ביזן סוף צוואַנציקער יאָרן האָט דער אַרבעטער אין דער מושבה כסדר געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז דאָ נאָר צייטווייליק. דערווייל אָבער איז די צאָל אַרבעטער אין די מושבות געוואַקסן, עס איז אַלץ גרעסער גע־וואָרן די צאָל בעלי־משפחות, ס׳זיינען געבוירן געוואָרן קינדער, און פילע אַרבעטער אין די מושבות האָבן אָנגעהויבן ערנסט קלערן, ווי אַזוי זיך איינצוואָרצלען און באַפעסטיקן אין דער מושבה גופא.

דער באַריכט פון מרכז חקלאי צום פערטן לאַנדווירטשאַפטלעכן צוזאַמענפאָר (דערשינען אין 1931) האָט צום ערשטן מאָל באַהאַנדלט די פראַגע וועגן אַרבעטער־קוואַרטאַלן (שכונות פועלים) אין די מושבות. עס ווערט אין אים דערציילט, אַז מען האָט צו דעם צוועק אָנגעהויבן קאָנ־צענטרירן שטחים ערד אין די מושבות און אין זייער אומגעגנט. אין יאָר 1928 איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון כפר בראַנדייס אין חדרה און פון דאַן אָן האָט מען אָנגעהויבן טאָן אין דער ריכטונג אויך אין אַנדערע מושבות.

ביי דער דאָזיקער טעטיקייט האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף פאַר־שיידענע שוועריקייטן. די וויכטיקסטע פון זיי זיינען געווען: 1) ס׳איז געווען שווער צו באַקומען באָדן; א צייט לאַנג איז דער קרן־קיימת געווען קעגן דעם, מ׳זאָל קויפן ערד ביי יידן, היות ווי זיין אויפגאַבע באַשטייט אין אויסלייזן ערד פון ניט־יידישע הענט. 2) ס׳איז ניט געווען קיין קרע־דיטן. ביז ניט לאַנג זיינען אין לאַנד ניט געווען קיין אַנשטאַלטן פאַר היפּאָ־טעקן־קרעדיט, און בעת זיי זיינען שוין יאָ אויפגעשטעלט געוואָרן, זיינען

זיי געווען דער עיקר טעטיק אין די שטעט און האָבן זיך ניט אָפּגערופן אויף די נויטן פון די מושבות, און בפרט — אויף די פאָדערונגען פון שכונות פועלים. מחמת די דאָזיקע שוועריקייטן האָט זיך די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דירות־בוי פאַר אַרבעטער געפירט פּאַמע־לעך, און דער סוף איז געווען, אַז די אַרבעטער האָבן גענומען זוכן פּריי־וואַטע וועגן ווי אַזוי אייַנצוֹאָרדנען זיך. זיי פּלעגן באַקומען אויף שלעכטע באַדינגונגען הלוואות, קויפן באָדן און אָנהייבן בויען. זיי פּלעגן אייַנזינקען אין חובות און מוזן דערנאָך אַרבעטן איבער די כוחות, כדי צו פאַרענדיקן דעם בנין און אויסצוצאָלן די חובות. אַזוי אַרום האָבן בערך 1000 אַרבע־טער־משפחות זיך פאַרזאָרגט מיט דירות און קליינע געהילפס־ווירטשאַפטן אויף אייגענע מיטלען.

די לעצטע 5—6 יאָר פאַר דער מלחמה האָט זיך גענומען אַנטוויק־לען די קאָאָפּעראַטיווע פאָרם פון בויען שכונות פועלים. מיט דער הילף פון „ניר”, סוכנות, אַרבעטסלאָזן־פאָנד (קרן חוסר עבודה) און די לייי־קאַסעס (קופות מלוה) אין די מושבות איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציע־לער פאָנד פאַר בויען שכונות פועלים אין די מושבות („קרן בילינסון”), מיט דער הילף פונם „קרן בילינסון” זענען אויפגעשטעלט געוואָרן 7 שכונות (500 הייזער). דעם גרונט באָדן האָט געקויפט דער קרן־קיימת. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך אָבער די דאָזיקע טעטיקייט כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט, און ערשט די לעצטע פאַר יאָר איז זי באַנייט גע־וואָרן אין אַ פיל ברייטערן פאַרנעם. מיטן אָנטייל פון „ניר” און די לייי־קאַסעס אין די מושבות האָט דער מרכז חקלאי געגרינדעט אין 1943 יאָר אַ ספּעציעלע געזעלשאַפט „נ ו ה ע ו ב ד”, וואָס דאַרף קאָנצענטרירן פּאַסיקן באָדן פון קרן־קיימת, אָרגאַניזירן די אַרבעטער, וואָס ווילן זיך באַזעצן אין די שכונות, אויסאַרבעטן די פּלענער, באַקומען מיטלען פאַרן בוי און אָנפירן מיט די שכונות אין אַלע זייערע אַנטוויקלונגס־שטופן.

די טעטיקייט פון „נוה־עובד” באַזירט זיך אויף פאָלגענדע גרונט־פּרינציפּן:

א) נאַציאָנאַלער באָדן, מיט דער הילף פון קרן־קיימת.

ב) די וואָס ווילן זיך באַזעצן אין די שכונות דאַרפן אָרגאַניזירט ווערן אין קאָאָפּעראַטיווע אגודות, ד. ה. אַז די הייזער און דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די שכונות זאָלן געהערן נישט דעם יחיד, נאָר דעם כלל און פאַרשריבן ווערן אויפן נאָמען פון דעם קאָאָפּעראַטיוו.

ג) אַנטוויקלען געהילפס־ווירטשאַפטן (משקי עזר).

ד) זאָרגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון קעגנזייטיקער הילף אין די שכונות.

לויט דער איניציאַטיוו פון „נוה עובד" און מיט זיין פינאַנציעלן אַנטייל האָט דער קרן־קיימת ביז איצט אין 20 מושבות איינגעשאַפט ביי 3200 דונאַם, כדי אויפצושטעלן 32 נייע שכונות און צו פאַרגרעסערן די צאָל חברים אין די שכונות, וואָס עקזיסטירן שוין. דער דאָזיקער שטח דאַרף פאַרטיילט ווערן אויף 3220 וואויין־פּלעצער. ס'איז געמאַכט געוואָרן שפּע־טער א ווייטערדיקער טריט אויף צו קאָנצענטרירן מיטלען צו פינאַנסירן דעם בוי אין די שכונות און ס'איז געגרינדעט געוואָרן צו דעם צוועק א באַזונדער אַנשטאַלט „נוה־עובד־מימון", מיטן אַנטייל פון דער סוכנות און פון א ריי הסתדרות־אַנשטאַלטן: נוה־עובד, קרן חוסר עבודה, די ליי־קאַסעס און „ניר".

„נוה עובד" העלפט אויך מיט איינצושאַפן באָדן אויף דירות־בוי פאַר עולים, וואָס קומען אַרבעטן אין די מושבות; ער זוכט פּאַסיקע שטחים און גיט אויך איבער צו דעם צוועק שטחים, וואָס געפינען זיך שוין אין זיין רשות.

איצט, נאָך 15 יאָר טעטיקייט קען מען אונטערפירן פאָלגנדיקן סך־הכל: ביי 1000 אַרבעטער־משפחות זיינען באַזעצט געוואָרן מיט אייגענע מיטלען אויף א אינדיווידועלן אופן אָדער אין קליינע ניט־אָרגאַניזירטע שכונות, קרוב 1400 משפחות — אין קאָאָפּעראַטיווע שכונות פועלים (פאַר דער מלחמה מיט דער הילף פון „קרן ביילינסון" און אין די לעצטע יאָרן מיט דער הילף פון „נוה עובד"); חוץ דעם איז איינגעשאַפט געוואָרן באָדן פאַר נאָך 2500 משפחות. צוזאַמען האָבן זיך אַלזאָ קרוב 5000 אַרבעטער־משפחות באַפעסטיקט אויפן באָדן אין דער מושבה. צוזאַמען מיט די שכונות, וואָס בויען זיך פאַר נייע עולים, האָבן מיר א סך־הכל פון קרוב צו 6000 משפחות פון הסתדרות־חברים, וואָס בילדן 45% פון דער אַלגעמיינער צאָל הסתדרות־משפחות אין דער מושבה.

י. חורין

## די קבלנות-טעטיקייט אין דער מושבה

זייט יאָרן פירט זיך אין דער מושבה א קאַמף פאַר יידישער אַרבעט און מען מוז מודה זיין, אַז די לאַגע באַפרידיקט אונז ניט ביזן היינטיקן טאָג. דאָס פּראָבלעם פון כיבוש עבודה פאַרבלייבט נאָך אַלץ אַקטועל, ווי אין פריערדיקע צייטן. עס האַנדלט זיך ניט וועגן נייע וועגן, וואָס מען דאַרף אַנטדעקן, נאָר וועגן א ריכטיקע און מער ראַציאָנעלע אַנווענדונג פון אַלטע מיטלען, וואָס מיר ווייסן שוין פון פריער.

דאָס הויפּט־געוויכט אין די העגט פון דעם ארבעטער — דאָס איז זיין ארבעט אליין, און מען דארף דעריבער באטראכטן ווי ערשטראנגיקע מכשירים פארן כיבוש עבודה די יעניקע אנשטאלטן, וואָס לערנען אויס צו ארבעטן און צו הויבן די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבעט. אין משך פון צענדליקער יאָרן איז די אויפפאסונג פון אָט דער עיקרדיקער אויפגאבע געבליבן אָן שינויים. א מאָל איז די כיבוש־ארבעט געטאָן געוואָרן דורכן איינצעלנעם ארבעטער אין די שווערסטע תנאים, דורך פּערזענלעכער קבלנות און קאָנקורענץ מיטן ביליקערן אַראַבישן ארבעטער. שפּעטער איז געמאכט געוואָרן א צווייטער פּרוואוו פון קבלנות דורך חבורות און קיבוצים, וואָס האָבן איבערגענומען די אויספירונג פון דער ארבעט אויף זייער אחריות; זיי האָבן אָבער ניט געהאט די געהעריקע ווערקצייג. היינט שטייען מיר אין מיטן פון דעם דריטן פּרוואוו פון כיבוש: מיר מאכן אים מיט א גרויסער צאָל מענטשן, וואָס זיינען צוזאמענגעשלאָסן, דיסציפּלי־נירט, און מיט געהעריקע כלים.

דער עיקר איז — די געהעריקע כלים. אנערקענענדיק די וויכטיקייט פון דעם ענין, האָט דער דריטער לאנדווירטשאפטלעכע צוזאמענפאָר (1926) באשלאָסן אויפצושטעלן א צענטראלן אנשטאלט פאר קבלנות אין דער לאנדווירטשאַפט: „יכין״; ער דארף ווערן דער צענטראלער אנשטאלט אויף מכשיר זיין דעם יידישן ארבעטער צו דער ארבעט און באפעסטיקן אים אין איר.

וואס האט „יכין״ אויפגעטאָן ביז היינט? עד האט אנגעהויבן זיין טעטיקייט אין די יארן 1926—1927, בעת דער צווייג פון די ציטרוס־פלאנטאציעס האט אנגעהויבן בליען, בעת אין שרון זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן נייע ישובים אויפן יסוד פון פולקאמער יידישער ארבעט, בעת ס'האָבן זיך פארבעסערט די באדינגונגען פון לוין־ארבעט אויך אין דער לאנדווירטשאפט. ס'האָט זיך געדוכט, אז דער ענין פון כיבוש עבודה הערט אויף צו ווערן אקטועל, און אז די פארנומענע פּאָזיציעס זיינען זיכער און פעסט.

ס'זיינען דעריבער געווארן אקטועל אנדערע אויפגאבן. מיט דער אנטוויקלונג פון פלאנטאַציעס־געביט איז געקומען די שטרעבונג צו פארפעסטיקן די ארבעטער אין דער מושבה, שאפענדיק פאר זיי א קאלאניזאציע־באזע, אויפצושטעלן ארום די פריוואטע מושבות א רינג ארבעטער־ישובים. אין די ביודזשעטן פון די דאזיקע התישבות־פלענער האָט דער ארבעטס־לוין פארנומען דעם וויכטיקסטן אָרט. א שטענדיקער ארבעטס־פלאץ — דאָס איז געווען דער יסוד אויף באקומען קרעדיטן, און „יכין״ האָט געזאָלט באזאָרגן פאר דער דאָזיקער התישבות שטענדיקע און

זיכערע ארבעטס־פלעצער. חוץ דעם איז געווען וויכטיק צו פירן דעם קליינעם פריוואַט־קאַפּיטאל אין דער ריכטונג פון פלאַנמעסיקער נאַציאָנאלער קאָלאָניזאַציע און פאַרהיטן אים פון ספּעקוליאַציע.

אזוי ארום האָט „יכין" געווידמעט זיין הויפּט־אויפמערקזאמקייט אין יענע יאָרן דער פארפלאנצונג פון נייע שטחים און דער אויפשטעלונג פון נייע פונקטן. „יכין" האָט זיך באטייליקט אין דער אויפשטעלונג פון 9 התישבות־פּונקטן אויף פריוואטער ערד, און האָט אויפגעשטעלט 6 ארבעטס־ישובים פון אויסלענדישן מיטלשטאנד אויף דער ערד פון קהק"ל אין עמק חפר און אין דער סביבה פון תל־מונד. אין משך פון 10 יאָר, 1936—1926 האָט „יכין" פארפלאנצט ביי 12 טויזנט דונאם, דער עיקר — ציטרוס־פלאנצונגען. מיט דער צייט אבער האָט זיך פארשטארקט די טענדענץ פון א געמישטער ווירטשאפט. און אין די נייע פּונקטן פארנעמען שוין א קאָנטיקן אָרט אויך אנדערע צווייגן: פרוכט־בוימער, וויינטרויבן, עופות, מילך־ווירטשאפט, גרינס. מיט דער ארבעט פון „יכין" זיינען געווען פארבונדען 16 קיבוצים און ארגונים, (ד. ה. ארגאניזירטע גרופּן אויף צו גרינדן מושבי עובדים).

אין די יאָרן 1936—1935 איז אין דער טעטיקייט פון „יכין" געקומען אַ נייע ווענדונג. די פלאנצונג פון נייע פּרדסים האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דער מצב פון דער יידישער ארבעט אין דער מושבה האט זיך פארערגערט. ס'איז געקומען די שעה ווידער צו באנייען דעם קאמף פארן כיבוש עבודה אויף א קאָנסטרוקטיוון אופן. פון דער דערפארונג, וואָס מ'האָט שוין געהאט, איז קלאָר געוואָרן, אז איינער פון אונזערע גרויסע פעלערן אין דער מושבה באשטייט אין דעם, וואָס מיר פארמאָגן ניט קיין געהעריקע אונטערנעמונגס־אנשטאלטן אויפן אָרט אויסצופירן גאנצע און טיילווייזע ארבעט אין די פּרדסים, אנשטאלטן וואָס זאָלן זיין פאראַנטוואָרטלעך פאר דער גוטער אויספירונג פון דער ארבעט און קענען זיין א מכשיר פאר כיבוש עבודה. אזוי זיינען מיר געקומען צום געדאנק פון גרינדן אָרטיקע משרדים קבלניים.

די משרדים קבלניים האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו אנטוויקלען, און האָבן אָנגעהויבן אריינדרינגען אין שווערע ארבעטס־פלעצער, וואו ס'האָט קיינמאָל פריער ניט געטראָטן די פוס פון יידישן ארבעטער; מיט דער צייט האָבן די משרדים קבלניים קאָנצענטרירט אין זייערע הענט א סך יאָריקע און סעזאָן־ארבעט און אויך קטיף־ארבעטן.

אויסער דער באארבעטונג פון די פּרדסים איז געווען נאָך אַ וויכטיקער געביט, — די פארפּאקונג פון פרוכט. ביי דער דאָזיקער ארבעט האָט מען צו טון ניט מיטן אינהאבער פון פּרדס, נאָר מיט דער געזעלשאפט

פאר פרוכט־עקספּאָרט, מיט וועלכער ער איז פאַרבונדן. אויב ער איז ניט פאַרבונדן מיט קיין שום געזעלשאַפט, באַמיט ער זיך צו געפינען אַן אַראַבישן סוחר, וואָס זאָל אויפקויפן זיין פרוכט, און אַזוי אַרום ווערט אַריינגעפירט ביליקע אַרבעט אויך אין די פּרדסים, וואו עס אַרבעטן אַ גאַנץ יאָר יידן. כדי דאָס צו פאַרמיידן האָבן מיר באַשלאָסן צו עפענען אַ ספּעציעלע עקספּאָרט־אָפּטיילונג, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע קרייזן, וועלכע האָבן זיך נאָך ניט פאַרבונדן מיט קיין באַשטימטן עקספּאָרט־קאָאָפּעראַטיוו. די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט געדאַרפט אויפפּאַסן, אַז ניט נאָר די פאַרפּאַקונג נאָר אויך דער קטיף און אַלע אַנדערע אַרבעטן זאָלן געטאָן ווערן דורך יידן. די דאָזיקע פונקציע האָט אין אַ געוויסער מאָס אויסגעפירט די געזעלשאַפט „הית" („המשביר", „יכין", "תנובה"). צוליב פאַרשיידענע טעמים איז זי אָבער ליקווידירט געוואָרן און די טעטיקייט איז איינגעשטעלט געוואָרן אויף צווייען: ס'איז געגרינדעט געוואָרן „תנובה־אָכספּורט" פאַר די פרוכטן פון די אַרבעטער־ישובים, און אַ באַזונדערע עקספּאָרט־אָפּטיילונג ביי „יכין" פאַר די פרוכטן פון פּריוואַטע פּרדסים, וואָס ווערן באַאַרבעט דורך יידישע הענט.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך אָפּגעשטעלט דער עקספּאָרט פון פרוכט קיין אויסלאַנד, און דער צווייג פון ציטרוסן, וואָס איז פריער געווען די צירונג פון דער א"י־דיקער עקאָנאָמיק, איז אַריין אין אַ שווערן קריזיס, וועלכער האָט באַדראָאָט זיין עצם קיום. דער דאָזיקער מצב האָט ניט ווייניק געווירקט אויף „יכין" און אויף די משרדים קבלניים. דער היקף פון דער אַרבעט איז באַדייטנד קלענער געוואָרן, און ס'זיינען נויטיק געווען גרויסע באַמיאונגען, כדי אויפצוהאַלטן די דאָזיקע אינסטיטוציעס ביז בעסערע צייטן. ביי די געגעבענע אומשטענדן האָט „יכין" צייטווייליק גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו פאַרזאָרגן דאָס מיליטער מיט לאַנד־ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. דער עיקר האָט זיך „יכין" אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט פּראָדוצירן כלערליי קאָנסערוון און ביי־פּראָדוקטן פון די פרוכטן, ווי: קאָנצענטרירטע זאַפטן, קאָנסערווירטע פרוכטן, גרינס־קאָנסערוון א. א.

נאָך דער מלחמה איז די ציטרוס־ווירטשאַפט אויפגעריכטעט געוואָרן און זי איז ווידער א חי הנושא את עצמו, אַן אָרט פון אַרבעט און פּרנסה, ווי אַמאָל. ס'איז געוואָרן נויטיק צו באַנייען דעם קאַמף פאַר כיבוש העבודה און צוריק ברענגען דעם יידישן אַרבעטער אין פּרדס. דער בעסטער וועג דערצו — איז די אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע ק ב ל נ ו ת. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצושטעלן אַ ספּעציעלע געזעלשאַפט פאַר קבלנות אין דער לאַנד־ווירטשאַפט, וואָס זאָל איינשליסן אין זיך די פּלאַנצונג־אָפּטיילונג פון „יכין"

און די משרדים קבלניים אין די מושבות. אזוי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1945 די „חקל״ (חברה קבלנית לחקלאות) — א בשותפות׳דיקע געזעלשאפט פון דער סוכנות און דער הסתדרות.

נאָך דער גרינדונג פון „חק״ל״ ווערן די אויפגאבן פון „יכין״ פארשמעלערט. „יכין״ וועט זיך בעיקר פארנעמען מיט צוויי אויפגאבן: אָן אָפטיילונג פאר עקספּאָרט פון די ציטרוס־פרוכטן און א צווייטע אָפטיילונג פאר די ביי־פּראָדוקטן פון די ציטרוסן (זאפטן, קאָנצענטראטן א. א.).

מען דארף זיך אויך גרייטן צו אָרגאניזירן פון דאָס ביי אין א ברייטערן פארנעם די התישבות פון מיטלשטאנד. אמת, די עליה וועט דער עיקר באשטיין פון די רעשטן פון מזרח־אייראָפּייאישן יידנטום, וואָס וועלן קומען אָן מיטלען. מיר האָפן אָבער, אז דער רצון צו עליה און התישבות וועט זיך פארשטארקן אויך אין ברייטע קרייזן פון אנגלאָ־זאקסישן יידנטום, און אז עס וועט מעגלעך זיין אויפצושטעלן אויף זעלבשטענדיקע מיטלען פון די דאָזיקע קרייזן נייע ישובים, וואָס וועלן זיין פון ווירטשאפטלעכן און נאַציאָנאלן שטאַנדפונקט געבויט אויף געזונטע יסודות.

ד. שפריר

## דאָס אלגעמיינע ארבעטס־ביוראָ

כידוע זיינען אין א״י פאראן אחוץ דער הסתדרות אויך אייניקע קלענערע ארבעטער־אָרגאניזאציעס. יעדע פון זיי האָט זיך געהאט אויפגעשטעלט איר לשכת עבודה (ארבעטס־ביורא), און פארהאנדלט באזונדער מיט די ארבעטס־געבער מכוח באשעפטיקונג פאר אירע חברים. דאָס האָט, נאטירלעך, פארגרעסערט די שוועריקייטן, וואָס שטייען פארן יידישן ארבעטער אויף זיין וועג זיך צו פארפעסטיקן אין ארבעטס־לעבן פון לאנד. די הסתדרות, אלס די שטארקסטע פון די ארבעטער־ארגאַניזאציעס, פלעגט אויסקעמפן ארבעטס־פלעצער פאר יידישן ארבעטער. פילע ארבעטס־געבער אבער, מיט דער כוונה אָפּצושוואכן די הסתדרות, פלעגן באַשעפטיקן דוקא אירע מיטגלידער און פלעגן נעמען אויף ארבעט מיטגלידער פון די קלענערע און „שטילערע״ אָרגאניזאציעס. אזוי ארום פלעגט די הסתדרות קעמפן פאר דאָס רעכט פון יידן אויף ארבעט און פאר אָנשטענדיקע ארבעטס־באַדינגונגען, און נאָך דעם ווי זי פלעגט מצליח זיין אין איר קאמף, — פלעגן דערפון זוכה זיין אנדערע. די דאָזיקע לאגע איז גורם

געוועז צו דער פארגרעסערונג פון דער צאָל ניט־אָרגאניזירטע ארבעטער. אלע פרווון אָפּצושליסן אָפּמאַכן מיט די אַנדערע ארבעטער־אָרגאניזאציעס האָבן צו קיין זאַך ניט געבראַכט. ס'איז דאַן אויפגעשוואומען דער פאָרשלאַג מבטל צו מאַכן די ארבעטס־ביוראָען ביי די פאַרשיידענע אָרגאניזאציעס און אויפצושטעלן איין לשכת עבודה פאַר אלע ארבעטער, וואָס זאָל קאָנצענטרירן אין אירע הענט אלע ארבעטס־פּלעצער און פאַרטיילן זיי צווישן יידישע ארבעטער אויף א אינדיווידועלן אופן, לויט פעסטגעשטעלטע פּערזענלעכע רעכט פון איטלעכן פון זיי.

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און ביי דער פאַרמיטלונג פון דער ארבעטס־אָפּטיילונג פון דער סוכנות איז אין זומער 1939 געקומען צו א הסכם צווישן דער הסתדרות, הפועל המזרחי, התאחדות התימנים, פּועלי אגודת ישראל, און שפּעטער אויך די אָרגאניזאציע פון ספרדישע ארבעטער, וועגן דעם סטאַטוס פון דער אלגעמיינער לשכת העבודה אין די מושבות. לויט דעם סטאַטוס „דאַרף אין יעדער מושבה אויפגעשטעלט ווערן אַן אלגעמיינע לשכת עבודה פאַר אלע יידישע ארבעטער אין לאַנד־ווירטשאַפט, בוי־ארבעט און געזעלשאַפטלעכע ארבעטן, וואָס זאָל אויף א גערעכטן אופן פאַרטיילן ארבעט צווישן יידישע ארבעטער, כדי אויסצומיידן קאָנקורענץ צווישן זיי, שטיין געמיינזאַם אויף דער וואַך פון אַנשטענדיקע אַרבעטס־באַדינגונגען און פירן א געמיינזאַמע טעטיקייט לטובת דער יידישער ארבעט און איר פאַרפעסטיקונג". ס'איז באַשטימט געוואָרן, אַז אלע ארבעטער פון די דאָזיקע ארבעטס־געביטן וועלן אויסוויילן דעם ראַט פון דער לשכה דורך פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. כדי צו באַזייטיקן יעדן חשש מצד די מינדערהייטן, אַז זייערע חברים זאָלן ניט באַ'עוול'ט ווערן ביי דער פאַרטיילונג פון ארבעט, איז די הסתדרות מסכים געווען, אַז אין יעדן אָרט, וואו אלע מינדערהייטן צוזאַמען בילדן 10% פון דער אלגעמיינער צאָל ארבעטער, וועט די ארבעט פאַרטיילט ווערן דורך א „פּאַריטעטער קאָמיסיע, איין פאַרטרעטער פון דער מערהייט און איינער פון דער מינדערהייט, און א דריטער, וואָס וועט אַנטשיידן אין פאַל פון חילוקי־דעות צווישן די צוויי; ער וועט אויסגעוויילט ווערן דורכ'ן ראַט פון לשכה דורך אַן אַלגעמיינער הסכמה, און טאָמער וועט מען ניט קומען צו קיין הסכם, וועט די ארבעטס־אָפּטיילונג פון דער סוכנות אים באַשטימען פון די קאַנדידאַטן, וואָס וועלן איר צוגעשטעלט ווערן מצד דער מערהייט און מצד דער מינדערהייט פון דער לשכה".

די אלגעמיינע לשכות העבודה פונקציאָנירן אין די מושבות שוין העכער 7 יאָר. זיי זענען געגרינדעט געוואָרן מיטן אויסברוך פון קריג, בעת די ארבעטסלאָזיקייט איז געשטיגן, דער מצב פון יידישן קטיף האָט זיך

באדייטנד פארערגערט, און די פארהאנדלונגען מיט דעם קאָלאָניסטן־פארבאנד האָבן זיך פארענדיקט אָן רעזולטאטן. און שוין דאן, אין דעם ערשטן יאָר האָט די לשכה הכללית בארעכטיקט איר קיום, און דערוויזן ווי ווייט וויכטיק זי איז פאר די ארבעטער. דער פאראייניקטער פראָנט האָט פאקטיש ליקווידירט דעם חרם אויפן יידישן ארבעטער אין דער מושבה.

שפּעטער איז מען געקומען צו א הסכם וועגן אַן אלגעמיינער לשכת עבודה אויך אין שטאָט, און ס'איז אין איר איינגעשלאָסן אויך די פארטיילונג פון דער קוואליפיצירטער און אינדוסטריעלער ארבעט. וואָס איז שייך די ארבעטס־באדינגונגען — ווערן זיי באשטימט און אָפּגעהיט דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען.

ביי א סך חברים פון דער הסתדרות זיינען געווען ספקות, צי וועט די אלגעמיינע לשכה האָבן א קיום? צי וועלן די ארבעטס־געבער זי אנערקענען? דערצו איז צוגעקומען דער חשש, אז נאָך דעם ווי דער חבר פון דער הסתדרות וועט גיין קריגן ארבעט אנדערשוואו, וועט אָפּגעשוואכט ווערן זיין צובונד צו דער הסתדרות און ס'וועט פארקלענערט ווערן איר צאָל מיטגלידער. די אלע ספקות האָבן אָבער ניט געהאט קיין יסוד. דער סך־הכל פון די 7 יאָר ווייזט, אז דער באשלוס פון דער הסתדרות אויפצושטעלן די אלגעמיינע לשכת העבודה איז געווען א ריכטיקער און אז דער קאמף, וואָס זי האָט געפירט כדי זי אויפצושטעלן איז ניט געווען אומזיסט. אמת, די אלגעמיינע לשכה האָט נאָך ניט באזייטיקט אלע קינסטלעכע מחיצות צווישן איין ארבעטער און דעם צווייטן, זי האָט זיי אָבער מקרב געווען איינעם צום צווייטן, זי האָט אַן איבריקן מאָל דער־וויזן, אז ביי אלע חילוקי־דעות איז דער ארבעטער־קלאס געאייניקט אין זיינע נויטן, אין זיין קאמף און אין זיין וועג.

י. לופבאן

## רעכט אָדער חסד?

די קאָלאָניסטן טייטשן פאלש אויס דעם קאמף פאר יידישער ארבעט און טענה'ען, אז ער איז אַן אָנגריף אויפן פריוואַט־אייגנטום, אבער אויך מאנכע פּראָגרעסיווע קרייזן אין ציוניזם און אין ישוב, וואָס אָנערקענען דעם יסוד פון יידישער ארבעט, טייטשן אָפטמאָל ניט־ריכטיק אויס דעם דאָזיקן קאמף, און שטעלן פאָר דעם גאנצן ענין ווי א ווענדונג פון דעם הונגעריקן ארבעטער צו דער גוטהארציקייט פון דעם רייכן קאָלאָניסט,

און שטיצן זיך דערביי אויף א בפירושדיקן פסוק: „וחי אחיך עמך".

ניט דאָס איז אָבער די פראַגע. אונזער קאַמף פאַר יידישער אַרבעט איז ניט קיין קאַמף פון הונגעריקן איבער א שטיקל ברויט. די פראַגע איז, צי איז עס מעגלעך, אַז אין אונזער אָרעמען לאַנד, וואָס מוז ווערן א היימלאַנד פאַרן יידישן פאָלק, זאָל א קליין הייפל מענטשן ווערן בעלי־בתים איבער די וויכטיקסטע מקורות פון דער ווירטשאַפט, און זאָלן פאַרשפּאַרן דעם וועג צו אַרבעט און פּרנסה פאַר די אַלע, וואָס זיינען גערופן געוואָרן צו בויען דאָס היימלאַנד?

ניט קיין רחמנות פאַרלאַנגען מיר, — נאָר רעכט. ס'איז ניט קיין פראַגע פון הונגעריקע און זאַטע. ס'איז איינע פון די ברענענדיקסטע נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן פון ציוניזם. וואָס וועט זיין מיטן ציוניזם, אויב אין דעם קליינעם נעסט פון אונזער נאַציאָנאַלער האָפנונג וועט זיך איינבירגערן די דאָזיקע שיטה, וואָס רעדט וועגן „דעם פרייען שפּיל פון די כוחות", האָבנדיק אין זינען עקאָנאָמישע הפקרות?

וואָלטן מיר געקומען צו די אַרבעטס־געבער כעני בפּתח, וואָלטן זיי אונז אפשר אויפגענומען מיט רחמנות. דעם סאָרט מוסר הערן מיר פון זיי זייט יאָרן. הונגעריקע מענטשן, נעבאָך, וואָס זוכן אַרבעט — אדרבא, מען וועט זיי אויפנעמען ווי ברידער. דעם זעלבן מוסר חזר'ן איבער אויך די שטאָטישע בני־ברית פון קאָלאָניסטן. סיי די סיי יענע ווילן פאַר'מיאוסן אויף דעם אופן די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט.

דער יידישער אַרבעטער באַטראַכט זיך אָבער ווי דער שליח פון יידישן פאָלק און ווי דער טרעגער פון זיין נאַציאָנאַלן ווילן, און ער וועט ניט לאָזן אַראָפּנעמען פון זיין קאָפּ דעם קרוין, מיט וועלכן ס'האָט אים באַקרוינט די געשיכטע.

ניין, ניט ווי אַ עני בפּתח, ניט קיין רחמנות און ניט קיין שטיצע פאַרלאַנגט ער, נאָר רעכט אויף אַרבעט אין דער יידישער ווירטשאַפט. מיר קענען ניט און מיר ווילן ניט באַקומען אונזער רעכט מיט געוואַלט. פאַראַן שווערע שעה'ען פון נסיון, בעת מ'קען זיך ניט באַהערשן און עס ברעכט אויס דער אינערלעכער פּראָטעסט. ס'טרעפט אויך, אַז פון צוויי׳טן צד ווערן געטאָן מעשים, וואָס פירן אַרויס פון די כלים. דאָס זיינען אָבער זאַכן, וואָס ליגן ניט אויף אונזער וועג. מיר וועלן אויף א האָר ניט אָפּטרעטן פון אונזער רעכט, נאָר קומען צום ציל וועלן מיר נאָר דורך דעם, וואָס מיר וועלן איבערצייגן, אַז אונזער פאָדערונג איז א גערעכטע, און אַז עס שטייט אין סכנה אונזער גאַנצער בנין, אויב זי וועט ניט מקוים ווערן.

.1928

י. מאיוס

# צו דער צוקונפט פונם יידישן ארבעטער אין דער קאלאניע

ס'איז קיין ספק ניט, אז כדי איינצוהאלטן אונזערע פאזיציעס אין דער מושבה, נויטיקן מיר זיך אין א גרעסערער חלוצישער עליה, וואס זאל עראָבערן צוריק דאָס, וואָס מיר האָבן פארלוירן, בעת קיין עליה איז ניט געווען. מיר דארפן אָבער זען ניט איבערצוחזרן די טעות'ן, וואָס מיר האָבן געמאכט.

ס'איז פאראן א גרויסער חילוק צווישן דעם אָרט לעבן און די ארבעטס־באדינגונגען פון דעם לאַנדווירטשאפטלעכן ארבעטער אין דער מושבה און פון די ארבעטער אין אנדערע פאכן. אויך די בוי־ארבעטער זיינען א סך אויסגעשטאנען אין די מלחמה־יאָרן, זיי האָבן אָבער עפעס דערגרייכט, זייער לוין איז געשטיגן, זיי האָבן באקומען סאָציאלע פארזיכערונגען. אויך די אינדוסטריע־ארבעטער האָבן אויסגעקעמפט א באדייטנדיקע אויסבעסערונג פון זייערע ארבעטס־באדינגונגען. נאָר די לוין־ארבעטער אין דער לאנדווירטשאפט זיינען געבליבן הינטערשטעליק.

אויב מיר ווילן באמת'ן פארזיכערן, אז דער נייער עולה זאל זיך פארפעסטיקן אויף א ממשות'דיקן אופן אין דער מושבה, וועלן מיר דאָ ניט העלפן מיט קיין טענות וועגן דער אָפּשוואכונג פון חלוצישער גרייטקייט. מען קען אויך ניט יוצא זיין דערמיט, וואָס מיר ארבעטן אויס פלענער פון קאָנסטרוקטיווער הילף. ס'מוז קומען א ווענדונג אין דער גאנצער שיטה. דאָס פאָדערט זיך אויך צוליב'ן כאראקטער פון דער נייער עליה. זי ווערט באשטימט פון פליטים און יוגנט, וואָס זיינען שטארק אויסגעמאטערט געוואָרן פיזיש און גייסטיק נאָך די שווערע יאָרן. ווי אזוי וועלן אזעלכע מענטשן קענען אויסהאלטן זיך און זייערע משפחות ביי די איצטיקע שווערע ארבעטס־באדינגונגען און ביי דעם נידעריקן לוין? כדי מען זאל זיך קענען פארפעסטיקן אין דער מושבה זיינען נויטיק דריי באדינגונגען:

1) אנשטענדיקער לוין, סאָציאלע רעכט און פארצווייגטע קאָנסטרוקטיווע הילף. ס'איז נויטיק א מינימום פון לוין און ארבעטס־באדינגונגען, וואָס דארף זיין איינער און דערזעלבער פאר אלע א"י־ארבעטער. מען דארף אויסגלייכן דעם לוין פון לאנדווירטשאפטלעכן ארבעטער מיטן לוין פון דעם פשוטן ארבעטער אין דער אינדוסטריע. דער לאנדווירטשאפטלעכער ארבעטער דארף אויך באקומען סאָציאלע רעכט. מען דארף נעמען אין אכט, אז אויך נאָך דעם, ווי דאָס וועט דערגרייכט ווערן, וועט זיין ארבעט בלייבן א שווערע און

ניט־באַשטענדיקע. דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער איז באַשעפטיקט נאָר אַ טייל פון יאָר, און אַלס צוגאָב צו זיין לוין איז נויטיק קאָנסטרוקטיווע הילף.

2) די אָרגאַניזירונג פון לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער. עס הערשט די מיינונג, אַז די דאָזיקע אַרבעטער נויטיקן זיך ניט אין קיין באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, אַז דער גאַנצער אַרבעטער־ראַט פון דער מושבה דאַרף זיך פאַרנעמען מיט זייערע פּראָבלעמען. דער סוף איז אָבער, אַז דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער בלייבט אָן אַן אייגענער אָרגאַניזאַציע. ער מוז אָבער האָבן זיין אייגענעם פאַראיין, וואָס זאָל פאַרטרעטן זיינע ענינים פאַר דעם מרכז החקלאי, זאָל פירן דעם קאַמף פאַר דער יידישער אַרבעט, דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף פאַרן לוין, פאַר די אַרבעטס־באַדינגונגען, — דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, אונטער דער אויפזיכט פון די אָרטיקע און צענטראַלע אָרגאַנען פון דער הסתדרות החקלאית.

3) אַ לייזונג פאַר דעם פּראָבלעם פון געמישטע אַרבעט. ס׳איז אַ פאַקט, אַז אין פיל יידישע פּרדסים אַרבעטן ניט נאָר יידן. די לאַגע איז פאַרשאַרפט געוואָרן בעת דער מלחמה. די פּרדסים זיינען פאַרפלייצט געוואָרן מיט ביליקער אַרבעט. ס׳קאָן זיין, אַז אויב דאָס וואָלטן געווען נאָר אָרטיקע אַרבעטער, וואָס זיינען זייט יאָרן פאַרבונדן מיט דער אַרבעט אין פּרדס, וואָלטן מיר בכלל ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאַרברייטערן אונזערע פּאָזיציעס. דאָס רוב זיינען עס אָבער אַראַבער, וואָס זיינען געקומען פון אַנדערע לענדער, פון מצרים, סיריע, סודאַן, און ס׳קען זיין, אַז זיי וועלן זיך צוריקקערן צו זיך אהיים. דער פּראָצענט אָרטיקע באַשטענדיקע אַראַבישע אַרבעטער איז ניט הויך. דעריבער איז עס לייכטער זיי צו אָרגאַניזירן. מען דאַרף גרינדן אין די מושבות סניפים פון דער „ברית פועלי ארץ־ישראל״, אַזוי ווי אין די שטעט. דאָס קען באַזייטיקן די קאָנקורענץ מיטן ביליקן אַרבעטס־לוין. די אָרגאַניזירונג פון באַשטענדיקן אַראַבישן אַרבעטער קען מיטהעלפן אין קאַמף פאַר אַן אַנשטענדיקן לוין און פאַר דער פאַרבעסערונג פון די אַרבעטס־באַדינגונגען. די גרינדונג פון „ברית פועלי ארץ־ישראל״ אין די מושבות איז וויכטיק אויך פון ציוניסטישן, פּאָליטישן און עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט.

(פון אַ רעדע אויפן זעקסטן לאַנדווירטשאַפטלעכן צוזאַמענפאָר אין 1945)

ב. קאצענעלסאָן

# אונזער וועג אין דער מושבה

פאַרשידענע צייטן האָט איבערגעלעבט דער אַרבעטער אין דער מושבה. געווען צייטן, ווען די מושבה איז געווען אַ פּאַרוואָרפענער ווינקל, און צייטן, ווען זי האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן. בעת דער אַרבעטער פלעגט אַנטלויפן פון דער מושבה, פלעגט ער עס טאָן ניט פון וואוילטאָג. זיין אַריינקומען אין די מושבה איז געווען פאַרבונדן מיט שווערע פּאַרלוסטן, מיט מפּלות און בזיונות, און עס פלעגט זיך דאָס רוב אויסלאָזן מיט אַ ביטערן יאוש. קוים פלעגן זיך באַווייזן פון דאָס ניי אויסזיכטן אויף אַרבעט, פלעגן די מושבות ווידער פול ווערן מיט ייִדישע אַרבעטער. אין משך פון די אַלע יאָרן, — אַ חוץ קורצע הפסקות, בעת די מושבות זיינען געווען איינגאַנצן געשלאָסן פאַר אונז אָדער בעת ס׳פלעגט זיך אויף אַ רגע אויסדוכטן, אַז אַנדערע טויערן ווערן ברייט געעפנט, — איז די מושבה געווען דער שאַפונגס־פּלאַץ פאַרן אַרבעטער. דאָ פלעגט דער חלוץ ווערן אַן אַרבעטער, דאָ פלעגט ער קעמפן פאַרן רעכט אויף אַרבעט. דאָ האָבן מיר געהאַט דעם מקור פון עקזיסטענץ און אהער פלעגן מיר אַראָפּברענגען די עליה.

כיבוש העבודה און עליה — דאָס זיינען דאָך בעצם צוויי זייטן פון איין מטבע. אָן עליה קען מען ניט אויסקעמפן קיין נייע אַרבעטס־פּאָזיציעס. דער אַרבעטער, וואָס איז שוין אַריינגעדרונגען אין דער ווירטשאַפט, איז פאַרטאָן מיטן אָפּהיטן די אויסגעקעמפטע פּאָזיציע אָדער מיט דער אייגענער ווירטשאַפטלעכער שאַפונג, און אויב ס׳קומט ניט קיין נייע עליה, איז ניטאָ ווער ס׳זאָל אַריינדרינגען ווייטער אין דער עקזיסטירנדיקער פּריוואַטער ווירטשאַפט; עס איז דאַן ניטאָ קיין האָפענונג צו פאַרנעמען נייע פּאָזיציעס אין דער ייִדישער און אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, וואָס ווערט געשאַפן אין לאַנד. און עס איז ניטאָ קיין אָרט פאַר עליה, אויב ס׳ווערט ניט אָן אויפהער געפירט דער קאַמף פאַר רעכט פונם ייִדישן אַרבעטער אויף אַרבעט, קודם־כל אין דער ייִדישער ווירטשאַפט און דאַן אויך אין אַן אַנדערער ווירטשאַפט. אין דעם מאָמענט, ווען מיר זיינען מוותר אויף כיבוש העבודה, אויף אונזערע באַמיאונגען אַריינצודרינגען אין דער פּריוואַטער ווירטשאַפט — זיינען מיר ממילא מוותר אויף אויף די מאַסן פון אונזערע חברים, וואָס רייסן זיך אין לאַנד אַריין, מיר זיינען מוותר אויך אויף די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין דער אַרבעט אין דער מושבה.

דעריבער איז די פראגע פון יידישער ארבעט אין דער מושבה א צענטראלע פראגע פארן גאנצן ציוניזם, און די ציוניסטישע באַוועגונג קען דאָ ניט שטיין אָן אַ זייט, ווייל אָן יידישער ארבעט בלייבט דער ציוניזם אויסגעליידיקט פון זיין מאָראלישן און פאָלקס־ווירטשאַפטלעכן אינהאלט, און ממילא אויך פון זיין פאָליטישן אינהאלט.

וואָס פאר א געווער האָט דער יידישער ארבעטער אין דער מושבה? צי קען ער זיך באגנוגענען מיט די געוואוינלעכע מיטלען, וואָס עס גיט אים זיין פּראָפעסיאָנעלער פאראיין, אָדער ער מוז שאפן פאר זיך נייע מכשירים צום קאמף? דעם ענטפער געפינען מיר אין זיין עבר, נאָך אין די צייטן פון דער צווייטער עליה. דער געוואוינלעכער כוח פונם פּראָפעסיאָנעלן פאר־איין איז צו שוואך קעגן די ספּעציפישע באַדינגונגען פונם ארבעטס־מארק, קעגן דער ביליקער קאָנקורענץ, קעגן די אלע קרעפטן, וואָס שטיצן די ביליקע ארבעט. דעריבער האָט דער ארבעטער אין דער מושבה געמוזט טראכטן וועגן צוגאָב־געווער פאר זיין קאמף, אויסער דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאניזירונג. שוין ביים סאמע אָנהויב האָט זיך פאר אים אנטפּלעקט דער סוד פון קעגנזייטיקער הילף, פון קאָאָפּעראציע, פון דער בשותפותדיקער קיך, פון דער קראנקן־קאסע, פון בשותפות׳דיקע בנינים. פון דער אָרטיקער אָרגאניזאציע („ועדי פועלים") איז דער ארבעטער אריבער צו דער ראיאָן־אָרגאניזאציע (גליל, שומרון, יהודה) און שפּעטער — צום לאנדס־מאסשטאב. קיין אויטאָמאָבילן זיינען נאָך אין לאנד ניט געווען, די באן־פארבינדונג איז געווען זייער שוואך און צו טייער פארן ארבעטער־טוער. די וויכטיקסטע קאָמוניקאציע־מיטלען זיינען געווען — זיין פאָר פיס און דאָס אייזל. און פונדעסטוועגן איז גאָר גיך געפונען געוואָרן די פאָרם פון אַן אַלגעמיינער אָרגאניזאציע, וועלכע האָט פארמאָגט א כוח, וואָס יעדע אַרבעטער־באוועגונג אויף דער וועלט קען זיך מיט אים בענטשן. טאָג־טעגלעכע טעטיקייט, זוכעניש פון ארבעט און חבר׳ישע הילף — דאָס אלץ איז צוזאמענגעגאָסן געוואָרן מיטן כוח פון דער אידייע און דער וויזיע. אין צייטן פון קאמף, אין שטרייקן און לאקאוטן, קעגן דעם אנגריף פון דער פּאָליציי, — שטענדיק איז די ארבעטער־אָרגאניזאציע מיט איר פּרעסע און מיט דער עפנטלעכער מיינונג ארום איר געווען די וויכטיקסטע שטיצע פונם ארבעטער אין דער מושבה. און נאָך א ווייטערדיקע שטיצע האָט געפונען דער ארבעטער, בעת עס האָט זיך אנטפּלעקט פאר אים דער סוד פון זעלבשטענדיקער ווירטשאפטלעכער שאפונג. דער דאָזיקער סוד האָט שוין געגומען שיינען פארן ארבעטער אין זיינע ערשטע טעג: ביי דער גרינדונג פון עין־גנים, נחלת־יהודה און כפר מל״ל איז שוין געווען דאָס באַוואוסטזיין, אז דער קאמף פאר ארבעט אין דער מושבה מוז גיין האנט

ביי האנט מיט דער שאפונג פון ווירטשאפטלעכע פונקטן, וואָס זאָלן האָבן אַ סטראטעגישן באטייט אינם קאמף פאר יידישער ארבעט.

און נאָך אַ געווער האָט דער ארבעטער געהאט אין זיינע הענט, א גאנץ אייגנארטיקן געווער: דעם ציוניזם. דאָס דערציען די יידישע עפנטלעכע מיינונג צו דער אנערקענונג פון דער פליכט פון יידישער ארבעט; דאָס כסדר׳דיקע פארטיפן די איבערצייגונג, אז דער א״י־דיקער ווערק איז בכלל מאָראליש בארעכטיקט נאָר אין פאל, אויב ער ווערט געטאָן מיט יידישע הענט; דאָס איינפלאנצן דעם באגריף, אז יידישע ארבעט איז אן ענין ניט נאָר פונם ארבעטער־קלאס אליין, נאָר פון דעם גאנצן פאָלק, — מיט איין וואָרט, אָט די גאנצע אויפפאסונג, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער געדאנקן־וועלט פון דער ארבעטערשאפט, און וואָס איז היינט צום טאָג געוואָרן אן אָרגאנישער באשטאנד־טייל פונם ציוניסטישן באַוואוסטזיין. אין אָנפאנג פון חיבת ציון פלעגט מען נאָך שיקן בריוועלעך פון א״י קיין גלות און צוריידן יידן, זיי זאָלן עולה זיין, און צווישן די איבעריקע מעלות פון א״י איז אויך געווען די מעלה פון ביליקע ארבעטער, וואָס זיינען דאָ פאראן איבער און איבער. די איבערשאצונג פון ווערטן, וואָס מיר האָבן ארייגגעבראכט, — איז געוואָרן א ממשות׳דיק געווער אין קאמף פאר רעכט אויף ארבעט.

1937

# דער שטאַטישער אַרבעטער
# און די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירונג

אבא חושי

## כיבוש העבודה אין שטאָט

אין די צייטן פון דער צווייטער עליה איז דער געדאַנק פון כיבוש העבודה דער עיקר געווען פאַרבונדן מיט דער לאַנדווירטשאַפט. די דריטע עליה האָט אויסגעברייטערט דעם פאַרנעם פון כיבוש העבודה, און די עולים האָבן געזען פאַר זיך אויך אין די שטעט אַ ציוניסטישע און אַן אַרבעטער־שליחות פון כיבוש־העבודה.

אַלע עמיגראַנטן אין דער וועלט שטרעבן אַריינצודרינגען אין די איינוואַנדערונגס־לענדער אין די אַזוי־גערופענע „ריינע" און לייכטע פּרנסות. גאָר אַן אַנדער שטרעבונג האָבן געהאַט די חלוצים אין ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך באַטראַכט ניט אַלס עמיגראַנטן, נאָר אַלס מענטשן, וואָס קערן זיך אום צוריק אין זייער היים, און זיי האָבן געשטרעבט דעראָבערן פאַר זיך אַלערליי אַרבעטן, אָן אויסנאַם, ביז די סאַמע שווערסטע, אָנהויבנדיק פון דער פּשוטער און „שוואַרצער" אַרבעט פון רייניקן קאַנאַליזאַציע־רערן און קערן די גאַסן — ביז צו דער העכסט־קוואַליפיצירטער אַרבעט אין פיין־מעכאַניק.

פאַראַן אָבער נאָך אַ ברייטער און באַדייטנדער שטח, וואָס האַלט די שליסל־פּאָזיציעס צו דער גאַנצער ווירטשאַפט אין לאַנד, און גראָד דאָ פאַרנעמט נאָך דערוויַיל דער יידישער אַרבעטער אַ גאַנץ שוואַכע פּאָזיציע. דאָס איז די רעגירונגס־און מיליטער־ווירטשאַפטן, די מוניציפּאַלע ווירטשאַפט אין שטעט מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג, די אינטערנאַציאָנאַלע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. זיי אַלע צוזאַמען באַשעפטיקן ביי 100 טויזנט אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, און די יידן בילדן דאָ לויט אַן אָפּטי־מיסטישער אָפּשאַצונג, נאָר 12%—15%. כיבוש העבודה אין די דאָזיקע גע־

ביטן איז דעריבער געווען און איז אויך היינט איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן.

דאָס איז א צ י ו נ י ס ט י ש ע אויפגאבע. אויב יידן וועלן ניט אריינ־דרינגען אין די דאָזיקע געביטן, וועלן אהער אריינקומען מאסן איינוואנ־דערער פון די ארומיקע לענדער. עס רעדט זיך וועגן אייזנבאן, פּאָסט, טעלעגראַף, טעלעפאָן, ראַדיאָ, האַפן, פּאָליצײַ, נאַפט־געזעלשאַפטן, שיף־געזעלשאַפטן, קאָמוניקאציע אין ים און אין דער לופטן א.א.וו. דאָס זיינען אלץ יסודות פון דער עקאָנאָמיק פון לאנד, שליסל־פּאָזיציעס און מאכט־פּאָזיציעס. אין יעדן לאנד איז וויכטיק די הערשאפט פון דער אָרגאניזיר־טער ארבעטערשאפט אין די דאָזיקע געביטן, על אחת כמה וכמה — אין אונזער לאנד, מיט זיין קאָמפּליצירטער פּראָבלעמאטיק און בפרט — אין אומרואיקע צייטן, בעת ס׳קומען פאָר אָרטיקע אָדער אינטערנאַציאָנאלע געשעענישן.

דאָס איז א וויכטיקע אויפגאבע אויך פון ריין־פּ ר אָ ל ע ט א ר י ש ן שטאנדפּונקט. איטלעכער יידישער ארבעטער האָט זיך שוין געקענט אי־בערצייגן, אז יעדער אָרט אין דער מלוכה׳שער, מוניציפּאלער אָדער אינ־טערנאציאָנאלער ווירטשאפט, וואוהין יידן זיינען אריינגעדרונגען אין א גרויסער צאָל, איז אויסגעלייזט געוואָרן ניט נאָר פאַרן יידישן ארבעטער, נאָר אויך פאַרן אראבישן ארבעטער, וואָס ארבעט מיט אים צוזאמען. אויב מיר וועלן, למשל, פארגלייכן דעם איצטיקן מצב פון די אראבער אין דער אייזנבאן, פּאָסט, טעלעגראַף, נאפט־חברות און האפן, מיט זייער מצב איידער ס׳זיינען אהער אריינגעדרונגען דער יידישער ארבעטער און זיין הסתדרות, אפילו מיט דער לאגע פון אראבישע ארבעטער אין דער זעלבער ארבעט אין די שכנות׳דיקע לענדער, — וועלן מיר גלייך זעען, ווי גרויס עס איז דער חילוק, ווי וויכטיק און צאָלרייך עס זיינען די ענדע־רונגען, וואָס עס האָט אהער אריינגעבראכט דער יידישער ארבעטער. דער אראבישער ארבעטער פאַרדינט אין די דערמאָנטע ארבעטס־צווייגן אין ארץ־ישראל מיט 200—500 פּראָצענט מער, ווי אין מצרים, סוריע, עיראק און עבר הירדן; ער האָט אַ יאָריקן אורלויב, פרייע קראנקן־טעג, פאַרזיכע־רונג קעגן אומגליקס־פאלן און א רייע אנדערע סאָציאלע רעכט, אַן אכט־שעה׳דיקן ארבעטס־טאָג. אין די שכנות׳דיקע לענדער איז ער עס אלץ ניט זוכה געווען צו האָבן.

ווי אזוי איז דער אראבישער ארבעטער דערגאנגען צו דעם אלעמען אין ארץ־ישראל? נאָר א דאנק דעם כוח פון דעם יידישן ארבעטער און זיין הסתדרות. אָבער ניט נאָר דאָס אליין מאכט דעם געדאנק פון כיבוש העבודה „כשר״ פון ארבעטער־שטאנדפּונקט. די יידישע ארבעטערשאפט

קעמפט פאר א העכערן לעבנס־ניוואָ, זייענדיק ארומגערינגלט מיט א ים ביליקער ניט־אָרגאניזירטער ארבעט, — אין א ווירטשאפט, וועלכע הויבט זיך ערשט אָן בויען. זי איז דעריבער מחוייב צו וויסן און צו געדענקן, אז ס'איז אוממעגלעך אייַנהאלטן אויף א לענגערע צייט א ווירטשאפט מיט צוויי פארשיידענע שטופן פון לעבנס־ניוואָ, איינע זייער א הויכע און די צווייטע — זייער א נידערריקע. אויך דאָ הערשט „דאָס געזעץ פון שווער־קייט", וואָס ציט אויף אונטן, צו דער נידעריקסטער שטופע. כל זמן ס'וועט זיין אין לאַנד א שטארקער און רייכער ווירטשאפטס־צווייג, וואָס באַשעפ־טיקט מאסן ניט־אָרגאניזירטע ביליקע ארבעטער, וועט דער לעבנס־ניוואָ פון יידישן ארבעטער שטיין אין א שטענדיקער סכנה, ס'וועט אים כסדר ציען אויף אונטן. דער איינציקער וועג צו באזייטיקן די סכנה — איז דער וועג פון כיבוש העבודה, פון שטענדיקן אריינדרינגען מיט גרויסע מאסן אין די דאָזיקע ארבעטס־געביטן. די דערפארונג פון יאָרן לערנט אונז, אז אומעטום, וואוהין עס איז אריין א קאָנטיקער פראָ־צענט פון יידישע ארגאניזירטע ארבעטער, איז געשטיגן דער לוין, ס'זיינען פארבעסערט געוואָרן די סאָציאלע באדינגונגען, ס'איז געענדערט געוואָרן דער עצם רעזשים פון דער ארבעט.

מען דארף צום באדויערן פעסטשטעלן, אז דער געדאנק פון כיבוש העבודה, אלס ציוניסטישע און ארבעטער־אויפגאבע פון דער ערשטער מדרגה, פערנעמט ניט לעצטנס אין אונזער לעבן דעם אָרט, וועלכן ער האָט געדארפט פארנעמען. פאר דער הסתדרות, פארן „החלוץ" און פאר די חלו־צישע יוגנט־באוועגונגען, פאר אלע נייע עולים, וואָס קומען אין לאַנד כדי צו פירן דאָ אַן אַרבעטס־לעבן, שטייט איצט מיט א באזונדער שארפקייט די גרויסע אויפגאבע: „להחזיר את העטרה ליושנה", אויפהויבן פון דאָס ניי דעם געדאנק פון כיבוש העבודה, אלס גרויסע און באדייטנדיקע ציר־ניסטיש־סאָציאליסטישע שליחות.

ח. פלעקסער

## די בוי-ארבעטער

### א.

די דריטע עליה האָט דעראָבערט די עפּנטלעכע און בוי־ארבעטן. די ערשטע כבישים, וואָס די ארבעטס־אָמטן פון „אחדות־העבודה" און „הפועל הצעיר" האָבן איבערגענומען פון דער רעגירונג, נאָך פאר דער גרינדונג

פון דער הסתדרות, האָבן געגעבן די מעגלעכקייט פאַר הונדערטער און טויזנטער נייע עולים זיך אויסלערנען ארבעטן. די ארבעט איז אויסגע־געפירט געוואָרן דורך אָרגאַניזירטע מחנות מיט הונדערטער חלוצים אין יעדער מחנה, מיט ספּעציעלע פאַרוואַלטונגען און בשותפותדיקע קיכן. אָן די אַרבעטס־קיבוצים, וואָס האָבן זיך דאַן אָרגאַניזירט, וואָלט ניט מעגלעך געווען אויסצופירן די דאָזיקע ארבעט, ווייל ווי אַנדערש וואָלט דער יחיד געקענט באַקומען א טייל פון דער ארבעט ביים כביש, און ווי וואָלט ער זיך אויסגעלערנט דעם פאַך? דאָס איז געווען דער ערשטער לערן־פּלאַץ, פון דאַנען זיינען ארויס די ערשטע פאַך־לייט, וואָס האָבן אויסגעלערנט אַנדערע, ווי צו אַרבעטן.

מיט דער גרינדונג פון דער הסתדרות איז אויפגעשטעלט געוואָרן א פאַראייניקטער „אמט פאַר עפנטלעכע ארבעטן" (משרד לעבודות צבוריות ובנין). ער פלעגט איבערנעמען גרויסע ארבעטן ביי כבישים און ביי דער אייזנבאַן און אויספירן זיי מיט דער הילף פון קיבוצים: גדוד העבודה, השומר הצעיר, פאַרשיידענע ארבעטער־קאָלעקטיוון — חבורות און קבוצות.

אויך די ערשטע בוי־ארבעטן (טבריה, ירושלים, עפולה, תל־אביב) זיינען אויסגעפירט געוואָרן דורך אַזעלכע בוי־קבוצות און חבורות. זיי זיינען געווען אָרגאַניזירט לויטן פּרינציפּ פון גלייכער פאַרטיילונג פון ריווח, אָן אונטערשייד צווישן פּשוטן און קוואַליפיצירטן ארבעטער און צווישן פאַרשיידענע מדרגות פון קוואַליפיקאַציע. דער גרעסטער ארבעטס־געבער אין יענער צייט איז געווען „סולל־בונה", וואָס איז געקומען אָנ־שטאָט דעם „משרד לעבודות צבוריות". אינצווישן האָבן זיך געגרינדעט גרויסע בוי־געזעלשאַפטן און ס'זיינען אויפגעקומען אויך פּריוואַטע קבלנים (בוי־אונטערנעמער). כמעט אַלע ארבעטער האָבן געאַרבעט לויט דער שיטה פון קבלנות, ד. ה. — אַקאָרד־ארבעט.

אין „סולל־בונה" האָבן הונדערטער און טויזנטער חלוצים זיך אויס־געלערנט בוי־ארבעט. דאָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן: די ארבעטער־ראַטן פלעגן באַשטימען די גרופּן שילער, „סולל־בונה" פלעגט זיי געבן אינסטרוקטאָרן, געצייג און הלוואות, זיי זאָלן האָבן אויף צום לעבן בעת'ן לערנען. ביי די פּריוואַטע קבלנים האָבן מיר עס ניט געקענט אויספירן. דאָרטן האָט זיך דער ארבעטער געלערנט באַהאַלטענער־הייט און האָט אין משך פון א לאַנגער צייט באַקומען א נישטיקן פּרייז. עס איז גאָר ניט אָפּצושאַצן דעם גרויסן אויפטו פון „סולל־בונה", וואָס האָט אַריינגעפירט מאַסן ארבעטער אין בוי־פאַך. אויב מיר האָבן היינט גרויסע קאַדרען גוט־געשולטע בוי־ארבעטער, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען „סולל־בונה".

דער בוי־פאַך צייכנט זיך אויס מיט די כסדרדיקע ענדערונגען פון זיין מצב. עס זיינען פאַראַן יאָרן פון אויפשוואונג, ווען די צאָל אַרבעטער פאַרגרעסערט זיך, די אָרגאַניזאַציע פאַרשטאַרקט זיך, דער לוין שטייגט; און דערנאָך — אַ תקופה פון אַרבעטסלאָזיקייט, די בוי־אַרבעטער נעמען וואַנדערן פון אָרט צו אָרט, די אָרגאַניזאַציע ווערט אָפּגעשוואַכט, ס׳פאַר־מערט זיך די צאָל פון קבוצות קבלניות (ד. ה. קאָלעקטיוון, וואָס נעמען איבער אויספירן אַרבעט אויף זייער אחריות, אויף קבלנות), ס׳אַנטוויקלט זיך אַ קאָנקורענץ צווישן זיי, דער לוין פאַלט.

אַזוינס האָט אונז שוין ניט איינמאָל געטראָפן. דער ויתרוצצו און די זוכעניש פון ווענן זיינען גרויס, סיי אין גוטע יאָרן און סיי אין דער צייט פון אַ ירידה, און אָפט שטייט דער פאַראיין פון די בוי־אַרבעטער אין אַ פאַר־לעגנהייט און ווייסט ניט, מיט וועלכן וועג צו גיין, כדי די אַרבעט און די חברים זאָלן זיין ריכטיק אָרגאַניזירט.

אין די יאָרן פון קריזיס 1927—1926, בעת „סולל־בונה" האָט אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט, איז פאַר די בוי־אַרבעטער געקומען אַ שווערע צייט. די קבוצות קבלניות, וואָס האָבן דאָס רוב געאַרבעט ביי „סולל־בונה", האָבן גענומען זוכן אַרבעט. אויך די קבוצה, וואָס האָט זיך פריער באַזירט אויף גלייכהייט צווישן אירע חברים, האָט גענומען פאַרטיילן די רווחים לויט „פונקטן" און לויט אַרבעטס־טעג פון די חברים. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדע קאָנקורענץ צווישן די קבוצות, וואָס האָבן ניט געוואָלט מוותר זיין אויף זייער קיום. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין האָט ניט געקענט באַ־הערשן די קבוצות און זיין פאַרבינדונג מיט די חברים איז כמעט געוואָרן צו נישט.

בעת די קבוצה האָט ניט געקענט אַליין אויספירן די גאַנצע אַרבעט, פלעגט זי דינגען באַצאָלטע אַרבעטער און ניט דווקא דורכן פאַראיין און צאָלן זיי פון טאָג. אַלץ איז געוואָרן הפקר. די קבוצות האָבן עקספּלואַטירט זייערע געדונגענע אַרבעטער. מען האָט ניט אָפּגעהיט דעם פעסטגעשטעלטן טאָג־לוין, געאַרבעט אַ סך שעה׳ן אין טאָג. מיר האָבן דאַן גוט געפילט, אַז עס פעלט אונז דער אַנשטאַלט פון דער הסתדרות, וואָס זאָל איבערנעמען די אויספירונג פון בוי־אַרבעטן, אַן אַנשטאַלט, וואָס זאָל ניט נאָר קאָנצענט־רירן אין זיינע הענט גרויסע בוי־אַרבעטן, נאָר וואָס זאָל אויך זיין אַ רעגו־לאַטאָר פון די באַדינגונגען און די באַציאונגען אין בוי־פאַך.

נאָך דעם, ווי ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט די טעטיקייט פון „סולל־בונה", האָט דער מרכז העבודה פון דער הסתדרות אויפגעשטעלט אַן אָפּ־טיילונג אויפצונעמען אַרבעט, אונטערן נאָמען „הנהלת העבודות" (פאַר־וואַלטונג פון אַרבעט). דער עיקר האָט זי געהאַט צו טאָן מיט רעגירונגס־

אַרבעטן, וועלכע מען האָט געוואָלט פון דאָס ניי דעראָבערן. אין בוי־פאַך האָט אָבער ווייטער געהערשט די זעלבע הפקרות.

אַזאַ מצב האָט מען ניט געקענט אַריבערטראָגן. האָבן דאַן די אַרבע־טער־ראַטן אין די דריי גרעסערע שטעט און אין די קאָלאָניעס אויפגע־שטעלט אונטערנעמונגס־אַנשטאַלטן: משרדים קבלניים. איטלעכער פון זיי איז געווען טעטיק נאָר אין תחום פון זיין אָרט, און זיי האָבן זיך באַזירט אויף קבוצות קבלניות, וואָס האָבן אויסגעפירט די אַרבעט אויף אייגענער אחריות. בעת ס'זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן די משרדים קבלניים, האָבן די בוי־אַרבעטער אַביסלאָפּגעאָטעמט פרייער. ס'איז געוואָרן לעבעדיקער אין די פאַראייניגן, ס'זיינען פון דאָס ניי אויפגעשטעלט געוואָרן די אינסטרומענ־טן, וואָס האָבן געזאָלט העלפן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן אין זייער טעטיקייט אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע, אַרבעטס־באַדינגונגען און לוין.

ניט אַלץ איז אָבער פאַרבעסערט געוואָרן. די קבוצות קבלניות האָבן ווייטער עקזיסטירט. אין די שווערע צייטן האָט זיך געפירט אַ ווילדע קאָנ־קורענץ צווישן די קבוצות, וואָס האָבן געוואָרפן די פרייזן און געבראַכט צו עקספּלואַטאַציע פון אַרבעטער, חברים אין איין פאַראיין; אין די יאָרן פון אויפשוואונג איז אָבער פאַרשאַרפט געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע פראַ־גע: דער וואוקס פון געדונגענער אַרבעט אין דער קבוצה, גרויסע אונטער־שיידן צווישן ריווח ביים חבר פון דער קבוצה און דעם לוין פון איר געדונגענעם אַרבעטער. די חברים פון די קבוצות האָבן זיך דערווייטערט פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און פון דער הסתדרות. ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין דער הסתדרות די „חוקה שיתופית" (געזעץ וועגן בשותפות־דיקע אַרבעטס־גרופּן), די לאַגע האָט זיך אָבער ניט געבעסערט. די שטאָ־טישע אַרבעטער־ראַטן זיינען געקומען צום אויספיר, אַז ס'איז פאַראַן נאָר איין אויסוועג: ליקווידירן די קבוצות קבלניות.

די אָפּעראַציע איז אָנגעקומען זייער שווער, ניט נאָר פאַר די בוי־אַרבעטער, נאָר פאַר דער גאַנצער הסתדרות. אין משך פון יאָרן האָבן מיר זיך איינגעוואוינט צו באַטראַכטן די קבוצה קבלנית ווי אַ וויכטיקן פאַק־טאָר, וואָס טוט כיבוש־אַרבעט, וואָס האָט געהאָלפן אַריינצופירן אַ סך חברים אין פאַך. איצט האָבן מיר געמוזט אָן רחמנות איבעררייסן די פאַר־בינדונג מיט אַלטע גוטע חברים, וואָס זיינען אַראָפּ פון גראַדן וועג. צו אונ־זער פרייד זיינען זיי ניט אַלע מסכים געווען איבערצורייסן מיט דער הסתדרות. פילע זיינען געבליבן אין דער הסתדרות, האָבן פאַרלאָזן זייערע קבוצות, און זיינען צום טייל איינגעאָרדנט געוואָרן אויף אַרבעט אין די משרדים קבלניים. די דורכגעפירטע אַקציע האָט סאַנירט דעם בוי־פאַראיין און געהויבן דעם פּרעסטיזש פון דער הסתדרות.

א סך ראַנגלעַנישן האָבן די בוי־אַרבעטער געהאַט אויך אויף אַנדערע געביטן. אין ירושלים און חיפה האָט מען געדאַרפט קעמפן פאַר יידישער אַרבעט אויף קעגן יידישע פּריוואַטע אונטערנעמער. א שווערן קאַמף האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין מיט דער רעגירונג פאַר אונזער רעכט צו אַרבעטן ביי איר, שווער און עקשנותדיק האָבן די בוי־אַרבעטער און מיט זיי צוזאַ־מען די גאַנצע הסתדרות געקעמפט פאַרן זכות הקיום פונם אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער.

ב.

דער אויסבראָך פון קריג צווישן איטאַליע און אַביסיניע אין יאָר 1935 האָט אַרויסגערופן א בהלה אין דער א״י־דיקער ווירטשאַפט. די קאַ־פּיטאַליסטן האָבן אויפגעהערט אינוועסטירן געלטער, די בוי־אַרבעט איז באַדייטנדיק פאַרקלענערט געוואָרן. הונדערטער בוי־אַרבעטער זיינען גע־בליבן אָן אַרבעט. דאַן זיינען געקומען די אומרוען פון 1936, און די בוי־אַרבעט איז געוואָרן נאָך שוואַכער. פון די 17 טויזנט בוי־אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט ביי בנינים אין 1933—1934, האָבן זיך ביי דער ציילונג פון פאַך אין 1937 געמעלדעט נאָר 14 טויזנט, און אין 1939, ערב דער וועלט־מלחמה, איז די צאָל בוי־אַרבעטער געפאַלן ביז 6 טויזנט.

ווי אַזוי האָבן די בוי־אַרבעטער אַריבערגעטראָגן די שווערע יאָרן? א סך האָט מיטגעהאָלפן דער רעזשים פון טיילן זיך מיט אַרבעט, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן דורך די בוי־פאַראיינען. די בוי־אַרבעטער האָבן געוויזן א מוסטער פון סאָלידאַרישקייט, מ׳האָט זיך פשוט געטיילט מיטן ביסן. די דאָזיקע וואונדערבאַרע אַנטפּלעקונג פון קעגנזייטיקער הילף האָט שטאַרק מיטגעהאָלפן לינדערן די נויט. אין דער שווערער שעה האָבן די בוי־אַרבעטער דערוויזן זייער פאַרשטענדניש פאַר דער ערנסטקייט פון מצב און די לעבנס־פעיִקייט פון זייער אָרגאַניזאַציע, ווייל אָן א גוטער אָרגאַניזירונג וואָלט ניט מעגלעך געווען צו פאַרווירקלעכן די סיסטעם פון בייטן זיך ביי דער אַרבעט.

אין יאָר 1938 האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע מיליטער־אַרבעטן אַרום חיפה און נתניה. זייער פאַרנעם איז געוואַקסן בעתן קריג. אין דער זעלבער צייט האָט זיך לחלוטין אָפּגעשטעלט די פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע בוי־אַרבעט. געוויסע אַרבעטן, וואָס זיינען געטאָן געוואָרן בעת די אומרוען (פעסטונגען, דער דראָט־צוים אין צפון פון לאַנד, ווינטער־לאַגערן א. א. וו.) האָבן באַשעפטיקט אייניקע טויזנט אַרבעטער, דער גרעסטער טייל איז אָבער געווען אַרבעטסלאָז. א טייל איז אַוועק אין פּאָליציי און געוואָרן נוט־רים (אָרטיקע הילפס־פּאָליציי), א טייל האָט זיך באַמיט אַריבערצוגיין אין אַנדערע פאַכן. די מעגלעכקייטן זיינען אָבער געווען קליין.

בעת די מלחמה האָט זיך דערנענטערט צו אונזערע גרענעצן און אין לאנד איז געקומען נאָך מיליטער, האָט מען געדאַרפט בויען גרויסע ספּעציעלע לאַגערן. דאָ האָט דער אָרגאַניזירטער יידישער ארבעטער גע־וויזן, וואָס ער קען. די הסתדרותישע בוי־אונטערנעמונג האָט אַן איבעריקן מאָל דערוויזן, ווי ווייט פייאיק זי איז צו אָרגאַניזירן ארבעט און זי ריכטיק אויסצופירן מיט דער הילף פון פאַך־לייט, געשולטע ארבעטער און מאַשי־נען, וואָס שטייען צו איר רשות. אין א קורצער צייט זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן הונדערטער בנינים, און הונדערטער קילאָמעטער כבישים האָבן באדעקט דאָס לאַנד.

ג.

א גרויסע געשעעניש אין לעבן פון דער הסתדרות איז געווען די פאַראייניקונג פון אירע בוי־אונטערנעמונגען. די דאָזיקע פאַראייניקונג (פון „סולל־בונה" און תל־אביבער „משרד קבלני", די „משרדים קבלניים" אין חיפה און ירושלים האָבן זיך נאָך פריער פאַראייניקט מיט „סולל־בונה") איז פאָרגעקומען אויף דער מועצת ההסתדרות אין מערץ 1943. ס'איז באַ־שטעטיקט געוואָרן דער ארבעטס־סטאַטוס פון „סולל־בונה", לויט וועלכן ארבעטער, וואָס זיינען באשעפטיקט א געוויסע צאָל יאָרן אין די בוי־אונטערנעמונגען פון דער הסתדרות, ווערן באשטימט אלס באשטענדיקע ארבעטער פון „סולל־בונה". אנדערטהאלבן יאָר האָט געארבעט א ספּעצי־עלע קאָמיסיע פון ועד הפּועל, וואָס האָט געזאָלט פעסטשטעלן, ווער פון די ארבעטער איז דערצו בארעכטיקט. זי האָט אנערקענט דאָס רעכט ביי 600 ארבעטער.

די באשטענדיקע ארבעטער באקומען, לויטן דערמאָנטן „סטאַטוס", באשטימטע סאָציאַלע רעכט: יאָריקער אורלויב, פרייע קראַנקן־טעג, אַן ארבעטער־קאַסע אין דער אונטערנעמונג („קופּת תגמולין"). די באשטענ־דיקע ארבעטער פון „סולל־בונה" זיינען די ערשטע בוי־ארבעטער אין לאַנד, וואָס האָבן דערגרייכט באדייטנדע סאָציאַלע רעכט. דאָס האָט אָן א ספק געדינט אלס מוסטער און אויפמונטערונג פאַר די איבעריקע בוי־ארבעטער. ס'איז אויך באשלאָסן געוואָרן אויפצושטעלן א געזעלשאַפטלעכן ראַט פון „סולל־בונה".

אין יאָר 1945 האָט זיך „סולל־בונה" פאַראייניקט מיטן משרד פאַר בוי־ארבעט אין דאָרף, וואָס האָט ביז דאַן עקזיסטירט ביי דעם מרכז חקלאי. ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן א ספּעציעלע אָפּטיילונג פון „סולל־בונה" פאַר בוי־ארבעט אין די מושבות, און אין איר רשות זיינען אריבער די משרדים קבלניים פון פאַרשיידענע מושבות.

אזוי ארום איז פארענדיקט געוואָרן די פאראייניקונג פון אלע אינ־סטיטוציעס פאר בוי־אונטערנעמונג אין דער הסתדרות.

ד.

אין צייט פון אויפשוואונג זיינען געווען טעטיק ביי בוי־ארבעט 17 טויזנט מאַן, און צוזאַמען מיט די באגלייט־פּראָפעסיעס (אויסארבעטונג פון בוי־מאַטעריאַלן, בוי־סטאָלערייַ א. אנ.) — 25 טויזנט. צום אָנהויב 1946 זיינען ביי בוי־ארבעט געווען באשעפטיקט בערך 9 טויזנט ארבעטער, צוזאַמען מיט די באגלייט־פּראָפעסיעס — 12 טויזנט, און אין מיטן יאָר 1947 דערגרייכט די צאָל קרוב 11 טויזנט.

פון פארשיידענע ארבעטן, וואָס זיינען ארויסגערופן דורך די ספּעציפישע באדינגונגען פון דער מלחמה־צייט, איז דער שווער־פּונקט אריבער צו דער נאָרמאַלער בוי־ארבעט פאר דער באפעלקערונג. פאַרן עקזיסטירנדיקן ישוב אליין זיינען נויטיק הונדערט טויזנט צימערן. אויב מיר וועלן צורעכענען די נייע עליה — וועלן אונז אויספעלן טויזנטער בוי־ארבעטער. א טייל פון דעם וואָס פעלט, ווערט פארפולט דורך בוי־ארבעטער, וואָס זיינען בשעתו צייטווייליק אריבער צו דער מלחמה־אינדוסטריע, און דורך דעמאָביליזירטע פון דער ארמיי. דאָס איז אָבער ווייניק. די הסתדרות האָט דעריבער אָנגעהויבן, מיט דער הילף פון סוכנות און פון קרן חוסר עבודה (ארבעטסלאָזן־פאָנד פון דער הסתדרות), אויסצובילדן נייע בוי־ארבעטער. אין קרייז פון דער דאָזיקער טעטיקייט זיינען שוין אריין ביז 1500 ארבע־טער. אויך דאָס איז אָבער ווייניק.

ד. בן־גוריון

## די חלוצישע שליחות פון די אינדוסטריע־ארבעטער

די יידישע ווירטשאַפט אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן פון דער לאַנד־ווירטשאַפט, און דער לאַנדווירטשאַפטלעכער ארבעטער איז געווען דער גרונטשטיין פון נייעם בנין. אויב מיר לעבן דאָ אַנדערש, ווי מיר האָבן געלעבט אין די גלות־לענדער, אויב מיר באַפרייען זיך דאָ פון דער קללה פון אָפּהענגיקייט און מיר לייגן דעם יסוד פאַר דער יידישע זעלבסטשטענ־דיקייט, — איז עס קודם־כל דערפאַר, וואָס מיר זיינען מצליח געווען זיך איינצוואָרצלען אין דעם באָדן פון לאַנד און זיך צוריקצוקערן צו ערד־

אַרבעט. עס איז געשען דאָס, וואָס האָט געשײַנט צו זײַן אוממעגלעך: שטאָטישע מענטשן זײַנען געוואָרן דאָרפס־לײַט. אין אונזער צוריקקער צו דער ערד־אַרבעט באַשטײט די גרויסע רעוואָלוציע פון אונזער לעבן און דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער איז געוואָרן דער גרינדער, וועג־ווײַזער און דערציִער פון אונזער באַוועגונג.

אונזער צווײטע ווירטשאַפטלעכע איבערקערעניש איז באַשטאַנען אין דער דעראָבערונג פון בוי־ און שאָסיי־אַרבעט. און הגם די בוי־אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער צײַט פון קריג און א סך בוי־אַרבעטער זײַנען געווען געצוואונגען אַריבערצוגײן צו אַנדערע פאַכן, וועט נאָך אָבער ווידער קומען א בעסערע צײַט. מיטן אָנקומען פון דער מאַסן־עליה, וועט זיך די בוי־אַרבעט אָנהויבן פון דאָס נײַ אין א פיל ברייטערן פאַרנעם, און דער בוי־אַרבעטער וועט ווידער פאַרנעמען זײַן געהעריקן פּלאַץ אין אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין דער צײַט פון קריג האָט אויפגעבליט אונזער אינדוסטריע. דורך נאַכט זײַנען אויפגעשטעלט געוואָרן הונדערטער אונטערנעמונגען פון אינדוסטריע און מלאכה. פּליטים פון אייראָפּע האָבן באַוויזן וואונדער און האָבן געשאַפן כמעט פון גאָרניט א גרויסע און פאַרצווײַגטע אינדוסטריע. מיר מוזן זאָרגן דערפאַר, אַז די אונטערנעמונגען, וואָס זײַנען געגרינדעט געוואָרן אין צײַט פון קריג, ווי אויך די, וואָס זײַנען געווען שוין פאַרן קריג, זאָלן בלײַבן עקזיסטירן און זאָלן זיך אַנטוויקלען אויך נאָכן קריג. די אינדוסטריע־אַרבעטער בילדן שוין הײַנט כמעט א פערט־חלק פון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד. דער גורל פון דער אינדוסטריע און פון אירע אַרבעטער איז הײַנט צום טאָג אײנע פון די צענטראַלע פראַגן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון דער הסתדרות. די אינדוסטריע דאַרף דינען אלס באַזע אויפצונעמען נײַע עולים, און די דאָזיקע אויפגאַבע, וואָס שטײט פאַר איר, פאָדערט פון אונז, מיר זאָלן זיך זײער ערנסט באַציִען צו דער פראַגע.

מיר וועלן מוזן אויפהאַלטן און אַנטוויקלען אונזער אינדוסטריע אונטער א קאָנקורענץ מיט אויסלענדישער פּראָדוקציע. מיר וועלן קענען זײַן קאָנקורענץ־פעיִק ניט דורך דער ביליקײַט פון דער אַרבעט, נאָר דורך איר קוואַליטעט און הויכער פּראָדוקטיוויטעט. דער ייִדישער אַרבעטער איז מסוגל לויט זײַן פלײַסיקײַט, פאַך־קענטעניש און פּראָדוקטיוויטעט זיך צו פאַרמעסטן מיט די בעסטע אַרבעטער אין דער וועלט. דאָס, וואָס מיר האָבן אויפגעטאָן אין לאַנדווירטשאַפט, זײַענדיק הונדערטער יאָרן אָפּגעריסן פון דער ערד, וועלן מיר קענען אויפטאָן אויך אין דער אינדוסטריע, אין וועלכער מיר זײַנען געווען באַשעפטיקט אויך אין די גלות־

לענדער. אין דער לאנדווירטשאפט האָבן מיר היינט אן ארבעטערשאפט, וואָס שטייט ניט אָפּ פון די בעסטע ארבעטער אין די סאמע אנטוויקלטע לענדער אין דער וועלט, לויט איר פאך־אויסבילדונג, ארבעטס־פייאיקייט, פּראָדוקטיוויטעט און ווירטשאפטלעכן פארשטאנד. פאר וואָס זשע זאָלן מיר ניט זיין בכוח אויפצושטעלן אויך א פאבריק־ארבעטער, וואָס זאָל ניט אָפּשטיין פון דעם פאבריק־ארבעטער אין אמעריקע?

מיר קענען זיך אָבער ניט באגנוגענען מיט דער דאָזיקער דאגה אליין. די פאבריק־ארבעטער בויען ניט נאָר די פאבריק און די ווירטשאפט; זיי בויען אויך די געזעלשאפט. זיי זיינען א שיכט פון דער ארבעטס־געזעלשאפט און פון יידישן פאָלק, וואָס ווערט פונדאַסניי אויפגעבויט אין זיין לאנד. און זיי מוזן פארנעמען אין דער געזעלשאפט זייער ריכטיקן פלאץ, אלס אקטיווער פאַקטאָר, וואָס אין פולן באַוואוסטזיין פון זיין ווערט, כוח און שליחות, פורעמט ער אויס די געשטאלט פון פאָלק און קלאס, צוזאמען מיט זיינע חברים אין דער לאנדווירטשאפט, בוי־ארבעט, ים און אנדערע געביטן פון דער יידישער ווירטשאפט.

אויך די אינדוסטריע אזוי ווי די לאנדווירטשאפט איז אַן אָרט פאר א שטענדיקער קאָלאָניזאציע פארן יידישן ארבעטער. די פארטיילונג צווישן אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט מוז ניט גיין דוקא לויט דער ליניע פון שטאָט און דאָרף. ס'איז ניטאָ קיין שום ווירטשאפטלעכע אָדער געזעלשאפטלעכע סיבה צו דערווייטערן די אינדוסטריע פון דאָרף. פארקערט, ס'איז מעגלעך, אז מיר זאָלן ארומרינגלען די שטאָט מיט פעלד־ישובים פון פאבריק־ און בוי־ארבעטער. דער פאבריק־ארבעטער וועט אָבער זיין דער רוקן־ביין פון דער שטאָטישער ארבעטערשאפט, און זיין קולטורעלע און געזעלשאפטלעכע געשטאלט וועט אין א גרויסער מאָס באשטימען אויך די געשטאלט פון דער ארבעטנדער שטאָט.

די פאבריק־ארבעט האָט אין איר מער־הייט ניט געשעפּט איר מענטשן־מאטעריאל פון חלוצישן מקור. פילע זיינען געגאנגען ארבעטן אין דער פאבריק אָן וועלכע־ניט־איז אידעאישע מאָטיוון, בלויז פון מאָטעריעלע סיבות. מיר דארפן דערפון ניט האָבן קיין פארדרוס. אדרבא, פונקט ווי מיר האָבן ניט קיין פארדרוס פון דעם, וואָס קיין ארץ־ישראל זיינען געקומען ניט נאָר באוואוסטזיניקע ציוניסטן, נאָר אויך יידן, געטריבן פון נויט, — אזוי זיינען מיר אויך צופרידן, וואָס יידן קערן זיך אום צו ארבעט און געפינען זייער פלאץ אין איר אויך אָן אַן אידעאישן צוגאנג צו דער ארבעט. אונזער באוועגונג איז אָבער מחוייב אויך זיי מאכן פאר שותפים צו דער אידעע פון ארבעט און איר שליחות. די פאבריק־ארבעטער מוזן בויען ניט נאָר די ווירטשאפט, נאָר אויך די באוועגונג.

מאכן זיי חלוציש — דאָס איז איינע פון די אויפגאבן פון אונזער באוועגונג. מען קען זאָגן, אז אונזער באוועגונג, אלס חלוצישער און דערציערישער כוח, שטייט ביז איצט נאָר אויף איין פוס, אויף דער לאנדווירטשאפט. לאנג קען מען אזוי ניט שטיין; דאָס הייסט ניט געשטאנען, נאָר געהונקען. פונקט אזוי ווי די אינדוסטריע פארגרעסערט דעם כוח פון אונזער נאציאָנאלער ווירטשאפט אין לאנד, — מוזן די אינדוסטריע־ארבעטער פארגרעסערן דעם מאָראלישן און אידעאישן כוח פון דער ארבעט אין דער הסתדרות. כדי די פאבריק־ארבעטער זאָלן פארנעמען זייער ריכטיקן פלאץ אין דער באוועגונג, מוזן זיי פארוואנדלט ווערן אין א חלוצישן, ווירקנדיקן און אָנפירנדיקן כוח אין דער הסתדרות.

די הסתדרות איז קיינמאָל ניט געווען בלויז א פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציע. וואָלט דער יידישער ארבעטער אין ארץ־ישראל געהאט בלויז א פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציע, וואָלט ער בשום אופן ניט אויפגעטאָן דאָס, וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאר זיך אַליין, פאר זיין קלאַס, פאָלק און לאנד. דער ויכוח, וואָס מיר האָבן בעת דער גרינדונג פון דער הסתדרות געפירט מיט די מינדערהייטס־פארטייען קעגן דער „פאנאנדערטיילונג פון פונקציעס" — ד. ה. קעגן דער פאנאנדערטיילונג צווישן די פראָפעסיאָנעלע אויפגאבן פון דער הסתדרות און אירע קולטורעלע און קאָלאָניזאטאָרישע אויפגאבן — איז ניט געווען נאָר א ויכוח וועגן אָרגאניזאציע. ס׳האָט זיך געהאנדלט וועגן עצם מהות פון דער ארבעטערשאפט, איר לאגע אין פאָלק און איר לאגע אין דער געשיכטע. מיר זיינען געווען קעגן דער דאָזיקער קינסטלעכער און אבסטראקטער פאנאנדערטיילונג צווישן דעם ארבעטער, אַלס מענטש וואָס פארקויפט זיין ארבעטס־קראפט, און דעם ארבעטער, אלס א זון פון זיין פאָלק און דור, אלס בירגער פון זיין לאנד און קולטור־מענטש. דעריבער האָבן מיר אויפגעשטעלט א הסתדרות, וואָס זאָל ארומנעמען אלע הצטרכותן פון ארבעטער און אלע זיינע פארלאנגען, אלס מענטש און אלס ייד, אלס ארבעטער און חבר. מיר וואָלטן אָבער גענארט זיך אליין, אויב מיר וואָלטן געזאָגט, אז אלע חברים פון דער הסתדרות זיינען צו איר צוגעבונדן מיטן כוח פון דער אידעע, וואָס ליגט אין איר יסוד. פאר א גרויסן טייל פון די אינדוסטריע־ארבעטער איז די הסתדרות ניט מער ווי א פראָפעסיאָנעלער פאראיין, און א חוץ פראגן פון זייער ארבעט האָבן זיי אין איר קיין שום אינטערעס ניט. וויפיל פון אונזערע פאבריק־ארבעטער שאצן אָפּ די אויפגאבן פון דער הסתדרות ביים אויפנעמען עולים און בויען דאָס לאנד? וויפיל פון זיי פארשטייען איר קולטורעלן ווערט? צי איז אָבער מעגלעך א ריכטיקע פראָפעסיאָנעלע פּאָליטיק, אויב דער עולם ווייסט ניט, ווי ווייט די ענינים פון יחיד זיינען אויס־

געבונדן מיט די ענינים פון כלל, און פראגן פון היינט מיט פראגן פון אונזער דור?

דער גרויסער זעלבסטשטענדיקער אויפטו פונם יידישן ארבעטער אין לאנד האָט זיך ביז ניט לאנג בעגרענעצט מיט דער לאנדווירטשאפט, און אין א געוויסער מאָס — מיטן טראנספאָרט. איינע פון די סיבות דערצו איז געווען קודם־כל — דער חלוצישער כאראקטער פון דעם לאנדווירט־שאפטלעכן ארבעטער. ניט די גינסטיקע אויסערלעכע באדינגונגען האָבן געבראכט דעם וואונדער פון דער ארבעטס־קאָלאָניזאציע, נאָר די וויזיע, די איניציאטיוו און דער שוואונג פון דעם לאנדווירטשאפטלעכן ארבעטער, וואָס האָט זיך באטראכט אלס שליח פון דער יידישער גאולה־רעוואָלוציע.

ס'איז אָבער ניט קיין „היסטאָרישער מוז", אז די אינדוסטריע־ארבעטער זאָלן אָפּשטיין פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער, פונקט ווי ס'איז בכלל ניט קיין מוז, אז די אינדוסטריע און די לאנדווירטשאפט זאָלן זיין פאנאנדערגעטיילט, איינע אין שטאָט און די אנדערע אין דאָרף.

די אָנשטרענגונג, וואָס פאדערט זיך פון אונז כדי אויפצושטעלן אונ־זער בנין, איז אזוי גרויס, אז מיר וועלן זיין בכוח דאָס אויסצופירן נאָר דאן, ווען מיר וועלן מאָביליזירן אלע מעגלעכקייטן און כוחות פון אלע טיילן פון פאָלק. געבענטשט זאָל זיין דער פריוואטער קאפיטאל, וואָס בויט אינדוסטריע אויפן יסוד פון יידישער ארבעט, אָבער — ס'שטייט נאָך פריי א ברייטער פעלד פאר חלוצישער איניציאטיוו פון דער ארבעטער־שאפט אויך אויפן געביט פון אינדוסטריע און ים, ניט אין קיין קלענערער מאָס, ווי אין דער לאנדווירטשאפט און אין טראַנספּאָרט. דער יידישער ארבעטער, וואָס איז מחוייב צו זאָרגן דערפאר, אז די יידישע פריוואַטע אינדוסטריע זאָל זיין בכוח צו עקזיסטירן און זיך צו אַנטוויקלען, ניט גע־קוקט אויף דער אויסלענדישער קאָנקורענץ, — מוז אויך ווערן א זעלבסטשטענדיקער פאקטאָר אין דער פארברייטערונג פון דער אינדוסטריע אין רשות פון דער ארבעטערשאפט.

די פאבריק־ארבעטער, וואָס זיינען קאָנצענטרירט אין שטאָט, מוזן ווערן א קולטור־פאַקטאָר אין דער יידישער שטאָט. זיי זיינען בכוח צו באווירקן דעם געזעלשאפטלעכן, פאָליטישן און מאָראלישן כאראקטער פון דער שטאָט און אויסגעשטאלטן זי אזוי, ווי עס פאסט פאר דער שליחות פון דער גאולה רעוואָלוציע, וואָס מיר מוזן דורכפירן אין אונזער היימלאנד.

אויך דאן, ווען די הסתדרות אין שטאָט פארטיידיקט טריי און מיט דערפאָלג די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון די שטאָטישע ארבעטער, דערפילט זי נאָך ניט איר שליחות ווי געהעריק. זי איז באלאסטעט מיט חובות ניט נאָר כלפי אירע חברים. אלס דער סאַמע אָרגאניזירטסטער טייל

פון ישוב, איז זי שולדיק א גרויסן חוב דעם גאַנצן ישוב. מער ווי יעדע אַנדערע קערפּערשאַפט איז זי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גייסטיקער געשטאַלט פון דער יידישער שטאָט, און זי וועט ניט זיין בכוח מקיים צו זיין איר שליחות פאַרן ישוב, איר ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע שליחות, אויב די אינדוסטריע־אַרבעטער, וואָס זיינען שוין איצט דער רוקן־ביין פון דער הסתדרות אין שטאָט, וועלן ניט באַטראַכטן זיך אַליין ווי פאַראַנט־וואָרטלעכע בירגער, וואָס באַווירקן טאָג־איין טאָג־אויס די געשטאַלט פון דער געזעלשאַפט.

1943

אהרון ראבינאוויטש

# יסודות פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג

### א. דער מהות פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז דער אָנטשיידנדיקער צווייג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג ביי די אומות העולם. צוויי אויפגאַבן שטייען פאַר איר: א) פאַרגרעסערן דעם חלק פון אַרבעטער אין דער נאַציאָנאַלער הכנסה, פּשוט גערעדט — פאַרגרעסערן זיינע לעבנס־ און אַרבעטס־באַדינגונגען. ב) פאַרטיידיקן זיינע מענטשלעכע רעכט, זיין כבוד. און הגם די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז ניט רעוואָלוציאָנער לויט איר אינהאַלט, — שפּילט זי פונדעסטוועגן א געוואַלדיק גרויסע ראָל אין דער צוגרייטונג פון דער אַרבעטערשאַפט צו איר אויפגאַבע, צו ענדערן די הערשנדיקע אָרדנונג. הונגעריקע און דערנידעריקטע מענטשן קענען אפשר אומוואַרפן אַ הערשנדיקע אָרדנונג, קיין נייע געזעלשאַפט זיינען זיי אָבער ניט מסוגל אויפצושטעלן, דאָס קען טאָן נאָר א באַוואוסטזיניקער קולטורעלער אַר־בעטער. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פאַרקירצט דעם אַרבעטס־טאָג און העכערט דעם לוין פון דעם אַרבעטער. זי דערנענטערט אים צו די קוואַלן פון קולטור און אַנטוויקלט אין אים דאָס געפיל פון זעלבסטשטענדיקייט און פון זעלבסטאַכטונג, די גרייטקייט צו קעמפן פאַר זיינע רעכט. זי איז א וויכטיקע שול פאַר דער דערציאונג פון דעם מענטשן, וואָס איז באַרופן צו זיין דער טרעגער פון א נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג.

אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין געפינען מיר א פאַראייניקונג פון צוויי עלעמענטן: קעגנזייטיקע הילף און קאַמף קעגן די אַרבעטס־געבער.

די דאָזיקע פאַראייניקונג איז ניט קיין מעכאַנישע, זי געהערט צו דעם עיקר. כדי די אַרבעטער זאָלן קענען זיך שטעלן ווי עס באַדאַרף צו זיין קעגן די אַרבעטס־געבער, איז נויטיק, זיי זאָלן זיין גרייט צו העלפן איינער דעם צווייטן אין א שעה פון נויט, אין דער צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט, קראַנקהייט וכדומה.

אויך ביי אונז האָט זיך די אַרבעטער־אָרגאַניזירונג אָנגעהויבן פון קעגנזייטיקער הילף אין אירע נאַטירלעכסטע פאָרמען: פאַרטיילונג פון אַרבעט און מעדיצינישע הילף. אמת, ניט די באַדינגונגען פון אַרבעט זענען געווען דער עיקר, נאָר די אַרבעט אַליין, דאָס עצם באַקומען אַרבעט. די גרונט־זאַכן, וואָס באַשטימען די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיק פון אונזער אַרבעטער־באַוועגונג, זיינען פאָלגנדיקע: כיבוש העבודה מיט אַלע מיטלען, דורך קאַמף קעגן די, וואָס ווילן פון אים ניט וויסן, דורך צופּאַסונג צו די באַדינגונגען פון דער אָפּגעשטאַנענער ווירטשאַפט און דורך ראַנגלעניש מיט זיי; אויפנעמען עליה, אין אַזא גרויסער מאָס, ווי עס לאָזט זיך נאָר; קעגנזייטיקע הילף צווישן אַלע פאַכן און אַלע אַרבעטס־מענטשען, שטאַרקע און שוואַכע. די ערשטע פאָרם פון אָרגאַניזירונג איז אָבער געווען — די פאַרטיילונג פון אַרבעט. דאָס ביסל, וואָס מ׳פלעגט באַקומען, פלעגט מען פאַרטיילן צווישן אַלעמען, ס׳זאָל ניט אויסקומען אַזוי, אַז איינער אַרבעט שטענדיק און דער אַנדערער גייט אַרום ליידיק. אויך מעדיצינישע הילף איז אין אָנהויב געגעבן געוואָרן אין א נאַטירלע־כער פאָרם, דורך דעם, וואָס חברים פלעגן זיך מטפּל זיין מיטן קראַנקן חבר. פון דאַמאָלט אָן זיינען מיר דורכגעגאַנגען א גרויסן שטיק וועג. אויף איין געביט, אויפן געביט פון מעדיצינישער הילף, האָבן מיר אויפגע־שטעלט א פּרעכטיקע אינסטיטוציע, וואָס איר גלייכנס איז ניטאָ אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון קיין שום לאַנד; אויף אַנדערע געביטן — אַר־בעטסלאָזיקייט, טויט־פאַלן — האָבן מיר אָנגעהויבן א ביסל צו שפּעט, און ביי נאָך אַנדערע — ווי הילף פאַר אינוואַלידן און אַלטע — האַלטן מיר ערשט ביים סאַמע אָנהויב. ניט ווייניקער ווי אויפן געביט פון קעגנזיי־טיקער הילף איז געטאָן געוואָרן אין משך פון די דאָזיקע יאָרן אויפן גע־ביט פון פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, סיי אינערלעך, אין אויסבילדונג, דערציאונג און אָרגאַניזירונג, סיי אויסערלעך, אין דעם געראַנגל מיט די אַרבעטס־געבער.

## ב. דער שטרייק

דער שטרייק איז, בעצם, דער עלעמענטאַרער יסוד פון דעם פּראָ־פעסיאָנעלן קאַמף. דאָס רוב דערגייט עס ניט צו קיין שטרייק, און ער איז אָן אויסנאַם־דערשיינונג אין לעבן פון אַרבעטער. אָבער די עצם

מעגלעכקייט פון א שטרייק איז דער וויכטיקסטער מיטל, און א מאָל אויך דער איינציקער מיטל, וואָס צווינגט דעם ארבעטס־געבער קומען צו א הסכם מיט די ארבעטער.

אין פראָפעסיאָנעלן לעבן איז דער שטרייק ניט קיין ציל פאר זיך, נאָר א מיטל, און דערצו א זייער שארפער מיטל, קודם־כל — פאר די ארבעטער אליין. מיט וואָס דער שטרייק זאָל זיך ניט אויסלאָזן, אויך אין פאלן ווען ס׳איז פאראן קעגנזייטיקע הילף, ברענגט ער מיט זיך ליידן פאר די ארבעטער, ווייל אין דער צייט פון שטרייק בלייבט דער ארבעטער אָן זיין לוין, דער נצחון איז קיינמאָל ניט געזיכערט פאראויס, און די סכנה איז גרויס. דער שטרייק איז ניט קיין מצוה, ער איז — א מיטל. און אויב מיר באציען זיך מיט פאראכטונג צו שטרייק־ברעכער, איז עס דערפאר, וואָס זיי צעשטערן די ארבעטער־אחדות; דאָס הייסט — דעם איינציקן יסוד, אויף וועלכן די ארבעטער קענען עפּעס דערגרייכן אין א קריטישן מאָמענט, בעת זיי שטייען אין קאמף.

ס׳איז נאטירלעך, אז זינט ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייקן אין דער וועלט, הערן די אונטערנעמער ניט אויף צו קעמפן קעגן זיי. אויך אין ארץ־ישראל שטייען מיר אייגנטלעך די גאנצע יאָרן אין קאמף פאר רעכט צו שטרייקן. און אויב מען פאָכעט כסדר פאר אונזערע אויגן מיטן לאָזונג פון נאציאָנאלער בוררות, איז עס דערפאר, וואָס דורך דעם קלערט מען צו פאראליזירן אונזער מעגלעכקייט צו שטרייקן.

ווען קען מען דערקלערן א שטרייק? אָפט באטאָנען מיר אין אונזערע אויפרופן, אז די פאָדערונגען פון די ארבעטער זיינען גערעכטע. ניט דאָס איז אָבער, דאָס רוב, דער קריטעריום. דער פּראָביר־שטיין איז — תכלית: וואָס זיינען די שאנסן צו זיגן? דערקלערט מען א שטרייק — דארף מען זיין גרייט צו א לאנגן און א שווערן געראנגל.

ווי קענען מיר אָבער וויסן פאָראויס, וואָס זיינען אונזערע שאנסן? מען דארף האָבן אין זינען פארשיידענע פאַקטאָרן:

1) דער מצב פון דער אונטערנעמונג. ס׳איז רעכט, אז א פּראָפעסיאָנעלער פאראיין זאָלן האָבן א פעסט־באשטימטן פּרינציפּ, אז קיין שום חבר פון פאראיין טאָר זיך ניט שטעלן ארבעטן, אויב ער באקומט ניט דעם מינימום פון ארבעטס־באדינגונגען. טאָמער איז די אונטערנעמונג ניט בכוח צו צאָלן דעם פעסטגעשטעלטן לוין, — האָט זי ניט קיין זכות קיום. מיר האלטן ניט פון דער דאָזיקער שיטה. אונזער לאנד הויבט זיך ערשט אָן צו אָנטוויקלען, אונזער ווירטשאפט מאכט ערשט אירע ערשטע טריט, און די באדינגונגען פון אירע פארשיידענע צווייגן זיינען ניט גלייך צווישן זיך. דאָס, וואָס איז שווין מעגלעך אין איין צווייג, שטייגט נאָך

דערווייל איבער די כוחות פון דעם אנדערן. מיר זיינען אָבער ניט מותר אויף קיין שום צווייג פון אונזער ווירטשאפט. מיט דער צייט, ווען ער וועט זיך האָבן אַנטוויקלט, וועלן מיר זיך באמיען צו פארבעסערן אין אים די ארבעטס־באדינגונגען; און איטלעכער טוער פון דער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג איז מחוייב צו וויסן, צי איז די געגעבענע אונטערנעמונג בכוח צו טראָגן די פאָדערונג, וואָס ער שטעלט איר.

2) דער כוח פון די ארבעטער. ווי לאנג וועלן די ארבעטער קענען שטיין אין שטרייק? אין אנדערע לענדער ווערט עס געמאָסטן לויטן מצב פון דעם שטרייק־פאָנד. אונזערע שטרייקן זיינען אָבער ניט ענלעך צו די שטרייקן, וואָס ווערן געפירט אין גרויסע לענדער מיט אַן אַנטוויקל־טער ווירטשאפט און אַן אַנטוויקלטן ארבעטער־קלאַס. דאָרטן נעמט דער שטרייק דאָס רוב ארום א פאך אָדער א ווירטשאפטלעכן צווייג אין דער גאנצער שטאָט אָדער אין דער געגנד, און אַ מאָל אויך אין דער גאנצער מדינה. ביי אונז האָבן אָבער מיר דאָס רוב צו טאָן מיט א שטרייק אין אַן איינצלנער אונטערנעמונג. פאראן אָבער נאָך אַן אונטערשייד: מיר זיינען אלע — איין הסתדרות. אין אנדערע לענדער לעבט זיך איטלעכער פראָפ. פאראיין זיין באזונדערן לעבן, און בעת ער טרעט אריין אין א שטרייק, קען ער ניט האָפן אויף דער הילף פון זיינע חברים, ווייל זיי שטרייקן אלע, און די הילף פון דעם ארבעטער־כלל איז ניט געזיכערט. דער איינ־ציקער מקור, פון וועלכן ער קען ווי ניט איז אויסהאלטן זיינע חברים בעת'ן שטרייק, איז דער פאָנד, וואָס ער האָט צוגעגרייט אין רואיקע צייטן. אָפט פלעגט פאסירן, אז נאָך אַ שווערן שטרייק פלעגט דער פאראיין זיין געצוואונגען אייניקע יאָרן צו רוען, נאָכגעבן אין ענינים, אין וועלכע ער וויל גאָר ניט נאָכגעבן, און אויסמיידן קאָנפליקטן, ביז זיין קאַסע וועט ווערן ווידער פול און וועט אים געבן די מעגלעכקייט אויפנעמען דעם קאמף פון דאָס ניי. ביי אונז איז די באדייטונג פון דעם דאָזיקן פאקטאָר ניט איבעריקס גרויס, ווייל אונזערע שטרייקן זיינען בדרך־כלל קליינע, און טאָמער ברעכט אויס א לאנג־דויערנדיקער שטרייק — איז פאראן א גרויסער ארבעטער־ציבור, וואָס באטייליקט זיך ניט אין שטרייק, און פון אים וועט קומען די הילף.

3) די עפנטלעכע מיינונג. איידער מען דערקלערט א שטרייק, איז אומבאדינגט נויטיק ריכטיק אָפּצושאצן, ווי וועט זיך צו א'ם באציען די עפנטלעכקייט, און קודם־כל — די ארבעטערשאפט.

4) און צום סוף — צי זיינען די ארבעטער גרייט צו שטרייקן? דאָס איז דער וויכטיקסטער תנאי אין יעדן שטרייק, און צו מאָל — דער איינ־ציקער תנאי. ס'טרעפט, אז א שטרייק איז אומפארמיידלעך אפילו דאן,

בעת ס׳איז ניטאָ קיין געלט אים צו פירן און די עפנטלעכע מיינונג איז ניט גינסטיק. מען קען אָבער בשום אופן ניט ארויסגיין אין קאמף, אויב ס׳איז ניטאָ קיין זיכערקייט, אז די ארבעטער וועלן ווי געהעריק איז שטיין אין שטרייק. די דאָזיקע פראגע איז באזונדערס וויכטיק ביי אונז, ווייל דעם לעצטן באשלוס, צי זאָל מען שטרייקן צי ניט, דארפן אָננעמען די אלגעמיינע הסתדרות־אנשטאלטן.

די פראָצעדור, לויט וועלכער עס ווערט דערקלערט א שטרייק, איז ביי אונז אנדערש ווי אין אנדערע לענדער. דאָרט איז אָנגענומען, אז נאָך דעם ווי די פארהאנדלונגען מיט די ארבעטס־געבער זיינען געבליבן אָן רעזולטאטן, מעלדעט דער ראט פון פאראיין א שטרייק, ער פירט דאָן דורך א רעפערענדום צווישן די חברים פון פאראיין, אָדער מען רופט אויף א קאָנפערענץ, אוואו עס ווערט באשלאָסן לויט דער מערהייט. אזוי ארום באשליסט דאָרטן וועגן דעם שטרייק די אינסטאנץ, וואָס דארף אים דורכפירן אין לעבן, און זי ברייננגט איר באשלוס צו דער באשטעטיקונג פון די חברים. ביי אונז איז אָן אנדער סדר. דער באשלוס פון די ארבעטער אויפן פלאץ און פון זייער פראָפ. פאראיין דארף באשטעטיקט ווערן דורכן שטאָטישן ארבעטער־ראט און ביי א שטרייק פון א גרעסערן פארנעם — דורכן ועד הפועל פון דער הסתדרות. ווי געזאָגט, איז די סיבה דערפון אין דעם, וואָס ביי אונז שטיצט זיך דער שטרייק אויף דער גאנצער הסתדרות — מאָראליש, אָרגאניזאטאָריש און אויך פינאנציעל און פראקטיש.

אַ שטארקער דיסציפלינירטער פראָפ. פאראיין דארף גאָר ניט אָנקומען צו אָפטע שטרייקן. קוים ווייסט דער ארבעטס־געבער, אז דער פאראיין איז בכוח דורכצופירן א שטרייק, זוכט ער שוין ממילא א וועג דורכצוקומען מיט גוטן. אויך דאָ איז, פארשטייט זיך, דער שטרייק ניט אויסגעשלאָסן, עס איז אָבער מעגלעך א סך צו דערגרייכן אויך אָן א שטרייק. דאָס געווער באשטייט שוין אין דעם עצם רעכט צו שטרייקן, אפילו בעת מען דערמאָנט אים ניט בפירוש, — שוועבט ער ארום אין דער לופט אין משך פון דער גאנצער צייט פון די פארהאנדלונגען. די מערהייט פראגן און קאָנפליקטן ווערן ערליידיקט אויפן וועג פון דירעקטע פארהאנדלונגען צווישן די ארבעטער און ארבעטס־געבער. עס זיינען פאראן אונטערנעמונגען, אין וועלכע עס הערשן געאָרדנטע ארבעטס־באדינגונגען, הגם ס׳איז אין זיי קיינמאָל ניט געווען קיין שטרייק. עס איז אָבער א גרויסע פראגע, צי וואָלטן געווען די דאָזיקע באדינגונגען, ווען דער ארבעטער וואָלט ניט געהאט קיין **רעכט** צו שטרייקן.

### ג. דער קאָלעקטיווער אפמאַך

אַן אָרגאַניזירטער אָפּמאַך צווישן ארבעטער און ארבעטס־געבער — דאָס איז דער יסוד פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג. סתם אַן אָפּמאַך איז פאקטיש פאראַן אלעמאָל, אויך דאַן, ווען ער איז ניט אויס־געדריקט בפירוש. אויך דער איינצעלנער ארבעטער ארבעט לויט א וועלכן־ניט־איז אָפּמאַך. א קאָלעקטיווער אָפּמאַך אונטערשיידעט זיך פון א פריי־וואטן אָפּמאַך דורך דעם, וואָס אין אים זיינען פאראַן פונקטן, וועלכע שטעלן פעסט די רעכט פון אלע ארבעטער אויפן פלאַץ אָדער אין א גאנ־צער גרופּע אונטערנעמונגען, און וואָס ער איז אָפּגעשלאָסן אויף א באַ־שטימטער צייט.

א צייט־לאנג האָט זיך אין די ארבעטער־רייען געפירט א ויכוח, צי נוצט דעם ארבעטער דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך. עס זיינען געווען טיילן, דער עיקר אויפן לינקן פליגל פון דער ארבעטער־באַוועגונג, וואָס האָבן געהאלטן, אַז דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך, וואָס שטעלט איין א רעזשים פון געאָרדנטע ארבעטס־באַציאונגען, שוואַכט אָפּ די גרייטקייט פון די ארבע־טער צו קעמפן פאר זייערע רעכט. די דערפאַרונג האָט אָבער דערוויזן, אז די מיינונג איז פאַלש. אַנאַרכיע אין די ארבעטס־באַציאונגען ברענגט דעם ארבעטער ניט קיין נוצן, די ארבעטער זיינען ניט בכוח כסדר זיך ארומ־צוקריגן וועגן איינצלנע פּרטים. לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַ פלאַץ, וואו ס׳זיינען פאראַן אָרגאַניזירטע ארבעטער און ס׳איז ניטאָ קיין קאָלעקטיווער אָפּמאַך, און אין אַזאַ פלאַץ פאַסירט אַן עוולה: מען האָט אָפּגעזאָגט אַן ארבעטער אויף א ניט־גערעכטן אופן און דער ארבעטס־געבער וויל אים ניט צונעמען צוריק. די ארבעטער שטרייקן, און דער שטרייק ענדיקט זיך אַזוי צי אַנדערש. אין אַ פּאָר וואָכן ארום — א נייע עוולה, דער בעל־הבית דריקט דעם לוין. ווידער א שטרייק. צי וועלן די ארבעטער האָבן גענוג כוח צו שטרייקן כסדר אָדער אפילו מיט הפסקות? זיכער ניט. יעדע ארמיי מוז האָבן אירע הפסקות, און דעם קאָלעקטיוון אָפּמאַך דארפן מיר באַ־טראַכטן, ווי א לאנגן אָדער קורצן וואָפן־שטילשטאַנד צווישן איין געראַנגל און דעם צווייטן. מען קען אים אויך באַטראַכטן ווי א קאָנסטיטוציע, וואָס שטעלט פעסט די רעכט פון די צדדים, און אין א מדינה קעמפט, כידוע, פאר דער קאָנסטיטוציע דוקא דער שוואַכערער, ווייל די רעכט פון דעם שטאַרקערן נויטיקן זיך ניט אין קיין קאָנסטיטוציע, זיי באַשטייען ממילא. דער שוואַכער אָבער נויטיקט זיך אין שוץ, און אין אונזער געזעלשאַפט איז דער ארבעטער — דער שוואַכערער צד. און באמת׳ן, די דערפאַרונג האָט דערוויזן, אַז די שיטה פון קאָלעקטיווע אָפּמאַכן האָט פאַרבעסערט די ארבעטס־בדינגונגען און א דאַנק איר האָבן די פּראָפעסיאָנאַלע

פאראייניגן אָנגעזאמלט א סך כוחות; ווען ניט דער קאָלעקטי־ווער אָפּמאַך, וואָלטן די דאָזיקע כוחות געוואָרן פארשווענדעט אין אָפטע קריגערייען אָדער די ארבעטער וואָלטן זיין געצוואונגען זיך אונטערצוגעבן.

ביי אונז ווערט דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך דאָס רוב אָפּגעשלאָסן צווישן דעם פּראָפ. פאראיין און אַן איינצלנער אונטערנעמונג. אין געוויסע פאלן — צווישן דעם פאראיין און די ארבעטסגעבער פון א גאנצן ווירט־שאַפטס־צווייג. אין אנדערע, מער אַנטוויקלטע לענדער, ווערט דער אָפּמאַך על פּי רוב אָפּגעשלאָסן צווישן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאראיין און דעם פאר־איין פון ארבעטס־געבער אין א גאנצן ווירטשאפטס־צווייג, אין אַ שטאָט, קרייז, אָדער אין דער גאנצער מדינה.

ס׳איז אויך פאראן אַן אונטערשייד לויטן אינהאלט פון די אָפּמאכן, ניט נאָר לויט דער הויך פון די דערגרייכונגען, נאָר אויך לויטן פארנעם, לויטן שטח ענינים, וואָס זיי נעמען ארום. עס זיינען פאראן טייל־אָפּמאכן, וואָס גיבן ניט קיין תשובות אויף אלע פראגן, און ס׳זיינען פאראן אלגע־מיינע אָפּמאכן, אין וועלכע ס׳ווערן ערליידיקט אלע וויכטיקע פראגן, וואָס קענען זיך אויפוועקן צווישן די צדדים, און ס׳ווערט פעסטגעשטעלט דער סדר, ווי אזוי צו לייזן קאָנפליקטן, אין דער ווירקונגס־צייט פון אָפּמאַך. דאָס איז די פּולקאָמסטע פאָרם פון א קאָלעקטיוון אָפּמאַך.

### ד. בוררות

די אויפגאבע פון א ריכטיק־אָפּגעשלאָסענעם קאָלעקטיוון אָפּמאַך איז צו פארמיידן קאָנפליקטן אויף א באשטימטער תקופה און צו זיכערן גערעגלטע באציאונגען. ער דארף דעריבער באשטימען, ווי אזוי ווערן דערליידיקט חילוקי־דעות, וואָס קענען אויסברעכן צווישן די צדדים אויפן יסוד פונעם אָפּמאַך. דערצו איז נויטיק אָנצוקומען צו א בוררים־געריכט. אין דער הסתדרות האָט זיך בשעתו געפירט א ויכוח, צי איז נויטיק א בוררות אין דער צייט, וואָס דער אָפּמאַך איז גילטיק. ס׳איז געווען שווער צו באַ־גרייפן דעם שטאנדפונקט פון די, וואָס זיינען געווען פאר א קאָלעקטיוון אָפּמאַך און קעגן א בוררים־געריכט, און וואָס האָבן געהאלטן, אז ס׳איז מעגלעך צו שטרייקן אין דער צייט פון דעם אָפּמאַך. ממה נפשך, אויב די ארבעטער מעגן שטרייקן — מעג דאָך דער ארבעטס־געבער דערקלערן אַ לאָקאוט, צוליב וואָס זשע איז בכלל נויטיק דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך? צו וואָס איז ער מחייב? וואָס ברענגט ער פאר א נוצן? פון דער אנדערער זייט, איז געווען א מיינונג, אז אויך נאָך דעם ווי ס׳איז אָפּגעלאָפן די צייט פון דעם אָפּמאַך און איינער פון די צדדים וויל אריינברענגען אין אים

•

שינויים, זיינען די ארבעטער מחוייב גיין צו בוררים. אויך מיט דער דאָזי־קער מיינונג קען מען ניט מסכים זיין.

וואָס איז בכלל א בוררים־געריכט? צוויי צדדים, וואָס האָבן א סכסוך, פארלאָזן זיך אויף באשטימטע ניט־פאראינטערעסירטע מענטשן און זיינען זיך פאָראויס מתחייב אויסצופירן זייער פסק־דין. פאראן א בוררות פון צווייען, זבל״א (זה בוחר לו אחד וזה בוחר לו אחד), איטלעכער צד קלייבט אויס זיין בורר, און די ביידע באמיען זיך צו קומען צו א הסכם צווישן זיך; און טאָמער איז עס ניט געלונגען, קלייבן אויס די בוררים אָדער די צדדים א דריטן, וואָס זאָל אנטשיידן אין דעם ענין. ס׳איז רעכט, אז די צדדים פארלאָזן זיך לכתחילה אויף איין בורר. ס׳איז אויך מעגלעך א נאציאָנאַלע בוררות, ד. ה. א בוררים־געריכט, וואָס איז באשטימט דורך א נאציאָנאלן אָדער מלוכהשן אַנשטאַלט.

אין געוויסע פאלן קען מען מיט דער הילף פון א בוררות דערליי־דיקן סכסוכים און איינאָרדנען די ענינים פון די ארבעטער. א בוררות האָט אָבער אויך אירע פעלערן, וואָס זיינען באזונדערס בולט אין אונ־זערע א״י־דיקע באדינגונגען. קודם כל — דער דריטער, נייטראַלער בורר. קומט עס צו א פרינציפיעלער פראגע, וועגן וועלכער ס׳פירט זיך אַן עפנט־לעכע מחלוקת, איז כמעט ניט מעגלעך צו געפינען אַן אָביעקטיוון נייט־ראלן מענטשן, וואָס האָט ניט פון פאָרויס קיין באשטימטע מיינונג, סיידן ער איז א וועלט־פרעמדער מענטש. און טאָמער האנדלט זיך וועגן א פאכמענישער פראגע, ווערט די לאגע פאראדאָקסאל ביז גאָר. כדי דער דריטער זאָל זיין אָביעקטיוו און נייטראַל, דאַרף מען זוכן א מענטשן, וואָס האָט ניט קיין שום שייכות צום פאך, דאָס הייסט אויך ניט קיין ידיעה אין פאך, ווייל א מענטש, וואָס איז נאָנט צו א געוויסן פאך, האָט דאָס רוב אַ באשטימטע מיינונג אין דער פראגע. ס׳טרעפט, אז די ברירה איז: אָדער א מענטש, וואָס איז ניט נייטראַל — אָדער א נייטראַלער מענטש, וואָס קען ניט דעם ענין. דעריבער באקומען זיך א מאָל זינלאָזע באשלוסן פון בוררים, און ס׳טרעפט, אז דער בורר מאכט א פשרה, וואָס לייגט זיך ניט אויפן שכל ביי קיינעם פון די צדדים, און נאָך דער בור־רות מוזן זיי גיין מאכן א נייעם הסכם. דאָס טרעפט, פארשטייט זיך, נאָר אין זעלטענע פאלן, מען קען אָבער פון די דאָזיקע פאלן אָפּלערנען אויפן כלל. חוץ דעם, איז ביי א בוררים־געריכט פאראן כמעט אַן אומ־באגרענעצטע מעגלעכקייט צו שלעפּן אַן ענין, פיל מער ווי אין א גע־וויינלעכן געריכט, ווייל די בוררים זיינען פארנומענע מענטשן און ס׳איז ניט פון די לייכטע זאכן זיי צונויפצוברענגען אויף א זיצונג.

די דאָזיקע טעכנישע פעלערן זיינען זייער וויכטיק, און אפילו די

מעסיקע עלעמענטן אין דער ארבעטער־באוועגונג, וואָס באַציען זיך פּאָזיטיוו צו דער בוררות, זעען דעריבער אין איר ניט איין קיין אוניווערסאַלן מיטל אויף צו לייזן ארבעטס־סכסוכים. עס זיינען אָבער פאַראַן קרייזן מחוץ פון דער ארבעטער־באוועגונג, וואָס זעען אין דעם איין אַן אידעאַל און שטרעבן צו „א רעזשים פון בוררות אין ארבעטס־ענינים". אויב עס רעדט זיך אָבער ניט נאָר וועגן א מיטל צו פסקענען אין דעם אָדער יענעם באַשטימטן פּונקט, נאָר וועגן א שיטה אויף צו באַשטימען די ארבעטס־באַדינגונגען פון די ארבעטער, — מוזן מיר אָנווייזן די ערנסטע חסרונות, וואָס זיינען דערביי פאַראַן:

1) בעת די מחלוקת פּירט זיך צווישן צוויי צדדים, וואָס זיינען בלויז פאַראינטערעסירט אין דער אונטערנעמונג, — פאַרשטייען זיי דאָס רוב, ווי צו קומען צו א הסכם, ניט זייענדיק דערביי פּוגע איר ווירטשאַפטלעכע זייט. זייטיקע מענטשן אָבער, וואָס טראָגן ניט קיין שום אחריות ניט פאַר דער ווירטשאַפט און ניט פאַר די ארבעטער, וואָס זיינען אין איר באַשעפטיקט, און וואָס האָבן ניט קיין שליטה איבער די אַנדערע עלעמענטן פון דער ווירטשאַפט, חוץ דעם עלעמענט פון ארבעט, — זיינען אָפט פשוט ניט בכוח צו פסקענען, אָדער זיי טראָגן ארויס א פּסק, וואָס פּאַסט זיך ניט פאַר דער ווירטשאַפט, וועגן וועלכער עס האַנדלט זיך. אין דעם ליגט איינע פון די סיבות, פאַרוואָס ערנסטע ארבעטס־געבער זיינען ניט להוט נאָך א בוררות־געריכט. דערצו — נאָך עפּעס. ביי א רעזשים פון בוררות איז יעדער צד פּטור פון אחריות פאַר זיין שטעלונג. בעת דער פּראָפ. פאַראיין שטעלט געוויסע פאָדערונגען, וועגט ער פריער אָפּ, צי איז די אונטערנעמונג בכוח צו געבן, דאָס וואָס ער פאַרלאַנגט; ער וויל ניט צעשטערן דעם ארבעטס־פּלאַץ, פון וועלכן זיינע מיטגלידער ציען זייער פּרנסה. דאָס זעלבע איז גערעדט אויך וועגן ארבעטס־געבער. ער איז כלל ניט פאַראינטערעסירט צו רייצן זיינע ארבעטער און ברענגען זיי צו א שטרייק, און ער וועגט פריער אָפּ, אין וואָס פאַר א מאָס זיינען זיינע פאָדערונגען פּוגע די ארבעטער. ביי א רעזשים פון בוררות איז ביי קיינעם פון די צדדים ניטאָ די דאָזיקע אחריות. דער ענין ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ דינגעניש, און יעדער צד מאַכט זיך א חשבון, אַז דער בורר וועט דאָך מן הסתם זוכן א פשרה. איז דעריבער כדאי צו שטעלן וואָס גרעסערע פאָדערונגען, כדי צו באַקומען מער.

2) א צווייטע פראַגע, וואָס מ'קען זי כמעט ניט לייזן, איז — ווי אַזוי פאַרזיכערט מען, אַז דער פּסק־דין זאָל מקוים ווערן, דער עיקר — מצד די ארבעטס־געבער. מען קען פאַרבאָטן לאָקאַוטן, מען קען אָבער ניט פאַרבאָטן שליסן די פאַבריק און דאַן בלייבן די ארבעטער מיט א

פסק־דין, אָבער אָן דעם ארבעטס־פּלאַץ. ביי די ארבעטער, איז, לפּחות, פאראַן א גרויסע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט א השפּעה אויף זיי. ווער קען אָבער מחייב זיין דעם ארבעטס־געבער מקיים צו זיין דעם פּסק־דין, אויב ער וויל עס ניט? נאָר אַ שטרייק. וואָס זשע וועט אויסקומען? בעת דער ארבעטס־געבער פילט זיך שטאַרק, גייט ער ניט צו קיין בוררים, און די ארבעטער זיינען געצוואונגען צו שטרייקן אין אומגינסטיקע באַדינגונגען, קומט עס אָבער צו א שלעכטער קאָניונקטור און דער ארבעטס־געבער איז שוואַך — דעמאָלט פאַרלאַנגט ער א בוררות און די ארבעטער מוזן גיין צו איר און זיך מתחייב זיין אָנצונעמען איר פּסק־דין. די בוררות ווערט אזוי ארום פאַרוואַנדלט אין א מיטל, מיט וועלכן דער אונטערנעמער וועט זיך באַנוצן, ווען ער איז שוואַך, דער ארבעטער אָבער וועט זי מוזן אָננעמען ווי א גזירה, וואָס איז אים מחייב.

ביי דער לאַגע קען א בוררות־רעזשים ברענגען צו דער צושפּליטערונג פון דער ארבעטער־אָרגאַניזאַציע, ווייל איר ראָל ווערט פאַרשמעלערט ביז צו דער ראָל פון א מין אַדוואָקאַט, א טוען. ס׳וועט אָנהויבן ווערן ניט וויכטיק, צי איז דער פאַראיין שטאַרק אָדער שוואַך, צי זיינען זיינע חברים גרייט צו קעמפן פאַר זיינע רעכט, צי זיינען זיי בכוח צו העלפן איינער דעם אנדערן. וויכטיק זיינען נאָר די טענות, וואָס די צדדים ברענגען פאַר די בוררים. ניט א גוטע אָרגאַניזאַציע איז וויכטיק. נאָר א גוטער טוען. מיט גוטע אַדוואָקאַטן־רעדעס קען מען אָבער ניט אויפהאַלטן קיין אָרגאַניזאַציע. אויב דער פּראָפ. פאַראיין וועט אויפהערן צו זיין אַ פאַקטאָר אויף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די ארבעטער — וועט ער ממילא פאַרלירן זיין כוח, ווייל דער ארבעטער וועט מער ניט האָבן אין אים קיין שום אינטערעס, און טאָמער וועט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג ווערן אָפּגעשוואַכט, וועט אויך ניט זיין קיין בוררות, ווייל ס׳וועט ניט זיין, ווער ס׳זאָל מאַנען אין נאָמען פון די ארבעטער. אפילו דאָס רעגירונגס־געזעץ עקזיסטירט ניט פאַר מענטשן, וואָס קענען ניט פאָדערן זייערע רעכט, און א צעפאַלענער פאַראיין וועט ניט זיין בכוח צו פאַרטיידיקן די ארבעטער־רעכט אויך ביי א רעזשים פון בוררות.

געזעלשאַפטלעכע אנטשיידונגען אין ארבעטס־קאָנפליקטן און אין דער באַשטימונג פון ארבעטס־תנאים — זיינען באַרעכטיקט און נוציק נאָר דאַן, בעת די געזעלשאַפט האָט די שליטה איבער דער ווירטשאַפט. כל זמן אָבער די ווירטשאַפט ווערט אָנגעפירט דורך פּריוואַטער איניציאַטיוו, איז ניטאָ קיין באַרעכטיקונג פאַר דער „נאַציאָנאַליזירונג" פון דער אַרבעט, און איר איינציקער תכלית איז — אָפּצושוואַכן דעם כוח פון די ארבעטער.

אין געוויסע פאַלן קען א בוררים־געריכט זיין נוציק פאַר די אר־

בעטער, למשל, — אין א פלאץ, וואו דער ארבעטער איז ניט געגוג שטארק, און וויל ניט מוותר זיין אויפן פארזוך צו דערגרייכן וואָס ניט איז; אָדער בעת ער איז געקומען מיטן ארבעטס־געבער צו א הסכם אין די וויכטיקערע ענינים, און עס זיינען געבליבן פראגן פון דער צווייטער מדרגה, וואָס עס איז ניט כדאי צו שטרייקן איבער זיי, אָבער מוותר זיין אויף זיי וויל ער ניט. דאָס בוררים־געריכט קען זיין נוציק, בעת מען גיט אים איבער, ער זאָל פעסטשטעלן די פאקטישע זייט פון א געוויסן ענין; למשל, אויב ס׳איז פאָרויס באשטימט, אז מען קען אָפּזאָגן אַן אַרבעטער, וואָס האָט מיסגעברויכט מיטן צוטרוי. אין א פאל פון אזא באשולדיקונג איז לייכט צו געפינען אַן אָביעקטיוון בורר, וואָס זאָל פסקענען, צי איז דער ארבעטער געווען שולדיק צי ניט. דאָס אייגענע אין די ארבעטס־פלעצער, וואו ס׳איז פאראן אַן אָפּמאך. דאָ האָט די בוררות די באשיידענע ראָל פון א ריכטער, וואָס היט אָפּ דאָס געזעץ.

פאראן נאָך א וועג צו דערליידיקן סכסוכים, דאָס איז — די פאר־מיטלונג. ביי אונז אין ארץ־ישראל איז דער דאָזיקער אינסטיטוט ווייניק אַנטוויקלט. דאָס איז א פרווו צו העלפן די צדדים קומען צו אַן אויסגלייך, ניט צווינגענדיק זיי פאָרויס זיך אונטערצווווארפן דעם באשלוס. ס׳טרעפט אָפּט, אז מען קען ניט קומען צו קיין אויסגלייך ניט דערפאר, וואָס די צדדים זיינען ווייט איינער פון צווייטן אין עצם ענין, נאָר דערפאר, וואָס ס׳האָט זיך אָנגעקליבן א סך פארביטערונג און דערפאר קענען זיי ניט צוטרעטן צום ענין אין תוך אריין, הגם דער ענין אליין לאָזט זיך איינ־אָרדנען; אין אזוינע פאלן קען נוצן די אינטערווענץ פון פארשטענדיקע זייטיקע מענטשן. די דאָזיקע ראָל האָט אויף זיך גענומען אין א געוויסער מאָס די ארבעטס־אָפּטיילונג פון דער יידישער אגענץ, און אָפּט איז זי דערביי מצליח.

אבא חושי

## די אינדוסטריעלע אַרבעטער, זייערע פּראָבלעמען און דערגרייכונגען

### א. יידישע ארגאניזירטע ארבעט

קומענדיק קיין ארץ־ישראל, זיינען מיר ניט געווען קיין פאך־לייט. ערשט נאָך דעם, ווי מיר זיינען אריין אין ארבעטס־לעבן, האָבן מיר זיך דאָ ספּעציאליזירט, געקראָגן דערפארונג און געבראכט דערצו, אז מיר

האָבן היינט אין דער אידוסטריע א הויך־קוואַליפיצירטע ארבעטערשאפט. ביי די באזונדערע ווירטשאפטלעכע, סאָציאַלע און פּאָליטישע באדינגונגען, וואָס הערשן אין לאנד, וואָלטן מיר בשום אופן ניט געקענט שאפן אין אזא קורצער צייט דאָס, וואָס איז געשאפן געוואָרן אין אונזער אינדוסטריע, ווען ניט די הסתדרות און איר הויפּט־פּרינציפּ: יידישע אָרגאַניזירטע ארבעט. דער דאָזיקער פּרינציפּ איז דער גרונטשטיין פון אלע אונזערע דערגרייכונגען.

אויב מיר וואָלטן איבערגעלאָזן יעדן ארבעטס־געבער אָנצונעמען און אָפּצוזאָגן ארבעטער לויט זיין איינזען, וואָלטן מיר ניט דערגרייכט די ארבעטס־באַדינגונגען אין דעם לוין, וואָס מיר האָבן איצט, און חוץ דעם וואָלטן די אונטערנעמונגען אליין ניט דערגאַנגען צו יענער הויכער מדרגה, אויף וועלכער זיי שטייען איצט. אַן אַרבעטער, וואָס קומט אריין אין פאבריק דורך פּראָטעקציע, וואָס באציט זיך מיט הכנעה צום בעל־הבית און הנפעט זיך צו אים, איז אַן אונטערדריקטער פארשקלאַפטער מענטש. אזא איינער איז ניט מסוגל צו זיין אין דער פאבריק א ברויזנדיקער פּראָגרעס־וועקער עלעמענט, וואָס שטרעבט צו פארפולקאָמען זיין פּראָדוקציע. ס'איז גענוג זיך צוקוקן צו אונזער נאָענטסטער סביבה, צו דעם ניט־יידישן ארבעטס־מארק אין ארץ־ישראל און אין די שכנותדיקע לענדער, כדי צו זעען, ווי ריכטיק עס איז די דאָזיקע הנחה. ניט אומזיסט האָט די הסתדרות אריינגעלייגט אזוי פיל כוחות, כדי אויפצופאסן, אז ארבעטער זאָלן געשיקט ווערן צו דער ארבעט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן: ביז גאָר ניט לאנג — דורך דער הסתדרות און אין די לעצטע יאָרן — דורך דער אלגעמיינער לשכת העבודה. אין יעדן ארבעטס־אָפּמאך צווישן דער הסתדרות און דעם ארבעטס־געבער איז פאראן, אלס ערשטער פונקט, דער כלל, אז ארבעטער ווערן אָנגענומען דורך דער אלגעמיינער לשכת העבודה.

ניט ווייניקער וויכטיק איז דער פונקט וועגן דעם, אז דער סדר, לויט וועלכן ס'ווערן אָפּגעזאָגט ארבעטער, ווערט פעסטגעשטעלט לויט א הסכם מיט דער הסתדרות. אין דעם פונקט קומט אונז אויס צו פירן א שווערן ויכוח מיט די ארבעטס־געבער. אָפט האלטן זיי, אז מיר מישן זיך דאָ אריין אין די אינערלעכע ענינים פון דער פארוואלטונג און זיי פאָדערן, מ'זאָל זיי לאָזן אליין באשטימען, וועמען פון די ארבעטער אָפּצוזאָגן. מיר זיינען אָבער פאראינטערעסירט איינצושטעלן אזא אָרדנונג, ביי וועלכער דער ארבעטער אָדער אָנגעשטעלטער זאָל ניט זיין הפקר אין די הענט פון ארבעטס־געבער אָדער פון זיינע פארשיידענע פארוואלטערס, ער זאָל קענען באטראכטן דעם ארבעטס־פּלאַץ ווי זיין בא־

שטענדיקן פלאַץ. דאָס איז וויכטיק ניט נאָר כדי צו שיצן דעם ארבעטער און פארטיידיקן זיינע רעכט, נאָר אויך כדי צו באשטימען זיין עצם באַציאונג צו דער ארבעט, צו איר פּראָדוקטיוויטעט און קוואליטעט. זיין שטימונג און זיין באציאונג צו דער ארבעט איז גאָר אַן אנדערע ווי ביי אַן אַרבעטער, וואָס איז ניט זיכער מיט זיין פלאַץ און איז אָפּהענגיק פון די חסדים פון זיינע פארוואלטער. דער סדר ביים אָפּזאָגן ארבעטער ווערט באשטימט לויט פאָלגנדיקע יסודות:

1) פּראָבע־צייט. דער, וואָס ווערט געשיקט אויף ארבעט, דאַרף דורכגיין א געוויסע פּראָבע־צייט, איידער ער ווערט פארררעכנט אלס שטענדיקער ארבעטער. דער דויער פון דער דאָזיקער צייט איז פארשיידן אין די פארשיידענע פאכן.

2) שטענדיקע ארבעטער. נאָך דעם, ווי דער ארבעטער איז אַ דורך די פּראָבע־צייט און איז געבליבן ביי דער ארבעט, ווערט ער א שטענדיקער ארבעטער. מען קען אים אָפּזאָגן, נאָר אין פאל אויב ס׳איז פאראן אַן ערנסטע, אָביעקטיווע סיבה, ווי, למשל, בעת אין פאבריק ווערט ווייניקער ארבעט, אָדער אַ סוביעקטיווע, ווי, א שטייגער, נאכלע־סיקייט ביי דער ארבעט, דיסציפּלין־ברוך, שלעכטע אויפפירונג לגבי די פארוואלטערס אָדער אַנדערע ארבעטער א. ד. גל.

איידער מ׳זאָגט אָפּ אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטע, דאַרף מען מעלדן וועגן דעם מיט צוויי וואָכן, אָדער מיט א חודש, פאָרויס. די מעל־דונג דאַרף ווערן איבערגעגעבן דעם ארבעטער־קאָמיטעט אויפן ארבעטס־פלאַץ און דער הסתדרות. דער ארבעטער־קאָמיטעט הויבט אָן פארהאנד־לען מיט די ארבעטס־געבער, כדי קלאָר צו מאכן, וואָס איז די סיבה פון אָפּזאָגן, און אויב ער געפינט איין, אז ס׳איז ניטאָ קיין גענוגנדיקע סיבה, — הויבט זיך אָן א צווייטע סטאַדיע פון די פארהאנדלונגען, אין וועלכע ס׳באטייליקן זיך פאָרשטייער פון פּראָפעסיאָנעלן פאראיין אָדער פון אָרטיקן ארבעטער־ראַט. און אויב ס׳קומט ניט צו קיין הסכם, און אין דער געגעבענער אונטערנעמונג איז פאראן אַן אָפּמאך, וואָס זיכערט אָנשטענדיקע ארבעטס־באדינגונגען, ווערט דער ענין איבערגעגעבן צו א בוררים־געריכט.

3) דער סדר פון אָפּזאָגן. אויב מ׳זאָגט אָפּ ארבעטער צוליב אָביעקטיווע סיבות — פארקלענערונג פון היקף פון דער ארבעט אָדער ראַציאָנאַליזירונג, צוליב וועלכער א געוויסע צאָל ארבעטער ווערן איבעריק — ווערט אויפגעשטעלט א רשימה פון ארבעטער, וואָס דאַרפן ארויסגיין פון דער אונטערנעמונג, און דערביי רעכנט מען זיך מיט דריי פאַקטאָרן: א) ווי לאַנג געפינט זיך דער ארבעטער אויפן ארבעטס־

פלאַץ; ב) וואָס איז זיין סאָציאַלע לאַגע — ווי לאַנג געפינט ער זיך אין לאַנד, די גרויס פון דער משפחה, וואָס איז פון אים אָפּהענגיק; ג) ווי ווייט איז ער צוגעפּאַסט צו זיין אַרבעט.

4) קאָמפּענסאַציע. די הסתדרות האָט אויסגעקעמפט מיט גרויסע שוועריקייטן באַדייטנדע דערגרייכונגען אין דעם פּונקט. אָנגע־שטעלטע און קאַטעגאָריעס אַרבעטער, וואָס אַרבעטן פון חודש, באַקומען, בעת זיי ווערן אָפּגעזאָגט, קאָמפּענסאַציע לויטן חשבון פון א חודש־געהאַלט פאַר יעדן אַרבעטס־יאָר. אויך שטענדיקע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן פון חודש, באַקומען, בעת זיי ווערן אָפּגעזאָגט, קאָמפּענסאַציע לויטן חשבון פון א חודש־געהאַלט פאַר יעדן אַרבעטס־יאָר. אויך שטענ־דיקע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן פון טאָג, באַקומען איצט קאָמפּענסאַציע כמעט אין אַלע געאָרדנטע אונטערנעמונגען, לויטן חשבון פון 2, 3 אָדער 4 וואָכן פאַר יעדן אַרבעטס־יאָר.

### ב. דער אַרבעטס־לוין

די פראַגע, ווי אַזוי דאַרף באַשטימט ווערן דער אַרבעטס־לוין, איז אויך אין לענדער מיט א גוט אַנטוויקלטערווירטשאַפט איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען, בפרט ביי אונז, וואו די ווירטשאַפט הויבט זיך ערשט אָן צו אַנטוויקלען און איז, ווי אַן אינזל, אַרומגערינגלט מיט א ים פון ביליקער אַרבעט. דערצו קומען נאָך אונזערע ספּעציפישע סוביעק־טיווע באַדינגונגען: אונטערנעמער, וואָס האָבן ניט קיין דערפאַרונג, ווי אַזוי מען דאַרף פירן אַ מאָדערנע אינדוסטריע־ווירטשאַפט, און אַרבעטער, וואָס האָבן אין זייער מערהייט זיך אויסגעלערנט די אַרבעט נאָר דאָ אין לאַנד, און האָבן ניט קיין דערפאַרונג און קיין טראַדיציע אין דער פּראָ־בלעמאַטיק פון בויען א ווירטשאַפט, פון איר רענטאַביליטעט, קאָנקורענץ מיט אַנדערע לענדער א. א. וו.

אין די דאָזיקע שווערע און פאַרפּלאָנטערטע אָביעקטיווע און סוב־יעקטיווע באַדינגונגען האָט די הסתדרות אויסגעטראָטן א וועג, ווי אַזוי צו באַשטימען פאַר אירע חברים אַן אָנשטענדיקן לוין, זיכערן זיי אַן עלעמענטאַרן מענטשלעכן קיום, באַשטימען דעם לעבנס־סטאַנדאַרט, וואָס איז נויטיק פאַר א קולטורעלן מענטשן, וועלכער קען ניט און וויל ניט לעבן ווי א קנעכט.

לאָמיר זיך מודה זיין: ניט אַלע מאָל פאַרשטייט דער אַרבעטער, אַז ס'איז פאַראַן א מהלך צווישן זיינע הצטרכותן און פאַרלאַנגען און צווישן די אָביעקטיווע מעגלעכקייטן פון דער ווירטשאַפט און דעם ווילן פון אַרבעטס־געבער. פאַראַן חברים, וואָס רעכענען, אַז נאָר זייערע נויטן

אליין דארפֿן באַשטימען דעם הויך פֿון זייער לוין. די אַרבעטער־פֿאַרזאַמ־לונג פֿון פֿאַבריק האָט באַשטימט, די הסתדרות „האָט ניט געשטערט" — און דער ענין איז דערליידיקט. אין דער אמת׳ן איז עס אָבער ניט אַזוי. די הויך פֿון לוין ווערט באַשטימט — אומעטום און אויך ביי אונז — אין אַ שטענדיקער און דויערנדיקער ראַנגלעניש צווישן דער אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציע און די אָביעקטיווע מעגלעכקייטן פֿון דער אונטערנעמונג, און דער באַציִאונג פֿון אַרבעטס־געבער צום אַרבעטער און צו זיין אָרגאַניזאַציע.

אין אונזער קאַמף פֿאַרן אַרבעטס־לוין האָבן מיר באַשטימט פֿאַר זיך אַליין אייניקע גרונט־ליניעס:

אַ) ניט יעדער אַרבעטער באַזונדער פֿאָדערט אַ העכערונג פֿון זיין לוין, נאָר דער אַרבעטער־קאָמיטעט צוזאַמען מיטן פֿאָרשטייער פֿון אָר־טיקן אַרבעטער־ראַט פֿאָדערט עס פֿאַר אַלע אַרבעטער. אויף דעם אופֿן איז אונז אין אַ געוויסער מאָס געלונגען צו באַזייטיקן די קאָנקורענץ צווישן די אַרבעטער און צו פֿאַרפֿעסטיקן זייער אָרגאַניזירונג און סאָלי־דאַרישקייט.

ב) דער יסוד פֿאַר דער הוספֿה איז — דער סטאַזש אין דער אַרבעט און אין פֿאַך. אונזער טענה איז, אַז מיט דער צייט פֿאַרפֿולקאָמט זיך דער אַרבעטער אין זיין פֿאַך, זיין פּראָדוקציע ווערט גרעסער און בעסער, און אין דער זעלבער צייט פֿאַרגרעסערט זיך זיין משפחה און עס וואַקסן זיינע הצטרכותן. אַזוי אַרום איז די סטאַזש־הוספֿה באַרעכטיקט סיי פֿון ווירטשאַפֿטלעכן שטאַנדפּונקט, סיי פֿון סאָציאַלן.

דערפֿון איז נאָך אָבער בשום אופֿן ניט געדרונגען, אַז מיר אינ־טערעסירן זיך ניט מיט דער ווירטשאַפֿטלעכער לאַגע פֿון דער אונטער־נעמונג און רעכנען זיך ניט מיט איר. פֿאַרקערט, מיר האָבן שטענדיק אין זינען, אַז מיר זיינען ניט מער ווי דער חלוץ, וואָס גייט פֿאָראויס פֿאַר דער גאַנצער מחנה, און די מחנה אַליין פֿייניקט זיך אין גלות. ס׳איז אונז טייער יעדע אונטערנעמונג, וואָס קען געבן אַרבעט פֿאַר נייע עולים, און מיר טוען אַלץ, כדי איר מעגלעך מאַכן זיך צו פֿאַרפֿעסטיקן און צו אַנטוויקלען. אָבער אין דער זעלבער צייט דאַרף זיין קלאָר, אַז אַ נידע־ריקער לעבנס־ניוואָ, וואָס גרענעצט זיך מיט אָרימקייט, האַמעוועט די אַנטוויקלונג פֿון דער ווירטשאַפֿט, און אַלס פּועל־יוצא דערפֿון איז גאָר ניט מעגלעך אַריינבעמען נייע עולים; און אַז ער גיט ניט דעם אַרבעטער קיין קיום און לאָזט אים ניט אויפֿבויען זיין משפחה־לעבן — ווערן דעם איז שוין אָפּגערעדט. גאָר אַנדערש איז עס בנוגע צו אַן אונטערנעמונג, וואָס דערמעגלעכט איר אַרבעטער אַ מענטשלעכן לעבנס־סטאַנדאַרט; ז׳י פֿאַרגרעסערט די קויף־פֿעיִקייט פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט און שאַפֿט

דורך דעם די מעגלעכקייט פון וואוקס און אַנטוויקלונג סיי פאר זיך אליין, סיי פאר אנדערע ווירטשאפטס־צווייגן.

### ג. ארבעטס־שעה׳ן

אונזער ציבור שאצט ניט אָפּ ווי געהעריק איז, די גרויסע דער־גרייכונג פון דעם 8־שעהדיקן ארבעטס־טאָג. איידער ס׳איז געווען אַן אַר־בעטער־אָרגאניזאציע האָט דער טאָג פון ארץ־ישראלדיקן ארבעטער גע־דויערט זומער פון 6 אין דער פרי ביז 6 אָוונט און ווינטער — פון 7 אין דער פרי ביז 7 אין אָוונט. דער ארבעטס־טאָג דאַרף באגרענעצט ווערן, כדי דער ארבעטער זאָל קענען לעבן ווי א מענטש: 8 שעה ארבעטן, 8 שעה פאר דער משפחה, פאר דער געזעלשאפט און פארן קולטור־לעבן, 8 שעה רוען.

ס׳טרעפט אָבער, אז ארבעטער גראָבן אליין אונטער די דאָזיקע דערגרייכונג אין געיעג נאָך איבער־שעהן, צי פון נויט צי פון אומ־באוואוסטזיניקייט.

פאַרוואָס קעמפט די הסתדרות קעגן איבער־שעהן? ניט נאָר דער־פאר, וואָס צענדליכער טויזנטער איבער־שעהן מאכן אויס טויזנטער אר־בעטס־טעג, וואָס קענען געבן פרנסה פאר הונדערטער נייע עולים, נאָר אויך דערפאר, וואָס 8 שעה אָנגעשטרענגטע ארבעט איז דער מאקסימום, וואָס עס קען אריבערטראָגן אַ נאַרמאלער גוף; טרעט ער איבער דעם מאקסימום — ווערט ער גיך אויסגעניצט; אונזער חוב אָבער איז צו זעען דעם ארבעטער ניט נאָר אין זיינע יונגע יאָרן, נאָר אויך מאכן דעם חשבון, וואָס וועט זיין מיט אים אין פארלויף פון 30—40 יאָר. די סטאַ־טיסטיק האָט דערוויזן, אז די מערהייט אומגליקס־פאלן ביי דער ארבעט פאסירן אין איבער־שעהן אָדער אין די לעצטע שעהן פון טאָג און אין די לעצטע טעג פון וואָך. פארוואָס איז עס אזוי? ווייל די נערוון פון דעם אר־בעטער זיינען אָנגעשטרענגט איבער דער מאָס, זיין מידקייט ווערט שטארקער און זיין אויפמערקזאמקייט — שוואכער.

### ד. אנדערע ארבעטס־באדינגונגען

פאראן א רייע ארבעטס־באדינגונגען, וואָס באשטימען דעם לעבנס־סטאנדארט פון דעם ארבעטער ניט אין קיין קלענערער מאָס, ווי זיין ארבעטס־לוין, למשל: יאָריקער אורלויב, פארזיכערונג קעגן ארבעטס־אומגליקן, קעגן קראנקהייט, א. אנ. לאָמיר זעען, וואָס האָט די הסתדרות דערגרייכט אויף די געביטן, און וואָס האָט זי נאָך צו דערגרייכן.

א) יאָריקער באצאָלטער אורלויב. נאָך א יאָר

ארבעט נויטיקט זיך דער ארבעטער אין אַן אָפּרו; ער דאַרף אָנזאַמלען כוחות פאַרן קומענדיקן יאָר, ער דאַרף אויך האָבן די מעגלעכקייט צו זען דאָס לאַנד און זיך באַקענען מיט פאַרשיידענע ערטער. די הסתדרות האָט פון אירע ערשטע יאָרן אָן געשטעלט די פאָדערונג וועגן געצאָלטן אור־לויב און האָט עס כמעט אומעטום דורכגעפירט. די אָנגענומענע נאָרמע איז פאַר אינדוסטריע־ארבעטער 6—8 טעג אין ערשטן יאָר און א הוספה פון צוויי טעג יעדן ווייטערדיקן יאָר, ביז 14—16 טעג. אָנגעשטעל־טע און חודש־ארבעטער — פון 2 וואָכן ביז א חודש.

ב) פ ר י י ע ק ר א נ ק ן ־ ט ע ג. איטלעכער, וואָס האָט א שייכות צו ארבעטער־ענינים, ווייסט ווי שווער עס איז די לאַגע פונם ארבעטער, וואָס איז קראַנק געוואָרן בעת זיין ארבעט און באַקומט ניט באַצאָלט כל זמן ער איז קראַנק. אין משך פון אייניקע וואָכן גייט ער אַריין אין חובות, וואָס דריקן אויף אים שפּעטער א לאַנגע צייט. פרעגט זיך: צי איז עס א יושר, אַז דער ארבעטער זאָל אליין טראָגן דעם יאָך פון זיין קראַנק־הייט און די הוצאות, וואָס זיינען מיט איר פאַרבונדן? אָפּט קומט דאָך די קראַנקייט אלס א פּועל־יוצא פון זיינע ארבעטס־באַדינגונגען. אין פילע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען זיינען מיר לעצטנס דערגאַנגען צו וויכטי־קע דערגרייכונגען אין דעם פּונקט, און אַלע אָנגעשטעלטע און ארבעטער באַקומען פרייע קראַנקן־טעג לויט פאַרשיידענע נאָרמעס.

ג) פ א ר ז י כ ע ר ו נ ג ק ע ג ן א ו מ ג ל י ק ס ־ פ א ל ן. ניט ווייניק כוחות האָט אריינגעלייגט די הסתדרות ביז ס׳איז איר געלונגען צו באַ־וועגן די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג צו פאַרעפנטלעכן אין יאָר 1927 דעם געזעץ וועגן קאָמפּענסאַציע פאַר ארבעטער ביי אומגליקס־פאַלן. ביז דאַן זיינען דאָס לעבן פון דעם ארבעטער און זיין געזונט געווען הפקר. אמת, אויך פריער, איידער דאָס געזעץ איז פערעפנטלעכט געוואָרן, האָט די הסתדרות געפאָדערט ביי די ארבעטס־געבער, זיי זאָלן פאַרזיכערן זייערע ארבעטער קעגן אומגליקס־פאַלן, און זי האָט עס אויך דערגרייכט דאָ און דאָרטן, אָבער ערשט נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען אין יעדן פאַל באַזונדער, און דערווייל איז די לאַגע פון דעם פאַרוואונדעטן ארבעטער געווען זייער שווער, און נאָך שווערער — די לאַגע פון דער משפחה, וואָס איר ברויט־געבער איז אומגעקומען ביי דער ארבעט.

נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון געזעץ איז די לאַגע געוואָרן לייכ־טער. די פראַגע איז נאָך אָבער ניט געלייזט געוואָרן. דאָס לעבן פון דעם ארבעטער ווערט זייער נידעריק געשעצט אין דעם געזעץ, און סיי אין טויט־פאַלן, סיי בעת דער ארבעטער איז פאַרוואונדעט און קען ניט גיין צו דער ארבעט, זיינען באַשטימט געוואָרן נידעריקע מאַקסימאַלע נאָר־

מעס. די הסתדרות האָט זיך ניט געקענט באפרידיקן דערמיט, און האָט זיך אין משך פון יאָרן באמיט באווירקן די רעגירונג, דאָס געזעץ זאָל ווערן אויסגעבעסערט. אין יאָר 1945 זיינען פארעפנטלעכט געוואָרן ענדע־רונגען צום דערמאָנטן געזעץ, וואָס האָבן אין א געוויסער מאָס גענומען אין אכט די פאָדערונגען פון דער הסתדרות. די נאָרמעס פון קאָמפּענסאַ־ציע, סיי ביי א טויט־פאַל און סיי בעת דער פארוואונדונג פון ארבעטער, זיינען געהעכערט געוואָרן.

די הסתדרות באגנוגנט זיך ניט מיט דער קאָמפּענסאַציע, וואָס איז באשטימט געוואָרן דורכן געזעץ, און אין פאַל ווען דער ארבעטער איז נאָכן אומגליק געבליבן אַן אינוואליד, פאָדערט זי פון זיין ארבעטס־געבער, ער זאָל אים באשפטיקן ביי א לייכטערע ארבעט, צו וועלכע ער קאָן זיך צופאסן, איבערלאָזנדיק אים ביי זיין פריערדיקן לוין. דאָס איז איצט אָנגענומען געוואָרן אין פילע אונטערנעמונגען.

ד) פארשיידענע פארזיכערונגס־פאָרמען. אין אונ־זער לאנד איז ניטאָ קיין סאָציאלע געזעצגעבונג, און די נעץ פון די סאָ־ציאלע אַנשטאלטן שטייט נאָך ניט אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו די דרינ־גענדסטע נויטן. דעריבער איז באזונדערס וויכטיק אונזער זאָרג פאר דעם ארבעטער און זיין משפחה, בעת ער ווערט אלט אָדער קראנק אָדער אין טויט־פאלן. אויך אויף דעם געביט האָבן מיר צו פארצייכנען באדייטנדע דערגרייכונגען, וואָס זיינען גאָר ניט קליין אין צאָל. מיר דארפן אָבער געדענקען, אז דערווייל האָבן מיר אויף דעם געביט דורכגעלייגט פאר זיך נאָר א שמאָלע סטעזשקע, און מיר דארפן נאָך אָנווענדן א סך כוחות, ביז מיר וועלן ארויס אויף א דרך.

אָפט פלעגט אונז אויסקומען צו פירן אַ ויכוח מיט אונזערע חברים אין די פאבריקן און דערוויזן זיי, ווי וויכטיק עס איז פאר זיי, עס זאָל אין דער אונטערנעמונג געגרינדעט ווערן א קאסע פאר צוועקן פון קעגנ־זייטיקער הילף און פענסיע. דער ויכוח איז געווען ניט לייכט, ווייל דאָס לייגט ארויף א קאָנטיקן יאָך אויף די ארבעטער. ניט דערפאר אליין איז אָבער געווען שווער דער ויכוח. דער עיקר איז עס געווען צוליב דעם יונגן עלטער פון אונזערע ארבעטער. ערשט מיט צען יאָר צוריק זיינען אונזערע אינדוסטריע־ארבעטער געווען אלט דורכשניטלעך 23—25 יאָר, און אין דעם עלטער — ווענען ליגט עס אין קאָפּ די דאגה וועגן דעם, וואָס וועט זיין אין 27—30 יאָר ארום, בעת ער וועט ווערן אלט 55—60 יאָר? א יונגער בחור האָט פיינט צו טראכטן וועגן טויט, און א געזונטער שטופּט אָפּ פון זיך דעם געדאנק, אז ער קען ווען עס איז ווערן אַן אינוואליד.

דערווייל זיינען מיר ניט נאָר געוואקסן אין צאָל, מיר זיינען אויך געוואָרן עלטער. אין די עלטערע אונטערנעמונגען איז שוין איצט דער דורכשניטס־עלטער 35—40 יאָר. מיר זיינען געווען אַ מאָל יונגע בחורים, היינט דערגייט דער פּראָצענט משפחה־מענטשן צווישן אונזערע עלטערע ארבעטער בין 80—90 פּראָצענט. אויב דער יחיד מעג זיך דערלויבן צו טראכטן וועגן חיי שעה אליין, איז אָבער די הסתדרות, וואָס פירט אָן מיט זיינע ענינים, מחוייב צו האבן א ווייטערן קוק, און הגם מיר זיינען ערשט ביים אָנהויב וועג, האָבן מיר שוין פונדעסטוועגן צענדליקער קאַ־סעס אין פארשיידענע אונטערנעמונגען מיט א קאפּיטאל פון הונדערטער טויזנטער פונטן און מיט א ספּעציעלן אויפזיכטס־פארבאַנד, אָן וועלכן זיי זיינען אָנגעשלאָסן. אין די ארבעטס־אָפּמאכן, וואָס ווערן אָפּגעשלאָסן אין די לעצטע יאָרן, ווערט באשטימט, אז די אונטערנעמער טראָגן אריין אין די קאסעס דעם זעלבן אָפּצאָל, וואָס די ארבעטער, — בערך 5 פּראָצענט פון דעם געהאלט, און זיי באטייליקן זיך אין דער פארוואלטונג פון דער קאסע, אין א גלייכער צאָל ווי די ארבעטער. אין פילע קאסעס איז פאראן אַן אײַנערלעכע פארזיכערונג פאר טויט־פאלן.

ה. פּראָפעסיאָנאַלע און סאָציאַלע היגיענע

מען מוז דאָ באַמערקן, אז ניט געקוקט אויף זיין הויכן קולטורעלן ניוואָ, האָט נאָך אונזער ציבור ניט ארויסגעוויזן דערווייל קיין ערנסטע באציאונג צו דער נויטיקייט אָפּצוהיטן פאסיקע סאניטארע און היגיענישע באדינגונגען אין די אונטערנעמונגען. געמיינט זיינען דאָ — סיי די אר־בעטס־געבער סיי די ארבעטער.

אין פלוג גענומען, רעדט זיך דאָ כלומערשט וועגן קלייניקייטן, פון זיי הענגט אָבער אָפּ דאָס געזונט פון טויזנטער ארבעטער. און ניט נאָר דאָס אליין. ניט אין אלע ארבעטס־פּלעצער זיינען פאראן די נויטיקע איינ־ריכטונגען, וואָס דארפן שיצן קעגן אומגליקס־פאלן. פאראן, למשל, א סך גליטשיקע ערטער נעבן די מאשינען, ניט אלע מאשינען זיינען ארומ־געצאמט און פארדעקט, ווי ס׳באדארף צו זיין. ס׳איז אָפט געפערלעך דורכצוגיין צווישן די מאשינען, א. א. וו.

די הסתדרות האָט אויפגעשטעלט א ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס בא־שעפטיקט זיך מיט די דאָזיקע פראגן, און אויך א געמיינזאמער אנשטאלט מיט דער סוכנות און מיטן פארבאַנד פון די פאבריקאנטן, וואָס זאָרגן פאר דער איינפירונג פון די נויטיקע סאניטארע באדינגונגען און שוץ־איינר׳כטונגען אין די ארבעטס־פּלעצער. פאָרשטייער פון דער קאָמיסיע, אָדער פון דעם געמיינזאמען אנשטאלט, וואו ער איז טעטיק, באזוכן סיס־

טעמאטיש די ארבעטס־פלעצער, גיבן אָנווייזונגען אין פראגן פון סאָ־ציאַלער און פּראָפעסיאָנעלער היגיענע, שטעלן פאָדערונגען צו דעם אר־בעטס־געבער וועגן די איינריכטונגען, וואָס ער האָט איינצופירן כדי צו פארבעסערן די סאניטארע באדינגונגען און זיכערן דאָס לעבן און דאָס געזונט פון די מענטשן, וועלכע ארבעטן ביי אים.

## די פראָפעסיאָנעלע ארגאניזירונג

(דיסקוסיע אויפן זעקסטן הסתדרות־צוזאמענפאָר, 1945)

ד. בן־גוריון

איך טייל איין די הסתדרות אויף צוויי חלקים: ארבעטער אין זייערע אייגענע ווירטשאפטן און לוין־ארבעטער. איטלעכער פון די צוויי חלקים האָט זיין חסרון. ביי די ערשטע פעלט אחדות, ביי די צווייטע — חלוציות. די ערשטע זיינען צעשפּאָלטן, און די צווייטע — פּאסיוו.

בעת איך פארגלייך אונזערער לוין־ארבעטער מיט די לוין־ארבעטער אין אמעריקע אדער אין ענגלאנד, קום איך צום אויספיר, אז זיי קענען זיך אויסגלייכן מיט זיי אין אלע הינזיכטן: הן לויט זייער קולטור און באוואוסטזיניקייט, הן לויט זייער ארגאניזירונג, גרייטקייט צום קאמף און נייגונגען צו קעגנזייטיקער הילף; אויך לויט זייער וויזיע. און איין זאך זיינען מיר אבער ניט גלייך צו זיי. מיר האָבן פון אונזערע אבות ניט געירשנט קיין היימלאנד און קיין ווירטשאפט, קיין לאנד, קיין מדינה, קיין מאכט. מיר האָבן געירשנט דלות און גלות, וואס קיין שום אנדער פאָלק אין דער וועלט האָט פון זיי ניט געוואוסט, און מיר זיינען געקומען אהער, כדי צו באשאפן א ווירטשאפט, אַ קולטור, א היימלאנד, א יש מאין, פון אונזער ארימקייט ארויס, מיט אונזערע אייגענע כחות. עס פעלט אבער ביי אונזער לוין־ארבעטערשאפט חלוציש גרייטקייט, באוואוסטזיניקייט און קולטורעלע ווערטן, וואס זיינען נויטיק פאר דער אומגעהויער־גרויסער אויפגאבע, וועלכע שטייט פארן יידישן ארבעטער אין לאנד.

מיר דוכט, אז ס׳איז נויטיק צו מאכן אייניקע אויסבעסערונגען, וואָס האָבן אלע איין ציל: אקטיוויזירן די מאסן לוין־ארבעטער, אלס פאראנטווארטלעכן, קולטורעלן, חלוצישן כוח אין דער הסתדרות, אין דער באוועגונג, אין ישוב און אין ציוניזם.

קודם־כל — זעלבסשטענדיקייט, אחריות און זעלבסטבאשטימונג, אין די ראמען פון כלל, אין פארבינדונג מיטן כלל און אונטער זיין הערשאפט. ביי אונזער התישבות איז פאראַן זעלבסשטענדיקייט, אחריות און זעלבסטבאשטימונג, עס פעלט אבער די

נויטיקע פאַרבינדונג מיטן כלל און ס׳איז זייער שוואַך די שליטה פון דעם כלל. ביים צווייטן חלק, ביי די לוין ארבעטער, — איז עס פאַרקערט, די גאַנצע הסתדרות איז זיך מטפל נאָר מיט אים, ער אליין איז אבער ניט זעלבסשטענדיק אין זיין טעטי־קייט, און ער טראָגט כמעט ניט קיין אייגענע אחריות פאַר דעם, וואָס ער טוט.

אויב מיר ווילן, אַז די גאַנצע ארבעטערשאַפט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פאַראַנטוואָרטלעכן חלוצישן כוח, מוזן מיר ענדערן אייניקע זאַכן אין דעם מחנה פון די לוין־ארבעטער, און קודם־כל — מאַכן זיי אליין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ענינים, וואָס באַשטימען זייערע לעבנסבאַדינגונגען. די זעלבע באַדייטונג, וואָס עס האָבן אין לעבן פונם לאַנדווירט די גערעטעניש און די פּראָדוקציע־פּרייזן, האָבן אין לעבן פונם לוין־ארבעטער זיינע ארבעטס־באַדינגונגען און די פּראָפעסיאָ־נעלע באַציאונגען אין דער ווירטשאַפט, וואו ער ארבעט.

פאַראַן אין דער הסתדרות אַ גרויסער און וויכטיקער אַנשטאַלט, וואָס איז אונז אלעמען טייער — „תנובה״. דורך אים פאַרקויפן די ארבעטער־ישובים די פּרוכט פון זייער ארבעט; און ער באַשטימט ניט אין קיין קלענער מאָס זייערע לעבנס־באַדינגונגען. כ׳האָב אָבער קיינמאָל ניט געהערט, אַז דער ועד הפועל פון דער הסתדרות זאָל אָנפירן מיט „תנובה״, אָדער אַז אויפן ראַט פון דער הסתדרות זאָל מען אויסקלייבן אַן אָפּטיילונג, וואָס זאָל אין נאָמען פון דער גאַנצער ארבעטערשאַפט באַשטימען אירע פּרייזן און אינערלעכע סדרים. און אַזוי איז טאַקע ריכטיק, ווייל מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן. ס׳איז וויכטיק, אַז דער לוין־ארבעטער זאָל אויך אליין בשליסן וועגן זיינע ענינים — ניט יעדער איינער פאַר זיך, נאָר אַלע צוזאַמען, אָרגאַניזירטערהייט. ער און זיינע חברים פון זעלבן פאַך אָדער אין דערזעלבער אינדוסטריע־בראַנזשע — זיי וועלן דאַרפן אליין באַשטימען די וועגן פון זייער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט, די ארבעטס־אָפּמאַכן, דעם שטרייק.

איך בין איינער פון די, וואָס האָבן כל ימיו געקעמפט פאַר דער הערשאַפט פון כלל: די הערשאַפט פון דער ארבעטערשאַפט אין לעבן פון איינצלנעם ארבעטער, די הערשאַפט פון פאָלק אין לעבן פון יעדן יידן. די הערשאַפט פון כלל שטייט אָבער ניט אין קיין סתירה מיט זעלבשטענדיקער אחריות פון איטלעכן יחיד און פון איטלעכער גרופּע. דער כלל מעג און מוז אינטערוועניר‌ן יעדן מאָל, ווען אַ יחיד אָדער אַ גרופּע יחידים שעדיקן די אינטערעסן פון כלל, אָדער בעת זיי ווערן אויפגעפאָדערט צו אַן אַלגעמיינער שותפותדיקער אַקציע. איך ווייס, אַז ארבעטער אין דער אָדער יענער פאַבריק, אין דעם אָדער יענעם פאַראיין קענען באַגיין אַ פעלער, בעת זיי וועגן אָפּ, ווי ווייט זיי מעגן פאָרגיין אין זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאָדערונגען, און וואו מען מוז זיך אָפּשטעלן, ווען דאַרפן שטרייקן און ווען ניט. בעסער אבער, אַז ארבעטער זאָלן באַגיין דעם פעלער אין שטרייקן בעת מ׳האָט ניט געדאַרפט, איידער ס׳זאָל זיין אַ מצב, ביי וועלכן זיי טאָרן עס ניט טאָן אויף זייער אייגענער אחריות. אָן פּחד, מיר קענען זיך פאַרלאָזן אויפן ארבעטער־ציבור. בעת ער וועט דאַרפן האַנדלען לויט זיין

אייגענעם באשלוס, וועט ער זיין מער פאראנטוואָרטלעך אין זיינע פאָדערונגען. און דעריבער — קודם־כל זעלבסטשטענדיקע באשלוסן אין דער פראפעסיאָנעלער טעטי־קייט, וואָס באשטימט די לעבנס־באַדינגונגען פונם לוין־ארבעטער.

צווייטנס: נאָך ווייניקער ווי די ארבעטער אין זייער אייגענער ווירטשאַפט איז דער לוין־ארבעטער מסוגל צו פירן א טעטיקייט ביחידות, ניט אָרגאַניזירטערהייט. ס'איז אָבער ניטאָ קיין אָרגאַניזאַציע אָן א געוויילטער פאָרטרעטערשאַפט. ביי אונז איז ניטאָ די נויטיקע פאַרבינדונג צווישן וויילער און דעם אויסגעוויילטן. ניט דעם מענטשן קלייבט מען ביי אונז, נאָר די פאַרטיי־ליסטע, דער וויילער שטימט פאַר א לאַנגע רשימה, קיינמאָל ווייסט ער ניט, וועמען האָט ער, אייגנטלעך, אויסגעקליבן, און דער אויסגעוויילטער איז ניט מחוייב אָפּגעבן קיין דו"ח פאַר זיינע וויילער. ביי אַזאַ שיטה קען מען ניט פירן קיין פראָפעסיאָנעלע טעטיקייט אויף יסודות פון אחריות און זעלבסטבאַשטימונג פון די ארבעטער. איך קום דאָ צו מיין צווייטן אויספיר: פער־זענלעכער בונד צווישן דעם געוויילטן און זיינע וויילער. ניט קיין אַנאָנימע וואַלן, ניט קיין רשימות, ביי וועלכע דער וויילער ווייסט קיינמאָל ניט, ווער איז זיין פאָרטרעטער. א געוויסע צאָל ארבעטער אויפן פלאַץ דאַרף אויסקלייבן א באַשטימטן מענטשן, און ער איז זייער שליח, ער איז פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך, ער דאַרף פרעגן זייער דעה און האַנדלען לויט זייער ווילן, ער דאַרף זיי אָפּגעבן חשבון פאַר זיינע מעשים. דאָס הייסט ניט דווקא מערהייטס־וואַלן. מען קען פאַרזיכערן, אַז יעדע מינדערהייט זאָל אויסקלייבן אירע פאָרטרעטער, אָבער יעדער איינער פון זיי דאַרף ווערן אויסגעוויילט אוממיטלבאַר דורך זיינע וויילער און פאַר זיי דאַרף ער זיין פאַראַנטוואָרטלעך.

דריטנס: לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס פון ארבעטער לויטן אינדוסטריעלן פרינציפּ. איך קום דאָ ניט אויפטאָן קיין נייעס, איך וויל נאָר צוריקברענגען אונזער אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע סטרוקטור צום יסוד, וועגן וועלכן ס'איז בשעתו באַשלאָסן געוואָרן אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר. דעם פאָרשלאָג וועגן פראָפעסיאָנעלע לאַנדס־פאַרבאַנדן האָב איך אַריינגעבראַכט מיט 22 יאָר צוריק, און זיין ערשטער פּסוק לויטעט:

„אַלע חברים פון דער הסתדרות זיינען אָרגאַניזירט אין לאַנדס־פאַרבאַנדן לויט דער אינדוסטריע, אין וועלכער זיי ארבעטן".

דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און ער איז אַריין אין גרונטגעזעץ פון דער הסתדרות, וואָס זיין דריטער פּרק, וועגן פראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג, הויבט זיך אָן מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „אַלע חברים פון דער הסתדרות זיינען אָרגאַניזירט אין פראָפעסיאָנעלע לאַנדס־פאַרבאַנדן לויט דער אינ־דוסטריע, אין וועלכער זיי ארבעטן, אָן אונטערשייד פון פאַך און פראָפעסיע". דער דאָזיקער באַשלוס איז אָבער ניט אויסגעפירט געוואָרן אין דער פולער מאָס, און דערצו זיינען געווען געוויסע סיבות. אייניקע לאַנדס־פאַרבאַנדן זיינען געוואָרן אויפגעשטעלט: פאַרבאַנד פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטער, אייזנבאַן־ארבע־

טער, אנגעשטעלטע. חוץ זיי זיינען געווען פיל ארבעטער, וואָס זייער ארבעט איז געווען ניט קיין באשטימטע און ניט קיין שטענדיקע. זיי האָבן געארבעט ביי שאָסייען און שפּעטער ביי בוי־ארבעט. ס׳איז באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן א לאנדס־פאַרבאַנד פון בוי־און עפנטלעכע ארבעטן. וועגן א פאַרבאַנד פון אינדוסטריע־ארבע־טער איז נאָך דעמאָלסט געווען פרי צו ריידן, ווייל ס׳איז ניט געווען כמעט קיין איין צווייג פון דער אינדוסטריע אין לאנדס־מאסשטאב, און ס׳זיינען דעריבער ניט געגרינדעט געוואָרן קיין לאנדס־פאַרבאַנדן. מיט דער צייט האָט זיך אָבער די אלגעמיינע לאגע געביטן.

עס זיינען היינט צום טאָג פאַראַן קרוב 70 טויזנט לוין־ארבעטער און אין זייער גרעסטער מערהייט — אינדוסטריע־ארבעטער. אומקלאָרקייט אין די ארגאַניזאַציאָ־נעלע ראַמען בנוגע צו דער דאזיקער קאַטעגאָריע, צו פיל ארגאַניזירונג פון איין זייט און אין דער זעלבער צייט — צו ווייניק — דאָס אלץ האָט געבראַכט דערצו, אז עס פעלט דאָס געפיל פון אחריות און פון זעלבשטענדיקייט. ס׳איז געקומען די שעה, מיר זאָלן אויסגלייכן די ליניע, און עס זאָלן אויפגעשטעלט ווערן פראַפעסיאָנעלע ארגאַניזאַציעס אין לאנדס־מאסשטאב, געבויט לויטן אינדוסטריעלן פּרינציפּ, אזוי, אז אלע מעטאַל־ארבעטער און אלע טעקסטיל־ארבעטער זאָלן זיין ארגאַניזירט צוזאַמען און זאָלן קענען — אין ראַמען פון דער אלגעמיינער הסתדרות — פירן זייערע ענינים זעלבשטענדיק, לויט די אָנווייזונגען פון דער הסתדרות, גלייך אזוי ווי די לאנדווירטשאַפטלעכע ארבעטער באַקומען די אָנווייזונגען פון כלל און וואַרפן זיך אונטער זיין דיסציפּלין. די הסתדרות נעמט ארום זייער פיל געביטן און האָט זייער פיל אויפגאַבן. זי פאַרווירקלעכט זיי אָבער ניט דורך איין איינציקן אָרגאַן, זי האָט פאַרשיידענע כלים פאַר פאַרשיידענע אויפגאַבן.

מיר האָבן נאָך ביז היינט ניט קיין פאַסיקע ארגאַניזאַציע פאַר דער פראָפעסיאָ־נעלער ארבעט, וואָס איז דער צענטראַלער ענין ביי די לוין־ארבעטער, פונקט ווי „תנובה" און „המשביר" זיינען דער צענטראַלער ענין ביי די ארבעטער אין דער התישבות. אָפּטיילונגען ביים ועד הפועל און ביי די אָרטיקע ארבעטער־ראַטן זיינען ניט די פאַסיקע פאָרם פאַר די פראָפעסיאָנעלע הצטרכותן פון די לוין־ארבעטער. די פאַסיקע פאָרם — דאָס איז זייער אייגענע ארגאַניזאַציע, וואו דער ארבעטער זאָל זיין ארגאַניזירט לויט זיין אינדוסטריע־צווייג אין לאנדס־מאסשטאב.

י. ריפטין

אין אונזער פראָפעסיאָנעלער טעטיקייט האָבן זיך ארויסגעוויזן אייניקע פעלערן, און דער עיקר: דער ארבעטער אויף זיין ארבעטס־פּלאַץ און אין זיין פאַך האָט ניט די מעגלעכקייט אויסצודריקן זיין ווילן, משפּיע צו זיין אויף זיינע ענינים. ס׳איז שוין צייט אויפצושטעלן נייע פראָפעסיאָנעלע לאנדס־פאַראייגען, א

חוץ די וואָס באַשטייען שוין. צוליב וואָס זיינען זיי נויטיק? כדי די ארבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין דעם זעלבן פאַך אָדער אין ענלעכע אונטערנעמונגען, זאָלן זיך קעגנזייטיק טיילן מיט זייער דערפאַרונג, און כדי זיי זאָלן גענוי וויסן וועגן די ארבעטס־באַדינגונגען אין פאַרשיידענע ערטער; זיי זיינען נויטיק, כדי צוצוגעבן די ארבעטער פון די פאַרשיידענע פאַכן מער וואָג אין דעם ארבעטער־כלל, אין דער הסתדרות גופא, און אויך אין באַצוג צו די ארבעטס־געבער; זיי זיינען נויטיק, כדי צו פאַרשטאַרקן די געזונטע שטרעבונג צו פאַראייניקייטלעכן די באַדינגונגען אין גאַנצען פאַך און דורך דעם לייכטער מאַכן דעם סאָלידאַרישן קאַמף פאַר זייער פאַרבעסערונג; זיי זיינען נויטיק, כדי צו פאַרשטאַרקן די דירעקטע השפעה פון די ארבעטער אויף די ענינים פון דער הסתדרות.

מען דאַרף דאָ פעסטשטעלן אייניקע פּרינציפּן, פון וועלכע ס'וועט אָפּהענגען, צי וועט די אָרגאַניזירונג פון לאַנדס־פאַרבאַנדן צוגעבן כוח אין פּראָפעסיאָנעלן קאַמף און מיטהעלפן דער ווייטערדיקער דעמאָקראַטיזירונג פון דער הסתדרות. אָדער פאַרקערט — זי וועט פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג און אַפילו געבן אַ שטויס אויף צוריק.

ערשטער פּרינציפּ: ניט איין ריזן־פאַרבאַנד פון אַלע אינדוסטריע־ארבעטער, נאָר באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע לאַנדס־פאַראיינען לויט די פאַכן. אויב ס'וועט זיין איין לאַנדס־אָרגאַניזאַציע פון אַלע אינדוסטריע־ארבעטער, — וועט איר פעלן די גרויסע מעלה, וואָס האָט די הסתדרות, די קאָלעקטיווע שליטה, וואָס איז אַ פועל־יוצא פון איר אַלגעמיינעם כאַראַקטער; ס'וועט איר אויך פעלן דער אוממיטלבאַרער קאָנטאַקט צווישן דעם ארבעטער און זיינע פּראָפעסיאָנעלע ענינים. זי אַליין וועט זיין אַ מין פאַרקלענערטע הסתדרות, און וועט ווידער ווערן אַן אָרגאַניזאַציע־פאָרם, ביי וועלכער דער ארבעטער האָט ניט קיין אוממיטלבאַרע שליטה אויף די ענינים, און אויב זיי וועלן ווידער ווערן אָנגעפירט דורך אַן אַפּאַראַט פון אָנגעשטעלטע, — וועט ניט העלפן קיין שום אויפזיכטס־ראַט, קיין שום ועדת בקורת. מען דאַרף אויפשטעלן לאַנדס־פאַראיינען אין אייניקע פאַכן: בוי, שפייז, טעקסטיל, מעטאַל, דיאַמאַנטן, און דאַן — אַ פאַראיין פון די ארבעטער אין די גרויסע אונטערנעמונגען פון דער שווער־אינדוסטריע.

צווייטער פּרינציפּ: פּראָפּאָרציאָנעלע דעמאָקראַטישע וואַלן און ניט קיין פּאַרטייאישע מערהייטס־וואַלן. די וואַלן, ביי וועלכע מען קלייבט איצט די ארבעטער־קאָמיטעטן (ועד פועלים) הייסן אַפילו פּערסאָנעלע, אין דער אמתן זיינען זיי אָבער פּאַרטייאישע, ניט קיין דעמאָקראַטישע וואַלן. ס'זיינען פאַראַן ערטער, וואו די אָדער יענע ריכטונג האָט 40% און פונדעסטוועגן איז זי ניט פאַרטראָטן אין ועד הפועלים. צי דאַרף עס אַזוי זיין?

איך גלויב, מיר זיינען אַלע פאַראינטערעסירט, אַז אויף דעם געביט זאָלן

הערשן געאָרדנעטע באַציאונגען. איך האָב ניט קיין שום חשש, אויב אויף די אַרבעטס פּלעצער וועלן ווערן איינגעפירט פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן; דער פּערסאָנעלער פּרינציפּ וועט ניט ווערן געשעדיקט דורך זיי. איטלעכע ריכטונג וועט זיין געצוואונגען אַרויסצושטעלן מענטשן, וואָס די אַרבעטער אויפן פּלאַץ האַלטן פון זיי און האָבן צו זיי צוטרוי.

דער דריטער פּרינציפּ מוז באַזונדערס באַטאָנט ווערן: דער פּראָפעסיאָנעלער לאַנדס־פאַראיין דאַרף ניט קומען אַנשטאָט דעם ועד הפועלים, דער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג אויפן אַרבעטס־פּלאַץ, און דעם אָרטיקן פאַראיין; ער דאַרף ניט פאַרמינערן זייער קאָמפּעטענץ, נאָר זיין אַ צוגאָב צו זיי און פאַרשטאַרקן זיי. מען דאַרף פאַרשטאַרקן דעם אַנטייל פון דעם ועד הפועלים אין די אָרטיקע ענינים, מ׳טאָר ניט פירן קיין פאַרהאַנדלונגען אין די ענינים אָן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט אים. מ׳דאַרף פאַרברייטערן די קאָמפּעטענץ פון דעם אַרבעטס־פּלאַץ און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

פערטער פּרינציפּ: מיר מוזן אויך להבא אָפּהיטן די שליטה פון דער הסתדרות אַלס גאַנצהייט — פון דעם אָרטיקן אַרבעטער־ראַט און דעם ועד הפועל פון דער הסתדרות — איבער די ענינים פון די פּראָפ. אָרגאַניזאַציעס. יעדער אָפּנויג פון דעם פּרינציפּ וועט פאַרשווערן אַן איינהייטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיק פון דעם כלל לוין־אַרבעטער. ביי אַלע אונטערשיידן צווישן די פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, זיינען דאָך פאַראַן זאַכן געמיינזאַמע פאַר אונזער גאַנצערווירטשאַפט, פאַר אונזער צוגאַנג צו איר אַנטוויקלונג אין פאַרשיידענע צייטן, און ס׳איז נויטיק אַן אַלגעמיינע פּראָ־פעסיאָנעלע פּאָליטיק פון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט. אין דעם באַשטייט אַ סכנה, אַז די אָרטיקע אַרבעטער־ראַטן און דער ועד הפועל וועלן ווערן אויסגעליידיקט פון זייער אינהאַלט, וואָס דאַרף זאָרגן ניט נאָר פאַרן הייַנט, נאָר אויך זען פאַר זיך די צוקונפטיקע טעג; עס קען אַנטשטיין אַ ריס צווישן די טאָג־טעגלעכע ענינים פון דעם אַרבעטער און דער פּערספּעקטיוו פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס.

אין דער איצטיקער צייט פון די וואַקסנדע פּאָליטישע שטורם־ווינטן אין דער וועלט, פון רעוואָלוציאָנערער ברויזונג און פון טראַגישע געשעהענישן אין לעבן פון יידישן פאָלק, איז אונז נויטיק צו פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונג צווישן דער הסתדרות און דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע און ניט זי אָפּצושוואַכן; ניט אָפּשוואַכן. נאָר פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונג צווישן דעם פּראָפעסיאָנעלן אינטערעס און דעם גרויסן פּאָליטישן ענין. עס איז נויטיק צו באַטאָנען סיי די נויטיקייט פון פּראָפעסיאָנעלע לאַנדס־פאַראיינען, סיי די נויטיקייט צו פאַרשטאַרקן דעם בונד צווישן די איינצלנע טיילן און דער הערשאַפט פון גאַנצן כלל. דער דאָזיקער בונד ברענגט מיט זיך נאָך אַ וויכטיקע זאַך: ער דערנענטערט די אַרבעטנדע לאַנדווירטשאַפט צום פּראָפעסיאָנעלן קאַמף פון דעם לוין־אַרבעטער.

בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן די הסתדרות, האָבן מיר שוין געהאַט פאַר אונזערע אויגן די מוסטערן פון דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע אין אַנדערע לענדער. מיר האָבן צוליב פאַרשיידענע טעמים געבויט אונזער פּראָפ. באַוועגונג אין אַנדערע פאָרמען, נייערע און בעסערע. מיר האָבן ניט קיין שום גרונט צו זיין געפאַלן ביי זיך, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער, צוליב דער פאָרם, וואָס מיר האָבן פאַר זיך אויסגעקליבן. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז אויך אין ענגלאַנד באַמיט מען זיך איצט צו גיין מיט אַן אַנדער וועג. די ענגלישע אַרבעטער האָבן זיך איבערצייגט, אַז די טרייד־יוניאָניסטישע אָרגאַניזיר־פאָרם איז פּוגע דעם פּשוטן, ווייניקער קוואַליפי־צירטן אַרבעטער, דעם שוואַכערן; זי ברענגט צו רייבונגען צווישן די פאַרשיידענע פאַראייניגן, שוואַכט אָפּ דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף פונם אַרבעטער. זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מעכאַניזירטער אינדוסטריע איז לייכטער געוואָרן איבערצוגיין פון איין פאַך צום אַנדערן, און ס׳האָט דעריבער ניט קיין טעם שאַרף פאַנאַנדערצוטיילן צווישן זיי. מיר זעען דעריבער איצט די באַמיאונגען צונויפצובינדן צווישן זיך די פאַרשיידענע יוניאָנס.

ניט שוין זשע איז נויטיק צו ענדערן דעם בוי פון דער הסתדרות? לויט בן־גוריון׳ס פאָרשלאַג וועט די קולטורעלע טעטיקייט ווערן אָפּגעטיילט פון דער פּראָפעס־יאָנעלער, ווייל די ערשטע וועט געטאָן ווערן דורך דער גאַנצער הסתדרות און די צווייטע וועט איבערגעגעבן ווערן די באַזונדערע פאַראיינען. אויף דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער הסתדרות האָט בערל קאַצענעלסאָן געזאָגט: „די באַגריפן, צוליב וועלכע מען וויל פאַנאַנדערטיילן די ענינים פון די א״י־דיקע אַרבעטער אויף ממשות׳דיקע, טאָג־טעגליכע, וואָכעדיקע, און אויף געהויבענע ענינים פון קדושה — דרינגען ניט אַרויס פון די נויטן פון יידישן אַרבעטער אין לאַנד און פון זיין לעבן, און בכלל — פון דעם אַרבעטער־לעבן אין קיין שום אָרט". ניט שוין זשע זיינען די דאָזיקע ווערטער היינט ניט מער ריכטיק?

איך האָב געלערנט אַ סך קלאַסישע דעפיניציעס וועגן דעם מהות פון דער הסתדרות. איך געדענק די דעפיניציע פון בן־גוריון אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר, אַז דאָס איז „אַ הסתדרות פון עליה"; אַדער — פון בערל קאַצענעלסאָן: „אַ הסתדרות פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער וויזיע"; פון י. טאַבענקין: „אַ באַוועגונג צו אַרבעט"; פון מאיר יערי: „אַ סינטעז פון קאָלאָניזאַציע און קלאַסן־קאַמף". לאָמיר צונויפנעמען צוזאַמען די אַלע דעפיניציעס, וואָס דערגענצן איינע די אַנדערע, און פרעגן: צי וועלן די אַלע אויפגאַבן ווערן בעסער פאַרווירקלעכט, בעת מיר וועלן האָבן טרייד־יוניאָנס, פּראָפעסיאָנעלע לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס, אַדער פאַרקערט: אפשר וועלן זיי גאָר שטערן דער עליה, דער פאַרווירקלעכונג פון דער וויזיע? אפשר וועלן זיי גאָר ברענגען צו דער פאַנאַנדערטיילונג צווישן קאָלאָניזאַציע און קלאַסן־קאַמף? האָט מען געזאָגט א׳ — מוז מען זאָגן ב׳. אויב מיר וועלן איבערגעבן די פּראָ־

פעסיאַנעלע טעטיקייט צו די באַזונדערע לאַנדס־פאַראייַנען, וועלן מיר אויך מוזן אויפשטעלן ביי זיי באַזונדערע פאָנדן. צי איז עס מעגלעך, אַז אַ לאַנדס־אָרגאַניזאַציע זאָל פירן אַ שטרייק, און אויסשטעלן אַ טשעק אויף ועד הפועל פון דער הסתדרות, ער זאָל געבן געלט? הייסט עס, אַז די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע וועט מוזן האָבן איר אייגענעם שטרייק־פאָנד, איר פאָנד פאַר קעגנזייטיקער הילף. און אַזוי איז עס טאַקע אין ענגלאַנד. פאַראַן רייכע פאַראייַנען און אָרימע, פאַראַן פאַראייַנען, וואָס טוען פיל אויף פאַר זייערע מיטגלידער, און פאַראייַנען, וואָס קענען פאַר זיי גאָר ניט טאָן. צו דעם מצב וועלן מיר ברענגען אויך די הסתדרות, צו אַ מצב פון ניט־גלייכקייט, פון פאַרטיילונג אויף שטאַרקע און שוואַכע פאַראייַנען.

אויך די פּראַקטיש־ע נוצן, וואָס די נייע פאָרם דאַרף ברענגען מיט זיך, ליגן אין ספק. וואָס פאַר אַ געמיינזאַמע ענינים זיינען פאַראַן ביי די אַרבעטער פון דער ביר־פאַבריק אין ראשון־לציון און פון דער „וואולקאַן־פאַבריק אין חיפה? אָדער אפשר וועלן מיר אויפשטעלן אַ באַזונדערן פאַראיין פון די אַרבעטער אין די ברויערייען? צי וועלן מיר פאַנאַנדערטיילן אין ראשון־לציון צווישן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער און די פאַבריק־אַרבעטער, מפקיר זיין דעם שוואַכן פּרדס־אַרבעטער און ברענגען דערצו, אַז די פאַבריק־אַרבעטער וועלן ניט שטיין מיט אים צוזאַמען אין זיין קאַמף אין דער מושבה?

ביז איצט האָט זיך ביי אונז געפירט אַ העפטיקער קאַמף קעגן די פעדעראַציע־נייגונגען אין דער הסתדרות. מען האָט געזאָגט: אַ פעדעראַציע פון פאַראייַנען — דאָס וועט חרוב מאַכן די הסתדרות. ניט שוין זשע איז אַ פעדעראַציע פון יוניאָנס בעסער ווי אַ פעדעראַציע פון פּאַרטייען? איך בין ניט קיין אָנהענגער פון אַ פעדע־ראַציע פון פּאַרטייען, אָבער בעת פּאַרטייען פאַרמעסטן זיך צווישן זיך, איז עס אַ אידייאישער געראַנגל וועגן מער ציוניזם, מער סאָציאַליזם, מער חלוציות. דער געראַנגל צווישן די יוניאָנס וועט אָבער גיין וועגן עגאָיסטישע אינטערעסן.

איך זאָג ניט, אַז די איצטיקע לאַגע איז די בעסטע. מען דאַרף געפינען אַ וועג, ווי אַזוי צו קאָאָרדינירן די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט, ס׳זאָל ניט זיין קיין אונטערשייד צווישן אונטערנעמונגען אין דער זעלבער בראַנזשע, מען דאַרף אויפשטעלן אַרבעטער־פאַרטרעטונגען ביי דער פּראָפעסיאָנעלער אָפּטיילונג פון ועד הפועל; מען דאַרף אויפשטעלן לאַנדס־פאַרבאַנדן אין פאַכן, וואו ס׳איז פאַראַן אַן אַרבעטס־געבער אין לאַנדס־מאַסשטאַב. מען דאַרף אויך מער דעמאָקראַ־טיזירן די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע און מער משתף זיין די חברים אין די אַנטשיידונגען. איז דען אָבער די פאַרבינדונג מיטן צענטער פונם לאַנדס־פאַראיין אַ גרעסערע גאַראַנטיע פון דעמאָקראַטיע, ווי די פאַרבינדונג מיטן אַרבעטער־ראַט אויפן אָרט?

דער אָרטיקער אַרבעטער־ראַט האָט ניט געענדיקט זיין אויפגאַבע. אויב אָבער ס׳וועלן אויפגעשטעלט ווערן פּראָפעסיאָנעלע לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס, וועלן זיי מבטל

מאכן די ארטיקע ארבעטער־ראטן. אויפן סמך פון דער דערפארונג מוזן מיר זאָגן, אז אן אַרטיקער ארבעטער־ראט איז די בעסטע ארגאניזאציע־פאָרם אויף צו פאַרבעסערן די לאגע פון דער גאנצער ארבעטערשאפט. דאס איז דיווירקזאמסטע פאָרם אין דער איבערגאנגס־תקופה פון קאפיטאליזם צום סאָציאליזם, און דאָס איז, ווייזט אויס, אויך די ווירקזאמסטע פאָרם אין דער פארווירקלעכונגס־תקופה פון א נייער געזעלשאפט.

צום שלוס: איך באצי זיך נעגאטיוו צו די פראָפעסיאָנעלע לאנדס־ארגאניזאציעס; פון ציוניסטישן שטאנדפונקט, ווייל איך זע ניט אין זיי קיין בעסערע גאראנטיע פאר דער געשטאלט פון דער הסתדרות, אלס קאלאניזאטארישער פאקטאָר; פון סאָציאליסטישן — ווייל זיי וועלן פארגרעסערן די אומגלייכקייט צווישן ארבעטער; און פון פראפעסיאנעלן — ווייל זיי זיינען עלול אָפּצושוואכן דעם פראָפעסיאָנעלן קאמף פון דעם ארבעטער.

מ. נעמיראווסקי

מען וואָרנט אונז, מיר זאלן ניט נאָכמאכן די ארגאניזאציאנעלע שאבלאָן־פאָרמען פון אנדערע לענדער. מען דארף זיך טאקע רעכענען מיט דער דאָזיקער וואָרנונג, אָבער צו איר דארף מען צוגעבן נאך איינע: לאמיר זיך אויך ניט פארשקלאפן צו אונזערע אייגענע שאבלאָנען. מיט יארן צוריק האָבן מיר געשאפן פאר זיך א געוויסע ארגאניזאציע־פאָרם; לאמיר זיין אירע האַרן — ניט אירע קנעכט.

ס׳איז א טעות, אויב מען מיינט, אז מיר גייען אויפטאָן עפעס א פרינציפיעלן חידוש, וואָס די א״י־דיקע ארבעטער האָבן קיינמאָל ניט געהערט פון אים. אין דער ווירקלעכקייט באשטייט ביי אונז שוין איצט א היבשע צאל לאנדעס־פארבאנדן, אינדוסטריעלע און פראפעסיאנעלע. נאך מער: די מערהייט א״י־דיקע ארבעטער איז שוין ארגאניזירט אין לאנדעס־ארגאניזאציעס. איך ברענג דא א קליינע רשימה: אויסער דער הסתדרות פון לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער, וואס האט עקזיסטירט אלס לאנדעס־ארגאניזאציע נאך פאר דער גרינדונג פון דער הסתדרות הכללית, זיינען פאראן לאנדעס־ארגאניזאציעס פון אָנגעשטעלטע, פון אינזשענערן, אייזנבאן, פּאָסט־און טעלעגראף־ארבעטער; די לערער און די קינדער־גערטנערינס האָבן זייערע אייגענע לאנדעס־ארגאניזאציעס, און זייערע פראפעסיאנעלע ענינים ווערן באשטימט לויט איין שיטה אין גאנצן לאנד; פאראן לאנדעס־ארגאניזאציעס פון די מיטארבעטער פון קופּת־חולים, פון סולל־בונה, פון דער עלעקטרע־געזעלשאפט; די קאאפעראטיוון האָבן זייער לאנדעס־ארגאניזאציע — דעם מרכז הקואופרציה. די אלע צוזאמען נעמען ארום ביי 70 טויזנט נפשות, פון דער אלגעמיינער צאל פון 100 טויזנט הסתדרות־מיטגלידער (צוזאמען מיט די ארבעטער־פרויען, וואָס ארבעטן נאָר אין זייער הויז־ווירטשאפט, זיינען עס 140 טויזנט). אויסער זיי זיינען פאראן טויזנטער ארבעטער,

וואָס האָבן ניט קיין שום פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, ניט קיין אַרטיקע און ניט אין לאַנדעס־מאַסשטאַב ; זיי זיינען פאַרבונדן דירעקט מיטן אָרטיקן אַרבעטער־ראַט אָדער מיטן ועד הפועל, אָן דער פאַרמיטלונג פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין : אַ טייל בוי־אַרבעטער און די מערהייט אינדוסטריע־אַרבעטער אין די מושבות, די אַרבעטער פון דער צעמענט פאַבריק „נשר", פון ים המלח, פון דער זאַלץ־געזעלשאַפט אין עתלית, פון דער עלעקטרע־געזעלשאַפט אין ירושלים, „שמן", „אתא־טכסטיל", די גרויסע מילן אין חיפה, דאָס גאַנצע פעקל „געמישטע אינדוסטריע", רעזשי־אַרבעטער פון מיליטער. די אַלע זיינען ניט אָנגעשלאָסן אָן קיין שום פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע. פון דעם קען מען שוין זען, וואָס פאַר אַ גוזמא עס ליגט אין די טענות, אַז „מען מאַכט חרוב" די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירונג. ס'איז גענוג צו טאָן אַן אויבערפלעכלעכן קוק, בכדי זיך צו איבערצייגן, אַז די אָרטיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען נעמען בכלל אַרום ניט קיין גרויסע צאָל אַרבעטער.

פאַרוואָס זשע דאַרף מען לייגן אַן איסור דווקא אויף די בוי און אינדוסטריע אַרבעטער ? פאַרוואָס זאָל מען זיי ניט לאָזן זיך אָרגאַניזירן לויט זייערע נויטן און פאַרלאַנגען ? פאַרוואָס איז דווקא וועגן זיי געזאָגט געוואָרן, אַז זיי זיינען מסוגל זיך איינצושליסן אין זיך און ווערן צעכיסטיש ? איך וויל ניט זאָגן, אַז אַלע טיילן פון דער אַרבעטערשאַפט זיינען גאַראַנטירט לעולם ועד קעגן צעכיסטישע און ענג־עגאָיסטישע אָפּנויגן. ס'איז אָבער אַ גרויסער טעות צו פאַרבינדן דעם דאָזיקן ענין מיט דער פראַגע, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ. אָט האָבן מיר פאַר זיך די לאַנדעס־אָרגאַניזאַציע פון די אָנגעשטעלטע, וואָס עקזיסטירט שוין 25 יאָר, און דאָס איז אַ פּראָפעסיע, ביי וועלכער ס'איז פאַראַן די אָביעקטיווע מעגלעכקייט זיך איינצו־שליסן — מער ווי ביי די אַנדערע פאַכן. צי האָט זי ווען־ניט־איז געשלאָסן אירע טירן פאַר נייע עולים ? צי זיינען אירע חברים וויניקער טריי דעם פאָלק און דעם אַרבעטער־קלאַס, ווי אַנדערע טיילן פון דער אַרבעטערשאַפט ?

מיר קענען עטוואָס לערנען אויך פון אונזער אייגענעם עבר. מיט 12—13 יאָר צוריק האָט זיך געפירט ביי אונז אַ קאַמף קעגן דער אויפשטעלונג פון סעקציעס אין די פּראָפ. פאַראיינען. מען האָט דאַן געזאָגט נבואות, אַז די סעקציעס מוזן ווערן צעכיסטיש און פאַרפּרעמדעט צו דער עליה. איצט האָבן מיר שוין יענעם ויכוח פאַרגעסן. די סעקציעס זיינען פאַראַן, זיי אַנטוויקלען זיך, און די שוואַרצע נבואות האָבן זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרניט. ניט אומזיסט זיינען די נבואות ניט מקויים געוואָרן. דער אַרבעטער איז ניט נאָר אַן אַרבעטער, ער איז „אויך" אַ ייד, און יידן אין ארץ־ישראל ווייסן אָדער פילן דעם סוד, אַז עליה איז נויטיק ניט נאָר פאַר די יידן אין די גלות־לענדער, נאָר אויך פאַרן ישוב, און אַז אויב מיר וועלן דאָ בלייבן אָן עליה, — ווער ווייסט, צי וועלן מיר בלייבן בכלל. אָט דעם פּשוטן ענין פאַרשטייט, אַ פּנים, איטלעכער ייד, אויב אפילו ער איז אַ בוי־אַרבעטער.

פאַראַן אָבער נאָך גאַראַנטיעס, מער ממשות'דיקע, וואָס ליגן אין אונזער טאָג־

טעגלעכן לעבן: 1) קײנער לײגט ניט פאר צו ענדערן די שיטה פון דער מיטגליד׳ער־שאפט אין דער הסתדרות, זי וועט אויך ווײטער זײן א פערזענלעכע, ווי ביז איצט; 2) אָננעמען און אויסשליסן חברים וועט אויך אויף ווײטער די הסתדרות און ניט דער לאנדעס־פאראײן; 3) דער ביודזשעט פון דער הסתדרות בלײבט אײנער, און כל זמן עס בלײבט באשטײן דער מס־אחיד — איז אין דער הינזיכט ניטא קײן שום ענדע־רונגען. אײן קופת חולים, אײן שטרײק־פאָנד, געמײנזאמע אנשטאַלטן פאר קעגנ־זײטיקער הילף, און דאָס אלץ — אין רשות פון דער הסתדרות. 4) אלע ווירטשאפט־לעכע אינסטיטוציעס בלײבן אין רשות פון דער הסתדרות. ס׳בלײבט ניט אײן שפאַלט, דורך וועלכן ס׳וואלט געקענט ארײנדרינגען דער צעכיזם. ווי אזוי זשע און פארוואָס מײנט מען, אז די אינדוסטריע־ארבעטער וועלן זיך אָפזונדערן און אײנשליסן אין זיך? יעדער לאנדעס־פאראײן — און מעג ער זײן מי יודע ווי ארגאניזירט — וועט צעשמעטערט ווערן, אויב ער וועט האָבן די העזה צו שליסן זײנע טירן פאר דער עליה. דער חשש וועגן צעכיזם וכד׳ האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דער סטרוקטור פון פראפ. פאראײן. ס׳קען פאסירן, אז אויך אן ארטיקער פאראײן זאל ארויסווײזן א באציאונג פון פרעמדקײט צו עליה, און ס׳קאן זײן א לאנדעס־פאראײן, וואס איז א מוסטער פון טרײשאפט צום פאלק און צום סאָציאַליזם.

מיר האָבן אָבער א ויכוח ניט נאר מיט דער „תנועה לאחדות העבודה״, וואָס האָט א נעגאטיווע באציאונג צו דער אויפשטעלונג פון לאנדעס־ארגאניזאציעס פון בוי־און פאבריק־ארבעטער. דער „השומר הצעיר״ און די „פועלי ציון״ האָבן כסדר דעקלארירט זײער פאָזיטיווע באציאונג דערצו. אז ס׳איז אבער געקומען צו מעשים, ווײזט זיך ארויס, אז זײ זײנען פאר דעם, די לאנדעס־פארבאנדן זאלן געבויט ווערן לויט באזונדערע פאכן, און קעגן דעם ברײטן אינדוסטריעלן יסוד, וואָס איז דער עיקר פון אונזער פאָרשלאג. ס׳באקומט זיך א מאָדנע זאך. זײ טענה׳ן וועגן דער סכנה פון צעכיזם, און זײ אלײן לײגן פאָר א שיטה, פון די סאמע אָפגעשטאנענע און קאָנסערוואטיווע, וואָס פירט לײכטער ווי אנדערע שיטות דערצו, די פאראײנען זאלן זיך אָפזונדערן פון אנדערע טײלן פון דער ארבעטערשאָפט. חוץ דעם, פאסט זיך די שיטה הויפטזעכלעך פארן קוואליפיצירטן פאכמאן, דער פשוטער ארבעטער מוז אבער בלײבן אין דרויסן פון דער מיוחס׳דיקער משפחה און זײן ארגאניזירט אין אַן אנדער פאראײן, און אויך דאָס לויטן כלומערשטן „פראָפעסיאנעלן״ פרינציפ, דאָס הײסט — מיט פשוטע ארבעטער פון אנדערע אונטערנעמונגען. בײ דער שיטה בלײבט זײער א שמאָלע באזע פאר קלאסן־סאלידאריטעט און פאר בשותפות׳דיקע ענינים.

די דאָזיקע שיטה איז פסול אין אונזערע אויגן. זי פארשמעלערט דעם גײסטיקן האָריזאנט פון די ארבעטער, זי טראגט אין זיך מער מעגלעכקײטן פון עגאָיסטישן סעפּאַראַטיזם, און דער עיקר זי שליסט אויס די מעגלעכקײט פון א אײנהײטלעכער פראָפעסיאנעלער פאָליטיק אין א גאנצער אינדוסטריע־בראנזשע. לויט דער שיטה וואָלטן די סטאָליארעס פון „שמן״, פון חברת החשמל, „עסיס״ און ים המלח געוועז

ארגאניזירט אלע אין לאנדעס־פאראיין פון האלץ־ארבעטער, דאס זעלבע אויף א פאַראַלעלן אופן — די שלאָסערס, מעכאניקער א.א.וו. די ממשות׳דיקע אינטערעסן פון די סטאָליארעס אין „שמן" זיינען אבער ענג פארבונדן מיט די אינטערעסן פון די איבעריקע ארבעטער אין דער זעלבער פאבריק. וואס מער אונזערע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען וועלן זיך פארפולקאָמען און וואָס מער נייע אָפטיילונגען ס׳וועלן זיך עפענען ביי זיי — אלץ מער וועט וואקסן די צאל פון פארשיידענע פאכן אין דער זעלבער פאבריק, און מיט דער אויבנדערמאנטער שיטה פון פראפעסיאָנעלער אָרגאניזירונג — וועלן מיר דערגיין צו אַן אָרגאניזאציאָנעלן פלאָנטער. אויב מיר וועלן לויט דער דאזיקער שיטה גיין אויפשטעלן לאנדעס־פארבאנדן, וועט עס ברענגען צו איינע פון די צוויי פאלגנדיקע מעגלעכקייטן :

1) יעדער אינדוסטריע־צווייג, — און אפשר אפילו אין יעדער אונטערנעמונג, וועט זיין צעטיילט צווישן פארשיידענע לאנדעס־ארגאניזאציעס, וואס ווירקן איטלעכע פאר זיך, און דאָס וועט מוזן ברענגען צו כסדרדיקע רייבונגען און קאָנפּליקטן צווישן זיי. אדער 2) כדי אויפצוהאלטן א איינהייטלעכע פראָפעסיאָנעלע פאָליטיק אין א באשטימטן אינדוסטריע־צווייג וועט מען מוזן ביי די אלע לאנדעס־ארגאניזאציעס אפנעמען דאָס רעכט צו אנטשיידן און איבערגעבן עס אן אַנדער צענטראלער קער־פערשאפט, למשל — דעם ועד הפועל פון דער הסתדרות. דעמאלט וועלן לפנים וועגן זיין פארשיידענע לאנדס־פארבאנדן, עס וועט אבער אלץ בלייבן ביים אלטן. אין ביידע פאלן איז ניט כדאי די גאנצע טרחה פון אויפשטעלן לאנדס־אָרגאניזאציעס.

וואָס איז שייך דעם „השומר הצעיר" — באקומט זיך דער איינדרוק, אז ער איז גרייט צו גיין מיטן נייעם וועג, אבער ער בלייבט שטיין אין מיטן. ער לייגט פאר א „געמישטע" סיסטעם : אין יעדער אונטערנעמונג באזונדער זאלן אלע ארבעטער ווערן ארגאניזירט לויטן אינדוסטריעלן פרינציפּ, אבער אין דעם פאראיין, סיי אין ארטיקן סיי אין לאנדעס־מאסשטאב, זאל הערשן דער פראפעסיאָנעלער פרינציפּ. אזוי ווי לויט זיין פארשלאג דארף אויף די קאמפעטענץ פון די פאראיינען זיין א באגרענצטע, און דער ארטיקער פאַראיין דארף בלייבן אונטער דער אויבער־האנט פון אָרטיקן ארבעטער־ראט, — באקומט זיך בכלל א מין שעטנז, הן אין ארגאניזאציאָנעלן זין, הן אין זין פון די קאמפעטענצן. חוץ דעם, זיינען זיי קעגן דער ארגאניזירונג פון אלע אינדוסטריע־ארבעטער אין איין פארבאנד, אויב אפילו ער וועט — אויף א נאטיר־לעכן אופן — זיין אינווייניק צעטיילט לויט אינדוסטריע־צווייגן. פרעגט זיך : פארוואָס ? פארוואָס זאָלן די אינדוסטריע־ארבעטער ניט טארן טאן דאָס, וואָס עס טוען שוין לאנג די אַנגעשטעלטע און די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער ? מיר זאָגן אלע און מיט רעכט, אז אין דער לאנדווירטשאפט זיינען קאָנצענטרירט אונזערע בעסטע מענטשן, דאָס בעסטע, וואס מיר פארמאָגן אין אונזער חלוצישער מחנה. איז דען אבער דערפון געדרונגען, אז מ׳דארף איינפירן אין אונזער אלגעמיינער הסתדרות פאר פארשיידענע גרופן פארשיידענע רעכט ?

## דער באַשלוס פֿון זעקסטן הסתדרות־צוזאַמענפֿאַר וועגן די לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס

כדי געזעלשאַפֿטלעך צו אַקטיוויזירן די לוין־אַרבעטער און פֿאַרטיפֿן דעם אינהאַלט פֿון זייער הסתדרותישן לעבן, און כדי צו פֿירן אַ סיסטעמאַטישע טעטיקייט אויף צו פֿאַראייניהייטלעכן זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען, באַשליסט דער צוזאַמענפֿאָר, לויטן פּרינציפּ פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג, וואָס איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן אויפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר — צו פֿאַראייניקן אַלע אינדוסטריע, בוי, טראַנספּאָרט און ים־אַרבעטער אין דער הסתדרות אין לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס אויפֿן אינדוסטריעלן פּרינציפּ, — אַ חוץ די לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַשטייען שוין (לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, איזנשענערן, אייזנבאַן, פּאָסט־און טעלעגראַף־אַרבעטער), — דאָס אַלץ אין די ראַמען פֿון דער הסתדרות הכללית און אונטער איר דיסציפּלין, און די וואַלן צו זיי וועלן איינגעאָרדנעט ווערן לויטן גרונט־געזעץ פֿון דער הסתדרות.

# די לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס

## די אָרגאַניזאַציע פֿון די אָנגעשטעלטע

**די אָרגאַניזאַציע פֿון די אָנגעשטעלטע (הסתדרות הפקידים) האָט שוין עקזיסטירט נאָך איידער ס'איז געגרינדעט געוואָרן די הסתדרות הכללית. אויף איר גרינדונגס־צוזאַמענפֿאָר (יפֿו, סוכות, תר"פ 1919) זיינען באַשטימט געוואָרן אירע אויפֿגאַבן און צילן, און ס'איז געזאָגט געוואָרן, אַז זי „גייט האַנט ביי האַנט מיטן אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל". ס'איז דעריבער געווען נאַטירלעך איר אָנשלוס אָן דער הסתדרות, סוף 1921 יאָר.**

**אין אָנהויב איז איר אָרגאַניזאַציאָנעלער מצב געווען אַ שווערער. נאָך אין יאָר 1923 איז איר צאָל מיטגלידער געווען ניט מער ווי 500; די אַרבעטס־געבער האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען די הסתדרות הפקידים אַלס פֿאַרטרעטער פֿון זייערע אָנגעשטעלטע, היות זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער הסתדרות הכללית. ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, איז די הסתדרות הפקידים געוואַקסן פֿון יאָר צו יאָר. אָנהויב 1947 יאָר האָט זי שוין געציילט 15.775 מיטגלידער, אָנגעשטעלטע אין דער אינדוסטריע, האַנדלס־געזעלשאַפֿטן און קראָמען, הסתדרות־אַנשטאַלטן, געזעלשאַפֿטלעכע אַנשטאַל־**

טן, קאָאָפּעראַטיוון, מוניציפּאַליטעטן, מיליטער־לאַגערן, בענק, א. אז. וו.

די אַלגעמיינע צאָל אָנגעשטעלטע אין לאַנד איז סוף 1947 געווען בערך 24 טויזנט. פון זיי 4000—3500 אנגעשטעלטע פון דער רעגירונג, פּאַרוואַלטערס און אנגעשטעלטע אין רעליגיעזע אינסטיטוציעס, וואָס לאָזן זיך ניט אָרגאַניזירן. קומט אויס, אַז פון די איבעריקע 20 טויזנט זיינען ¾ אָרגאַניזירט אין דער הסתדרות הפקידים; אויב מיר וועלן נעמען אין באַטראַכט די צעשפּליטערונג פון דעם פאַך איבער זייער פיל אַרבעטס־פלעצער און נאָך ספּעציפישע סיבות, מחמת וועלכע ס'איז באַזונדערס שווער צו אָרגאַניזירן אַנגעשטעלטע, — קומען מיר צום אויספיר, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפטו פון דער העכסטער מדרגה.

די הסתדרות הפקידים האָט פיל אויפגעטאָן צו פאַרבעסערן און צו סיסטעמאַטיזירן די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, הסתדרות־אַנשטאַלטן און די מוניציפּאַליטעטן. נאָך אַ שווערן געראַנגל איז געלונגען צו פאַרקירצן די אַרבעט־שעה'ן אין די געשעפטן, איינפירן סאָציאַלע רעכט און העכערן דאָס געהאַלט. ס'זיינען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַרבעטס־אָפּמאַכן אין די בענק, און פאַרבעסערט געוואָרן — ביי אַ געמיינזאַמער טעטיקייט מיט אַנגעשטעלטע־אַראַבער — די באַדינגונגען אין די אינטערנאַציאָנאַלע פירמעס.

אין זין פון סאָציאַלע רעכט איז די הסתדרות הפקידים געגאַנגען בראש פאַר דער גאַנצער מחנה, און זי האָט די ערשטע אויסגעקעמפט באַשטימטע אַרבעטס־באַדינגונגען, וואָס האָבן שפּעטער געדינט אַלס מוסטער פאַר אַנדערע. זי האָט אויך פיל אויפגעטאָן פאַר דער געמיינזאַמער אָרגאַניזירונג פון יידן און אַראַבער, ווי למשל — אין דער עלעקטרע־געזעלשאַפט אין ירושלים, אין חיפה'ער שטאָט־ראַט, וואו די טעטיקייט ווערט אָנגעפירט דורך דער הסתדרות הפקידים. ס'זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן לאַנדעס־אָרגאַניזאַציעס פון אָנגעשטעלטע פון דער אינדוסטריע, דיאַמאַנטן־פאַבריקן, א. אַנד. די הסתדרות הפקידים שטייט אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דעם פאַראיין פון מלוכה־באַאַמטע.

פיל איז געטאָן געוואָרן אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט. ס'ווערן אַרויסגעגעבן פאַכביכער, אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל „שורות״, ס'עקזיסטירן קלובן, לעקציעס, עקסקורסיעס איבערן לאַנד, פאַך־קורסן, אַ יוגנט־סעקציע.

## אייזנבאַן־פּאָסט־ און טעלעגראַף־אַרבעטער

אויך די אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט נאָך איידער ס'איז געגרינדעט געוואָרן די הסתדרות הכללית, זינט יוני 1919. אירע גרינדער זיינען געווען ביי־געקומענע אין אָנהויב פון דער דריטער עליה און דעמאָביליזירטע פון די יידישע גדודים. זיי זיינען אַריין אין די דאָזיקע אַרבעט נאָכן פּאַריקן וועלט־קריג, בעת אין לאַנד האָט נאָך געהערשט די מיליטערישע פאַרוואַלטונג.

אין יאָר 1920, בעת די אייזנבאַן און טעלעפאָנען זיינען אריבער צו דער ציווילער מאכט און עס זיינען באַפרייט געוואָרן די בריטישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען ביז דאַן געווען באַשעפטיקט אין די דאָזיקע געביטן, זיינען אין דער דאָזיקער אַרבעט אריין הונדערטער יידן, די גרעסטע מערהייט — אַלס לער־יונגע, וואָס האָבן ערשט דאָ אָנגעהויבן לערנען דעם פאַך. דער ועד הצירים (די דעמאָלטיקע ציוניסטישע עקזעקוטיווע) און די אַרבעטס־ביוראָ׳ען פון „אחדות העבודה״ און „הפועל הצעיר״ האָבן זיי אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפן אריינצודרינגען אין די דאָזיקע געביטן.

אין יאָר 1923 האָבן יידן אויסגעמאַכט 23% פון אַלע באַן־אַרבעטער, פון דעמאָלט אָן אָבער האַלט דער פּראָצענט אין איין פאַלן. די אַנטוויקלונג פון יידישע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען פון איין זייט און די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען אין דער מלוכה־ווירטשאַפט פון דער אַנדערער, זיינען גורם געווען דערצו, אַז פילע צענדליקער יידן פלעגן פאַרלאָזן די אייזנבאַן און צוקומען פלעגן נאָר יחידים. די אַלגעמיינע צאָל אייזנבאַן־אַרבעטער האָט אָבער כסדר געהאַלטן אין וואַקסן. היינט צו טאָג איז זייער צאָל בערך 6000, און יידן זיינען צווישן זיי נאָר ביי 500.

די לאַגע אין פּאָסט און טעלעגראַף איז עטוואָס אַנדערש. אונזער צאָל פאַלט צווישן די טעלעפאָן־אַרבעטער, זי ווערט אָבער אין אַ קאָנטיקער מאָס באַלאַנסירט דורכן וואוקס פון דער צאָל פּאָסט־באַאַמטע אין די יידישע שטעט און קאָלאָניעס; אין דער פּאָסט־און־טעלעגראַף־אָפּטיילונג מאַכן מיר אויס אויך היינט 40%. דאָס איז דער העכסטער פּראָצענט אין אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטן.

ווי געזאָגט, זיינען די אַרבעטס־באַדינגונגען אין דער רעגירונגס־ווירטשאַפט זייער שווערע. אויב יידישע אַרבעטער האָמן געקענט אויסהאַלטן די דאָזיקע באַדינגונגען און ממשיך זיין זייער חלוצישע שליחות, האָבן זיי עס געטאָן אין אַ כסדרדיקן קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לוין און זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען; הגם זיי זיינען אַ מינדערהייט, גיבן זיי פונדעסטוועגן די ריכטונג דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף פון אַ ל ע אייזנבאַן־ און פּאָסט־אַרבעטער. נאָך דעם לעצטן שטרייק זיינען געשאַפן געוואָרן באַדינגונגען, ביי וועלכע ס׳איז שוין לייכטער אריינצוברענגען נייע יידישע אַרבעטער אין די דאָזיקע צווייגן.

די אייזנבאַן־ און פּאָסט־אַרבעטער זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט און געפירט אַ בשותפותדיקע טעטיקייט מיט אַראַבישע אַרבעטער. שוין אין אירע ערשטע יאָרן איז זייער אָרגאַניזאַציע מצליח געווען איינשליסן אין אירע רייען הונדערטער אַראַבישע אַרבעטער, און די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער פאָרם און אינהאַלט פון דער געמיינזאַמער יידיש־אַראַבישער אַרבעטער־אָרגאַניזירונג (ארגון משותף) האָט פאַרנומען אַ קאָנטיקן אָרט אויף אירע באַראַטונגען און קאָנפערענצן. מיט דער צייט האָט זיך אַנטוויקלט דער ספּעפּאַראַטיסטישער אַראַבישער פאַראיין, און צוגלייך מיט דעם איז געפאַלן די צאָל אַראַבער אין דער געמיינזאַמער אָרגאַניזאַציע.

## אינזשענערן, ארכיטעקטן און ערד־מעסטער

אין יאר 1941 איז אויפגעשטעלט געוואָרן די לאנדעס־ארגאניזאציע פון די אינזשענערן, ארכיטעקטן און ערד־מעסטער. ביז דאן זיינען באשטאַנען ארטיקע אינזשענערן־פאראיינען ביי די ארבעטער־ראטן אין די שטעט, און די צאל אינזשענערן, ארגאניזירטע אין די פאראיינען איז געווען קליין. ס׳איז נויטיק געווען אן ארגאניזאציע אין לאנדעס־מאסשטאב, כדי צו ארגאניזירן די ניט־אָרגאניזירטע, זארגן וועגן ארבעט־פלעצער און קאנצענטרירן אלע אונזערע טעכנישע כוחות לטובת דער גאנצער עפנטלעכקייט און דער ראציאנעלער אויפשטעלונג פון אונזער בוי און אינדוסטריע־ווירטשאפט.

די לאנדס־ארגאניזאציע האט אויסגעארבעט אן אלגעמיינעם ארבעטס־אָפּמאך פאר אינזשענערן, וואָס ארבעטן אלס אנגעשטעלטע, און זי באַמיט זיך אים איינצופירן אין אלע אנשטאלטן, וואו ס׳זיינען אנגעשטעלט אינזשענערן. ס׳איז אויסער דעם געלייגט געוואָרן דער יסוד פאר דעם „אינסטיטוט צו פארשן דעם בוי און די טעכניק", וואָס האָט געזאמלט א סך מאטעריאל וועגן דער בוי־טעכניק אין ארץ־ישראל, און אויפגעשטעלט ספעציעלע קאמיסיעס פארן בוי אין קבוצים און אין שיכון, פאר פראגן פון קלימאט, בוי־מאטעריאלן, פראפעסיאנעלער אויסבילדונג א.א.וו. די קאָמיסיעס ארבעטן צוזאמען מיט פארשיידענע פאקטאָרן און פארעפנטלעכן פון צייט צו צייט מאָנאָגראפיעס וועגן זייער וויסנשאפטלעכער ארבעט. ס׳ווערן אויך ארויסגעלאָזן זאמלביכער אין פארשיידענע געביטן פון טעכניק. ביז איצט זיינען דערשינען 6 אזעלכע זאמלביכער, — אָן אייגנארטיקע און איינציקע פראפעסיאנעל־טעכנישע ליטעראטור אין העברעאיש. ס׳ווערן געפלאנט פּאָפּולער־טעכנישע אויסגאבן צוזאמען מיטן „עם עובד" פאר דער ספעציאליזירונג פון ארבעטער און יוגנט.

די ארגאניזאציע ציילט איצט ביי 1600 מיטגלידער; זיי בילדן 70% פון אלע אינזשענערן און טעכנישע קרעפטן אין לאנד.

## בוי־ארבעטער

די לאנדעס־ארגאניזאציע פון די בוי־ארבעטער איז די יינגסטע פון אלע עקזיסטירנדיקע לאנדעס־ארגאניזאציעס, און די ערשטע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן (אין אפריל 1946), אויפן יסוד פון באשלוס פון דעם זעקסטן הסתדרות־צוזאמענפאר. ביז דאן זיינען געווען ארטיקע פאראיינען פון בוי־ארבעטער אין אלע שטעט און מושבות, אָן א שטענדיקער פארבינדונג צווישן זיי.

די ארבעטס־פארמען אין בוי־פאך זיינען ענלעך אין אלע ערטער, א גרויסער צאָל ארבעטס־געבער זיינען טעטיק אין לאנדעס־מאסשטאב און פילע פון די בוי־ארבעטער וואנדערן פון אָרט צו אָרט; פונדעסטוועגן איז ביז איצט ניט געווען קיין ארגאניזאציאנעלע ראם, וואָס זאָל פארבינדן אלע בוי־ארבעטער אין לאנד, אויסאר־

בעטן איין שיטה פון ארבעטס־באדינגונגען, רעפרעזענטירן די בוי־ארבעטער און זאָרגן פאר זייערע פראָפעסיאָנעלע, קולטורעלע און אנדערע נויטן.

די נויטיקייט צו פאראייגהייטלעכן דעם לוין און ארבעטס־באדינגונגען אין גאנצן לאנד האָט געבראכט דערצו, אז ס׳זיינען געמאכט געוואָרן געמיינזאם פארשייי־דענע וויכטיקע טריט, נאך איידער ס׳איז געגרינדעט געווארן די לאנדעס־ארגאניזא־ציע. ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַן איינהייטלעכער טאָג־פרייז פאר אלע בוי־ארבעטער אין לאנד, און ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן א פארזיכערונגס־קאסע פאר אלע בוי־ארבעטער (קרן לביטוח פועלי הבנין). אירע צילן: אורלויב, פרייע קראנקן־טעג, צוגאב־אָפצאָל אין אומגליקס־פאלן ביי דער ארבעט, אַרבעטער־קאסע פאר הילף־צוועקן. זי האָט שוין א קאפיטאל פון א האלבן מיליאָן פונט, און די בוי־ארבעטער געניסן שוין דעם צווייטן יאָר פון איר טעטיקייט.

# ד י א ר ב ע ט ע ר י ן

רחל קאצענעלסאן

## וועגן דער ארבעטערינס-באוועגונג

קען ביים היינטיקן טאָג עקזיסטירן אין דער וועלט א קעמפנדיקע, פארווירקלעכנדיקע און פאָראויס־מארשירנדיקע ארבעטער־באוועגונג אָן א באוועגונג פון ארבעטער־פרויען? די ארבעטערין איז ארייננעדרונגען אין ס׳רוב ארבעטס־צווייגן, מיליאָנען מוטערס זעצן פאָר זייער ארבעט מחוץ פון זייער היים, און אין יעדן ארבעטס־ווינקל און אין אלע לעבנס־פאָרמען באגלייטן דעם ארבעטער די באזונדערע פראָבלעמען פון די ארבעטער־פרויען, און אָן דער אנשטרענגונג פון דער ארבעטערין אליין, וועלן ז׳י פראָבלעמען ניט ווערן געלייזט.

פון וואנען זיינען ארויסגעוואקסן די באזונדערע פראגן פון דער ארבעטער־פרוי? פון וואנען זיינען געקומען אירע באזונדערע צושטאנדן, באדינגונגען און באציאונגען? — פון דער פארשקלאפונג פון דורות, פון דעם דראנג פון הערשנדיקן רעזשים צו עקספלואטירן דעם שוואכן; פון דעם צוואנג צו פאראייניקן לוין־ארבעט מיט די אויפגאבן פון מוטער־שאפט; פון דעם מאנגל פון גלויבן ביי דער פרוי אין אירע כוחות — אויך דאָס איז א רעזולטאַט פון דורות קנעכטשאפט.

און אין ארץ־ישראל זיינען צו דעם אלעם נאָך צוגעקומען באזונ־דערע שוועריקייטן; ווייל דאָס איז א לאנד פון עליה, ווייל די נייע ארבעטער־פרוי, וואָס קומט אין לאנד, איז ס׳רוב ניט געווען קיין ארבע־טערין און דאָ דארף זי זיך צופאסן צו נייע לעבנס־באדינגונגען; ווייל מיר זיינען ארומגערינגלט מיט ביליקער ארבעט, וואָס קאָנקורירט מיט דעם ארבעטער וואָס האָט קולטורעלע באדערפענישן; ווייל אויך דאָס יונגע מיידל־קינד קאָנקורירט דאָ מיט דער דערוואקסענער ארבעטערין, ווייל עס פעלט דאָ אַן ארבעטער־שוץ־געזעץ, וואָס זאָל אנטשפרעכן דער ווירקלעכ־קייט אין לאנד.

אָבער ארץ־ישראל איז אויך געווען דאָס לאַנד, וואָס האָט ארויס־געהאָלפן דער ארבעטערין אין איר קאמף מיט די אלע שטערונגען. דאָס גרויסע ווערק, וואָס מיר בויען אויף אין לאַנד, רופט ארויס צום לעבן כוחות פון אָרגאַניזאַציע, דיסציפּלין, קעגנזייטיקער הילף און ווילן צו בויען און דעראָבערן אין אַלע ווינקעלעך פון אונזער לעבן — איינגעשלאָסן אויך צווישן די ארבעטערינס.

עדה פישמאן

## דאָס אייגנאַרטיקע אין אונזער באַוועגונג

די חלוצישע ארבעטערינס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל אונטערשיידעט זיך פון דער באַוועגונג פון די ארבעטנדע פרויען אין דער וועלט, פונקט ווי די חלוצישע ארבעטער־באַוועגונג אונטערשיידעט זיך פון דער ארבע־טער־באַוועגונג אין דער גרעסערער וועלט. דער הויפּט־אונטערשייד באַשטייט דערין, וואָס ביי נאָרמאַלע פעלקער, מיט א באַשטימטער עקאָנאָמישער סטרוקטור און אַן אַלטער ארבעטס־טראַדיציע, דריקט זיך אויס די פרויען פראַגע בעיקר אין קאַמף פאַר רעכט אויף ארבעט און פאַר פּאָליטישע רעכט אין דער הערשנדער לעבנס־אָרדנונג. דאַקעגן אין ארץ־ישראל איז די אויפגאַבע פון דער ארבעטנדער פרוי, אין דער ערשטער ריי — דורכ־צופירן צוזאַמען מיטן יידישן ארבעטער די ריזיקע רעוואָלוציע פון צוריק־קערן א פאָלק צו לאַנד און ארבעט, פירנדיק אים צו זיין עקאָנאָמישער און נאַציאָנאַל־קולטורעלער באַפרייאונג, צום אויפשטעלן א זעלבסטשטענדיקע פּאָליטישע עקזיסטענץ. די טעטיקייט פון דער ארבעטנדער פרוי אין ארץ־ישראל, איז אלזאָ, אַן אָרגאַנישער טייל פון דער שעפערישער טעטיקייט פונם יידישן ארבעטער פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם.

אויב די טראַגישקייט פון דער יידישער פרוי אין גלות איז אין משך פון דורות באַשטאַנען הויפּטזעכלעך אין דער רעכטלעך־רעליגיעזער און מאָראַלישער אומגלייכקייט, — איז מיטן אָנקום פון דער ערשטער חלוצה אין לאַנד געעפנט געוואָרן א נייע היסטאָרישע בלאַט אינעם לעבן פון דער יידישער פרוי, וועלכע האָט אָנגעהויבן לייגן דעם וועג צו איר באַפרייאונג און רעכט אויף ארבעט.

פאַר דער יידישער פרוי, וואָס איז אָנגעקומען אין ארץ־ישראל, האָבן זיך געשטעלט פראַגן, וועלכע זי האָט פריער ניט געקאָנט. פעלד און בוי־

ארבעט, אינדוסטריע, פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען און רעכט, דער פּראָצעס פון קולטורעלער באַנייאונג און אויפלעבונג פון דער שפּראַך — אומעטום האָבן זיך באַוויזן אין ארץ־ישראל די ערשטע כאַראַק־טעריסטישע סימנים פון דעם פרויען־פּראָבלעם, ווי אין דער גאַנצער וועלט. די צייכנס פון טראַדיציע און געוואוינהייטן פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג האָבן זיך אויך דאָ געלאָזט פילן. מען האָט ניט באַטראַכט די פרוי אַלס א פולבאַרעכטיקטע. זי איז פאַרשטופּט געוואָרן צו געוויסע פאַכן, ווי קיך און באַדינונג, און נאָר א דאַנק דעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז גאָר אין גיכן איבערגעריסן געוואָרן די אַנט־וויקלונג פון דער דאָזיקער אָנגענומענער טראַדיציע.

אויב די פרויען־פראַגע אין ארץ־ישראל האָט ביז איצט ניט געפונען איר אַנטשיידענע לייזונג, און עס באַווייזט זיך דאָ און דאָרטן א ווילן צו באַגרענעצן די רעכט און אַרבעט פון דער פרוי, — קאָן מען אָבער זאָגן, אַז פּרינציפּיעל ווערט די אַרבעטנדע פרוי אין ארץ־ישראל גערעכנט אַלס א גלייכבאַרעכטיקטע חברה אין דער אַרבעטס־באַוועגונג, מיט גלייכע פליכטן ביי דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. דער היסטאָריקער, וואָס וועט אָפּ־שאַצן דאָס קאָנסטרוקטיווע סאָציאַלע ווערק פון דער אַרבעטס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל, וועט געוויס באַצייכענען דעם דערמוטיקנדיקן פאַקט, אַז די דאָזיקע באַוועגונג האָט טראָץ אַלע אינערלעכע שטרייטן, אין א גרויסער מאָס צעבראָכן די דורות־אַלטע וואַנט צווישן ביידע געשלעכטער, אינדער־צייט, ווען אין אַנדערע ערטער ברעכט די פרוי שווער און פּאַמעלעך די דאָזיקע טראַדיציאָנעלע וואַנט אויפן וועג צו איר באַפרייאונג.

יהודית שמחונית

## די אַרבעטערינס-באַוועגונג און אירע אויפטועו

### א. עטאַפּן פון אַנטוויקלונג

די אַרבעטערינס־באַוועגונג הויבט אָן איר געשיכטע אין ארץ־ישראל פון דער צווייטער עליה, — פונם טאָג, ווען ס׳איז אָנגעקומען די ערשטע יידישע מיידל מיט דער כוונה צו אַרבעטן.

אין דער ליטעראַטור פון דער אַרבעטס־באַוועגונג זיינען פאַראַן באַלערנדיקע קאַפּיטלעך וועגן דעם קאַמף פונם יידישן אַרבעטער פאַר דעראָבערן אַרבעט (כיבוש העבודה) אין די קאָלאָניעס פון יהודה. אָבער

אויב מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויפֿן קאַמף פֿון דער אַרבעטערין פֿאַר אַן אַרבעטס־פּלאַץ, מוזן מיר צוגעבן, מיט וואָס פֿאַר אַ פֿאַרדאַכט ס׳איז דאַ־מאָלט באַגעגנט געוואָרן יעדע מיידל, וואָס האָט פֿאַרלאָזן איר עלטערן־הויז און געקומען אין לאַנד אַריין; יעדע יידישע מיידל, וואָס האָט געוואָלט לעבן פֿון איר אייגענער אַרבעט, איז באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ מאָדנע דער־שיינונג, און גרויס איז געווען דער אומצוטרוי צו אירע פֿיזישע כּוחות און איר פֿעאיקייט צו אַרבעטן צווישן אַראַבער און אין חלוציש באַדינגונגען בכלל. פֿיל איז גערעדט געוואָרן וועגן דער איינזאַמקייט פֿונם אַרבעטער אין די צייטן פֿון דער צווייטער עליה, אָבער די איינזאַמקייט פֿון דער אַרבעטערין איז געווען אַ דאָפּלטע, ווייל ניט נאָר פֿאַרן יידישן פּרדס־באַזיצער און זיין פֿרוי, נאָר אויך פֿאַר די יידישע אַרבעטער איז געווען אומפֿאַרשטענדלעך די שטרעבונג פֿון דער אַרבעטערין צו אַרבעטן דווקא ביי לאַנדווירטשאַפֿט.

מיט דער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע סימנים פֿון זעלבסשטענדיקייט און געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזירונג צווישן די אַרבע־טער. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גיין קיין גליל. אויך די נאַציאָנאַלע פֿירמעס האָבן אַריינגענומען ערד־אַרבעטער, אָבער די אַרבעטערין האָט אומעטום באַקומען נאָר קיך־אַרבעט אין די שווערסטע באַדינגונגען און אָן שום באַפֿרידיקונג פֿון דער אַרבעט. בלויז אין איינצלנע ערטער, ווי כּנרת, סעדזשערא, אום־ג׳וני — זיינען חברות טיילווייז אַריינגעדרונגען אין ערד־אַרבעט. אין די תּבֿואה־פֿעלדער פֿון גליל איז ניט געווען קיין אָרט פֿאַר חברות און מ׳האָט געדאַרפֿט אַריינפֿירן נייע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע צווייגן, צוגעפּאַסט פֿאַר זיי. פֿון דער אַנדערער זייט האָבן די חברות ניט געהאַט קיין לאַנדווירטשאַפֿטלעכע הכשרה און האָבן זיך דעריבער ניט געקענט אונטערנעמען צו אַנטוויקלען נייע צווייגן אין דער ווירטשאַפֿט. אַזוי האָבן זיי דערפֿילט, ווי וויכטיק עס איז פֿאַר זיי פֿריערדיקע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע הכשרה.

אין יאָר 1911 איז אין כּנרת אויפֿגעשטעלט געוואָרן דער ערשטער אַנשטאַלט פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿטלעכע הכשרה — די לערן־פֿערמע פֿאַר מיידלעך, אונטער דער לייטונג פֿון חנה מייזל. די הכשרה אין גערט־נעריי און פּלאַנצונגען, היגערצוכט און ד. גל. האָט פֿאַרשטאַרקט ניט נאָר די שטעלונג פֿון דער חברה אין דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער קבֿוצה און איר גלויבן אין די אייגענע כּוחות, נאָר אויך געהאָלפֿן איר אין קאַמף מיט דער אַרבעטסלאָזיקייט. די חברות, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די הכשרה אין דער פֿערמע, האָבן געשאַפֿן קערנדלעך פֿאַר די מיידלעך־קבֿוצות אין כּנרת, מרחביה, שרונה, מתולה, טבריה, פּתח־תּקוה, בן־שמן, עקרון און אַנדערע

ערטער. דאָס זיינען געווען צייטווייליקע גרופּן, וואָס האָבן זיך הויפּטזעכ־לעך אויסגעהאלטן פון גערטנערײ אויף ארענדירטע באָדן־שטחים. אָן א שטענדיקן באָדן און אָן א ווירטשאפטלעכן פּלאַן, האָבן די דאָזיקע קבוצות זיך ניט געקאָנט האלטן, אבער גרויס איז געווען זייער מאטעריעלער ווערט אין דער מלחמה־צייט, ווען די פּרנסה־מקורות האָבן זיך אויסגעשעפּט, און נאָך גרעסער איז געווען זייער מאָראלישער ווערט, ווייל זיי האָבן געדינט אלס לעבעדיקער מוסטער פאר דער פעאיקייט פון דער ארבעטערין אליין זיך אויסצוהאלטן פון ערד־ארבעט.

די ערשטע שפּראָצונגען פון דער באוועגונג: נאָר געציילטע חברות זיינען געווען אין דער ארבעטער־מחנה צו יענער צייט (6—7 פּראָצענט), און איינזאם זיינען זיי געווען אין זייערע ראַנג־לעכישן. די ווירקלעכקייט, אָן וועלכער זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, איז געווען אינגאנצן אנדערש, ווי זייער שטרעבונג. דאָך האָבן זיי אויף זייער שטרע־בונג ניט מוותר געווען.

פּסח 1911 — אין יאָר ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן די פּערמע — איז אין כנרת געווען די ערשטע באַגעגעניש פון ארבעטערינס, און אין יאָר 1914 איז שוין פאָרגעקומען אין מרחביה א קאָנפערענץ פון געוויילטע דעלעגאטינס, פארשטייערינס פון 209 ארבעטערינס. אין משך פון די מלחמה־יאָרן זיינען פאָרגעקומען נאָך 4 קאָנפערענצן פון ארבעטערינס אין גליל, און צווישן איין קאָנפערענץ און דער צווייטער האָט געארבעט א געוויילטער ארבעטערינס־קאָמיטעט.

די קאָנפערענצן האָבן זיך געפירט ביי געשלאָסענע טירן פאר די חברים. די אַטמאָספער פון נייגעריקייט, וועלכע האָט ארומגערינגלט די דאָ־זיקע „סודות־פולע" פארזאמלונגען, האָט ניט אָפּגעשראָקן די חברות, ווייל זיי האָבן געמוזט געמיינזאם ארומרעדן זייערע פראגן אומגעשטערט פון קיינעם.

אין די קאָנפערענצן פון סוף וועלט־מלחמה איז אויך ניט פארגעסן געוואָרן דער חשבון פון דעם עבר: ארבעטסלאָזיקייט און אָנשטרענגונגען צו שאפן פּרנסה־מקורות; די אנטווישונג פון דער חברה צוליב איר שמאָלן שאפונג־קרייז און קליינעם אָנטייל אין געזעלשאפטלעכן לעבן. אָבער נייע צייטן האָבן שוין געקלאפט אין די טויערן פונם לאנד, און די האָפענונגען אויף א באנייטע עליה און א ברייטן ארבעטס־פעלד האָבן פארפולט דאָס הארץ.

די ערשטע אלגעמיינע קאָנפערענץ: אין דער דריטער עליה האָבן די חברות געבילדעט ביי 17—18 פּראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל עולים. זיי זיינען געווען יונג און אָרגאניזירט אין קבוצי־

עליה. די הויפט־ארבעט אין יענע טעג איז געווען די ארבעט אויף די כבי־שים (שאָסעען), און דאָס רוישיקע מחנה־לעבן האָט אויף א געוויסע צייט פאַרשטעלט פאר די אויגן פון דער חברה דאָס פּראָבלעם פון דער פּרויס ארבעט. ס'האָט אָבער ניט לאנג געדויערט — און דאָס פּראָבלעם איז אויפגעשוואו־מען. בלויז א קליינעם טייל פון די חברות האָט מען באשעפטיקט אין די קיכן; די איבעריקע זיינען אריין אין פארשיידענע צווייגן פון דער ארבעט אויפן כביש. דאָ האָבן זיך פארשפּרייט קלאנגען וועגן „דעפיציטן", וואָס שטאמען פון דער ארבעט פון די חברות. כדי עס אָפּצולייקענען, האָבן די חברות געשאפן אן אייגענע אונטערנעמונג. דאָ און דאָרט האָבן די חברות פון דער דריטער עליה אָנגעהויבן זיך אָרגאניזירן אין זעלבסטשטענדיקע ארבעטס־גרופּן, כדי צו דערווייזן, אז זייער פּראָדוקציע איז ניט נידעריקער ווי די, וואָס די חברים גיבן ארויס, און אז זיי קענען זיך אליין אויסהאלטן. ס'האָט אויף זיי אָבער געדריקט דאָס פעלן פון פּאסיקער ארבעט פאר די חברות. און אזוי איז רייף געוואָרן די נויטווענדיקייט פון א צוזאמענטרעף צווישן די עלטערע חברות מיט די נייע כדי צו באשטימען ווי צו אָרגאניזירן דאָס לעבן פון דער ארבעטערין. בעת'ן גרינדונגס־צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות זיינען זיך צונויפגעקומען די דעלעגאטינס פון דעם צוזאמענפאָר (דריי — אין צאָל) און געסט, צווישן זיי עלטערע און יונגע חברות, און ס'איז באשלאָסן געוואָרן צו רופן אַן אלגעמיינע ארבעטערינס־קאָנפערענץ. פאר די עלטערע חברות איז אן אלגעמיינע ארבעטערינס־קאָנפערענץ גע־ווען בלויז א נאטירלעכע, העכערע אנטוויקלונגס־מדרגה פון דער אָרגאני־זאציע פון ארבעטערינס, וואָס האָט שוין עקזיסטירט אויך פריער. ניט אזוי האָבן עס אָבער געזען די יונגע חברות פון דער דריטער עליה, מיטגלי־דערינס פונעם „גדוד העבודה" און „השומר הצעיר". צווישן זיי זיינען געווען אזעלכע, וועלכע זיינען ארויס קעגן אָפּזונדערן די פראגע פון דער ארבע־טערין און קעגן איר ספּעציעלער אָרגאניזאציע.

י"ז אדר ב' 1921 האָט זיך אין בלפוריה געעפנט דער ערשטער אלגעמיינער צוזאמענפאָר פון די ארבעטערינס. עס האָבן אין אים אָנטייל־גענומען 43 דעלעגאטינס, פאָרשטייערינס פון 485 חברות, קרוב א העלפט פון זיי זיינען געווען פון לאנדווירטשאפטלעכע פּונקטן, און די איבעריקע — פון די עפנטלעכע ארבעטן אויף די כבישים. דער דאָזיקער צוזאמענפאָר איז געווען אנדערש פון די פריערדיקע. אלע זיצונגען זיינען געווען אָפענע, און ער איז געשטאנען אונטערן צייכן פון א באגעגניש פון צוויי דורות, וואָס האָבן א געמיינזאמע שטרעבונג. די עלטערע חברות האָבן געגעבן אַן איבערבליק איבער די פארגאנגענע יאָרן, ווען זיי זיינען געווען געציילטע אין דעם ארבעטער־כלל, און אויסגעדריקט זייער האָפנונג, אז נאָכדעם,

ווי די צאָל חלוצות איז געוואקסן, וועלן זיך פאר זיי עפענען די טויערן פון אַרבעט, און זיי וועלן דערגרייכן א פולשטענדיקע גלייכקייט אין דער געזעלשאַפט. די יונגע חברות האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן צו נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אויף אַלע לעבנסגעביטן און זייער שטרעבונג צו שעפערישער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. פיל צייט איז געווידמעט געוואָרן דער פראַגע פון קאָלעקטיווער דערציאונג פון די קינדער, וואָס איז א „וועג צו פאַרווירקלעכן די שטרעבונג פון דער אַרבעטנדער פרוי צו שאַפן א לעבן פון פרייהייט און גלייכקייט אין דער אַרבעטנדער געזעלשאַפט".

ס'איז געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם פון דער אַרבעטערינס־באַוועגונג און עס זיינען אַנגעצייכנט געוואָרן די גרונד־ליניעס פאַר איר טעטיקייט אין דער צוקונפט.

די צוזאַמענפאָרן אַלס וועגווייזער פאַר דער אַרבעטערינס־באַוועגונג: אין משך פון די 25 יאָר, וואָס די אַרבעטערינס זיינען אָרגאַניזירט, זיינען פאָרגעקומען פינף ועידות (צוזאַמענפאָרן).

די צווייטע ועידה האָט זיך געעפנט אין 1922 אין חיפה, מיטן אַנטייל פון 37 דעלעגאַטינס, פאָרשטייערינס פון 600 אָרגאַניזירטע אַרבעטערינס אין דער הסתדרות. אין דער ועידה האָבן זיך שוין געלאָזט מערקן סימנים פון ענדערונג אין דער באַציאונג פון דרויסן, אָבער עס האָט זיך נאָך געצויגן דער אינערלעכער ויכוח איבער דער עצם נויטווענדיקייט אין אַ באַזונדערער אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטערינס. די אויפמערקזאַמקייט פון דער ועידה איז געווען קאָנצענטרירט אויפן שאַפן די נויטיקע מכשירים צו אַרבעט אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט און בוי־אַרבעט. אין דער צייט צווישן דער ערשטער און דריטער ועידה זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן די משקי־הפּועלות אין נחלת־יהודה, פתח־תקוה און שכונת־ברוכוב, און מ'האָט אָנגעהויבן בויען משקי פּועלות אויך אין חדרה און עפולה; ס'האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט גרופּן, וואָס האָבן גענומען אויף זיך אויסצופירן עפנטלעכע אַרבעטן און בוי־אַרבעט (קבוצות קבלניות).

די דריטע ועידה איז זיך צונויפגעקומען אין 1926 אין תל־אביב. ס'האָבן אין איר אַנטיילגענומען 150 דעלעגאַטינס, פאָרשטייערינס פון 6000 אַרבעטערינס. די ועידה איז פאָרגעקומען אין א צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט, און ס'איז אויף איר באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַרבעטס־קאָלעקטיוון פון אַרבעטערינס (חבורות). פון ניין חבורות, וועלכן זיינען דאַן געשאַפן געוואָרן, זיינען געבליבן: דער משק הצפון אין תל־אביב און די לערן־פאַרמע אין פתח־תקוה. די דריטע ועידה האָט אָנגעהויבן שאַפן אָרטיקע אָרגאַניזאַציע־קאָמערלעך — די קאָמיטעטן פון אַרבעטערינס אין די שטעט און

מושבות. אין דער ועידה האָט מען ארומגערעדט פאָלגנדע פראגן: אָנקניפּן באַציאונגען צווישן דער מועצת הפּועלות אין ארץ ישראל מיט די ארבעטער־רינס־אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד; די ארבעט פון דער מועצת הפּועלות אין „החלוץ"; אָנקניפּן באַציאונגען מיט דער אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטישע פרויען „וויצא"; פאַרפעסטיקן די באַציאונגען מיט דער „פּיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע" אין אַמעריקע און אויפשטעלן די גרויסע ארבעטערינס־ווירטשאַפט ע י נ ו ת. דאָס זיינען די וויכטיקסטע אויפטוען פון דער באַוועגונג נאָך דער דריטער ועידה.

אין דער פ ע ר ט ע ר ועידה (1932) האָבן אָנטייל גענומען 111 דעלעגאַטינס, פאָרשטייערינס פון 12000 ארבעטערינס. די ועידה איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון וואוקס פון דער צאָל פון לוין־ארבעטערינס אין די שטעט און מושבות. די פראגע פון אָרגאַניזירן די פאַכן, אין וועלכע עס קאָנצענטרירט זיך די מערהייט ארבעטערינס (ווי הויז־ווירטשאַפט, רעסטאָראַנען, קאַרטאָנאַזש, שניידעריי א. ד. גל.), האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. צום ערשטן מאָל האָט מען געהערט אויף אַן ארבעטערינס־קאָנפערענץ אַ פאָרטראַג וועגן געזעצן צו שיצן די פרויען־ארבעט. ס'איז געשטעלט געוואָרן די פראגע פון „פרויען פון הסתדרות־מיטגלידער" און ס'איז געגעבן געוואָרן דער שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון די "ארגוני אמהות עובדות" (אָרגאַניזאַציעס פון ארבעטנדע מוטערס).

דאַמאָלסט איז אויך אויפגעשוואוּמען די פראגע וועגן אַנשטאַלטן פאַר קינדער פון ארבעטנדע מוטערס; ס'האָט זיך אויך דערוועקט די זאָרג פאַרן צווייטן דור פון ארבעטערינס אין לאַנד — די זאָרג פאַר דער ארבעטנדער מיידל.

אין יענער צייט איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער ערשטער „בית החלוצות" אין חיפה, און אַזוי ארום איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטער פאַר דער פאַך־בילדונג אין די פאַרשיידענע צווייגן פון אינדוסטריע און מלאכה.

רייפקייט און אייגנוואָרצלטקייט האָט באַצייכנט די באַוועגונג, ווען זי האָט זיך צונויפגעזאַמלט צו דער פ י נ פ ט ע ר ועידה (1942), מיט 351 דעלעגאַטינס, פאָרשטייערינס פון העכער 58.000 ארבעטערינס. ס'זיינען געווען די טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און הינטער דער באַוועגונג זיינען געווען יאָרן פון קאַמף מיט ארבעטסלאָזיקייט, עקאָנאָמישן קריזיס און אומרוען. אין דער צייט צווישן דער פערטער און פינפטער ועידה איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער „ארגון אמהות עובדות", וואָס האָט אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט; עס זיינען געגרינדעט געוואָרן „בתי־חלוצות" אין תל־אביב און פתח־תקוה; עס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען דער „דבר הפּועלת" און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרצווייגטע קולטור־

רעלע טעטיקייט. טויזנטער חברות טראָגן דעם יאָך פון דער מלחמה אין דער אינדוסטריע, אין דער לאַנדווירטשאַפט און אין ארבעטס־מחנות, און הונדערטער חברות מעלדן זיך פריַיוויליק — צום פארטיידיקונגס־דינסט אין זייַנע פארשיידענע פאָרמען.

די זאָרג פארן גורל פון די יידישע קינדער, די גזירות פונם „ווייסן־בוך", דאָס פארטרייַבן מעפּילים פון די ברעגעס פון לאַנד — האָבן צוגע־גרייט די באַוועגונג צו פּאָליטישער טעטיקייט. ווען ס'איז דערגאַנגען צו דער ועידה די ידיעה וועגן דעם אומגליק פון „סטרומא", האָט זי תיכף איבערגעריסן אירע זיצונגען, און די חברות זייַנען ארויס אין געשלאָסענע רייען אין די גאַסן פון תל־אביב — צו אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע.

די פינפטע ועידה וועט פארשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון דער באַוועגונג, אלס די ועידה פון פרייוויליקער מאָביליזירונג אין דער ארמיי. אין איר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן די חברות, וואָס האָבן וואָלונ־טירט צו דער הילפס־דינסט פון פרויען אין דער ארמיי, און פון איר איז ארויס דער רוף פון דער באַוועגונג צו מאָביליזאַציע פון די חברות.

### ב. די חברות פון דער הסתדרות

ווער זייַנען די חברות פון דער הסתדרות, און וואָס זייַנען די הויפּט־פּראָבלעמען, וואָס באַשעפטיקן זיי?

די צאָל חברות פון דער הסתדרות איז אין אָנהויב 1947 דערגאַנגען צו 75.000, און זי באַשטייט פון דריי הויפּט־חלקים: חברות אין דער התישבות, לוין־ארבעטערינס, און חברות וואָס ארבעטן ביי זיך אין הויז.

ארום 13.000 חברות געפינען זיך אין דער התישבות, אין קיבוצים און מושבי־עובדים, און מען קען זאָגן, אז די דערגרייכונגען פון דער חברה אין דער לאַנדווירטשאַפט געהערן צו די גרויסע דערגרייכונגען פון דער ארבעטנדער פרוי אין אונזער צייט.

די ערשטע התחלות פון דער ארבעטערינס־באַוועגונג אין ארץ ישראל זייַנען געווען אין דער לאַנדווירטשאַפט, און אויך הייַנט זייַנען אונזערע חברות אין דער לאַנדווירטשאַפט פאַר דער באַוועגונג א טרייער מקור פון חלוצישע מעשים, מיט זייער שטענדיקער גרייטקייט אויפצונעמען די עליה און אויספירן יעדע חלוצישע שליחות, גייַן אויף נייַע קאָלאָניזאַציע־פּונקטן, שטייען אין די רייען פון דער הגנה, אנטוויקלען קעגנזייטיקע הילף.

סיי אין קיבוץ, סיי אין מושב באַשטייט א ספּעציעלע פראַגע פון דער חברה. אייַנהיטן די ארבעטס־פּאָזיציעס אין דער לאַנדווירטשאַפט און דערהויבן די צווייַגן פון הויז־ווירטשאַפט צו א מדרגה פון אַן ארגאַניזירטן און בכבודיקן פאַך — דאָס זייַנען די פּראָבלעמען וואָס באַשעפטיקן די־

חברות אין דעם קיבוץ. פון דער אנדערער זייט באשעפטיקן די חברה אין מושב די פראגן, ווי אזוי צו אָרגאניזירן איר ארבעטסטאָג, קעגנזייטיקע הילף צווישן חברות און ווי אזוי אָפּצוהיטן די פארבינדונג צווישן דער חברה און דער געזעלשאפט. סיי אינם מושב עובדים, סיי אין קיבוץ, דריקט זיך אויס די געזעלשאפטלעכע ארבעט פון דער חברה בעיקר אין באשטימטע געביטן: דערציאונג, קולטור, זאָרג פארן חבר. און הגם עס זיינען דאָ ער־טער, וואו די חברה דערשיינט אלס אַן אקטיווער מענטש אין אלע פאר־אַנטוואָרטלעכע ענינים פון דער אָנפירונג פון דער ווירטשאפט און פון דער געזעלשאפט, — פאָדערט זיך נאָך פונדעסטוועגן א גרויסע דערציערישע טעטיקייט ביז מיר וועלן דערגיין אין יעדן ישוב צו א פולער אנטפלעקונג פון די כוחות פון דער פרוי, אלס א מיטגליד אין דער געזעלשאפט מיט גלייכע פליכטן און גלייכע רעכט.

די צאָל פון די לוין־ארבעטערינס אין שטאָט און אין דער מושבה דערגרייכט ארום 19.000. העכער א דריטל פון די דאָזיקע חברות איז באשעפטיקט אין אינדוסטריע און מלאכה, ארום א דריטל — ביי פרייע פּראָפעסיעס (אָנגעשטעלטע, לערערינס, מעדיצין און ענלעכע), און די איבעריקע — אין באדינונג (הויז־ווירטשאפט, רעסטאָראַנען און האָטעלן, א. א.). ס׳איז געווען א צייט, ווען די פרדסים האָבן באשעפטיקט טויזנטער חברות, און צווישן די 5.500 חברים, וואָס זיינען געווען באשעפטיקט מיטן איינפּאקן די ציטרוס־פּרוכטן, איז דאָס רוב געווען ארבעטערינס.

אין דער מלחמה־צייט האָבן זיך די אינדוסטריע און מלאכה פאר־ברייטערט און אריינגענומען פיל ארבעטערינס. גרויס איז די צאָל פרויען, וועלכע מוזן ארבעטן און פארדינען אויך נאָך דעם, ווי זיי האָבן חתונה, און אויך נאָכדעם, ווי זיי ווערן מוטערס. די אינדוסטריע־ארבעטערינס זיינען אָרגאניזירט אין די אלגעמיינע פּראָפעסיאָנעלע פאריינען, אָבער די טעטיקייט פון די פאריינען נעמט ניט ארום אלע ענינים, וואָס זיינען באזונדערס וויכטיק פאר דער ארבעטערין און מוטער, ווי: זאָרג פאר פאך־אויסבילדונג, אָנשטענדיקער מינימום־לוין פאר דער ארבעטערין, גלייכער לוין פאר גלייכע ארבעט, זאָרג פאר באדינגונגען, וואָס זאָלן דערמעגלעכן דער אַרבעטערין פאָרצוזעצן די ארבעט אויך נאָכדעם, ווי זי ווערט א מוטער. מען מוז אונטערשטרייכן, אז די מחלקות הפועלות (פרויען־אָפּטיילונגען ביי די ארבעטער־ראַטן) האָבן באדייטנד פארטיפט און פאר־ברייטערט די טעטיקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען צווישן זייערע חברות.

43.000 — איז די צאָל הסתדרות־מיטגלידערינס, וועלכע ארבעטן ביי זיך אין הויז. פיל פון זיי גייען ארויס אויף טיילווייזע אָדער צייטווייי־

ליקע ארבעט אויך אויסער זייער הויז, ווייל די ווירקלעכקייט אין לאנד דער־מעגלעכט ניט פאַרלויפיק דער ארבעטער־משפחה אויסצוהאלטן זיך אָן א צוגאָב־פארדינסט פון דער חברה, פון דער אנדערער זייט פעלן אין לאנד די באדינגונגען, וועלכע זאָלן דערמעגלעכן דער פרוי ארויסצוגייען צו שטענדיקער לוין־ארבעט.

די ארבעטערינס־באוועגונג האָט שוין אין אירע ערשטע ועידות אויפגעהויבן די פראגע פון דער ארבעטנדער משפחה, ווייל זי האָט אין איר געזעען דאָס ערשטע הסתדרות־ישע קעמערל. די באַוועגונג האָט ניט פארזעען די אויפגאבע פון דער פרוי אלס מוטער און „בעל־בית׳טע" און האָט איר דאָזיקע ארבעט געהעריק אָפּגעשאצט. גלייכצייטיק האָט די באוועגונג ניט אויסגעמיטן די פראגן, וועלכע דערוועקן זיך צוליב דער פרויס עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט פונם חבר. די באוועגונג האָט געזען, אז די דאָזיקע באדינגונגען קענען פארשמעלערן דעם האָריזאָנט פון דער חברה, קענען זי אָפּרייסן פון די עיקרדיקע ווערטן פונם ארבעטער־כלל און באגרעניצן אירע מעגלעכקייטן צו דערציען די קינדער און צו שאפן א לעבנס־שטייגער, אין גייסט פונם ארבעטנד־קן ארץ־ישראל.

די פראגע איז פארשארפט געוואָרן מיטן פארמערן זיך פון די משפחות אין לאנד און מיטן וואוקס פון דער צאָל ארבעטערינס, וואָס זיינען באשעפטיקט אין זייער הויז־ווירטשאפט, און די מועצת הפועלות האָט ניט אויפגעהערט צו באהאנדלען די פראגע, ווי אזוי צו העלפן דער „פרוי פונם חבר" אין אירע ראנגלענישן אלס ארבעטערין און מוטער, מאכן פון איר ווידער א טעטיקע חברה פון דער געזעלשאפט, פארוואנדלען איר היים אין א לעבעדיק און דערציעריש קעמערל פון דער הסתדרות, אַנט־פלעקן אירע כוחות און איר איניציאטיוו.

פון דער דאָזיקער זאָרג איז אויסגעוואקסן דער „ארגון אמהות עובדות", וועלכער טראָגט דאָס וואָרט פון דער הסתדרות אין די שכונות (קווארטאלן) און פאַרשטעט אריין, צו דער עולָה און צו דער חברה פון די מזרח־לענדער. „ארגון אמהות עובדות" איז א טייל פון דער ארבעטערינס־באוועגונג און אונטערליגט דירעקט דער מועצת הפועלות.

### ג. די לאנדווירטשאפטלעכע הכשרה

די לאנדווירטשאפט איז געווען דער ערשטער ארבעטס־צווייג, וועלכן ס׳האָט עראָבערט דער יידישער ארבעטער אין ארץ־ישראל, ווייל אין איר האָט ער געזען דעם יסוד פון דער ווידעראויפלעבונג פונם פאָלק אין זיין לאנד; און אויך די ארבעטערינס־באוועגונג האָט פון אירע ערשטע טריט אָן זיך באמיט צו דעראָבערן פארשיידענע לאנדווירטשאפטס־צווייגן דורך

פריערדיקער הכשרה. פיל מי האָט די מועצת הפועלות אוועקגעלייגט ביז מען האָט אָנערקענט, אז עס זיינען טאקע נויטיק ספּעציעלע אנשטאלטן פון לאנדווירטשאפטלעכער הכשרה פאר דער ארבעטערין, און ביז זי האָט באקומען פון די קאָלאָניזיר־אינסטיטוציעס ערד און מיטלען פאר די משקי הפועלות. היינט צווייפלט מען שוין ניט אין דער וויכטיקער טעטי־קייט פון די דאָזיקע אנשטאלטן וואָס דערציען ערד־ארבעטערינס, וועלכע באקעמפן די וויסטעגישן און בויען ווירטשאפטן אין די פארשיידענע ווינקעלעך פון דער ארבעטנדער קאָלאָניזאציע. אָבער לאָמיר זאָגן אָפן: די זאך וואָלט ניט געשען, ווען עס וואָלט זיך ניט געפונען א גרופּע איבערגע־געבענע חברות, וואָס האָבן געווידמעט זייער לעבן צו בויען הכשרה־אנשטאלטן, און ווען ניט די אמעריקאנער „פּיאָנערן פרויען אָרגאניזאציע" און די אָרגאניזאציע פון ציוניסטישע פרויען „וויצא", וועלכע האָבן גע־שאפן מיטלען פאר די דאָזיקע ווערק. היינט זיינען דאָ ניין אונטערנעמונגען פאר לאנדווירטשאפטלעכער צוגרייטונג: די משקים אין נחלת־יהודה, פתח־תקוה, שכונת בורוכוב, עפולה, עיינות, אין צפון פון תל־אביב, חדרה, און די לערן־פערמעס אין פתח־תקוה און ירושלים. די ערשטע פינף געהערן צו דער מועצת־הפועלות און „וויצא" בשותפות.

ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער גרעסטער טייל שילערינס אין די אנשטאלטן פון לאנדווירטשאפטלעכער הכשרה באשטאנען פון חלו־צות פון אלע עקן גלות, און בלויז א קליינער טייל זיינען געווען געבאָרענע אין לאנד. די דאָזיקע חברות, אין עלטער פון 18—22, האָבן געארבעט 7—8 שעה און נאָך דער ארבעט פלעגן זיי באקומען לעקציעס אין די פארשיי־דענע לאנדווירטשאפטלעכע לימודים, און אויך אין עברית, תנ"ך און ליטע־ראטור. ווען די עליה איז פארקלענערט געוואָרן, און שפּעטער, ווען זי איז בכלל איבערגעריסן געוואָרן, האָט די מועצת הפועלות געווענדעט איר אויפמערקזאמקייט צו די אָרטיקע מיידלעך. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אז מיר מוזן זוכן די רעזערוון פון אונזער קאָלאָניזאציע־ווערק צווישן דער אָרטיקער יוגנט. ס'איז קיין צופאל ניט, אז דעם שטויס דערצו האָט געגעבן די עלית־הנוער פון גלות און די פּראקטיק, וואָס מיר האָבן באקומען אין אייניקע פון אונזערע אונטערנעמונגען ביים אריינגעמען און צוגרייטן יוגנטלעכע פון דער דאָזיקער עליה.

עס איז געפירט געוואָרן א ברייטע אויפקלערונגס־ארבעט פון דער מועצת־הפועלות און „וויצא" צווישן די עלטערן, לערער און שילערינס פון די עלטערע קלאסן פון די פאָלקס־שולן. אין משך פון די לעצטע 6 יאָר זיינען קאָנצענטרירט און אויסגעבילדעט געוואָרן אין די הכשרה־אנשטאלטן פאר לאנדווירטשאפט הונדערטער מיידלעך פון די שטעט, מושבות, פון די

אָרעמסטע קוואַרטאַלן און פאָרשטעט. צוליב דער ענדערונג אין צוזאַמענ־שטעל און עלטער פון די שילערינס, זיינען אויך ארייננעפירט געוואָרן גרינדלעכע שינויים אין די משקי־הפּועלות. עס איז פאַרקלענערט געוואָרן די צאָל ארבעטס־שעה׳ן און פאַרגרעסערט די צאָל לימודים־שעה׳ן און עס איז געוואַקסן די צאָל אינסטרוקטאָרן פאַר די לאַנדווירטשאַפטס־צווייגן; די משקי הפועלות זיינען ארויף אויפן וועג פון לערן־ווירטשאַפטן און שולן. דער הויפּט־ציל פון די הכשרה־אנשטאַלטן איז אָבער געבליבן — דער זעלבער: צוגרייטן רעזערוון פאַר דער התישבות.

די לאַנדווירטשאַפטלעכע הכשרה־אנשטאַלטן שטייען כסדר גרייט צו דינען דער עליה. יעדע עליה־כוואַליע פון די מזרח־לענדער אָדער פון אייראָפּע רופט זיך תיכף אָפּ אויף זיי. היינט געפינען זיך אינם רוב פון אונזערע אנשטאַלטן געמישטע יוגנט־געזעלשאַפטן, מיידלעך מיט יינגלעך צוזאַמען, וואָס זיינען געקומען פון די פאַרניכטונגס־לענדער. די עליה־יוגנט מאַכט אויס אין אונזערע ווירטשאַפטן א העלפט פון דער אַלגעמיינער שילער־צאָל. אזוי האָבן מיר אריינגענומען הונדערטער יידישע יתומים און צוזאַמען מיט די היגע מיידלעך האָבן זיי געפונען אין לאַנד א היים, וואָס וועקט זיי צו א נייעם לעבן אין פּאַטערלאַנד. עס איז פאַרווירקלעכט גע־וואָרן די שטרעבונג פון די חברות ביים שאַפן די ערשטע הכשרה פאַר מיידלעך: די משקי הפועלות זיינען פונקטן פון אינטענסיווער לאַנדווירט־שאַפטלעכער שאַפונג. דאָס אנטוויקלען פון צווייגן, צוגעפּאַסטע צו די כוחות פון דער חברה, האָט שטאַרק געהויבן די פאַרשיידנאַרטיקייט און קולטור פון דער אגראַר־ווירטשאַפט אין לאַנד בכלל.

### ד. פאַך־בילדונג אין שטאָט און מושבה

די מועצת הפועלות האָט געוואוסט צו זאָרגן אויך פאַר די באַדערפ־נישן פון דער ארבעטערין אין שטאָט און מושבה און אויסצוברייטערן דורך פאַך־בילדונג אירע ארבעטס־מעגלעכקייטן. עס זיינען ניט איינמאָל פאַר־ווישט געוואָרן די גרענעצן צווישן די הכשרה־טעטיקייטן און דעם קאַמף מיט ארבעטסלאָזיקייט צווישן די ארבעטערינס. אָפט האָט די ארבעטערין געפונען אן ארבעטס־פּלאַץ אדאַנק איר צוגרייטונג, און אָפט האָט די אויסבילדונג געדינט אלס גרונד צו שאַפן פאַר איר א נייעם באַשעפטי־קונגס־צווייג.

מיט גרויס מי איז בשעתו געלונגען דער מועצת הפועלות אריינ־צופירן די נייע עולה אין אנטשפּרעכנדע פאַכן ביי בוי־ארבעט, מאַלע־ריי, מאָזאַיק, גלעזעריי, א. א.

אין די יאָרן פון קריזיס און ארבעטסלאָזיקייט איז דער הכשרה־קרייז

פארברייטערט געוואָרן און האָט אַרומגענומען אויסער די ארבעטערינס פון שטעט און מושבות, אויך חברות פון די קיבוצים און יונגע מושבים, מוטערס באשעפטיקטע אין זייער הויז און ארבעטנדע מיידלעך. דער היקף פון דער אויסבילדונג אין יענע יאָרן האָט דערגרייכט 1500 חברות א יאָר, און די פראָגראַם האָט זיך שטארק פארברייטערט. אלס צענטער פון דער אויסבילדונגס־טעטיקייט האָבן געדינט די בתי החלוצות.

דער בית החלוצות איז לכתחילה געבויט געוואָרן פאר דער נייער עולָה, וואָס קומט אין ארץ, אָן א פארבינדונג מיט א משפחה אָדער קאָלאָניזאטאָרישער באוועגונג. דער ציל פון דעם אנשטאלט איז געווען: געבן דער נייער עולָה באקוועמע און ביליגע וואוינונגס־באדינגונגען, ביז זי וועט זיך איינאָרדנען ביי ארבעט. דער געדאנק פון די „בתי חלוצות" איז דורך אונזערע שליחות געבראכט געוואָרן צו דער „פרויען־ליגע פאר ארץ־ישראל" אין ניו־יאָרק, וועלכע האָט זיך דערמיט פאראינטערעסירט. אין משך פון די לעצטע 15 יאָר איז דער פרויען־ליגע, צוזאמען מיט דער מועצת הפועלות, געלונגען אויפצושטעלן בתי־חלוצות אין תל־אביב, חיפה און ירושלים, און יעצט בויט זיך א פערטער בית חלוצות אין נתניה. אין די בתי החלוצות איז פאראן אָרט פאר 600 חברות. פאר דער גאנצער צייט ביז איצט זיינען דורך די בתי החלוצות דורכגעגאנגען ארום 8000 איינוואוי־נערינס. זיי האָבן דאָ געפונען פיל מער ווי א צייטווייליקע דירה. דער בית החלוצות איז פאר זיי געוואָרן א היים, וואָס דערציט זיי צו ארבעט און פאך, דערנענטערט זיי צום לעבן פונם לאנד און ברענגט זיי צו דער הסתדרות. ער זאָרגט פאר זיי אין פאל פון ארבעטסלאָזיקייט און קראנק־הייט, לערנט זיי עברית און באמיט זיך בכלל צו שאפן פאר זיי א קולטור־רעלן געזעלשאפטלעכן לעבן.

מיט דער צייט האָבן די בתי החלוצות אָנגעהויבן צו געבן פאך־בילדונג ניט בלויז זייערע איינוואוינערינס און זיי האָבן זיך פארוואנדלט אין וויכטיקע, זעלבסטשטענדיקע אונטערנעמונגען פאר ארבעטערינס: ווארשטאטן פאר וועבעריי, שניידעריי, איינבינדעריי, שפינעריי, שוסטעריי און ענלעכע. ארום די בתי החלוצות האָבן זיך קאָנצענטרירט פאך־קורסן פאר דערוואַקסענע חברות און מיידלעך. אין דער מלחמה־צייט זיינען אין די בתי־החלוצות איינגעאָרדנט געוואָרן ווארשטאטן פאר פרויען פון סאָל־דאטן און שניידעריי־שולן פאר מיידלעך.

### ה. הכשרה פאר מיידלעך

די מועצת הפועלות האָט אָנערקענט, אז עס פאָדערט זיך א ספעצ־יעלע זאָרג פאר דער ארבעטנדער מיידל ניט ווייניקער, ווי פאר דער דער־

וואקסענער ארבעטערין, און אז מען דארף דעריבער באשטימען ביי די גרע־סערע פונקטן פון „הנוער העובד" (אָרגאניזאציע פון דער ארבעטנדער יוגנט) חברות־סעקרעטערינס פאר די ענינים פון מיידלעך. די סעקרעטע־רינס, וועלכע פירן אָן מיט די סעקציעס פון די מיידלעך אין די פּאָפּעסיאָ־נעלע פאריינען, אַקטיוויזירן זיי אָנטיילצונעמען אינם לעבן פון „הנוער העובד", פונם פראַפ. פאריין און פונם ארבעטס־פלאַץ און האלטן אויף די פאַרבינדונגען מיט דער לשכת־הפועלות (ארבעטערינס־ביוראָ).

די אויסבילדונגס־טעטיקייט צווישן ארבעטנדע מיידלעך ווערט גע־פירט ביי דער שטענדיקער מיטארבעט פון „הנוער העובד" און נעמט ארום יערלעך הונדערטער מיידלעך. דער כאראַקטער פון די פאַך־קורסן פאר מיידלעך ענדערט זיך, לויט די באדערפעני שן פון ארבעטס־מארק.

אויסער די פאַך־קורסן און אָוונט־קורסן פאר שניידעריי האָבן די מועצת הפועלות און „הנוער העובד" אָנגעהויבן עפענען צוויי־יעריקע שולן פאר שניידעריי. דאָס זיינען טאָג־שולן, און אויסער די פאַך־לימודים באקומען דאָרט די מיידלעך אויך אלגעמיינע לימודים. אזעלכע שולן עקזיסטירן אין תל־אביב, פתח־תקוה, רחובות, חדרה און ירושלים און זיי האָבן שוין ארויסגעגעבן גוט־געשולטע ארבעטערינס.

ו. ארגוני אמהות עובדות

די סאָציאַל־דערציערישע טעטיקייט: מיטן וואוקס פון די ארבעטער־משפחות האָט די מועצת הפועלות אָנגעהויבן בויען אַנשטאַלטן פאר די קינדער פון מוטערס, וואָס זיינען באשעפטיקט אויסער זייער היים. אָבער ערשט מיטן אָרגאַניזירן די ארגוני אמהות עובדות איז פאראן דער טרעגער פאר דער דאָזיקער טעטיקייט. עס ווערן געגרינדעט טאָג־היימען פאר זויג־קינדער און קינדער ביז 3 יאָר, ווי אויך קלובן פאר קינדער פון שול־עלטער. אין דעם רוב קלובן געפינען זיך קינדער, וועלכע האָבן ניט אינדערהיים קיין באדינגונגען זיך אויסצורוען און קיין אָרט צו גרייטן די לעקציעס. ס'זיינען אויך דאָ קלובן, וואָס זייער ערשטע פליכט איז זיך צו פארנעמען מיט קינדער, וואָס געפינען זיך אויסער דער שול און צוגרייטן זיי צו א סיסטעמאטישער בילדונג. מיט דער הילף פון די קינדער־קלובן איז די הסתדרות אריינגעדרונגען אין הארץ פון דער שכונה און פון דער פאָרשטאָט. דאָס איז אויך איינער פון די וויכטיקסטע אויפטוען פון דער הסתדרות פאר די קינדער פון די מזרח־לענדער. בעת'ן שווערן קריזיס פון די יאָרן 1938—1940 האָט מען אָנגעהויבן פילן שטארקער, ווי־נויטיק איז צו ארבעטן אין א ברייטן פאַרנעם אויפן סאָציאַל־דערציערישן געביט. דער קרן חוסר עבודה האָט זיך אָפּגערופן אויף דער פאָדערונג און

אָנגעהויבן, צוזאַמען מיט דער מועצת הפּועלות און ארגון אמהות עובדות, צו שטיצן מאַטעריעל די קלובן־אַקציע. די מועצת הפּועלות האָט אָנגעהויבן עפענען סעזאָן־אַנשטאַלטן פאַר דער אַרבעטנדער מוטער אין דער מושבה אויף דער צייט פון קטיף, פירן אַ סאָציאַלע־דערציִערישע טעטיקייט אין די נייע ישובים, אָרגאַניזירן זומער־וואוינונגען פאַר קינדער, און שיקן קינדער אויף אָפּרו אין די דערפער.

לויטן צוזאַמענשטעל פון די קינדער, זייַנען די סאָציאַל־דערציִערישע אַנשטאַלטן אַ געטרייַע אָפּשפּיגלונג פון די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אינם ישוב. קינדער פון מאָביליזירטע בשעת דער מלחמה, קינדער פון עולים פון די מזרח־לענדער געניסן אין דער ערשטער ריי פון די אַנשטאַלטן. אין משך פון יאָרן זייַנען אונזערע אַנשטאַלטן פאַרפּולקאָמט געוואָרן, און די קינדער־גערטנער פון ארגון אמהות עובדות געהערן צו די בעסטע פון דער הסתדרות. די אַלע אַנשטאַלטן פאָדערן גרויסע מיטלען, און אָן אָן ערנסטער הילף מצד דער הסתדרות און די שטאָט־פאַרוואַלטונגען, איז אַ ספק, אויב אונזערע חברות וועלן טראָגן אַלע זייערע באַמיאונגען, זייַן בכוח איינצוהאַלטן זייער גאַנצן טעטיקייטס־פאַרנעם. פון דער אַנדערער זייַט, טאָר מען אָבער ניט מוותר זייַן אויף קיין איינעם פון די צענדליקער אַנ־שטאַלטן, וועלכע קאָנצענטרירן צוזאַמען קרוב 3000 קינדער.

די טעטיקייט צווישן קינדער פון עולים: אַ קאַפּיטל פאַר זיך זייַנען די קינדער־אַנשטאַלטן אין די לאַגערן פון די עולים, געקומענע פון די מזרח־לענדער. די שלעכטע וואוין־באַדינגונגען, די ענגשאַפט און די ניט־גענוגנדע סאַניטאַרע אייַנריכטונגען האָבן גאָר גיך געווירקט, און צווישן די קינדער האָט זיך פאַרשפּרייט די שטערבלעכקייט. עס זייַנען אַלאַרמירט געוואָרן די מועצות הפּועלות און „וויצא", און אַדאַנק זייער איניציאַטיוו, געמיינזאַם מיט דער הנהלת הסוכנות (עקזעקוטיווע פון דער יידישער אַגענץ), זייַנען אין צען לאַגערן אויפגעשטעלט געוואָרן קינ־דער־אַנשטאַלטן. דאָס האָט געבראַכט גלענצנדע רעזולטאַטן, די קינדער־שטערבלעכקייט האָט אינגאַנצן אויפגעהערט. די אַנשטאַלטן זייַנען געוואָרן אַ צענטער, וואָס לערנט די מוטער אין לאַגער צו דערציִען איר קינד. די עלטערן האָבן אָנערקענט די וויכטיקייט פון דעם אַנשטאַלט אַזוי, אַז מען האָט ניט געקענט שליסן די קינדער־אַנשטאַלטן אויף נאָכדעם, ווי די עולים זייַנען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער שכונה אַרייַן.

אויסער די לאַגערן זייַנען הונדערטער קינדער פון עולים אַרייַנ־גענומען געוואָרן אין די אַנשטאַלטן פון ארגון אמהות עובדות אין די שטעט און מושבות און אין די ספּעציעלע אַנשטאַלטן פאַר עולים־קינדער, וועלכע זייַנען געעפנט געוואָרן אין חיפה און תל־אביב.

אויב מען זאָל צו דער צאָל קינדער, וועלכע געפינען זיך אין דער נעץ אנשטאלטן פון ארגון אמהות עובדות, צוגעבן די קינדער, וועלכע באַ־קומען קוראציע אין אירע פארשיידענע פאָרמען — וועט זיך ארויסווייזן, אז די צאָל קינדער, מיט וועלכע דער ארגון אמהות עובדות פארנעמט זיך אין משך פון יאָר דערגרייכט קרוב 5000. אין דער סאָציאַל־דערציערישער טעטיקייט פון ארגון אמהות עובדות קומט צום אויסדרוק דאָס נאטירלעכע מוטער־געפיל פון דער פרוי, פארשטארקט און געריכטעט דורכן הסתדרו־תישן אחריות־געפיל און דער שטרעבונג צו קעגנזייטיקער הילף. די סאָציאַל־דערציערישע טעטיקייט קאָנצענטרירט די חברות ארום דעם ארגון אמהות עובדות און פילט אים אָן מיט א לעבעדיקן, ברוויזנדן אינהאלט.

אין דער הסתדרות און אינם ישוב: אין די יאָרן פון ארבעטסלאָזיקייט האָט דער א.א.ע. גענומען אויף זיך די זאָרג פאר דער משפחה פונם ארבעטסלאָזן. אדאנק דער פערזענלעכער באַרירונג מיטן ארבעטסלאָזן חבר, האָט די קעגנזייטיקע הילף באקומען אין דער הסתדרות איר ריכטיקע געשטאלט. די סאָציאלע ארבעט פון א.א.ע. האָט אים געעפנט דעם וועג צו דער אלגעמיינער טעטיקייט אינם ישוב. די פאָרשטייערינס פון א.א.ע. נעמען אָנטייל אין די קאָמיטעטן פאר סאָציאלער הילף ביים ועד הלאומי, ביי די שטאָט־ראט־אנשטאלטן און אין די באשפייזונג־קאָמיטעטן. די חברות האָבן גענומען א טיכטיקן אָנטייל אין די קאָמיטעטן צו זאָרגן פאר די משפחות פון די מאָביליזירטע, זיי זיינען טעטיק אין די עליה־קאָמיסיעס, אין דער ארבעט פארן מגבית ההתגייסות (מאָביליזאציע־שטייער פון ישוב) און פאר די נאַציאָנאלע פאָנדן. זיי זיינען געווען פון די ערשטע דורכצופירן די פאָלקס־אַקציע „ווינטער־הילף פארן גלות" און זיינען גע־שטאנען בראש פון דער אקציע פון דער ארבעטערינס־באוועגונג פאַרן קרן־קימת אין דורות — דער „יער החלוצה" (דער וואלד פון דער חלוצה). פאקטיש, איז ניטאָ קיין געביט אין אונזער געזעלשאפטלעכן לעבן, וואָס זאָל פאָדערן א ברייטע פאָלקס־טעטיקייט, וואו די חברות פון א.א.ע. זאָלן זיך ניט איינשפאנען צו דער ארבעט. אזוי איז געווען בשעת דעם קאמף פאר תוצרת הארץ (ארץ־ישראל־פראָדוקציע), און אזוי איז געווען ביים מאָביליזירן הילף פאר די לאנדווירטשאפטן, ביים מעלדן זיך פריי־וויליק צו דער דינסט פון פארטיידיקונג, ביים אָנקום פון מעפילים, און איצט — ביים אויפנעמען די עליה.

כדי אויסצופירן די פארצווייגטע ארבעט פון א.א.ע. פאָדערט זיך א גרויסע אָנשטרענגונג אויפן סאָציאַל־דערציערישן געביט און א קולטורעלע צוגרייטונג. און דעריבער באנוגנט זיך ניט דער ארגון אמהות עובדות

דערמיט, וואָס פאָרמעל געהערן צו אים די 30.000 הסתדרות־מיטגלידערינס, נאָר ער באַמיט זיך צו קומען אין א פערזענלעכער באַרירונג מיט יעדער חברה און צו פאַרוואַנדלען איר פאָרמעלע אָנגעהעריקייט צום ארגון — אין אַן אַקטיווע באַוואוסטזיניקע אָנגעהעריקייט.

### ז. אין דער מלחמה־צייט

נאָך אין דער צייט פון דער צווייטער עליה האָבן חברות אָנטייל גענומען אין דער שמירה. אמת, זיי זיינען געווען געציילטע, אָבער די צאָל חברות איז נאָך דאַן בכלל געווען א קליינע. אויך די געציילטע האָבן געדינט אלס אויסדרוק פאַרן נייעם באַוואוסטזיין פונם דור, אז עס איז די פליכט פון יעדן יידן אליין זיך צו פאַרטיידיקן אין זיין פאָטערלאַנד. די טעג פון תל־חי האָבן געשענקט דער באַוועגונג געשטאַלטן פון חברות, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן פאַר דער פאַרטיידיקונג פונם ישוב — שרה טשיזשיק און דבורה דראַכלער. חברות האָבן אָנטייל גענומען אין דער הגנה אויך אין די ירושלים׳ער געשעענישן און אין 1921 יאָר. מיט דער מאַסן־עליה און דער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל משפחות אינעם ארבעטער־כלל, איז שוואַכער געוואָרן די גרייטקייט פון חברות צו גיין אין דער הגנה, און אין די געשעענישן פון 1929 זיינען זיי געשטאַנען כמעט אויסער די ראַמען פון דער דאָזיקער טעטיקייט.

מיטן אויסברוך פון די געשעענישן אין 1936 האָט זיך אָנגעהויבן א ברויזונג צווישן די חברות אין די ארבעטער־ישובים. ווידער האָבן זיי ניט געוואָלט זיין „ווי די יידן פון גלות־שטעטל, וועלכע באַהאַלטן זיך בשעת א געפאַר אין די קעלערן און בוידעמער". פיל חברות, צווישן זיי אויך על־טערע און מאַמעס פון קינדער, האָבן אָנגעהויבן אָנטיילצונעמען צוזאַמען מיט די חברים אין דער וואַך. די קאַמפּס־גרייטקייט פון די חברות אין דער התישבות האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די חברות אין שטאָט און מושבה און זי איז געקומען צום אויסדרוק אין א גאַנצער ריי מעשים אויף דעם געביט. און ווען ס׳איז אין אָנהויב מלחמה דערקלערט געוואָרן א מאָביליזאַציע פונם ישוב, האָבן זיך צוזאַמען מיט די מענער פאַרשריבן צענדליקער טויזנטער פרויען, גרייט אויסצופילן יעדע אויפ־גאַבע. בעת ס׳איז געוואָרן ערנסט די געפאַר פון לופט־אָנפאַלן, האָבן זיך טויזנטער פרויען פריייוויליק געשטעלט צו דער לופט־שוץ־דינסט און צום „מגן־דוד־אדום". ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מאָביליזאַציע פון די מע־נער, האָט די ארבעטערינס־באַוועגונג אויפגענומען די נייע פליכטן, וועלכע זיינען געפאַלן אויף דער חברה אין דער שמירה; די באַוועגונג האָט אויך געפאָדערט די אחריות פונם כלל פאַר דער פרוי פונם מאָביליזירטן און

אירע קינדער; זי האָט עס געפּאָדערט פון זיך און פונם ישוב, גלייך ביים אָנהויב פון דער מאָביליזאַציע.

דער בשותפותדיקער גורל האָט פאַרשיידענע פרויען פאַראייניקט אינם „פאַרבאַנד פון פרויען פון די זעלנער" (ארגון נשי החיילים). אונזערע חברות זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון די אָרטיקע סניפים, און די מועצת הפּועלות האָט געהאָלפן צו אָרגאַניזירן דעם לאַנדעספאַרבאַנד. ס'איז שווער צו באַשרייבן די ליידן פון דעם זעלנערס פרוי און איר משפחה. אָבער די עקאָנאָמישע און אינערלעכע ליידן האָבן פונדעסטוועגן איר גייסט ניט איינגעבראָכן און זי האָט מוטיק געטראָגן דעם יאָך, זייענדיק אַ געטרייער שותף פונם חבר'ס פרייוויליקן אַוועקגיין אין קאַמף מיטן שונא. טויזנטער פרויען פון חיילים זיינען אין דער מלחמה געווען אמתע פרייוויליקע קעמ־פער אָן אוניפאָרם. און די מלחמה האָט די דאָזיקע חברות דערצויגן צו קעגנזייטיקער הילף און אייגענער איניציאַטיוו — עקאָנאָמישער און קולטור־רעלער. פיל פרויען, וואָס זיינען קיינמאָל ביז איצט ניט אַרויס אַרבעטן, זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט. די אַרבעטערינס־באַוועגונג איז געקומען צו הילף די פרויען פון די מאָביליזירטע מיט די אַנשטאַלטן פאַר זייערע קינדער און דורך שאַפן אַרבעטס־באַדינגונגען אין די בתי־החלוצות, הויפּט־זעכלעך פאַר יענע חברות, וועלכע ס'איז שווער געווען זיך איינצואָרדנען אין אַ פּריוואַטן אַרבעטס־פּלאַץ.

די געפאַר, וואָס האָט געדראָט ארץ־ישראל, די אָפּקלאַנגען פון דער העלדישקייט פון דער יונגער יידישער חלוצה אין גלות, דאָס נקמה־געפיל איבערן פיינד, די יידישע קאַטאַסטראָפע — דאָס אַלץ האָט אַרויס־גערופן אַ נייע כוואַליע פון פרייוויליקע צו די מיליטערישע הילפס־דינסטן. אַרום 4000 פרויען האָבן זיך מאָביליזירט, און דאָס רוב פון זיי — חברות פון דער הסתדרות. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פונם יידישן פאָלק, האָט אַ יידישע טאָכטער אָנגעטאָן מיליטער־קליידער. ניט לייכט איז געווען איר אַנטשיידונג, און ניט לייכט איז געווען די פּראָבע, וועלכע זי האָט געמוזט ביישטיין. ס'איז קודם־כל געווען אַן עקזאַמען פון אַרבעט, ווייל די חיילות זיינען פאַקטיש געווען אַרבעטערינס, — און צו געוויסע אַרבעטן, ווי פירן אַ לאַסט־אויטאָ, פאַריכטן געווער, א. ד. גל. זיינען זיי צוגעטראָטן צום ערשטן מאָל.

און דער אויפטו האָט זיך באַרעכטיקט, טראָץ אַלע פריערדיקע ספקות אויך אין דער אַרמיי. די אַרבעט פון די חיילות איז זוכה געווען צו אַ גרוי־סער אָנערקענונג. אייניקע הונדערטער חיילות זיינען דערגאַנגען אויך קיין איטאַליע, און דאָרטן האָבן זיי געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקענט פאַר די פּליטים.

ווען אונדרא האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט, האָבן צענדליקער חברות וואָלונטירט צו ארבעט אין פארשיידענע לענדער, כמעט אלע — חברות פון דער הסתדרות.

די קאַטאַסטראָפע אינם גלות האָט אונזער פאָלק געשענקט די גע־שטאלטן פון פארטיזאנער און געטאָ־קעמפער. עס שיינען ארויס פון צווישן זיי מיידלשע געשטאלטן, טייל באקאנטע, טייל אומבאקאנטע, וואָס זיינען געוואָרן מוטערס און שוועסטערס פאר דעם בינטל יידן, וואָס איז געווען אין קלעם, און אויך אזעלכע, וואָס האָבן געוואוסט צו קעמפן מיט געווער אין דער האנט. פון די טיפענישן פון פאָלק זיינען די מיידלעך ארויסגע־שוואומען, און פיל שוועסטערס האָבן זיי צווישן די פרייוויליקע אָן אונ־פאָרם, דאָ אינם ישוב, אין אלע ווינקעלעך פונם לאנד, וואו זיי אנטפלעקן זיך בלויז, ווען עס קומט זייער שעה. אזוי האָבן זיך אַנטפלעקט אויך חנה סענעש און חביבה רייק. די ברענענדע ליבע צום פאָלק און דאָס שטארקע ווילן עס צו ראטעווען — האָבן זיי באפליגלט. ווי שטערנס זיינען זיי אויפגעגאנגען און פארשוואונדן אין די טיפקייטן פון ניט־זיין, אָבער זייער ליכט וועט פארבלייבן אין דער באוועגונג און וועט אין איר שיינען אויף אייביק.

### ח. די קולטור־און ארגאניזיר־טעטיקייט

א באוועגונג, וואָס שטעלט זיך געזעלשאפטלעכע צילן און שטרעבט צו דערהויבן די חברה אלס פרט און צוגרייטן זי צו דערפילן פאראנט־וואָרטלעכע פליכטן, מוז תמיד פירן א קולטורעל־אויפקלערישע ארבעט. די קולטור־ארבעט פון דער ארבעטערינס־באוועגונג ווערט געפירט אין צוויי ראמען: אין די אנשטאלטן פאר דערוואקסענע ארבעטערינס, מיידלעך און קינדער, און דורך ארבעט צווישן די מאסן־חברות מונדלעך און שריפטלעך.

די חברות נויטיקן זיך זייער אין א קולטור־טעטיקייט. אין איר געפינען זיי דאָס, וואָס עס פעלט זיי אלס מוטערס־דערציערינס, אלס ביר־גערינס פון לאנד און דער באוועגונג, אלס טעכטער פון דער העברעישער קולטור. אין משך פון דער צייט האָבן זיך אויך קריסטאליזירט די פאָרמען פון קולטור־טעטיקייט, וועלכע אַנטשפרעכן די נייגונגען פון די חברות. עס קומען פאַר קרייזלעך פון חברות, וואָס לערנען עברית, תנ״ך, דערצי־אונגס־פראגן, ארץ־ישראל־וויסנשאפט און ענלעכע. עס עקזיסטירן אויך קרייזלעך פון „דבר הפועלת״, און אין 35 קרייזלעך, וועלכע קאָנצענטרירן הונדערטער חברות, ווערט געפירט א סיסטעמאטישע ארבעט. פון יאָר 1935 אָן פייערט די ארבעטערינס־באוועגונג דעם „אינטערנאציאָנאלן ארבעטע־

רינס־טאָג״, וועלכע איז נאָך אין יאָר 1910 באַשטימט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ פון סאָציאַליסטישע פרויען, אלס טאָג פון קאַמף קעגן מלחמה און אלס דעמאָנסטראַציע פון כוח און שטרעבונגען פון דער ארבעטנדער פרוי.

ס׳איז אונמעגלעך צו פירן די קולטור־ארבעט צווישן די חברות אָן א פּלאַנמעסיקער טעטיקייט אויף צוצוגרייטן אקטיווע טוערינס. צו דעם צוועק ווערן דורך דער מועצת הפועלות אָרגאַניזירט סעמינאַרן. דער ערש־טער לאַנדעס־סעמינאַר איז פאָרגעקומען זומער 1937. זינט דאַן זיינען פאָר־געקומען נאָך 3 סעמינאַרן. אלס רעזולטאַט האָבן זיך פאַרגרעסערט די פאָדערונגען פון די חברות אויף קולטור־ארבעט, און עס קומען כסדר צו אקטיווע חברות אויף דעם געביט. אויך די „לימודים־וואָכן״ און „לימודים־שבת׳ים״ האָבן זיך אָנגענומען ווי א געוואונטשענע פאָרם פון קולטור־ארבעט.

א לאַנגן וועג האָט די אַרבעטערינס־באַוועגונג דורכגעמאַכט ביז זי איז דערגאַנגען צו איר שטענדיקער צייטונג. אין 1929 איז דערשינען דאָס בוך פון ע ד ה פ י ש מ ן „תנועת הפועלות בארץ־ישראל״ („די ארבעטע־רינס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל״), און א העפט פאר יוגנט: „החלוצה״; אין יאָר 1930 — דאָס זאַמלבוך „דברי פועלות״ („וואָס ארבעטערינס דער־ציילן״). אין מערץ 1934 האָט אָנגעהויבן דערשיינען א מאָנאַטשריפט „דבר הפועלת״, אלס צוגאָב צו דער צייטונג „דבר״. אין די בענדער פון „דבר הפועלת״ זיינען פאַראייביקט געוואָרן די געשיכטע און אויפטוען פון דער ארבעטערינס־באַוועגונג, און ס׳איז קיין צווייפל ניט, אז זיי זיינען א וויכ־טיקע מתנה פארן אוצר פון דער ארבעטס־ליטעראַטור אין לאַנד. די ליטע־ראַטור פון דער ארבעטערינס־באַוועגונג האָט זיך באַרייכערט מיטן דער־שיינען פונם זאַמלבוך „חברות בקיבוץ״, אין דער אויסגאַבע פונם „קיבוץ המאוחד״. די דאָזיקע קאָלעקטיווע שאַפונג פון העכער הונדערט חברות איז אַ טרייער אויסדרוק פון די גייסטיקע און שעפערישע כוחות, וועלכע זיינען פאַרבאָרגן ניט נאָר אין די חברות פון קיבוץ, נאָר אין די חברות פון דער התישבות בכלל.

די דאָזיקע ברייט־פאַרצווייגטע ארבעט פון דער מועצת הפועלות ווערט אויסגעפירט דורכן סעקרעטאַריאַט פון דער מועצת־הפועלות מיט אירע פאַרשיידענע אָפּטיילונגען, מיט דער הילף פון די אָרטיקע אָרגאַני־זאַציאָנעלע קעמערלעך — די מחלקות הפועלות און די קאָמיטעטן פון דעם ארגון אמהות עובדות.

## ט. אין קאמף פאר פרינציפן

די ארבעטערינס־באוועגונג האָט געזען דעם עיקר אינם קאמף פאר די רעכט פון דער פרוי אויף ארבעט, אָבער גלייכציייטיק האָט זי געפירט אַ גאנצע רייע פון געזעלשאפטלעכע קאמפן, סיי אין ישוב און סיי אין דער הסתדרות גופא.

דאָס רעכט אויף עליה: די מועצת הפועלות האָט געקעמפט פאר א זעלבסטשטענדיקן עליה־רעכט פון דער חלוצה, אז זי זאָל ניט זיין אָפּהענגיק פונם חבר, און אויך קעגן די ספּעציעלע נאָרמען, וועלכע פלעגן באגרענעצן די צאָל חלוצות. א געטרייע פארבינדעטע פון דער מועצת־הפועלות אין דעם קאמף איז געווען די יידישע מיידל אין גלות, וואָס האָט געשטרעבט און געפונען א וועג צום „החלוץ" און צו די קיבוצי־הכשרה. די צאָל מיידלעך אין זיי איז דערגאנגען צו פופציק פּראָצענט און אויף אזא אופן איז געוואקסן דער דרוק פון זייער פאָדערונג אויף עליה. אין די יאָרן 1934—1935 האָבן די מועצת הפועלות און „וויצא" באקומען ספּעציעלע סערטיפיקאטן פאר די שילערינס פון זייערע אנשטאלטן, און אין משך פון צוויי יאָר זיינען אויף די דערלויבענישן עולה געווען הונדער־טער חלוצות און אויפגענומען געוואָרן אין די הכשרה־אנשטאלטן.

צוויי אונטערשריפטן: די מועצת הפועלות האָט געפאָדערט, אז אויף די אָפּמאכן צווישן די קאָלאָניזיר־אינסטיטוציעס (קרן היסוד און הקרן הקימת) און די קאָלאָניסטן זאָל קומען סיי די אונטערשריפט פונם חבר און סיי פון דער חברה, ווייל ביידע זיינען גלייכע שותפים אינם בוי פון דער ווירטשאפט. נאָך יאָרן פון קאמף איז דער ארבעטערינס־באוועגונג געלונגען צו באקומען די הסכמה פון הקרן הקימת און פון קרן היסוד אויף צוויי אונטערשריפטן.

דער פנקס החברה (מיטגלידס־ביכל): די הסתדרות האָט באשלאָסן: די פרוי פונם הסתדרות־מיטגליד האָט אויך רעכט צו זיין א חברה אין דער הסתדרות און ווײלן צום הסתדרות־צוזאמענפאָר און צו די ארבעטער־ראטן. נאָר עס איז לכתחילה ניט געגעבן געוואָרן דער פרוי פונם חבר קיין באזונדער מיטגלידס־ביכל און מ'האָט אויך ביי איר ניט געבעטן קיין דעקלאראציע, אז זי וויל אריינטרעטן אין דער הסתדרות. א חבר וואָס האָט חתונה געהאט, פלעגט צושרייבן אין זיין ביכל דעם נאָמען פון זיין פרוי. עלף יאָר האָט געדויערט דער משא־ומתן. איבערן פנקס החברה און ערשט אין 1937, אין צוזאמענהאנג מיט די ענדערונגען אינם מס אחיד (אלגעמיינער שטייער) איז די חברה, וואָס ארבעט ביי זיך אין הויז, זוכה געווען צו אַן אייגענעם מיטגלידס־ביכל.

די חברה און די געווײלטע אינסטאנצן: פון

אַנהויב פון איר עקזיסטענץ האָט די מועצת הפּועלות געקעמפט דערפאַר, אז חברות זאָלן געוויילט ווערן צו די צוזאַמענפאָרן פון דער הסתדרות און צו אירע אינסטאַנצן, צו דער אספת הנבחרים (דעפּוטאַטן־פאַרזאַמלונגען פון ישוב) און צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן. זי האָט אין דעם געזען א געזעלשאַפטלעכע און פּראַקטישע נויטווענדיקייט סיי פאַר דער געוויילטער אינסטאַנץ און סיי פאַר די חברות. אָבער אין משך פון יאָרן איז אויף דעם געביט ניט געקומען קיין ענדערונג, און די צאָל אויסגעוויילטע האָט ניט אריבערגעשטיגן צוויי־דריי חברות.

אין יאָר 1930 האָט דער „קיבוץ המאוחד" באַשלאָסן צו פאַרפליכטן אלע זיינע ישובים אויסצוקלייבן צו די אינסטיטוציעס און צוזאַמענפאָרן ניט ווייניקער ווי א דריטל חברות. דער דאָזיקער באַשלוס האָט דערוועקט אַן אומצופרידנקייט צווישן די חברות, וועלכע זיינען געווען קעגן דעם, אז זייער רעכט אויסגעוויילט צו ווערן זאָל גאַראַנטירט זיין מיט דער הילף פון „פּראָצענטן". אָבער די ווירקלעכקייט האָט באַוויזן, אז דער וועג איז געווען אַ ריכטיקער און ער האָט געהאָלפן צו אַנטפלעקן נייע געזעלשאַפט־לעכע כוחות צווישן די חברות, וואָס זיינען געוואָרן טעטיק צום נוצן פון דעם גאַנצן כלל.

אויף דעם פינפטן צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטערינס איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָיעקט צו פאָדערן פון דער הסתדרות א באַשלוס, וואָס זאָל פאַרפליכטן אויסצוּוויילן צו די געזעצגעבערישע אינסטאַנצן פון דער הסתדרות א באַשטימטן פּראָצענט פון חברות: 20% — 30%. דער דאָזיקער פּראָיעקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דעם הסתדרות־צוזאַמענפאָר, און אַנשטאָט אים איז אָנגענומען געוואָרן א וואונטש צו פאַרגרעסערן די צאָל געוויילטע חברות אין די אינסטאַנצן פון דער הסתדרות. לעומת דעם איז אויף דער זעקסטער לאַנדווירטשאַפטלעכער ועידה אָנגענומען געוואָרן א באַשלוס וועגן אויסוויילן ניט ווייניקער ווי 25% חברות צום לאַנדווירטשאַפטלעכן ראַט, און דאָס — נאָך אַן אָרגאַניזירטער פאָדערונג פון די קאָנפערענץ־דעלעגאַטינס אָן אונטערשייד פון זייערע פּאַרטייען.

מען מוז אונטערשטרייכן, אז אויך ביי וואַלן צו די הסתדרות־אינסטאַנצן, צו שטאָט־ראַטן און צו די אינסטיטוציעס פון דער התישבות האָבן מיר זיך אביסל א רוק געטאָן פאָרויס. אָבער דאָס וויילן פון חברות ווערט נאָך ביז היינט באַגלייט מיט א לאַנגן משא־ומתן און מען דאַרף נאָך ווייטער קעמפן דערפאַר.

ב. אידעלסאן

# אונזערע פאַרבינדעטע אין אמעריקע

## א. די „פּיאָנערן־פּרויען־אָרגאַניזאַציע"

די „פּיאָנערן־פּרויען־אָרגאַניזאַציע" אין אמעריקע עקזיסטירט שוין העכער צוואַנציק יאָר. פון אָנהויב איז עס געווען א קליינע גרופּע חברות, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אין דער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי. ווען עס זיינען צו זיי דערגאַנגען די קלאַנגען וועגן דער שעפערישער טעטיקייט פון דער אַרבעטערינס־באַוועגונג אין ארץ־ישראל אויפן געביט פון לאַנד־ווירטשאַפטלעכער הכשרה, זיינען זיי מיטגעריסן געוואָרן פונם דאָזיקן חלוצישן ווערק. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט אַ באַשלוס צו דערמעגלעכן אויס־צוגראָבן א ברונעם אין איינעם פון די משקי הפועלות, און אין משך פון זייער צוויי־און־צוואַנציק־יעריקער עקזיסטענץ — האָבן זיי געשאַפן גרויסע מיטלען פאַר די אונטערנעמונגען פון דער מועצת הפועלות, און זיינען אַליין געוואָרן א וויכטיקער קוואַל אינם לעבן פון די יידישע פרויען אין אמעריקע, אינם לעבן פון ציוניזם און אין אונזער טעטיקייט דאָ אין לאַנד.

ניט לייכט האָט זיך אַנטוויקלט די „פּיאָנערן פרויען־אָרגאַניזאַציע", ווייל אין אמעריקע האָט שוין פריער עקזיסטירט א ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „הדסה", וואָס האָט א דאַנק איר פּראַקטישער טעטיקייט מיטגעריסן א סך פרויען. לכתחילה האָבן צו אונזער אָרגאַניזאַציע געהערט בלויז פּאַרטיי־חברות, אָבער מיט דער צייט האָבן זיך אָן איר אָנגעשלאָסן פיל טויזנטער אומפּאַרטייאישע פרויען, און זיי זיינען דערצויגן געוואָרן אין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן גייסט. צוויי יסודות האָט די „פּיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע": דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק און די באַפרייאונג פון דער יידישער פרוי אין איר פאָטערלאַנד. ווען די אָרגאַני־זאַציע וואָלט ווייניקער מקפּיד געווען אויף דיביידע פּרינציפּן — וואָלט זי געוויס געקענט ציילן פיל מער חברות, זי וואָלט אָבער אָנגעוואָרן פון איר געדאַנקען־שלימות און פון יענער קאָנסעקווענטער דערציאונג, וועלכע זי גיט אירע חברות.

די „פּיאָנערן־פּרויען־אָרגאַניזאַציע" האָט זיך געשטעלט נאָך איין צוועק: זיין א פאַקטאָר אינם קאַמף קעגן אַסימילאַציע־פּראָצעס, וואָס פאַר־שפּרייט זיך וואָס אַמאָל מער צווישן דעם אַמעריקאַנער יידנטום. די אָרגאַ־ניזאַציע דערפילט אין דעם קאַמף א וויכטיקע אויפגאַבע. אונזערע חברות האָבן געמאַכט און מאַכן עד היום באַמיאונגען צו אָפּהיטן יידיש אין זייערע קלובן דורך אַרויסגעבן א בוך און א צייטונג פון דער באַוועגונג

אין יידיש, דורך שיקן קינדער אין אָוונט־שולן אויף יידיש און עברית און ד.ג.ל. זיי שאַפן אָפּט דאָס קעמערל, וואָס היט די יידישע טראַדיציע, און פלעכטן זי דורך מיט דער דער נייער, זיך שאפנדער טראַדיציע אין ארץ־ישראל.

די פּראַקטישע טעטיקייט פון דער „פּיאָנערן פּרויען־אָרגאַניזאַציע" האָט זיך פארברייטערט מיטן וואוקס פון דער מועצת הפּועלות אין ארץ־ישראל. צווישן אונז און זיי איז געשאפן געוואָרן אן ענגער בונד אין ליכט פון די פּאָזיציעס, וואָס די חלוצה האָט זיך דערוואָרבן אין דער קאָלאָניזאַציע פונעם לאַנד, אין שטאָט און אין דאָרף. האַנט ביי האַנט מיטן וואוקס פון אונזער ווערק אין לאַנד, איז געוואַקסן די ראָם פון אונזער אָרגאַניזאַציע אין אמעריקע און זי איז דערגאַנגען צו א גרויסן פארנעם. איר כוח שטעקט אין איר גרויסער פּראַקטישער טעטיקייט, וואָס פארהעלטניסמעסיק שטייט זי העכער פון די איבעריקע אמעריקאַנער אָרגאַניזאַציעס, און גלייכצייטיק פירט זי א סיסטעמאַטישע קולטורעל־אויפקלערישע ארבעט צווישן די יידישע פרויען און יוגנט. איר פּראַקטישע טעטיקייט דריקט זיך אויס אין זאַמלונגען פאַר די אונטערנעמונגען פון דער מועצת הפּועלות. זי האָט אָנגעהויבן פון א לאָזונג — אגראַרע הכשרה אין די משקי הפּוע־לות, און האָט צו איר צוגעגעבן: סאָציאַל־דערציערישע טעטיקייט, אויס־בילדן מיידלעך און ארבעטערינס אין פארשיידענע פאַכן, העלפן דער ארבעטערין אין לאַנד זיך אָרגאַניזירן, זאָרגן פאַר דער עולה, איר משפּחה און קינדער, פירן א קולטורעל־אויפקלערישע ארבעט, בויען בנינים פאַר אונזערע אַנשטאַלטן, — און איצט נעמט ארום איר פּלאַן אַלע אונזערע טעטיקייטן אין לאַנד.

פון צוויי־דריי קלובן אין אמעריקע ביים אָנהויב זיינען אונזערע חברות דערגאַנגען צו העכער דריי הונדערט. פון א קליינער צאָל מיטגלי־דערינס, וואָס האָבן בלויז גערעדט יידיש — צו צוואַנציק טויזנט, דאָס רוב געבאָרענע אין אמעריקע, וואָס זייער מוטערשפּראַך איז ענגליש. פון איי־ניקע הונדערטער דאָלאַר, וואָס זיי האָבן געשיקט דער מועצת הפּועלות אין ערשטן יאָר, זיינען זיי דערגאַנגען קרוב צו א האַלבן מיליאָן. פון דער צייטונג — „א בלעטל", וואָס איז ארויס אין דער ערשטער צייט — צו א מאָנאַטשריפט, וואָס דערשיינט סיסטעמאַטיש מיט פיל אויפקלערונגס־אויס־גאַבן, ביכער און רייכן אַגיטאַציע־מאַטעריאַל. פון א טעטיקייט, וואָס איז געווען קאָנצענטרירט אויסשליסלעך ארום דעם אויפבוי־ווערק פון דער מועצת־הפּועלות, זיינען זיי געקומען צו ארבעט פאַרן קרן הקימת, וואָס ווערט דערפילט ווי אַן היילי‌קער פליכט. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אונזערע חברות אָפּגעגעבן דער ארבעט, וואָס איז פארבונדן מיט דער

„עלית הנוער". מיט דער גאנצער אחריות, וואָס זיי טראָגן לגבי דעם ווערק פון דער מועצת הפועלות, — באטייליקן זיי זיך גלייכצייטיק פלייסיק און מסירותדיק אין דער אלגעמיינער ארבעט פאר דער הסתדרות, אין יעדער אונטערנעמונג, וואָס איז פארבונדן מיטן „החלוץ", מיט דער יוגנט, מיט הילף פאר די גלות־יידן.

ס'וועט זיין ניט ריכטיק, אויב מיר וועלן אונזערע חברות אין אמע־ריקע אָפּשאצן בלויז לויט זייערע פּראקטישע פעאיקייטן און אויפטוען. יעדער, ווער עס קומט מיט זיי אין בארירונג, יעדער, ווער עס זעט זייער הארציקע באציאונג צו אונזער ווערק, צו דער ארבעטערינס־באוועגונג, איבערצייגט זיך, אז דער כוח, וואָס באוועגט זיי צו מעשים — איז די ליבע צו אונזער שאפונג אין לאנד, די טיפע אָפּשאצונג פון די אוצרות, וועלכע מיר האָבן באשאפן.

די מועצת הפועלות העלפט דער טעטיקייט פון דער „פּיאָנערן פרוי־ען־אָרגאניזאציע" אין דער ערשטער ריי דורך אירע שליחות, וועלכע האָבן פיל מיטגעהאָלפן צום פארשטארקן דעם בונד צווישן אונזער אמעריקאנער אָרגאניזאציע און דער ארבעטערינס־באוועגונג אינם לאנד.

### ב. די „פרויען־ליגע פאר ארץ־ישראל"

די דאָזיקע ליגע איז אָרגאניזירט געוואָרן מיט פופצן יאָר צוריק דורך א גרופּע פרויען, וואָס האָבן פארלאָזן די רייען פונם אלגעמיינעם ציוניזם און האָבן געשאפן אן אייגענעם געזעלשאפטלעכן לעבן. פון אָנהויב אָן האָבן זיי געזוכט פאר זיך א זעלבסטשטענדיק פעלד צו ארבעט, האָבן גערן אויפגעכאפּט דעם פּראָיעקט פון דער מועצת הפועלות צו בויען בתי־חלוצות אין די שטעט. מיר האָבן אלזאָ צו פארדאנקען דער „ליגע" די הייזער פון די בתי־החלוצות אין די שטעט, און ס'איז קיין צווייפל ניט, אז נאָכן פארווירקלעכן דעם דאָזיקן פּלאן וועלן זיי פאַרזעצן זייער טעטיקייט אין די גרעסערע מושבות.

די „ליגע" איז טעטיק נאָר אין ניו־יאָרק און זי ציילט אין אירע רייען צוויי טויזנט פרויען פון פארשיידענעם עלטער און פארשיידענער אָפּשטאמנונג. זי ארבעט הויפּטזעכלעך צווישן פרויען, ווייטע פונם ציוניס־טישן געדאנק. פיל פון זיי האָבן פריער געהערט צו אַסימיליאַטאָרישע קרייזן, און איצט זיינען זיי טעטיק אויף אלע געביטן פונם ציוניסטישן לעבן אין ניו־יאָרק. די פּראקטישע ארבעט האָט דערנענטערט די מיטגליי־דערינס פון דער „ליגע" צו די פּראָבלעמען פון דער ארבעטערין אין ארץ־ישראל, און האָט אין זיי דערוועקט א שטארקן ווילן צו טראָגן צוזאמען מיט אונז די אחריות פארן גורל פון דער נייער עולָה.

ל. באסעוויטש

# די חברה אינם קיבוץ

ס׳איז דאָ אַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן דער חברה אין דער קבוצה אָדער אין קיבוץ און צווישן דער ארבעטערינס־באַוועגונג אין לאַנד. דער אינהאַלט און ציל פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז — מאַכן פון דער חברה אַ שותף אינם אויפבוי־ווערק פון לאַנד, מאַכן זי זעלבסטשטענדיק, אויסגלייכן איר רוקן. זי איז, אייגנטלעך, אַ טייל פון דער ארבעטערינס־באַוועגונג אין דער וועלט, אָבער זי איז אייגנאַרטיק, ווייל זי מוז קודם־כּל שאַפן דעם שטאַנד פון יידישע ארבעטערינס.

די חברה איז געקומען אין ארץ־ישראל מיטן ווילן צו בויען דאָס לאַנד בשותפות מיטן חבר, פולשטענדיק בשותפות. זי האָט ניט געקעמפט פאַר רעכט, זי האָט געקעמפט און קעמפט ביז היינט פאַר פליכטן. די חברות האָבן שטענדיק געבעטן: לייגט אַרויף אויף אונדז פליכטן — אין דער ארבעט, אין דער הגנה, אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס׳טרעפט, אַז מען פאַרשטייט ניט ווי געהעריק די ארבעטערינס־באַוועגונג אין ארץ, אויך ניט דעם קאַמף פון אונדזערע חברות אין קיבוץ. אין אויסלאַנד האָבן מיר געהערט פון אַ באַוועגונג פון סופראַזשיסטינס, און ניט איינמאָל דער־וועקט זיך אַזאַ אַסאָציאַציע. אָבער ס׳איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אונדז און זיי, ווייל דאָרטן האָט מען געקעמפט פאַר פּאָליטישע רעכט, און דאָ קעמפט מען פאַר פליכטן ביי דער פאַרווירקלעכונג, ביים בויען. די חברה אין ארץ שטרעבט ניט צו ווערן ענלעך צום חבר, זי שטרעבט צו אַנטפּלעקן זיך, אין איר גאַנצער זעלבסשטענדיקייט און אייגנאַרטיקייט, און זיין אַ שותפטע. ווען מיר זאָגן: נעמט פון אונדז לויט אונדזערע כוחות — גיבן מיר צו: און מיר גלויבן, אַז מיר האָבן כוחות. פונדעסטוועגן האָבן פיל געפאַרן געדראָט דער פרוי אין ארץ און אויך אין קיבוץ. ווייל צוזאַמען מיט דער שטרעבונג צו טראָגן צוגלייך מיטן חבר דעם יאָך פון דער ארבעט, הגנה און געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט געקלאַפּט דאָס ווילן ניט צו ווערן ענלעך צום חבר. די פרוי אין קיבוץ האָט געהיט אירע אייגנשאַפטן און האָט ניט פאַרנאַכלעסיקט אירע פליכטן אלס פרוי און מוטער. די זאַך באַשווערט טאַקע איר לעבן, אָבער אין דעם שטעקט זייער טעם.

צי איז אין אונדזער דאָרף געשאַפן געוואָרן די געשטאַלט פון אַ נייעם מענטש? די דאָזיקע פראַגע דערוועקט זיך ספּעציעל אין באַצוג צו דער פרוי. מיר וועלן זיין אויפריכטיק מיט זיך אליין, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז מיר פילן, ווי אונדזער ווירקלעכקייט, די ווירקלעכקייט פון אַ

יידישער ארבעטערין אין ארץ־ישראל, וואָס לעבט א קאָלעקטיוון לעבן און גיט אירע קינדער א קאָלעקטיווע דערציאונג — דאָס איז גאָר אַן אַנדער ווירקלעכקייט ווי די, וואָס איז געווען ביי אונזערע מאמעס און באָבעס. אין דער מאָס, וואָס די פרוי וואָרצלט זיך אלץ מער איין אין דער ארבעט און אין משק, אינם לעבן פון דער געזעלשאפט, אינם לעבן פון דער משפחה און קינד — אין דער זעלבער מאָס פילט זי, ווי עס וועבט זיך אין איר א נייע געשטאלט פון א פרוי. און די בענקשאפט נאָך אַזאַ געשטאַלט אין דיין נשמה און אין דער נשמה פון דיינע חברות, וואקסט מיט די יאָרן. די דאָזיקע שטרעבונג צו זעלבסטשטענדיקייט, צו שלימות — דער טייערסטער אוצר פון דער פערזענלעכקייט בכלל, — איז אויך דער אוצר פון דער ארבעטערינס־באוועגונג אין ארץ און פון דער פרוי אין קיבוץ. און אויב עס רייסן נאָך אונזער נשמה פארשיידענע סתירות און עס קומען פאָר כסדרדיקע קאמפן צווישן דעם ווילן צו פארבאהאלטן זיך אין א ווינקעלע און צווישן דעם ווילן צו זיין א מענטש אַ קעמפער, צווישן דער ארבעט און געזעלשאפטלעכן לעבן, און צווישן דער אינערלעכער וועלט, דער ליבע און די קינדער — ווייסן מיר אָבער, אז אין די דאָזיקע סתירות איז פאַר־באָרגן אונזער שלימות. מיר לעבן גלייכצייטיק אין צוויי וועלטן: אין דער וועלט פון דער פרוי און אין דער וועלט פון דער געזעלשאפט. די חלוצישע ווירקלעכקייט ברענגט ניט שטענדיק צום חלוצישן באוואוסטזיין. אָבער דאָס איז ניט קיין פראגע פון דער פרוי אליין, דאָס איז איינע פון די הויפּט־פראגן פונם קאָלעקטיוון לעבן. עס טרעפט, אז א מענטש לעבט פאקטיש א חלוצישן לעבן, אבער די זאך דערגייט ניט ביז זיין באוואוסט־זיין. ווי אזוי זשע זאָל מען דערציען א מענטש, וואָס זאָל זיין און תמיד בלייבן א חלוץ לויט זיין מהות און לויט זיין באוואוסטזיין?

ווי ווייט איז דער מהלך צווישן דער פרוי, וואָס ציטערט איבער איר זון, בעת ער נעמט אָנטייל אין ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, און צווישן דער מוטער, וואָס שיקט איר זון אויפן פראָנט אָדער אין די שוץ־גראָבנס! איצט אין דער צייט פון מאָביליזאַציעס, האָבן מיר געזען די פרוי אין פארשיידענע אויסערגעוויינלעכע מאָמענטן: אויב די פרוי האָט פארלאָזן אירע קינדער און האָט זיך מאָביליזירט — איז עס געוויס א גרויסע זאך, אָבער מיר האָבן אויך געזען, ווי א פרוי שטעלט זיך אויף א פארזאמלונג, ווענדט זיך צום עולם און בעט, מען זאָל לאָזן גיין איר זון. דאָ האָבן מיר געפילט עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. די טרערן האָבן זי געשטיקט, אָבער זי האָט געבעטן: „איך האָב מיין הסכמה געגעבן, לאָזט אים גיין".

איך וועל איבערחזרן די ווערטער פון א חברה, וועלכע האָט גע־זאָגט: „די חברות אין דער התישבות שאפן, טרוימען און קעמפן". יאָ, זיי

טרוימען. אבער דער טרוים, די גלוסטן, די שטרעבונג אין אונזער לעבן זיינען אויך ווירקלעכקייט, און ניט ווייניקער ווי די ווירקלעכקייט אליין. דאָס קען פאַרשטיין בלויז א מענטש, וועלכער הערט זיך צו צו אונזער לעבן. דער טרוים און די ווירקלעכקייט וואוינען בשכנות אין אונזער נשמה, אין אונזער געזעלשאפט. לגבי דער חברה איז עס נאָך צען מאָל ריכטיקער. ס'איז לייכט אָפּצוגעבן דאָס לעבן אַלס איינמאָליקער קרבן, — אבער גיין אין שפאן פונם ארבעטס־לעבן יאָרן־לאנג טאָג־איין טאָג־אויס, איז פיל שווערער. פאַרן טרוים איז די פרוי גרייט אָפּצוגעבן איר יוגנט, איר גאנץ לעבן, אבער דער קרבן פאָדערט זיך פון איר ניט מיט איין מאָל, ער ווערט צעטיילט אין אומצייליקע ארבעטס־טעג און ארבעטס־שעה'ן.

מיר ווייסן, ווי גרויס זיינען די דערגרייכונגען פון דער חברה אויף אלע שאפונגס־געביטן. אָבער אין קיבוץ ריידן מיר ניט פיל וועגן דער־גרייכונגען, מיר ריידן שטענדיק וועגן חסרונות, מיר זוכן אריינצופירן אויסבעסערונגען אין אונזער לעבן. דער טרוים און דאָס אידעאל זיינען אזוי גרויס, און די ווירקלעכקייט איז שטענדיק אזוי ווייט פון זיי, אזוי בלייך לגבי זיי! מענטשן פון אויסן קענען בעסער אָפּשאצן די דערגריי־כונגען, ווי מיר. ווייל ריזיק זיינען די דערגרייכונגען אינם בוי פון דער לאנדווירטשאפט, אין דער קאָלעקטיווער דערציאונג, אין דער ביליקער און געזונטער באשפייזונג, און אינם שאפן א היים, וואו דער אַנטייל פון דער פרוי איז זייער גרויס.

אָבער דאָס לעבן פונם קיבוץ איז ניט קיין שטייענדיקער וואסער, עס איז שטורעמדיק און פול מיט פּראָבלעמען. און אינם לעבן פון דער חברה קומען גלייכצייטיק נצחונות און מפּלות, א געראנגל מיט אינער־לעכע און אויסערלעכע שטערונגען, שוואונג און אונטערגאנג, קענטיקע דערגרייכונגען און פאלשע חלומות, שאפונגס־פרייד און יאוש. עס טרעפט, אז די אלע געפילן פאראייניקן זיך אין איין נשמה, און עס פאסירט, אז איינע געניסט פון שאפונגס־פרייד — און די אנדערע האָט צאָרן און אנטוישונג. די פרוי, בדרך כלל, נעמט אָן אלץ אין לעבן פיל ערנסטער ווי דער מאַן, כ'וועל וואגן צו זאָגן: די חברה אין קיבוץ האָט אויפגענומען דאָס קאָלעקטיוו־לעבן מיט דער גאנצער ערנסטקייט, טיפער און פולער, ווי דער חבר. אין דעם איבערגאנג צו אן ארבעטס־לעבן האָט טאקע דער חבר פאַרווירקלעכט די רעוואָלוציע אין דער גאנצער שלימות, אָבער אנדערש איז די זאך אויף אנדערע געביטן, און דער עיקר לגבי דער פרוי אליין. די דאָזיקע רעוואָלוציע האָט ער נאָך ניט דורכגעמאכט, ווי עס האָט דאָס געטאָן די פרוי. און דאָס שפיגלט זיך אָפּ אויך אינם לעבן פון כלל, ניט נאָר אין דער משפחה און אין אנטימען לעבן.

די פרוי אין קיבוץ האָט אויף זיך גענומען פיל מצוות, פיל מער, ווי עס האָט אויף איר ארויפגעלייגט דער ציבור. איך וועל ניט זאָגן, אז איין מצווה שליסט אויס די אנדערע, אָבער א מענטש קען ניט אויספילן אַלע מצוות. ניט איינמאָל איז דאָס אויספילן פון איין מצוה פארבונדן מיט מוותר זיין אויף א צווייטער. ווען די חברה גיט זיך אָפּ דער ארבעט, דוכט זיך איר, אז זי איז צו ווייניק איבערגעגעבן דעם קינד, און ווען זי גיט זיך אָפּ דער ארבעט און דעם קינד, ווייסט זי, אז דאָס איז אויך ניט גענוג, ווייל אינם קאָלעקטיוון לעבן איז פאראַן א גאנצער געביט, וועלכן מען פילט אויס פרייוויליק, נאָכן טאָג־ארבעט, און וועלכן מיר רופן: דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן. די פרוי ווייסט, אז זי מוז אקטיוו אָנטייל נעמען אויך אינם געזעלשאפטלעכן לעבן, און אויב זי פעלט דאָרטן, — ליידט דאָס לעבן פון דער קבוצה. ניט איינמאָל זעען מיר אויף אסיפות און שמועסן א פיל גרעסערע צאָל חברות, ווי חברים. דאָס גיין אין אָוונט אויף אן אסיפה איז ניט איינמאָל פארבונדן מיט אן אינערלעכן געראנגל: „און אפשר גיין שלאָפן? אויב כ׳וועל גיין שלאָפן — וועל איך אויפשטיין מיט פרישע כוחות און ס׳וועט זיך בעסער ארבעטן”. אויב מען לייגט אויף דיר ארויף געזעלשאפטלעכע פליכטן, מוזטו זיי אָפּגעבן דיין פרייען טאָג, דיין שבת, און צייטנווייז קומט־אויס צו פאָרן אויף צוזאמענפאָרן אָדער דער־פילן פארשיידענע אויפגאבן פון דער באוועגונג, און דאָס קינד בענקט. און ווייניק, וואָס די חברה מאכט זיך אליין פאָרוואורפן, וואָס איר קינד ליידט, ווען זי מאָביליזירט זיך צו א געזעלשאפטלעכער אויפגאבע, קומען נאָך די חברות אליין און באשולדיקן זי דערפאר. די עפנטלעכע מיינונג האלט מיטן קינד. ווידער א סתירה. די חברה ווארפט זיך פון איין אויפ־גאבע צו דער צווייטער, פון איין מצוה צו דער אנדערער, שטענדיק קעמפט זי מיט זיך אליין.

די חברה, וואָס האָט אויפגעבויט דעם משק, איז ניט מוותר אויף משפחה און מוטערלעכקייט. דוקא יענע חברות, וועלכע האָבן געשאפן ווירטשאפטלעכע צווייגן, וועלכע פירן אָן די דאָזיקע צווייגן און ארבעטן אין זיי פיל יאָרן — דווקא די חברות זיינען מאמעס פון דריי, פיר און פינף קינדער. ווי זעצט מען עס איבער אויף דער שפראך פון דער ווירק־לעכקייט? — ארבעטן צוואָנציק יאָר אין שטאָל, ביי די קי, דאָס הייסט — אויפשטיין יעדע נאכט דריי אזייגער. אונזער פויער איז ניט ענלעך צום רוסישן „מוזשיק”. מיר האָבן קולטורעלע באדערפענישן, די באדערפענישן פון אַן אָרגאניזירטער געזעלשאפט. דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן אין משק הויבט זיך אָן שפּעט אין אָוונט, און די חברה איז ניט מוותר אויף לייענען. פילע חברות לייענען פלייסיק די צייטונג פון דער הסתדרות, די צייטונג

פון דער באַוועגונג, די אויסגאַבע פונם קיבוץ, דעם „דבר הפועלת" און דאָס גוטע בוך. די חברות, וואָס האָבן אַ פּאַרצווייגטע משפּחה, ווילן דווקא אויף קיין איין מצווה ניט מוותר זיין.

מען רעדט פיל פונם מוטערלעכן געפיל. וואָס שטעקט אינם האַרצן פון דער פרוי. שטענדיק האָבן מיר געמיינט, אַז די דאָזיקע מוטערלעכקייט מוז זיך אויסדריקן נאָר אין דער באַציאונג צום קינד. אינם קיבוצישן לעבן האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז מוטערלעכקייט פליסט אין פאַרשיי־דענע קאַנאַלן, און די חברה אַנטפּלעקט איר מוטערלעכקייט אויף יעדן געביט, וואו זי רירט זיך צו, און אַזוי שאַפט זי די קאָלעקטיווע היים. קליינע פונקען פון דעם גרויסן פלאַם — פון דער מוטערלעכקייט — זיינען צעשפּרייט אין אונזער גאַנצן לעבן.

פאַראַן צווישן אונזערע חברות אַזעלכע, וואָס אַרבעטן שוין צוואַנ־ציק יאָר און מער, און דאָך פילן מיר, ווי זיי דעראָבערן די אַרבעט טאָג־טעגלעך פון דאָס ניי. די חברה האָט אָפּגעהיט עפּעס אַ ספּעציעלע פרישקייט. ס'איז צו באַוואונדערן די זאַך: אייגנטלעך קען זי דאָך שוין די אַר־בעט, און דאָך פילסטו, אַז זי אַרבעט ניט בלויז מיט די מוסקולן, נאָר מיט דער נשמה, מיט די נערוון, מוח, מיט איר גאַנצן וועזן. דאָס קומט פון איר באַציאונג צום מענטשן, צו די געוויקסן און די בעלי־חיים'ס, וועלכע זי האָדעוועט. עס שיינט, אַז די חברה האָט דעראָבערט אַן עקאָנאָמישן, רענ־טאַבילן צוגאַנג צו דער אַרבעט: זי ווייסט, וואָס עס לוינט צו האָדעווען און וואָס לוינט פאַרקויפן, און גלייכצייטיק איז געבליבן אַן אינערלעכע באַציאונג צו דער אַרבעט, כ'וואָלט געזאָגט — אַן עטישע קינסטלערישע באַציאונג. די באַציאונג צום מענטשן איז אַ טיפע. פון אונזער קעכן, וועל־כע אַרבעט אין לאַנד שוין 35 יאָר, האָב איך געהערט: „נאָך יעדן עסן, וועלכן איך קאָך, האָב איך אַ געפיל פון שולד, אפילו ווען דאָס עסן איז געווען גוט". כ'האָב זי געפרעגט: „פאַרוואָס"? דער ענטפער איז געווען: „עס איז דאָך שטענדיק פאַראַן עמעצער, וואָס איז ניט צופרידן פון דעם עסן, ווייל פונקט אָט די שפּייז האָט ער פיינט". איך בין געשטאַנען פאַר־וואונדערט פאַר דער דאָזיקער חברה: ווי קען מען נאָך צענדליקער יאָרן פּראַצע, טראָגן אין האַרצן אַזאַ פרישע לעבעדיקע באַציאונג צום מענטש און צו דיין אַרבעט?

וואָס האָט די חברה געשאַפן אין דער קיבוצישער ווירטשאַפט, וואָסער ווערט האָט די שאַפונג פאַר דער נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג? קודם־כל האָט זיך די חברה אָפּגעגעבן דער ערד־אַרבעט. דאָס איז געווען איר גרעסטע שטרעבונג. יענע איינזאַמע חברה אין די ערשטע קבוצות, וועלכע האָט געקאָכט דאָס עסן, און פאַריכט די בלוזקע, און געזעסן ביי־

נאכט לעבן קראנקנס בעט — ווי עס דערציילט איין חברה אין דער זאמ־לונג „חברות בקיבוץ" — האָט אין יענעם מאָמענט געטרוימט, אז עס זאָל קומען נאָך א חברה, כדי זי זאָל קענען ארויסגיין אין פעלד אריין.

די אור־אלטע בענקשאפט פונם יידישן פאָלק צו זיין ערד האָט געשטופט די חברה צו זעען אין דער ערד־ארבעט איר אידעאַל. זי האָט נים נעגירט די ארבעט פון באדינען, נאָר געזען דעם צענטר אין אַן אַנדער אָרט — אין דער לאנדווירטשאפט.

ניט לייכט איז געווען די ארבעט פאר די שטאָטישע טעכטער אין אונזער קלימאט. ווען איך בין אָנגעקומען אין לאנד, האָט מיר א חברה דערציילט, אז זי ארבעט זומער מיט א קאלטן קאָמפּרעס אויף איר הארצן. און אזוי טאָג־טעגלעך. שטענדיק וועל איך געדענקען די דאָזיקע דער־ציילונג. פיל צווייגן זיינען אויסגעבויט געוואָרן דורך חברות און ווערן ביז היינט דורך זיי געפירט. ס'זיינען אונז אויסגעוואַקסן ספעציאליסטינס, גלייך ווי זיי וואָלטן באקומען אַן ערנסטע לאנדווירטשאפטלעכע בילדונג.

די ווירקונג פון דער ערד־ארבעט אויף דער חברה איז א ריזיקע: די באריִרונג מיט דער ערד אנטוויקלט אין איר דאָס געפיל פון „מעשי בראשית", דערנענטערט זי צום גאנצן משק, צו זיינע פראגן, פארברייטערט איר האָריזאָנט, שלעפט זי ארויס פון די קליינלעכקייטן פון לעבן און ווירקט אָפט גוט אויך אויף איר געזונטצושטאנד. מיר האָבן זיך איבער־צייגט, אז די חברות, וואָס ארבעטן ביי באדינונג אָדער פלעגע, זיינען ניט געזינטער, ווייל די ארבעט דאָרטן שטרענגט אָן און מאכט נערוועז.

אין דער קיבוצישער ווירטשאפט זיינען דאָ פיל אויפגאבן, צו וועל־כע די חברה ווערט גערופן: די דערציאונג פון די קינדער, און דאָס בויען די קאָלעקטיווע היים. דאָך וועלן די חברות קיינמאָל ניט מוחל זיין ניט דעם קיבוץ, און ניט זיך אליין דאָס, וואָס זיי האָבן פארלאָזן די ערד־ארבעט. צוליב דעם זיינען זיי געקומען אין לאנד און זיי וועלן דערויף ניט מוותר זיין. ס'איז אָבער א פאקט, אז ניט אלע חברות אין דער קיבוצי־שער ווירטשאפט באשעפטיקן זיך מיט ערד־ארבעט. אָבער די צאָלן פון פארן קריג זאָגן עדות, אז אין די אלטע ווירטשאפטן האָט א דריטל פון די חברות געארבעט אויף דער ערד. זיי האָבן אויסגעמאכט 40 פראָצענט פון די באשעפטיקטע אין דער הויף־ווירטשאפט און אינם גאָרטן. ס'איז ניט קיין קליינע צאָל. אין דער צייט פון דער מלחמה האָט מען פארלאָזן צווייגן צוליב דעם איבעררייס אין דער עליה. ווער פילט אזוי גוט, ווי די חברות, וואָס עס באטייט דאָס שליסן די טויערן פון לאנד? די קאָלעקטיווע ווירטשאפט נויטיקט זיך שטענדיק אין א צופלוס פון כוחות, אין אריינ־נעמען א נייע עליה, ווייל יעדע נייע אויפגאבע פאָדערט מענטשן. אויב

מיר נעמען אריין יוגנט־גרופן, ווערט דערצו קודם כל מאָביליזירט די חברה, און דאָס ברענגט דערצו, זי זאָל פארלאָזן אנדערע ארבעטס־צווייגן. אזוי איז דער דין בנוגע יעדער נייע אויפגאבע, וואָס די קיבוצישע באוועגונג נעמט אויף זיך. אויך דאָס פאַרמערן זיך פון געבורטן אין דאָרף נעמט ארויס די חברה פון לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטס־צווייגן און פירט זי אריבער צו ארבעט פון פלעגע און דערציאונג.

די דאָזיקע פראגע, די פראגע פון המשך, איז איינע פון די פראגן, וועלכע לאָזן ניט רוען די קיבוצישע באוועגונג בכלל, און דער עיקר די חברה: די נייע עולה און די מיידל, וואָס קומט פון שטאָט — צי וועלן זיי ממשיך זיין איר וועג? אין דער ערשטער רייע איז איר געדאנק גע־ווענדט צו איר טאָכטער און די טעכטער בכלל. ביז איצט האָבן מיר זיך ניט אנטוישט אין אונזערע טעכטער, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אין קיבוץ. זיי פילן אויס לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטן, זיי זיינען גוטע ארבעטערינס, זיינען טריי דער דאָזיקער ארבעט. ס׳איז פארשטענדלעך, אז א מיידל, וואָס וואקסט אין משק, לויפט נאָך אלס קינד צו דער מוטער וואָס ארבעט אין שטאָל, ביי די פלאנצונגען, זי זעט ווי איר מוטער און אירע חברות ארבעטן דאָרט — וואָס זשע איז דאָ דער וואונדער? זי קען ניט באגרייפן די היסטאָרישע דערגרייכונג, וואָס ליגט אין דעם, אָבער אונזערע קינדער זיינען דיסציפּלינירט און וועלן ארבעטן דאָרטן, וואו מען וועט זיי באַ־שטימען, יעדע ארבעט אין אונזער קיבוצישער היים איז דאָך נויטיק און וויכטיק. די מוטער דאגה׳ט הויפּטזעכלעך וועגן דעם, צי וועט איר טאָכטער זיין אזוי קאָנסעקווענט ווי זי.

ערנסטע ספקות האָבן מיר לגבי דער שטאָט. די פראגע איז, צי יע־נער ארבעטער אָדער אינטעליגענט, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל דורכגעדרונגען מיטן טעאָרעטישן באוואוסטזיין, אז ארץ־ישראל קען מען בויען בלויז אויף א קאָלאָניזאציע־באזיס, צי וועט ער אלס פאָטער פאר־שטיין, אז בויען דאָס יידישע דאָרף — דאָס איז דער וועג פאר זיין זון און זיין טאָכטער, און ניט נאָר פאר חלוצים, וועלכע קומען פון די גלות־לענדער?

און די ווירקלעכקייט אין לאנד פאַטשט אונז אין פנים: די משקי־הפּועלות זיינען ניט איינמאָל געשטאנען ליידיק, און די שטאָט האָט ניט געשיקט אהין אירע טעכטער אויף הכשרה, און האָט אויך ווייניקע פון זיי געשיקט אין דאָרף אריין. וואָס פארא צוקונפט גרייט מען צו פאר דער טאָכטער? זיין אַן אַנגעשטעלטע אָדער זיך אָפּגעבן א פרייער פּראָפעסיע? ס׳איז באוואוסט, אז אין אלע יוגנט־אָרגאניזאציעס פונם ארבעטנדן ארץ־ישראל איז דער פּראָצענט חברות א קליינער. אין די יונגע קיבוצים איז

דער פּראָצענט חברות זייער א קליינער — א דריטל — און דאָס שטעלט אין געפאר די דערגרייכונגען פון דער פרוי אין דער התישבות. ווער עס לייענט די ביכער וועגן די דערגרייכונגען פון דער פרוי און באגייסטערט זיך מיט זיי, זאָל וויסן, אז די דאָזיקע דערגרייכונגען זיינען אין געפאר. אויב מיר ווילן, אז די חברה אין קיבוץ זאָל שטענדיק ארבעטן אין דער לאנדווירטשאפט און אויך דערפילן די פליכט פון היים און קינדער־פלעגע — מוזן מיר האָבן א העכערן פּראָצענט חברות. מען דארף זאָגן אָפן: די פארקלענערונג פון דער צאָל חברות אין דעם יונגן ארבעטער־ישוב שטעלט אין געפאר אונזער קאָלאָניזאציאָנס וועררק. ווייל אָן דער ארבעט פון דער פרוי וועט ניט זיין קיין התישבות און ס׳וועט ניט זיין קיין לאנדווירטשאפט, דאָס האָבן מיר געלערנט אין לאנד. און נאָך עפּעס: די חברה נויטיקט זיך מער ווי דער חבר אין א פריערדיקער הכשרה, ווייל אין איר רשות האָט זי דערצו א קורצע צייט — ביז איר ארייננגיין אין משפחה־לעבן און ביז דעם געבורט פונם קינד. אין דער הכשרה ליגט א גאראנטיע, אז ס׳וועט זיך ניט פארקלענערן די ארבעטס־פעאיקייט אין דער תקופה פון פיזישער אָפּגעשוואַכטקייט, א גאראנטיע צו דערווערבן זיך א שטעלונג אין דער ארבעט און אין לעבן.

פיל געביטן אינם קיבוצישן לעבן זיינען אָנפארטרויט דער חברה. די גאנצע הוצאות־אָפּטיילונג (אויסער לאנדווירטשאפטלעכע הוצאות), וועל־כע איז זייער גרויס אין משק, ווערט אָפּגעגעבן דער חברה, אָן א געניגנדן ביודזשעט און אָן א ריכטיקער גייסטיקער הילף.

אונזערע באדינונגס־אנשטאלטן זיינען מער ווי די געוויינלעכע באַ־דינונגס־אנשטאלטן אנדערשוואו. זיי זיינען דורכגעדרונגען מיט א באַ־שטימטן געזעלשאפטלעכן זין, און דאָס באשווערט ספּעציעל די ארבעט אין זיי. מען מוז ניט בלויז קומען אין בארירונג מיט פיל מענטשן אויף צו דערפילן זייערע באדערפעניש, נאָר אויך אָפּהיטן דעם באגרענעצטן ביודזשעט און די יסודות פון גלייכקייט. די קיבוצישע ווירטשאפט פאר־אייניקט אין זיך יידן, וואָס שטאמען פון פארשיידענע לענדער. יעדערער ברענגט מיט זיך אנדערע שפּייז־געוואוינהייטן. עס פאלט א שווערער יאָך אויף די קעכינס אין קיבוץ. זיי מוזן קאָנקורירן מיט דער מוטער פון יעדן חבר, ווייל יעדערער געדענקט נאָך די געשמאקע עסנס פון זיין מאמען. די פרוי אין קיבוץ מוז שאפן א נייע נאַציאָנאלע באשפייזונג, ביליק און גע־זונט, וויסנשאפטלעך באגרינדעט, וואָס זאָל פאראייניקן די קאָך־געוואוינ־הייטן פונם גאנצן גלות. ניט לייכט איז געווען די דאָזיקע שאפונג, פיל חברות האָבן אין איר ארייננגעלייגט געזונט און כוחות, אָנהויבנדיק פון דער חברה פון דער צווייטער עליה, און ענדיקנדיק מיט דער יונגער חברה,

וואָס קומט פון דער עליית־הנוער, אָדער פון א יוגנט־באַוועגונג אין לאַנד גופא. און ס׳האָט שוין א נאָמען אין ארץ־ישראל די ביליקע באַשפּייזונג אינם קיבוץ. פאַר דער מלחמה האָט א טאָג־עסן אין קיבוץ געקאָסט 36 מ״ל. פאַר דעם געלט האָט א חבר באַקומען 4 מאָלצייטן טעגלעך. מיר ווייסן, אַז אויך די קליידונג אין די קיבוצים איז ביליק. מיר האָבן זיך אויסגע־לערנט אויפנייען א ביליקן און שיינעם בגד. די פראַגע פון היים אין קיבוץ איז אין דער ערשטער ריי א פראַגע פון לעבנס־ניוואָ. אויב די חברה דאַרף ניט נאָר דערפילן די אַלגעמיינע און אינדיווידועלע באַדערפעענישן, נאָר אויך אָפּהיטן די גלייכקייט אין דער פאַרטיילונג — איז קלאָר, אַז דערצו מוז מען קודם־כל האָבן א ביודזשעט.

די ריינקייט פונם קערפּער, פון דער באַקליידונג, פון דער דירה, אין דעם קינדער־הויז, די קולטור פון ריינקייט, וועלכע עס האָט געשאַפן די פרוי, — דאָס איז אויך איינער פון די פאַקטאָרן אין אונזער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, אין דער שאַפונג פונם נייעם יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. אין זין פון פאַרשענערן דאָס לעבן און דערפילן די אינדיווידועלע באַדער־פעענישן שטייען מיר היינט פיל העכער ווי אין די פריערדיקע יאָרן, און דאָס האָבן מיר אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דער חברה.

די קאָלעקטיווע דערציאונג איז א סינטעטישע דערציאונג — זי פאַראייניקט די געזעלשאַפטלעכע דערציאונג מיט דער ווירקונג פון דער משפחה. מיר האָבן קיינמאָל ניט געוואָלט באַפרייען די משפחה און די מוטער פונם יאָך פון דערציאונג, הגם דאָס קינד געפינט זיך אינם קינדער־הויז אָדער אין דער קינדער־געזעלשאַפט. און פיל צייט און גייסטיקע כוחות ווידמען טאַטע־מאַמע זייער קינד.

די פלעגערין אין דער קאָלעקטיווער דערציאונג איז דער ווינקל־שטיין אינם בנין, וואָס הייסט קיבוצישער משק. זי איז א שותף צו דער דערציאונג, וועלכע איך וואָלט אָנגערופן: „פאַרשנעלערטע דערציאונג״. דורות וואָלטן געדאַרפט האַרעווען, כדי צו שאַפן אזא טיפ פונם דאָרפישן קינד: געזונט און שטאַרק, זעלבסטשטענדיק, ליבט דאָס לאַנד, איז צוגע־בונדן צו זיין משק, און האָט א שטאַרקן כאַראַקטער. דאָס איז די פרוכט פון דער קאָלעקטיווער דערציאונג.

די קאָלעקטיווע דערציאונג איז א סינטעטישע דערציאונג — זי ציאונג, דאָס איז א דערציאונג, וואָס פאַראייניקט די צוויי עלעמענטן: די משפחה און די געזעלשאַפט. אין דעם איז איר כוח, און זי איז דער מקור פונם גייסטיקן לעבן פאַרן קינד און פאַר דער מוטער.

די פרוי איז די, וועלכע שאַפט דעם לעבנס־שטייגער אין דעם קיבוצישן ישוב. זי איז ממשיך די טראַדיציע־קייט. די פלעגערין אין דער

קאָלעקטיווער דערציאונג, די פּרעבעליסטין און די לערערין — זיי לייגן עס דעם יסוד צו אונזער אלט־נייער טראַדיציע, וועלכע ווערט איינגע־קריצט טיף אין דער נשמה פון קינד פון קליינוויין אויף. קבלת־שבת און די יום־טובים ווערן אין א באשטימטער פאָרם געפייערט אין אונזער קינ־דער־הויז, אנהויבנדיק פון די קלענסטע קינדער און ענדיקנדיק מיט די עלטסטע. דער גאנצער פרייטאָג גייט אריבער אונטערן צייכן פון די צוגרייטונגען לכבוד שבת. עס ווערט געמאכט אַן אָרדענונג אין אלע ווינקעלעך מיטן אָנטייל פון די קינדער. דאָס וואשן זיך, אָנטאָן זיך, דאָס עסן, דאָס לייענען, די דעקלאמאציעס און געזאנג — אלץ איז שבתדיק. און מיר האָפן, אז פון אונזערע קינדער וועט קומען די גאולה: זיי וועלן שאפן ביי אונז א טראַ־דיציע, די אלט־נייע טראַדיציע, זיי וועלן דערהויבן דעם יום־טוב אין זיין נאַציאָנאַל־לאַנדווירטשאפטלעכן זין, אין זיין גאַנצער פּראַכט.

מיר באַצייכענען דעם יום־טוב, אלס א טראַדיציאָנעלן און אלס נאַטור־יום־טוב גלייכצייטיק. אלס ערד־ארבעטער און אלס מענטשן, וואָס לעבן אין שויס פון דער נאַטור, באַנייען מיר די יום־טובים און קערן זיי אום צו יענער נאַטירלעכער פאָרם, אין וועלכער עס האָבן זיי געפייערט אונזערע אבות, די ערד־ארבעטער, ווען זיי זיינען געזעסן אין לאַנד.

אין דער גאנצער גרויסער קאָמפּליצירטער שאפונג, וועלכע טראָגט אין זיך זוימען פון דער צוקונפטס־געזעלשאפט און הייסט קיבוץ, האָט די חברה א גרויסן חלק. אָבער אינם געזעלשאפטלעכן לעבן, אין דער באַ־שטימונג פון די ענינים אין דער קיבוצישער באוועגונג, איז איר אָרט פיל קלענער, ווי איר אָביעקטיווער אָרט ביים בויען דעם משק, ביים פאָרמירן דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן און ביים דערציען דעם צווייטן דור.

שרה קאפלאן

## די חברה אין מושב

### א.

עס זיינען דאָ א סך בשותפותדיקע געביטן פאַר דער חברה איז דער ארבעטנדער התישבות, וואו זי זאָל ניט זיין: אין מושב, אין קבוצה אָדער אין קיבוץ. און דאָך איז דאָ א גרויסע פאַרשידנהייט אינם עצם צוגאנג צו דער לעבנס־פאָרם. די איניציאטאָרן פונם מושב האָבן פאַרלאָזן די קבוצה ניט אויס יאוש, נאָר מיט אַן אַבסאָלוטן און קלאָרן באַוואוסטזיין,

אז דער ייד מוז קודם־כל זיין אַן איינגעוואָרצלטער פויער אויף זיין שטיקל ערד, באַארבעטן עס און טראַכטן וועגן דעם א גאַנצן טאָג, און אפשר אויך אין די נאַכט־שעה׳ן; א מענטש, וואָס זאָל זיך צובינדן צו דער ערד, באַאַקערן זי צייטנווייז מיט זיינע נעגל און מוזן אַרויסציען פון איר זיין חיונה, — ער, זי און די קינדער. דאָס אַלץ — מיט א פולשטענדיקער אײַבערצייגונג, אז דער כלל וועט דערלייזט ווערן דורך דער דערלייזונג פון פּרט, דעריבער מוז יעדער פּרט אויסלייזן זיך אליין, יעדער מענטש מוז אויף זיין אייגענער הויט דערקענען, וואָס אַזוינס איז אונזער ערד, ווי אַזוי, מיט וויפל מי און שוויס מען באַהערשט זי. זיי האָבן אין דער ערד־אַרבעט געזען אַלץ: די באַפרייאונג פונם מענטש, פונם פאָלק, דאָס ווידער־אויפבוי פון א פאָטערלאַנד פאַרן פאָלק. דאָס האָט אויך די אַרבעטערין געצויגן צו לאַנדווירטשאַפט נאָך בעת דער צווייטער עליה, דאָס האָט זי געבראַכט אין דער קבוצה אַריין און מיט יאָרן שפּעטער — צו דעם מושב.

ערד־אַרבעט קען מען ניט פאַרגלייכן מיט אַרבעט אין א פאַבריק. קען דען זיין א פאַרגלייך צווישן מעכאַניש׳ער אַרבעט, וואָס פאַרוואַנדלט דעם מענטשן אין א מאַשין אין די פאַב־יקס־באַדינגונגען, און צווישן דער אַרבעט אין שויס פון דער נאַטור, אין פעלד, אין גאָרטן, אין די צווייגן פון דער הויז־ווירטשאַפט? דאָס איז א שעפערישע אַרבעט, וואָס פאַרפולט די נשמה פונם מענטש, פאַרטיפט זיין געדאַנק, באַרייכערט זיין וועלט. אמת, די פילע אַרבעטס־שעה׳ן מאַטערן אויס, שעפּן אויס די כוחות, אָבער זיי גיבן א באַפרידיקונג, וועלכע מען קען זיך ניט פאָרשטעלן ביי קיין שום אַנדער אַרבעט.

כ׳וועל דערציילן וועגן דער באַפרייאונג פון דער פרוי אינם מושב, וועגן איר באַפרייאונג פון דער דורות־לאַנגער טראַדיציע, לויט וועלכער די יידישע פרוי איז ניט געווען זעלבסטשטענדיק. ס׳איז געווען עמעצער, וואָס האָט געזאָרגט פאַר איר, עמעצער, אויף וועמען זי האָט זיך אָנגע־שפּאַרט, און זי אַליין — פון נאַטור א פּאַסיווע — איז אייביק גרייט געווען אָפּצוזוקן זיך, ווען ס׳איז געווען א שטאַרקערער פון איר. אין מושב דער־וועקן זיך כאַראַקטער־שטריכן, טייערע פאַר יעדן מענטש און בפרט פאַר דער פרוי: אחריות, זאָרג, זעלבסטשטענדיקייט, אַנטוויקלונג פון די אַר־בעטס־פעאיקייטן לויט די מעגלעכקייטן. איך זאָג: „לויט די מעגלעכקייטן״, ווייל קיינער שטעלט ניט די פרוי צו דער אַרבעט, קיינער זאָגט איר ניט: „מאַך אַזא גאָרטן און א שטאַל פאַר אַזוי פיל און אַזוי פיל בהמות״. דאָס אַלץ ליגט אין די הענט פון דער משפחה אליין. ס׳פאַרשטייט זיך, אז מיר לעבן ניט אין קיין פּוסטן חלל, עס עקזיסטירט די פראַגע פון מאַרק און ס׳זיינען דאָ פיל פּראָבלעמען אין דער לאַנדווירטשאַפט בכלל און אין אונ־

זער לאנדווירשאפט בפרט, און ס'זיינען פאראן פארשיידענע סיבות, וואָס פאַרלענגערן אונזער ארבעטס־טאָג. אָבער קודם־כל איז די חברה די, וואָס באשטימט אירע ארבעטס־שעהן, די גרויס פון איר ווירטשאפט, זי איז די איניציאַטאָרין און די וואָס פאַרווירקלעכט.

מיר ווייסן: אַז אַן איבערגעגעבענער און געטרייער הילף מצד דער חבֿרה, אַן גרינדלעכע קענטעניסן אין יעדן צווייג, און אָן א שטענדיקן ווילן צו פאַרשענערן און פארשטאַרקן די געגרעטעניש — אָן דעם קען די גע־מישטע ווירטשאפט ניט אויפגעבויט ווערן. און זי איז דאָך דער פונדא־מענט, אויף וועלכן עס ווערט געבויט דאָס גאנצע פאָלק. קיין שום פאָרם פון התישבות קען ניט געבויט ווערן אָן דער ארבעט פון דער חברה אין דער לאנדווירטשאפט, און באזונדערס — דער מושב, וואו די גרויס פון ווירטשאפט איז ספעציעל צוגעפאסט צו די כוחות פון דער חברה. ס'איז ניט קיין לייכטע זאך. זי פאָדערט פיל כוחות פון גוף און נשמה; זי פאָ־דערט שטענדיקע חלוציות, א חלוצישן באוואוסטזיין פון אונזער שליחות אין לאנד, א גייסטיקע און ניט נאָר קערפּערלעכע גרייטקייט, ווייל אָפט־מאָל ארבעטן מיר ניט מיט די פיזישע, נאָר מיט די גייסטיקע כוחות.

אין דער צייט, ווען עס בויט זיך די משפחה, איז קליין די ווירט־שאַפט, קליין דער גרינסגאָרטן, דער שטאָל. די חברה באקומט הילף פאר 2—4 וואָכן אויפן חשבון פון דאָרף. זי באקומט אויך הילף אין פאל פון א קראנקהייט, אין דער אָפּרו־צייט, ווען זי נויטיקט זיך אין דעם לויט א פאָרשריפט פונם דאָקטאָר. מיר האָבן ניט קיין אורלויב, וואָס זאָל זיין געזעצלעך באשטימט. דער געזונט־צושטאנד פון די חברות איז אבער א גאנץ גוטער. הילף און קעגנזייטיקע אחריות — זיינען דער הויפּט־יסוד, אויף וועלכן עס באזירט זיך דער מושב. ס'איז כדאי צו באצייכנען, אז דער פראָצענט פון אָנשטעקנדיקע קראנקהייטן איז זייער א קליינער, און די קינדער וואַקסן, ווי די בוימעלעך, שטארקע און זעלבסטשטענדיקע. זיי זיינען איינגעוואָרצלט אין דער ערד, אינם משק; זיי זויגן אריין מיט דער מוטערס מילך די ליבע צו דער ערד, צום הינדעלע, צום קעלבל. גאָר קליינע קינדער פירן פערד, פירן אויס ארבעטן צווישן די הינער, אינם שטאָל. דאָס אלץ — אין די שעהן, ווען זיי זיינען פריי פון לערנען. אונ־זערע קינדער געהערן צו דעם הנוער העובד, זייער לעבן איז ברויזנד, פול געזונטע פרייד, אָבער גלייכצייטיק ארבעטן זיי אין דער ווירטשאפט. א צעניעריק מיידל נעמט אָנטייל אין קטיף און זי קען אונטערשיידן צווישן די סאָרטן פון די אַפּעלסינען, ווי אַן אמתע ספעציאַליסטין. און אז איר וועט פרעגן א ייִנגעלע אין מושב, ווי עס ארבעט די אָדער יענע מאַשין, וועט ער אייך ענטפערן ערנסט און באַזאַכט. אינם מושב אַרבעט די משפחה,

דער מאַן, די פרוי און די קינדער; אָן דעם וועלן מיר ניט קענען אויס־האלטן די ווירטשאַפט. אונזער גאַנצע אַרבעט ווערט געטאָן אויס איבער־געבנקייט, זאָרג און ליבשאַפט, די חברה שעפּט אירע כוחות פון דער באַפרידיקונג מיט די רעזולטאַטן פון איר אַרבעט, און אַ דאַנק איר מי ווערן געשאַפן גאַנצע צווייגן.

די שטרעבונג פון דער פרוי אין מושב צו אַרבעטן אין דער לאַנד־ווירטשאַפט, און ניט בלויז פירן די שטוב־אַרבעט, איז אַריבערגעגאַנגען אויך אויף די טעכטער. אונזערע טעכטער — דער עיקר די, וואָס האָבן ניט קיין עלטערע ברידער — אַרבעטן מיט די פערד. געוויס קענען מיר ניט זאָגן, אַז מיר זיינען פולשטענדיק זיכער לגבי די קומענדיקע דורות, אין דער געהעריקער באַציאונג צו די פילע ווערטן, וועלכע מיר האָבן מיט אונזערע אייגענע הענט געשאַפן. מיר זיינען בלויז דער ערשטער דור, אַ דור פון אָנפאַנגער, מיר פאָרמירן נאָר די געשטאַלט פונם דאָרף. מיר גלויבן, אַז מיר האָבן געשאַפן דעם יסוד פאַרן לאַנדווירטשאַפטלעכן משק אין ארץ־ישראל פונם געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט, און אונזערע קינדער וועלן גיין אין אונזער וועג. עס איז שוין פאַראַן ביי אונז אַ קייט פון דורות: אַ באָבע, אַ זיידע. איר וועט זען אַ זקן פון 70 יאָר, וואָס איז אין אויסלאַנד קיינמאָל קיין פּויער ניט געווען, און ער אַקערט און שניידט, און אַזוי אויך אַ זיבעציק־יעריקע מאַמע, וואָס אַרבעט אין משק און אין שטוב פרייוויליק, מיטן באַוואוסטזיין פון איר נוצלעכקייט. אַלזאָ — דריי דורות, די משפּחה פאַרצווייגט זיך. געוויס קענען מיר ניט זאָגן, ווי ס׳וועט אויסזען די דאָזיקע משפּחה אין יאָרן אַרום. דאָס איז פאַר אונז אַ נייע פּראַגע, אַפילו אין די עלטסטע משקים. ס׳זיינען דאָ אַ סך פּלענער. ס׳איז דאָ אַ ווילן ביי די קינדער פאַרצוזעצן דעם וועג, אין דעם זעלבן דאָרף אָדער אין אַן אַנדערן, — אָבער נאָר אין דער לאַנדווירט־שאַפט.

ב.

די פרוי אין מושב פילט אויס אַן ערשטראַנגיקע ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבע. די גרויסע אַרבעט באַפרייט זי אָבער ניט פון וויכטיקע געזעל־שאַפטלעכע אויפגאַבן און קודם־כל — פונם געבאָט פון דער שעה: אויפ־צונעמען קינדער־עולים. ביי אונז טראָגט די זאַך אַן אַנדער כאַראַקטער ווי אין קיבוץ. יעדעס קינד, יעדער יוגנטלעכער קומט ניט אין קיין קינדער־געזעלשאַפט אַריין, ניט זי נעמט אים אויף, נאָר די משפּחה, די חברה, דער חבר און אויך זייערע קינדער. ניט לייכט איז דער יוגנטלעכער געשיקט געוואָרן אין מושב אַריין. ס׳איז געווען אין אָנהויב אַ שטאַרקע קעגנשטעלן זיך דערצו, אפשר האָט די יוגנט אליין געהאַט אירע ספקות, ווייל דער

מושב האָט ניט צוגעגרייט קיין יוגנט־באַוועגונג אין גלות. אָבער נאָך צען יאָר עקזיסטענץ פון דער עלית־הנוער, קענען מיר מיט א רואיקן און זי־כערן הארצן פעסטשטעלן, אז די 500 יוגנטלעכע, וועלכע זיינען ביז דער מלחמה דורכגעגאַנגען די פאַרשיידענע מושבים, האָבן זיך איינגעצוויגן אין דער אַרבעט און באַהערשט די שפּראַך, זיי האָבן זיך צוריקגעקערט צום פאָטערלאַנד.

און ניט די יוגנט אַליין, אויך די קינדער. דאָ האָט מען זיך קעגנ־געשטעלט אַם שטאַרקסטן. מען האָט געזאָגט: ווי וועלן מיר אָפּגעבן קינ־דער אין איינצלנע משפּחות? אָבער מען קען מיט א פולשטענדיקער זיכער־הייט זאָגן, אז די משפּחה אינם מושב האָט אויפגענומען די קינדער מיט ליבע, און עס איז זיי צוריקגעקערט געוואָרן די היים. די קינדער פון טעהעראַן האָבן גלייך ווי זיי זיינען געקומען, גענומען רופן דעם חבר „טאַטע" און די חברה „מאַמע". היינט איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן זיי און צווישן אונזערע קינדער. זיי האָבן זיך איינגעפּאַסט אין דער גע־זעלשאַפט און אין שול, זייערע פּנימער האָבן זיך אינגאַנצן פאַרענדערט. די זאַך איז גאָרניט געווען אַזוי לייכט און פּשוט. די פראַגע פונם פרעמדן קינד אין דער משפּחה איז א שווערע פראַגע אויך אין אונזער משפּחה, ווען עס זיינען פאַראַן נאָך קינדער, ווייל די חברה מוז זיך תמיד צוהערן צו די געפילן פונם קינד, תמיד אַנטפּלעקן אין זיין נשמה דאָס, וואָס ער אַליין האָט ניט אַנטפּלעקט, ווייל דאָס דאָזיקע קינד האָט שוין ניט קיין צוטרוי צו אַנדערע. דאָס קינד דער פּליט האָט דורכגעמאַכט יאָרן פון פּיין, פאַריתומטקייט און וואָגלעניש, זייערע שפּורן זיינען טיף איינגעקריצט אין זיין נשמה, און ניט לייכט וועלן מיר דאָס קענען אָפּמעקן און מאַכן אים פאַר א נאָרמאַלן קינד. אין פאַרלויף פון א יאָר פילן זיך די קינדער אַליין, ווי ביי זיך אינדערהיים. הונדערטער קינדער זיינען אויף אַזא אופן דורכגעגאַנגען דעם מושב און געפונען אין אים א רואיקן ווינקעלע פונם גייסטיקן שטאַנדפּונקט. די אַרבעט שטערט אונז ניט איינצונעמען א קינד פון גלות. די פרוי ווערט אויפגעפאָדערט צו א גייסטיקער אָנשטרענגונג, זי מוז זיך באַטראַכטן, ווי אַזוי זיך אויפצופירן מיטן פרעמדן קינד, און ניט מאַכן קיין חילוק צווישן אים און די איבעריקע קינדער, ניט אין עסן און ניט אין קליידונג, אַרויסווייזן אים אַזעלכע געפילן, וואָס נאָר א מאַמע קען געבן א קינד. איך האָב זיך איבערצייגט, אז אין א קליינער משפּחה אין מושב קען מען אומקערן דעם קינד דאָס געפיל פון היים, וואָס פעלט אים שוין יאָרן־לאַנג. קיין שום קינדער־געזעלשאַפט קען ניט אומקערן דעם קינד די דאָזיקע מוטער־ליבע, דאָס קען טאָן בלויז א מאַמע, א היים, א ברודער און א שוועסטער.

מיר האָבן אויך אריינגענומען דערוואַקסענע עולים און מעפּילים. מיר פירן זיי ניט אריין אין קיין גרויסן עס־צימער, נאָר אין א קליין שטיבל, און מיר זעצן זיי אוועק לעבן דעם משפחה־טיש, מען רוקט זיך צונויף אביסעלע און מען באטייליקט זיי אין אַלץ. מיר האָבן זיי אויפגענומען ניט ווי געסט, נאָר ווי חברים וואָס אונזער פליכט איז צו לערנען זיי די שפּראַך און באקענען זיי מיטן לאַנד. ס׳איז ניט קיין לייכטע זאַך, ווייל עס קומען צו אונדז מענטשן נאָך יאָרן וואַנדערונגען, זייער גלויבן אין מענטשן האָט זיך א וואַקל געטאָן אין זייער הארצן, און מיר דאַרפן זיי אויפנעמען גאַסטפריינדלעך, ווייל פון דעם איז אָפּהענגיק, ווי אזוי זיי פילן זיך. א „גוט אויג" איז וויכטיק אומעטום — און דער עיקר לגבי א מענטשן, וואָס קומט פון א פרעמד לאַנד.

ג.

דאָס משפחה־קעמערל איז נויטיק פאַר יעדן מענטשן. מיר אַרבעטן מיט דער גאַנצער משפחה צוזאַמען. די משפחה האָט ניט אויפגעהערט צו דערפילן איר עקאָנאָמישע פונקציע, און זי פילט זי אויס מיט גרויס שפּאַנונג. די שטענדיקע זאָרג פאַרן קיום פון דער משפחה, פאַר איר אייניקייט, פאַר דער דערציאונג פון די קינדער, דאָס אַלץ היט די משפחה און לאָזט ניט די באַציאונגען זאָלן זיך אָפּשוואַכן. דאָס משפחה־נעסט איז א וויכטיקער פאַקטאָר אויך אינעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. אָבער ס׳טרעפט זיך אויך איינזאַמע חברות אלמנות. ווי אזוי צו דערמעגלעכן דער חברה פאַרצוזעצן איר לעבן אין דערווירטשאַפט, צו וועלכער זי האָט זיך צוגעבונדן פון טאָג פון איר באַשאַפן? ווי אזוי צו געבן איר און אירע קינדער אַן עקזיסטענץ־מעגלעכקייט? דאָס איז זייער א האַרבע פראַגע אין די מושבים. מיר האָבן נאָך ניט קיין תקנות, וועלכע זאָלן באַשטימען ווי צו האַנדלען אין אַזעלכע פאַלן. מיר „טאַפּן נאָך א וואַנט", אונזער שטרעבונג איז אָבער צו דערמעגלעכן דער פאַראייניזאַמטער חברה פאַרצוזעצן איר לעבן אזוי, ווי עס איז געווען פריער, און דאָס איז דער עיקר אָפּהענגיק פון איר ווילן, פון איר גרייטקייט צו טראָגן דעם דאָזיקן יאָך. און דער יאָך איז זייער א שווערער. דער דאַרף גיט אַן אַרבעטער פאַרן משק, אָבער ס׳איז ניט לייכט צו אַרבעטן מיט א פרעמדן מענטשן, ווייל ניט שטענדיק טויג ער זיך צו דער אויפגאַבע, וועלכע מען לייגט אויף אים אַרויף, ניט שטענדיק האָט ער א לעבעדיקע באַציאונג און אַן ערלעכן ווילן איבערצוגעבן זיך דער ווירטשאַפט, אזוי ווי דאָס האָט געטאָן דער חבר. גרויס איז די פּיין פון דער פאַראייניזאַמטער חברה. אמת, מען גיט איר אויך א מעגלעכקייט צו פאַרקלענערן דעם משק, עס ווערט דערצו באַשטימט א פאַר־

אַנטוואָרטלעכע קאָנטראָל־קאָמיסיע, אָבער איר איינזאמקייט בלייבט פונ־
דעסטוועגן זייער גרויס.

ד.

עס זיינען דאָ פאַרשיידענע פּראָיעקטן צו פאַרלייכטערן דעם לעבן
פון דער חברה אין מושב. צוליב דער גרויסער צאָל פון אירע ארבעטס־
שעהן, קען זי ניט לייענען און דערגענצן אירע ידיעות אין א גענוגנדער
מאָס. אונזער חברה איז אָבער וואכזאם און וויל זיך באטייליקן אין די
געזעלשאפטלעכע פליכטן פון דאָרף. די צאָל חברות, וואָס נעמען אָנטייל
אין די אסיפות, איז גרויס, אין די קולטור־קרייזלעך נעמען אָנטייל דער
עיקר חברות. אָבער עס איז קלאָר, אז נאָך אַן ארבעט פון פיל שעה׳ן אין
טאָג, קען זי ניט פירן אזא קולטורעלן לעבן, ווי זי וויל. און זי ראנגלט
זיך מיט זיך אליין און ליידט דערפון. א בוך איז דוקא דאָ אין שטוב, ווייל
דאָס רוב משפחות אין מושב אַבאָנירן פאַרשיידענע ביכער־אויסגאבן, אָבער
לייענען זיי איז ניטאָ קיין צייט. ס׳איז דאָ א שטענדיקע שטרעבונג צו
פאַרלייכטערן די ארבעטס־באדינגונגען, אריינצופירן א מאשין אויך צו
שטוב־ארבעט, א וואש־מאשין, איינריכטן א געמיינזאמען קאָאָפּעראטיוון
באַקן, בכלל פאַרשטארקן דאָס געביט פון קאָאָפּעראציע. עס זיינען אויך
דאָ אנדערע נייע פּרוּוון: עס זיינען אָרגאניזירט געוואָרן קאָלעקטיווע
מושבים, וואו דער יאָך, וואָס ליגט אויף דער חברה, איז קלענער, עס ווערט
איר געגעבן א ברייטער ארבעטס־פעלד אין משק, אויך אין דער ערד־
ארבעט. אָבער דאָס אלץ באפרייט אונז ניט פון זוכן כסדר וועגן צו פאַר־
בעסערן אונזערע ארבעטס־באדינגונגען.

הגם מיר זיינען אין מושב אַן ערשטראנגיקער עקאָנאָמישער פאַק־
טאָר, האָבן מיר זיך דאָך נאָך ניט באפרייט פון יענעם געפיל פון אונזי־
כערקייט ביים אויספילן אויפגאבן אין דער דאָרפס־פארוואלטונג. אין די
ווירטשאפטלעכע קאָמיסיעס זיינען 50% פון די באשעפטיקטע ביי די כלל־
אויפגאבן — חברות; אָבער אונזער שטעלונג אין דער דאָרפס־פארוואל־
טונג אנטשפּרעכט ניט אונזער שטעלונג אינם לעבן פון ווירטשאפט.
ס׳האָבן זיך געענדערט די ווערטן, ס׳האָט זיך געביטן די באציאונג צו דער
חברה און צו דער משפחה. אָבער מיר קענען נאָך ניט זאָגן, אז מיר האָבן
זיך שוין דערוואָרבן דאָס זעלבע רעכט אויף אַלע געביטן פון אונזער לעבן.
דעריבער איז אונזער שטרעבונג — א פולשטענדיקע אקטיוויזירונג פון
דער פרוי אין די פאַרשיידענע געביטן פון אונזער לעבן, פון אונזער
געזעלשאפט און ביים פאָרמירן די געשטאַלט פון דער דאָזיקער געזעל־
שאפט.

פ. אילנית

# די ארבעטערין אין דער אינדוסטריע

אין משך פון די לעצטע יאָרן איז פאָרגעקומען א כסדרדיקער אריינ־דרינגען פון דער ארבעטערין אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און אין די ווארשטאטן. דאָס רוב ארבעטערינס איז באשעפטיקט אין דער אינדוסטריע פון שפייז־פראָדוקטן, קליידונג, טאבאק, קארטאָנאזש; גלייכ־צייטיק איז כמעט ניטאָ אזא סעקציע אין אלע פאכן — אין בוי־ארבעט, מעטאל, טראנספאָרט א. א. — ביי וועלכע עס ארבעטן ניט א געוויסע צאָל ארבעטערינס. אויך אין די אונטערנעמונגען, אין וועלכע עס איז דער־גרייכט געוואָרן אַ קאָלעקטיווער ארבעטס־אָפמאך, א מינימום־לוין, א יערלעכער אורלויב, א פארזיכערונג ביי אומגליקס־פאלן, — אויך דאָרטן עקזיסטירן ספעציעלע פראגן פון דער ארבעטערין, וועלכע האָבן נאָך ניט געפונען זייער לייזונג. און אין שפיץ פון אלע פראגן — דער אונטערשייד אין לוין: א פארשיידענער לוין פאר דער זעלבער ארבעט. אזוי ארום ברענגט די ארבעטערין אונדירעקט צו ווארפן דעם לוין: עס זיינען דאָ אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן זיך געקליגט און אָנשטאָט ארבעטער גענו־מען ארבעטערינס, כדי צו צאָלן א קלענערן לוין פאר דער זעלבער ארבעט. די פראגע איז אַן ערנסטע און אַן אלגעמיין־הסתדרות'ישע. די אלגעמיינע אינסטאנצן מוזן קעמפן פאר א גלייכן לוין פאר גלייכע ארבעט, און צו־גלייך דערמיט זיכערן דעם אָרט פון דער ארבעטערין, אז מען זאָל זי ניט ארויסשטופן פון דער אינדוסטריע.

א פראגע פאר זיך איז די נידעריקע פאכמענישע קוואליפיקאציע פון דער אינדוסטריע־ארבעטערין. די ארבעט פון דער אינדוסטריע־ארבע־טערין איז דאָס רוב ניט ביי דער מאשין, נאָר ביי הילפס־ארבעטן: פאקן, קלעפן עטיקעטן, וואַשן פלאַשן, אויסענדיקן ביי שוסטעריי און שטריקעריי און ענלעכע. צוויי זיינען די רעזולטאטן דערפון: ערשטנס, איז זייער לייכט צו פארבייטן אַן אלטע ארבעטערין אויף א יינגערע און געזינטערע אָדער אויף א פראקטיקאנטין, ווייל די דאָזיקע ארבעטן פאָדערן ניט קיין פאכמענישקייט, נאָר פלינקייט; און צווייטנס, איז דער לוין פאר ניט־פאכמענישער ארבעט זייער א נידעריקער.

און נאָך א זאך: פילע אינדוסטריע־ארבעטערינס באקומען אַן עקס־פלואטאציע־לוין, אפילו נאָך פיל יאָרן ארבעט אין דער אונטערנעמונג, צומאָל אָן סאָציאלע רעכט, אָפט אין שווערע היגיענישע באדינגונגען. אין פילע אונטערנעמונגען זיינען פארבליבן ארבעטערינס־מוטערס בלויז אין

א קליינער צאָל, צוליב דעם נידעריקן לוין, וואָס דערמעגלעכט אפילו ניט אָפּצוגעבן דאָס קינד אין א דערציאונגס־אנשטאלט. און אזוי בייט זיך דער צוזאמענשטעל פון די ארבעטערינס, און דאָס שוואכט ממילא אָפּ זייער קאמף פאר בעסערע באדינגונגען. מען מוז אונטערשטרייכן, אז אין די אינדוסטריע־צווייגן מיט דעם קלענסטן לוין — ארבעטן ס׳רוב ארבעטע־רינס און מיידלעך פון די מזרח־עדות.

טויזנטער ארבעטערינס זיינען היינט באשעפטיקט אין דער אינדוס־טריע, און עס זיינען דאָ אונטערנעמונגען, וואו זיי זיינען דערגאנגען צו שטענדיקער ארבעט. א חוץ דעם קאמף פאר בעסערע ארבעטס־באדינגונ־גען און פאר א העכערונג פון דער קוואליפיקאציע, מוז מען פארשטארקן די קולטורעלע און אָרגאניזאציאָנעלע טעטיקייט צווישן די ארבעטערינס, און אויך בויען קינדער־אנשטאלטן לעבן די גרויסע אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען.

ב. קאצענעלסאָן

# די הסתדרות און די יוגנט

אויף וויפל די ארץ־ישראל־יוגנט איז איינגעוואָרצלט אין דער יידישקייט, אויף וויפל זי פאַרמאָגט א חוש צום פאָטערלאנד, נאַציאָנאַלע גרייטקייט ניט מיט וואָרט, נאָר מיט מעשים, און א חלוצישן גייסט — האָט זי עס צו פאַרדאנקען דעם יידישן ארבעטער, וואָס האָט איר געדינט אַלס מוסטער אין ארבעט, אין שמירה און הגנה, אין אחריות פארן גורל פון פאָלק. דעם ארבעטער, דעם שומר און דעם חלוץ האָט דער ציוניזם צו פארדאנקען, וואָס ניט די גאנצע ארץ־ישראל־יוגנט האָט אויסגעקליבן א באקוועמען לעבן אין הינטערלאנד צי אויף יענער זייט פראָנט.

די ארבעטער־באוועגונג האָט אָבער ניט פארשטאנען צו פירן אליין איר דערציערישע טעטיקייט צווישן דער ארץ־ישראל־יוגנט.

אין גלות האָבן מיר אויפגעשטעלט דעם „החלוץ". אין א״י האָבן מיר עפּעס אזעלכעס ניט געמאכט. מיר האָבן זיך געפרייט מיט יעדן חלוצישן פונק אין דער ארץ־ישראל־יוגנט, מיר האָבן סימפאַטיזירט מיט פארשיידענע אָנהויבן פון יוגנט־אָרגאניזאציעס, מיר האָבן אָבער דאָ ניט געזען די דירעקטע טעטיקייט פון דער הסתדרות.

איין גרויסע זאך האָט די הסתדרות געטאָן פאר דער יוגנט: זי האָט געהאָלפן אויפשטעלן די הסתדרות הנוער העובד (די אָרגאניזאציע פון דער ארבעטנדער יוגנט). ס'איז א גרויסע זכות פאר אונז. מיר זעען פאר זיך א גאנץ אייגנארטיקע יוגנט־אָרגאניזאציע, וואָס איז אויסגעוואקסן אויפן ארץ־ישראלדיקן באָדן. עס הייסט ניט, אז זי האָט אן אידעאָלאָגיע מיט א שטעמפּל פון אייגנארטיקייט, זי איז אָבער די פרוכט פון דער לאגע און די באדערפנישן פון דער ארבעטער־יוגנט אין לאנד; א רעזולטאט פון דער זאָרג פאר אירע ליידן, איר גורל און איר דערציאונג.

דער „הנוער העובד" האָט זיך געווענדעט צו די קרייזן פון דער אָרעמסטער און פאַרוואָרלאָזסטער יוגנט, וואָס קיין שום יוגנט־דערציער און יוגנט־אָרגאַניזאַטאָר וואָלט זיך מיט איר ניט געוואָלט פאַרנעמען, און ער האָט דערפירט זיינע חברים צו א מדרגה פון בויער פון נען, פון גינוסר, פון די וואָס דעראָבערן זיך זעלבסט צו דער ים־אַרבעט. דאָס איז א דערציערישער אויפטו. דער „הנוער העובד" פאַראייניקט יוגנט פון פוילן, פון די מזרח־לענדער, פון דייטשלאַנד, פון די משקים. דער „הנוער העובד" האָט קיין זאַך ניט גענומען פון גרייטן, ער האָט געוויס אין זיין אָנהויב ניט געוואוסט, צי וועט ער קענען דערהויבן זיינע חברים צו חלוצישע אויפטוען. ער האָט אָבער געטון זיין אַרבעט מיט אמונה. ער האָט זיך צוגעהערט צום טאָג־טעגלעכן לעבן פון דער אַרבעטער־יוגנט און געפונען פאַר איר דעם וועג צו א קולטורעלן לעבן, צו א פאָלקס־לעבן, צום אַרבעטס־געדאַנק און צו דער שאַפונג פונם דערוואַקסענעם ברודער. א דאַנק דעם אַלעם איז אים געלונגען אויפצוהויבן די יוגנט העכער און העכער, ער האָט אין איר האַרצן פאַרפלאַנצט דאָס באַוואוסטזיין פון איר ווערט און דעם ווילן זיך אַליין צו דערהויבן און די ברענענדיקע בענקשאַפט נאָך חלוצישער שאַפונג. א סך פון די, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די שול פון „הנוער העובד" זיינען א ברכה פאַר אונז אַלעמען.

ניט אַזוי איז געווען דער גורל פון דער שול־יוגנט. די הסתדרות האָט ניט געהאַלטן, אַז זי מוז איר געבן א חלוצישע דערציאונג, און די ערשטע פון דער שול־יוגנט, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן אויף צו פירן א חלוצישן לעבן, האָבן ניט געפונען פאַר נויטיק, ווי עס האָבן געהאַלטן די גרינדער פון „הנוער העובד", זיך ווענדן צו דער הסתדרות נאָך הילף. שוין אין ערשטן אַרויסלאָז פון דער תל־אביבער גימנאַזיע זיינען געווען יחידים, וועלכע האָבן זייער גייסטיקע וועלט געפונען אין דעם אַרבעטס־לאַגער, אָבער ביז די זאַך איז פון אַן ענין פון יחידים געוואָרן אַן ענין פון גאַנצע גרופּן, און ביז ס׳איז אויפגעשטאַנען די באַוועגונג פון „החוגים", וואָס האָט באַשטימט די חלוציות אַלס הויפּט־עיקר, איז אַריבער א לאַנגע צייט. די „חוגים" האָבן זיך צו דער הסתדרות ניט געווענדעט. ווי געוויינלעך ביי לערן־יוגנט, וואָס הויבט אָן פונדאָסניי, זיינען ביי זיי געווען פיל אינערלעכע ראַנגלענישן. ס׳איז ניט מיין אויפגאַבע אָפּצושאַצן, וואָס עס האָבן אויפגעטאָן די „חוגים", ווען זיי האָבן זיך פאַראייניקט מיטן ירושלים׳ער „לגיון הצופים" (סקויטן־לעגיאָן) און צוזאַמען זיך פאַרוואַנדלט אין די „מחנות העולים". ס׳איז ניט מיין זאַך אָפּצושאַצן דאָ זייערע ווערק אין רעננה, אין בית־השטה, אין סדום, אין מעוז. גענוג, אויב כ׳וועל זאָגן, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, ווען די ארץ־ישראלדיקע שול־יוגנט איז

אַרויף ניט איינציקווייז, נאָר גרופּנווייז אויפן חלוציש וועג, אַרויף מיט איבערגעגעבנקייט, טריישאַפט און עקשנות און האָט אַרויסגעוויזן גייסטיקע כּוחות און אַרבעטס־פֿעאיקייט. מיט אירע חלוצישע אויפטוען האָט זי אַריינגעטראָגן עפּעס אייגענס אין דעם אַלגעמיינעם ווערק פונם ארץ־ישׂראלדיקן אַרבעטער.

טראָץ דער וויכטיקער חלוצישער טעטיקייט פון די „מחנות־העולים" איז זיי ניט געלונגען צו ווערן פאַר דער לערן־יוגנט דאָס, וואָס „הנוער העובד" איז געוואָרן פאַר די מאַסן פון דער אַרבעטער־יוגנט. איך קען ניט פעסטשטעלן די סיבות, איך מיין אָבער, אַז צווישן אַנדערע סיבות איז געווען אויך דאָס פעלן פון אַן אָנשפּאַר אין דער הסתדרות.

עס שטייען פאַר אונז צוויי פראַגן:

א) וואָס דאַרף מען טאָן, כּדי אַרומצונעמען די שול־יוגנט או מאַכן פון זיי ערנסטע שותּפים אינעם אַרבעטס־לעבן און ווער זאָל עס טאָן: קרייזלעך, די פּאַרטיי, אָדער די הסתדרות?

ב) צי איז נויטיק איין אומפּאַסענדע ראַם פאַר דער שול־יוגנט, וואָס זאָל אַלעמען דערציען צו די געמיינזאַמע חלוצישע גרונד־ווערטן און איבערלאָזן די פרייהייט פון זעלבסט־באַשטימונג אין ענינים, לגבי וועלכע עס זיינען דאָ חילוקי־דעות, אָדער מען דאַרף בויען פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס לויט די שטרעמונגען, וואָס עקזיסטירן צווישן די דערוואַקסענע אַרבעטער?

אויף דער ערשטער פראַגע ענטפער איך: מען מוז פירן א גרויסע טעטיקייט צווישן דער שול־יוגנט — און די דאָזיקע טעטיקייט מוז פירן די הסתדרות. גוט האָט געטאָן די הסתדרות, וואָס זי האָט אָנגעהויבן פון דער אָרעמסטער און אָפּגעלאָזנסטער יוגנט. אָבער מיר טאָרן ניט מפקיר זיין קיין שום יוגנט. מיר האָבן ניט קיין קלאַסן־צוגאַנג צום קינד. יעדעס יידיש קינד איז א קאַנדידאַט צו אַן אַרבעטער־לעבן, און די הסתדרות מוז זאָרגן פאַר דער חלוצישער דערציאונג פון אירע צוקונפטיקע חברים.

און אויף דער צווייטער פראַגע ענטפער איך: לאָמיר ניט אויפשטעלן קיין וואַנט צווישן קינד און קינד, לויט די פאָרמען און די אידעאָלאָגישע אונטערשיידן, וואָס די דערוואַקסענע ווילן, אַז די קינדער זאָלן זיי אויסקלייבן. ס'האָט ניט קיין טעם, און נאָכמער: ס'איז א פאַרברעכן פאַנאַנדערצוטיילן שוין אין זייער קינדהייט די, וואָס דאַרפן ווערן שפּעטער חברים צו איין הסתדרות, צו איין חלוצישער מחנה.

.1938

ד ו ד.

# „הנוער העובד״, זיין וועג און זיינע אויפטוען

### 1. ביים אנהויב

די „הסתדרות הנוער העובד״ האט זיך אָנגעהויבן אָרגאניזירן סוף 1924. די עקאָנאָמישע לאגע פון דער ארבעטנדער יוגנט אין יענע יאָרן, איידער עס האט זיך געשאפן זיין אָרגאניזאציע, איז געווען זייער א טרויעריקע. קיין מלאכה און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וואָס זאָלן באשעפטיקן א גרעסערע צאָל יוגנטלעכע, זיינען נאָך דאן ניט געווען, און אין קליינע ארבעטס־פלעצער האבן געארבעט בלויז איינצלנע יוגנטלעכע; ס׳איז ניט געווען קיין שום געזעץ צום שוץ פון ארבעטנדן קינד. דער ארבעטס־טאָג איז געווען לאנג; דאָס רוב יוגנט האָט געארבעט אומזיסט, אין אן אילוזיע, אז מען לערנט זיי כלומערשט א פאך; דער ארבעטס־געבער האט געקוקט אויפן ארבעטנדן קינד פון אויבן אראָפּ, האט אים אויסגענוצט אלס שיק־יינגל, און אָפט פלעגט דאָס קינד ארויסגעוואָרפן ווערן פון דער ארבעט און ניט האָבן פאר וועמען זיך צו באקלאָגן.

אויך די קולטורעלע לאגע פון דער ארבעטער־יוגנט איז דאן געווען זייער א טרויעריקע. ביזן יאָר 1923 איז ניט געווען קיין שום אָוונט־שול פאר דער ארבעטנדער יוגנט; זיינע פרייע שעהן האט דאָס יינגל פארבראכט אין די גאסן, אָדער פלעגט זיך איילן א מידער און צעבראָכענער אין בעט אריין. זיין געפיל — א מינדערווערטיקייטס־געפיל; ער אליין האט געטראכט, אז ער איז ניט ווערט אריינצוקומען אין א געזעלשאפט פון שול־קינדער, ווייל זיי שטייען העכער פון אים. ארום זיבעציק פראָצענט פון דער ארבעטנדער יוגנט האט ניט געקענט לייענען און שרייבן. צוליב דער שווערער ארבעט האבן זיי אויך ניט געשטרעבט צו בילדונג.

א ריי פאקטאָרן האבן ארויסגערופן די אָרגאניזירונג פון דער ארבעטנדער יוגנט. מיר וועלן זיי דאָ אָנווייזן.

א. די פערטע עליה האט געבראכט אן עקאָנאָמישן אויפבלי אין לאנד. עס האבן זיך געעפנט מלאכה־ווארשטאטן און פאבריקן, וואָס האבן זיך גענויטיקט אין דער ארבעט פון לערנייינגלעך און האבן באשעפטיקט א קאָנטיקע צאָל יינגלעך, וועלכע פלעגן זיך צוזאמען טרעפן ביי דער ארבעט.

ב. עס זיינען אָנגעקומען יוגנטלעכע עולים, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען אריבערצוגיין צו ארבעט; אויך ארץ־ישראל׳דיקע יוגנטלעכע, אביטוריענטן פון פאָלקס־שולן, זיינען אריין אין די רייען פון די ארבעטער.

ג. די שולן פאר ארבעטנדער יוגנט האבן איינגעזייט קערנדלעך פון ארבעטער־באוואוסטזיין אין די הערצער פון זייערע תלמידים. דאָס אלץ האָט די ארבעטנדע יוגנט א שטויס געגעבן זי זאָל זיך אָנהויבן אָרגאניזירן.

2. די גרינדונג פון דעם „הנוער העובד"

אן קיין שום הילף הויבן אָן אין פארשיידענע פונקטן פון לאנד צו וואקסן אָרגאניזירטע גרופן פון דער ארבעטנדער יוגנט. אין תל־אביב האבן זיך אָרגאניזירט די יינגלעך אינם מעטאל־פאך, כדי צו פארבעסערן זייער לאגע. אין פתח־תקוה און כפר־סבא האבן זיך ארבעטנדע יינגלעך אָרגאניזירט אין איין פאראיין. די ברוגיזונג צווישן דער ארבעטנדער יוגנט איז געוואקסן. עס איז געקומען צום אויסדרוק דער שטארקער ווילן צו באפרייען זיך פון די עקספלואטאציע־קייטן. עס האט זיך אויך דער־וועקט די נייגונג זיך צו דערנענטערן צו דער הסתדרות. טיילן פון דער ארבעטנדער יוגנט האבן אָנגעהויבן שטרעבן צו אן אלגעמיינער אָרגאני־זאציע, וואָס זאָל ארומנעמען די גאנצע ארבעטנדע יוגנט.

חול־המועד סוכות, תרפ"ה (1925) איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאמענטרעף פון די גרופן פון ארבעטנדער יוגנט, פאָרשטייער פון 150 אָרגאניזירטע חברים. איין זאך האבן אלע אנערקענט: די ארבעטנדע יוגנט אָרגאניזירט זיך כדי צו קעמפן פאַר דער פארבעסערונג פון אירע לעבנס־באדינגונגען. עס זיינען באריירט געוואָרן פאָלגנדע פראגן:

א. צי איז די הסתדרות „הנוער העובד" אן אומאפטיילבארער חלק פון דער אלגעמיינער הסתדרות?

ב. צי זאָל מען די יוגנט אָרגאניזירן לויט פארטיי־ליניעס?

ג. וואָסער אָרט זאָלן אינם „הנוער העובד" פארנעמען די חלוצישע געבאטן?

אין דעם דאָזיקן צוזאמענטרעף איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאר דער „הסתדרות הנוער־העובד", וואָס נעמט ארום אלע עקאָנאָמישע און געזעלשאפטלעכע ענינים פון דער יוגנט, און אָט זיינען אייניקע פון אירע באשלוסן:

„דער צוזאמענטרעף דעקלארירט די נויטווענדיקייט צו גרינדן אן אלגעמיינע אָרגאניזאציע פון דער יידישער ארבעטנדער יוגנט אין ארץ־ישראל ביי הסתדרות העובדים. — — — דער גרונדגעזעץ פון דער „הסתדרות הנוער העובד" דארף געבויט ווערן אויף די פאָלגנדע פרינציפן:

א. די הסתדרות הנוער העובד העברי אין ארץ־ישראל פארבינדט און פאראייניקט די גאנצע יידישע ארבעטנדע יוגנט אין ארץ־ישראל צו אן עקאָנאָמישער טעטיקייט און א יידיש־סאָציאליסטישער דערציאונג.

ב. די הסתדרות הנוער העובד איז אַן אָרגאַנישער, אומאָפּהענגיקער חלק פון דער הסתדרות העובדים הכללית.

ג. די הסתדרות באַשטייט פון אָרטיקע סניפים (אָפּטיילן).

ד. די סניפים אָרגאַניזירן זייערע חברים לויט זייערע פאַכן אין ספּעציעלע סעקציעס לעבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון דער אַלגעמיינער הסתדרות.

ה. חברים אין דער אָרגאַניזאַציע קענען זיין יעדער אַרבעטנדער יינגל און יעדע אַרבעטנדע מיידל".

דער ערשטער צוזאַמענטרעף האָט אַריינגעטראָגן צווישן דער אַרבעטנדער יוגנט אַ גלויבן אין אירע כוחות. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ חודש פון אָרגאַניזאַציע אין לאַנד. צום ערשטן מאָל האָט די אַרבעטנדע יוגנט אָרגאַניזירט אייגענע פאַרזאַמלונגען, און די רעדנער — אַרבעטנדע יינגלעך. די דאָזיקע אסיפות האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפעה. נאָך דער אויפֿקלערונג איז געקומען די טאַט: עס זיינען אויסגעוואַקסן פאַך־סעקציעס, וואָס פלעגן דערשיינען פאַר די אַרבעטסגעבער און פאָדערן זייערע רעכט. די הסתדרות האָט געגעבן איר הילף. די אַרבעטסגעבער האָבן דערפילט די געפאַר פון די אָרגאַניזירטע יינגלעך. זיי האָבן באַשווערט די באַדינגונגען פון די טעטיקע חברים אין דעם הנוער העובד, עס זיינען אויסגעבראָכן שטרייקן פון דער אַרבעטנדער יוגנט.

האַנט ביי האַנט מיט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, פירט זיך אַ קולטורעל־דערציערישע טעטיקייט. מען פאַרברייטערט די שולן פאַר דער אַרבעטנדער יוגנט, מען לערנט עברית די חברים פון הנוער העובד, וועלכע זיינען אַ מיש־מאַש פון שפּראַכן און קולטורן. עס עפענען זיך קלובן. אין די קלובן זאָרגט מען פאַר אַרבעט, מען קען דאָרטן הערן אַ פאָרלעזונג, אַ שמועס, מען לייענט די צייטונג, מען שפּילט, מען גרייט צו אָוונטן און ענלעכעס.

### 3. יסודות

דאָס יאָר תרפ"ה איז געווען אין הנוער העובד אַ יאָר פון אַ ברייטער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט. עס ווערן אויפגעשטעלט סניפים אינם רוב פונקטן פון לאַנד. עס ווערט געשאַפן די ראַם, וואָס נעמט אַרום די אַרבעטנדע יוגנט פון אַלע עלטערס, עדות און פּראָפעסיעס. עס הערשט אַ פולער צוטרוי צווישן דער יוגנט אין שטאָט און אין דאָרף. די יוגנטלעכע כוחות, וואָס האָבן אויפגעוואַקסט, שטרעבן זיך אויך צו פאַרטיפן. עס הויבט אָן זיך צו קריסטאַליזירן די וועלט־אַנשויאונג פון דער אַרבעטנדער יוגנט. צום ערשטן מאָל זיינען די אידעאָלאָגישע יסודות געקומען צום אויסדרוק

אויף דער צווייטער לאנדעס־קאָנפערענץ אין ירושלים אין חודש אב תרפ״ה, וואָס האט צווישן אנדערע פאָרמולירט די פאָלגנדע באשלוסן:

„די אָרגאניזאציע פאראייניקט די גאנצע יידישע ארבעטנדע יוגנט אין ארץ־ישראל, כדי צו שאפן באדינגונגען פאר דער פארווירקלעכונג פון דער יידישער סאָציאליסטישער געזעלשאפט אין ארץ.

די אָרגאניזאציע פארטיידיקט די עקאָנאָמישע און קולטורעלע ענינים פון דער ארבעטנדער יוגנט, קעמפט פאר דער אויסבעסערונג פון די לעבנס־און ארבעטס־באדינגונגען, פירט א קולטורעל־דערציערישע ארבעט אין דער ריכטונג פון קלאסן־קאמף, פון זעלבשטענדיקער שאפונג פונם יידישן ארבעטער, און פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג״.

## 4. דער דערציערישער וועג

דער „הנוער העובד״ באטראכט זיך אלס יונגע רעזערוו פאר דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין ארץ־ישראל און דערציט זיינע חברים צו דערפילן אירע אויפגאבן.

אלס פועל־יוצא פון די דאָזיקע הנחות, זיינען באשטימט געוואָרן פאָלגענדע דערציאונגס־סיסטעמען:

א. די הסתדרות הנוער העובד איז ניט מוותר אויף קיין איין ארבעטנדן קינד; זי גלויבט אין די כוחות, וואָס זיינען פארבאָרגן אין די מאסן פון דער ארבעטנדער יוגנט, פאסט צו זיי צו איר דערציאונגס־וועג און זעט אין זיי דעם וואקסנדן כוח, וואָס וועט אין דער צוקונפט פארווירק־לעכן דעם סאָציאליסטישן ציוניזם.

ב. די דערציאונג פון מאסן שטייט ניט אין קיין סתירה צו דער דערציאונג פונם יחיד, צום פאָרמירן זיין געשטאלט און כאראקטער. אין א גוטער דערציאונגס־סיסטעם פארפולקאָמט די מאסן־טעטיקייט די דער־ציאונג פונם יחיד.

ג. די ארבעטער־באוועגונג בויט ניט אויף דער אויטאָריטעט פון יחידים־אויסנאמען. דער געמיינזאמער אויפטו פון די ארבעטער — ער איז דער דערציער.

ד. די ארבעטנדע יוגנט זעט אין דעם מדריך (אינסטרוקטאָר) א חבר און אן עלטערן ברודער, וואָס העלפט און ווערט געהאָלפן אין דער בשותפות׳ער ארבעט מיט זיינע יונגע חברים.

ה. די יוגנט פון אלע עלטערס איז מסוגל צו פארשטיין די פראָבלע־מען פון איר לעבן, פון לעבן פונם פאָלק און פונם קלאס. מען דארף ניט באהאלטן פונם קינד די סתירות, וואָס זיינען דאָ אין דער געזעלשאפט און

אין לעבן. מען דארף די הויפט־פּראָבלעמען ברענגען צו די חברים אין א צוגעפּאסטער פאָרם פאר יעדן עלטער.

ו. די ארבעטנדע יוגנט וועט אין דער צוקונפט דארפן לעבן צווישן די ארבעטער־מאסן. דאָס פארפליכטעט צוצופּאסן דאָס יינגל שוין אין זיינע יינגסטע יאָרן צו א געמיינזאמען לעבן מיט זיינע חברים, וואָס אונטער־שיידן זיך פון אים מיט זייער אָפּשטאמונג און אנטוויקלונג.

ז. די אויפטועון און געשעענישן פון דער באוועגונג דארף מען דער־הויבן צו דער מדרגה פון סימבאָלן, וואָס זיינען רייך מיט אינהאלט און ווירקן שטארק אויף דער יוגנט, דער עיקר אין יונגן עלטער.

ח. די ארבעטנדע יוגנט, וואָס לעבט פון קינדווייז אָן אין נויט און אין שטענדיקן קאמף פאר איר קיום און כבוד, דארף זיך אליין דערציען צו ליבן יעדן אונטערדריקטן, און שטרעבן צו ענדערן די אָרדנונג, וואָס אונטערדריקט די ארבעט.

ט. די ארץ־ישראלדיקע יוגנט איז ווייט פון דער ווירקלעכקייט פון די יידישע פאָלקס־מאסן אין גלות. ארץ־ישראל איז פאר איר ניט קיין לאנד פון טרוים און נבואה, נאָר א שווערע לעבנס־ווירקלעכקייט. אין דער דער־ציאונג פון דער ארבעטנדער יוגנט דארף דער לימוד וועגן לעבן פון פאָלק אין גלות און זיין עבר פארנעמען א צענטראלן ארט. די ארבעטנדע יוגנט דארף זיך באקענען מיט די ליטעראַרישע שאפונגען פונם פאָלק, מען דארף זי אריינפירן אין די פראגן פון כיבוש העבודה, פון דאָרף, פון דער התישבות, פון קאָלעקטיוון לעבן — צו וועלכן עס וועט שטרעבן די ארבעטנדע יוגנט.

י. אין דער דערציאונג פארנעמט א וויכטיקן אָרט די טעטיקייט פאר די נאציאָנאלע פאָנדן.

יא. מען דארף דערוועקן דאָס באוואוסטזיין, דעם ווילן און ליבשאפט צו ערד־ארבעט, אין א לעבנס־פאָרם, וואָס פארזיכערט קעגנזייטיקע הילף, גלייכקייט און שותפות.

יב. מען דארף אנטוויקלען גייסטיקע מעלות, ליבשאפט צו דער נאטור, א טיפע צוגעבונדנקייט צום פאָטערלאנד און זיין לאנדשאפט, קערפּערלעכע און גייסטיקע פעסטקייט און גרייטקייט צו די אויפגאבן פון שמירה און הגנה.

יג. מען דארף פארשטארקן די באציאונגען צווישן דער יוגנט אין לאנד און דער חלוצישער און פּראָלעטארישער יוגנט אין גלות און אין דער גאָרער וועלט.

יד. ממשות'דיקע קעגנזייטיקע הילף — א יסוד אין דער דערציאונג פון דער ארבעטנדער יוגנט.

### 5. די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם

א. לויט איר סאָציאַלער און דערציערישער טענדענץ און אנט־שפּרעכנד צו דער ארץ־ישראלדיקער ווירקלעכקייט, נעמט „הנוער העובד" ארום דאָס גאַנצע לעבן פון דער ארבעטנדער יוגנט און פאַרזאָרגט אַלע אירע באַדערפעניש. דער ארבעטנדער יינגל, וואָס געהערט צום „הנוער העובד", געהערט ניט צו קיינע פּאַרטייאישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס; אין „הנוער העובד" גופא איז ער פריי אין זיינע געדאַנקען, אָבער ער מוז זיך אונטערוואַרפן די געוויילטע אינסטאַנצן און דערפילן די פליכטן, וואָס מען לייגט אויף אים אַרויף.

ב. די פּראָפעסיאָנעלע סעקציע דינט אלס עקאָנאָמישער, פּראָפע־סיאָנעלער און דערציערישער מאָטאָר פאר דער ארבעטנדער יוגנט.

ג. די ארבעטנדע יוגנט ווערט פאַרטיילט אין דריי שיכטן: די יינגערע שיכט אין עלטער פון 10—13 יאָר, די מיטעלע שיכט 13—15 יאָר, די עלטערע 15—18 יאָר. אַלע שיכטן צוזאמען בילדן דעם אָרטיקן סניף.

ד. די קולטורעלע און דערציערישע ארבעט ווערט געפירט אין יעדער שיכט צוגעפאסט צום עלטער.

ה. די חברים פון דער יינגערער און מיטעלער שיכט געהערן צו דער־ציערישע גרופּן. צווישן די גרופּן איז פאראַן א צוזאמענארבעט. אויסער דעם ווערט געפירט א קולטורעל־דערציערישע ארבעט, וואָס נעמט ארום אַלע חברים פון דער שיכט. די קולטורעל־דערציערישע אַרבעט אין דער עלטערער שיכט ווערט געפירט אין דערציערישע גרופּן, אין די פּראָפע־סיאָנעלע סעקציעס, אין קלובן און אנדערע.

דער דריטער צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות העובדים, וועלכע איז פאָרגעקומען אין 1927, האט באשטעטיקט די באשלוסן פונם „הנוער העובד" וועגן דער פאָרם פון זיין אָרגאַניזאַציע און זיין וועג אין די פאָלגנדע רעזאָלוציעס:

דער דריטער צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות העובדים הכללית באַציי־כנט מיט פרייד און אנערקענונג דעם וואוקס און די אנטוויקלונג פון דער הסתדרות „הנוער העובד", וועלכע האט פאראייניקט די גאַנצע יוגנט פון אַלע קרייזן, עידות און שיכטן, פון די עולים און די אין לאַנד געבאָרענע, צו א דערציערישער און אָרגאַניזאַטארישער טעטיקייט.

„די הסתדרות הנוער העובד איז אן אומאָפּטיילבארער חלק פון דער הסתדרות הכללית. די קאָנפערענץ אנערקענט, אז די הסתדרות הנוער העובד איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט ארום די גאַנצע ארבעטנדע יוגנט אין לאַנד און זאָרגט צו דערפילן אירע קולטורעלע, דער־ציערישע, געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע באַדערפעניש".

### 6. די ספאָרט־טעטיקייט

די ספאָרט־טעטיקייט פון דער ארבעטנדער יוגנט דינט ניט בלויז ווי א ציל אן און פאר זיך — צו שטארקן דאָס געזונט פונם ארבעטנדן חבר און צוגרייטן אים צום לעבן פון אן ארבעטער־פארטיידיקער, נאָר אויך אלס אָרגאניזאציאָנעלער, קולטורעלער און דערציערישער מיטל. דער ספאָרט דארף זיין ארייננעפלאכטן אין דער קולטורעל־דערציערישער ארבעט, וואָס ווערט געפירט אין דער דערציערישער גרופע, אין דער שיכט און אין גאנצן סניף.

„הנוער העובד" האלט זיך אויפן געביט פון ספאָרט פאר א יונגע רעזערוו פונם ספאָרט־פאראיין „הפועל". די ספאָרט־ארבעט ווערט געפיר'ט דורכן „הפועל" און אונטער זיין אָנפירונג.

### 7. ווערק פון הגשמה

די פערזענלעכע הגשמה (פארווירקלעכונג) איז א יסוד אין דעם דערציערישן און געזעלשאפטלעכן לעבן פונם „הנוער העובד". אייגענע אונטערנעמונגען פונם „הנוער העובד" זיינען וויכטיקע מדרגות אין זיין ציוניסטיש־סאָציאליסטישן וועג. די אונטערנעמונגען פון „הנוער העובד" האבן א ספעציעלן כאראקטער: זייערע טרעגער און פארווירקלעכער זיינען די חברים פון „הנוער העובד" און זיי שטייען אָפן פאר יעדן חבר.

א. נען, די ערשטע קבוצה פונם „הנוער העובד":

אינם 1927 יאָר, אין דער צייט פון קריזיס און ארבעטסלאָזיקייט, זיינען צענדליקער חברים אריבערגעגאנגען פון תל־אביב אין די מושבות ארײן צום ווינטער־סעזאָן. נאָכן סעזאָן איז א געוויסע צאָל חברים געבליבן און זיי האָבן אוועקגעלייגט דעם גרונטשטיין פאר דער ערשטער לאנדווירטשאפטלעכער קבוצה פונם „הנוער העובד".

דריי יאָר האָט די קבוצה געוואנדערט פון איין אָרט צום צווייטן אין די שווערסטע באדינגונגען, פילנדיק אומעטום די שלעכטע באציאונג פון די ארבעטס־געבער, וועלכע האבן ניט געגלויבט, אז דער ארבעטנדער יינגל איז פעאיק צו זיין אן ערד־ארבעטער. די ווירטשאפט פון דער קבוצה איז געווען א נעבעכדיקע. זיי האָבן ניט באקומען קיין שום שטיצע און פינאנסיעלע הילף פון די קאָלאָניזאטאָרישע אנשטאלטן. זיי זיינען אויסגעשטאנען הונגער־טעג און פיין. ערשט אין יאָר 1931 זיינען 35 חברים ארויף אויף דער ערד פון דער קבוצה אין נענה, און היינט ציילט נען 800 נפשות. זי האָט א פארצווייגטע ווירטשאפט און שטרעבט זיך צו פארברייטערן און פארפעסטיקן. נען איז געווען און וועט בלייבן א צענטראלער חלוצישער פונקט פאר דער ארבעטנדער יוגנט.

ב. בית שערים: די ערשטע חברים, די עלטערע פון „הנוער העובד",

און זין פון די מושבים בלפוריה, מרחביה, תל־עדשים. האָבן אין 1929 יאָר געגרינדעט א מושב עובדים און אין 1936 יאָר זײַנען זיי זוכה געווען ארויפצוגיין אויף זייער ערד אין בית־שערים לעבן נהלל. היינט ציילט דער מושב 65 משפחות.

ג. ג י נ ו ס ר: די קבוצה האָבן אָנגעהויבן בויען אביטוריענטן פונם ערשטן ארויסלאָז פון די תל־אביבער בתי־החינוך (פאָלקס־שולן פון דער הסתדרות). נאָכן ענדיקן די לימודים זײַנען זיי אוועק לערנען אין בן־שמן. דאַן האָבן זיי פאָרגעזעצט זייער הכשרה אין דגניה א׳, און אין יאָר 1934 האָבן זיי אויפגעשטעלט זייער מחנה אין מגדל.

די קבוצה ציילט היינט 140 חברים, און זי שטייט אין א שווערן קאמף מיט דער געזעלשאפט פיקא, וואָס אויף איר ערד אין עמק גינוסר זיצט זי.

ד. א ל ו נ י ם: איר אָנהייב — א גרופע חברים פון תל־אביב, וואָס האָבן פארלאָזן די שטאָט אין דער „פראָספעריטי״־צייט פון 1935 יאָר און זײַנען אוועק קיין קרית־חרושת, וועלכע האָט זיך געבויט מיט פרעמדער ארבעט. אין דעם קאָלעקטיוון און שווערן לעבן אין קרית חרושת האָבן זיי זיך פארבונדן מיטן שומר א ל ע ק ס א נ ד ע ר ז י י ד, וועלכער האָט געוואוינט אויף די בערג פון שייך אבריק, און זיי האָבן באשלאָסן ארויפגיין אויף די בערג און שאפן א פאסטעכער־קבוצה. אין יאָר 1938 איז די קבוצה ארויף אויף איר ערד אין קוסקוס טבעון. די קבוצה האָט אריינגענומען עולים און זי האלט אין וואקסן. היינט ציילט זי ביי 200 חברים.

ה. ש ד ו ת ־ י ם: פון שטענדיק אָן האָט „הנוער העובד״ געשטרעבט זיך צוצוגרייטן צו ים־ארבעט. נאָך אינם „מחנה האלף״ אויפן הר הכרמל, סוכות תרצ״ז (1936) האָט זיך אָרגאניזירט די ערשטע קבוצה, וואָס האָט געארבעט אין חיפה׳ער פאָרט און געוואוינט אין געצלטן אין דער ים־גרופע אין מפרץ חיפה. פיל האָט די קבוצה דורכגעמאכט ביז זי האָט זיך אויסגעקריסטאליזירט, באהערשט די ארבעט און אויפגעשטעלט איר מחנה.

שדות־ים, דער נאָמען דריקט אויס איר לעבנס־אינהאַלט: ים און פעלד.

די קבוצה ציילט היינט 170 חברים. עס האָבן זיך אָן איר אָנגעשלאָסן חברים פון די „מחנות־העולים״, און זי האָט אויפגעשטעלט אירע געצלטן אין דער אמאָליקער קיסריה אויפצובויען זי פונדאָסניי.

ו. ח ו ל ת ה: די קבוצה באשטייט פון חברים פון „הנוער העובד״, פון די „מחנות־העולים״ און א גרופע יונגטלעכע עולים, וועלכע האָבן באקומען זייער הכשרה אין תל־חי. אין 1936 האָבן זיי זיך באזעצט לעבן יסוד המעלה אויפן ברעג פון מי־מרום (ים החולה) און פארנעמען זיך מיט פישפאנג און אנדערע ארבעטן. די קבוצה ציילט 180 חברים.

ז. א ל ו מ ו ת: אירע ערשטע חברים האָבן זיך דערצויגן אינם יוגנט־דאָרף בן־שמן. אין יאָר 1937 זײַנען זיי געקומען אין דער מושבה זכרון־יעקב און עס איז זיי געלונגען ארייַנצודרינגען דאָרט אין דער ארבעט. אייניקע יאָרן האָבן זיי זיך

קאָנצענטרירט אין פּוריה. אין 1946 יאָר האָבן זיי זיך באַזעצט אין ביתניה, אין עמק הירדן. די קבוצה ציילט קרוב הונדערט חברים.

ח. ר ב י ב י ם: דאָס ערשטע קערנדל פון דער קבוצה איז א גרופּע יוגנט־לעכע עולים, וועלכע איז געווען אין גבעת־ברנר אויף הכשרה און שפּעטער אריבער אין ראשון לציון.

די קבוצה ציילט 125 חברים. זי האָט זיך באַזעצט אין עסלוג׳, וואָס אין נגב.

ט. ג ש ר: אין פרילינג 1939 איז די קבוצה אריין אין דעם אלטן גשר־מחנה, וואָס אויפן ברעג פון ירדן. היינט ציילט די קבוצה 120 מאַן, חברים פון סניפים פון „הנוער העובד" אין לאַנד און פון יוגנט־גרופּן פון דייטשלאַנד.

י. ק ד מ ה: ווינטער 1940 איז די קבוצה געקומען אין נתניה. אירע חברים קומען פון הכשרות פון „הנוער העובד" און די יוגנט־גרופּן, וואָס אין מעוז־חיים און עין־חרוד. די קבוצה ציילט ביי א 100 חברים.

אין 1947 יאָר האָט זיך די קבוצה באַזעצט אין נגב.

יא. ה ד ס ה: אירע חברים האָבן באַקומען זייער הכשרה אין דגניה און זיי שטאַמען פון שפיה און בן־שמן. ווינטער 1939 זיינען זיי געקומען אין חדרה און האָבן אין איר געאַרבעט פאַרשיידענע אַרבעטן. דער אָרט פון זייער התישבות — אויף דער ערד פון גזר, אויפן וועג פון תל־אביב אין ירושלים. די קבוצה ציילט 100 חברים.

יב. מ נ ר ה: נאָך א צוויי־יאָריקער הכשרה אין תל־חי, האָבן זיי צוויי יאָר געאַרבעט אין דער מושבה נס־ציונה. די חברים זיינען פון „הנוער־העובד" אין ירושלים און פון א גרופּע יוגנטלעכע עולים. זיי זיינען אַרויף קיין מנרה, אינם אויבערשטן גליל, און בויען זייער היים אויף די באַרג־שפּיצן, אויף דער גרענעץ פון סוריה און לבנון. זייער צאָל — 105 חברים.

יג. ב י ת  ה ע ר ב ה: חברים פון „מחנות העולים" האָבן זיך באַזעצט צפון׳דיק פונם ים־המלח. צו זיי זיינען צוגעקומען חברים פון „הנוער העובד" און זיי פאַרוואַנדלען די וויסטעניש פון ים־המלח־געגנט אין א פּרוכטבאַרן, געבענטשטן אָרט. די קבוצה ציילט 110 חברים.

יד. ג ב ע ו ת ־ ז י י ד: די דאָזיקע קבוצה דינט אלס לעבעדיקער דענקמאָל פאַרן אלטן שומר אלעקסאַנדער זייד, וועלכער איז געפאַלן אין די אומרוען פון 1936־טן יאָר. די קבוצה איז געגרינדעט געוואָרן אין 1943 יאָר און ציילט 120 חברים.

ט״ו. ז ר ע י ם: די חברים פון דער קבוצה —דאָס איז די גרופּע יוגנטלעכע עולים, וואָס האָבן באַקומען זייער הכשרה אין כפר־יהושע און אשדות־יעקב און האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער קבוצה „מדורות". די קבוצה זיצט לעבן עין־חרוד, ביי דעם וואַסערקוואַל חרוד.

ט״ז. ה ח ו ת ר י ם: די קבוצה זיצט אין מפרץ חיפה לעבן קרית־חיים. זי אַרבעט אין האַפן און פאַרנעמט זיך מיט פישפאַנג.

י״ז. באָרות: די קבוצה טראָגט דעם נאָמען „באָרוֹת״ צום אָנדענק פון בערל קאַצנעלסאָן, וואָס זיין העברעאישער נאָמען איז באֶרי. זי האָט זיך באזעצט אין דעם נגב. זי ציילט 160 חברים.

י״ח. בית־קשת: א געמיינזאמער אויפטוי פון די „מחנות העולים״ און „הנוער העובד״. די דאָזיקע קבוצה איז ארויף אויף איר באָדן, ביי דער לאנדווירט־שאפטלעכער שול פון כדורי אינם גליל התחתון.

י״ט. עין־זיתים: דאָס קערנדל פון דער קבוצה בילדן חברים, וואָס האָבן געענדיקט די הכשרה אין אפיקים, זיי האָבן זיך באזעצט אויפן באָדן פון עין־זיתים, ביי צפת, אין גליל העליון. עין־זיתים ווערט קאָלאָניזירט שוין דאָס דריטע מאָל דורך יידן.

כ. איל: די קבוצה באשטייט פון חברים פון „הנוער העובד״ און יוגנט־לעכע עולים פון די באלקאַן־לענדער. זיי זיצן אין כפר־סבא און ווארטן אויפן טאָג, ווען זיי וועלן ארויפגיין אויף זייער באָדן אין דרדרה, אויפן מזרח־ברעג פונם ים החולה.

כ״א. חֻקוֹק: א גרופע ארבעטנדע יוגנט, אביטוריענטן פון דער לאנדווירט־שאפטלעכער שול אין מקוה־ישראל. באזעצט זיך אויף א בארגיקן באָדן אין גליל.

כ״ב. בית אשל: ניט ווייט פון באר־שבע. א קערנדל פאר א מושב עובדים. די חברים זיינען יוגנטלעכע עולים, וואָס האָבן זייער הכשרה באקומען אין מושבים. בית־אשל צוזאמען מיט רביבים אין עסלוג׳ שאפן „אָבסערוואציע־פונקטן״, אויף אויסצופאָרשן די קאָלאָניזאציע־באדינגונגען אין נגב.

כ״ג. החושלים: א קבוצה, וואָס געפינט זיך אויפן באָדן פון ג׳יב יוסף, אויפן וועג צווישן ראש־פינה און צפת, כדי צוצוגרייטן דאָס אָרט פאר קאָלאָניזאציע.

כ״ד. משגב עם: אויף דער גרענעץ פון לבנון, א בארגיקע זידלונג, איבער כפר גלעדי.

די דאָזיקע אויפבוי־ווערק, וועלכע געהערן צום קיבוץ־המאוחד, צום חבר הקבוצות און צו דער באוועגונג פון מושבי־עובדים, האָבן געדינט און דינען א כוח, וואָס ציט צו און דערציט די טויזנטער ארבעטנדע יינגלעך צו חלוציות און הגשמה.

### 8. דערציאונג און פאך־בילדונג

#### א. שולן פאר דער ארבעטנדער יוגנט

שוין אין יאָר 1923—1924 האָבן זיך געעפנט די ערשטע שולן פאר ארבעטנדע יוגנט, וועלכע האָבן געדינט אלס יסוד פאר „הנוער העובד״. זיי גיבן דעם ארבעטנדן קינד די עלעמענטארע ידיעות, יידישע געשיכטע און געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל, זיי פארברייטערן דעם האָריזאָנט פון זיין דענקען. ס׳איז געשאפן געוואָרן א ספעציעלע פראָגראם פאר די דאָזיקע

אָונט־שולן, וואו עס קומען לערנען קינדער און יוגנטלעכע, מידע פון א גאנצן טאָג ארבעט. די שולן זיינען אן אוצר פאר דער באוועגונג. די צאָל שילער אין די 20 שולן אין שטאָט און מושבה איז העכער צוויי טויזנט.

## ב. אָוונט־שולן פאר פאך־בילדונג

די טעטיקייט פאר פאך־אויסבילדונג פון די ארבעטנדע יינגלעך ווערט געפירט אין צוויי ריכטונגען: א) ס׳ווערט געפאָדערט פון דעם ארבעטס־געבער צו באשעפטיקן דעם געהילף ביי פאך־ארבעט און אויף אזא אופן דערמעגלעכן אים אויסצולערנען זיך דעם פאך; ב) עס ווערן געעפנט קורסן און ווארשטאטן, וואו דער ארבעטנדער יינגל קען זיך אין די אָוונט־שעהן דערגאנצן אין זיין פאך. פארשיידענע פאך־קורסן זיינען געווען טעטיק שוין אין די ערשטע יאָרן פון דעם „הנוער העובד״ אין תל־אביב, ירושלים, חיפה. אין יאָר 1929 האבן זיך געעפנט ווארשטאטן פארן מעטאל־פאך אין תל־אביב. קפא״י (דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטער־פאָנד) האט געזאָרגט פארן ביודזשעט פון די ווארשטאטן. אין יענעם יאָר איז געשטאָרבן אין אמעריקע מ א ק ס פ י י ן, איינער פון די פירער פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, און איינער פון די בויער פון דער באוועגונג פארן ארבעטנדן ארץ־ישראל אין אמעריקע. ס׳איז באשלאָסן געוואָרן מיטן הסכם פונם ועד הפועל פון דער הסתדרות אנצורופן די ווארשטאטן אויף זיין נאָמען און אויף אזא אופן שטעלן א לעבעדיקן דענקמאָל אים און זיין וויכטיקער ארבעט. א מעטאל־ווארשטאט האט זיך אין יאָר 1930 געעפנט אויך אין ירושלים. אין חיפה פלעגן די חברים באקומען זייער פאך־בילדונג אין די ווארשטאטן פונם טעכניקום.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך די טעטיקייט זייער פארצווייגט, און קרוב 2000 שילער און שילערינס באזוכן די אָוונט־שולן פאר פאך־בילדונג, וועלכע האבן זיך געעפנט אין אלע שטעט און אין א צאָל מושבות.

### 9. ארבעטס־געזעצן צום שוץ פון יוגנטלעכע ארבעטער

דער קאמף פאר רעגירונגס־געזעצן, וואָס זאָלן שיצן די ארבעטנדע יוגנט, האט זיך אָנגעהויבן שוין אינם ערשטן יאָר עקזיסטענץ פון דער הסתדרות. דער הועד הפועל פון דער הסתדרות האט דערלאנגט דער רעגי־רונג א גאנצע ריי מעמאָראנדומס אין דעם ענין. ערשט אין יאָר 1927 האט די רעגירונג פארעפענטלעכט דעם געזעץ „וועגן באשעפטיקן פרויען און קינדער אין דער אינדוסטריע״. דער דאָזיקער געזעץ, וואָס איז בשעתו און אין די ספעציפישע באדינגונגען פון די מזרח־לענדער געווען א וויכטיקע דערגרייכונג, באפרידיקט ניט די ארבעטנדע יוגנט. נאָך א לאנגן קאמף

פון דער הסתדרות איז לעצטנס דער גזעזץ פארעפנטלעכט געוואָרן פונ־דאָסניי אין א פארבעסערטער פאָרם.

### 10. „במעלה"

שוין אין צווייטן יאָר עקזיסטענץ פון „הנוער העובד" איז דער־שינען דאס ערשטע העפט צום ערשטן מאי. אין יאָר 1930 האָט אָנגעהויבן סיסטעמאטיש צו דערשיינען די צוויי־וואָכנשריפט „במעלה", וואָס גייט ארויס כסדר שוין זיבעצן יאָר. „במעלה" איז די איינציקע שטענ־דיקע צייטשריפט פאר יוגנט אין לאנד.

### 11. לאנדעס־סעמינארן

די ארבעט פון די אינסטרוקטאָרן פון „הנוער העובד" באשטייט ניט בלויז אין בארייכערן די ידיעות פון די חברים, נאָר דער עיקר אין צוגרייטן זיי צו זיין אין דער צוקונפט יידישע בויענדע און קעמפנדע ארבעטער. דער אינסטרוקטאָר פון „הנוער העובד" דארף זיין אויסגעבונדן מיטן לעבן פון דער הסתדרות, קענען די ליידן און נויט פון דער ארבעטנדער יוגנט. די אינסטרוקטאָרן זיינען דאָס רוב יינגע חברים, וואָס זיינען אויסגעוואקסן און זיך דערצויגן אין דער באוועגונג, אָבער דאָס ארבעטס־לעבן האט זיי ניט דערמעגלעכט צו דערווערבן זיך א גענוגנדע בילדונג; דעריבער ווערן אָרגאניזירט סעמינארן צו העלפן דעם אינסטרוקטאָר זיך דערגענצן, אויפ־קלערן פראגן און רעזיומירן זיין ארבעטס־דערפארונג.

### 12. אָפרו־היימען און סאנאטאָריעס

אין משך פון יאָרן האט „הנוער העובד" געשטרעבט צו דערגרייכן א יערלעכן אורלויב פאר די ארבעטנדע יוגנטלעכע, כדי זיי דערמעגלעכן צו פארברענגען אייניקע וואָכן אויף דער פרישער לופט און אָנקלייבן כוחות. עס זיינען דאָ פיל יינגלעך, וואָס די שווערע ארבעט האט אויסגעשעפּט זייערע כוחות. אין די לעצטע יאָרן איז שוין אין רוב ארבעטס־פלעצער איינגעפירט געוואָרן צו געבן די יוגנטלעכע צוויי וואָכן אורלויב א יאָר. מיט דער הילף פונם ועד הפועל פון דער הסתדרות, קופת־חולים, געזעל־שאפט „אזע" און צענטראלע פון „הנוער העובד" ווערן אָרגאניזירט יאָר־יערלעך אָפרו־און דערהוילונגס־מחנות פאר די יוגנטלעכע. אין נען איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער „ב י ת ב ר ל", — אויפן נאָמען פון בערל קאצנעלסאָן, וואָס דינט אלס צענטראלער אָפרו־אָרט.

### 13. כינוסים, מחנות, אויספלוגן

די ארבעטנדע יוגנט ווייס די גרויסע דערציערישע ווערט פון כינו־סים און יוגנט־לאגערס, הגם אירע לעבנס־באדינגונגען דערלויבן איר ניט

איינצואָרדנען זיי אין דער פאסיקער צייט. זי ווייס, אז דער אינהאלט פון די מחנות פון ארבעטנדער יוגנט איז גאָר אנדערש, ווי דער אינהאלט פון א לאגער פון סתם יוגנט. די מחנות און כינוסים פון „הנוער העובד" האבן א ספעציפישן כאראקטער סײַ אין זייער פאָרם, סײַ אין זייער אינהאלט. אויסער כינוסים און מחנות האט „הנוער העובד" כמעט יעדן פסח איינגע־אָרדנט אויספלוגן, אין וועלכע עס פלעגן אנטיילנעמען הונדערטער חברים; זיי פלעגן דערקענען דאָס לאנד און באקענען זיך מיטן לעבן פונם יידישן ארבעטער אין זיינע אייגענע ווירטשאפטן. הויפטזעכלעך אָבער פלעגן די מחנות פאראייניקן די חברים, שטארקן צווישן זיי די קעגנזייטיקע הילף, דערנענטערן זיי צו דער נאטור און צוגעבן מוט צו טראָגן הויך זייער פאָן.

ב. חאַחלאָווקין

# דער וועג פונם הנוער העובד

**א.**

פון אָנהויב אן האט זיך „הנוער העובד" באשטימט אייניקע פרינ־ציפּן. דער ערשטער פרינציפּ: „הנוער העובד" איז אן אומאָפּ־רייסבארער חלק פון דער הסתדרות הכללית. עס זיינען געווען מיינונגען, אז דערמיט האט דער „הנוער העובד" פארקלענערט זיין זעלבסטשטענדיקייט; אזוי האבן אויף אים געקוקט מענטשן, וועלכע האבן געזען די יוגנט־באוועגונג ווי א בונט קעגן דער אָרדנונג פון טאטע־מאַמעס־היים. אָבער אין דער פּראָלעטארישער יוגנט־באוועגונג איז דאָס קינד געווען א שותף מיט זיין פאָטער און ברודער אין זיין לעבנס־קאמף. „הנוער העובד" האט זיין רעוואָליוציע געזען אויף א ברייטערן יסוד: א סאָציאַליסטישן רעוואָלט פאר א נייער אָרדנונג, א ציוניסטישן רעוואָלט פאר א פאָטערלאנד. אין דער הינזיכט איז די ארבעטנדע יוגנט געווען א שותף דעם אָרגאניזירטן ארבעטער־כלל. ווייל די ארבעטער־באוועגונג אליין איז א באוועגונג פון יוגנטלעכקייט און באנייאונג.

„הנוער העובד" איז געגאנגען דעם וועג פון אן אלגעמיינער באוועגונג — דאָס איז דער צווייטער פרינציפּ. אונזער באוועגונג אין אן איינגעוואָרצלטע ארץ־ישראל'דיקע באוועגונג וואָס ווייס, אז אלע ארבעטס־קינדער, וועלכע וואקסן אין לאנד, וועלן אמאָל שאפן דעם ארבעטער־קלאס, און דעריבער האָט זי זיך געבויט אויף אזא אופן, אז זיי אלע זאָלן

אין איר געפינען זייער היים. אזוי האט זי זיך צוגעפאסט אן אייגענעם דער־ציאונגס־וועג, איר קלוב־לעבן, זי האט באקעמפט אלע מאָמענטן פון גרויס־האלטעריי, וואָס זיינען געווען אין דער סקויטן־באוועגונג, און זי האָט אויסגעקליבן א פשוטן מאסן־וועג, וועלכע ווירקט מיט לעבעדיקע מיטלען און שאפט א צוגעפאסטע געזעלשאפט פאר יעדן ארבעטנדן יוגנטלעכן.

און דער דריטער פרינציפ — „הנוער העובד" האט געוואָלט פאר־ענטפערן א ל ע פ ר א ג ן פון דער ארבעטנדער יוגנט: אין אים זאָל זי פירן איר פראָפעסיאָנעלן קאמף, אין אים זאָל זי זיך אויסלעבן געזעל־שאפטלעך, און אין אים זאָל זי טרוימען דעם חלום פון איר הכשרה און הגשמה (פארווירקלעכונג). דער געדאנק פון דער פ א ר א י י נ י ק ו נ ג פון די פ ו נ ק צ י ע ס איז ארויסגעדרונגען פון ממשותדיקן לעבן פון דער ארבעטנדער יוגנט. אין דער קורצער פרייער שעה, וואָס בלייבט דעם יינגל נאָך דער ארבעט, דארף ער דאָ געפינען אלץ, וואָס אים פעלט. דאָס פארנעמען זיך מיט די פראָבלעמען פון דער ארבעט האבן מיר געהאלטן פאר אן ערשט־ראנגיקן דערציאונגס־מיטל, און די דערציאונג און די אויפ־קלערונג — ווי א תנאי פאר דער הצלחה פון אונזער פראָפעסיאָנעלן קאמף. דעריבער זיינען די פראָפעסיאָנעלע און די קולטורעלע אויפגאבן און דאָס גיין אויף הכשרה און הגשמה ענג פארבונדן צווישן זיך.

## ב.

די אידעאָלאָגיע פונם יוגנטלעכן ארבעטער וועגן זיינע אויפגאבן לגבי דעם פאָלק און קלאס איז אויסגעוואקסן פון זיין לעבן און זיינע טאטן. מיר האבן ניט פאָרמולירט קיין פראָגראמען, אָבער מיר האבן אויפגעטאָן ציוניסטישע און סאָציאליסטישע מעשים, וועלכע זיינען א פראָדוקט פון דענקען און רעאגירן אויף אונזערע לעבנספראגן. אונזער אידעאָלאָגישער וועג האט זיך אויסגעקריסטאליזירט אין די ממשותדיקע טאטן פאר אויס־לייזן די ערד, פאר התישבות און כיבוש, פאר יידישער ארבעט, הגנה, פאר פראָפעסיאָנעלן קאמף. עס האָט באלויכטן אונזער וועג דער גלויבן, אז דער ארבעטער טראָגט די מענטשלעכע שליחות, אז דער איינציקער אָנשפאר אין דער מלחמה פאר באפרייאונג זיינען די פאָלקס־מאסן, וועלכע וועלן ניט פארפירן, נאָר אויסלייזן זיך און די מענטשהייט.

פון דעם דאָזיקן גלויבן איז אויך אויסגעוואקסן די אינערלעכע דעמאָקראטיע פון „הנוער העובד". מיר האָבן ניט געהאט קיין ראנגען, קיין שטאב און קיינע שום פאָרמען פון אָנפירערשאפט. מיר זיינען געווען א דעמאָקראטישע באוועגונג, וועלכע פארלאָזט זיך אויף דער פעאיקייט פון אירע צאָלרייכע חברים צו אורטיילן. אונזערע אקטיווע חברים און

אינסטרוקטאָרן האַלטן, אַז זייער חוב איז נאָר צו באַדינען די מאַסן פון דער יוגנט.

ג.

דאָס „אייביקע" פּראָבלעם פון „הנוער העובד" איז דער אומאויפהערלעכער געראַנגל צווישן דער שטרעבונג צו פאַרטיפן די דערציאונג און דער באַדערפעניש אַרומצונעמען אַלץ נייע און ברייטערע מאַסן פון אַרבעטנדע יוגנטלעכע, וועלכע געפינען זיך נאָך ניט ביי אונז. ניט איינמאָל שפּרינגט אַרויס די קנאה פון אונזערן אַ חבר צו דער קליינער און שטילער באַוועגונג פון שול־יוגנט, וואָס פירט אירע חברים פון שיכט צו שיכט און פון ראַנג צו ראַנג, און עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דעם דאָזיקן וועג געוואָלט אָנוואַרפן אויף אונז. אָבער דער „הנוער העובד" האָט מיט זיין געזונטן חוש דערפילט די גרויסע געפאַר, די געפאַר פון שליסן די היים פון דער אַרבעטנדער יוגנט פאַר יענע מאַסן יוגנטלעכע, וועלכע זיינען טאַקע ניט גענוג דערצויגן, אָבער די היים איז זייער היים, און אונזער פליכט איז דערפירן זיי צום באַוואוסטזיין פון זייער רעכט אויף די דאָזיקע היים.

די לאָזונג פון אַראָפּגיין אין די געסלעך פון דער אָרעמקייט, צו די נידעריקסטע שיכטן — איז געווען און וועט תמיד בלייבן דער וועג פון „הנוער העובד", ווייל דאָרטן איז אונזער מקור, פון דאָרטן קומט אונזער כוח. עס איז ניטאָ קיין גרונט צו מקנא זיין יענע יוגנט־באַוועגונגען, וואָס די „הגשמה" איז ביי זיי פאַרפליכטענד, ווייל פון דאָרטן זיינען פאַקטיש געגאַנגען צו הגשמה פיל ווייניקער ווי פון אונז. און הגם מיר האָבן זיך ניט מתחייב געווען צו שיקן פון דער יינגסטער שיכט אויף הכשרה און הגשמה — דערווייזן אָבער אונזערע אויפטוען אויפן געביט פון הגשמה די ריכטיקייט פון אונזער וועג. די באַמיאונג צו מאַכן דעם „הנוער העובד" פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע אַרבעטנדע יוגנטלעכע — זי האָט עס אויסגעבילדעט די געשטאַלט פון אונזער מדריך, דאָס איז דער אַקטיווער אַרבעטנדער יינגל, וואָס די היסטאָרישע שליחות פון זיין קלאַס און פאָלק שטייט אים פאַר די אויגן.

ווי שטאַרק מיר זאָלן ניט וועלן פירן אַן אינטענסיווערע דערציאונג, קענען מיר זי ניט רעאַליזירן, ניט בעמענדיק אין אַכט די מאַסן אַרבעטנדע יוגנטלעכע, וואָס זיינען נאָך צו אונז ניט דערגאַנגען, וועלכע זיינען אָבער אונטערוועגס צו אונז. אַזאַ „אינטענסיווע" דערציאונג וואָלט ביי אונז ניט פאַרשטאַרקט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פאַרווירקלעכונג.

ד.

„הנוער העובד״ שטייט די גאנצע יאָרן אין קאמף מיט אלע קעגנער פון ציוניזם און נאציאָנאלן רענעסאנס, ווי אויך מיט די, וועלכע ווילן אונטער דער מאסקע פון רעליגיע דערוווייטערן די ארבעטער־יוגנט פון איר קלאס. מיר שטייען אין קאמף מיט דער קאָמוניסטישער „פראקציע״, וואָס באמיט זיך אויסצונוצן די רעוואָלוציאָנערישקייט פון „הנוער העובד״ און אָפּווענדן אים פון זיין פּאָלק און שליחות. „הנוער העובד״ שטייט אין קאמף ניט נאָר צווישן דער יוגנט, נאָר אויך „אויף דער גאס״. ניט איינמאָל איז ער ארויסגעטראָטן קעגן די פארשידענע „ברעכער פון דער הסתדרות״. מיר האָבן טריי געהיט די גאנצקייט פון דער ארבעטנדער יוגנט. מיר האָבן אונזער אלגעמיינקייט דערוויזן אין די שווערסטע באדינגונגען פון אונזער לעבן, אין דעם שטאט און מושבה, אין די פארשידענע פאָרמען פון דער התישבות און אין די פארשיידענע „שבטים״. ניט איינמאָל האָט זיך געדוכט די קינדער פון די משקים, אז מיר זאָרגן מער פאר דער יוגנט פון דער שטאָט. ניט איינמאָל האָט זיך דעם יוגנטלעכן אין שטאָט געדוכט, אז אונזער באוועגונג שענקט מער אויפמערקזאמקייט די ענינים פון דער התישבות, — אָבער די אלגעמיינקייט האָט אונז דערמעגלעכט ארומצונעמען אלעמען. מיר האָבן די איינקייט און ברידערלעכקייט דערגרייכט אין אונזערע סעמינאַרן און כינוסים. מיר האָבן געהיט, אז די יוגנטלעכע אליין זאָלן ווילן און געוויילט ווערן צו די אנשטאלטן פון דער באוועגונג.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אונזער גערא‌נגל פארשארפט, ווייל די ניי־געשאפענע באזונדערע באוועגונגען פון דער שול־יוגנט האָבן זיך באמיט ארייננצוציען ארבעטנדע יוגנטלעכע און קינדער פון די משקים. עס זיינען געוואָרן פראָיעקטן אָפּצוטיילן די פראָפעסיאָנעלע ארבעט פון דער דערציערישער, מען האָט פאָרגעלייגט א צווייאיקע מיטגלידערשאפט; אין די אלע פאָרשלאָגן האָבן מיר געזען א געפאר פאר דער נשמה פון אונזער באוועגונג. מיר האָבן ניט פארמאכט די אויגן אויף די שוועריקייטן, וועלכע מיר האָבן צוליב אונזער אלגעמיינקייט. מיר האָבן באשלאָסן, אז לגבי ברויט זיינען אלע יוגנטלעכע גלייך, און מיר האָבן אונזער לשכת־עבודה געעפנט פאר יעדן יוגנטלעכן. מען איז צו אונז געקומען מיט פארשיידענע קאָמפּראָמיס־פאָרשלאָגן פאר מיטגלידערשאפט אין די סעקציעס און אין דער באוועגונג. אָבער יעדער ווער עס לעבט אין „הנוער העובד״ ווייס, אז דעם דאָזיקן איינהייטלעכן קערפער, וועלכער פאראייניקט די דערציערישע און פראָפעסיאָנעלע טעטיקייט, קען מען ניט צעשניידן.

פאר אונזערע אויגן איז תמיד געשטאַנען די צווייטע מעגלעכקייט: וואָס וועט זיין, אויב ס׳וועט דורכגעבראָכן ווערן דער פראָנט פון אלגע־

מיינקייט? וואָס באַטייט פּאַרטיילונג פון דער אַרבעטנדער יוגנט לויט די פּאַרמען פון דער התישבות? און וואָס וועט זיין אונזער לאַגע אין שטאַט, אויב מיר וועלן צעשפּליטערן די אַרבעטנדע יוגנט לויט פּאַרטייען, קאָלאָניזאַציע־פאָרמען, א. א. וו.? א קליין שפּעלטעלע אין דער אַלגעמיינקייט פון „הנוער העובד" שטעלט אין געפאַר דעם גאַנצן בנין. אויס דער שווערער אחריות פאַר די יוגנט־מאַסן אין לאַנד און פאַר יענע מאַסן, וואָס וועלן אָנקומען — מוזן מיר מיט אַלע כוחות היטן די גאַנצקייט פונם דאָזיקן בנין. דער גלויבן אין דער צוקונפטיקער אחדות פונם אַרבעטער־קלאַס, אינם כוח פון דער חלוצישער הגשמה, אין דער היסטאָרישער שליחות פונם אַרבעטער־קלאַס אין א"י — דאָס איז דער יסוד פאַר א פאַראייניקטער דערציאונג פון דער באַוועגונג אויך אין דער איצטיקער שווערער תקופה פאַרן אַרבעטער־כלל.

(פון א פאָרטראַג אויפן פערטן צוזאַמענפאָר פון „הנוער העובד", 1941)

ש. פּערסקי

# אמתע אַלגעמיינקייט

## א.

דער „הנוער העובד" איז אויסגעוואַקסן אָרגאַניש פון דער ארץ־ישראל'דיקער ווירקלעכקייט, ער איז א נאַטירלעכער צווייג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דעריבער איז נאַטירלעך, אַז אין צענטער פון אונזער דערציערישן און אָרגאַניזאַטאָרישן וועג ליגט דער יסוד פון **אַלגעמיינקייט**.

אונזער אַלגעמיינקייט דריקט זיך אויס אין דריי פּרינציפּן: א) פרייהייט פון מיינונגען; ב) גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די פאַרשיידענע לעבנס־פאָרמען פונם יידישן אַרבעטער אין לאַנד; ג) קיבוץ גלויות (אחדות פון אַלע גלות'ן און עדות).

**די פרייהייט פון מיינונגען**: וואָס פאַראייניקט אין אונזער באַוועגונג די, וואָס אונטערשיידן זיך לויט זייער וועלט־אַנשויאונג? כ'וואָלט זאָגן: די בשותפות'ע מעשים. טראָץ די חילוקי־דעות טוען אַלע חברים די זעלבע מעשים: **צוזאַמען** ראַטעוועט מען יוגנטלעכע פון א דעגענעראַציע־לעבן אין גאַס, **צוזאַמען** קעמפט מען כדי צו פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען און אַריינפירן ביי זיך א קולטורעלע אָרדנונג. **צוזאַמען** שיקט מען אַרויס חברים אויף הכשרה.

די אלגעמיינקייט איז געוואָרן א דערציאונגס־וועג, ווייל אין אונזערווירקלעכקייט איז דאָס בשות־פות׳דיקע פיל וויכטיקער ווי די קעגנזאצן. מיר זיינען אלע געאייניקט אויף די גרונטווערטן פון דער באוועגונג: רעאליזירנדער און קעמפנדער ציוניזם; סאָציאליזם ווי אן אידייע און אַן אָביעקט פון טאָג־טעגלעכן קאמף; די הסתדרות העובדים ווי א רעאליזאציע־צענטר פון די שטרעבונגען פון די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער; פערזענלעכע פארווירק־לעכונג; גלייכהייט און קעגנזייטיקע הילף; זעלבסטשוץ; העברעאישע שפראך; אחדות פון דער ארבעטס־באוועגונג; א דעמאָקראטישער לעבן פון דער באוועגונג.

יעדער חבר אָדער שטרעמונג איז בארעכטיקט אויפצוקלערן די ניואַנסן פון זיין אייגענער אנשויאונג, אָבער דערמיט ווערט ניט פארלייקנט די אחדות פון דער באוועגונג און די אלגעמיינקייט פון אירע ווערטן און איר וועג. פארקערט: די אלגעמיינקייט פארברייטערט דעם האָריזאָנט פון דער יוגנט, ניט צעברעכנדיק זיין פעאיקייט צו אורטיילן.

די לעבנס־פאָרמען: דער דאָזיקער פרינציפ איז דיקטירט געוואָרן פון א געמיינזאמען ווילן ניט איבערצולאָזן קיין קינדער אויף הפקר דער גאס; איידער דער יינגל וועט אוועקגיין קיין דגניה, קיין עין־חרוד אָדער נהלל — דארף ער פאַרלאָזן די שטאָט. מיר דערציען צו ערד־ארבעט און א שעפערישן לעבן, און עס דראָט ניט קיין געפאר, אז א וועלכע־ניט־איז לעבנס־פאָרם פון דער התישבות זאָל באַ׳עוול׳ט ווערן. הלואי וואָלטן מיר שוין דערגאנגען צו אזא מצב, אז מען זאָל זיך קריגן פאר יעדן יינגל אין ארץ. דערווייל דרייען זיך ארום טויזנטער קינדער אין די גאסן, קיינער רייסט זיך ניט פאר זיי און קיינער קריגט זיך ניט צוליב זיי...

גלייכצייטיק איז אין אונזער באוועגונג ניטא די פליכט פון הגשמה. עס זיינען דאָ יוגנטלעכע, וואָס שטיצן זייערע עלטערן; עס זיינען פאראן יינגלעך, וואָס זייער געדאַנק איז ניט גענוג רייף אויף צו באגרייפן די נויטווענדיקייט פון התישבות; און עס זיינען דאָ יוגנטלעכע, וואָס האָבן באשלאָסן צו פירן א לעבן פון א שטאָטישן אַרבעטער. „הנוער העובד" ווארפט ניט אָן אויפן יוגנטלעכע קיין שום פארפליכטענדע ראם אָדער לעבנס־פאָרם.

אין אונזער דערציערישער טעטיקייט ווערט אונטערגעשטראָכן די גלייכקייט פון די לעבנס־פאָרמען. דעם יינגל פונם ארבעטער־ישוב דערציען מיר צו סאָלידאריטעט מיט זיין שטאָטישן חבר, ווייל ער נויטיקט זיך אינם שטאָטישן חבר און פאַרקערט.

די דערציאונג צו פערזענלעכער הגשמה, דאָס פארווישן די גרענעצן

צווישן ארבעטער און לאנדווירט, צווישן דעם חבר, וואָס לעבט אינדיווי־דועל און דעם חבר פון קבוצה, — שאפן א באציאונג פון כבוד פאר אלע לעבנס־פאָרמען.

קיבוץ גלויות: דער דאָזיקער פרינציפ באזירט זיך אויף דער געמיינזאמער שטרעבונג צו שאפן א נייע געזעלשאפט און א באנייטע קולטור. ניט קיין יחסנות פון א געוויסן לאנד, צי פון דעם אָדער יענעם יידישן שבט — אָבער דאָס אנערקענען פון איין קולטור, אונזער אלגע־מיינער אָריגינעלער קולטור, אין וועלכער מיר זיינען אלע גלייכע שותפים.

אונזער באַוועגונג האָט פאקטיש פאראייניקט די זין פון די מזרח־לענדער מיט די עולים פון אייראָפּע און די געבאָרענע אין לאנד. זי האָט עס געפונען א וועג צו זייער הארץ און פארשטאנד.

ב.

אונזער באוועגונג האָט ניט קיין פארפליכטנדיקע ראמען. מיר פאר־פליכטן אונזערע חברים ניט מיט געזעצן און צוואנג, אָבער מיט דערציאונג צו אחריות. כדי אָנצושליסן זיך אָן אונז, נויטיקט זיך דער יינגל ניט אין קיין בילדונגס־צענז, און ניט אין קיין שום ספעציעלע באדינגונגען, הגם מיר שטרעבן סיי צו הויבן דעם בילדונגס־ניוואָ און סיי צו פארבעסערן די מידות און אייגנשאפטן. אָבער מיר שטראָפן ניט דעם יוגנטלעכן פאר פרעמדע זינד, פאר די אומנאטירלעכע באדינגונגען, אין וועלכע ער איז אויסגעוואקסן. מיר האָבן פון אונזער דערפארונג געלערנט, אז נאָר א פרייע השפעה און אן אויפריכטיקע דערציאונג ברענגען רעזולטאטן.

די אלגעמיינקייט, אלס פעדאגאָגישער פרינציפ, איז געריכטעט צו דער פּאָזיטיווער דערציאונג פונם יונגן ארבעטער. קיינער באשליסט ניט אין זיין נאָמען; ער אליין קלייבט זיך אויס זיין וועג, נאָכדעם ווי ער האָט דערקענט פארשיידענע וועגן. אין קעגנזאץ צו דעפינירטע יוגנט־באוועגונגען, וועלכע פירן די יוגנט אין דעם שמאָלן, אויסגעטראָטענעם וועג פון זייער אידעאָלאָגיע, דערציען מיר די יוגנט צו א ברייטן קוק, צו א פעאיקייט צו אורטיילן, צו א געדאנקען־זעלבסטשטענדיקייט און צו א זעלבסט־בילדונג.

ג.

דער צענטראלער ציל פון אַן אמתער אלגעמיינער אָרגאניזאציע איז די דערציאונג צו אן ארבעטער־אחדות. ווער נאָך איז ווי אונזער פאָלק חרוב געוואָרן צוליב שפּאלטונגען אין זיין לאנד און אין גלות? די שוואכ־

קייט פון דער ארבעטער־באוועגונג ליגט אין איר צעשפּליטערונג, וועלכע הויבט זיך אָן נאָך אין די רייען פון דער יוגנט.

ס׳איז ניטא קיין אחדות אָן קעגנזייטיקן כבוד. אמת׳ע אלגעמיינקייט, וואָס באשענקט אירע חברים מיט גלייכבארעכטיקונג, דעם חבר פון קיבוץ און דעם חבר פון מושב, דעם שטאָטישן ארבעטער, דעם מארקסיסט און דעם אָנהענגער פון א. ד. גורדון — בלויז אזא אלגעמיינקייט קען זיכערן דעם וויכטיקסטן ווערט פון דער ארבעטער־באוועגונג — איר אחדות.

# די הסתדרות
# און די אנדערע ארבעטער־ארגאניזאציעס

ב. קאצענעלסאָן

## אונזער איחוד — וואָס האָט ער דערגרייכט און וואָס האָט ער ניט דערגרייכט?

אונזער איחוד אין דער הסתדרות — וואָס האָט ער דערגרייכט און וואָס האָט ער ניט דערגרייכט? מיר האָבן געוואָלט פאראייניקן אַלע מענ־טשן, וואָס לעבן פון זייער פראצע. דאָס רוב ארבעטער־־אָרגאניזאציעס אין דער וועלט זיינען שטאָטישע, עס זיינען דאָ ווייניק דאָרפישע פאראיינען. מיר האָבן געוואָלט פאראייניקן די שטאָט מיטן דאָרף. יענע טיפע, אַלטע סאָציאַלע צעשפאַלטונג, וואָס מאכט די שטאָט און דעם דאָרף פאר שונאים, האָט אויך א גרויסן חלק אין די מפלות פון די ארבעטער־באַוועגונגען אין דער וועלט. מיר האָבן אט די צעשפאלטונג געוואָלט אויסמיידן פון אָנהויב אָן. און דאָס איז אונז געלונגען אין זייער א גרויסער מאָס. מיר האָבן גע־זוכט צו פאראייניקן דעם האַרעפּאשניק מיטן גייסטיקן ארבעטער. מיר האָבן געוואוסט, ווי גרויס עס איז דער אומגליק פון אזא צעשפאלטונג. מיר האָבן אפגעשטויסן די דעמאגאָגיע פון אייניקע ארבעטער־באַוועגונגען, וועלכע זעט אינם לערער, אינם אָנגעשטעלטן, אין דעם ארבעטס־מענטש פון דער פרייער פּראָפעסיע — א פרעמדן עלעמענט, וואָס געהערט צו „יענעם" לאַגער. און גלייכצייטיק האָבן מיר אָפּגעוואָרפן יענע באַגרענעצטע אריס־טאָקראטישע גאוה פונם „שטייפן ווייסן קראַגן", וואָס ציטערט, אז ער וועט פארלירן זיין יחוס און שטאָלץ, אויב ער וועט זיך אויסמישן מיט דער „גרויער מאסע". מיר האָבן אין דער הינזיכט ניט ווייניק דערגרייכט צווישן די אָנגעשטעלטע, און דוקא צווישן די לערער איז עס אונז נישט געלונגען: דער לערער־פאראיין שטייט ביז היינטיקן טאָג פון דרויסן. מיר האָבן גע־וואָלט, אז די ארבעטס־מענטשן, וועלכע אונטערשיידן זיך אין זייערע פּאָלי־טישע אנשויאונגען, זאָלן זיך קענען געפינען צוזאמען. מיר האָבן דאָ ניט

רערגרייכט. מיר האָבן געוואָלט, אז מענטשן מיט פארשיידענע רעליגיעזע אנשויאונגען זאָלן געפינען זייער פּלאַץ אין דער הסתדרות. און מיר קענען אפשר זאָגן, אז אין דער הסתדרות זיינען פאראן מער פרומע יידן, ווי אין אייניקע רעליגיעזע פארטייען. געוויס טרעפן זיך ביי אונז יידן פון פארשיידענע לענדער און „שבטים" מער, ווי אין יעדער אנדער אָרגאַניזאציע פונם ישוב.

און טראָץ דעם אלעם, טראָץ דעם גרויסן וואוקס פון אונזער כוח — טאָרן מיר ניט פארגעסן, אז מיר האָבן דאָך ניט דערגרייכט אלץ, וואָס מיר האָבן געוואָלט. עס זיינען פאראן פארלאזענע שיכטן, שטיפקינדער ביים ישוב. און עס זיינען פאראן סתם ארבעטער, וועלכע זיינען געווען מיט אונז און אוועק. און עס זיינען דאָ — וואָס עס איז מער בולט — ארבעטער־אָרגאניזאציעס, קעגנער פון דער הסתדרות.

מיר קענען די קרייזן, וואָס ווילן „צעברעכן די הסתדרות", און וועלכע בויען צו דעם צוועק ארבעטער־אָרגאניזאציעס, אָבער בלויז מיט א „מענה לשון" קעגן שונא קען מען ניט פארמיידן אָנגריפן און שפּאלטונגען. מען דארף אויך פארשטיין די נשמה פונם מענטש, וואָס שטייט דרויסן, די נשמה פונם מענטש, וואָס קומט פון אן אנדער סביבה, פון אנדערע מנהגים און באגריפן ווי די אָנגעקומענע ביי דיר, די נשמה פון דעם עולה, וואָס האָט זיך ניט אויסגעקאָכט אין דעם קעסל פון אונזערע באוועגונגען אין גלות. אונזערע מעשים און אונזער באציאונג דארפן צעזייען די שרעק און ספקות פון די, וועלכע זיינען פאר זייער אָנקום געהעצט געוואָרן קעגן אונז. אויף וויפל איך ווייס, האָבן מיר דאָס ניט פארשטאנען צו טאָן — אלנפאלס ניט אין א גענוגנדער מאָס.

כ'וויל זיך אָפּשטעלן אויף איין ביישפּיל: „הפועל המזרחי". אין דער צייט פון דער צווייטער עליה האָבן מיר ניט אונטערשיידט צווישן פרומע און ניט־פרומע ארבעטער. אפשר זיינען צווישן אונז ניט געווען קיין סך פרומע, אָבער זיי האָבן געגאָסן ביי אונז פון חברישקייט און אנערקענונג, און זיי האָבן זיך ניט געדארפט אָפּזונדערן. אין די צייטן פון דער דריטער עליה האָט זיך די זאך געענדערט. ס'איז געוואקסן די צאָל פרומע עולים און זייער באציאונג צו אונז איז געווען א נעגאטיווע. זיי האָבן ניט געוואָלט געפינען קיין אָרט צווישן אונז, זיי האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון אונז, און גלייך האָט זיך געפונען עמיצער, וואָס עס האָט זיך באמיט זיי צו אָרגאַניזירן ווי א ווערקצייג קעגן אונז. ביז היינט שטייט נאָך פאר מיינע אויגן דאָס בילד פון א גרופּקע שטרייקברעכער אין תל־אביב, — און דאָס בילד האָט פארוואונדעט מיין הארץ. כ'האָב געוואוסט, אז אין אמריקע פלעגט מען זיך באנוצן מיט „גרינע" יידישע אייַנוואנדערער און דינגען זיי צו

ארבעטן אויפן אָרט פון שטרייקנדיקע ארבעטער. דאָס איז געווען א פאר־שוועכונג פונם יידישן נאָמען. יענע אָרעמע איינוואנדערער האָבן ניט געוואוסט פון רעכטס ביז לינקס, און האָבן געוואָלט ניט מער, ווי פארדינען אויף א שטיקל ברויט, און זייער באַלויַנונג איז געווען קלעפּ און שטיינער. אָבער עס האָט לאנג ניט געדויערט, און אויך זיי האָבן זיך אָריענטירט אין דער נייער סביבה, און זיי האָבן שוין געלערנט די נייע איינוואנדערער די תורה פונם שטרייק. און אָט אין עטלעכע צענדליק יאָר ארום, אין תל־אביב — יידן שטרייק־ברעכער! און די דאָזיקע כשרע בחורים, וואָס זייער ארייננגיין אין דער ארבעט האָט געדארפט זיין פאר זיי און פאר אונז א חלוצישע געשעעניש און א יום־טוב — זיי גייען ארײַן דורכן שמוציקן טויער, דורך א אונטערנעמער, וואָס האָט זיי געדונגען, כדי זיי זאָלן ברעכן דעם שטרייק פון די „אפּיקורסישע" ארבעטער, און זיי טוען עס, ווי איינער, וואָס איז מקיים א מצווה!

אזוי איז געווען דער אָנהויב, וועלכן איך האָב צוגעזען, אָבער ניט אזוי איז געווען דער המשך.

דאָס איז דער כלל: מען קען אויפשטעלן אן ארבעטער־אָרגאַניזאַציע קעגן אונז, אָבער מען קען זי לאנג ניט האַלטן ווי א ווערקצייג אין די הענט פון די בעלי־בתים. אויב די אָרגאַניזאַציע איז ניט קיין צייטווייליקע, אויב די מענטשן פארבלייבן אין דער ארבעט, — וואַקסט פון זיי ארויס דער ארבעטער. מען קען פיינט האָבן די הסתדרות, אָבער ס'איז אונמעגלעך ניט צו לערנען זיך פון איר. און אויך די, וואָס זידלען די הסתדרות זיבן מאָל א טאָג, טוען גאָרניט אָריגינעלעס, נאָר קאָפּירן זי. און ס'איז ניטאָ אזא הסתדרות'ישע אנשטאַלט, וואָס דו זאָלסט ניט געפינען איר קאָפּיע (אָדער לכל הפחות איר שילד) אין דער אָרגאַניזאַציע פון עפּעס א מינדער־הייט. וואָס איז דער כוח און וואָס איז די שאַפונג און וואָס איז די הילף פון יענע „אנשטאַלטן" פאר זייערע חברים — ווייס איך ניט. אָבער מיך אינטערעסירט ניט דער שילד, נאָר דער חבר. אין דער מאָס, וואָס זיי ווערן פּראָלעטאַריער און לעבן אן ארבעטער־לעבן — שווימען ביי זיי ארויס באַדערפענישן פון ארבעטער און א געדאַנקען־גאַנג פון ארבעטער.

„הפועל המזרחי" האָט זיך גיך באַפרייט פון דער תורה און דער השפּעה פון שטרייק־ברעכער. אויף וויפל עס זיינען צווישן זיי געווען טוער פון דעם מין — זיינען זיי אריבער צו די רעוויזיאָניסטן. און נאָך א קורצער צייט האָט זיך ביי זיי געשטאַרקט דער טייל, וואָס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין דער ארבעט און געזוכט זיין וועג צו דער הסתדרות. ס'איז צווישן זיי געווען איינער א וויכטיקער מאַן, ר' שמואל־חיים לאַנדאו, וואָס מען האָט אים פאַראויסגעזאָגט א גרויסע צוקונפט, און וועלכער האָט געטראָגן

דעם חלום פון אן ארבעטער־פאראייניקונג און ארייננטריט פונם „הפועל המזרחי" אין דער הסתדרות אריין. זיין פריצייטיקער טויט איז געווען א גרויסע פארלוסט ניט נאָר פארן „הפועל המזרחי", נאָר אויך פארן ציוניזם און פאר דער הסתדרות. דערווייל איז א גרופע חברים פון „הפועל המזרחי", — און צווישן זיי עטלעכע אָנפירער, אריין אין דער הסתדרות. די זאך איז געווען פארבונדן מיט אן אינערלעכער שפאלטונג ביי זיי. די, וואָס זיינען אריינגעטראָטן, האָבן אין דעם געזען א פרווו. און עס זיינען צווישן די איבעריקע געווען אזעלכע, וועלכע האָבן זיי געזאָגט: אויב איר וועט מצליח זיין — וועלן מיר קומען נאָך אייך. אָבער זיי זיינען לאנג ביי אונז ניט פארבליבן. זיי זיינען ווידער אוועק. איך ווייס ניט, אויב עמיצער האָט זיך באמיט אויסצופאָרשן טיפער דעם ענין. אויב איך קען זיך פארלאָזן אויף מיינע איינדרוקן, האָבן זיי זיך ניט באקלאָגט אויף די „אנשטאלטן", זיי האָבן ניט געהאָט קיין טענות, אז מען „באעוולט" זיי. אָבער עס איז געווען א פיל האַרבערע זאך: זיי האָבן געזאָגט, אז „אונ־זערע חברים פון דער מאסע" האָבן זיך מיט זיי ניט גערעכנט. איך האָב ניט קיין גענוגנדע ידיעות אין דעם ענין, און איך קום ניט אורטיילן. אפשר איז סיי דאָס ארייגגיין און סיי דאָס ארויסגיין געווען צו אייליק, אָבער דער עצם פאקט, אז מענטשן האָבן געוואָלט זיין חברים אין דער הסתדרות, האָבן ניט געוואָלט אויף קיינעם ארויפוואַרפן זייער פרומקייט, און האָבן זיך שלעכט געפילט נאכדעם, ווי זיי זיינען אריינגעטראָטן — הייסט שטעלן אונזער „אלגעמיינקייט" אונטער א פראגע־צייכן. דאָס שטעלט אין ספק אונזער אויפריכטיקייט, און דאָס איז אן ענין, וועלכער פארשאפט פיל מער זאָרג ווי אלע פיינדלעכע אנגריפן.

אן אנדער ביישפיל איז דאָס אוועקגיין פון די בית״רים. איך געדענק נאָך די טעג, ווען בית״רים זיינען אָנגעקומען אין לאנד און אריינגעטראָטן אין דער הסתדרות. ניט די הסתדרות האָט זיי דערווייטערט, און ניט „עוולות" האָבן זיי אָפגעשטויסן, נאָר א פּאָליטישער באפעל פון אויבן האָט פארווערט די בית״רים צו זיין מיטגלידער אין דער הסתדרות, האָט זיי געהייסן אויפצובויען אן אָרגאניזאציע פון „נאציאָנאלע" ארבעטער, האָט דערהויבן שטרייק־ברעכעריי צו א „נאציאָנאלער מצווה", און האָט געגעבן דעם בית״ר די באפארבונג, וועלכע ער האָט פריער ניט געהאָט.

מיין כוונה איז ניט צו באשולדיקן אונז, אָדער אנדערע. איך וויל אָבער אז מיר זאָלן ניט פארגעסן, אז די הסתדרות האָט ניט דערגרייכט איר שטרעבונג, וועלכע זי האָט דעקלארירט בעת איר גרינדונג, ארומצו־נעמען אלע מענטשן, וואָס לעבן פון זייער ארבעט. די הסתדרות איז לויט איר ציל אן אלגעמיינע, אָבער זי האָט נאָך ניט דערגרייכט איר ציל אין

דער פולער מאָס. און כדי זי זאָל האָבן רעכט צו זאָגן: אמת, איך בין נאָך ניט זוכה געווען צו ווערן אן אלגעמיינע, אָבער איך שטרעב דערצו — דארף זי אליין גלויבן, אז די שטערונגען געפינען זיך ניט אין איר, נאָר אויסער איר, און זי פון איר זייט איז גרייט צו טאָן אלעס, כדי צו דער־נעענטערן און גאסטפריינדלעך אויפצונעמען די, וועלכע שטייען נאָך פון דרויסן.

יעדער פון אונז איז געקומען פון גלות מיט א בינטל פּאַראור־טיילן אין זיין פּעקל, און ניט מיט א מאָל באפרייט ער זיך פון זיי. און די, וועלכע קומען מיט פּאַראורטיילן קעגן דער הסתדרות, אויב מיר וועלן זיי באהאנדלען מיט בייזן, וועלן מיר בלויז שטארקן זיי אין זייערע פּאַראור־טיילן. דעריבער, ווען מיר קוקן זיך צו צו די פארשיידענע ארבעטער־אַרגאַניזאציעס, מוזן מיר פרעגן זיך אליין: אין וואָס פאר א מאָס האָבן מיר געבראכט דערצו?

איך זע פאר זיך די חברים פון „המכבי הצעיר". זייער באוועגונג אין אויסלאנד איז ווייט געווען פון די ווערטן פון דער ארבעטער־באווע־גונג און פון אנערקענען די הסתדרות. און ס'איז געווען ניט אויסגעשלאָסן, אז זיי זאָלן קומען אין ארץ־ישראל ווי חלוצים, אָבער זייענדיק פרעמד צו די חלוצים, וואָס זיינען געקומען פאר זיי, זאָלן זיי פארבלייבן אין זייער פרעמדקייט. זיי וואָלטן דאן צוגעגעבן נאָך א באזונדער ארבעטער־אָרגאַ־ניזאציע צו די פריערדיקע, א „מערבדיקע" אָרגאניזאציע. אָבער ס'האָט פאסירט א „נס", וואָס חברים פון „חבר הקבוצות", וועלכע האָבן אלס שלי־חים געארבעט אין אויסלאנד, האָבן זיך אָפּגעגעבן צו ווירקן צווישן זיי, האָבן זיי דערנעענטערט, און אויסגעבויט א בריק צווישן מזרח און מערב. מיר פרייען זיך איצט צו זען, ווי זיי געפינען זייער וועג, דעם וועג פון פאראייניקונג, אין דער הסתדרות.

א וויכטיקער פאקט אין דער הינזיכט איז — „העובד הציוני". מיט זיינע אייגענע כוחות, אויס פיל ראנגלענישן מיט זיך אליין, איז ער דער־גאנגען צו דער הסתדרות. קיין שום קרייז פון אונז האָט זיך מיט אים ניט „פארנומען". און איך בין נוטה צו טראכטן, אז דער „הנוער הציוני" האָט בכלל ניט געוואָלט מען זאָל זיך מיט אים „פארנעמען". ער האָט געוויס געהאט א חשש וועגן יעדער איבעריקער השפעה פון די הסתדרות'ישע קרייזן, און ער האָט מיט זיינע אייגענע כוחות געפונען זיין וועג, און אין אלע שווערע מאָמענטן איז ער געבליבן טריי דער הסתדרות.

(פון א פאָרטראג אין דעם „שטודיר־חודש"
פון דער הסתדרות, רחובות 1941).

י. טאבענקין

# איין קלאסן־אָרגאניזאציע

די הסתדרות איז אן אלגעמיינע אָרגאניזאציע, דאָס הייסט: זי שטרעבט ארומצונעמען אלע ארץ־ישראל־ארבעטער, פונקט ווי יעדער פראָפעסיאָנעלער פאראיין דארף ארומנעמען אלע ארבעטער פונם געגעבענעם פאך. אויף דעם געביט איז פיל דערגרייכט געוואָרן, אָבער אונזערע דערגרייכונגען קענען אונז ניט באפרידיקן. אין לאנד געפינען זיך פיל ארבעטער, וועלכע גייען ניט אריין אין די פראָפעסיאָנעלע פאראיינען און ניט אין דער הסתדרות, צווישן זיי זיינען דאָ מאסן בכלל ניט־אָרגאניזירטע און אזעלכע, וועלכע געהערן צו אנדערע ארבעטער־אָרגאניזאציעס. מיר טאָרן זיך ניט באפרייען פון דער דאָזיקער אויפגאבע — ארומצונעמען אין אונזער הסתדרות אלע ארבעטער, און מיר טאָרן ניט אויפהערן צו זוכן די סיבות פון דער געשאפענער לאגע און קלאָר מאכן, וואו שטעקט די שולד. אמת, מיר נעמען ארום די גרויסע מערהייט פון די ארבעטער, אָבער דאָס, וואָס אויסערהאלב פון אונזערע רייען געפינען זיך פיל אָרגאניזירטע און ניט־אָרגאניזירטע ארבעטער, פארלעצט די קלאסן־אלגעמיינקייט פון דער הסתדרות, שוואכט אָפּ איר כוח און אירע מעגלעכקייטן צו שאפן, פארטיידיקן און פארטרעטן די ענינים פון די ארבעטער. די, וועלכע זיינען אָרגאניזירט אויסער דער איינציקער קלאסן־אָרגאניזאציע, דינען דערמיט די ענינים פון די קלאסן־קעגנער און דערפילן די אויפגאבע פון די פארשיידענע „געלע" און פאשיסטישע אָרגאניזאציעס, וואָס ברעכן דעם כוח פונם ארבעטער. די הערשנדיקע קלאסן, וואָס ווילן צעברעכן די איינהייט פון די ארבעטער, זוכן שליחים פאר אָט דער מלאכה צווישן די ארבעטער. יעדע צוגאב־אָרגאניזאציע צו דער אלגעמיינער הסתדרות געפינט א שטיצע מצד די ארבעטס־געבער, זייערע פארטייען, פאָרשטייער און צייטונגען.

עס וואלט אבער געווען א טעות צו באטראכטן די אלע ארגאניזאציעס וואס אביעקטיוו גענומען, דינען זיי צו צעברעכן דעם כוח פון די ארבעטער, אלס א פועל־יוצא פון אט דעם קאמף צווישן די ארבעטס־געבער און די ארבעטער, אלס אן אויסדרוק פונם יידישן פאשיזם. אין די דאזיקע ארגאניזאציעס זיינען פאראן פיל חברים, וואס אזעלכע כוונות זיינען זיי פרעמד. אזוי איז די זאך בנוגע מערערע חברים פון דער „הסתדרות העובדים הלאומיים", לגבי דער מערהייט מיטגלידער פון „הפועל המזרחי", אגודת ישראל", און די פאראיינען פון די מזרח־יידן.

מיר מוזן שטרעבן דערצו, אז אויך דער גרעסטער טייל פון די דאזיקע ארבעטער זאל זיך אנשליסן אן דער הסתדרות. און אויב עס זיינען פאראן הונדערטער און טויזנטער, וואס זייער רעליגיעזער געוויסן, אדער זייערע רעליגיעז־קולטורעלע באדערפענישן, אָדער פּאָליטישע אָנשויאונגען שטערן זיי צו ווערן חברים פון דער הסתדרות — מוזן מיר זוכן און געפינען אזעלכע ארגאניזאציאנעלע פאָרמען, וואס זאלן באזייטיקן די מניעות צו זייער אָנשליסן זיך אָן דער הסתדרות. מיר מוזן דערגרייכן דערצו, אז יעדער שניידער, יעדער סטאָלער, יעדער שלאָסער און יעדער ארבעטנדער לאנדווירט זאל זיין א מיטגליד פון דעם אנטשפּרעכנדן פּראָפעסיאָנעלן פאראיין און אין דער אלגעמיינער הסתדרות.

אפטמאל זעען מיר ביי אונז אליין א פאלשע אויפפאסונג פון דער פראגע וועגן מיטגלידערשאפט אין דער הסתדרות. ניט ווייניק חברים האבן מיר אליין אפגעשטויסן צוליב פארשיידענע טעמים: אמאל — מורא האבנדיק עס זאל זיך ניט פארגרעסערן די צאל שטיצע־נעמער בשעת א קריזיס, אדער עס זאל ניט זיין קיין צו גרויסע קאָנקורענץ אויפן ארגאניזירטן ארבעטס־מארק, דער אדער יענער פאך זאל אפגעהיט ווערן פון איבעריקע ארבעטער. מיר מוזן אבער געדענקען, אז די באדייטונג, דער טעם און וואגיקייט פון אונזער הסתדרות הענגען אפּ פון איר אלגעמיינקייט. דאס דארף זיין אונזער ליניע, לויט דעם דארפן מיר באשטימען אונזער באציאונג צו אזעלכע פראגן, ווי באדינגונגען פון מיטגלידערשאפט, שטייער־סיסטעם, אָפּמאכן מיט ארבעטער־אָרגאניזאציעס און אנדערע פראגן.

(פון א פארטראג אינם „שטודיר־חודש", 1941)

## די הסתדרות און דער „הפועל המזרחי"

נאָך דעם, ווי ס׳זיינען אָפּגעשלאָסן געוואָרן די פארהאנדלונגען וועגן אלגעמיינעם ארבעטס־אַמט (לשכת עבודה כללית) אין די שטעט, האָבן זיך אנגעהויבן אונטערהאנדלונגען צווישן „הפועל המזרחי" און דער הסתדרות וועגן אַ ספּעציעלן אָפּמאך, וואָס זאָל דערמעגלעכן די חברים פון „הפועל המזרחי" געהערן צו די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען, ניט אריינטרעטנדיק אין דער הסתדרות. מיר ברענגען די ווערטער פון ז. רובאשאָוו און א. ציזלינג בשעת דער באהאנדלונג פון דער פראגע אין דעם ועד הפועל פון דער הסתדרות (21.1.43), ווי אויך דעם אָנגענומענעם באשלוס.

— — דער דאָזיקער פּראָיעקט פון אריינגעמען די חברים פון „הפועל המזרחי" בלויז אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, און ניט אין דער הסתדרות — האָט אַ גרויסן פעלער. דורך דעם קען קאָמפּליצירט ווערן דער גאַנצער בוי פון דער הסתדרות און עס ווערט ביי אונז געשאַפן אַ מעגלעכקייט פון אַ טיילווייזער מיטגלידערשאַפט. ווען איך וואָלט געהאַלטן, אַז די לאַגע דאַרף אַזוי פאַרבלייבן אויף שטענדיק, וואָלט איך דאַן געווען קעגן דעם פּראָיעקט. אָבער איך באַטראַכט דאָס ווי אַ צייטווייליקע לאַגע, ווי אַן איבערגאַנגס־פּראָיעקט. איך גלויב, אַז געמיינזאַמע אַרבעט וועט ברענגען אין דער צוקונפט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן איחוד. זאָלן זיי מיט אונז צוזאַמען אַרבעטן טאָג־טעגלעך, און זאָלן זיי אין דער געמיינזאַמער אַרבעט באַשליסן וועגן אונזערע צוקונפטיקע באַציאונגען, — און איך בין איבערצייגט, אַז אונזערע מעשים וועלן פאַראייניקן און ניט שיידן.

איינע פון די ערשטע פראַגן, וועלכע מען מוז ערליידיקן — איז די פראַגע פון שבת. מיר ווילן אויף אַן אמת, אַז דער רעליגיעזער חבר זאָל זיך אין דער הסתדרות פילן אַזוי ווי עס פילט זיך אין איר דער ניט־רעליגיעזער: דאָס הייסט, ווי ביי זיך אין דער היים. ווייל די הסתדרות איז דאָך אַן אַלגעמיינע. די באַדערפענישן פונם רעליגיעזן חבר דאַרפן באַפרידיקט ווערן און זיינע געפילן טאָרן ניט פאַרלעצט ווערן. און מען מוז זייער שעצן די באַמיאונגען פון חברים, וועלכע האָבן געפירט די אונטערהאַנדלונגען, צו געפינען אַן אויסוועג פאַר דער פראַגע פון פאַרזאַמלונגען אין שבת. זייער פאָרשלאָג — אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען זאָלן שבת ניט מאַכן קיין אסיפות, — ווייזט אויף זייער גוטן ווילן צו רעכענען זיך מיט די געפילן פון די פרומע חברים, און עס דוכט זיך דעריבער, אַז ער איז באַקוועם און לייכט. אָבער, צי איז ער ניט צו לייכט? צי וועלן די חברים מסכים זיין פאַרצושלאָגן אַזאַ לייזונג אויך פאַר דער גאַנצער הסתדרות? צי קען די הסתדרות מוותר זיין אויף אסיפות שבת? צי קען דער ישוב מוותר זיין אויף אסיפות שבת? און צי איז דאָס נייטיק? צי דען רירט די עצם אסיפה אָן די געפילן פון די פרומע חברים? צי דען פלעגן מיר אינם שטעטל ניט צונויפרופן ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען שבת? אין צי רופט ניט „המזרחי" אַליין עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען שבת — און לאו דוקא אין ענינים פון דער תורה, נאָר גאָר פאַר וואַל־אַגיטאַציע? אַזוי האָט ער געטאָן אין גלות און אַזוי טוט ער אין ארץ־ישראל. וואָס איז דאָס געזאָגט געוואָרן, אַז אַרומריידן אַלגעמיינע ענינים אום שבת הייסט — באַליידיקן די געפילן פון אַ רעליגיעזן מענטשן? אונזערע אסיפות

באהאנדלען אלגעמיינע ענינים פונם ארץ־ישראל׳דיקן ישוב. און פונקט אזוי ווי זיי זיינען דערלויבט אינם ציוניזם און דערלויבט אין „המזרחי״, זיינען זיי דערלויבט אויך אין דער הסתדרות.

מיר דוכט זיך, אז ניט דאס איז די סיבה, וואס שרעקט אפ אונזערע פרומע חברים. ניט די אסיפה שטערט, נאר דער אופן, ווי אזוי זי ווערט געפירט. א פרומער חבר קען ניט אנטיילנעמען אין אן אסיפה, וואָס ביי איר פרעזידיום־טיש רויכערט מען שבת, וואָס מען פירט א פראטאקאל. ס׳איז אוממעגלעך, מיר זאלן וועלן, אז אונזערע פרומע חברים זאָלן זיין גלייכבארעכטיקטע מיטגלידער פון דער הסתדרות, און גלייכצייטיק זאלן מיר די עפנטלעכע ארויסטרעטונגען פון דער הסתדרות איינאָרדנען אזוי, אז די פרומע חברים זאָלן אין זיי ניט קענען אנטיילנעמען.

אזוי האבן מיר דאך אויך געמאכט בנוגע צו כשרות אין דער קופת־חולים. מיר האבן געזאגט: אין דער סאנאטאָריע אדער אין שפיטאל פון דער הסתדרות דארף דער פרומער חבר פילן זיך ווי ביי זיך אין דער היים, פונקט ווי עס פילט זיך דער ניט־פרומער חבר. דעריבער האבן מיר ניט געזאגט: לאמיר מוותר זיין אויף דער געמיינזאמער קיך, אבער מיר האבן באשלאסן: מיר וועלן איינפירן אזא ארדנונג אין דער קיך, אז עס וועט פון איר קענען געניסן אויך דער פרומער חבר. מיר האבן איינגעפירט כשרות אין די קיכן און קיינעם אין דער הסתדרות פארדריסט עס ניט. לאמיר אזוי האנדלען אויך בנוגע דער פארזאמלונג שבת. לאמיר ניט זאגן: מיר וועלן מוותר זיין אויף דער געמיינזאמער אסיפה שבת, נאר לאמיר זאגן: מיר וועלן די אסיפה פירן אזוי, אז עס זאלן אין איר קענען אנטייל־נעמען אלע ארבעטער, סיי די פרומע און סיי די ניט־פרומע.

און לאמיר דאס אנהויבן שוין אין די אסיפות פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען. לאמיר זארגן צו פארזיכערן אט די אסיפות אזא פאָרם, וועלכע וועט ניט פארלעצן די געפילן פון די פרומע חברים. און דאן וועלן מיר די לייזונג קענען פאָרשלאָגן ניט נאָר פאר דעם איצטיקן טיילווייזן פלאן, נאר אויך פאר דעם צוקונפטיקן, פולן פלאן, ווען דער „הפועל המזרחי״ וועט אריינגיין אלס אויטאָנאָמע קערפערשאפט אין דער הסתדרות.

דערצו וועט זיך פאדערן א גרויסע דערציערישע ארבעט. אבער נאר אויף אזא אופן וועלן מיר פארזיכערן די אלגעמיינקייט פון דער הסתדרות, וואס ליגט אין איר מהות און איז א גאראנטיע, אז זי וועט דערפילן אירע אויפגאבן.

מיטן „הפועל המזרחי" האבן מיר א לאנגן, פארוויקלטן חשבון, א לענגערן ווי מיט אלע איבעריקע ארבעטער־ארגאניזאציעס פון די מינ־דערהייטן. „הפועל המזרחי" איז די ערשטע מינדערהייטס־ארגאניזאציע, וועלכע איז ארויסגעוואקסן נעבן אונז. זיי זיינען אויך געווען אינעווייניק און זיינען ארויס. איך מיין, אז אין די באציאונגען מיט זיי איז געווען א קעגנזייטיקע אומגערעכטיקייט און אז עס האט געפעלט א קעגנזייטיקע פארשטענדניש, — האט מען זיך קעגנזייטיק דערווייטערט און דאס האט געבראכט א גרויסן שאָדן די ענינים פונם ארבעטער. איצט קען די זאך פארריכט ווערן. די לשכה כללית (אלגעמיינער ארבעטס־אַמט), דער הסכם וועגן אנטייל פון „הפועל המזרחי" אין די פראָפעסיאָנעלע פאראיינען און אן ערלעכע, עפענטלעכע פעסטשטעלונג, אז מיר רעכנען זיך מיט די רעליגיעזע געפילן פון אנדערע — דאס וועט אפשר אנהויבן אפשאפן דעם אביעקטיוון גרונט פאר דער עקזיסטענץ פון מינדערהייטן, וואס זיינען אָרגאניזירט אויסערהאלב דער הסתדרות.

מיר זיינען אלע מסכים, אז מען מוז זיך רעכנען מיט די געפילן פון אנדערע. דער ויכוח איז ניט וועגן דעם, וואס דער שכל איז מחייב צו טאָן היינט, נאר וועגן דעם וואס עס קען דערפירן א הסכם וועגן שבת און וועגן א טיילווייזן אריינטרעטן פון „הפועל המזרחי" אין די פאראיינען, און אויף וויפל עס וועט ניט ליידן דערפון די „אייניקייט פון די פונקציעס" אין דער הסתדרות. צוערשט וועגן דעם לעצטן ענין: איך בין זיכער, אז מיר גייען צו א פארברייטערונג פון די פונקציעס פון דער הסתדרות, א פארגרעסערונג פון איר קאמפעטענץ און פונם היקף פון איר טעטיקייט, ווייל מען קען ניט צעטיילן די פונקציעס .אין דער הסתדרות. זיי נעמען ארום די פראגן פון פאלק, עליה, ציוניזם, זיכערהייט, די קלאסן־ענינים פונם ארבעטער, פראָבלעמען פון דער ארץ־ישראל׳דיקער פאליטיק, שטייערן, ווירטשאפט, פאָליטישע אויסלאנד־פארבינדונגען, דערציערישע, קולטורעלע און אויפקלערונגס־ארבעט. דאס אלץ — אויסער די פראגן, וועלכע זיינען איינגעשלאסן אין דער „פונקציע" פון דער פראפעסיאָנעלער באוועגונג: לוין־סיסטעם, ארבעטס־אמטן, הסתדרות׳ישע ווירטשאפט. מען קען שוין מער ניט פאנאנדערטיילן די פונקציעס אין אונזער הסתדרות. און אויב מיר מאכן איצט מיטן „הפועל המזרחי" א הסכם וועגן א טיילווייזער מיט־ארבעט אין דער הסתדרות, טוען מיר דאָס צוליב זיין ספעציעלן מהות און צוליב דעם, וואס מיר האבן ניט געקענט אויסמיידן דעם קעגנזייטיקן אומ־צוטרוי. אזא הסכם וואָלטן מיר געמאכט אויך מיט „אגודת ישראל", אבער

ניט מיט קיין שום אנדער אָרגאַניזאַציע, ווייל דאַ האַנדלט זיך וועגן רעכנען זיך מיטן רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אַרבעטער, און מען פאָדערט ניט פון אונז צו באַגרענעצן דעם אַלגעמיינעם און פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער הסתדרות.

בנוגע דער פראַגע פון שבת: איך זע די געפאַר ניט אין דער אַנטוויקלונג פון אמת'ער רעליגיעזער טאָלעראַנץ ביי אונז, נאָר אין דער „זיסקייט", וועלכע מען מישט אָפּט אַריין אין אונזערע אויסדרוקן וועגן פאַרשיידענע רעליגיעזע דערשיינונגען. עס שמעקט מיט טראַדיציאָנעלער „בעל־הביתישקייט", וואָס פאַרנעבלט דעם באַוואוסטזיין. אַזאַ דערשיינונג דאַרף מען באַקעמפן. אָבער אַזאַ צוגאַנג קען אונז ניט באַוועגן צו האַנדלען קעגן אונזער איבערצייגונג. די באַגרענעצונגען לגבי שבת'דיקע אסיפות, אין וועלכע די פרומע חברים קענען ניט אַנטיילנעמען — זיינען אין גרונד באַרעכטיקט. רעכענען זיך מיט די געפילן פון אַנדערע — דאָס איז אונזער אמת. אַזאַ איבערצייגונג איז ניט קיין אויסדרוק פון „טאָלעראַנץ", נאָר פון אָנערקענען די גלייכע רעכט פון די חברים. ווען מיר נעמען אָן די פאָדערונג פון „הפועל המזרחי", טוען מיר ניט מיט זיי קיין חסד, נאָר מיר טוען אָן אמת מיט זיך אַליין. ס'איז ניט קיין „נייטראַליטעט", — פאַרקערט — מיר וועלן קעמפן פאַר אַ פרייער גייסטיקער טענדענץ אין דער דערציאונג פון אונזערע קינדער, און קעמפן קעגן יעדער רעליגיעזער באַגרענעצונג, אויב זי רירט אָן אונזער פרייהייט. אָבער מיר טאָרן ניט אָנרירן די רעכט און פרייהייט פון אַנדערע. מען דאַרף דערפילן די בקשה פון די פרומע חברים ניט צו רופן שבת קיין אסיפות, כדי זיי צו דערמעגלעכן אַנטייל־צונעמען אין זיי. אָבער אין יעדן ענין, וואו די אַנוועזנהייט איז פרייוויליק און ניט קיין מוז, און דאָס ניט־אַנטיילנעמען אַנטשיידעט ניט אין די ענינים פון די חברים, — וועט די הסתדרות האַנדלען פריי, לויט אירע באַדער־פעניש און לויטן ווילן פון אירע חברים. אפילו אויב מיר וועלן ניט דערגריין צו אַ הסכם מיטן „הפועל המזרחי", מוזן מיר אָננעמען אַ געהעריקן באַשלוס וועגן אסיפות שבת. אַזאַ באַשלוס איז ניט קיין רעזולטאַט פון דעם הסכם, נאָר אַ זאַך פונם געוויסן, וועלכע מיר זיינען שולדיק יעדן פרומען אַרבעטער לויט זיינע רעכט צווישן אונז.

מען דאַרף דעם דאַזיקן הסכם זען, ווי אַ וויכטיקן שריט צו פאַר־שטאַרקן דעם כוח פונם אַרבעטער און זיין אָרגאַניזירונג.

---

דער באשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין דעם ועד הפועל זאָגט:

פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען און ארבעטס־פלעצער, וואָס האָבן צווישן זייערע ארבעטער פרומע חברים, וועלן שבת ניט רופן זייערע אלגעמיינע פארזאמלונגען כדי צו באהאנדלען די ענינים פון ארבעט און לעבן פון פאראיין, אויב די דאָזיקע חברים וועלן דאָס פאָדערן. אין דרינגענדע פאלן, און דאן, ווען עס איז ניטאָ קיין אנדער מעגלעכקייט צו רופן די אסיפה ווי נאָר שבת, וועט די אסיפה געפירט ווערן אזוי, אז זי זאָל ניט אָנרירן די געפילן פון די רעליגיעזע חברים.

דער דאָזיקער באשלוס ווערט אָנגענומען מיט אַ קלאָרער כוונה צו דערמעגלעכן יעדן חבר אָנטיילצונעמען אין דער אָנטשיידונג פון זיינע ענינים; ער קומט ניט צו פארווערן אזעלכע אסיפות שבת, וואו דער אָנטייל פונם חבר איז פריי, און ער האָט ניט בדעה ארייננמישן זיך אין דער פרייער אויפפירונג פונם פרט אין ענינים, וואָס געהערן צו זיין געוויסן.

# דער אראבישער ארבעטער

## מיטארבעט צווישן די ארבעטער פוןביידע פעלקער

### א.

אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון דער אראבישער באפעלקערונג אין ארץ־ישראל פארנעמען ניט אינדוסטריע און מלאכה קיין קענטיקן אָרט. טראָץ דער טענדענץ פון זייער כסדרדיקן וואוקס, און דערווייל לעבן נאָך כמעט 65 פראָצענט אראבער פון ערד־ארבעט. פאר דער מלחמה זיינען ביי 30.000 אראבער געווען באשעפטיקט אין אינדוסטריע און מלאכה, דאָס רוב פון זיי — אינדערהיים אָדער אין אַן אייגענעם ווארשטאט; בלויז 10,000 זיינען געווען לוין־ארבעטער אין אינדוסטריעלע און מלאכה־אונטער־נעמונגען.

אין די לעצטע יארן איז שטארק געוואקסן די צאָל אראבישע ארבע־טער, איבערהויפט ביי די רעגירונגס־ארבעטן, אין די מיליטערישע וואר־שטאטן, אין אינטערנאציאָנאלע און יידישע אונטערנעמונגען, ווי: „איראק פעטראָלעאום קאָמפאני", געזעלשאפט „שעל", די פאָטאש־געזעלשאפט אין ים המלח, „נור" א. א. ארום 7000 ארבעטער זיינען באשעפטיקט אין די ארץ־ישראל׳דיקע אייזנבאנען און נאָך עטלעכע טויזנט אין פריוועטע בנינים.

דער פראָצענט ארבעטער, וועלכע ציען זייער חיונה אויסשליסלעך פון לוין־ארבעט, איז ביי די אראבער פיל נידעריקער ווי אין די אייראָ־פעישע לענדער. א גרויסער טייל פון די אראבישע ארבעטער איז א דאָר־פישער עלעמענט, וואס האט א קליינע אייגענעווירטשאפט, און איז נאָר טיילווייז אָפהענגיק פון לוין־ארבעט. אָט דער פאקט איז א גרויסע שטערונג אין יעדן פרווו צו אָרגאניזירן דעם אראבישן פראָלעטאריאט, און ער פארקלענערט זיינע דערגרייכונגען אין לוין און ארבעטס־באדינגונגען. די עצם מעגלעכקייט, וואס די רעגירונג און די אראבישע אונטערנעמער

קענען שעפן אומצייליקע ארבעטס־כוחות פון די ריזיקע מענטשלעכע רעזערוון פון הינטער די גרענצן פון ארץ־ישראל, ווירקט אין דער ריכטונג פון אראָפּנידערן דעם לעבנס־ניוואָ און דעם לוין פונם אַראַבישן פּראָלעטאריער. אין די לעצטע יאָרן האָט דער שטענדיקער אראבישער ארבעטער אנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן לויטן מוסטער פונם יידישן ארבעטער אין פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען צו פארטיידיקן זיינע רעכט.

ב.

אונטער דער טערקישער רעגירונג זיינען די אראבישע מאסן געווען פארזונקען אין אנאלפאבעטיזם און נויט, אויסגעשטעלט אויף דער עקס־פּלואטאציע פונם פעאָדאליזם. דער יידישער ארבעטער האט, גלייך נאָך זיין אנקומען אין לאנד, תופס געווען, אז דאס עצם עקזיסטירן פון מאסן אראבישע ארבעטער, וואס זייער לעבנס־ניוואָ איז א נידעריקער, קען ווארפן אויך זיין לעבנס־ניוואָ. דעריבער האט ער געהאלטן פאר זיין פליכט צו העלפן דעם עקספּלואטירטן אראבישן ארבעטער.

די שטרעבונג אָנצוקניפּן ברידערלעכע באציאונגען מיט דעם אראבישן ארבעטער האט געפונען איר ערשטן פּראקטישן אויסדרוק אין אויפשטעלן דעם פאראיין פון די אייזנבאן־, פּאָסט־ און טעלעגראף־ארבע־טער אין יאר 1919. דאָס איז געווען דער ערשטער פּראפעסיאָנעלער פאר־איין אין ארץ־ישראל, וואס איז ארגאניזירט געוואָרן געמיינזאַם מיטן ארא־בישן ארבעטער. דאָס איז אויך געווען דער ערשטער פאראיין פונם ארא־בישן ארבעטער אין ארץ־ישראל בכלל. אראבישע און יידישע ארבעטער האָבן מיטגעארבעט אין דעם דאָזיקן פאראיין, אין זיינע קאָנפערענצן און באראטונגען ביזן יאר 1932.

די הסתדרות האָט פון איר גרינדונג אָן געהאָלפן דעם געמיינזאמען פאראיין פון די אייזנבאן־, פאסט־ און טעלעגראף־ארבעטער. זי האָט פיל געטאָן פאר דער פארבעסערונג פון די ארבעטס־באדינגונגען פון די דאָזיקע ארבעטער, און אויך פון די יידישע און אראבישע ארבעטער, וואָס זיינען געווען באשעפטיקט ביי עפנטלעכע מיליטערישע ארבעטן.

אויפן צווייטן צוזאמענפאר פון דער הסתדרות אין פעברואר 1923, איז צווישן אנדערן באשלאָסן געוואָרן „אנצוקניפּן חברישע באַ־ציאונגען מיט די אראבישע ארבעטער אין לאנד" — אלס איינער פון די וויכטיקסטע אויפגאבן פון דער הסתדרות.

אין יאר 1924 האט ד. בן־גוריון פארעפנטלעכט אין „קונטרס" א פּראקטישן פאָרשלאג וועגן שאפן אן „אינטערנאציאָנאלן ארבעטער־פאר־באנד אין ארץ־ישראל", און אין 1926־טן יאר האט אויך י. בן־צבי פארעפנט־

לעכט א גאנצע רייע פראקטישע פֿאָרשלאגן אין דער ריכטונג („א פֿאָרשלאָג צו שאפֿן אן ארץ־ישראל׳דיקן אינטערנאציאָנאלן ארבעטער־פֿארבאנד״). דערוייל האט דער ארבעטער־ראט אין חיפה געעפֿנט א קלוב פֿארן אראבישן ארבעטער (1925), און אין דעמזעלבן יאָר האט די הסתדרות אנגעהויבן ארויסצוגעבן אין ירושלים די צייטונג „איתיחאד אל עמאל״ (די אחדות פֿונם ארבעטער) — די ערשטע אראבישע ארבעטער־צייטונג ניט נאר אין ארץ־ישראל, נאר אויפֿן גאנצן נאָענטן מזרח. יולי 1927, אויפֿן דריטן צוזאמענפֿאָר פֿון דער הסתדרות זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן די הויפּט־ליניעס פֿון מיטארבעט צווישן די ארבעטער פֿוןביידע פֿעלקער אויף פֿאָלגענדע יסודות:

„א. דער צוזאמענפֿאָר געפֿינט, אז ס׳איז נייטיק א מיטארבעט צווישן די יידישע און אראבישע ארבעטער אין זייערע געמיינזאמע לעבנסוויכטיקע ענינים.

ב. די געמיינזאמע טעטיקייט באַזירט זיך אויף דער אנערקענונג פֿון דעם פּאָזיטיוון ווערט און די רעכט פֿון דער יידישער עליה קיין ארץ־ישראל.

ג. לשם דער דאזיקער ארבעט ווערט געשאפֿן אן אינטערנאציאָנאלער פֿארבאנד פֿון די ארץ־ישראל־ארבעטער אויפֿן יסוד פֿון אויטאָנאָמיע נאציאָנאלע קערפּערשאפֿטן.״

די צילן פֿונם פֿארבאנד זיינען פֿאָלגנדיק פֿאָרמולירט געוואָרן:

„א. פֿאראייניקן אלע ארץ־ישראל־ארבעטער אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע, נאציע און ראסע אין איין פֿארבאנד, כדי צו פֿארבעסערן זייער עקאָנאָמישע, געזעלשאפֿטלעכע און קולטורעלע לאגע.

ב. פֿירן א דערציערישע און געזעלשאפֿטלעכע טעטיקייט צווישן די חברים פֿונם פֿארבאנד.״

אזוי איז געגרינדעט געוואָרן דער „פֿ א ר ב א נ ד פֿ ו ן ד י א ר ץ ־ י ש ר א ל ד י ק ע א ר ב ע ט ע ר״ (ברית פּועלי ארץ־ישראל), וואָס האָט זיינע אפּטיילונגען אין חיפה, יפו, ירושלים און פֿארשיידענע אראבישע שטעט און שטעטלעך. דער אראבישער ארבעטער איז אריינגעפֿירט געוואָרן אין די פֿראגן פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער באוועגונג און מען האט אים געהאָלפֿן צו פֿארבעסערן זיינע ארבעטס און לעבנס־באדינגונגען. ס׳איז דורכגעפֿירט געוואָרן א גרויסע דערציערישע טעטיקייט אין דער פֿאָרם פֿון רעפֿעראטן און אָוונטשולן, כדי צו לערנען דעם אראבישן ארבעטער (וואס זיין מערהייט קען ניט לייענען און שרייבן) די שפּראך; די חברים פֿונם „ברית פּועלי ארץ־ישראל״ איז געגעבן געוואָרן מעדיצינישע הילף דורך דער קופּת־חולים; די אראבישע חברים האבן אויך גענאָסן פֿון די ליי־ און

שפּאַר־קאַסעס פון דער הסתדרות. די חברים פונם פאַרבאַנד האָבן בעת א נויטוועגדיקייט באַקומען אויך יורידישע הילף. אנהויב 1946 איז די צאָל חברים פונם „ברית פועלי ארץ־ישראל" דערגאַנגען צו 5000 מאַן בערך.

„ברית פועלי ארץ־ישראל" זאָרגט צו באַשעפטיקן די אַראַבישע אַרבעטער ביי „סולל־בונה" און אַנדערע אונטערנעמער, ביי מיליטערישע אַרבעטן, אין חיפער פּאָרט. דער לוין, וועלכן די „ברית פועלי ארץ־ישראל" האָט דערגרייכט פאַר אירע מיטגלידער, איז מיט 30—40 פּראָצענט העכער פאַר דעם דורכשניטלעכן לוין פונם געוויינלעכן אַראַבישן אַרבעטער. אויף אַזאַ אופן זיינען די אַראַבישע אַרבעטער באַפרייט געוואָרן פון צאָלן גרויסע מעקלעריי־געלטער די פּריוואַטע אַראַבישע אַגענטורן פאַר פאַר־שאַפן זיי אַן אַרבעטס־פּלאַץ.

די „ברית פועלי ארץ־ישראל" צוזאַמען מיט דער הסתדרות האָבן שטענדיק געהאַלטן, אַז דעם לוין פון אַראַבישן אַרבעטער דאַרף מען אויסגלייכן מיטן לוין פונם יידישן אַרבעטער. אין 1942 האָבן די פאַר־שטייער פונם „ברית" און פון דער הסתדרות געפאָדערט פון דער מלוכה׳שער לוין־קאָמיסיע צו באַשטימען א מינימום־לוין פאַר ניט־קוואַליפיצירטע אַר־בעטער, אָן אונטערשייד פון ראַסע און רעליגיע, לויט דעם אָנגענומענעם לוין פאַר א ניט־קוואַליפיצירטן יידישן אַרבעטער אויפן פּריוואַטן אַרבעטס־מאַרק.

די השפעה פון דער „ברית פועלי ארץ־ישראל" וואַקסט אַריבער איר אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם, און זי לאָזט זיך פילן צווישן צענדליקער טויזנטער אַראַבישע אַרבעטער און פּויערים. איר עצם עקזיסטירן, טראָץ די פיינ־דלעכע כוואַליעס, וואָס פאַרפלייצן דאָס לאַנד פון צייט צו צייט, ווייזט אַז דער געדאַנק פון יידיש־אַראַבישער מיטאַרבעט האָט זיך טיף איינגע־וואָרצלט אין די הערצער. די „ברית" האָט אויך מיטגעהאָלפן צום געזעל־שאַפטלעכן פּראָגרעס פונם אַראַבישן אַרבעטער. צווישן זיינע מיטגלידער געפינט זיך אויך די אַראַבישע אַרבעטערין — א בולטער סימן פון געזעל־שאַפטלעכן פּאָרשריט אין דער אַראַבישער וועלט, אויב די אַראַבישע פרוי האָט געוואָגט צו צעברעכן די אַלטע טראַדיציאָנעלע קייטן און אַריינ־טרעטן אין אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַשטייט הויפּטזעכלעך פון מענער. די הסתדרות האָט אויך אַרויסגעפירט פאָרשטייער פון די אָרגאַניזירטע אַראַבישע אַרבעטער אויפן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום. א דאַנק די באַמיאונגען פון דער הסתדרות האָט אַן אַראַבישער פאָרשטייער אַנטייל גענומען אַלס דעלעגאַט פון דער „ברית פועלי ארץ־ישראל" אין די אינטער־נאַציאָנאַלע קאָנפערענצן פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין לאָנדאָן און פּאַריז, אין יאָר 1945.

ג.

דער ווילן צו דערנענטערן זיך איז בשום אופן ניט געווען קיין איינזייטיקער. דער אראבישער ארבעטער האט פון זיין זייט ניט איינמאָל ארויסגעוויזן די גרייטקייט מיטצוארבעטן מיטן יידישן ארבעטער, און פלעגט זיך צו אים ווענדן נאָך הילף און אינסטרוקציעס. עדות דערצו זיינען — די ערשטע ספּאָנטאַן־שטרייקן אין 1920 פון די אראבישע האָלץ־ארבעטער, שניידערס, דרוק־ארבעטער און באנק־אנגעשטעלטע אין יפו, ירושלים און חיפה, ווען די שטרייקנדע אראבישע ארבעטער האָבן זיך געווענדעט צו דער הסתדרות נאך הילף, און זי האט זיי ווי ווייט מעגלעך געהאָלפן. די דאזיקע שטרייקן, וועלכע האָבן זיך על פי רוב געענדיקט מיט א נצחון, באצייכענען דעם אָנהויב קאמף פונם אראבישן ארבעטער קעגן א 12—14 שעה׳דיקן ארבעטסטאָג, קעגן זיין נידעריקן לוין און זייבע שרעקלעכע סאָציאלע באדינגונגען.

ס׳איז כדאי צו באמערקן, אז אפילו בעת די געשעענישן פון 1936—1939, ווען דער טעראָר קעגן די יידן האָט זיך געווענדעט אויך קעגן די אראבישע „פאררעטער" פון דער „ברית פועלי ארץ־ישראל", האבן די אראבישע ארבעטער אין אייניקע פונקטן פאָרגעזעצט זייערע פריינדלעכע באציאונגען מיטן יידישן ארבעטער. די אָפּטיילונג פון דער „ברית" אין חיפה, למשל, איז געווען טעטיק די גאנצע יארן פון די אומרועו, און אין יפו האָבן די אראבישע ארבעטער אויסגענוצט יעדן מאָמענט פון פארהעלטניסמעסיקער רואיקייט, כדי זיך צו ווענדן צו דער הסתדרות און בעטן הילף צו פארבעסערן זייערע ארבעטס־באדינגונגען. און אפילו היינט, אין דער צייט פון דער אראבישער ליגע און דעם באָיקאָט, פירן גרופן אראבישע ארבעטער פון צוויי ריין־אראבישע פונקטן, אונטערהאנדלונגען מיט דער הסתדרות וועגן גרינדן ביי זיי אָפּטיילונגען פון דער „ברית".

ס׳איז קיין שום צווייפל, אַז ווען ניט דאס אריינמישן זיך פון דרויסן, וואָלטן די ארבעטער פון ביידע פעלקער געשאפן אָן אומפּאסנדע, געמיינזאמע ראָם אויפן גרונט פון זייערע בשותפות׳דיקע ענינים; אזא זאך וואָלט שטארק געווירקט אויף דער עקאָנאָמישער און סאָציאלער אנטוויקלונג פון דער אראבישער געזעלשאפט און זי וואָלט פארשנעלערט די קעגנזייטיקע פארשטענדיקונג פון ביידע פעלקער.

דער פרווו פונם אראבישן ארבעטער זיך צו ארגאניזירן, כדי אויסצובעסערן זיינע לעבנס־באדינגונגען און מיטארבעטן מיטן יידישן ארגאניזירטן ארבעטער — טרעפט אָן אויף א שארפן ווידערשטאנד מצד די ארבעטסגעבער און זייערע רעאַקציאָנערע פּאָליטישע פירער. דאס רוב אראבישע ארבעטס־געבער, סיי די גוט־באזיצער או סיי די שטאָטישע

קאפיטאליסטן, זיינען פארבונדן מיט געציילטע מיוחסדיקע משפחות, וועלכע האבן דורות־לאנג געהערשט אין דער אראבישער געזעלשאפט. די דאָזיקע הערשנדע קלאסן, צוזאמען מיט דער אינטעליגענץ וועלכע דינט זיי, זעען אין דער ערוואכונג פונם אראבישן ארבעטער א געפאר פאר זייערע עקאָנאָמישע און געזעלשאפטלעכע פּאָזיציעס. זיי האבן מורא, אז א באוואוסטזיניקער אראבישער ארבעטער־קלאס וועט געפינען אין דער הסתדרות א נאטירלעכן פארבינדעטן. די דאזיקע רעאקציאָנערע קרייזן נוצן אויס לאָזונגען פון נאציאנאלער און ראסן־העצע, כדי אָפּצווענדן די אראבישע ארבעטער פון סאָלידאריטעט מיטן יידישן ארבעטער. זיי האָבן געגרינדעט אייגענע „ארבעטער־פאראיינען" און קלובן, אונטער זייער פולשטענדיקער אויפזיכט.

ד.

מען מוז פעסטשטעלן, אז די ארץ־ישראל'דיקע רעגירונג האט זיך פיינדלעך באצויגן צו דער „ברית פועלי ארץ־ישראל", און אירע פארשיידענע אָפּטיילונגען האָבן געשטערט די באמיאונגען צו ברענגען צו א מיטארבעט צווישן דעם יידישן און אראבישן ארבעטער. אייניקע ביישפּילן וועלן דאס אילוסטרירן.

דער ערשטער אינטערנאציאָנאלער פראָפעסיאָנעלער פאראיין אין לאנד — די ארגאניזאציע פון אייזנבאן־, פּאָסט־ און טעלעגראף־ארבעטער — האט פון זיין אָנהויב אָן אָנגעטראָפן אויף א פיינדלעכע באציאונג מצד די לייטערס פון די אנטשפרעכענדע רעגירונגס־אָפּטיילונגען. זיי האָבן קיינמאל ניט געוואָלט אויפנעמען א געמישטע דעלעגאציע פון יידישע און אראבישע ארבעטער. גערעכטע פאָדערונגען פון דער „ברית" זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אין דערזעלבער צייט איז אונטערשטיצט געוואָרן די פאָרשטייערשאפט פון די שאָוויניסטישע אראבישע פאראיינען. עס האָט זיך געפילט א בולטע טענדענץ צו צעברעכן דעם אינטערנאציאָנאלן פארבאנד און אויסהאָדעווען א „ריינעם" אראבישן פאראיין.

די מלוכה'שע ארבעטס־אָפּטיילונג, וועלכע האט זיך געגרינדעט אין 1942, האט געשטיצט די פאראיינען פון די אראבישע ארבעטער, קעגנער פון מיטארבעט צווישן אראבישן און יידישן ארבעטער. אזא אונטערשטיצונג איז ניט געגעבן געוואָרן דער „ברית פועלי ארץ־ישראל". אין א שטרייק, וועלכער איז דורך דער „ברית" דערקלערט געוואָרן אין יפו אין נאָמען פון 137 אראבישע מעטאל־ארבעטער, האָט די רעגירונגס־אפטיילונג געפאָדערט, אז אין די אונטערהאנדלונגען זאל אנטיילנעמען אויך א פאָרשטייער פון דעם נאציאָנאליסטישן אראבישן פאראיין, הגם צווישן די שטרייקענדע זיינען ניט געווען חברים פון יענעם פאראיין.

די נעגאטיווע באציאונג פון דער רעגירונג האט זיך נאך א מאל ארויסגעוויזן ערב דער וועלט־קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגונגען אין לאָנדאָן, פעברואַר 1945. ערשט נאָך אַן ענערגישער אינטערווענץ מצד דער הסתדרות האט דער אראבישער פאָרשטייער פון דער „ברית פועלי ארץ־ישראל״ באקומען אן אָרט אינעם אַעראָפּלאַן, כדי אָנצוקומען צו דער צייט צו דער קאָנפערענץ. דאקעגן האָט די רעגירונג געהאָלפן דעם פאָרשטייער פון דעם אראבישן שאָוויניסטישן פאראיין איינצואָרדנען זיין רייזע קיין לאָנדאָן.

ה.

די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג פון ארץ־ישראל האט געווירקט אויך אויפן אראבישן סעקטאָר, און די צאָל אראבישע ארבעטער וואקסט כסדר:

| | 1921 | 1930 | 1939 |
|---|---|---|---|
| אין דער אראבישער אינדוסטריע און מלאכה | 3000 | 5000 | 10000 |
| אין דער ניט־אראבישער אינדוסטריע און מלאכה | 100 | 500 | 3000 |
| אין די אייזנבאנען | 3000 | 2500 | 3500 |
| אין די פּאָרטן | 1000 | 1500 | 3000 |
| אין בוי־ארבעטן | 1000 | 2000 | 2000 |
| אין עפנטלעכע ארבעטן | 1500 | 3000 | 15000 |

אין דער מלחמה־צייט איז שטארק געוואקסן די צאָל אראבישע ארבעטער אין די עפנטלעכע און מיליטערישע ארבעטן (אין 1943 ביז 65.000), אין די אייזנבאנען (ביז 7000) און אין דער אינדוסטריע.

די לאגע פון אראבישן ארבעטער אין ארץ־ישראל איז פיל בעסער, ווי אין די שכנותדיקע לענדער, הגם אין מצרים און איראק עקזיסטירט (ווייניקסטנס אויפן פאפיר) א מער פאָרגעשריטענע געזעצגעבונג, ווי אין ארץ־ישראל. די ענדערונגען, וועלכע די יידישע עליה האט אריינגעבראכט אין לאנד, האָבן שטארקער געווירקט אויף דער פארבעסערונג פון דער לאגע פונם אראבישן ארבעטער, ווי די געזעצגעבונג אין יענע לענדער.

דער דורכשניטלעכער לוין פון אן אראבישן אינדוסטריע־ארבעטער אין ארץ־ישראל (לויט דער מלוכה'שער ציילונג) האָט זיך פון 80—90 מיל אין יאָר 1928 געהויבן צו 140 מיל אין 1938, דאָס הייסט אויף 50%—60%. אין יאָר 1945 איז דער דורכשניטלעכער לוין פון אן אראבישן ארבעטער אין די אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וועלכע באשעפטיקן ארבעטער פוןביידע פעלקער, געווען העכער פון זיין לוין אין א „ריין״ אראבישער אונטערנעמונג.

דער לוין פון אן אראבישן פעלד־ארבעטער, וואס איז באשעפטיקט

אין די יידישע מושבות, האָט זיך פון 60—70 מיל אין 1923 געהויבן צו 150 מיל אין 1935.

דער לוין פונם אראבישן ארבעטער אין ארץ־ישראל איז פיל העכער אין פארגלייך צו די שכנות׳דיקע לענדער. דער דורכשניטלעכער טעגלעכער לוין פונם אראבישן ארבעטער איז 1942 געווען:

| | פשוטע ארבעטער | קוואליפיצירטע ארבעטער |
|---|---|---|
| אין ארץ־ישראל | 220—250 | 350—600 |
| אין מצרים (אין ארץ־ישראל׳דיקן געלט) | 30— 50 | 70—200 |
| אין סיריע | 80—100 | 150—300 |
| אין איראק | 50 | 70—200 |

אין לאנד גופא איז פאראן א קאנטיקער אונטערשייד צווישן דעם לוין פונם אראבישן ארבעטער, וואָס ארבעט נאָענט צום יידישן ישוב, און צווישן זיין לוין אין ריין־אראבישע פונקטן, דערווייטערטע פון יידישן ישוב.

אין ארץ־ישראל איז אין א גרעסערער מאָס ווי אין די שכנותדיקע לענ־דער פארווירקלעכט געוואָרן דער פרינציפּ פון אן אכט־שעהדיקן ארבעטס־טאָג און א ספּעציעלער באלוינונג פאר איבערשעה׳ן. פון שטאנדפּונקט פון די סאָציאלע באדינגונגען איז די לאגע פון די אראבישע ארבעטער אין ארץ־ישראל פיל בעסער, ווי אין די שכנותדיקע לענדער. טויזנטער אראַ־בישע ארבעטער, באשעפטיקטע אין די אייזנבאנען, פּאָסט און טעלעגראף, אין דער איראקישער נאפט־געזעלשאפט, אין די מאגיסטראטן פון חיפה און ירושלים א. א., געניסן פון א יערלעכן באצאלטן אורלויב אין גרויס פון 6—8 טעג, און האָבן רעכט אויף 30 טעג קראנקהייט אין יאָר מיט 50% פונם לוין — א מנהג, וואָס עקזיסטירט נישט כמעט אין אנדערע לענדער פונם מיטל־מזרח.

בכלל האָט זיך דער לעבנס־ניוואָ פון די אראבישע ארבעטער געהויבן אין די 25 יאָר עקזיסטענץ פון דער הסתדרות. ס׳איז געוואקסן די צאָל פון די, וואָס קענען לייענען און שרייבן און עס מערקט זיך א געזעלשאפט־לעכע אויפלעבונג, הויפּטזעכלעך צווישן די ארבעטער אין די געמישטע שטעט און די וואָס ליגן נאָענט צום יידישן ישוב. דער אראבישער ארבע־טער אין ארץ־ישראל איז דערגאנגען צו א העכערער מדרגה פון געזעל־שאפטלעכער אנטוויקלונג, ווי דער אראבישער ארבעטער אין די שכנות־דיקע לענדער.

(לויט דעם מעמאָראנדום, וואָס דער ועד הפועל פון דער הסתדרות האָט דערלאנגט דער ענגליש־אמעריקאנישער אויספאָרשונג־קאָמיסיע, 1946).

אבא חושי

# ברית פועלי ארץ־ישראל

די צוואנציק־יעריקע פראקטיק פון אונזער ארבעט צווישן די אראַ־בישע ארבעטער האט באוויזן, אז דער איינציקער וועג צו אָרגאניזירן דעם אראבישן ארבעטער איז אונזער וועג — דער וועג פון ברית פועלי ארץ־ישראל.

וואָס איז אייגנטלעך אונזער וועג?

מיר ווילן העלפן דער אראבישן ארבעטער צו באפרייען זיך פון זיין עקאָנאָמישן, געזעלשאפטלעכן, גייסטיקן און פּאָליטישן יאָך. מיר ווילן אים העלפן אָרגאניזירן זיך אין א פאָרם און ראם, וואָס אנטשפּרעכן זיין נאציאָ־נאלן און מענטשלעכן כאראקטער, כדי צו הויבן זיין לעבנס־ניווא, זיין ארבעטס־לוין, פארבעסערן זיינע ארבעטס־באדינגונגען, באפרייען אים פון זיינע פּאָליטישע און סאָציאלע אפּוטרופּסים און דערפירן אים דערצו, ער זאָל נעמען זיין גורל אין זיינע אייגענע הענט.

מיר שטרעבן צו העלפן אים שאפן אן אראבישע ארבעטער־אָרגאני־זאציע, וואָס זאָל זיין ברידערלעך פארבונדן מיט אונזער הסתדרות.

מיר ווילן פון אים ניט מאכן קיין ציוניסט, פונקט ווי מיר ווילן פון אים ניט פארבאהאלטן אונזערע ציוניסטישע שטרעבונגען. מיר זאָגן אָפן דעם אראבישן ארבעטער, אז מיר זיינען געקומען אין לאנד, כדי אויסצו־לייזן אונזער פאָלק און אויפצובויען אים א פאָטערלאנד, און אז מיר קענען ניט און זיינען ניט בארעכטיקט אויף דעם מוותר צו זיין, ניט לטובת אים און ניט לטובת אנדערע. בלויז מיט אָפענהערציקייט און אמת וועלן מיר קענען געפינען א וועג צום הארץ און מוח פונם אראבישן ארבעטער און פויער.

אמת, אונזער וועג איז לאנג און שווער, אָבער דאָס איז דער איינ־ציקער און זיכערער וועג.

דער ציל פון „ברית פועלי ארץ־ישראל", ווי ער איז פאָרמולירט געוואָרן אין די גרינדונגס־תקנות — איז:

„פאראייניקן אלע ארץ־ישראלדיקע ארבעטער אן אונטערשייד פון רעליגיע, נאציע און ראסע אין איין פארבאנד, כדי צו פארבעסערן זייער עקאָנאָמישע, געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע לאגע.

דער פארבאנד איז געבויט אויפן גרונט פון אויטאָנאָמע נאציאָנאלע קערפּערשאפטן".

ניט קיין אויסמישונג פון פעלקער, ניט פארווישן דעם גייסטיקן,

נאַציאָנאַלן פּרצוף, ניט אַנטזאָגן זיך פון נאַציאָנאַלן לעבנסשטייגער און נאַציאָנאַלער שאַפונג, נאָר אַ פאַרבאַנד פון צוויי זעלבסטשטענדיקע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן. דער פאַרבאַנד באַשטייט פון פאַראייניגן, צווישן זיי ריין־יידישע, ריין־אַראַבישע און געמישטע, אָבער אין יעדן געמישטן פאַראיין קענען אויך זיין נאַציאָנאַלע קאָמערלעך, און יעדעס נאַציאָנאַלע קאָמערל קען זיך פאַראייניקן, אויב עס וויל, מיט זיין נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט אין לאַנד־מאַסשטאַב.

די יידישע קערפּערשאַפט איז שוין געשטאַנען גרייט, ווען עס האָט זיך געגרינדעט די ברית פּועלי ארץ־ישראל: דאָס איז דאָך די הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל, מיט אַלע אירע פאַראיינען און קאָמערלעך אין שטאָט און דאָרף, אין דער פּריוואַטער, מלוכהשער און אינטערנאַציאָנאַלער ווירטשאַפט. אַנדערש איז אָבער געווען די לאַגע ביי דעם אַראַבישן סעקטאָר. דאָ זיינען בלויז געווען קערענדלעך פון אַרבעטער־פאַראיינען אין מלוכה׳שער און אינטערנאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, וואָס די הסתדרות האָט זיך מיט זיי ביז דאַן פאַרנומען. נאָך דער גרינדונג פון דער „ברית" איז אויף דער הסתדרות אַרויפגעלייגט געוואָרן צו פאַראייניקן אַלע קאָמערלעך אין אַ נאַציאָנאַלער אַרבעטער־קערפּערשאַפט אין די ראַמען פון „ברית פּועלי א״י".

ווער ס׳וועט וועלן אָפּשאַצן די דערגרייכונגען פון דער הסתדרות אויף דעם געביט לויט דער צאָל פון די אָרגאַניזירטע אַראַבישע אַרבעטער, וועט מאַכן אַ גרויסן טעות. יעדער, וואָס האָט אַן אָנונג אין ענינים פון אָרגאַניזאַציע, ווייס ווי שווער עס איז יעדער אָנהויב, וויפיל מי עס פאָדערט יעדעס קערנדל ביז עס גייט אויף. און בפרט אין אַ מזרחדיק, האַלב־פעאָדאַלן פאָלק, אַ פאַרשקלאַפטן פון אינעוווייניק און אויסוווייניק, אַ פאָלק, וואָס איז געטריי דער רעליגיעז־פּאַטריאַרכאַלער טראַדיציע און אונטערגעוואָרפן די השפעות פון עקסטרעמע פאַנאַטיקער.

מ. אסף

## די אַראַבישע צייטונג פון דער הסתדרות

מערץ 1937, אין סאַמע מיטן פון די אַראַבישע אומרוען, איז דערשינען דער ערשטער נומער פון „חקיקת אל־אמר", אַן אילוסטרירטע וועכנטלעכע אַראַבישע צייטונג, אַרויסגעגעבן פון דער הסתדרות. אויבנאָן אין דער צייטונג שיינט דער לאָזונג: „פאַרשפּרייטן דעם פּרינציפּ פון ברידערלעכקייט צווישן ביידע פעלקער און שטאַרקן דעם „ברית פּועלי ארץ־

ישראל", דאָס הייסט: די אראבישע ארבעטער־אָרגאניזאציע, וואָס איז פאר־בונדן מיט דער הסתדרות.

דער הויפט־פּרינציפּ פון דער צייטונג איז ריידן אָפן מיטן אראבישן לעזער וועגן אלע עקאָנאָמישע, געזעלשאפטלעכע, קולטורעלע און פּאָלי־טישע פראגן, וועלכע באשעפטיקן אים, און בפרט וועגן די אלע פראגן, וואָס זיינען נוגע די באציאונגען צווישן ביידע פעלקער. די צייטונג רעאגירט אויף דער העצע, וועלכע ווערט געפירט קעגן דעם ציוניסטישן ווערק בכלל, און קעגן דעם פּראָלעטארישן ציוניזם בפרט, אָבער איר עיקרדיקע אויפגאבע זעט די צייטונג אין א דירעקטער פּאָזי־טיווער אויפקלערונג ביי יעדער געלעגנהייט. אזוי, למשל, האט די צייטונג אין משך פון די יאָרן נאכאנאנד אויפגעקלערט די שטעלונג פון דער הסתדרות אין די פראגן פון עליה, יידישע ארבעט, דאָס רעכט פון די יידן צו באזעצן זיך אין לאנד און אז. וו. די שטענדיקע אָפּטיילונגען פון דער צייטונג זיינען: א לייט־ארטיקל וועגן אקטועלע ענינים; אויסצוגן פון דער העברעאישער פּרעסע; די אויפטועון פון דער ציוניסטישער באוועגונג און פון דער הסתדרות פאר דער אנטוויקלונג פון לאנד; ארבעט און אר־בעטער; וועלט־פּאָליטיק; באמערקונגען און דיסקוסיעס; פון דער אראבישער פּרעסע; צווישן די צוויי פעלקער (ידיעות וועגן דער טעטיקייט פאר דערנענטערונג און מיטארבעט); דערציילונגען (פון דער וועלט־ליטע־ראטור, פון עברית און יידיש); אלגעמיין־מענטשלעכע ידיעות; אייניקע העברעאישע זאצן מיט נקודות אין אן אראבישער איבערזעצונג.

די אויפקלערונג — איז אין א ליטעראַרישער, פּשוטער און לייכטער שפּראך. די טענדענץ איז — וועקן דעם אראבישן לעזער און ארויסשלעפּן אים פון דער אטמאָספער פון רעאקציע און העצע. דעריבער באמיט זיך די צייטונג ברענגען מערערעביישפּילן פון דער ברייטער וועלט, פון דער אראבישער און יידישער וועלט, א לעבעדיקן מאטעריאל, וואָס באוועגט די פּראָגרעסיווע מענטשלעכע אינסטינקטן בכלל און די פּראָלעטאריש־סאָציא־ליסטישע בפרט. דאָס אלץ ווערט געמאכט פּאָזיטיוו, נעמענדיק אין אַכט די אויפפאסונג און אָרט דענקען פונם אראבישן לעזער און אויסמיידנדיק זאכן, וועלכע קענען פארלעצן זיינע געפילן.

די צייטונג ווערט געשריבן און רעדאגירט דורך יידן. פון צייט צו צייט באטייליקן זיך אין איר אויך אראבער, אָבער צוליבן געזעלשאפט־לעכן חרם־טעראָר, וואָס הערשט פון 1936 אן, האָבן אראבער מורא צו פארעפנטלעכן זייערע נעמען. דעריבער פארעפנטלעכט די צייטונג ווי־ניק אראבישע ארטיקלען.

אין די יאָרן פון פאר דער מלחמה פלעגט די צייטונג פארשפּרייט

ווערן אין 3000—4000 עקזעמפלארן. אין דער מלחמה־צייט, צוליבן מאנגל אין פאפיר, איז זי געצוואונגען געווען זיך צו באנוגענען מיט 2000. די צייטונג ווערט אומזיסט געשיקט אין הונדערטער ערטער אין לאנד און צו פארשידענע מינים אראבישע איינוואוינער: ארבעטער, אָנגעשטעלטע, לערער, דאקטוירים, אראבישע קאָנסולן, בעלי־מלאכות, קרעמער, סטודענטן א. א. א קליינע צאָל צייטונגען ווערט געשיקט אין די שכנות־דיקע לענדער.

די אראבישע פרעסע־לייט און טוער האָבן געפּרוווט קעמפן מיט דער צייטונג דורך א חרם און רדיפות און צום סוף האָבן זיי לגבי איר אָנגעווענדעט א סיסטעם פון פארשווייגן. פון צייט צו צייט באנייען זיך די רדיפות, הויפטזעכלעך קעגן אלע פרווון צו פארקויפן זי אין די קיאָסקן, קראָמען א. א. אָבער אין משך פון אלע יאָרן קומען נאכאנאנד אן בריוו פון פארשידענע ערטער, מיט דער ביטע צו שיקן די צייטונג. עס טרעפט, אז א לעזער שיקט אָפּ די צייטונג מיט א שארפער קריטיק און אפילו זידלערייען. פיל גרעסער איז אָבער די צאָל פון לעזער, וואָס רעאַגירט גוט און מענטשלעך.

קיין שום צייטונג פון יידן קען איצט ניט קומען אין א קאָנטאקט פון אויפריכטיקער דיסקוסיע מיט דער טעטיקער שיכט אין דער אראבישער נאציאָנאלער באוועגונג: די דאָזיקע שיכט מיידט אויס יעדע דירעקטע אויפקלערונג און יעדע דיסקוסיע. אָבער עס וואקסט די צאָל לעזער, צו וועלכע מען קען נאָך און מען מוז דערגיין. עס הערשט איצט צווישן די אראבער אן אָפענער און פארשטעלטער טעראָר לגבי יעדן פרווו פון באריר־רונג מיט יידן, באזונדערס לגבי די פרווון אויפצוקלערן דעם יידישן ווערק פונם מענטשלעכן און סאָציאַליסטישן שטאנדפונקט. דעריבער איז גרויס די פליכט און וויכטיק דער אויפטו.

ב ר ו ך ל י ן

## די געמיינזאמע אָרגאניזירונג

ווען מיר טרעטן צו צו באהאנדלען דעם ענין פון דער געמיינזאמער אָרגאניזירונג פון יידישע און אראבישע ארבעטער, שטעלן זיך פאר אונז צוויי עיקר־פראגן: א) וואָס צווינגט אונז בכלל צו זוכן וועגן צו פאר־ווירקלעכן אָט די געמיינזאמע אָרגאניזירונג (ארגון משותף)? ב) וועלכע זיינען עס די וועגן?

די געשעענישן, וועלכע חזר׳ן זיך איבער אין לאנד, האָבן באשיינ־פערלעך דערוויזן, ווי ווייט אונזער ווערק נויטיקט זיך אין א פארשטענ־דיקונג מיטן אראבישן פאָלק, וואָס זיצט הונדערטער יאָרן אין לאנד, און וואָס דער גורל האט אים געמאכט פאר אונזער שותף. אָבער עס דארף קלאָר זיין, אז א הסכם צווישן פעלקער דערגרייכט מען ניט דורך דיפּלאָמאטישע אונטערהאנדלונגען, וואָס זייער הויפטציל איז קעגנזייטיקע אָפּנארעריי. מען קען אים דערגרייכן דורך שאפן געמיינזאמע אינטערעסן און פריינט־לעכע באציאונגען צווישן די ברייטסטע מאסן פוןביידע פעלקער, נעמענ־דיק אין באטראכט די נאציאָנאלע שטרעבונגען פוןביידן גלייכצייטיק.

דער ציוניזם באדייט — א קאָנצענטראציע פון יידישע מאסן אין ארץ־ישראל פאר א לעבן פון ארבעט און שאפונג, פאר א פרייען, נאציאָ־נאלן קיום. דער הויפט־באדינג צו פארפעסטיקן די יידישע ארבעט איז: מענטשלעכע לעבנס־באדינגונגען פארן ארבעטער. אָבער ווי אזוי פארזי־כערט מען דאָס לעבנס־ניוואָ פונם יידישן ארבעטער? מיט צוויי וועגן: א) ווענדן זיך צום נאציאָנאלן אחריות־געפיל פון יידישן ארבעטס־געבער; פארשטארקן די קלאסן־אָרגאניזאציע פונם יידישן ארבעטער. ב) הויבן דאָס לעבנס־ניוואָ פונם אראבישן ארבעטער דורך א בהדרגה׳דיקער פארווירק־לעכונג פונם ארגון משותף.

די ארבעטער־קרייזן אין לאנד מוזן אן קיין צווייפל מאקסימאל אויס־נוצן די השפעה פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, כדי צו פארגרעסערן, וואו נאָר מעגלעך, דעם פּראָצענט פון יידישער ארבעט. אָבער צי קען דער־דאָזיקער וועג ברענגען א גרינדלעכע לייזונג? ס׳איז אויסגעשלאָסן, אז אין איין פּאָליטישער ראַם, אין וועלכער עס הערשן דיזעלבע נאציאָנאלע עקאָנאָמיע און צאָל־געזעצן, זאָלן עקזיסטירן צוויי פארשידענעווירטשאפטן.

ארץ־ישראל אנטוויקלט זיך זייער שנעל. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן א יידישע ערשטקלאסיקע אינדוסטריע און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג פונם אראבישן סעקטאָר. עס זיינען גע־שאפן געוואָרן גרויסע אונטערנעמונגען פונם אינטערנאַציאָנאלן קאפּיטאל. אין דער מלוכה׳שער ווירטשאפט, ביי מיליטער און די אינטערנאציאָנאלע קאפּיטאליסטן איז באשטימט געוואָרן א גלייכער מינימום־לוין פאר די אר־בעטער פון ביידע פעלקער, און אפילו דער לוין פאר קוואליפיצירטע ארבעטער איז אָפּהענגיק בלויז פון זייער קוואליפיקאציע. די דאָזיקע לאגע פאָדערט א געמיינזאמען קאמף פון די ארבעטער פון ביידע פעלקער פאר העכערן דעם לוין און פארבעסערן זייערע ארבעטס־באדינגונגען, ווייל נאָר אין דער געמיינזאמקייט ליגט די גאראנטיע פאר זייער נצחון. אין אזעלכע

באדינגונגען קען מען ניט פאָדערן א גוטן לוין פארן יידישן ארבעטער אליין.

ס׳איז אויך פאראן א פרינציפּעלע סיבה פאר אונזער שטרעבונג צום ארגון משותף — דאָס איז די סאָלידאריטעט־פּליכט פון די ארבעטער פון אלע פעלקער אין זייער קאמף פאר ענדערן די עקזיסטירנדע אָרדנונג און פארווירקלעכן די אידעע פון דער נייער סאָציאליסטישער געזעלשאפט אין דער גאנצער וועלט. אָבער מיר זעען א מוז צו הויבן דעם לעבנס־ניוואָ, דעם קלאסן־באוואוסטזיין און די אָרגאניזאציע פונם אראבישן ארבעטער, אויך פונם שטאנדפונקט פון די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון דער ציוניסטיש־סאָציאליסטישער באוועגונג, כדי צו קאָנצענטרירן יידישע מאסן אין ארץ־ישראל.

און דאָ איז כדאי אפּצושטעלן זיך אויף א געוויסער מאָראלישער טענה וועלכע זאָגט: „אייגנטלעך טרעט איר צו צום ארגון משותף, ארויס־גייענדיק פון די אינטערעסן פונם יידישן ארבעטער, כדי צו פארזיכערן אים אן עקזיסטענץ־מעגלעכקייט און א קאָנקורענץ אויפן יידישן ארבעטס־מארק, און אויף אזא אופן ארויסצושטופּן דעם אראבישן ארבעטער. איר ווילט עס מאכן ניט צוליב אים, נאָר צוליב זיך אליין, דעריבער האָבן ניט אייערע דעקלאראציעס קיין מאָראלישע קראפט״. אונזער מיינונג איז, אז ציוניזם באדייט קודם־כל דאָס רעכט פונם עולה אויף ארבעט. דאָס דאָזיקע רעכט בויען מיר ניט אויפן חשבון פון די אראבישע ארבעטס־פּלעצער, נאָר עס באַזירט זיך אויף דער אנטוויקלונג פונם לאנד און אויף דעם ארייַנגע־לייגטן יידישן נאציאָנאלן און פריוואטן קאפּיטאל, וועלכער שאפט נייע ארבעטס־פּלעצער און פרנסה־מקורות. אדאנק דער יידישער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג און דעם יידישן קאפּיטאל, אנטוויקלט זיך אויך די אראבישע ווירטשאפט, אָבער מיר אנטזאגן זיך ניט פון אונזער טייל אין די רעגי־רונגס־ארבעטן, אינם אינטערנאציאָנאלן קאפּיטאל, אין דער אינדוס־טריע א. א.

אונזער גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון אונזער הילף ביי דער אָרגאניזירונג פונם אראבישן ארבעטער דרינגט ארויס דערפון, וואָס מיר ווייסן, אז מיר זיינען ווירקלעך פאראינטערעסירט אין זיין אָרגאניזירונג, פונקט ווי ער אליין איז פאראינטערעסירט אין אויסבעסערן זיינע לעבנס־באדינגונגען, און פונקט ווי יעדע אָרגאניזירטע ארבעטער־באוועגונג אין יעדן לאנד — אין באצוג צו ניט־אָרגאניזירטע ארבעטער, וואָס געפינען זיך אויסער איר און ווערן אויסגענוצט פון די עקספּלואטאטאָרן אין זייער קאמף קעגן איר. דער דאָזיקער פאקט פארקלענערט ניט די מאָראלישע קראפט פונם קלאסנקאמף פון די ארבעטער אין יעדן לאנד. אין אונזער

פאל גיסט זיך דער קלאסן־אינטערעס צונויף מיטן נאציאָנאַלן אינטערעס.

אָבער, טראָץ דעם דאָזיקן באוואוסטזיין אונזערן, קענען מיר זיך ניט לאָזן מיטשלעפּן פון די לאָזונגען פון א באלדיקער אינטערנאציאָנאַלער אָרגאַניזירונג. אויפן וועג פון ארגון משותף זיינען פאראן פיל גרויסע שטערונגען, וואָס זייער מקור ליגט אין וויכטיקע קולטורעלע און געשיכט־לעכע סיבות, און וואָס מען קען זיי ניט גובר זיין מיט רעוואָלוציאָנערע פראזן.

מיט יאָרן צוריק האט בלויז א קליינער טייל פון די אראבישע ארבע־טער געקענט פארדעכנט ווערן צום פראָלעטאריאט. די גרעסטע מערהייט פון די אראבער, וועלכע האָבן געארבעט ביי דער רעגירונג און אין די מאגיסטראטן, זיינען געווען פויערים, וואָס זייער לוין־ארבעט איז געווען בלויז א צוגאָב־פּרנסה. דער מין ארבעטער לאָזט זיך זייער שווער אָרגאני־זירן צו א סיסטעמאטישן פראָפעסיאָנעלן קאמף.

די צווייטע פראגע, אויך אן עיקרדיקע, איז דאָס נידעריקע לעבנס־ניוואָ פונם אראבישן ארבעטער. אויב יידן און אראבער ארבעטן אין איין אָרט — אונטערשיידט זיך דער לוין, פאר וועלכןביידע זיינען גרייט צו קעמפן, על פי רוב אין פופציק פראָצענט. מען קען לייכט דערווייזן דעם אראבער, אז א הויכער לוין איז בעסער, ווי א נידעריקער, אָבער אויב עס וועט זיך פאָדערן א לאנגער און עקשנות׳דיקער קאמף, כדי אים צו דער־גרייכן, — וועט דער אראבער זיין דער ערשטער, וואָס וועט פארלאָזן דעם שלאכטפעלד, ווייל דער הויכער לוין איז פאר אים ניט אזא מוז־זאך, ווי פאר יידן.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אָבער דער צוזאמענשטעל פונם אראבישן ארבעטער־כלל שטארק געענדערט. אויך היינט שאפן די פויערים און די אנגעקומענע פון עבר־הירדן און סוריע, די מערהייט פון די ניט־קוואליפיצירטע אראבישע ארבעטער, הויפּטזעכלעך ביי די רעגירונגס־ארבעטן און ביי מיליטער, אבער עס איז אויך אויסגעוואקסן אן אראבישער פראָלעטאריאט, וועלכער באשטייט פון שטענדיקע ארבעטער, וואָס לעבן בלויז פון זייער לוין. עס זיינען אויסגעוואקסן אראבישע ארבעטער־אָרגאני־זאציעס. אמת, אראבישע ארבעטער, וואָס געהערן צו „דער „ברית פועלי ארץ ישראל״ זיינען היינט א מינדערהייט. די מערהייט ארגאניזירטע געהערן צו צוויי אָרגאניזאציעס: איינע געפינט זיך אונטער דער ווירקונג פון דער מופתי־פארטיי, און די צווייטע — אונטער דער השפעה פון די קאָ־מוניסטן. ביידע באציען זיך מיט דער זעלבער שנאה צום ציוניזם, און במילא אויך צו דער הסתדרות. צוליב דעם איז שווער צו שאפן א שטענדיקע שותפות צווישן די יידישע און אראבישע ארבעטער אין זייער פראפעסיאָ־

נעלן קאמף, הגם אין איינצלפאלן, ווי בעת דעם גרויסן שטרייק פון די ארבעטער אין דער רעגירונגס־ווירטשאפט — איז דערגרייכט געוואָרן א מיטארבעט. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אלזא געשאפן אביעקטיווע באדינגונגען פאר א שטענדיקער מיטארבעט צווישן די יידן און די אראבער: ס׳איז אויסגעוואקסן א אראבישער פראלעטאריאט, ס׳איז דערג־רייכט געוואָרן א גלייכע לוין־נארמע אין פארשידענע אונטערנעמונגען, עס האָבן זיך געשאפן ארגאניזאציאנעלע ראמען פונם אראבישן ארבעטער א. א.

די פראגע פון געמיינזאם ארגאניזירן די ארבעטער פוןביידע פעלקער איז אלזא פארבונדן קודם־כל מיט אויפהויבן דעם לעבנס־ניוואָ און די קולטורעלע באדערפעניש פונם אראבישן ארבעטער ביז צום דער מדרגה פונם יידישן, און אין דער הינזיכט שטייען מיר נאך ביים אנהויב וועג. אמת, די אנטוויקלונג פונם לאנד אין די לעצטע יאָרן — וואס איז הויפטזעכלעך געקומען אדאנק דער ציוניסטישער טעטיקייט, — האט שוין אליין שטארק געווירקט אויפן לעבנס־ניוואָ פונם אראבישן ארבעטער, אָבער ס׳איז נאָך ווייט דער מהלך צווישן ביידע פעלקער. די נידעריקע קולטורעלע לאגע פון די אראבישע מאסן ווירקט אויך אויף זייער גייס־טיקער פארשקלאפונג און גיט זיי איבער אין די הענט פונם מופתי און די עפענדיס.

די אלע שוועריקייטן זיינען נוגע די אראבישע מאסן, וועלכע זיצן אין ארץ ישראל. אָבער עס איז דאָ נאָך א שונא, וואס שטערט אין יעדן פרווו פון ארגאניזירן — און דאס איז דער מדבר, וועלכער ציט זיך אין לאנד און דער עיקר אויף זיינע גרענעצן. אינם דאזיקן מדבר געפינען זיך הונדערטער טויזנטער, וואָס זייער לעבנס־ניוואו איז נאָך פיל נידעריקער פון דעם ארץ־ישראלדיקן אראבישן פויער (פלח), און וועלכע זיינען שטענ־דיק גרייט צו פארפלייצן דאס לאנד מיט מאסן ביליקע ארבעטס־קרעפטן.

אין דער וואל־פלאטפארם, וועלכן דער השומר־הצעיר האט דער־לאנגט צו דער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות אין 1927 איז געזאָגט געוואָרן: „אנערקענענדיק די געמיינזאמע אינטערעסן פונם יידישן און אראבישן ארבעטער אין זייער טאג־טעגלעכן קלאסן־קאמף און נעמענדיק אין באטראכט די צוקונפטיקע אנטוויקלונג פון דער ארץ־ישראלדיקער ווירטשאפט — דארף די אלגעמיינע הסתדרות טאן פאר דער געמיינזאמער אָרגאניזירונג פונם יידישן און אראבישן ארבעטער לויט פאָלגנדער סיסטעם: א) ארייננפירן א פולן ארגון משותף אין דער מוניציפאלער און רעגירונגס־ווירטשאפט און אין דער אינטערנאציאנאלער אינדוסטריע; ב) אין די איבעריקע צווייגן פון ווירטשאפט און אינדוסטריע — שאפן א פאראלעלן ארגון פונם אראבישן ארבעטער און אן אלגעמיינע אראבישע

ארבעטער־ארגאניזאציע; ג) שאפן אן אינטערנאציאנאלן לאנדעס־פארבאנד פון דער הסתדרות, פון דער אלגעמיינער אראבישער ארבעטער־ארגאניזא־ציע און פון די געמישטע קערפערשאפטן.

צוויי פרינציפן דארפן אפגעהיט ווערן אלס תנאי ביים שאפן דעם פארבאנד פון די דריי אויבנדערמאנטע קערפערשאפטן: 1) די פריי־הייט פון דער יידישער עליה; 2) דער פרינציפ פון אן אפענעם פראפעסיאנעלן פאריין. דער געמיינזאמער פארבאנד פארנעמט זיך מיט אלע געמיינזאמע פראָפעסיאָנעלע ענינים פונם יידישן און אראַ־בישן ארבעטער אויפן גרונט פון די אויבנדערמאנטע יסודות".

די דאזיקע פלאטפאָרם איז פארעפענטלעכט געוואָרן מיט 20 יאָר צוריק, אבער זי קען גילטן אויך היינט ביים אנמערקן די טעטיקייט פון אונזער ליניע. די הויפּט־הנחה, אז א יידיש־אראבישער הסכם, — און קודם־כל א הסכם צווישן יידישע און אראבישע ארבעטער — איז אן אומבאדינגטער תנאי פאר דער פארווירקלעכונג פון גרויסן ציוניזם, וואס זאל מעגלעך מאכן צו קאנצענטרירן מיליאנען יידן אין לאנד — די דאָזיקע הנחה ווערט נאָך מער בארעכטיקט אין שטורעם פון די איצטיקע שווערע טעג, וואָס מיר לעבן איבער אין ארץ־ישראל און אין גלות.

(געשריבן צוערשט אין יאָר 1928, געגעבן דאָ מיט קליינע אויסבעסערונגען).

ד. בן־גוריון

## מיר מאָנען פון זיך אליין

פאראן אַן אייגנשאפט ביי אונזער באוועגונג, מיט וועלכער זי אונטערשיידט זיך פון די ארבעטער־באוועגונגען אין אנדערע לענדער. אומעטום איז די ארבעטער־באוועגונג געווען פון שטענדיק אָן אַ באַוועגונג, וואָס מאָנט פון אנדערע, ביי אונז — און ווידער אַ מאָל פון שטענדיק אָן — א באַוועגונג וואָס מאָנט פון זיך אליין.

די ארבעטער־באוועגונג אין גאָר דער וועלט האָט זיך אָנגעהויבן פון א פּראָטעסט קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג. ניט צו זיך אליין איז געווען געווענדעט דער פּראָטעסט, נאָר צו דער מדינה, צו די הערשנדיקע קלאסן. פון זיי האָט מען געפאָדערט פּאָליטישע רעכט, ארבעטס־באדינגונגען א.א.וו. די ארבעטער האָבן געהאלטן, אז זיי זענען ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאר דעם. זיי האָבן פיל דערגרייכט מיטן כוח פון דער אָרגאַניזירטער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער באוועגונג. בעת ס'איז אָבער געקומען די קריטישע שעה, בעת זיי זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו אַנטפּלעקן זייער אייגענעם כוח, בעת די געשיכטע האָט זיך געווענדעט מיט דער פאָדערונג צו זיי אליין — דעמאָלט זיינען זיי נכשל געוואָרן, צו דער דאָזיקער ראָל זיינען זיי ניט געווען גרייט.

אונזער ספּעציפישע היסטאָרישעווירקלעכקייט האָט געבראכט דערצו, אז אונזער באוועגונג האָט אָנגעהויבן מיט פאָדערונגען פון זיך אליין. מיר האָבן ניט געהאט פון וועמען צו מאָנען. די וואָס האָבן העכער 40 יאָר צוריק זיך ניט באגנוגנט מיטן אַבסטראקטן ציוניזם, די וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו דער פאָדערונג פון דער יידישער געשיכטע, פון אונזער צוקונפט, פון דעם יידישן אומגליק — די זיינען געגאנגען מיטן חלוצישן וועג. און ווען זיי האָבן געפאָדערט ארבעט ביים יידישן בעל־הבית און

האָבן זיך ארומגעזען, אז דער אדרעס איז א פאלשער — האָבן זיי ווידער אַמאָל געווענדעט די פאָדערונג צו זיך אליין, און ביזן היינטיקן טאָג שטייט אונזער באוועגונג אויף דער פאָדערונג צו זיך אליין.

ווער עס פאָדערט פון זיך אַליין — דער איז ניט קיין נעבעך. דאָס איז א מענטש, וואָס גלויבט אין דעם כוח פון מענטשן, אין זיין הויכן ווערט; ער ווייסט, וואָס פאר א מעגלעכקייטן עס זיינען פארבאָרגן אין דעם ארבעטס־מענטשן, און ער וויל זיי ברענגען צום אויסדרוק, אנטפלעקן זיי. דגניה, עין חרוד, נהלל, חבר הקבוצות, קיבוצים — דאָס אלץ איז ניט קיין בלויזע פאנטאזיע, דאָס איז פארווירקלעכט געוואָרן. קיינער האָט פאר אונז דאָ ניט צוגעגרייט די אוצרות, וואָס ליגן גרייט אין אנדערע לענדער פארן ארבעטער־קלאס. מיר זיינען ניט געקומען אויפן פארטיקן. מיר האָבן אָבער געגלויבט אין די אינערלעכע כוחות פון דעם ארבעטער און פון זיי האָבן מיר געמאָנט.

די בויער פון דגניה האָבן ניט געמאָנט פון אנדערע. זיי האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געשאפן דעם לאנדווירטשאפטלעכן ארבעטער. ניט לייכט איז עס אָנגעקומען. בעת איר וועט קומען קיין דגניה און זעען דאָרטן די געצירטע ביימער און די שיינע הייזער — זייט וויסן: דאָס אלץ איז דאָ פאראן, ווייל די מענטשן האָבן געגלויבט אין זיך און געפאָדערט פון זיך.

אמת, אויך פון אנדערע האָבן מיר געפאָדערט. מיר האָבן געוואוסט, אז מיט אונזערע כוחות אליין וועלן מיר ניט קענען אויספירן אונזער היסטאָרישע שליחות, ווייל זי איז אַן ענין פון גאנצן פאָלק, א שותפות צווישן דעם ארבעטער און דער פאָלקס־באוועגונג. אָבער איידער מיר זיינען געגאנגען מאָנען פון אנדערע, האָבן מיר געמאָנט פון זיך אליין. דאָס האָט געגעבן מער מוט צו פאָדערן פון אנדערע. אין דעם ליגט דער סוד פון אונזער באוועגונג און פון אירע דערגרייכונגען.

* *
*

— — — דער גרעסטער מענטשלעכער ווערט, וואָס אונזער באוועגונג האָט באשאפן, און וואָס אָן אים וואָלטן מיר קיין תקומה ניט געהאַט, — דאָס איז די ח ב ר י ש ק י י ט. און חברישקייט איז ניט בלויז קיין אָרגאַניזאטאָרישע זאך, מיינט ניט בלויז אָנגעהעריקייט צו דער הסתדרות, מיינט ניט בלויז דאָס נעמען אויף זיך געזעלשאפטלעכע אָדער הסתדרותישע דיסציפּלין. עס רעדט זיך וועגן עפּעס פיל גרעסערעס: וועגן דער סיסטעם פון באציאונגען פון ארבעטער צווישן זיך, וועגן קעגנזייטיקער פאראנטוואָרטלעכקייט פון מענטשן, וואָס האָבן איין בשותפות׳דיקן גורל. חבריש־

קייט — דאָס הייסט צונויפגיסן מיין גורל מיטן גורל פון מיינע חברים; דאָס איז — דאָס באוואוסטזיין, אז אויב דו ביסט ארבעטסלאָז, איז עס נאָר א צופאל, און איך קען זיין פונקט אין דער זעלבער לאגע; אויב דו ביסט געפאלן אין דער הגנה — איז עס נאָר א צופאל, און איך האָב געקענט פונקט אזוי געהרגעט ווערן. חברישקייט — דאָס איז דאָס באַוואוסטזיין פון דעם בשותפות׳דיקן גורל פון ארבעטס־מענטשן. אָן דעם דאָזיקן געפיל טיף אין הארצן — איז ניטאָ קיין הסתדרות און ס׳איז ניטאָ קיין ארבעטער־באוועגונג.

אויב מיר זיינען פון א קליין הייפעלע אויסגעוואקסן און געוואָרן א כוח — איז עס געשען א דאנק אונזער חברישקייט.

י. פינקעלשטיין

## אונזער קעגנזייטיקע הילף

### 1. ארייַנפיר

קעגנזייטיקע הילף און סאָציאלע פארזיכערונג — דאָס זיינען צוויי באגריפן, וואָס זיינען, אין תוך גענומען, נאָנט איינער צום צווייטן, זיי זיינען אָבער ניט איינס און דאָס זעלבע.ביידע גייען — איטלעכער מיט זיין וועג — צו איינעם און דעם זעלבן ציל: סאָציאלע זיכערקייט פון די ארבעטנדע שיכטן.

באזונדערס איז נויטיק קעגנזייטיקע הילף אין לעבן פון ארבעטער, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט דער שטרעבונג צו א בעסערער געזעלשאפטלעכער ארדנונג. זי איז א מיטל, אָבער צוגלייך אויך א ציל. פאר־אייניקונג פון כוחות און זייער צוזאמענשליסונג — איז פארן ארבעטער א לעבנס־געבאָט. אלע צוזאמען קענען דערגרייכן דאָס, וואָס איז איבער די כוחות פון א יחיד. קעגנזייטיקע הילף ציט איר יניקה ניט נאָר פון דער חברישקייט, וואָס איז צווישן ארבעטער אנטוויקלט פיל מער ווי אין אנדערע שיכטן, נאָר אויך פון זייערע אייגנארטיקע און שווערע לעבנס־באדינגונגען.

קעגנזייטיקע הילף איז ביי אונז ניט קיין ענין פון געבן און נעמען. דאָס איז ניט קיין צדקה, וואָס שטעלט אויף א מחיצה צווישן דעם, וואָס גיט, און דעם, וואָס נעמט. מען קען ניט וויסן פאָרויס, ווען דו וועסט העלפן יענעם, און ווען וועסטו אליין דארפן אָנקומען צו הילף. איטלעכער

פון אונז, און מיר אלע צוזאמען, זיינען מחוייב צו „געבן״, און אז ס׳וועט טרעפן און איינער פון אונז וועט מוזן אָנקומען צו הילף — וועט ער קריגן דאָס, וואָס עס קומט אים, אָן שום טובות. אלע מוזן פאראייניקן זייערע כוחות, כדי צו פארפעסטיקן די כלים, וואָס האלטן אונז אלעמען אויף. אלע זיינען אויפגעפאָדערט צו שטארקן דעם כוח פון גאנצן כלל, ווייל אין אים ליגט די גאראנטיע פון דעם כוח פון יעדן חלק און יעדן יחיד.

מיר זיינען א געזעלשאפט, וואָס האלט זיך אין שאפן. נייע שיכטן, וואָס קומען כסדר צו, גייען אריין גלייך פון זייער ערשטער בארירונג מיט דער הסתדרות, אין אַן אַטמאָספער, וואו זיי ווערן ארומגענומען מיט כלערליי זאָרג פאר זייער אַקלימאטיזירונג, פאר דער פארבעסערונג פון זייערע לעבנס־באדינגונגען. און ס׳איז רעכט, אז זיי באגרייפן גאָר ניט, וואָס וואָלט געווען מיט אונז אלעמען און מיט יעדערן פון אונז, ווען די, וואָס זיינען געקומען פריער, וואָלטן ניט געזאָרגט דערפאר, עס זאָל צוגעגרייט ווערן דער יסוד פאר דעם גאנצן בנין. מיר האָבן זיך אזוי צוגעוואוינט צו דעם. אז אלץ וואָס מיר געפינען דאָ שטייט שוין אויף זיין פלאץ, אז מיר הויבן אָן באטראכטן די נוצן, וואָס מיר האָבן טאָג־טעגלעך דערפון, ווי אַ נאטירלעכע זאך, „פון ששת ימי בראשית״, און מיר זיינען גאָר ניט מסוגל זיך פאָרצושטעלן, ווי האָט עס אויסגעזען, בעת דאָס אלץ איז געווען נאָר א ווייטער פארלאנג אָדער א גאנץ באשיידענער אָנהויב.

צי זיינען מיר מסוגל ארויסצוגיין פון דער „נאטירלעכער״ ווירק־לעכקייט און זיך פאָרשטעלן, ווי וואָלטן מיר אויסגעזען איין טאָג אָן קופת חולים, — דעם גרויסארטיקן אנשטאלט, וואָס זאָרגט פאר אונזער געזונט? אָדער אָן דעם אינוואלידן־פאָנד (קרן נכות), וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פאר ווייניקע צווישן אונז, וואָס מאכט אונז אָבער אלעמען פול מיט זאָרג, ווייל קיינער פון אונז ווייס ניט, אויף וועמען ס׳וועט פאלן דער גורל? אָדער — א קלער טאָן, וואָס וועט זיין מיט דער משפחה פון דעם פארשטאָרבענעם חבר, גלייך נאָכן אומגליק, אויב ניט „מ צ י ב״? אָדער — וואָס זאָל טאָן דער ארבעטער, וואָס האָט אויף דער עלטער פארלוירן זיינע כוחות, ווען ניט דער פאָנד פאר אלטע, „ד ו ר ל ד ו ר״? און ווי וואָלט די גאנצע ארבעטערשאפט זיך געקענט האלטן אין צייטן פון ארבעטסלאָזיקייט אָן דעם ק ר ן ח ו ס ר ע ב ו ד ה מיט זיינע קאָנסטרוק־טיווע אויפטוען און אָן מ ש ע ן, וואָס באמיט זיך לייכטער צו מאכן די נויט פון דעם ארבעטסלאָזן און זיין משפחה?

די קעגנזייטיקע השפעה פון די דאָזיקע אנשטאלטן אויפן גאנצן כלל, איז פארוואנדלט געוואָרן אין א קרעפטיקער שוץ־באטאריע ארום דער ארבעטערשאפט אין ארץ־ישראל.

## 2. קופּת־חולים

קופּת־חולים איז ניט אויפגעשטאַנען געוואָרן פון דרויסן, זי איז אויסגעוואַקסן פון אינעווייניק; די לעבנס־באַדערפענישן פון דער אַרבעטער־שאַפט האָבן זי אויפגעשטעלט און באַשטימט איר געשטאַלט.

זי איז דער גרונט־אַנשטאַלט אין דער גאַנצער סיסטעם, וואָס מיר האָבן אויפגעבויט פאַר קעגנזייטיקער הילף. זי פאַרנעמט מיט רעכט דעם אויבן־אָן, ווייל זי האָט געפונען א ממשותדיקע פאָרם פאַרן געדאַנק פון קעגנזייטיקער הילף נאָך דאַן, ווען די טרעגער פונם געדאַנק האָבן נאָך אַליין ניט געהאַט קיין שום ממשותדיקע אחיזה אין לעבן פון לאַנד. זי איז דעריבער געוואָרן א טרייער באַגלייטער פון דעם אַרבעטער־ציבור אויף זיין שווערן וועג פון איינוואָרצלען זיך אין דער ווירקלעכקייט.

שוין העכער דרייסיק יאָר שטייט קופּת־חולים אויף דער וואַך פון דעם געזונט פון אירע חברים. זי גייט מיט זיי פון עטאַפּ צו עטאַפּ, אין דאָרף און אין שטאָט, אויפן כביש און אין פאַבריק, אין דער מושבה און אין דער אייגענער ווירטשאַפט, אין די וויסטענישן פון טאָל און באַרג, אין טעג פון געשעענישן און זעלבסטשוץ, ביי נצחונות און ביי מפּלות — שטענדיק היט זי זייערע טריט און זאָרגט פאַר זייער געזונט.

קופּת־חולים איז די עלטסטע פון אַלע אַרבעטער־אַנשטאַלטן; זי איז עלטער פון דער הסתדרות. זי איז געבוירן געוואָרן אין די צייטן פון דער צווייטער עליה. זי איז געווען אין אָנהויב גאָר קליין און האָט געציילט (אין יאָר 1912) בסך־הכל 150 חברים. אויך די געלט־מיטלען זיינען געווען באַשיידן ביז גאָר. דער חבר־אָפּצאָל איז געווען, — לויט דער הייַנטיקער מטבע — 10 מיל א חודש. אויף די חברים איז געווען אַרויפגעלייגט נאָך א שטייער, וואָס איז גאָר ניט אָפּצושאַצן אין געלט: יעדער איינער איז געווען מחוייב פאַרברענגען א נאַכט בייַם בעט פון קראַנקן חבר, אָדער שיקן אַן אַנדערן אַנשטאָט זיך. אין דעם אַרבעטס־פּלאַן פון קופּת־חולים פון יענע צייטן געפינען מיר פאָלגנדיקע פּונקטן:

„דינגען אין יפו א באַזונדער צימער, וואו די קראַנקע חברים זאָלן קענען וואוינען צייטווייליק, ביז ס׳וועט זיך באַפרייען אַן אָרט אין שפּיטאָל, און זען, מען זאָל זאָרגן פאַרן קראַנקן, כל זמן ער וועט זיך דאָרטן איינגעפינען.

איינאָרדנען אין יעדן פּלאַץ א נאַכט־געלעגער פאַר קראַנקע, לויט די אָרטיקע באַדינגונגען; זיך באַטייליקן אין די אַלגעמיינע איינריכטונגען אין דער קאָלאָניע, אָדער אויפשטעלן זיי באַזונדער פאַר אַרבעטער.

אין קאָלאָניעס מיט א גרעסערע צאָל אַרבעטער זיך באַמיען צו דינגען א צימער פאַר קראַנקע, לכל הפּחות בעת עס פאַרמערן זיך קראַנק־

הייטן, און אויך אויסהאלטן א שוועסטער, שטענדיק אדער צייטווייליק, לויט די נויטן פון דער צייט און פון דעם אָרט״.

בעת מיר לייענען עס היינט, איז שווער זיך פאַרצושטעלן, אז פון דעם דאָזיקן באשיידענעם אָנהויב איז אויסגעוואַקסן אזא מעכטיקער און פארצווייגטער אנשטאלט, ווי די קופּת־חולים, וואָס מיר האָבן איצט.

די צאָל אָרטיקע אָפּטיילונגען פון קופּת־חולים איז היינט צוויי מאָל גרעסער, ווי די צאָל חברים, וואָס זי האָט דאן פאַרמאָגט; און אנשטאָט א י י ן שוועסטער „לויט די נויטן פון דער צייט און פון דעם אָרט״ — א מעדיצינישער און טעכנישער פערסאָנאַל פון 2345 דאָקטוירים, שוועסטער, צאָן־דאָקטוירים, אפטייקערס, לאַבאָראַנטן, אדמיניסטראַציע־פערסאָנאַל און אנדערע; סאַנאַטאָריעס, קראַנקן־הייזער, הונדערטער אמבולאַטאָריעס אין פארשיידענע פּונקטן, אין א טייל פון זיי — די בעסטע מאָדערנע איינריכטונגען, לאַבאָראַטאָריעס און אַפּטייקן, קאַבינעטן פאַר רענטגען און פיזיקאַלישער היילונג. קופּת־חולים איז היינט דער גרעסטער און סאמע פארצווייגטער געזונטהייטס־אנשטאלט אין גאנץ ארץ־ישראל. אין 1947 האָט זי ארומגענומען העכער 290 טויזנט נפשות, דאָס הייסט — 45% פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג. לויט איר ראַציאָנעלער אָרגאַניזאַציע און הויכן פּראָפעסיאָנעלן ניוואָ פון אירע אַנשטאַלטן, לויט איר פּרעווענטיווער טעטיקייט און עפעקטיווער באַקעמפונג פון עפּידעמיעס, שטייט קופּת־חולים בראש פון אלע געזונטהייטס־אנשטאלטן אין לאַנד. מען קען אין א פולער מאָס אָנווענדן צו איר דעם פּסוק: „מלוא כל הארץ כבודה״.

דאָס אלץ ניט נאָר אין ארץ־ישראל׳דיקן מאסשטאב. קופּת־חולים פארנעמט איינעם פון די ערשטע ערטער צווישן די געזונטהייטס־אנשטאלטן אין פאָרגעשריטענע לענדער. איר האָבן מיר צו פארדאנקען, וואָס די שטערבלעכקייט פון געווינערינס, חברות פון קופּת־חולים, איז די נידע־ריקסטע ניט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין דער גאָרער וועלט. אויך די שטערבלעכקייט פון זויג־קינדער איז פון די נידעריקסטע אין דער וועלט. אויך די שטערבלעכקייט פון קראַנקע קינדער ביי מיטגלידער פון קופּת־חולים איז באדייטנד קלענער, ווי ביי די איבעריקע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג אין לאנד. און די אלע רעקאָרדן זיינען דערגרייכט געוואָרן גראָד אין יענעם טייל באפעלקערונג, וואָס האָט א בערך נידעריקן לעבנס־סטאַנדאַרט אין זין פון דערנערונג און דירות־באַדינגונגען.

די טעטיקייט פון קופּת־חולים איז געבויט אויפן זעלבן יסוד, אויף וועלכן ס׳שטייט די גאנצע הסתדרות: איטלעכער גיט לויט דעם ווי ער קען, און באַקומט, לויט דעם, וואָס ער באדארף. דער, וואָס פאַרדינט מער,

צאָלט א העכערן חבר־אָפּצאָל, אָבער די רעכט צו געניסן פון קופּת־חולים זיינען גלייך פאר אלעמען. אין דעם ליגט א גרויסער חילוק צווישן אונזער קופּת־חולים און די קראנקן־קאסעס אין אנדערע לענדער: דאָרטן זיינען פאראן מחיצות צווישן פארשיידענע גרופּן חברים, לויטן הויך פון אָפּצאָל.

און נאָך אַן אונטערשייד דאַרף דאָ פארצייכנט ווערן: אין אנדערע לענדער איז דער געזעץ מחייב די רעגירונג און די ארבעטס־געבער זיך צו באטייליקן אין ביודזשעט פון דער קראנקן־קאסע. ביי אונז נעמט די רעגירונג ניט קיין אָנטייל אין דער דאָזיקער וויכטיקער טעטיקייט.

די לעצטע יאָרן איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דער באציאונג פון די ארבעטס־געבער צו דער קופּת־חולים, און זייער באטייליקונג אין איר ביודזשעט אין געוואָרן א באדייטנדער פאקטאָר. זיי גיבן דער קופּת־חולים א „פּאראלעלן אָפּצאָל" (מס מקביל) פון דעם לוין, וואָס זיי צאָלן זייערע ארבעטער און אָנגעשטעלטע. דער דאָזיקער אָפּצאָל האָט אויסגע־מאכט אין יאָר 1946 15,7% פון אלע הכנסות פון קופּת־חולים. אזוי ארום ווערט די קופּת־חולים אויסגעהאלטן כמעט אויסשליסלעך דורך די ארבעטער אליין (מער ווי 80% פון איר בודזשעט).

### 3. קרן־נכות (אינוואלידן־פאָנד)

די הילף, וואָס דאַרף געגעבן ווערן דעם אינוואליד, איז ניט קיין איינמאָליקער ענין. זי איז לכתחילה אויסגערעכנט אויף א לענגערע צייט, און ס׳טרעפט אויך, אז זי באגלייט אים זיין גאנץ לעבן. אָט די הילף האָט פיל פארשיידענע פאָרמען: פארשיידנארטיקע היילונג, האָספּיטאליזאציע אין געשלאָסענע אַנשטאַלטן, איזאָלירונג פון דער משפחה, זאָרג פאר פאסיקע באדינגונגען אין דער היים, דערצו נאָך — די דאגה וועגן דעם, ווי אזוי צופּאסן די משפחה צו א מעגלעכקייט אויסצוהאלטן זיך און דעם אינוואליד אליין, און מיט דער צייט — די נויטיקייט צו געפינען אַ פּראָ־פעסיע, וואָס זאָל זיין צוגעפּאסט צו זיין באגרענעצטער ארבעטס־פייאיקייט. דאָס אלץ צוזאמען פאָדערט אַ סך געדולד און איבערגעגעבנקייט, גרויסע געלט־מיטלען און א שטרעבונג צו שאפן הילפס־מיטלען, ביי וועלכע ס׳זאָל מעגלעך זיין אַן עפעקטיווע טעטיקייט אויף דעם דאָזיקן קאָמפּליצירטן געביט.

אַן ארבעטער וואָס איז געוואָרן אַן אינוואליד, ווערט געפּרוווט מיטן שווערסטן נסיון, וואָס מ׳קען זיך פאָרשטעלן. דער ארבעטסלאָזער, וואָס דאַרף אָנקומען צו הילף, גלויבט, אז די שווערסטע צייט וועט פארבייגיין, ער וועט צוריק אָנהויבן ארבעטן און ווערן גלייך מיט אלעמען. דער קראנקער

פאַרלירט ניט די האָפנונג, אַז ער וועט געזונט ווערן און וועט זיך צוריק־קערן צו זיין פריערדיקן מעמד. אויך ווען ס׳טרעפט אַן אומגליק מיט עמיצן אין דער משפחה, גלויבט דער אַרבעטער, כל זמן ער אַליין איז געזונט און איז פייאיק צו אַרבעטן, אַז ס׳וועט אַלץ ווידער ווערן גוט.

גאָר אַנדערש איז עס מיטן אינוואַליד, אַפילו מיטן האַלבן־אינוואַליד. אַן אַרבעטער, וואָס איז געוואָרן אַ בעל־מום, אָדער אַ שווערע קראַנקהייט האָט אים צוגעשמיט צו זיין געלעגער — די גאַנצע וועלט ווערט פֿאַר אים חושך. ער פאַרלירט דעם מקור פון זיין עקזיסטענץ, ער קען זיך ניט טרייסטן, אַז ס׳וועט ווידער ווערן גוט. די פשוטסטע פאָדערונג, וואָס ער שטעלט, באַקומט אַ ספּעציפֿישן כאַראַקטער, זי ווערט בולט מיט איר שאַרפקייט, זי איז קאָנצענטרירט אין איין פונקט: אין זיין אומגליק.

דער קרן־נכות (דער אינוואַלידן־פאָנד), וואָס איז טעטיק אין אַן אַטמאָספער, אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פיל טרויער, פאַרנעמט דעריבער אַ גאַנץ באַזונדערן פּלאַץ צווישן אַנדערע אַנשטאַלטן פאַר קעגנזייטיקע הילף. אמת, אויך אין זייער תחום איז ווייניק פרייד, אָבער זיי געפינען זיך אין מער אָדער ווייניקער „נאָרמאַלע" ראַמען. איין זאַך איז אָבער געמיינזאַם ביי זיי אַלעמען: זיי ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער אַרבעטערשאַפט אַליין. בעת די הסתדרות האָט געגרינדעט דעם קרן נכות, האָט זי געהאָפט, אַז זי וועט דאַרפן נאָר אָנהויבן, און דער המשך וועט קומען פון אַנדערע פאַקטאָרן, וואָס אויך זיי זיינען מחוייב געבן זייער הילף. דער המשך איז אָבער דערווייל ניט געקומען.

עס פעלן די נויטווענדיקע הילפס־באַדינגונגען, ביי וועלכע די טעטי־קייט פון קרן נכות זאָל זיך קענען אַנטוויקלען אויף אַ צוועקמעסיקן אופן. ס׳איז ניט בלויז אַ פראַגע פון מיטלען אויף היילן דעם קראַנקן און אויס־האַלטן אים, כל זמן ער איז קראַנק. הגם ס׳איז פאַראַן אין לאַנד אַ היבשע צאָל הייל־אַנשטאַלטן, איז אָבער פאַראַן זייער ווייניק צוגעפּאַסטע צו די באַזונדערע פאָדערונגען, וואָס ווערן געשטעלט אויף דעם געביט. דעריבער האָט דער קרן נכות געמוזט אַליין נעמען אויפשטעלן אַזעלכע אַנשטאַלטן. ביז איצט האָט ער אויפגעשטעלט דריי:

ב י ת ־ ל ו י נ ש ט י י ן (אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם טוער פון קופת־חולים) — אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע, וואָס דינט אַלס המשך־אַנשטאַלט פאַרן קראַנקן, נאָך דעם ווי ער איז שוין אַרויס פון שפּיטאָל. זי דינט אַלס איבערגאַנגס־שטופע פון אַ קראַנקן־לעבן צוריק צום אַרבעטס־לעבן; חוץ דער פאַסיקער היילונגס־סיסטעם געוואוינט מען דאָ צו דעם קראַנקן ביסלעכווייז זיך צוריקקערן צו אַן אַקטיוון לעבן און מען לערנט אים אַ פאַך, לויט זיינע אַרבעטס־פייאיקייטן.

„ג ה ה" — א קראנקן־הויז פאר גייסטיק־קראנקע. דורך דער גרינ־דונג פון „גהה" האָט דער קרן נכות געגעבן אַן ענטפער אויף איינע פון די ברענענדיקסטע נויטן אין לאנד, ווייל די פראגע וועגן א פלאץ פאר דעם מין קראנקע שטייט זייער שארף. אויך דאָ, ווי אין אלע זעלבסט־שטענדיקע אויפטועו פון דער הסתדרות, הערשט א באזונדער אַטמאָספער, וואָס הויבט אויף דעם אנשטאלט אויף א הויכן ניוואָ.

„ב י ת ־ פ י י נ ס ט ו ן" (אויפן נאָמען פון דעם ארבעטער־טוער אין אמעריקע) — אַן אַנשטאלט פאר אומהיילבארע קראנקע. זייער צאָל איז ניט קליין, און ס'איז שווין פון לאנג נויטיק א פלאץ, וואו מ'זאָל זיי קענען זיכערן אַן ערנסטע באהאנדלונג.

פאר 15 יאָר פון זיין טעטיקייט (1946—1932) האָט דער קרן־נכות געהאט צו טאָן מיט 2200 אינוואלידן. די הוצאות האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אייניקע הונדערט פונט א יאָר און זיינען דערגאנגען צו א סכום העכער 60 טויזנט. מען דארף אָבער ניט פארגעסן, אז ניט געקוקט אויף זיין כסדר־דיקע אַנטוויקלונג, האָט נאָך דער קרן־נכות ניט ארומגענומען די אָנגעווייטיקטע פראגע אין איר גאנצן פארנעם.

דער קרן נכות דארף דינען ניט נאָר פאר דער ווייטערדיקער אנט־וויקלונג פון זיין טעטיקייט אין די געגעבענע ראַמען. עס שטייט פאר אים אין איר גאנצער שארפקייט די פראגע וועגן פענסיע פאר אינוואלידן, בפרט — אין די שווערסטע פאלן, ווען דער חבר איז געוואָרן לחלוטין ביט ארבעטס־פייאיק. מיט זיינע אייגענע כוחות אליין וועט עס אָבער דער קרן־נכות ניט קענען פארווירקלעכן.

אויף א נאטירלעכן אופן טראָגט די טעטיקייט פון קרן־נכות הויפּט־זעכלעך א מעדיצינישן כאראקטער, און זי איז ענג פארבונדן מיט דער קופּת־חולים. די הילף פון דעם גוט־דערפארענעם און פארצווייגטן מעדי־צינישן אפאראט פון קופת חולים האָט אים פיל מיטגעהאָלפן און האָט מעגלעך געמאכט זיין אַנטוויקלונג. קרן נכות איז אייגנטלעך איינער פון די צווייגן פון קופּת־חולים, און דער אויפזיכטס־ראט פון קופּת־חולים איז צוגלייך אויך דער העכסטער אָרגאַן פון קרן־נכות.

## 4. קרן הוסר־עבודה

### א.

אויך אונזער פאָנד פאַר ארבעטסלאָזיקייט איז ניט גלייך צו ענלעכע אנשטאלטן אין אנדערע לענדער. דער גאנצער יאָך ליגט אויך דאָ אויף די ארבעטער אליין, אַן דעם אַנטייל פון דער רעגירונג און פון די ארבעטס־

געבער. דאָס אליין שטעלט שוין באשטימטע גרענעצן פאר די מעגלעכ־
קייטן פון קרן־חוסר־עבודה און עס נעמט אָפּ פון אים דעם כאראקטער פון
פארזיכערונג קעגן ארבעטסלאָזיקייט. די ספּעציפישע באדינגונגען
פון אונזער ווירקלעכקייט און דער כאראקטער פון אונזערע באשטרעבונ־
גען האָבן געבראכט דערצו, אז אונזער טעטיקייט אויף דעם געביט איז ניט
געבויט אויף קיין פּערזענלעכער פארזיכערונג, וואו פאר א באשטימטן
אָפּצאָל באקומט דער פארזיכערטער באשטימטע רעכט. כאראקטעריסטיש
פאַן קרן חוסר־עבודה איז ניט דער עלעמענט פון דירעקטער אונטער־
שטיצונג פארן ארבעטסלאָזן, נאָר דער אויסגעשפּראָכענער קאָנסטרוק־
טיווער יסוד.

אונזער קרן־חוסר־עבודה קען מען באצייכענען אלס פארזי־
כערונגס־קאסע פון ארבעטער־כלל, וואָס באמיט זיך צו
פארקלענערן די ארבעטסלאָזיקייט דורך דער שאפונג פון ארבעט און נייע
מקורות פון פרנסה, דאָס אליין באררייכערט דעם קרן־חוסר־עבודה מיט
אידייען, וואס זיינען מסוגל צו באפרוכפּערן די גאנצע באוועגונג און זי
ארויספירן פון אָפּהענטיקייט און געפאלנקייט, וואָס זיינען עלול צו
באהערשן דעם ציבור אין צייטן פון מאסן־ארבעטסלאָזיקייט. די דאָזיקע
קאָנסטרוקטיווע טעטיקייט פון קרן חוסר עבודה, וואָס האָט אין זינען דעם
גאנצן כלל, ווערט דערגענצט דורכן „משען״, וואָס האָט איבערגענומען
די דאגה פארן יחיד און זיין משפחה.

אזוי ארום איז די טעטיקייט פון קרן חוסר עבודה א צווייזייטיקע.
פון איין זייט באמיט ער זיך צו דערגיין ביז צו די וואָרצלען פון דעם
ארבעטסלאָזיקייט־פּראָבלעם און אים צו לייזן אויף קאָנסטרוקטיווע וועגן.
פון דער אנדערער זייט — איז ער טעטיק איבערן שטח פון דער נויט און
באמיט זיך זי צו פארקלענערן. דאָ מוז באַטאָנט ווערן, אז היות די מיטלען
פון קרן־חוסר־עבודה זיינען באגרענעצט אין פארגלייך מיטן פארנעם פון
די פּראָבלעמען און נויטן — דארפן זיי הויפּטזעכלעך דינען אלס איניציאַ־
טאָריש־חלוצישער פאקטאָר, וואָס ציט צו דורך זיין שעפערישער איניציאַ־
טיוו נאָך אנדערע מיטלען. די מיטלען, וואָס שטייען אין זיין רשות, זיינען
פילפאכיק, און זייער ווירקונג איז ניט קיין איינמאָליקע, נאָר זי חוזר׳ט זיך
איבער אייניקע מאָל. אין דעם ליגט דער סוד פון זיינע גרויסע אויפטוען
אין עבר און א גאראנטיע פאר זיין אומפּאסנדיקער טעטיקייט אין דער
צוקונפט.

ב.

קרן חוסר־עבודה עקזיסטירט שוין 14 יאָר. די לעצטע יאָרן, בעת
ס׳איז פאראן גענוג ארבעט פאר אלעמען, האָט אונזער עולם אָנגעהויבן

אים פאַרגעסן. דער זכר פון די פינף שווערע יאָרן פון ביטערער מאַסן־אַרבעטסלאָזיקייט און נויט (1936—1941), וואָס האָבן געהאַלטן אונזער ציבור ווי אין צוואַנגען, האָט אָבער ניט געדאַרפט אַזוי גיך ווערן אָפּגעמעקט. ניט נאָר יענער טייל פון דער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט אַליין פון דעם געליטן, נאָר די גאַנצע הסתדרות דאַרף שטענדיק האָבן אין זינען, וואָס עס איז געווען, און וואָס עס קען נאָך פּאַסירן, אויב ס׳וועלן קומען גרויסע ערשיטערונגען אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד.

יענע יאָרן זענען אַדורך אונטערן סימן פון גרויסער שפּאַנונג. דער ביטערער געראַנגל קעגן דעם שטן פון אַרבעטסלאָזיקייט איז דורך אונזער גאַנצע מחנה פאַרפלאָגט געוואָרן מיט דער גרעסטער שפּאַנונג, מיט טיפן באַוואוסטזיין פון געמיינזאַמען גורל און מיטן רצון פון טרייער חברישקייט. מעגן בלייבן אין אונזער זכרון די שווערקייטן ביים שאַפן די נויטיקע מיטלען — קיין זאַך איז אָבער ניט בכוח מבטל צו מאַכן דעם וואונדערבאַרן און אויפמונטערנדיקן פאַקט, אַז אין אונזער מחנה האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויסער אוצר פון נשמה־כוחות און איבערגעבנקייט.

די מיטלען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן, שטייגן איבער אַלץ, וואָס מ׳האָט געקענט דערוואַרטן פון אַ ציבור, וועלכער איז אַליין געווען אין קלעם. וואָס גרעסער די פאָדערונג — אַלץ קרעפטיקער איז געווען די תשובה, ניט געקוקט אויף דער פּאַראָרימקייט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין שפּרייטן. ווי גרויס עס זיינען אָבער ניט געווען די מיטלען — זיינען זיי אָבער אַלץ געווען צו ווייניק. גרויס איז געווען דער קרבן פון די, וואָס האָבן געאַרבעט. ער איז אָבער געווען קליין אין פאַרגלייך מיטן קרבן פון די, וואָס האָבן ניט געאַרבעט אָדער געאַרבעט נאָר צום טייל, און האָבן אויסגעטיילט פאַר זייערע חברים ניט פון זייער לוין, נאָר פון זייער אַרבעט אַליין. די, וואָס האָבן זיך געטיילט מיט זייער אַרבעט, האָבן אויפגעטאָן פיל מער, ווי די, וואָס האָבן מקיים געווען זייער חוב דורך אַ געלט־אָפּצאָל. אָבער סיי די סיי יענע האָבן געטאָן זייער פליכט מיט יענער עלית נשמה, וואָס רוט אויף די, וועלכע טוען אַ רעטונגס־אַרבעט.

## ג.

ס׳איז כדאי דאָ צו ברענגען אייניקע באַלערנדיקע ציפערן:

ביי 350 טויזנט פונט האָט קרן חוסר־עבודה אויסגעגעבן צו ברענגען אין באַוועגונג פאַרשיידענע אַרבעטן, וואָס האָבן באַשעפטיקט אַרבעטס־לאָזע. העכער 2/3 פון דעם סכום זיינען געגעבן געוואָרן אַלס גרונט־קאַפּיטאַל און הלוואות די פאַרשיידענע קערפּערשאַפטן און אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך די אויספירונג פון אַרבעט אין פאַרשיידענע

שטחים. דער רעשט איז געגאנגען אויף צו ברענגען אין באוועגונג אנדערע ארבעטן, וואָס וואָלטן זיך אָן סובסידיעס און הילף פון קרן־חוסר־עבודה ניט אָנגעהויבן.

דער דאָזיקער קאָנסטרוקטיווער אויפטו האָט געבראכט א סך ברכות. דעם פארנעם פון די פארשיידענע ארבעטן, וואָס זיינען אויף דעם אופן געטאָן געוואָרן, איז דערגאנגען ביז 2½ מיליאָן פונט, און האָט געגעבן בערך 4 מיליאָן ארבעטס־טעג פאר ארבעטסלאָזע. דוקא אין יענע שווערע טעג האָט די ארבעטערשאפט פונדאָסניי באקומען אָן אחיזה אין דער מושבה, ביי פישעריי און ים־ארבעט, אין שטיין־אינדוסטריע, אין די האפנס, אין דער מלוכה־ווירטשאפט און אין די אינטערנאציאָנאלע געזעלשאפטן. ס׳זיינען געשאפן געוואָרן וויכטיקע ווערטן אין דירות־בוי, טויזנטער וואוין־צימערן פארן ארבעטער זיינען געבויט געוואָרן אין שטאָט, אין דער מושבה און אין די ארבעטער ישובים; ס׳זיינען צוגעגרייט געוואָרן טויזנטער בוי־פּלעצער פאר צוקונפטיקע ארבעטער־דירות; ס׳זיינען אויסגעפלאסטערט געוואָרן צענדליקער קילאָ־מעטער כבישים (שאָסייען), ס׳זיינען אנטוויקלט געוואָרן אונטערנעמונגען פאר באוואסערונג און דרענאזש, ס׳זיינען אויפגעבויט געוואָרן בנינים פאר אנשטאלטן, ארבעטער־היימען און שולן, אמבולאטאָריעס און קראנקן־הייזער, א.א.וו. מ׳האָט כמעט ניט דורגעלאָזן קיין איין ישוב, קיין איין וויכטיקן געביט פון אונזער לעבן. דערביי דארף מען באטאָנען, אז דאָס רוב מיטלען, וואָס זיינען געווען געווידמעט פאר די דאָזיקע צוועקן, זיינען געבליבן אָפּגעהיט און וועלן נאָך קומען צונוץ, בעת ס׳וועט קומען די שעה.

די פארשיידענע הילפס־אקציעס האָבן דעם קרן חוסר עבודה אָפּגעקאָסט אָ באדייטנדיקן סכום. 450 טויזנט פונט זיינען געגאנגען פאר הילפס־צוועקן, זיי האָבן באוועגט צוגאָב־סכומים פון אנדערע מקורות און צוזאמען מיט געוויסע בוצלעכע צוועקמעסיקע איינריכטונגען (די וויכטיקסטע פון זיי — ביליקע פארזאָרגונג מיט פּראָדוקטן) איז דער קרייז פארברייטערט געוואָרן בערך ביז א מיליאָן פונט. דער אָנטייל פון די פארשיידענע אנשטאלטן (די סוכנות, דער ועד לאומי, די מוניציפּאליטעטן) אין דער הילפס־ארבעט, וואָס איז אַנטוויקלט געוואָרן דורכן קרן חוסר עבודה, זיינען אין דער זעלבער צייט דערגאנגען סך־הכל צו הונדערט עטליכע און פופציק טויזנט פונט. אזוי ארום באקומט זיך, אז די נוצן, וואָס ארבעטס־לאָזע האָבן געהאט, א חוץ די מיטלען פון קרן חוסר עבודה, האָבן געשטאמט הויפטזעכלעך פון דער פארביליקונג פון פּראָדוקטן און פון פאר־שיידענע סחורות, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן דורכן „מפעל האספקה״ (אנשטאַלט פאר פארזאָרגונג).

מיר קענען פעסטשטעלן, אז דער סכום פון ארבעטס־לוין, וואָס די קאָנסטרוקטיווע טעטיקייט פון קרן חוסר עבודה האָט אריינגעבראכט, איז געווען פ י נ ף  מ אָ ל גרעסער ווי דער סכום, וואָס ער האָט אליין אינוועס־טירט. די נוצן, וואָס ער האָט געגעבן אין דער פאָרם פון דירעקטער אונ־טערשטיצונג האָבן אָבער נאָר פארדאָפּלט דעם סכום, וואָס ער האָט אריינ־געלייגט. דאָס איז דער קורצער סך־הכל פון דער פארשיידנארטיקער און ברייט־פארצווייגטער טעטיקייט, וואָס איז געטאָן געוואָרן אין זייער שווערע באדינגונגען און געהאט ניט ווייניק אויסצושטיין אויף איר וועג. דאָס איז געווען א געראנגל איבער דער נשמה פון דער באוועגונג, איבער איר גאנצקייט און אייניקייט. געוואלדיקע אָנשטרענגונגען זיינען אין איר אריינגעלייגט געוואָרן, און די גאנצע ארבעטער־מחנה האָט פארפאָלגט די דאָזיקע טעטיקייט מיט זאָרג און מיט גלויבן.

ד.

גלייך אין אָנהויב, בעת ס׳איז געגרינדעט געוואָרן קרן־חוסר־עבודה, לויט א באשלוס פון הסתדרות־ראט (נאָוועמבער 1932), האָט זיך ארום אים געשאפן אַ ווארימע אַטמאָספער פון אינטערעס און פון גרייטקייט מיט־צוהעלפן אים אויפצושטעלן. די השגות פון יענער צייט זיינען אָבער געווען זייער באשיידן. דער הסתדרות־ראט האָט באשלאָסן, אז דער פאָנד וועט אָנהויבן זיין טעטיקייט, בעת ער וועט האָבן אין זיין רשות 5000 פונט: אזוי האָט מען דעמאָלט געשאַצט די נויטן, וואָס קענען קומען, און דאָס איז געווען דער פארנעם פון דעם אנשטאלט, וואָס האָט געזאָלט קעמפן קעגן דער נויט, בעת ס׳וועט קומען די שווערע שעה.

אין משך פון די ערשטע דריי יאָר, איידער ס׳איז געקומען די שווערע צייט, איז דעם פאָנד געלונגען אויפצוזאמלען נאָר א גאנץ קליינעם חלק פון זיינע מיטלען. דעם גרעסטן טייל פון זיין געלט האָט ער געמוזט מאָביליזירן בעת ער איז שוין געשטאנען אין סאמע מיטן פון קאמף קעגן ארבעטסלאָזיקייט. דאָס האָט זיך, פארשטייט זיך, אָפּגערופן אויף זיין לייסטונגס־פעאיקייט און ס׳האָט שווערער געמאכט די לאגע פון די הסתדרות־חברים, ווייל זיי האָבן געמוזט שאפן גרויסע מיטלען ביי אומ־גינסטיקע באדינגונגען, בעת א קאָנטיקער טייל פון דער ארבעטערשאפט האָט שוין געליטן פון קריזיס.

אין משך פון זיין קיום האָט קרן־חוסר־עבודה געהאט העכער א מיליאָן פונט הכנסות פון חברים־אָפּצאָל, פון אָפּצאָל פון אייניקע ארבעטס־געבער (דער עיקר — הסתדרות־אונטערנעמונגען), פון פינף ספעציעלע געלט־אַקציעס צווישן די הסתדרות־חברים, פון „משען״, פון איינמאָליקע

סומען און פון פראָצענטן אויף אינוועסטיציעס און הלוואות. דער גרעס־טער טייל פון דעם דאָזיקן סכום איז געקומען שוין נאָך דעם, ווי מיר זיינען ארויס פון דעם קריזיס פון 1936—1941, בעת קיין ארבעטסלאָזיקייט איז שוין ניט געווען און דער לוין איז געשטאנען גאנץ הויך. א באדייטנדן טייל פון דעם סכום האָט מען אָבער געדארפט אויסגעבן אויף פארשיידענע סאָציאלע נויטן, וואָס זיינען ארויסגערופן געוואָרן דורך די מלחמה־באדינגונגען; מ'האָט אויך געדארפט דעקן געוויסע חובות פון די שווערע יאָרן. אזוי ארום איז אלס רעזערווון פאר דער צוקונפט געבליבן נאָר א טייל פון דעם געשאפענעם סכום.

מען דארף פארצייכנען, אז אין לויף פון זיין טעטיקייט, סיי אין דער צייט פון קריזיס סיי נאָך אים, האָט דער קרן־חוסר־עבודה געלייגט אַן ערנסטן יסוד פאר א גאנצער נעץ וויכטיקע אנשטאלטן, וואָס זענען געבליבן טעטיק אויף ווייטער, הגם זיי זיינען בשעתם געשאפן געווארן צוליב די נויטן פון יענער צייט, און עס וועט נאָך זיי אויסקומען צו שפילן א וויכטיקע ראָליע ביים שאפן און פארגרעסערן ארבעטס־מעגלעכקייטן אין לאנד. צום טייל זיינען זיי אויפגעשטעלט געוואָרן לויט דער איניציאטיוו פון קרן־חוסר־עבודה, צום טייל — געשטארקט געוואָרן דורך אירע אינ־וועסטירונגען, און מיט דער צייט זיינען זיי דערגאנגען צו דער מדרגה פון וויכטיקע פאָזיציעס אין ווירטשאפטלעכן לעבן פון ישוב און פון דער הסתדרות. דער קאפיטאל, וואָס איז אין זיי קאָנצענטרירט א דאנק די גרונט־אינוועסטירונגען פון קרן־חוסר־עבודה, איז דערגאנגען ביז א מיליאָן מיט א פערטל.

## 5. „משען"

### א.

„משען" („דער אָנשפאר") איז בשעתו געשאפן געוואָרן אלס קליי־נער און באשיידענער אנשטאלט, בעת אלץ איז געשטאנען פעסט אויף זיין אָרט. מען האָט אין אים געזעען לכתחילה אַן ענין פון הילף פאר יחידים, פאר ווייניקע, וואָס נויטיקן זיך אין עפּעס א שטיקל אָנשפאר, כדי זיי זאָלן ניט פאלן. אָבער שוין ביים אָנהויב פון דער ארבעטסלאָזיקייט, אין יאָר 1936, האָט זיך דער באַדן אויסגעגליטשט ניט נאָר ביי יחידים, און „משען", וואָס האָט אָנגעהויבן פון קליינקייטן איז פארוואנדלט געוואָרן אין א גרויסן צענטער אין לעבן פון דער הסתדרות. די צאָל חברים, וואָס זיינען אָנגעקומען צו זיין הילף איז דערגאנגען ביז 30 טויזנט. דער דאָזיקער פארנעם, די גרויסע צאָל מענטשן, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין תיכפדי־

קער הילף, האָט ארויפגעלייגט זיין שטעמפּל אויף דער טעטיקייט פון „משען", וואָס איז אָפט געווען א מין „פייער־לעשער", וועלכער האָט געהאַט צו לעשן די שרפה פון דעם גוף און פון דער נשמה צוגלייך. און בעת דער פייער האָט זיך פארשפרייט אלץ מער און מער, האָט די גאנצע הסתדרות געהאַט איבערן קאָפּ צו טאָן, כדי אים צו לעשן.

אלע פארלאנגען פון דער ארבעטערשאפט צו קעגנזייטיקער הילף האָבן זיך דאן פארקערפּערט אין „משען". אין דער צייט פון שווערן נסיון האָט זיך ארום אים קאָנצענטרירט די גאנצע שטרעבונג צו שותפות און קעגנזייטיקער אחריות.

דורך „משען" האָט דער קרן־חוסר־עבודה, — און נאָך אים אויך אנדערע פאקטאָרן, געגעבן די מיטלען אויף צו דערלייכטערן די לאגע פון די, וואָס האָבן געליטן פון קריזיס. אזוי ארום איז ער פון זיין לכתחי־לה׳דיקן באשיידענעם ווינקל ארויס אין רשות הרבים און האָט זיך ארייג־געלאָזן אין א פיל־פּנים׳דיקער און ברייט־פארצווייגטער הילפס־ארבעט. צוערשט קליינע הלואות און געלט־שטיצע פאר ארבעטסלאָזע, שפּעטער האָט ער גענומען אויף זיך די זאָרג פאר מעדיצינישער הילף פאר די ארבעטסלאָזע און זייערע משפחות, צאָלנדיק אָנשטאָט זיי דעם אָפּצאָל פאר קופּת־חולים; דאן — די זאָרג פאר זייער אָפּרו אין סאנאטאָריעס, פאר דער דערנערונג פון זייערע קינדער, ביליקע לעבנס־מיטלען פאר בעלי־משפחות און ביליקע קיכן פאר די ניט־פארהייראטע, א.א.וו. בעת ס׳איז קלאָר געוואָרן די וויכטיקייט איבערצופירן ארבעטסלאָזע צו אנדערע פּראָפעסיעס און לערנען זיי א נייעם פאך, האָט זיך „משען" אריינגעלייגט אויך אין דעם ענין. בכלל איז ער ניט געשטאנען אָן א זייט פון קיין שום מעגלעכן קאָנסטרוקטיוון אויפטו. אזוי האָט ער ארומגענומען מיט זיין זאָרג און אויפמערקזאמקייט אלע שיכטן פון אונזער ציבור. צום סוף האָט ער געמוזט זיך אָפּרופן אויך אויף די נויטן פון מענטשן פון פרייע פּראָפעסיעס, פון אָנגעשטעלטע, ארבעטערינס, יוגנט, מיט איין וואָרט — פון די, וואָס זיינען ניט געווען בכוח צו געניסן פון די ארבעטן, וואָס זיינען אָרגאניזירט געווען דורך קרן־חוסר־עבודה. אויך דאָ האָט ער זיך באַמיט, לויט זיינע מעגלעכ־קייטן, ניט סתם געבן שטיצע, נאָר גיין מיט קאָנסטרוקטיווע וועגן.

## ב.

די ריכטליניע פון „משען" אין זיין טעטיקייט איז געווען — הילף פאר ארבעטסלאָזע און באפרידיקונג פון זייערע וויכטיקסטע נויטן. אַן אַנדער געביט פון זיין טעטיקייט, וואָס צוליב אים איז ער אַמאָל געגרינדעט געוואָרן, — הילף פארן יחיד, וואָס געפינט זיך אין א נויט — איז געווען

ניט צו מערקן, אָבער אויך ער איז ניט פאַרשוואונדן. ער איז אריינגעפלאָכטן געוואָרן אין דעם אלגעמיינעם געוועב און האָט זיך געשפייזט פון די אלגעמיינע מיטלען, וואָס זיינען באשטימט געוואָרן פארן קאמף קעגן ארבעטסלאָזיקייט. בעת די ארבעטסלאָזיקייט איז ליקווידירט געוואָרן, איז אויסגעוואַקסן א הארבע פּראָבלעם, וואָס צו טאָן מיט די אלע „סאָציאלע פאַלן”, ווי מיר רופן עס, סיי די, וואָס זיינען געבליבן אלס רעזולטאט פון דער קערפּערלעכער אָפּשוואַכונג בעת דער ארבעטסלאָזיקייט, סיי די, וואָס זיינען צוגעקומען שפּעטער, אלס פּועל־יוצא פון דער מלחמה.

עס זיינען אויפגעקומען נייע באדערפעניש, און כדי זיי צו באפרידיקן זיינען נויטיק געווען גרויסע סכומים געלט. דער עיקר דאגה איז אָבער ניט נאָר אין דעם, אז מחמת די דאָזיקע גרויסע סכומים לאָזט זיך ניט צו זאמלען רעזערוון פאר א שעה פון נויט, נאָר אויך אין דעם, אז בעת ס'וועט חלילה קומען אזא שעה, וועט מען זיך ניט קענען באפרייען פון דעם איצטיקן יאָך פון דער זאָרג פאר סאָציאלע פאַלן, און צו זיי וועלן דאן צוקומען נאָך און נאָך.

אין דעם ליגט די תשובה אויף דער פראגע, וואָס מען שטעלט אָפט מיט פארוואונדערונג: וואָס איז די סיבה, אז אפילו אין צייטן, ווען אלע זיינען פול־באשעפטיקט מיט ארבעט, איז דער פארנעם פון דער הילפס־טעטיקייט ניט געוואָרן קלענער און אין מאנכע פונקטן (קינדער־דערנערונג, פאַרזאָרגונג מיט ביליקע לעבנסמיטל) איז זי אפילו אויסגעוואַקסן? ווייזט אויס, אז מיר זיינען אריין אין די סאמע טיפעניש פון די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון סאָציאלער הילף אין דער הסתדרות, וואָס האָבן זיך פעסט איינגעבירגערט אין אונזער ווירקלעכקייט. דאָס איז א דירעקטער פּועל־יוצא פון דער גרויסער פּלאָג, וואָס האָט געטראָפן די הסתדרות בעת דער מאסן־ארבעטסלאָזיקייט. און וואָס איז געבליבן נאָך איר. די פראגע ווערט באזונדערס שארף, ווייל אנדערע ישובישע און מוניציפּאלע פאקטאָרן האלטן, אז זיי זיינען פּטור פון יעדער דאגה, אויב ס'האנדלט זיך וועגן הסתדרות־מיטגלידער, און אין „נאָרמאלע צייטן” איז עס אן ענין בלויז פון דער הסתדרות אליין.

א וויכטיקן כלל האָט „משען” אין זיין טעטיקייט, דהיינו, אז די הילף, וואָס ער גיט, איז ניט קיין שטיצע, נאָר א הלוואה. דאָ איז געקומען צום אויסדרוק דער רצון פון דער הסתדרות, צו געבן א קאָנסטרוקטיוון כאראקטער פאר אלץ וואָס זי טוט, און אויך אין דעם דאָזיקן שווערן שטח האָט זי ניט געוואָלט מוותר זיין אויף אים. א טיפער מאָראלישער זין ליגט אין דער דאָזיקער שיטה: ניטאָ אין דער הסתדרות קיין שטיצער און געשטיצטע. א חבר, וואָס פאלט אונטערן יאָך פון שווערע טעג, איז פול־

בארעכטיקט צו געניסן אין א בכבודיקער פאָרם פון אונזערע אנשטאלטן פאר קעגנזייטיקער הילף, און לכשירחיב וועט ער אומקערן אלץ, וואָס מען האָט אים געליען פון פאָנדן, וואָס אין זייער שאפונג האָט ער זיך בשעתו באטייליקט און וועט זיך אויך ווייטער באטייליקן. דערפאר האָבן פילע געקענט גובר זיין זייערע נשמה־שוועריקייטן, בעת זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו „משען״.

## 6. „מציב״

די יסודות פון „מציב״ זיינען זייער פשוט. יעדער חבר פון דער הסתדרות צאָלט אין דעם אלגעמיינעם מיטגלידס־אָפּצאָל („מס אחיד״) א קליינע סומע, וואָס איז באשטימט אויף צו העלפן דער משפחה פון דעם געשטאָרבענעם חבר. כדי ס׳זאָל געזיכערט ווערן א סומע פון 50 פונט פאר איין משפחה, איז נויטיק, אז בערך 3000 חברים זאָלן צאָלן יעדן חודש דורכשניטלעך דעם קליינעם אָפּצאָל פון 17 מיל. צי איז דען פאראן א פשוטערער און טרעפלעכער אויסדרוק פון קעגנזייטיקער הילף, ווי דער דאָזיקער קליינער און באשיידענער אויפטו? די איינמאָליקע סומע, וואָס „מציב״ גיט דער משפחה נאָכן טויט פון איר ברויט־געבער איז, פארשטייט זיך, ניט בכוח צו באפרידיקן אלע בויטן, וואָס זיינען אַראָפּגעפאלן אויף איר נאָכן אומגליק. אזוי ווייט קומט עס ניט. אָבער דאָס איז א חברישע הילף, וואָס מאכט איר לייכטער די ערשטע טעג פון גרויסער פארלוירנקייט, ביז זי וועט צוריק באקומען דאָס גלייכגעוויכט.

קרן־חוסר־עבודה, וואָס האָט זיך באטייליקט אין אויפשטעלן פאר־שיידענע לעבנס־וויכטיקע אונטערנעמונגען אין דער הסתדרות, האָט זיך אריינגעלייגט אויך אין דעם דאָזיקן ענין. ער האָט גענומען אויף זיך צו מאכן סטאביל די לאגע פון „מציב״ און אים צו זיכערן קעגן אומדערוואר־טעטע דערשיטערונגען אין דער צוקונפט. ער האָט געשטעלט אין זיין רשות אלס רעזערוו־קאפיטאל א סכום פון 18.500 פונט, — וואָס איז גלייך מיטן סכום הכנסות פון מיטגלידס־אָפּצאָל אין משך פון די ערשטע פיר יאָר פון זיין עקזיסטענץ.

אין משך פון 9 יאָר פון זיין עקזיסטענץ (1938—1946) האָט „מציב״ אויסגעצאָלט ארום 46 טויזנט פונט פאר 1147 משפחות, אין פארשיידענע פראָפעסיעס און כמעט אין אלע ווינקעלעך פון ארץ־ישראל. אין דעם זיינען געווען די פארשיידנסטע פאלן, צווישן זיי אזעלכע, וואו די שטיצע פון „מציב״ איז געווען דער איינציקער מקור, וואָס האָט זיי דערמעגלעכט זיך צו האלטן. דער ווערט פון דער דאָזיקער הילף איז ניט נאָר ניט געווען

קלענער פון דעם, וואָס ס'איז אָנגעגומען אין לענדער מיט א געאָרדנטער סאָציאַלער פאַרזיכערונג, נאָר אין מאנכע פאלן איז ער עס אפילו אריבער־געשטיגן, און דאָס אלץ, בעת דער גאנצער יאָך ליגט אויסשליסלעך אויף דער הסתדרות.

ס'פאַרשטייט זיך, אז אויך „מציב", אזוי ווי אונזערע איבעריקע אנשטאלטן פאר קעגנזייטיקער הילף — מוז געשטאַרקט ווערן דורכן אָנטייל פון דער רעגירונג און די ארבעטס־געבער. וואָלטן מיר געקומען צו דעם, וואָלט מען געקאָנט פארגרעסערן די הילף, וואָס ווערט געגעבן דער משפחה פונם פארשטאָרבענעם חבר, אָדער זי פארוואנדלען אין א פענסיע ביז א באשטימטן גבול.

## 7. „דור לדור"

בדרך כלל איז ניט שווער תופס צו זיין דעם פשוטן שכל פון אונ־זערע אנשטאלטן פאר קעגנזייטיקער הילף. זיי קומען צו פאַרענטפערן פאַרשיידענע דערשיינונגען אין לעבן, מיט וועלכע איטלעכן פון אונז קומט אויס זיך צו טרעפן. אויך דער געשוואָרענער „אָפּטימיסט", וואָס ברייגגט גאָר ניט ארויף אויפן זינען, אז ער אליין קען ווערן קראנק, ארבעטסלאָז אָדער א בעל־מום, ווערט טאָג־טעגלעך באוויירקט פון דעם, וואָס עס פאסירט מיט זיינע חברים, ער איז עס תופס, אלס רעאלע ענינים, וואָס קומען אָפּט פאָר, און ס'איז רעכט, אז ער קלערט וועגן זיי אויך בנוגע צו זיך אליין. אנדערש איז עס בנוגע צו דער אלטקייט.

א יונגער מענטש — און די מערהייט פון אונזערע חברים זיינען נאָך יונג — איז ניט תופס די אלטקייט. אמת, ער זעט אלטע לייט, ער באדויערט זיי אפילו, בעת ער קלערט וועגן זייער צושטאנד, אָבער נאָר אויף א רגע, ווייל דער דאָזיקער צושטאנד איז פון אים ווייט א מרחק פון צענדליקער יאָרן. ס'איז נויטיק א הויכע מאָס פון רייפקייט, כדי א יונגער מענטש זאָל ערנסט טראכטן וועגן זיך אין אזא מין מרחק פון צענדליקער יאָרן און זאָל, קוקנדיק אין די גאָר ווייטע צוקונפט, נעמען אויף זיך א יאָך, וואָס ער וועט דארפן טראָגן אזא לאנגע צייט. אונזער ציבור אלס כלל איז שוין אָבער געניג רייף און זיינע קאָלעקטיווע רעיונות לגבי דער צוקונפט זיינען ערנסט אָפּגעוואויגן, ס'איז דעריבער נאטירלעך, אז דער יחיד און די דאגות וועגן אים פארנעמען א קאָנטיקן אָרט אין זיינע געדאנקען.

דער געדאנק וועגן אַ פאָנד פאר חברים בעת זייער אלטקייט איז ניט קיין נייער. זיין ממשותדיקן אויסדרוק האָט ער אָבער באקומען ערשט

ניט לאנג אין דער פאָרם פון „דור לדור". זינט פון 1943 יאָר באַקומט אויך דער דאָזיקער פאָנד א קליינעם אָפּצאָל אין די ראַמען פון מס אחיד.

אויב עמיצער וועט זאָגן, אז דערמיט איז געלייזט דאָס פּראָבלעם פון פּענסיע פאר אלטע חברים — וועלן עס זיין נאָר פּוסטע דבורים. די סומען, וואָס זיינען נויטיק דערצו פאר אן אָנשטענדיקן לעבנס־ניוואָ זיינען זייער גרויס, און מ׳קען זיי גאַרניט אויפברייינגען מיט די מיטלען פון דער ארבע־טערשאפט אליין. אויך דאָ, ווי אויף אלע אנדערע געביטן פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג, איז אומבאַדינגט נויטיק דער אָנטייל פון דער רעגירונג און פון די ארבעטס־געבער. אויב ס׳איז פונדעסטוועגן אויפגעשטעלט געוואָרן אזא פאָנד בלויז אויף די מיטלען פון דער ארבעטערשאפט, איז עס געמאכט געוואָרן מיט דער כוונה, דאָס זאָל דינען אלס אָנהויב; פּאַרלויפיק איז „דור לדור" בכוח צו געבן הילף נאָר אין דער באַשיידענער מאָס, וואָס קאָן געזיכערט ווערן דורכן אָפּצאָל פון ארבעטער אליין.

דאָס ווירקט, פארשטייט זיך, אויף דער הויך פון דער פּענסיע און אויפן עלטער, ביי וועלכן מ׳הויבט זי אָן צו באַקומען. מיר זיינען נאָך דערוויייל ניט ביכולת מאכן דעם געהעריקן אונטערשייד לויטן געשלעכט און לויט פארשיידענע פּראָפעסיעס, ביי וועלכע די הילף איז באַרעכטיקט אין אַ נידעריקערן עלטער. אָבער, אויך די ראַם, וועלכע מיר האָבן באַשטימט פאלט ניט אַראָפּ לויטן ווערט און עפעקט פון דעם, וואָס ס׳איז אָנגענומען אין אנדערע לענדער.

דער עלטער, ביי וועלכן ס׳איז באַרעכטיקט צו באַקומען די פּענסיע, איז 65 יאָר פאר חברים און 62 פאר חברות. דערצו איז דאָ א תנאי, אז בעת מען באַקומט די פּענסיע דאַרף מען זיך געפינען אין ארץ־ישראל. דער חבר באַקומט די פּענסיע, אומאָפּהענגיק פון דעם אין וואָס פאר א לאגע ער געפינט זיך, בעת ער איז געקומען צום אנטשפּרעכנדיקן עלטער, אויך דאַן, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט אנדערע מקורות פון עקזיסטענץ, אדער ער ארבעט; עד וועט באַקומען די פּענסיע, אויב זיינע הכנסות שטייגן ניט אריבער א באַשטימטן מינימום. ער דאַרף אָבער ריכטיק אויפהאַלטן זיין אָנגעהעריקייט צו דער הסתדרות און צאָלן רעגלמעסיק דעם מס אחיד. די הויך פון דער פּענסיע: 2.500 פונט א חודש פאר א מאַן מיט זיין פרוי, 1.500 — פאַן אן איינזאַמען. מיט דער צייט וועט אונז, מן הסתם, די דער־פאַרונג ווייזן, וואָס פאר א שינויים מ׳קען און מ׳דאַרף דאָ אַריינברענגען.

„דור לדור" און „מציב" ווערן אדמיניסטראַטיוו באַדינט דורכן אפּאַראַט פון קרן־חוסר־עבודה און זיינען — צוזאַמען מיט „משען" — איינגעגלידערט אין זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם. די אלע 4 אינסטיטוציעס ווערן אָנגעפירט דורך איין אַלגעמיינעם אויפזיכטס־ראַט.

### 8. שלוס־וואָרט

מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט דעם פּראַקטישן אויפטו פון דער הסתדרות אויפן געביט פון קעגנזייטיקער הילף, און דעם גייסט, מיט וועלכן ער איז דורכגעדרונגען. א דאנק דעם דאָזיקן גייסט איז דער אויפטו דער־גאַנגען צו א מדרגה, וואָס שטייגט איבער אונזערע מעגלעכקייטן.

א צייט לאַנג זיינען מיר געווען קליין אין צאָל. מיר זיינען געווען באַקאַנט איינער מיטן צווייטן, און ס'האָט געהערשט צווישן אונז אַן אונ־מיטלבאַרע נאָענטקייט. איטלעכער האָט זיך אויף א ריין פּערזענלעכן אופן באַטייליקט אין אַלץ, וואָס האָט געטראָפן זיין חבר. איצט זיינען מיר געוואַקסן אין צאָל און די קעגנזייטיקע הילף קומט שוין אַצינד ניט פון איינעם צום צווייטן, נאָר — פון דער גאַנצער מחנה צו אירע חברים.

מיר טרעטן אריין אין אַן עטאַפּ, ווען די גאַנצע אַרבעטערשאַפט טראָגט די אחריות ניט נאָר פאַר די, וואָס זיינען שוין היינט אירע חברים, נאָר אויך פאַר די אַלע, וואָס דאַרפן ערשט ווערן אירע חברים. די דאָזיקע אחריות האַלט אין איין וואַקסן, און זי פאָדערט פון אונז, מיר זאָלן פאַר־ברייטערן דעם פאַרנעם פון דער אַרבעט אויף דעם געביט און פאַרטיפן אירע וואָרצלען.

## ווי פאַרטיילט זיך דאָס געלט פון מס אחיד?

דער מס אחיד (פאַראייניקטער מיטגליד־אָפּצאָל אין דער הסתדרות) שליסט איין פאָלגנדיקע אָפּצאָלן: אָרגאַניזאַציע־שטייער (מס ארגוני), שטרייק־פאָנד, קולטור, דערציאונג, קופּת־חולים, קרן נכות, קרן חוסר עבודה, פאָנד פאַר יידישער אַרבעט, „מציב", „דור לדור", „משען". ער שליסט אויך איין דעם אָפּצאָל פון שקל פאַר די הסתדרות־מיטגלידער.

דער מס אחיד באַשטייט זייט 1937. א דאַנק דער פאַראייניקונג פון די פאַרשיידענע שטייערן איז די הסתדרות מצליח געווען צו פאַרפעסטיקן אירע אָרגאַניזאַציע־אַנשטאַלטן און די אַנשטאַלטן פאַר קעגנזייטיקער הילף.

דער גרעסטער טייל פון מס אחיד, פון 70% ביז 75% — איז באַשטימט פאַר קעגנזייטיקער הילף און ווערט איבערגעגעבן צו די אַנט־שפּרעכנדיקע אַנשטאַלטן. מיר וועלן עס ווייזן אויפן ביישפּיל פון 1946 יאָר.

פאַר גאַנצן יאָר האָט דער מס אחיד אריינגעבראַכט 1.738.504 פונט. פון דעם האָט קופּת־חולים באַקומען כמעט א העלפט — 841.419 פונט. אויב מיר וועלן צורעכענען די סכומים, וואָס ס'האָבן באַקומען די איבע־

ריקע אנשטאלטן פאר קעגנזייטיקער הילף, — דערגייען מיר צו א סכום פון 1.224.874 פונט, ד. ה. 70,4% פון דעם גאנצן מס אחיד.

פון דאנען איז נאָך ניט געדרונגען, אז די איבעריקע 29,6% זיינען באשטימט נאָר פאר אָרגאניזאציע־צוועקן. די אָפּצאָלן פארן נוער העובד, שקל, דערציאונג, שטרייק־פאָנד און דער ספּעציעלער שטייער פון דער ארבעטער־פרוי — באטרעפן צוזאמען 7,4%. אזוי ארום זיינען פאר אָרגאני־זאציע־צוועקן, צענטראלע און אָרטיקע, באשטימט בלויז 22,2% פון דעם גאנצן מס אחיד.

# דערציאונג, קולטור און ליטעראטור

יעקב האלפערין

## אונזער דערציאונגס-ווערק

### צו וואָס א באזונדער שול־וועזן?

מען פרעגט אונז, צו וואָס דארף די ארבעטער־באוועגונג אין ארץ־ישראל האָבן אַן אייגענעם שול־וועזן? פארוואָס קען זי נישט באגנוגענען מיט דער אלגעמיינער שול־סיסטעם?

דער ענטפער איז: א באזונדערע דערציערישע סביבה, א נייע ארבע־טנדע געזעלשאפט, ספעציפישע שטרעבונגען און אידעאַלן, ציל־באַוואוסטע מעטאָדן און וועגן, בקיצור, די דערציאונג פון א דור, וואס זאל ממשיך זיין אין גייסט פון דעם ארבעטנדן ארץ־ישראל, — דאס אלץ פאָדערט א געשלאָסענע אינערלעכע ארגאניזאציע, א באזונדערע דערציאונגס־ראם, א באנייטן פעדאגאָגישן געדאנק.

די ארבעטערשאפט, אלס אנטשיידנדיקער טייל צווישן די פאר־ווירקלעכער פון ציוניזם, בויט איר וועג אין דער פארווירקלעכונג — לויט איר מהות. אין איר דאָזיקן וועג איז בולט די ספעציעלע דערציאונגס־ליניע פאר אירע קינדער. דעריבער איז איר פאָדערונג — א זעלבסט־שטענדיקע ריכטונג אויפן פעלד פון דערציאונג, — א דערציאונג, וואס זאל געפירט און געריכטעט ווערן דורך דער הסתדרות, מיט א מינימום־פראָגראם, וואס איז געמיינזאם פאר אלע אנדערע ריכטונגען.

בעת ס׳איז געשטעלט געווארן אויפן 14־טן ציוניסטישן קאנגרעס אין יאר 1925 די פראגע וועגן ארגאניזירן דעם שול־וועזן אין ארץ־ישראל, איז אויך געבראכט געווארן די פאדערונג פונם ארבעטער־פליגל, עס זאל אנערקענט ווערן דער „זרם העובדים" (די ריכטונג פון ארבעטנדע), צו־גלייך מיט די צוויי עקזיסטירנדע ריכטונגען („הזרם הכללי" און זרם „המזרחי"), און ער זאל באקומען אַ אַדמיניסטראטיווע אויטאָנאָמיע. מיר

האבן די דאזיקע פאָדערונג געהאלטן פאר ריכטיק צוליב די פאלגענדיקע טעמים: אונזער דערציאונג ווערט געטראָגן אויף די פלייצעס פון אונזערע ישובים. זיי האבן א ספעציעלן דערציערישן צוגאנג, וואס איז געבונדן מיט זייער געזעלשאפטלעכן מהות. די לערער מוזן זיין בלב ונפש צוגע־בונדן צו די אידעען, וואס באלעבן די גאנצע באוועגונג, זיי מוזן צוליב זייערע אויפגאבן געהערן צו דער דאזיקער באוועגונג. אויך דער לעבנס־ניוואָ דארף זיין גלייך ביים ארבעטער און ביים לערער. די מדרגה פון זיין לוין — ווי די מדרגה פון אן ארבעטער, וואס דארף באשטימט ווערן דורך דער הסתדרות. זאל ער זיך ניט אונטערשיידן מיט גארניט פון זיין נאטירלעכן „ארבעטס־געבער". דעריבער מוז די הסתדרות זיין פאראנט־ווארטלעך פאן זיין לוין, או צו איר מוז ער זיך ווענדן אין זיינע מאטער־יעלע ענינים, פונקט ווי ער שעפט פון איר זיינע גייסטיקע כוחות.

די קאָמיסיע, וועלכע איז אויסגעקליבן געווארן אויסצופאָרשן די פראגע, האט פאָרמולירט איר אויספיר אין פאָלגענדע פאראגראפן: „די דערציאונגס־נעץ וועט געפירט ווערן אויף יסודות פון א פאראייניקטער דערציאונג אונטער א צענטראלער פארוואלטונג און פון אינערלעכער אויטאנאמיע פאר יעדער אנערקענטער דערציאונגס־ריכטונג. לויט די גרונט־אידעען, מיט וועלכע עס זיינען דורכגעדרונגען די דערציאונגס־וועגן און שול־פראָגראמען, און לויט זייערע וואקסנדיקע באדערפענישן, דריי שטרעמונגען געפינען זייער אויסדרוק אין דריי טיפן שולן: אלגע־מיינע שולן, שולן פון „המזרחי", און שולן פון די ארבעטנדע. די געלט־סובסידיעס פון דער צענטראלער פארוואלטונג, וואס פירט די שול־נעץ, וועלן פארטיילט ווערן צווישן די שולן פון אלע ריכטונגען, וואס זיינען אָנגעשלאָסן אָן נעץ, לויט איין גלייכן שליסל פאר אלעמען".

אויף אזא אופן איז דער „זרם העובדים" אנערקענט געווארן אלס אן אָפיציעלע ריכטונג, גלייכבארעכטיקט מיט די אנדערע. די פאָדערונג וועגן אדמיניסטראטיווער אויטאָנאָמיע איז אויך באשטעטיקט געווארן.

### ב. טענדענצן און יסודות

פילפארביק איז די דערציאונגס־נעץ פון דעם „זרם העובדים" לויט די קאָלאָניזאציע־פאָרמען און דעם געזעלשאפטלעכן בוי פון ישוב. אנדערש איז די שול אין קיבוץ, ווי אין דעם מושב, אנדערש אין שטאָט, אין דער מושבה, אין דער שכונה. און אין דעם דאזיקן פילפארביקן קרייז מוז דאס דערציאונגס־ווערק פון דער הסתדרות געפינען דעם געמיינזאמען און פאראייניקנדיקן יסוד, וואס זאל ארומנעמען דאס גאנצע לעבן פון דער ארבעטס־באוועגונג.

„המרכז לחינוך" (די צענטראלע פאר דערציאונג) ביי דער הסתדרות האט די אויפגאבע פון דער דערציאונג דעפינירט אין די פאלגנדיקע פאראגראפן:

די עיקרדיקע אויפגאבע פונם זרם העובדים איז: פאָרמירן א זעלבסטשטענדיקן, יידיש־חלוצישן טיפּ דורכגעדרונגען מיט דער ציוניסטישער אידעע, וואס איז גרייט מיט קערפער און גייסט צו פארווירקלעכן די שליחות פון דער יידישער סאָציאליסטישער אר־בעטס־באוועגונג אין לאנד.

די הויפט־צילן פונם זרם העובדים אין דער דערציאונג זיינען א) צובינדן דאס קינד פעסט צו אונזער פאָלק און צו זיינע אייביקע מאָראלישע און קולטורעלע ווערטן, דורך דער־קענען זיין עבר און א שטענדיקן פארטיפן זיך אין דער שאפונג און אין קאמף פון פאָלק אין אלע דורות, פארפעסטיקן ביים קינד דאס באוואוסט־זיין, אז דער גורל פון אונזער פאלק אויף דער גאנצער וועלט איז איינער. ב) איינוואָרצלען דאס קינד אין דער נאטור פון לאנד און געבן אים א מאָראלישע און פראקטישע צוגרייטונג אָנטייל צו נעמען אינם אויפבוי פון ארץ־ישראל בכלל, און אין דער אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט אויפן יסוד פון אייגענער ארבעט — בפרט. ג) איינפלאנצן ביים קינד די ווערטן פון דער ארבעטס־באוועגונג אין ארץ־ישראל און די געמיינזאמ־קייט פון זיין גורל מיט איר, דערוועקן אין אים די הייסע שטרעבונג אויפצושטעלן א נייע יושרדיקע געזעלשאפטלעכע ארדנונג אָן עקספּלואטאציע און אָן קלאסן. ד) איינפלאנצן ביים קינד די ווערטן פון דער ארבעטס־באוועגונג אין ציוניזם און אנט־וויקלען ביי אים די פעאיקייט צו חלוצישער הגשמה אין טאָג־טעגלעכן לעבן. ה) שאפן ביים קינד דאס באוואוסטזיין, אז דאס אנטוויקלען קעגנזייטיקע, ברידערלעכע באציאונגען צווישן דער יידישער ארבעטס־באוועגונג אין לאנד און צווישן די אראבישע ארבעטער־מאסן — איז איינער פון די וועגן צו פארשנעלערן די אינטערנאציאָנאלע פאראייניקונג פון אלע ארבעטער און צו שאפן א ברידערלעכקייט פון פעלקער אויף דער וועלט. ו) אנטוויקלען דעם קערפער פון קינד, זיין פעאיקייט צו פירן א שווער ארבעטס־לעבן און בעת ס'איז נויטיק — פארטיידיקן די ווערטן פון פאלק און ארבעטער־קלאס קעגן די צע־שטערערישע כוחות. ז) פארפלאנצן אין אים ליבשאפט צו ארבעט און שטארקן אין אים דאס באוואוסטזיין פונם ווערט פון אייגענער פיזישער ארבעט. ח) איינוואָרצלען אינם קינד די שטרעבונג צו שטענדיקער פאר־

פאָלקאַמונג און באַנייאונג אין יידישער און אַלגעמיינער בילדונג, וואָס זאָלן אים העלפֿן צו בויען די נייע געזעלשאַפֿט אין ארץ־ישראל. ט) אנט־וויקלען אינם קינד דעם עסטעטישן חוש און די באַציאונג צו קינסטלע־רישער שאַפֿונג, שעפֿנדיק פֿונם לעבעדיקן לעבענס־שטייגער פֿון פֿאָלק און זוכנדיק אמת און פשטות אין זיין אַרט לעבן. י) אַנטוויקלען אינם קינד די פֿעאיקייט אָפּצוהיטן באַציאונגען פֿון מענטש צו מענטש דורך קעגנזייטיקע אחריות און דורך פֿאַרווירקלעכן אין זיין לעבן דאָס געבאָט פֿונם געוויסן. י״א) איינ־פֿלאַנצן אינם קינדס האַרץ דורך־ארץ פֿאַרן פּרינציפּ פֿון דעמאָקראַטיע אין דער געזעלשאַפֿט, וואָס וועט זיך באַזירן אויף יסודות פֿון מיינונגס־פֿרייהייט און זיכערקייט קעגן נויט און עקספּלואַטאַציע; מונטערן דאָס קינד צו אַקטיוויטעט אינם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, צו געזעלשאַפֿטלעכער דיסציפּלין, כדי עס זאָל קענען שטיין אויף דער וואַך פֿון דער דאָזיקער דעמאָקראַטישער אָרדנונג. י״ב) געבן דעם קינד דאָס באַוואוסטזיין צו פֿאַרשטיין דעם ווערט פֿון די נאַטור־אוצרות און די דערגרייכונגען פֿון דער וועלט, וואָס געהערן דעם גאַנצן כלל און וואָס יעדער איז גלייכ־באַרעכטיקט צו געניסן פֿון זיי; איינפֿלאַנצן אין אים דאָס ווילן אָפּצוהיטן די דאָזיקע ווערטן, אַנטוויקלען און איבערגעבן די קומענדיקע דורות.

די דאָזיקע הנחות זיינען אָנגענומען געוואָרן אין אַלע קרייזן פֿון דער הסתדרות מיטן באַוואוסטזיין, אַז אין גרונט זיינען זיי געמיינזאַם פֿאַר אַלע טיילן פֿון דער באַוועגונג אין דאָרף און שטאָט.

### ג. פּאַרנעם און אַנטוויקלונג

די דערציערישע נעץ פֿון דעם זרם העובדים נעמט אַרום היינט צו טאָג אַלע פּונקטן פֿון דער אַרבעטנדער קאָלאָניזאַציע, די שכונות הפועלים (אַרבעטער־קוואַרטאַלן ביי די שטעט), די גרויסע מושבות און די שטעט. די קומענדיקע טאַבעלע באַווייזט די אַנטוויקלונג פֿון אונזערע דערציערישע אַנשטאַלטן פֿון זייער אָנהויב אין 1923 און ביז 1947:

| דאָס יאָר | שולן (אַנשטאַלטן) | קינדערגערטנער (קלאַסן) | צאָל תלמידים | צאָל מיטאַרבעטער |
|---|---|---|---|---|
| 1923 | 7 | 8 | 153 | 15 |
| 1933 | 35 | 48 | 2812 | 141 |
| 1939 | 69 | 94 | 10260 | 400 |
| 1940 | 69 | 96 | 10670 | 510 |
| 1942 | 89 | 131 | 13500 | 633 |
| 1944 | 108 | 198 | 17640 | 1014 |
| 1947 | 156 | 259 | 24833 | 1623 |

אין די לעצטע יארן איז די נעץ שטארק פארברייטערט געווארן. דאס באווייזט, אז די עפנטלעכקייט האט אנערקענט דעם ווערט פון אונזער זעלבסטשטענדיקער דערציאונג אויף פונם פעדאגאָגישן שטאנדפונקט. זי האט זיך איבערצייגט, אז דער דערציאונגס־אידעאל און די שטרעבונג אים צו פארווירקלעכן שטערן ניט די לימודים, און דער שילער פון אונזערע אנשטאלטן קען דערווערבן דעם מאקסימום ידיעות, וואס לאזט זיך דער־גרייכן אינם פאלקס־שול־עלטער. און עס זיינען טאקע אין די יארן 1940—1947 געעפנט געווארן א סך נייע דערציאונגס־אנשטאלטן, און גלייכצייטיק האבן זיך אויך אנטוויקלט מיטל־שולן ביי די עקזיסטירנדיקע אנשטאלטן.

אין דער קומענדיקער טאבעלע ווערן די אנשטאלטן צעטיילט לויט די פארמען פון דער התישבות. ס'ווערט דורכגעפירט א פארגלייך צווישן די יארן 1939—1947. אזוי וועלן מיר זיך איבערצייגן, אז אונזער ווערק באהערשט פאמעלעך דעם ארבעטער־כלל אין שטאָט און מושבה, און טראָץ די באגרענצונגען מצד אייניקע מוניציפאלע ראטן, זעט דער ארבעטער אין דער אידעאיש־געריכטעטער דערציאונג א פאקטאָר, וואס באַרייכערט דעם גייסט פון קינד און פארבינדט אים מיט דער באוועגונג. און הגם ער איז געצוואונגען צו האבן א דאָפּלטע הוצאה — דעם דערציאונגס־שטייער פאר די שטאָטראטן ווי אלע בירגער, און א ספעציעלן שכר־לימוד — טוט ער עס פאר זיינע קינדער. אזוי ווי א. ד. גארדאן האט געזאגט: „די דערציער ווערן דערצויגן פונם קינד נאכמער, ווי ער פון זיי". דער עלטערן־קרייז, וואס איז געבונדן מיט אונזער נעץ צוליב דער דערציאונג פון זיינע קינדער, באקומט ניט ווייניק הסתדרותישע ווערטן א דאנק זייערע קינדער און דעם בית־החינוך.

| | די ארבעטנדע התישבות | | די שכונה, שטאָט, מושבה | |
|---|---|---|---|---|
| | 1939 | 1947 | 1939 | 1947 |
| שולן (אנשטאלטן) | 43 | 103 | 26 | 52 |
| צאָל שילער | 3226 | 8592 | 4548 | 10834 |
| קינדערגערטנער (קלאסן) | 65 | 174 | 29 | 85 |
| צאָל שילער | 1456 | 2995 | 1030 | 2412 |
| צאָל מיטארבעטער | 240 | 858 | 255 | 765 |

אין דער ארבעטנדער התישבות זיינען די ישובים אליין פאראנט־וואָרטלעך פארן ארגאניזירן די דערציאונגס־אנשטאלטן, אבער אין דער שטאָט און אין דער מושבה איז דער „מרכז לחינוך" אוממיטלבאר פאר־אנטוואָרטלעך פאר די אנשטאלטן און זייערע מיטארבעטער. דער דאזיקער פאקט פארפליכטעט די הסתדרות. דער ארבעטער־כלל זעט אין דעם „מרכז לחינוך" די אינסטיטוציע, וועלכע מוז זארגן פאר די דערציאונגס־באדער־

פעניישן פון זייערע קינדער אין זיין גייסט, פונט ווי די קופת חולים מוז זארגן פאר די ענינים פון געזונט און היגיענע. ניט קוקענדיק אויף זיינע באשרענקטע מיטלען, האט דער „מרכז לחינוך" ווירקלעך דערפילט דעם ווּאונש פון דער עפענטלעכקייט האלטענדיק, אז ס'איז זיין פליכט אנט־קעגנצוקומען די חברים, וועלכע זארגן פאר זייערע קינדער און דער צוקונפט פון דער הסתדרות.

די קומענדיקע טאבעלע ברענגט א גענויע פארטיילונג פון די אנשטאלטן אין יאר 1947 לויט די געזעלשאפטלעכע שאטירונגען אין דער הסתדרות: הקיבוץ המאוחד, הקיבוץ הארצי, חבר הקבוצות, תנועת המושבים, שכונות הפועלים, די מושבות און די שטעט.

| | שולן | תלמידים | לערער | קינדער־גערט־נער | קינדער | קינדער־גערטנע־רינס |
|---|---|---|---|---|---|---|
| הקיבוץ המאוחד | 32 | 2983 | 258 | 78 | 1315 | 78 |
| הקיבוץ הארצי | 23 | 1340 | 121 | 29 | 363 | 29 |
| חבר הקבוצות | 14 | 1159 | 116 | 28 | 414 | 28 |
| תנועת המושבים | 34 | 3150 | 189 | 149 | 909 | 149 |
| מושבות | 85 | 1852 | 98 | 11 | 349 | 11 |
| שכונות הפועלים | 21 | 4195 | 238 | 36 | 1170 | 36 |
| שטעט | 17 | 3641 | 201 | 26 | 849 | 26 |
| פארשיידענע אין דער התישבות | 4 | 706 | 78 | 2 | 38 | 2 |
| סעמינארן | 2 | 390 | 65 | | | |
| | 155 | 19426 | 1364 | 259 | 5407 | 259 |

א גרויסער טייל פון דערציער אין דער קיבוצישער באוועגונג זיינען חברים פון די קיבוצים און קבוצות און באקומען ניט קיין לוין פונם „מרכז לחינוך". די קלאסן אין דער ארבעטנדער התישבות זיינען קליינע און דעריבער איז די צאל לערער ביי זיי פארהעלטניסמעסיק גרויס לגבי דער שטאָט, וואו א קלאס קאָנצענטרירט 40 שילער און מער.

און אט איז א טאבעלע פאר די המשך־קלאסן און המשך־אנשטאלטן אין יאר 1946:

| | צאָל קלאַסן | צאָל שילער | צאָל מיטאַרבעטער |
|---|---|---|---|
| די ארבעטנדע התישבות | 44 | 743 | 90 |
| די שטאָט און די מושבה | 20 | 484 | 82 |
| פאך־שולן | 34 | 936 | 65 |
| לאנדווירטשאפטלעכע שולן | 17 | 560 | 53 |

באמערקונג: די דאָזיקע טאבעלע שליסט איין אויך די שילער אין די משקי הפועלות.

## ד. שטופן אין אונזער דערציאונג

די ארגאניזירטע דערציאונג האט 4 שטופן: 1) קינדער־גאָרטן (עלטער 3—6 אין דאָרף, און 4—6 אין שטאָט און אין דער מושבה); 2) דער בית־החינוך און די פאלקס־שולן (עלטער 6—14); 3) המשך־קלאסן און המשך־אנשטאלטן (עלטער 14—18); און 4) צוגרייטונג פון לערער און קינדער־גערטנערינס (עלטער 16—20 און העכער).

דער קינדערגאָרטן (גן הילדים): דער דאזיקער גרונט־אנשטאלט פון אונזער דערציאונגס־נעץ האט זוכה געווען צו א ספעציעלער אנערקענונג אין אונזער עפנטלעכקייט. ס'האט זיך פארשטארקט דאס באוואוסטזיין, אז דער עלטער פון 3—6 יאר איז ניט נאָר אן ארייַנפיר צו דער שול, נאר האט רעכט פון קיום און אנטוויקלונג פאר זיך אליין. דאס איז אן עלטער, וואס פאָדערט אן ערנסטע פסיכאָלאָגישע און פעדאגאָגישע באהאנדלונג, וואָס די געזעלשאפט מוז זי געבן צו דער ריכטיקער צייט און אין דער בויטיקער מאָס. ניט בלויז אן אינסטיטוט צו לערנען די שפראך, ניט בלויז א מיטל צו באפרייען די ארבעטנדע מוטער, נאר קודם־כל — אן אָרט, וואו עס ווערט געשאפן די נשמה פונם ארבעטנדן מענטש, דעם זון פון דער געזעלשאפט, פון פאלק און קלאס. אלע דער־ציערישע מיטלען מוזן זיין אין פולשטענדיקן אייַנקלאנג צום ענדציל: דערציען א דור, וואס זאל ממשיך זיין אין דער ארבעטס־באוועגונג.

דער גן הילדים איז נישט אפגעריסן פונם ממשותדיקן לעבן, נאר ער איז געבונדן מיט אן ארבעטס־סביבה און דורכגעדרונגען מיט אן אטמאָספער פון שאפן. עס רוט אויף אים דער חן פון ישוב און זיין געזעלשאפטלעכע באפארבונג. ניט סתם „שפילן", נאר א מעגלעכקייט צו אנטפלעקן די לעבנס־כוחות; ניט נאר „שפילצייג", נאר אן אָנהאלטס־פונקט אויסצודריקן דאס אייגענע, די פעאיקייטן און אייגנשאפטן. די יסודות זיינען: א) א זעלבסטשטענדיקע קינדער־געזעלשאפט, וואס נעמט ארום אלע „געביטן פון לעבן"; ב) די פרינציפן פון דער ארבעטנדער געזעלשאפט: קעגנזייטיקע הילף, אייגענע ארבעט, בשותפות'ע זאָרג; ג) פארבינדונג פון שפיל מיט ערנסטער ארבעט; ד) דאָס פאָלק און זיינע עטישע, ליטערארישע און קינסטלערישע ווערטן.

דער ווערט פון קינדער־גאָרטן וואקסט אלץ מער און מער אין די אויגן פון דער עפנטלעכקייט, און היינט נעמט די דאזיקע נעץ ארום 259 קלאַסן און אין זיי ווערן דערצויגן קרוב 5400 קינדער. עס איז די אייַנציקע נעץ אין לאנד, וואס איז אָרגאניזירט געזעלשאפטלעך סיי פונם פינאנסיעלן סיי פונם פעדאגאָגישן שטאנדפונקט.

די גרונט־שול (בית־הספר היסודי): איר בוי — ווי אין גאנצן

לאנד — 8 יאר לערנען. איר אלגעמיינע ארגאניזאציע — לויט דער געמיינזאמער פראָגראם פון דער מחלקת־החינוך (דערציאונגס־אפטיילונג פונם ועד הלאומי), אויפן יסוד פון דער איינהייטלעכער נאָרמע פאר אלע אנשטאלטן אין די פארשיידענע שול־ריכטונגען. לויט דער נאָרמע איז אויך באשטימט געווארן די צאָל לערער פאר יעדן אנשטאלט; פאר זייער לוין און זייערע רעכט איז פאראנטווארטלעך דער „ועד לאומי״. אבער די ספעציעלע פראָגראם פון אונזער ריכטונג, וואס נעמט ארום ענינים פון ארבעט און געזעלשאפט, פאָדערט צוגאב־לערער, וועלכע ארבעטן בלויז אויף דער אחריות פונם „מרכז לחינוך״. די דאזיקע צוגאָב־שטעלעס זיינען דאס רוב אין די שולן פון דער קיבוצישער באוועגונג, וואו דער לערער ווערט אויפגעפאדערט צו ארבעטן אויך אויף דעם גייסטיק־געזעלשאפטלעכן געביט.

אין די שולן פון די קיבוצים פארנעמט א גרויסן ארט די פיזישע ארבעט. די שולן האבן אלע אייגענע קליינע ווירטשאפטן, אויסער דעם, וואס אין באשטימטע צייטן פון יאר ארבעטן די קינדער אין דער אלגע־מיינער ווירטשאפט. אויך ארבעטן די קינדער אין די וארשטאטן, אין קיך און אין טעכנישן דינסט. אין די מושבים קאָנצענטרירט זיך די ארבעט פון די קינדער דאָס רוב אין די ווירטשאפטן פון די עלטערן. אזוי ארום דערמעגלעכן די קינדער דעם מושב אפצוהיטן דעם פרינציפ פון אייגענער ארבעט. די ארבעט אין דער שול באגרענעצט זיך דער עיקר צו האנט־ארבעט, נייען, שטריקן און גאָרטן־ארבעט — ספעציעל פאַר די יינגערע קינדער. אין דער שול פון דער שטאָט און מושבה איז דאס רוב אנטוויקלט סטאָלעריי־ארבעט, האנט־ארבעט און הויז־ווירטשאפט. א טייל בתי־חינוך ארגאניזירן דאס געמיינזאמע עסן אלס א געזעלשאפטלעכן פרינציפ. אמת, די דאזיקע הוצאה באשווערט ניט ווייניק די עלטערן, אבער פון דער אנדער זייט העלפט זי געוויסע עלטערן צו דערפילן זייערע פליכטן ביי דער ארבעט מיט א רוויקן הארצן. די שטאָטישע שולן פירן אויך גרינס־גערטנער, ווער דורך באארבעטן א טייל פונם הויף, ווער אויף שטחים, אויף א געוויסער שטרעקע פון דער שול.

די געזעלשאפטלעכע טעטיקייט אנטוויקלט זיך כסדר. די קינדער זיינען פאראייניקט אין געזעלשאפטן. יעדע געזעלשאפט האָט איר פאר־וואלטונג און אירע פארשיידענע קאָמיסיעס. פון צייט צו צייט קומען פאַר שמועסן און אלגעמיינע פערזאמלונגען, צו באהאנדלען די אינערלעכע פראגן פון די קינדער־געזעלשאפטן. אין א סך שולן דערשיינען סיסטע־מאטיש צייטונגען. עס ווערן איינגעאָרדנט שבת־ און יום־טוב־פייערונגען א. אנד. די דאָזיקע פייערונגען בינדן צו אויך די עלטערן צום געזעל־

שאפטלעכן לעבן פון די קינדער, און צייטנווייז אָרגאַניזירט מען זיי געמיינזאַם.

די אַקטועלע פּראָבלעמען און די אויפקלערונגס־אַרבעט פון דער באַוועגונג פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט אינם שול־לעבן. די אַנשטאַלטן באַלויכטן ביי יעדער געלעגנהייט די לויפנדע פּראָבלעמען אין ליכט פון דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אידעע. די קינדער זיינען צוגעוואוינט צו דער אַרבעטער־פּרעסע — „דבר לילדים" און „דבר", צו די אויסגאַבן פון „עם עובד" און אַנדערע אויסגאַבן. דאָס אַרבעטער־לעבן, דער יום־טוב פון פאָלק און באַוועגונג ווערן געהעריק באַלויכטן אין די לימודים פון די קינדער און אין זייערע פייערונגען. עס ווערט געזאָרגט פאַר אַ באַציאונג פון דרך־ארץ צו די ווערטן פון דער אַרבעטס־באַוועגונג.

דאָס המשך־ווערק: די דריטע שטופע אין אונזער שול־לייטער — זיינען די המשך־קלאַסן אין די משקים און המשך־אַנשטאַלטן אין די שטעט און מושבות. די דערפאַרונג האָט באַוויזן, אַז דער אַביטוריענט פון דער גרונט־שול (14 יאָר אַלט) איז סיי פיזיש און סיי גייסטיק ניט פעאיק צו אַ פולשטענדיקן אַרבעטס־לעבן. די בילדונג, וואָס ווערט געגעבן אין דעם דאָזיקן דערציערישן אַנשטאַלט, קלעקט ניט פאַרן שווערן לעבנס־קאַמף. אין דער גאַנצער וועלט ריידן די פּעדאַגאָגן וועגן הויבן דעם שול־צוואַנג ביז 16 יאָר. אונזערע משקים זיינען פרייוויליק דערגאַנגען צום זעלבן אויספיר, און האָבן מיט דער איניציאַטיוו פונם „מרכז לחינוך" באַשלאָסן צו נעמען אויף זיך דעם יאָך פון נאָך 4—3 צוגאַב־יאָרן פאַר דער בילדונג, אַנטוויקלונג און פאַרברייטערונג פונם גייסטיקן האָריזאָנט פון זייערע קינדער. די פּראָגראַם דערמעגלעכט דער יוגנט צו באַהערשן דעם לערן־מאַטעריאַל פון אַ מיטל־שול, און גלייכצייטיק צו דערפילן זייער פליכט לגבי די משקים. אַלע נעמען זיי מיט דער פולער אחריות אַנטייל אין די סעזאָן־אַרבעטן אין די משקים, און באַקומען אַ הכשרה אין די פאַרשיידענע צווייגן. אמת, ס'איז ניט לייכט צופּאַסן לערער, וואָס זאָלן קענען פאַראינטערעסירן די יוגנט מיט די פאַרשיידענע לימודים, און ס'איז דאָ אַ פּראָבלעם פון פּאַסיקע לערן־ביכלעך, לאַבאָראַטאָריעס, מכשירים א. דגל. אָבער טראָץ די אַלע שוועריקייטן קען מען שוין באַצייכנען באַדייטנדע דערגרייכונגען אויף דער שטופע.

אויך אין שטאָט און אין דער מושבה אַנטוויקלט און פאַרברייטערט זיך די המשך־דערציאונג. זי גייט אין דריי ריכטונגען:

א. די לאַנדווירטשאַפטלעכע ריכטונג. — די אַנשטאַלטן אין גבעת השלושה, משמר העמק, כפר הנוער בן שמן און די הסתדרות'ישע קלאַסן אין מקוה־ישראל. אין די דאָזיקע אַנשטאַלטן ווערט אין ליכט פון

דער באוועגונג געגעבן א לאנדווירטשאפטלעכע הכשרה אויפן גרונט פון יידישער און אלגעמיינער בילדונג. מע דארף באצייכענען, אז די שטרעבונג צום לאנדווירטשאפטלעכן לעבן איז צווישן דער שטאָטישער יוגנט גאנץ שוואך, און דער „מרכז לחנוך" איז שטארק פארזאָרגט דערמיט. ער האלט פאר אן אלגעמיינע פליכט פון דער הסתדרות צו שטיצן דעם מין אנשטאלטן און מאכן די שילער גרויסע פינאנציעלע פארלייכטערונגען, כדי זיי זאָלן זיך קענען דערציען צו א דאָרפישן און לאנדווירטשאפטלעכן לעבן.

אין 1945 יאָר זיינען אונטער דער אויפזיכט פון „המרכז לחינוך" אריינגענומען געוואָרן אויך די משקי הפועלות און זיי זיינען פאקטיש געוואָרן המשך־אנשטאלטן פון דער אויבן־דערמאָנטער ריכטונג.

ב. די טעכנישע ריכטונג. — די דאָזיקע ריכטונג געפינט איר אויסדרוק אין די שולן פון דער נעץ „עמל", פאר וועלכע עס איז פאראנטוואָרטלעך די אָפטיילונג פאר פאך־בילדונג ביים ועד הפועל פון דער הסתדרות.

ג. די ריכטונג פון אלגעמיינע בילדונג — לויטן מוסטער פון די מיטל־שולן אין לאנד און דעם ספעציעלן גייסט פון דער ארבעטס־באוועגונג. די אנשטאלטן זיינען אויסגעבויט געוואָרן לויט א שטארקער פאָדערונג פון די עלטערן צו שאפן הסתדרותישע אנשטאלטן פאר מיטעלער בילדונג. מיטעלע בתי־חינוך זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין ירושלים, תל־אביב, קרית חיים און גבעתיים, און ערשטע גימנאזיאלע קלאסן אין רחובות, פתח־תקוה, חולון, עפולה א. א. אמת, אין דעם פונקט פירט זיך נאָך א ויכוח. עס זיינען פאראן חברים, וואָס מיינען, אז די הסתדרות דארף זיך דערמיט ניט פארנעמען, זי דארף בלויז זאָרגן פאר פאך־בילדונג, פארטיפנדיק דערביי אויך די אלגעמיינע צוגאָב־לימודים. קעגן זיי טענה׳ען אנדערע: פון וואנען־זשע וועט די באוועגונג שעפן די נויטיקע אינטעלעקטועלע כוחות? צי וועט זי צווינגען קינדער און יוגנטלעכע, וואָס צייכענען זיך אויס אין די אלגעמיינע לימודים, זיי זאָלן וואנדערן איבער פרעמדע אנשטאלטן? דער ויכוח האָט זיך נאָך ניט געענדיקט. די ערשטע פרווון אין דער דאָזיקער ריכטונג ווייזן, אז עס איז באפרידיקט געוואָרן די פאָדערונג פון פיל עלטערן, דעריבער האָבן זיי א קיום־רעכט אין אונזער לאגער.

ד. די פערטע שיכט אין אונזער שול־אָרגאניזאציע — די צוגרייטונג פון לערער פאר אונזערע אנשטאלטן. אויף דעם געביט זיינען מיר שטארק הינטערשטעליק און ערשט אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר אָנגעהויבן א ממשות׳דיקע טעטיקייט.

די קיבוצישע באוועגונג האָט זיך די ערשטע געשטעלט צו רעאַלי־זירן דעם דאָזיקן געדאַנק און זי האָט אין יאָר 1939 געלייגט דעם יסוד פאַר א סעמינאַר, וואָס זאָל צוגרייטן לערער און קינדער־גערטנערינס. דער אַנשטאַלט האָט זיך אַנטוויקלט און ער האָט דערמעגלעכט 300 חברים צו דערגענצן זייער בילדונג און צוגרייטן זיך צו פּעדאַגאָגישע און דער־ציערישע אַרבעט אין די קיבוצישע שולן.

אין יאָר 1945 איז אין גבעת השלושה געלייגט געוואָרן דער גרונט פאַר אַן אַלגעמיינעם פּעדאַגאָגישן סעמינאַר פון דער הסתדרות. ער גרייט צו דערציער פאַר אַלע ריכטונגען פון דער התישבות און פאַר אַלע שיכטן פון דער דערציאונג. ער באַזירט זיך אויף געזעלשאַפטלעכע און דידאַקטישע פּרינציפּן, וואָס בילדן דעם אינהאַלט פון אונזער דערציאונג בכלל; ער דערמעגלעכט א ברייטע זעלבסטשטענדיקע אַרבעט ביים לערנען, ער גיט די לימודים פון פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק לויט זייערע נייעסטע שטרע־מונגען, ער פאַרטיפט זיך אין די מעטאָדישע און דידאַקטישע פּראָבלעמען פון דער קינדער־געזעלשאַפט, פאַרפליכטעט די שילער צו פיזישער אַרבעט און דערמעגלעכט זיי אויסצוקלייבן זיך לימודים, וואָס אַנטשפּרעכן זייערע נייגונגען און פעאיקייטן.

ב. קאַצענעלסאָן

## אונזער קולטור־אַרבעט

די אַרבעטער־באַוועגונג אַן־און־פאַר־זיך איז א גרויסע קולטורעלע דערשיינונג און א וויכטיקער קולטורעלער פאַקטאָר. די עצם טענדענץ „להרים מעפר אביון", אַרויסצופירן דעם אַרבעטער פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט, דער עצם רוף צום אויפשטאַנד, דער קאַמף קעגן א 14־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, קעגן א קעלער־לעבן — דאָס אַליין איז דאָך שוין א מעכ־טיקער קולטורעלער פאַקטאָר. דער רוף צום אַרבעטער, ער זאָל זיך אַליין באַפרייען, ער זאָל זיך אויף קיינעם ניט פאַרלאָזן, ער זאָל זיך פאַראיי־ניקן אין איין געזעלשאַפט — דער רוף האָט אויפגעוועקט כוחות פון גע־דאַנק און נשמה, האָט אויסגעגלייכט איינגעבויגענע רוקנס. און ווירקלעך, אין אירע ערשטע טעג האָט די אַרבעטער־באַוועגונג געדינט אַלס וויכטיקער פאַקטאָר אין דער גייסטיקער אויפלעבונג פון פאָלק. פון די טיפענישן פון קוילן־גרובן און פון די פינסטערנישן פון קעלערס זיינען אַרויס האָרע־

פּאַסנע מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין שול אין זייערע אויגן ניט אָנגעזען און ניט באַקומען קיין שום בילדונג, און זיי זיינען אונטער דער ווירקונג פונם סאָציאַליזם דערגאַנגען צו א טיפן גייסטיקן לעבן, זיי האָבן זוכה געווען צו לערנען זיך און אַנדערע, און האָבן געשענקט דער אַרבע־טער־באַוועגונג אירע בעסטע פּערזענלעכקייטן.

אָבער, בעת מיר קוקן זיך צו צו דעם, וואָס עס האָט געטראָפן די אַרבעטער־באַוועגונג אין די יאָרן פון איר רייפקייט, נאָכדעם ווי זי האָט אויפגעשטעלט א מעכטיקע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, ריזיקע פּאַרטייען, פיל צייטונגען, נאָכדעם ווי זי איז דערגאַנגען צו א מדרגה פון אַן אַנטשיי־דנדיקער פּאַרלאַמענטאַרער אָפּאָזיציע און אויך צום אָנטייל אין דער מאַכט, פרעגן מיר זיך אליין: ווי אַזוי האָט זיך עס אויסגעשעפּט דער גייסטיקער קוואַל, ווי אַזוי האָט זיך פאַרשמעלערט דער קולטורעלער האָריזאָנט?

ווער עס וועט גיין זוכן דעם ענטפער אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועט זיך ניט קענען באַנוגענען דערמיט, וואָס ער וועט פאָרשן איר פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע לאַגע, די געלונגענע אָדער דורכגעפאַלענע שטרייקן און וואַלן, איר לאַגע אין א צייט פון עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד און צייטן פון אַרבעטסלאָזיקייט. ער וועט מוזן נאָכשפּירן דאָס גייסטיקע לעבן, די אַנטוויקלונג פון אידעען, די אָנשטרענ־גונגען און דורכפאַלן אינם קולטור־לעבן. אפשר וועט דעמאָלסט קלאָר ווערן, אַז די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע דערגרייכונגען און ערֿאָבע־רונגען זיינען ניט שטענדיק געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דעם קולטורעלן און גייסטיקן פאָרשריט פון דער באַוועגונג. דוקא אין דער תקופה פון פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער פעסטקייט, זעען מיר אָפט א קולטור־פאַרפלאַכונג, א פאַרשטיינערונג פון געדאַנק, א פאַראָרעמקייט פון די גייס־טיקע כוחות פון דער דערציערישער טעטיקייט. און אפשר דאַרף מען דאָ זוכן א שליסל צו דער ברענעדיקער היסטאָרישער רעטעניש פון דער מפלה פון אונזער דור.

א באַוועגונג, וועלכע קומט ענדערן די אָרדנונג פון לעבן, פון גע־זעלשאַפט און ווירטשאַפט, א באַוועגונג, וואָס וויל מאַכן צו טרעגער פון א סאָציאַלער דעמאָקראַטיע די מאַסן, וועלכע קענען נאָך ניט איינהאַלטן ווי געהעריק א פּאָליטישע דעמאָקראַטיע, — אַזאַ באַוועגונג האָט ניט קיין שום האָפנונג צו דערגרייכן איר ציל, אויב זי וועט ניט זוכן און געפינען וועגן, ווי אַזוי אויפצוהייבן דעם גייסטיקן ניוואָ פון אירע חברים. פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע ערֿאָבערונגען אַליין וועלן איר ניט העלפן אינם שווערן טאָג פון נסיון. און אויב ס׳איז אוממעגלעך אויפצושטעלן א סאָציאַ־ליסטישע אָרדנונג אין דער וועלט מיט דער הילף פון דער היינטיקער קול־

טורעלער מדרגה פון די ארבעטער, — על אחת כמה וכמה, אז מען קען ניט אויפשטעלן אן ארבעטנדן יידישן פאָלק, וואָס זאָל זיין אויסגעלייזט פון גלות און בטלה־לעבן, אָן אויסערגעוויינלעכע גייסטיקע אָנשטרענגונגען.

עס שיינט, אז פון אָנהויב אָן האָט אונזער באוועגונג, מער ווי אנדערע ארבעטער־באוועגונגען, אָפגעשאַצט די וויכטיקייט פון קולטור־אָנשטרענגונגען, פונקט ווי זי האָט, אדאנק אונזערע גייסטיקע קרעפטן, אונזער קולטורעלער טראדיציע און אונזערע ספעציפישע לעבנס־באדינגונגען, פריער פון אנדערע פארשטאַנען דעם ווערט פוןווירטשאפטלעכן בוי, פון קאָאָפעראציע און קעגנזייטיקער הילף אלס אָרגאנישע אויפגאבן און אנטשיידנדיקע גורמים אינם גורל פונם ארבעטער.

עס שיינט, אז מיר קענען אין אונזער עבר אָנצייכענען באדייטנדע קולטור־דערגרייכונגען. כ'וועל דערמאָנען בלויז איין ביישפיל: אונזער חלק אין דער ווידעראויפלעבונג פון דער העברעישער שפראך און איר פאַרשפרייטונג צווישן די מאסן. אָבער אויפן קולטור־פעלד האָט אונז פאסירט דאָס, וואָס עס האָט פאסירט אויפן פעלד פון הסתדרותישן לעבן. די שפייז, וואָס מיר האָבן מיטגענומען אין אָנהויב פון וועג, קלעקט אונז היינט ניט מער. און אפשר דראָט אונז די געפאַר פון די גיבעונים: „דאָס ברויט איז געוועזן הייס, ווען מיר האָבן עס מיטגענומען פונדערהיים אינם טאָג, ווען מיר זיינען ארויס צו גיין צו אייך, און איצט איז עס אלט און פארשימלט. און די וויין־לאגערן, ווען מיר האָבן זיי אָנגעפילט, זיינען נייע געווען — און איצט זיינען זיי געפלאַצט".

כדי מיר זאָלן ניט זיין א קליינע סעקטע, וואָס לעבט ערגעץ אין א ווינקעלע פונם פאָלקס־לעבן, נאָר א קלאס, וועלכער גייט בראש פון פאָלק, כדי אים אריבערצופירן צו א לעבן פון ארבעט און פרייהייט, פון א געזונטער ווירטשאפט און קולטור — מוזן מיר אנטפלעקן אלע אונזערע פארבאָרגענע אוצרות. מיר נויטיקן זיך אין אוצרות פון ווילן, בילדונג און פרייעם געדאנק.

דער ענין איז ביי אונז קאָמפליצירטער ווי ביי אנדערע. ווען דו נעמסט אן ענגלישן ארבעטער, ווייסטו, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר, דו ווייסט, וואָס איז זיין געוואוינלעכע בילדונג. אלע האבן זיי געלערנט אין דער זעלבער פאָלקס־שול, ריידן די זעלבע שפראך, זייער גרעסטער טייל לייענט דעם זעלבן מין צייטונג, באזוכט דעם זעלבן קינאָ. אנדערש איז עס ביי אונז. עס זיינען דאָ גייסטיקע באדערפענישן ביי א חבר, וואָס לעבט שוין פיל יאָרן אין דער באוועגונג און איז טעטיק אין משק. און ס'איז דאָ א נייער עולה, דאָס רוב אָן דער שפראך, טיילווייז אָן בילדונג. און די

שטופן פון בילדונג —, ווי פארשיידן זיי זיינען! עס טרעפט, אז די בילדונג איז א ברייטע און די דערפארונג אין ארבעט — א נישטיקע. און ס'איז דאָ א קינד, וואָס וואקסט אין לאנד, איינגעוואָרצלט אין משק און ארבעט, און ער איז ווייט פון דער גייסטיקער וועלט פון זיין חבר, וועלכער האָט זיך דערצויגן אין חוץ־לארץ. און עס זיינען דאָ קולטורן פון שפראכן אין לענדער און פון פארשיידענע געזעלשאפטלעכע שיכטן.

אין אונזער קולטור־טעטיקייט קענען מיר זיך ניט באגרענעצן מיט דער זאָרג פאר דעם, וואָס קען ניט עברית, אָדער פאר דעם, וואָס האָט קיין בילדונג ניט. אויב מיר ווילן, אז אונזער באוועגונג זאָל לעבן איר זעלבסט־שטענדיקן לעבן און זאָל דערציען אירע חברים אזוי, זיי זאָלן קוקן אויף דער וועלט מיט זייערע אייגענע אויגן, — קען זי זיך ניט באנוגענען דערמיט, אז זיי זאָלן שעפן זייער סאציאליסטישע בילדונג פון אן אויס־לענדישער צייטונג, און זייער יידישע און ציוניסטישע בילדונג זאָלן זיי באַקומען אין א העברעישן זשורנאל, וואָס לעבט ניט מיט די פראגן און דערפארונגען פון דער חלוצישער באוועגונג.

גלייכצייטיק האַלט איך ניט, אז אונזער קולטור־טעטיקייט דארף זיך איינשליסן אין יענער שמאָלער ראַם, וואָס הייסט „פראַלעטקולט". פונקט ווי מען קען דאָס קולטור־לעבן ניט אָפרייסן פונם לעבן פון קלאַס, אזוי קען מען דעם קלאַס ניט ארויסרייסן פונם פולן אומפאנג פון דעם קולטור־לעבן אין אונזער צייט. יענע אויפפאסונג, וועלכע שאַצט אָפּ א בוך, צי א ליד בלויז לויט דעם, וואָס פאַר א טעאָרעטיש אויספיר קען מען זיך פון זיי אָפלערנען, איז גאָר ניט נײַ. זי פירט אונז צוריק אריין אין די צייטן פון די רבנים און זייער באציאונג צו „וועלטלעכע" ביכער, וועלכע מען קען לייענען נאָר „אין אזא שעה, וואָס איז ניט טאָג און ניט נאכט". אָבער אויך אין דער רבנים־וועלט איז אויפגעשטאנען דער ווילנער גאון און זיך קעגנגעשטעלט דער דאָזיקער אויפפאסונג. ער האָט געשריבן צו זיין תלמיד, אז אויב עס וועט אים פעלן איין מאָס אין די וויסנשאפטן, וועלן אים פעלן צען מאָס אין דער תורה. די זעלבע ווערטער דארפן געזאָגט ווערן אויך אין דער ארבעטער־באוועגונג: אויך דאָ וועלן פעלן „צען מאָס". דאָ מוז מען קעמפן פאר עפענען „ריינע פענסטערלעך".

„דער וועג פון גייסט" — זיינע חשבונות זיינען ניט אזוי פשוט. מיר ווייסן ניט, צי דווקא די פראָגראמאטישע בראָשור — און נאָר זי אליין פירט דעם ארבעטער צו דער סאָציאלער רעוואָלוציע. ס'איז ניט לייכט פעסטצושטעלן, ווער עס האָט שטארקער צעבונטעוועט דעם רוס, — צי די אָפיציעלע רעוואָלוציאָנערע אויפרופן, אָדער אזא קינסטלער און פילאָזאָף, ווי טאָלסטאָי, וועלכער איז געשטאנען „פון דרויסן", געווען קעגן סאָציא־

ליזם און זיך באַציִגן מיט קריטיק סײַ צו דער אַלטער ווירקלעכקייט און סײַ צו די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען.

און אויך אין אונזער ליטעראַטור. אויף ביאַליקן ליגט ניט קיין שטעמפּל פון דער אַרבעטס־ליטעראַטור. אָבער אויב עס וועט קומען דער היסטאָריקער צו פאַרשן די געשיכטע פון אונזער באַוועגונג, וועט ער ניט קענען אויסמײַדן דאָס ליד „בשדה", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט פערציק יאָר צוריק, און האָט אין אונז פאַרפלאַנצט פיל מער, ווי יעדע פּראָגראַמאַטישע אַגיטאַציע. און אַזוי אויך זײַן אַרטיקל „הלכה ואגדה", וועלכער שטייט, דוכט זיך, אויסער די אָנגענומענע טעאָרעטישע ווערק אין דער אַרבעטס־באַוועגונג; און פונדעסטוועגן, ווער האָט אונז בעסער דערקלערט דעם גײַסטיקן וועג פון אונזער באַוועגונג, ווי ער, ווען ער האָט געזאָגט: „אַ שטרעבונג אין האַרצן, אַ גוטער ווילן, אַ גײַסטיקע אויפֿוואַכונג און אינערלעכע ליבשאַפט — די אַלע זאַכן זײַנען שיין און גוצלעך, ווען זיי ענדיקן זיך מיט אַ טאַט, שטאַרק ווי אײַזן, מיט אַן אומברחמנות־דיקער פליכט. קומט און גיט אונז געבאָטן! זאָלן אונז געגעבן ווערן פאָרמען אויסצוגיסן אונזער ווײַכן, פליסנדן ווילן אין פעסטע שטאַנדהאַפטע קער־פערס". ביאַליקס נאָמען ווערט ניט אַרײַנגערעכנט צווישן די סאָציאַליס־טישע דיכטער, אָבער די אַממערסטן רעוואָלוציאָנערע געשטאַלט פון אַ ייִדי־שער אָרעמער פרוי, וואָס רודערט אונז אויף אַמשטאַרקסטן, האָט געגעבן ביאַליק אין זײַן לעצטן שיר: „אלמנות".

איך האָב געזאָגט: ביאַליק. כ'האָב געקענט זאָגן: תנ"ך, אגדה, אַלטע און נײַע ליטעראַטור, וועלט־ליטעראַטור און וועלט־געשעענישן, וועלכע גייען ניט אַרײַן אין דער „אָנגענומענער" ליניע.

און איצט, — עפּעס וועגן די מיטלען און פאָרמען פון דער קולטור־טעטיקייט. פאַראײַנצלטע קולטור־אויפטוען קלעקן ניט. מען קען ניט פירן קיין קולטור־טעטיקייט אָן אַ באַשטימטן אָרט פאַר באַגעגענישן, אַ נעסט פאַר קולטור־איניציאַטיוו. אין בעסטן פאַל האָבן מיר לייען־זאַלן. עס איז זייער אַ וויכטיקער ענין, און אויך דאָס האָבן מיר ניט אומעטום, אָבער מיר האָבן נאָך ניט קיין אַרבעטער־קלוב אין פולן זין פון וואָרט. מיר האָבן ניט קיין לאָקאַל, וואו עס זאָלן קומען צום אויסדרוק אונזערע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. מיר האָבן ניט קיין העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן אין דער באַוועגונג, אַנשטאַלטן פון אַ סעמינאַריעלן כאַראַקטער. מיר האָבן נאָך ניט געשאַפן דעם טיפּ פון אַ קולטורערער פייערונג.

כדי ווי געהעריק אויפצונעמען דעם נײַעם עולה, אַרײַנפירן אים אין ארץ־ישראל'דיקן לעבן אַרײַן און געבן אים די אַרבעטס־באַגריפן — איז ניטאָ קיין בעסערע מיטל ווי אויספלוגן. אויספלוגן ממש, אויב מעגלעך צו

פוס, אין אלע ווינקעלעך פון לאנד. דער פאבריק־ארבעטער דארף ארויסגיין אין דאָרף און זיך באהעפטן מיטן לאנד־ארבעטער. וויפל ווערטן פון דער באוועגונג עס קענען אין אזעלכע אויספלוגן געשענקט ווערן דעם נייעם חבר, אויב דאָס וועט געמאכט ווערן באטראכטערהייט!

(פון אַ רעפעראט אויף דעם פערטן הסתדרות־צוזאמענפאָר, 1934).

**א. לעווינסאָן**

# די קולטור פראבלעמען אין אונזער צייט

דאָס יידישע פאָלק האָט זיך נאָך קיינמאָל אזוי ניט געגוויטיקט אין אינטענסיווער קולטור־טעטיקייט, ווי אין אונזער צייט. ווייל אויסער אירע געוויינלעכע אויפגאבן האָט איצט אונזער קולטור־טעטיקייט א ספעציעלע אקטועלע אויפגאבע: צו קעמפן מיט אינערלעכער פארלאָרנקייט, אנטוי־שונג און יאוש, וואָס האָבן ארומגענומען יחידים און גרופן. די פארניכטונג פון א דריטל פונם יידנטום ביי א פארברעכערישן שטילשווייגן פון דער דעמאָקראטישער וועלט, די גרויזאמע לאגע פון אונזער שארית הפליטה אין דער באפרייטער אייראָפּע, דער צעבושעוועטער אימפעריאליזם פון די גרויסע מדינות, די פאָליטישע צביעות אונטער דער מאסקע פון שלום, ברידערלעכקייט און באפרייאונג פון דער וועלט, דער פארראט פון אַן ארבעטער־רעגירונג, — דאָס אלץ ברענגט פאַרשיידענע קרייזן צו פארלירן דעם גלויבן אין מענטש און מענטשלעכקייט. ווייל דער מענטשלעכער אינסטינקט איז פון גרונט פרימיטיו און שלעכט, אָבער קאָנסעקווענט. אויב ער געפינט ניט קיין בארעכטיקונג פאר די געפריידיקטע אידעאלן אין לעבן, באפרייט ער זיך פון זיי, לאָזנדיק זיך אויפן וועג פון אפיקורסות און יאוש. דער יאוש אנטפלעקט זיך אין פארשיידענע געשטאלטן. ס׳איז דאָ אַן אינדיווידועלער, באשיינדענער, פארבאָרגענער יאוש, וועלכער דריקט זיך אויס אין מידקייט און גלייכגילטיקייט צו געזעלשאפטלעכע ענינים און פארשליסן זיך אין זיך אליין. און ס׳אז דאָ אַן אַגרעסיווער פאַנאַטישער יאוש, וואָס קלייבט ניט איבער אין מיטלען, נאָר ברעכט און שטעכט, א יאוש, וואָס שאפט גאָרניט.

אין אָנבליק פון דער דאָזיקער געפאר, וואָס דראָט אונזער דור, אין אָנבליק פון דער געוואלדיקער פארלאָרנקייט, וועלכע האט ארומגעכאפט

זיין נשמה, האָט אונזער קולטור־טעטיקייט איין עיקר־ציל: *שטאַרקן דעם גלויבן*. שטאַרקן דעם גלויבן אין מענטש און מענטשלעכקייט, אין אונזער פאָלק, אין ציוניזם, אין סאָציאַליזם, אין אַלע ראַציאָנעלע און איראַציאָנעלע ווערטן פון אונזער קולטור.

מען דאַרף רעוויִדירן די פּראָגראַם פון אונזער קולטור־טעטיקייט, וועלכע באַנוגנט זיך דער עיקר מיט בילדונג. געוויס האָט בילדונג אַ גרויסן דערציִערישן ווערט. דעם ערשטן אָרט אין אונזער קולטור־פּלאַן פאַרנעמט דער קאַמף מיט עם־הארצות, און דעריבער איז אונזער הויפּט־טעטיקייט: אַ רעפעראַט, אַ קרייזל, אַ סעמינאַר, בילדונג פאַר דערוואַקסענע, אוניווערסיטעט־קורסן. מיר ווילן ניט רוען, כל זמן ס'וועט זיין אין אונזער מחנה איין עם־הארץ. אָבער לאָמיר ניט איבערטרייבן די באַדייטונג פון בילדונג. די השכלה־באַוועגונג אין מזרח און מערב־אייראָפּע האָט געהאַט אַ פּאָזיטיוון אידעאַל: צעברעכן די מויערן פון געטאָ דורך אָנקניפּן געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע באַציִונגען מיט דער אויפגעקלערטער וועלט. הגם די השכלה־באַוועגונג האָט זיך באַזירט אויף דער העברעישער שפּראַך און אונזער היסטאָרישער ראָמאַנטיק, האָט זי איר ציל ניט דערגרייכט. פאַרקערט, צוזאַמען מיט דער עמאַנציפּאַציע איז זי געוואָרן אַ מקור פון אַסימילאַציע. אונטער דער ווירקונג פון עמאַנציפּאַציע און די פרעמדע קולטורן האָט דאָס מערב־ייִדנטום פאַרלאָרן זיין אינהאַלט; אונטער דער ווירקונג פון דער רוסישער שפּראַך און קולטור האָט דאָס רוסישע ייִדנטום פאַרלאָרן זיין גלאַנץ. ניט אומזיסט האָט דער השכלה־דיכטער י. ל. גאָרדאָן אָנגעשריבן זיין טרויעריק ליד: „למי אני עמל״? („פאַר וועמען האָרעווע איך?״). ווען די באַוועגונג פון „חיבת ציון״ וואָלט ניט געקומען צו הילף דער השכלה, וואָלט י. ל. גאָרדאָן געווען דער לעצטער העברעישער דיכטער, און זיין גאַנצע אַרבעט וואָלט געווען אומזיסט. געוויס קען מען ניט פאַרגלייכן די *השכלה־באַוועגונג* אין גלות מיט דער *אויפקלערונג* פון *אונזער באַוועגונג* אינם פּאָטערלאַנד. אָבער מען דאַרף ניט מיינען, אַז בילדונג אַן און פאַר זיך, און אפילו אין פּאָטערלאַנד, איז אַ גענוגנדער מיטל צו *דערוועקן נאַציאָנאַלע געפילן*. פאַרקערט, יעדער אָביעקטיווער מענטש וועט מודה זיין, אַז אין לאַנד זיינען פאַראַן דערשיינונגען פון *אַסימילאַציע*. ס'איז דאָ ביי אונז לעוואַנטיניזם, ס'איז דאָ אַ אויפגעבלאָזענע אַנגלאָמאַניע. מיר קענען זיך ניט באַנוגענען *מיט בילדונג*, מיט אַנטוויקלען דעם אינטעלעקט, נאָר מיר נויטיקן זיך אין אַ *דערציאונג*. מיר מוזן אויך שטרעבן צו *דערציען דעם כאַראַקטער* פונם יחיד און פון כלל.

מיר נויטיקן זיך אין אַן אינסטינקטיוון נאַציאָנאַליזם, אַ נאַציאָנאַליזם

פון „אף על פי כן״, „טראָץ אלץ און אלעמען״, אזא, וואָס זאָל ניט אָפּטרעטן פאַר די קלעפּ פונם גורל. אזא נאַציאָנאַליזם פאָדערט ניט נאָר א קולטור פונם מוח, נאָר אויך א קולטור פונם האַרץ, די אומשטערבלעכע ווערטן פון דער יידישער געשיכטע, פון חסידיזם און משיחיזם, אונזערע עטישע ווערטן, אונזער פאָלקלאָר, אונזער קונסט און ליטעראַטור, דעם יידישן יום־טוב און לעבנס־שטייגער, אלע איראַציאָנאַלע יסודות פונם אינסטינקטיוון נאַציאָנאַליזם. צו די דאָזיקע ווערטן געהערט אויך די היסטאָרישע טראַדיציע. די קולטור פון אלע פעלקער, אלס סומע פון די ווערטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, איצטיקייט און צוקונפט — איז א באַוואוסטע גרויס. וואָס מער עס זיינען פאַרנעפּלט די איצטיקייט און צוקונפט, אלץ שטאַרקער לויכט די פאַרגאַנגענהייט. שטאַרקע פעלקער ר י י ד ן נ י ט פיל פון דער פאַרגאַנגענהייט, זיי פאַרקווירקלעכן אירע באַפעלן אין דער איצטיקייט. שטאַרקע פעלקער, וועלכע געפינען זיך אין א צייטוויילעקן קריזיס, ווי למשל די רוסן אין אָנהויב קריג, האָבן אַרויסגעשלעפּט פון זייער פאַרגאַנגענהייט אלקסנדער ניעווסקין און קוטוזאָוון. שוואַכע פעלקער, וואָס זייער צוקונפט איז פאַרנעפּלט, מוזן זיך ווענדן צו דער פאַרגאַנגענהייט, צום היסטאָרישן ראָמאַנטיזם.

ביי אונז הערשט אין געוויסע קרייזן די פאַלשע מיינונג, אז היסטאָרישער ראָמאַנטיזם איז א רעאַקציאָנעלער איראַציאָנעלער כוח, וועלכער פאַרטעמפּט אביסל דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין. מיר דאַרפן דעריבער איין מאָל פאַר אלע מאָל דערקלערן: ס׳איז ניטאָ קיין קולטור אָן דער פראַכט פון פאַרגאַנגענהייט. געשיכטלעכע טראַדיציע איז ניט סתם באַרימעריי מיט לאַנג־יאָריקייט, נאָר זי גיט אונז דאָס געפיל, אז אונזער קיום איז באַרעכטיקט, אז מיר האָבן באַזיגט די צייט, וועלכע האָט פאַרניכטעט אלע אמאָליקע פעלקער, זי אונטערשטרייכט אונזער נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט און פאַרהאַלט די צענטריפוגאַלע כוחות, וואָס ווירקן אין אונז. די איינציקע נחמה אין אונזער היינטיקן אומגליק איז אונזער נצחון איבער ד ע ר צ י י ט. די צייט איז א וויכטיקער יסוד אין אונזער קולטור — וואָס עלטער זי ווערט אלץ שטאַרקער ווערט זי. אמת, מיר שטרעבן ניט צו א קולטור סתם, נאָר צו א באַנייטער, פּראָגרעסיווער, סאָציאַליסטישער קולטור.

אבער עס איז דאָ א גרענעץ אויך צום באַנייען די קולטור און זי הייסט: ד ע ה י ס ט א ר י ז א צ י ע פ ו ן ד ע ר ק ו ל ט ו ר. אט, למשל, פאַרנעמען מיר זיך מיט שאַפן א לעבנס־שטייגער, מיט געבן א פאָרם אונזערע יום־טובים. אבער וואָס איז אייגנטלעך די לאָגיק און די נוצבאַרקייט, וועלכע שטעקן אינעם לעבנס־שטייגער און אין די עטנישע מנהגים? א לעבנס־שטייגער איז ניט קיין לאָגיק, ניט קיין קולטורעלע

פראגראם, ווי אנדערע מיינען, נאר קודם־כל צייט, היסטארישע טראדיציע. קיין שום קולטורעלע פראגראם, קיין ווייסער טישטוך און קיין שום סעודה וועלן אונז ניט געבן דעם שבת, די ספעציעלע שבת׳דיקע שטימונג, די „נשמה יתרה״, אויב דער טאג וועט זיין אן א ר ב ע ט ס ־ ט א ג אין משק, ווייל דאָס באטייט א פולשטענדיקע דעהיסטאָריזאציע פון שבת. אויב ס׳איז ניטא די היסטארישע שבת־רו, קען מען דערקלערן שבת יעדן אנדער טאג פון וואָך. און צוליב דעם טאקע איז אונז מער אדער ווייניקער געלונגען צו געבן א פאָרם דעם יום־טוב פון פסח, און עס איז אונז ניט געלונגען צו אנטאן א פארם די אנדערע יום־טובים, וואו מיר האבן ניט געפונען קיין היסטארישן אָנהאלטס־פונקט. צוליב דער זעלבער סיבה שטייען מיר הילפלאז בנוגע די הסתדרותישע יום־טובים, ווייל אונזער באוועגונג און די ארבעטער־באוועגונג אין דער גאנצער וועלט זיינען פארהעלטניסמעסיק צו יונג אויף צו האָבן א היסטאָרישע טראדיציע. צווישן דער דאזיקער טראדיציע און צווישן דעם פראגרעס איז ניטא קיין שום סתירה, מיר באגרינדן די פראגרעסיווע אידעען אויפן עבר.

אונזער קולטור איז א פראגרעסיווע און גלייכצייטיק באגרינדעט אויף דער טראדיציע. זי איז א סינטעטישע קולטור, ווייל ציוניזם און סאציאליזם זיינען אין איר ארגאניש פארבונדן. זי איז א פאלקס־קולטור, א מאסן־קולטור, וואָס וואקסט ארויס פון אונזער שאפונג.

מיר דארפן טיף אויפאַקערן אונזער קולטור־פעלד, ווייל אונזער קולטור האָט ניט קיין טיפע וואָרצלען, די א ו י ב ע ר פ ל ע כ ל ע כ ק י י ט פרעסט אונז אויף. מיר האבן א סך עברית־קענער און א סך עברית־ריידנדע, אבער צי זיינען פילע פון אונזערע חברים אינערלעך פארבונדן מיט דעם העברעאישן בוך, מיט דער העברעאישער פאָעזיע און וויסנשאפט? מיר באקלאָגן זיך אָפט און מיט רעכט אויף אונזער ליטעראטור און אונזערע שרייבער, וואס שטייען אָן א זייט פונם לעבן, אבער צי איז אונזער באציאונג צו דער העברעישער ליטעראטור אן ערנסטע?

מיר נויטיקן זיך אין א פאָזיטיווער און אָפטימיסטישער קולטור. אָפט, ווען מיר הערן זיך צו צו די ארגומענטן פון די אָפטימיסטן, ווערן מיר שטארק פעסימיסטיש. איך געהער ניט צו יענע „קאזיאָנע״ אָפטימיסטן, וועלכע זאָגן: „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין!״ די מויער פונם יידנטום איז איצט באלאגערט אין דער גאנצער וועלט. מיר מוזן היטן און פארטיידיקן די דאזיקע מויער אין אלע אומשטענדן. יידישקייט איז ניט קיין גליק און ניט קיין אומגליק. זי איז א גורל, און צום באוואוסטזיין פון דעם גורל מוזן מיר דערציען זיך אליין, די יוגנט, די מאסן. מיר מוזן דערציען דעם דור צו טראָגן מיט כבוד און שטאלץ דעם דאזיקן שווערן

און ביטערן גורל. מיר מוזן דערציען דעם כלל צו גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות. מיר מוזן זיך לערנען צו שעצן די עמאנציפאציע, אבער זיין מיט איר פֿאַרזיכטיק און קאנצענטרירן אלע אונזערע גייסטיקע כוחות אין אויטאָ־עמאנציפאציע. עס האבן נאך קיינמאל אזוי שטארק ניט געקלונגען די ווערטער פון אונזערע אוראלטע דענקער, וואָס אין דער הקדמה צו פינסקערס ווערק: „אם אין אני לי — מי לי, ואם לא עכשיו — אימתי?״.

(פון א רעפעראט אויפן צוזאמענפאר פון די קולטור־טוער, 1945)

יעקב עמית

# אונזער קולטור־שליחות

## אונזער אחריות

אונטערגאנג און שוואונג אין דער קולטור קומען אין צוזאמענהאנג מיט אלגעמיינע, סאָציאלע און פּאָליטישע געשעענישן אין דער מענטש־לעכער געזעלשאפט. און אויך איצט, נאך דער מלחמה, לעבן מיר דורך א קריזיס, א תקופה צווישן איין ארדנונג און דער צווייטער.

די וועלט שטייט א צעטומלטע, אויף א שייד־וועג, און ס׳איז א צווייפל, צי וועלן זיך אויך איצט, נאכן קריג, צעבליען די ליטעראטור, קונסט און וויסנשאפטן, אזוי ווי דאס האט פאסירט נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין די מלחמה־יאָרן זיינען פארניכטעט געווארן ריזיקע קולטור־אוצרות אין דער גאנצער וועלט און אין דער יידישער בפרט. מיט דער פארניכטונג פונם אייראָפּעישן יידנטום און זיינע צענטערן איז אונטער־געגאנגען א קולטור פון דורות ניט נאר אין יידיש, נאר אויך אין עברית. עס זיינען פארשטאָפּט געווארן די יידיש־פּאלקסטימלעכע און העברעיש־חלוצישע קולטורעלע מקורות, פון וועלכע מיר האבן געשעפּט. און מיר אין ארץ־ישראל זיינען געבליבן דער הויפּט־טרעגער און אפשר דער איינציקער טרעגער פון דער העברעישער קולטורעלער שאפונג.

ווען מיר קומען באטראכטן די קולטור־פראגן, מוזן מיר באדענקען, אז די יידישע צענטערן, וואס זיינען אונז געבליבן אין גלות, זיינען שוין כמעט ניט פעאיק צו א זעלבסטשטענדיקער קולטורעלער שאפונג, ווייל זייער פּראָצענט לגבי די אנדערע איינוואוינער איז שרעקלעך געפאלן;

אנשטאט 10% אין פוילן און 8% אין ליטע, דערגרייכן זיי איצט ניט אפילו צו 1%. אויך דער גרעסטער יידישער צענטער אין אמעריקע, וואס ציילט ארום 5 מיליאָן, באטרעפט ניט מער ווי 3 פראָצענט פון דער אמעריקאנער באפעלקערונג. און ווייל די יידן זיינען אזא נישטיקע מינ־דערהייט, און ווייל זיי זיינען צעזייט און צעשפרייט צווישן די פרעמדע, קענען זיי ניט דערגיין צו אן אייגענער, קולטורעלער שאפונג, ניט אין דער ליטעראטור, ניט אין דער דערציאונג.

אונזער קולטורעלע אחריות איז אלזא פילפאכיק געוואקסן. מיר זיינען דא זעקס הונדערט טויזנט יידן, אבער מיר מוזן לעבן און שאפן פאר מיליאָנען. און מען מוז וויסן, אז די זעלבסטשטענדיקע קולטורעלע עקזיסטענץ פון די קליינע פעלקער וועט איצט זיין שווערער, ווי ווען עס איז, ווייל מיר לעבן אין א צייט פון הערשאפט פון די „גרויסע" ניט נאר אין דער פּאָליטיק. עס וועט איצט ארומגיין אומגעשטערט אין דער וועלט די ענגלישע קולטור און איר רייכע צוציענדע שפראך. און פון דער אנדער זייט — די מעכטיקע רוסישע קולטור, וואס ווערט געטראגן פון מיליאָנען. צווישן די קאָלאָסאלע השפעות פון פרעמדע קולטורן וועלן מיר מוזן גיין אונזער וועג. און צוליב דער גרויסער קולטורעלער אחריות און דעם קולטורעלן געראנגל, וועלכן מיר מוזן פירן, איז וויכ־טיקער ווי שטענדיק דער וועג פון יעדן פרוכטבארן, שאפנדן קולטורעלן כוח.

### דער צייכן פון קולטור

אין דער ארבעטער־באוועגונג האט מען לאנג דיסקוטירט אויף דער טעמע, וואס איז די קולטור, וועלכע איז נויטיק דעם ארבעטער: א פּראָ־לעטארישע קולטור, אדער אן אלגעמיינע. מיר דוכט זיך, אז דער ויכוח האט זיך שוין געענדיקט. און ס'איז אינטערעסאנט, אז נאך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאנד, האבן אייניקע פון אירע גרעסטע פירער דער־קלערט קאמף דעם באגריף פון „פּראָלעטקולט", ווייל אין דעם אויבנ־דערמאנטן וויכוח זיינען פארביטן געוואָרן באגריפן: דער באגריף פון קולטור און דער באגריף פון פאליטישער אגיטאציע און א בראָשור, וועלכע איז גוט צום מאָמענט, אבער זי איז ניט קיין שטאנדהאפטע קול־טורעלע שאפונג.

דער סאציאליסטישער ארבעטער האלט זיך פארן געזעצלעכן יורש פון אלע קולטור־אוצרות פונם פאָלק. ער מיינט, אז ער איז פעאיק און באשטימט צו פארוואנדלען די דאזיקע אוצרות אין אמתע נאציאָנאלע קולטור־אוצרות.

וואס איז דער צייכן פון אמתער קולטור, פון אייביקער קולטור

און ליטעראַטור? ס'איז דאָ איין סימן, וואָס גיט איר אַן אייביקן קיום: הומאַניזם, די ליבשאַפט צום מענטש, קאַמף פאַר פרייהייט פונם מענטש, דאָס באַוואוסטזיין פונם ווערט פון מענטשלעכן לעבן. דעם דאָזיקן הומאַ־ניזם קען מען געפינען אין דער קולטורעלער שאַפונג פון אַלע דורות. יעדער דור האָט זיין הומאַניזם. דאָס — איז דער סימן, לויט וועלכן די קולטור פאַרטיילט זיך אויף ריין גאָלד און אָפּפאַל. — און דער אַרבעטער, וואָס פאַרווירקלעכט דעם סאָציאַליזם, האַלט זיך פאַרן אמתן יורש פון דעם ריינעם גאָלד פון קולטור.

אָבער דער אַרבעטער קען דעם קולטור־אוצר ניט אָננעמען, אַזוי ווי ער איז. ער מוז אים געהעריק אויספּרווון און לייטערן. אַזאַ לייטערונג פון מקורות — ברענגט אַ סך ברכה, ווייל אויפן גרונט פון דעם עבר וואַקסן אַרויס נייע יונגע שפּראָצונגען.

## פאָרם און אינהאַלט

פאַרן ישוב בכלל און פאַרן אַרבעטער־כּלל בפרט שטייען גרויסע קולטור־פּראָבלעמען. דאָס זיינען די פּראָבלעמען פון אונזער לעבנס־שטייגער, פון אונזער שבת און יום־טוב. די הויפּט־פראַגע איז: ווי אַזוי אויס־צופורעמען די יידישע וועלטלעכע קולטור, וואָס זאָל ציען יניקה פון די אַמאָליקע מקורות און גלייכצייטיק זאָל זי ניט פאַרלירן איר אייגענעם, אָריגינעלן באַפרייערישן ווילן.

אמת, מיר זוכן וועגן. עס טרעפט אָבער, אַז די וואָס זוכן פאַרלירן דאָס געדולד, און מען קערט זיך אום, אָן קיין שום קריטיק, צום אַלטן. דאָס איז אַ קורצער, פּשוטער וועג, אָבער אָן אַן אינערלעכן, פולן אמת. אויף די, וואָס גייען דעם דאָזיקן וועג, וועט ניט רוען די שכינה.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט דערמאָנען זיך מיר ביאַליקס ווערטער אין זיין „הלכה ואגדה": „יעדע לעבנס־פאָרם, כּל זמן זי ווערט געשאַפן — דינט זי אַלס אינהאַלט פאַרן גייסט פון איר שעפער; מיטן מאָמענט, וואָס זי ווערט פאַרטיק און גייט אַרויס אין רשות הרבים פאַרן אַלגעמיינעם געברויך — ווערט זי תיכף ומיד אַ כּלי, וואָס פאַרמאָגט אַליין גאָרניט אייגנס, אָבער יעדער מענטש געפינט אין איר דאָס, וואָס ער לייגט אין איר אַריין צו יעדער צייט, ווען ער באַנוצט זי. אַלץ באַקומט זי פונם מענטש און זיין גייסט. לייגט ער אַריין גאָלד — געפינט ער גאָלד; לייגט ער אַריין זאַמד — איז זאַמד. האָט ער ניט וואָס אַריינצולייגן — קען ער די כּלי לאָזן פּוסט, ביז זי וועט פאַראָסט ווערן, אָבער זאָל אַזאַ מענטש ניט זאָגן: די כּלי איז צעבראָכן, וואַרפט זי אַרויס, נאָר זאָל ער זאָגן: —איך בין אָרעם!".

פיל לעבנס־פאָרמען, וועלכע זיינען אַ מאָל פול געווען מיטן גייסט

פון זייערע שעפער, האָבן זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין רעאַקציאָנערע. אָבער מיר קענען זיי אָנפילן מיט אַ נייעם אינהאַלט, „אַריינלייגן אין זיי גאָלד..." און עס שטייט פאַר אונז די פראַגע: צי וועלן מיר קענען אָנפילן די פאָרמען פון עבר מיט אַ נייעם אינהאַלט, וואָס ציט זיין חיות פון אונזער נייער ווירקלעכקייט, אָדער עס וועט אונז דערעסן ווערן און מיר וועלן זיך אומקערן צו זייער אַלטן אינהאַלט, וואָס איז שוין לאַנג פאַרעלטערט געוואָרן?

מיר האַלטן זיך פאַר די געזעצלעכע יורשים פון דער העברעישער קולטור־שאַפונג, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיטן גייסט פון הומאַניזם. מיר מוזן זי שטודירן און זוכן אין איר דאָס וואָרטפולסטע. דערווייל קענען מיר נאָך ניט מעלדן, אַז מיר האָבן עס שוין געפונען.

ווי געזאָגט, די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, דער יידישער דעמאָ־קראַטישער וועלטלעכער און פּראָגרעסיווער ישוב זיינען בכוח צו לייזן אונזערע קולטור־פראַגן. דער עיקר, מיר זאָלן ניט איבעררייסן אין מיטן וועג. די געפאַר, אַז די שווערע אַרבעט זאָל דערעסן, דראָט אויך דעם מענטש פון קיבוץ. וויפיל ער זאָל ניט זאָרגן און אויסבעסערן די אויסער־לעכע באַדינגונגען — זיי אַליין וועלן אָבער גאָרניט אויפטאָן. אמת, ניט אַלץ קומט פונעם מענטש און פון זיין גייסט, — אַ סך איז אָבער אָפּהענגיק פון אים און זיין ווילן. זאָל זשע אונזער קולטור־ווילן זיין קלאָר און געריכטעט צו אַ באַשטימטן ציל, און זאָל ער זיך ניט לאָזן אַראָפּפירן פון וועג דורך יעדן צופעליקן ווינט.

(פון אַ רעפעראַט, 1945)

א. אפרת

## דער אַרבעטער און די שפּראַך

### א.

די פאַרשפּרייטונג פון דער העברעישער שפּראַך צווישן די מאַסן איז איינע פון די ערשטע קולטור־אויפטוען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל, נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער הסתדרות. שוין אין די צייטן פון דער צווייטער עליה, האָט די באַוועגונג אָנגעהויבן איר טעטיקייט פון פאַרשפּרייטן העברעיש צווישן די אַרבעטער־מאַסן. די דאָזיקע טעטיקייט אָבער האָט אָנגענומען אַ ברייטערן פאַרנעם ערשט מיט דער גרינדונג

פון דער הסתדרות, אין 1920־טן יאָר. דאָס פאַרשפּרייטן עבֿרית איז דע־מאָלסט פעסטגעשטעלט געוואָרן אַלס איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון דער הסתדרות. צו דעם צוועק איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאַרצווייגטע נעץ פון אָוונט־קורסן אונטער דער לייטונג פון דער ועדת התרבות (קולטור־קאָמיסיע). די אָוונט־קורסן האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס און אַרומגענומען דאָס רובֿ אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אינם לערנען עבֿרית. מענטשן האָבן ביי טאָג געאַרבעט אויפן פעלד, אין וואַר־שטאַט אָדער אויפן כּביש, און אין אָוונט האָבן זיי געלערנט די שפּראַך און די פּראָבלעמען פון ארץ ישׂראל און דער אַרבעטער־באַוועגונג. קלאָר אַז די אַרבעט איז אַזוי לייכט ניט געגאַנגען, ווייל די חלוצים זיינען געווען מיד נאָכן שווערן אַרבעטס־טאָג, עס האָבן געפעלט פּאַסיקע ביכער א. ענל. אָבער דער חלוצישער גייסט פון די אַרבעטער האָט זיי געהאָלפן צו גובר זיין די דאָזיקע שטערונגען. די ועדת התרבות האָט אַרויסגעגעבן צוויי העברעישע לערן־ביכער: „מסילה" און „ניב". דאָס זיינען געווען די ערשטע ביכער אין ארץ ישׂראל, וואָס זייער אינהאַלט האָט געהאַט אַ דאָפּלטן ציל: לערנען די שפּראַך און פאַרשפּרייטן די ווערטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער דאָזיקער פּרינציפּ, וועלכער באַשטייט אין פאַרשפּרייטן די אידעען פון דער באַוועגונג גלייכצייטיק מיטן לימוד פון דער שפּראַך, באַזירט זיך אויפן פּשוטן געדאַנק, אַז די שפּראַך איז ניט קיין נייטראַלער מכשיר, נאָר אַ רעדער, וואָס פירט אַריבער און דריקט אויס באַגריפן און אידעען. דעריבער איז אותּזער פליכט צו געבן אונזערע שילער אַזאַ לערנ־בוך, וואָס זאָל זיי לערנען עבֿרית אינם גייסט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, און מאַכן זיי פאַר באַוואוסטזיניקע יידישע אַרבעטער פון זייער אַרבעטנדן פאָטערלאַנד.

אין די אָוונט־קורסן פון דער הסתדרות האָבן צענדליקער טויזנטער חברים און חברות באַקומען זייער העברעישע אויסבילדונג. די הסתדרות איז געווען די גרעסטע און אַקטיוויסטע אינסטיטוציע אויפן געביט פון פאַרשפּרייטן עבֿרית אינם לאַנד. און דאָס מוזן מיר וויסן: מיטן וואוקס פון דער הסתדרות, וואַקסט אויך די צאָל פון אירע חברים, וועלכע קענען ניט די שפּראַך און אין דער זעלבער מאָס וואַקסט דער מוז זי צו דערלערנען.

ב

אין סוף 1943־טן יאָר איז ביים ועד הפּועל פון דער הסתדרות געעפנט געוואָרן אַ צענטראַלע אָפּטיילונג פאַר עבֿרית, כּדי צו קאָנצענ־טרירן די גאַנצע טעטיקייט פון פאַרשפּרייטן די שפּראַך אין דער הסתדרות.

די שפּראַכלעכע עם־הארצות אין דער הסתדרות האָט פאַרשיידענע פאָרמען: עס זיינען פאַראַן טויזנטער חברים, וואָס קענען לחלוטין ניט קיין עברית און אַנדערע, וועלכע קענען עטלעכע צענדליק העברעישע ווערטער, אָבער קענען ניט לייענען און שרייבן; פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס קענען ריידן און לייענען, אָבער זיינען ניט אימשטאַנד אָנצושרייבן אַ גוטן חיבור, און אויך אין דער אָרטאָגראַפיע זיינען זיי שוואַך. דער שפּראַך־לימוד פאָדערט אַלזאָ פיל אַרבעט, אַחריות, פלייס און עקשנות. ווייל ס׳ציען מוז טאָג־טעגלעך גובר זיין גרויסע שוועריקייטן: די שוועריקייט פון דער שפּראַך, די מידקייט נאָך אַן אַרבעטס־טאָג, דעם הייסן קלימאַט זומער.

אויף די פראַגע פון אַנטשפּרעכנדע לערער האָט פאַרשאַפט פיל זאָרג, ווייל אייגנטלעך אַנטשיידט דער לערער וועגן דעם גורל פון דער אַרבעט. אונזערער אַ לערער מוז זיין אַ געטרייער חבר פון דער באַוועגונג, כדי ער זאָל קענען דערפילן זיין דאָפּלטע פליכט — אַלס לערער פון דער שפּראַך און דערציער פון די שילער אינעם גייסט פון דער באַוועגונג. ס׳איז כדאי צו באַצייכענען, אַז מיר האָבן גלייך, אין אָנהויב פון אונזער טעטיקייט, געפונען איבער הונדערט לערער, וואָס דערפילן זייער אויפגאַבע מיט איבערגעבנקייט און דערפאָלג.

שוין פיר יאָר, ווי עס ווערט געפירט די אָרגאַניזירטע טעטיקייט פון פאַרשפּרייטן די שפּראַך, און איצט קען מען רעזיומירן אירע ערשטע פאָלגן. די צאָלן פון תלמידים וועלן אליין ריידן פאַר זיך: אינעם ערשטן יאָר פון דער אַרבעט, אין תש״ד, האָבן די קורסן געציילט דריי טויזנט שילער; אין יאָר תש״ה — פיר טויזנט; אין יאָר תש״ו — 4500.

די נעץ פון די עברית־קורסן נעמט אַרום צענדליקער פונקטן אין שטאָט און אין דאָרף. די שילער שטאַמען פון פאַרשיידענע „שבטים״, פון אַלטע איינוואוינער און נייע עולים. זייער עלטער איז אויך זייער פאַרשיידן, אָבער די מערהייט איז פונעם מיטעלן עלטער. די צאָל פרויען איז עטוואָס גרעסער, ווי די צאָל מענער. ס׳איז באַוואוסט, אַז די צאָל פרויען, וועלכע נויטיקן זיך אין עברית־לימוד — איז פיל גרעסער פון דער צאָל מענער, און ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז די פרוי, וואָס קען ניט די שפּראַך, ליידט אַממערסטן אין דער משפּחה און אין די באַציאונגען מיט די קינדער. און דאָך איז די צאָל שילערינס אויף אונזערע קורסן ווייט ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו די נויטן אויף דעם געביט.

די אָפּטיילונג פאַר עברית זאָרגט אויך פאַר אויסבעסערן די שפּראַך צווישן יענע הסתדרות־חברים, וועלכע ריידן עברית, אָבער מאַכן פעלערן. די דאָזיקע טעטיקייט ווערט געפירט דורך אַ ביולעטין אונטערן נאָמען: „דע עברית נכונה״, וואָס ווערט געדרוקט אין אַ סך צייטשריפטן.

צום סוף זאָלן באַמערקט ווערן די אויסגאַבן פון דער אָפּטיילונג. נאָך אַ צוגרייטונג פון צוויי יאָר איז מיט דער הילף פון „עם עובד" אַרויס־געגעבן געוואָרן אַ לערנבוך פאַר דער שפּראַך „אדם במולדת" אין צוויי טיילן, וואָס איז לויט אונזער אויפטראַג אָנגעשריבן געוואָרן דורך איינעם פון אונזערע לערער, שלמה קודש. עס זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן צוויי פּעדאַגאָגישע בראָשורן.

ע. גליקמאַן

## פאַרבאַנד פאַר קערפּער־קולטור „הפועל"

צי איז נויטיק אַ ספּעציעלע אַרבעטער־ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע — דאָס איז אַ פראַגע, וואָס ווערט אונז געשטעלט תמיד פונדאָסניי. דער נסיון פון מער ווי צוואַנציקיאָריקער עקזיסטענץ פונם „הפועל" באַווייזט, אַז דאָס איז אַ נויטווענדיקייט.

„הפועל" איז דער איינציקער ספּאָרט־קלוב אין לאַנד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַ מאַסן־אַרבעט אין דעם אמתן זין פון וואָרט. ער באַגלייט דעם חלוץ און אַרבעטער אין יעדן אָרט, און ער קלייבט אויס דעם פּאַסיקסטן ספּאָרט פאַר יעדן אַרבעטס־פאַך. דער „הפועל" איז נישט קיין נייטראַ־לער ספּאָרט־קלוב, ווייל אַזוינע זיינען בכלל נישטאָ. די „אַלגעמיינע" ספּאָרט־קלובן אין לאַנד זיינען פּאַקטיש זייער ווייט פון פּאָליטישער נייט־ראַליטעט — דאָס זיינען קלובן פון דעם בירגערטום, פון התאחדות האיכרים, און זיי גייען אַפילו צו פּאָליטישע וואַלן מיט אַן אויסגעשפּראָכענער אַרבעטער־פיינדלעכער פּראָגראַם! דער „הפועל" איז באַשאַפן געוואָרן דורך דער הסתדרות און ער דינט דעם אַרבעטער־כלל אין יעדן געביט פון קערפּערלעכער קולטור, הכשרה פאַר די געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן פונם אַרבעטער־קלאַס און באַשיצונג פון זיינע אינסטיטוציעס.

„הפועל" איז אַ מאַסן־ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע און שטרעבט צו דער־הייבן די אַלגעמיינע מדרגה פון דעם ספּאָרט אין זיינע פאַרשידענע צווייגן. אף־על־פּי־כן, אַ דאַנק דער ריכטיקער אָוועקשטעלונג פון דער דערציאונגס־אַרבעט אין דער גרויסער מאַסע פון ספּאָרטס־לייט, האָט דער „הפועל" דערגרייכט אויך אַ גרויסע מייסטערשאַפט אויף אַלע געביטן, און אין זיינע רייען געפינט זיך אַ גרויסע צאָל פון רעקאָרדיסטן און מייסטער, וואָס שטייען אין די ערשטע רייען פון דעם ארץ־ישראל׳דיקן ספּאָרט: אין לייכט־

אַטלעטיק, שווימען, פוטבאָל און אנדערע באָל־שפּילן, ים־ספּאָרט, רודערן, גימנאסטיק, גערא‎נגל און באָקסן און אין אנדערע ספּאָרט־צווייגן. דער שטרייט צווישן „אַלופים״ (מייסטער) און אלפים (טויזנטער, מאסן) האָט אין „הפועל״ שוין פון לאנג געפונען א האַרמאָנישן אויסגלייך: די מאַסן האָבן אין זיך דערצויגן די מייסטער און די מייסטער דינען אויף צו דערציען נייע מאסן.

דער ציל פון „הפועל״ איז אויסצונוצן אין די ראַמען פון דער הסתדרות אלע דערגרייכונגען פון דער קערפּער־קולטור פאַרן געזונט פון די מאסן. דער „הפועל״ טרייבט ניט קיין ספּאָרט לשם ספּאָרט, נאָר בלויז אלס מיטל פאַר געזונט. ניט דער רעקאָרד און אויסצייכענונג באַשטימען דעם וועג פון „הפועל״ אין גימנאַסטיק און ספּאָרט, נאָר דאָס, וואָס די איבונגען שטאַרקן אונזער גוף, פאַרהיטן אים פון איבערמידקייט, הויבן זיין ארבעטס־פעאיקייט און זיינען אימשטאַנד צו פאַריכטן די שאָדנס, וועלכע דער קערפּער ליידט אין דער ארבעט.

גלייכצייטיק האָט זיך דער „הפועל״ געשטעלט אויף די פאָלגנדע צילן: 1) אָרגאַניזירן די ארבעטער אויף צו באַשיצן די דערגרייכונגען פון דער הסתדרות; 2) קאָנצענטרירן די ניט־אָרגאַניזירטע יוגנט אַרום דער ארבעטס־באַוועגונג; 3) צופּאַסן פּראַקטישע ספּאָרט־צווייגן צו די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אויפגאַבן פון דעם ארבעטער־כלל, ווי למשל: ים־ארבעט, פאַרטיידיקונגס־ספּאָרט און ענלעכע; 4) אויסנוצן די פרייע צייט אויף א ראַציאָנעלן אופן — פאַר אָפּרו און געזונט.

דער פאַרבאַנד פאַר קערפּער־קולטור „הפועל״ איז געגרינדעט געוואָרן אין 1926־טן יאָר. די צענטראַלע פון „הפועל״ קאָנצענטרירט די ספּאָרט־ארבעט אין אירע סניפים אין די שטעט, מושבות, מושבים און קיבוצים; זי אָרגאַניזירט די ספּאָרט־ארבעט אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון דעם ארבעטנדן ארץ־ישראל און זאָרגט צו פאַרשפּרייטן די קערפּער־קולטור צווישן די מאסן (דורך אפּרו־מחנות, דורך א טעטיקייט אויף די ארבעטס־פּלעצער א. ד. גל.).

גימנאַסטיק: די גימנאַסטיק אין „הפועל״ איז דער יסוד פאַר יעדער טעטיקייט. א ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט ווערט איר געשענקט ביים צוגרייטן אינסטרוקטאָרן. דער ניוואָ פון דער גימנאַסטיק איז געהויבן געוואָרן א דאַנק די לאַנדס־פאַרמעסטונגען, אין וועלכע עס נעמען אנטייל די בעסטע גרופּן פון אלע סניפים.

לייכט־אַטלעטיק: ניט ווייניקער וויכטיק פאַרן געזונט און קערפּערלעכער אנטוויקלונג איז די לייכט־אַטלעטיק: לויפן, שפּרינגען, וואַרפן. אויך דאָ איז דער הויפּט־ציל — ניט ספּעציאַליזירן איינצלנע מייס־

טער אין א געוויסן צווייג, נאָר דערגרייכן ביי יעדערן די באהאוונטקייט אין אלע צווייגן, כדי אלזייטיק צו אנטוויקלען זיין קערפּער.

ים־הכשרה: דוכט זיך, אז אין ערגעץ האָט זיך אזוי בולט ניט ארויסגעוויזן די איבערגעבנקייט פון די חברים, ווי אין דער דאָזיקער סעקציע, וועלכע פאָדערט כסדרדיקע איבונגען און גרויסע געלט־מיטלען. לאנגע יאָרן האָט געדויערט די באשיידענע שווערע ארבעט פון די „הפועל"־חברים אין חיפה׳ער פּאָרט און אויף דעם טייך ירקון אין תל־אביב, ביז זיי זיינען געוואָרן די ערשטע האַפן־ארבעטער אין חיפה און תל־אביב. פון זיי זיינען ארויס די ערשטע מאטראָסן אינם יידישן האנדלס־פלאָט און די מאָביליזירטע אינם בריטישן פלאָט.

דער דאָזיקער ספּאָרט וואָלט געוויס געקענט פארוואנדלט ווערן אין א פאָלקס־ספּאָרט אין אונזער לאנד, וואָס ליגט אויפן ברעג ים, אָבער די שיפלעך און די מכשירים קאָסטן זייער טייער און זיי פאָדערן גוטע פארזי־כערונגס־באדינגונגען. איינע פון די גרעסטע ספּאָרט־געשעענישן אויף דעם געביט איז די גרויסע ים־רעגאַטע (פארמעסטונג) פון תל־אביב ביז חיפה: 50 מייל אין קליינע שיפלעך.

א ספּעציעלן אָרט אין דער ים־טעטיקייט פון „הפועל" פארנעמט דאָס רודערן. די גרעסטע רודער־סעקציעס זיינען אין חיפה און תל־אביב.

שווים־סעקציעס: אין די לעצטע יאָרן ווערט דעם דאָזיקן צווייג געשענקט א ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט. עס איז געוואקסן די צאָל וואסער־רעזערוואוארן אין די משקים און עס זיינען אויסגעבויט געוואָרן ספּעציעלע שווים־באסיינען. די צאָל שווים־ערטער, אין וועלכע עס פירט זיך די „הפועל"־טעטיקייט, דערגרייכט 44. א ספּעציעלער וואנדערנדער אינסטרוקטאָר פירט אָן מיט דער טעטיקייט.

דער גרעסטער אויפטו אין שווימען, אויסער דער יערליכער מייס־טערשאפט פון „הפועל", איז די פארוועטונג אין אריבערשווימען דעם כנרת, וואָס איז צום ערשטן מאָל אויסגעפירט געוואָרן אין 1943־טן יאָר.

באוועגונגס־שפּילן: ס׳איז ניטאָ קיין בעסערער מיטל צו באפרייען זיך פון דער אָנגעשטרענגטקייט נאָכן ארבעטס־טאָג, ווי א באווע־גונגס־שפּיל, וואָס גלייכט אויס די ביינער. „הפועל" אָרדנט איין לאנדעס־פארוועטונגען אין באַל־שפּילן, וואָס פּאסן פאר יעדן עלטער און יעדן געשלעכט. אין די דאָזיקע שפּילן נעמען אנטייל הונדערטער גרופּן, וועלכע ציילן ארום צוויי טויזנט חברים, חברות און יוגנט.

פוטבאָל: ארום דער פוטבאָל־שפּיל איז פאָרגעקומען א שארפער ויכוח אין „הפועל". טייל האָבן געפאָדערט אויסצושטרייכן זי פון דער

„הפועל"־פראָגראַם, ווייל זי רופט אַרויס ליידנשאַפטן און קריגערייען און ווענדעט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון נוצלעכערע ספּאָרט־צווייגן. אַנדערע האָבן אָבער געטענה'ט, אַז פוטבאָל אַנטשפּרעכט די באַדערפעענישן פון יונגע געזונטע מענטשן און ער ציט צו מאַסן צום ספּאָרט־פּלאַץ.

דער דאָזיקער ויכוח איז ניט ניי אין דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז דער ספּאָרט־אינטערנאַציאָנאַל האָט דעם פוטבאָל ניט פאַרווארט, און האָט זיך נאָר באַמיט צו פאַרקלענערן זיינע נעגאַטיווע זייטן.

די פוטבאָל־סעקציע פון „הפועל" האָט שוין אַ היבשן סטאַזש. זי האָט צום ערשטען מאָל באַקומען דעם ארץ־ישראל'דיקן בעכער, וועלכן עס פלעגן ביז דאַן באַקומען בלויז ענגלישע גרופּן. זי האָט שוין אַ נאָמען אויך אין אויסלאַנד. אין יאָר 1947 האָט זי מיט דערפאָלג געשפּילט אין אַמעריקע, וואוהין זי איז געפאָרן, לויט דער איינלאַדונג פון „יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד".

גיכע הילף: יעדן איינעם קען טרעפן, ער זאָל פאַרוואונדעט ווערן ביי דער אַרבעט, אין גאַס און ביי ספּאָרט, און ניט שטענדיק געפינט זיך גלייך אַ דאָקטאָר. עס טרעפט, אַז די ערשטע גיכע הילף אַנטשיידט דעם גורל פונם פאַרוואונדעטן. דעריבער איז שוין אין 1927־טן יאָר געעפנט געוואָרן ביים „הפועל" אין תל־אביב דער ערשטער קורס פאַר גיכער הילף.

„הסדרן" (דער אָרדנער): „הפועל" שטרעבט, אַז עס זאָל ביי אים הערשן פולשטענדיקע אָרדנונג און זיינע חברים זאָלן דינען אַלס מוסטער אין דער הינזיכט. די סעקציע „הסדרן" האָט זיך געגרינדעט כמעט גלייכצייטיק מיטן „הפועל" און זי שטרעבט צו דערציען דעם אַרבעטער־כלל צו דיסציפּלין, אָרדנונג און פּינקטלעכקייט. „הסדרן" היט די אָרדנונג אין דער הסתדרות, אויף אירע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן.

די פלוגות פון „הפועל": אין דער צייט פון די געשעענישן אין 1936 יאָר זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן די „פלוגות", — דאָס איז דער אָרגאַניזירטער כוח פון דער הסתדרות. זיי האָבן קאָנצענטרירט טויזנטער דערוואַקסענע אַרבעטער אין די שטעט און מושבות און זיינען געוואָרן אַ קענטיקער כוח אינם לעבן פון דער הסתדרות און פונם גאַנצן ישוב. אין 1939־טן יאָר איז אין תל־אביב פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע פלוגות פון „הפועל".

אין די פלוגות האָט זיך אַנטוויקלט אַ נייער צווייג: „דער פּראַקטישער ספּאָרט", וואָס איז געוואָרן אַן אומבאַדינגטער טייל אין דער דערציאונג פון דער יוגנט. די צענטראַלע פון „הפועל" האָט אויף דעם געביט אַרויסגעגעבן אַ וויכטיקן בוך — „החוגר".

ב אָ ק ס א ו ן ר י נ ג ־ ק א מ ף : צי אויך באָקס געהערט צום אַרבעטער־ספּאָרט? לאַנגע יאָרן האָבן די פירער פון „הפועל" ניט געוואָלט משלים זיין מיט „דער מאכט פון דער פויסט אינם ספּאָרט". מען האָט אויסגערעכנט אַלע חסרונות פון באָקס, אָבער פון דער אַנדער זייט האָבן מענטשן אָנגעוויזן, אַז די באָקס־איבונגען אַנטוויקלען דעם קערפּער און יענע אייגנשאַפטן, וועלכע זיינען נויטיק ביים פאַרטיידיקן זיך, — א זאַך, וואָס איז זייער וויכטיק אין אונזער צייט. מען האָט זיך גערעכנט מיט די דאָזיקע אַרגומענטן און היינט געהערט די באָקס־סעקציע פון „הפועל" צו די בעסטע אין לאַנד.

די סעקציע פון רינג־קאַמף ביים „הפועל" איז די איינציקע אין לאַנד און זי ציילט ביי הונדערט חברים אין תל־אביב, חיפה, קרית־חיים, רמת־גן און תל־עדשים.

אָ פּ ר ו ־ ל א ג ר ן זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון „הפועל" דורך דער קופת חולים, און זייער פּראָגראַם שליסט איין ספּאָרט און שפּיל. אַזעלכע לאַגערן עקזיסטירן אין נתניה, אויפן הר הכרמל און אין שבי־ציון.

אָ ר ק ע ס ט ע ר ס : עס זיינען פאַראַן אָרקעסטערס ביי די סניפים פון תל־אביב, חיפה, רחובות, ראשון־לציון, חדרה און תל־יוסף. די אָרקעסטערס פון „הפועל" דינען דעם גאַנצן כלל און זיי דערשיינען אויף אַלע אַרבעטער־פייערונגען און דעמאָנסטראַציעס, אָוונטן און כלערליי ספּאָרט־אונטערנעמונגען.

ג ע ד ר ו ק ט ע  א ו י ס ג א ב ן : דער „הפועל" האָט פון אָנהויב אָן אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע בראָשורן, אין וועלכע עס זיינען אויפגעקלערט געוואָרן די צילן פונם פאַרבאַנד און פאַרשיידענע פראַגן פונם אַרבעטער־ספּאָרט. צוערשט איז דערשינען א זאַמלבוך „עוזנו", שפּעטער בראָשורן מיטן נאָמען „ידיעות" און „עוזנו". „ספּאָרט־ווינקלען" זיינען אָפט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג פון הנוער העובד „במעלה" און אין „דבר". אין דער לעצטער צייט דערשיינען צענדליקער בראָשורן „עלון למדריך", וואָס אַנטהאַלטן לערן־מאַטעריאַל אויף אַלע געביטן פון גימנאַסטיק און ספּאָרט. ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דאָס אויבן־דערמאָנטע בוך „החוגר", ביכער וועגן פּראַקטישן ספּאָרט, וועגן שווימען, פאַרשיידענע פּלאַקאַטן.

עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן תקנות אין די פאַרשיידענע צווייגן פון ספּאָרט, א בוך וועגן גימנאַסטיק („500 איבונגען"). די יאָריקע אויסגאַבע „עוזנו" צום אָנדענק פון דוב האָז דערשיינט יאָר־יערלעך, אָנהויבנדיק פון 1943.

„ספאָרט פאַרן פאָלק" — אָפּטיילונג פאַר ספאָרט אין „דבר" — דער־שיינט איין מאָל אין וואָך, העלפט דער פאַרשפּרייטונג פון קערפּער־קולטור אין אלע שיכטן פון פאָלק.

א טעכנישע אָפּטיילונג איז געגרינדעט געוואָרן ביים „הפועל", כדי אויסצואַרבעטן בוי־פּלענער פאַר נייע טורן־הייזער, שווים־באַסיינען און ספּאָרט־פּלעצער.

אַן אָפּטיילינג פאַר ספּאָרט־אינווענטאַר איז געעפנט געוואָרן ביים „המשביר המרכזי". זי פאַרקויפט ספּאָרט־מכשירים, קליידונג און דאַסגלייכע פאַר א ריכטיקן פּרייז.

קולטור: דוכט זיך, אז ס'איז ניטא נאָך אזא פאַרבאַנד ווי „הפועל", אין וועלכן זאָלן זיך צונויפקומען מענטשן, וואָס שטאַמען פון די פאַרשיי־דנסטע לענדער און עדות. דאָס האָט געצוואונגען דעם „הפועל" צו אַנט־וויקלען אין זיינע לאָקאַלן א קולטור־אַרבעט אין דער פאָרם פון רעפע־ראַטן, לעקציעס, איינערלעכע אָוונטן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט פאַרשיי־דענע געשעענישן אין אונזער באַוועגונג.

„הפועל" איז דער איינציקער ספּאָרט־קלוב, וואָס האָט א צענטראַלע פאַך־ביבליאָטעק פון 900 בענדער, ספּאָרט־ביכער און צייטונגען אין אלע שפּראַכן.

אינסטרוקטאָרן: דער „הפועל" האָט געזאָרגט צוצוגרייטן גרופּן־אָנפירער, גימנאַסטן, און אפילו לערער און אינסטרוקטאָרן פאַר גרויסע סניפים און שולן. צו דעם צוועק ווערן אָרגאַניזירט צענטראַלע און קרייז־קורסן. פאַר דער מלחמה זיינען עטלעכע חברים געשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד אויף העכערע בילדונג. פונדעסטוועגן פעלן נאָך אינסטרוקטאָרן.

„הפועל"־שליחות צום גלות: אין 1931־טן יאָר זיינען די ציקליסטן פון „הפועל" אַרויסגעפאָרן באַזוכן די גלות־לענדער. דריי חדשים האָבן זיי פאַרבראַכט אין אייראָפּע. זייער באַזוך איז געוואָרן א יום־טוב פאַר יעדן יידישן ישוב. אַזעלכע שליחים האָט נאָך דער גלות ביז דאַן ניט געהאַט.

נאָך זיי האָבן זיך די מאָטאָציקליסטן אויך אַוועקגעלאָזן אין וועג אריין. אין אלע לענדער זיינען זיי אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד.

די פוטבאָל־סעקציע פון „הפועל" האָט נאָך איר אַנטיילנעמען אין דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער אָלימפּיאַדע אין ווין, אין יאָר 1931 באַזוכט פוילן און געשפּילט דאָרט מיט גרויס דערפאָלג.

אין יאָר 1934—1935 האָבן די ציקליסטן און די פוטבאָליסטן פון „הפועל" ווידער באַזוכט אייראָפּע, ווי אויך מצרים, סיריע און קפּריסין און האָבן אומעטום אויסגענומען ביי די ספּאָרט־ליבהאָבער.

אויך די מאַטראָסן פון „הפועל" זיינען איינציקע מאָל געפאָרן קיין אויסלאַנד און געטראָגן דעם נאָמען פון ארץ־ישראל און פון איר ארבעטער־שאַפט צו די יידן פון גלות.

און יאָר 1947 האָט א דעלעגאַציע פון „הפועל" באַזוכט פּראָג און אַנטיילגענומען „אין דעם פעסטיוואַל פון דער דעמאָקראַטישער יוגנט".

„הפועל" — אַלס פאַרשפּרייטער פון די ארבעטער־ווערטן: דער ספּאָרט־קלוב פון דער הסתדרות איז פאַר פיל מענטשן דער איינציקער פאַקטאָר, וואָס דערנענטערט זיי צו דער ארבעטס־באַוועגונג. בשעת די אומרועז, אין שווערע פּרוּוו־טעג, אין דעראָבערן בייע פונקטן, ביים אויפנעמען די עליה — איז דער „הפועל" געווען כסדר אויפן ריכטיקן פלאַץ, אַלס מוסטער־געשטאַלט פונם יידישן ארבעטער אין פאַטערלאַנד.

פון יאָר 1927 אָן געהערט „הפועל" צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל פונם ארבעטער־ספּאָרט און האָט אַנטיילגענומען אין די אינטערנאַציאָנאַלע אָלימפּיאַדעס און צוזאַמענפאָרן פון די ארבעטער אין ווין (1931), אין פּראָג (1934), אין אַנטווערפּען (1937).

### די פּראָבלעמען פון „הפועל"

„הפועל" פירט א ברייטע ארבעט אין די שטעט, אין די אָרעמקייטס־קוואַרטאַלן, אין די מושבות און משקים. לויט דער צאָל חברים און דער אָרט פון זיינע אויפטועז פאַרנעמט ער דעם ערשטן אָרט אין לאַנד. אָבער ער האָט נאָך פאַר זיך א גרויסע אויפגאַבע: אַרומנעמען אַלע שיכטן פון אונזער געזעלשאַפט, אַריינדרינגען אין די פאַרשיידענע פאַבריקן און ארבעטס־פּלעצער, כדי צו אַקטיוויזירן די ארבעטנדע אין גימנאַסטיק און שפּילן; דערמעגלעכן די ארבעטנדע א געזונטן אָפּרו אין דער צייט פון זייער יערלעכן אורלויב; אַנטוויקלען א ברייטע היגיענישע אויפקלערונגס־טעטיקייט; אָרגאַניזירן נאָך קורסן פאַר גיכער הילף, גימנאַסטן און אינ־סטרוקטאָרן; דורכפירן א מעדיציניש־ספּאָרטיווע אונטערזוכונג, וואָס לויט אירע אויספירן זאָלן די מאַסן געריכטעט ווערן צו א געזונטן לעבן; הויבן דעם פיזישן צושטאַנד פון דער שול־און ארבעטס־יוגנט.

### „הפועל" אין ציפערן

סוף 1946 האָט דער „הפועל" געציילט 148 טעטיקע סניפים; חברים אין די פאַרשיידענע ספּאָרט־צווייגן — 10.200; אינסטרוקטאָרן אין די פאַרשיידענע ספּאָרט־צווייגן — קרוב 400.

ב. זילבערג

# ארבעטער־טעאטער

### דער אנהויב פון „אוהל״

די יאָרן 1921—1923 זיינען געווען יאָרן פון א פארשטארקטער עליה פון חלוצישער יוגנט. די יוגנט האָט געפילט, אז דאָס יידישע לעבן קען מען ענדערן בלויז דורך באלעבן דאָס וויסטע לאנד, ווייל נאָר דאָ איז נאָך פאראן א מעגלעכקייט צו אנטוויקלען דעם פרייעם שעפערישן כוח פונם פאָלק. אין געלטן האָבן זיך די חלוצים באהאלטן פון דער ברענענדיקער זון און פון די זאמד־שטורעמס. געלטן אין גאנצן לאנד — דאָס איז געווען דער סטיל פונם לעבן, א סימבאָל פון אָנהויבן א נייעם בנין, וואָס דארף דינען אלס שטענדיקע היים פארן פאָלק. דער טעמפּאָ פון דער אלגעמיינער שאפונג, די טרוימען און שטרעבונגען פון דער באוועגונג האָבן געפאָדערט זייער קינסטלערישן אויסדרוק. אין דערזעלבער מאָס, וואָס מען האָט געמוזט מוותר זיין אויף א בגד, א שוך און עסן צו זאט, איז געוואקסן די באדער־פעניש אין א גייסטיקער און קינסטלערישער באפרידיקונג, וואָס זאָל מונטערן די נשמה אויסצוהאלטן די גרויסע אָנשטרענגונג.

משה הלוי — פון די ערשטע בויער פון „הבימה״ אין מאָסקווע — איז אין יענע טעג געקומען אין לאנד און איז געוואָרן דער איניציאַטאָר פון א שטענדיקן העברעאישן טעאטער. און א העברעאישער טעאטער אין ארץ־ישראל — באטייט אן ארבעטער־טעאטער. דאָס איז געווען די געזעלשאפט־לעכע סביבה, און אזא איז געווען די נאטירלעכע קאנסעקווענץ פון דער לאגע. דערפון שטאמט אויך דער נאָמען, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם טעאטער: „אוהל״ (געלט). א סימבאָל פון אָנהויב, באשיידנקייט און פשטות. „אוהל״, א דראמאטישע סטודיע ביי דער קולטור־קאָמיסיע פון דער הסתדרות. אזוי איז געווען די התחלה.

21.4.1925 איז די דערעפנונגס־דאטע פונם „אוהל״. אינם דאָזיקן טאָג איז פאָרגעקומען די גרינדונגס־פייערונג פון דער סטודיע, וואָס האָט געציילט 30 יונגע מענער און פרויען, וועלכע משה הלוי האָט אויסגע־קליבן פון צווישן די ארבעטער. זייער מערהייט האָט זיך אינדערהיים פארנומען מיט טעאטער־קונסט, אָבער קומענדיק קיין ארץ־ישראל האָבן זיי געהאט איין ציל: בויען דאָס לאנד. אין די דערעפנונגס־ווערטער איז געקומען צום אויסדרוק די אידעאָלאָגישע ליניע פון דער סטודיע: „מיר, די חברים פון „אוהל״, האָט משה הלוי געזאגט — דארפן זיין א קבוצה,

ווי די איבעריקע קבוצות אין לאַנד". און דאָס איז דער לאָזונג: ניט א טעאטער פאר די ארבעטער, נאָר אַן ארבעטער־טעאטער.

א גאַנץ יאָר האָט געדויערט די עקספּערימענטאַלע ארבעט פון דער סטודיע אונטער דער לייטונג פון משה הלוי, צו וועלכן עס איז צוגעקומען א גאַנצע רייע לערער און אינסטרוקטאָרן פון ריטמיק, פּלאַסטיק, מוזיק, א. א. אַלס קינסטלערישער מוסטער האָט געדינט דער רוסישער טעאטער. דאָס איז געווען נאַטירלעך, ווייל דער לייטער פון דער סטודיע איז געווען א שילער פון סטאַניסלאַווסקי און וואַכטאַנגאָוו. דער דאָזיקער וועג איז אויך געווען נאָענט צום הארצן פון די יונגע ארטיסטן און אויך פון דעם רוב ישוב, וועלכער איז דערצויגן און באווירקט געוואָרן הויפּטזעכלעך פונם רוסישן טעאטער. די יונגע ארטיסטן האָבן ארויסגעוויזן אָן א שיעור ליבע און איבערגעבנקייט צו די לימודים, הגם זיי האָבן פיזיש שווער געארבעט אויף די שאָסעען און ביים בוי.

צוויי פּרץ־אָוונטן, וואָס האָבן ארומגענומען זיבן פון זיינע דערציי־לונגען און זיך קינסטלעריש פאראייניקט אין איין פאָרשטעלונג, זיינען געווען די ערשטע ארויסטרעטונג פון „אוהל". דער אויסוואַל פונם מאַטע־ריאַל איז ניט געווען קיין צופעליקער. עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן זאַכן, וואָס קענען אויסדריקן די געפילן פונם ארבעטער־כלל: ראָמאַנטיק און דערהויבענע ריינקייט, פון איין זייט, און די אַנטפּלעקונג פון די גלות־וואונדן און באַדלאָזיקייט — פון דער צווייטער זייט. און די שפּיל? א האַרמאָניע אינם סטיל פון שאַגאַל און א געמיש פון געלעכטער און טרערן — האָבן זיך ווי א רויטער שנור געצויגן דורך דער גאַנצער פאָר־שטעלונג. א שפּאָגל־נייע אינטערפּרעטאַציע, פרישע און בלאַנקענדע טעאטראַלע מיטלען. דער קינסטלערישער אָפּקלאַנג איז ווי א שטורעם דורכגעגאַנגען ניט נאָר דעם ארבעטער־כלל, נאָר אויך דעם גאַנצן ישוב. אַזוי איז געווען דער ערשטער שריט, מיט וועלכן „אוהל" האָט פארנומען זיין אָרט אַלס ארבעטער־טעאטער, און וועלכער ווערט מיט רעכט פאר־רעכנט אַלס אָנהויב פון א נייער תקופה אין דער טעאטער־קונסט אין ארץ־ישראל.

## די יאָרן 1926—1933

אין משך פון די יאָרן 1933 — 1926 ביז דער רייזע איבער אייראָ־פּע — האָט „אוהל" געשטעלט 14 דראַמען. דער אינהאַלט און די פּיל־פארביקייט פונם רעפּערטואַר אין די דאָזיקע יאָרן זאָגן עדות אויף פאר־שיידענע וועג־זוכענישן. די שטרעבונג צו אַן אָריגינעלער העברעישער טעמע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַזעלכע פאָרשטעלונגען, ווי: „יעקב

און רחל", „ירמיהו" און „מגילת אסתר". ס'איז געווען ניט קיין לייכטע ארבעט צו בויען א בריק איבער טויזנטער יארן, צווישן אונזער אויפלעבונגס־צייט און דער אוראלטער צייט. די געשטאלטן פון תנ"ך זיינען אריינגענדרונגען אין אונזער פאנטאזיע נאך פיל פארשיידענע גלגולים, דורך די בילדער פון קריסטלעכע קינסטלער צו די פיר ווענט פון „חדר", ביז צו די בעדואינער אין לאנד. ס'האָט זיך געפאָדערט א גרויסע קפיצת־הדרך, און דאס איז דעם „אוהל" געלונגען. לעבעדיקע עדות דערצו זיינען „יעקב און רחל" און „ירמיהו", וועלכע זיינען סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין אייראפּע אויפגענומען געווארן מיט ענטוזיאזם. די איבעריקע דראַמען, יידישע און אוניווערסאלע, וולכע האבן געזאלט קריסטאליזירן און אויס־דריקן די געפילן פונם צושויער אלס ייד און מענטש, זיינען ניט אלע געווען גלייך. אויב אין די „פּרץ־אָוונטן", „פישער", „אויפן גרונט" און אין דער „דריי גראָשן־אָפּערע" האט געהילכט א גרויסער קינסטלערישער אָפּ־קלאנג פונם גייסטיקן און שעפערישן לעבן פונם ישוב, קען מען עס אבער ניט זאגן וועגן אזעלכע פּיעסן, ווי „די באזיגער פון דעם זומף", „דער נסיון" און „דאנטאָנס טויט". און די סיבות זיינען פארשיידענע: קיין שום טעאטער האט ניט קיין גאראנטיע פאר שטענדיקן דערפאָלג. אבער עס זיינען געווען נאך סיבות. אין די ערשטע דערפאָלגן האט געווירקט אויך די באציאונג צו אַן אָנהויבנדיקן טעאטער, אבער שפּעטער האט דער נאטירלעכער פּאַמעלעכער וואוקס ניט באפרידיקט די באדערפענישן פונם עולם. און נאך א זאך: אין יענער צייט האבן אין „אוהל" געארבעט אויך אנדערע רעזשיסאָרן, יעדערער מיט זיין אייגענעם צוגאנג צום טעאטער, וועלכן ער האט מיטגעבראכט פון זיין שול. סיי די יונגע ארטיסטן און סיי דער עולם זיינען דערצו ניט געווען געוואוינט און האבן נאך ניט געפונען קיין וועג צו פאראייניקן די פארשיידענע סיסטעמען. אַן ענדערונג איז דער לאגע איז געקומען, ווען דער „אוהל" האט זיך צוריקגעקערט פון אייראפּע.

די רייזע פון „אוהל" קיין אויסלאנד איז געווארן א ווענדעפונקט אין זיין אנטוויקלונג. דאס איז געווען א געפערלעכער טריט פאר א יונגער טרופּע, ווייל אין פאַל פון א דורכפאַל, קען זי זיך צופאלן. „אוהל" האט אויסגעהאלטן דעם עקזאמען, און איז פון אים ארויס מיט גרויסע דער־גרייכונגען. די פאָרשטעלונגען: „פּרץ־אָוונטן", „פישער", „יעקב און רחל", „ירמיהו", „מגילת אסתר" און „אויפן גרונט", זיינען געשטעלט געווארן כמעט אין אלע הויפּטשטעט פון איראפּע מיט גרויס דערפאלג. „אוהל" איז אויפ־גענומען געווארן מיט באגייסטערונג ניט נאר אין ליטע און פוילן, אבער אויך אין איטאַליע, שווייץ, בעלגיע, פראנקרייך און ענגלאנד. די אנערקענונג האבן ארויסגערופן ניט בלויז די תנ"כישע פאָרשטעלונגען, נאר אויך די אנדערע.

### די ווייטערדיקע אנטוויקלונג

די דראמאטישע סטודיע „אוהל״ איז אנערקענט געווארן אלס ארבעטער־טעאטער. דאס איז געקומען אלס רעזולטאט פון זיין בכבודיקער שליחות אין אויסלאנד און פון זיין פאליטיש־געזעלשאפטלעכן ווערט. די דאזיקע אָפיציעלע ענדערונג, וואס איז געגעבן געווארן דעם „אוהל״, באטייט די אנערקענונג פון זיין רייפקייט, אבער זי לייגט אויך ארויף גרויס אחריות. צי האט „אוהל״ בארעכטיקט די האפנונגען? אט איז דער סך־הכל ביז היינט: 60 טעאטער־שטיק. די טעמען אין דער צייט פון נאָכן צוריקקער פון אייראפע ווייזן, אז „אוהל״ איז געטריי געבליבן זיין ליניע: ער שטרעבט צום מקור, צו די וואָרצלען פון עבר („שבתי צבי״, „הורדוס און מרים״, „שלמה המלך און שלמי דער שוסטער״, „בר־כוכבא״), און גלייכצייטיק זוכט ער צו אנט־פלעקן די פערל פונם יידישן לעבנס־שטייגער, וואס זיינען פארבאָרגן אין דער ארעמקייט פון גלות, כדי צו באַרייכערן מיט זיי אונזער גייסט („מסעות בנימין השלישי״, „פישקע דער קרומער״).

די איבעריקע פאָרשטעלונגען האבן א פאליטישע, סאציאלע אויפגאבע, אקטועלע פראגן, מלחמה־פראבלעמען און דעם מענטשנס גורל בכלל. דעם אמת געזאגט: עס זיינען געווען אויך ניט קיין געלונגענע זאכן.

אזעלכע דראמען פון זודערמאנס און צוקמאיערס האבן פארלאָרן זייער טעם, און אפילו איבסען און סטרינדבערג אנטשפרעכן שוין ניט דעם ריטם פון אונזער לעבן. נייע באדייטנדע שאפונגען ווערן כמעט ניט געשריבן צוליבן איצטיקן גייסטיקן קריזיס אין דער וועלט. און עס איז געבליבן א באגרענעצטער אויסוואל. א כאראקטעריסטישער צייכן פון דעם פאָרשריט, וואס „אוהל״ האט געמאכט אין יענער צייט — איז די אויספירונג פון קלאסישע ווערק: שעקספיר, מאָליער, אָסטראָווסקי און טאָלסטאָי. ס׳איז אויך כדאי זיך אָפּצושטעלן אויפן פראָבלעם פון א פיעסע פונם ארץ־ישראל־לעבן. דאס איז א ספעציעלע און אָנגעווייטאקטע פראגע אין טעאטער בכלל. אין דער צייט, ווען ביי אלע פעלקער האבן זיך די דראמע און דער טעאטער אנטוויקלט האנט ביי האנט, זיינען ביי אונז ניט געווען קיין נאָרמאלע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג פון א דראמע, עס פעלט נאך דער הינטערגרונט, דער לעבנס־שטייגער, די טראדיציע. פונדעסטוועגן האבן ניט אויפגעהערט די זוכענישן פון אַן אָריגינעלער ארץ ישראל־דראמע, און די באמיאונגען האבן געבראכט פרוכט. „אוהל״ האט געשטעלט די דראמען: „בתיה״, „אין די געסלעך פון ירושלים״ און „שלמה המלך און שלמי דער שוסטער״ — אויסער „מגילת אסתר״. ביים אנהויב וועג — איז עס ניט קיין סך, אבער ס׳איז אַן ערנסטע התחלה.

## די דערגרייכונגען פון „אהל" און זיין ספעציעלער כאראקטער

דער ספעציעלער כאראקטער פון „אוהל" באשטייט אין דעם, וואס ער איז ניט סתם א העברעישער טעאטער, נאר אן ארץ־ישראל׳דיקער טעאטער. מען פילט אויף דער סצענע די קלאנגען פונם לאנד און זיין לעבן. עס האנדלט זיך וועגן א געוויסן קאלאריט, וואס באשטימט דעם כאראקטער פונם טעאטער. וואס שייך דעם רעפערטואר, קען מען נאך מיט זיכערקייט ניט זאגן, אין וועלכע געביטן „אוהל" צייכנט זיך אממער־סטן אויס. ער פרוווט זיינע כוחות אויף א סך פארשיידענע געביטן, און דעריבער קען ניט שטענדיק זיין דער זעלבער דערפאלג.

אפילו אינם אריגינעלן רעפערטואר, וואו „אוהל" איז דערגאנגען צו גרויסע דערגרייכונגען, קען מען אויך ניט זאגן, אז אלע דראמען זיינען אין דערזעלבער מאס געלונגען. מען קען „סדום" ניט פארגלייכן צו „יעקב און רחל", און „שבתי צבי" — צו „ירמיהו" אדער „הורדוס און מרים". „סדום" און „שבתי צבי" דארף מען אין דער אנטוויקלונג פון „אוהל" זען הויפטזעכלעך ווי עקספערימענטן צו זוכן אן אריגינעלן סטיל. אמת, אינם יידישן רעפערטואר האט „אוהל" גלענצענדע דערפאלגן, וואס געהערן צו די פערל פונם ארץ־ישראל׳דיקן טעאטער („פרץ־אוונטן", „פישקע", „מסעות בנימין השלישי"), אבער אנדערש זיינען שוין „דער נסיון" און „אין די פוילישע וועלדער". גלענצנד זיינען אויך די דראמען פון די ארץ־ישראל׳דיקע שרייבער, ווי „אין די געסלעך פון ירושלים" און „שלמה המלך און שלמי דער שוסטער".

## „אוהל" און דער דארפישער ישוב

שוין ביים אנהויב פון זיין עקזיסטענץ האט „אוהל" פארשטאנען, אז זיין אויפגאבע אלס ארבעטער־טעאטער וועט ניט זיין דערפילט, אויב ער וועט זיך באגנוגענען בלויז מיט פארשטעלונגען אין די שטעט און מושבות.

דער דארפישער ישוב אין ארץ סימבאליזירט דעם עצם געדאנק פון דער ווידערגעבורט, דעריבער טאר דער טעאטער בשום אופן ניט אויסמיידן דוקא דעם דאזיקן טייל פונם ישוב, וועלכער שטרעבט און נויטיקט זיך אממערסטן אין א קינסטלערישן גענוס. און „אוהל" דערפילט געטריי די דאזיקע פליכט.

צוליבן פעלן פון שטענדיקע סצענעס, ווערן נאך דערווייל אייג־געארדנט די פארשטעלונגען דאס רוב אונטערן פרייען הימל, אויף א פראוויזארישער סצענע, וועלכע דער טעאטער פירט מיט זיך. די צושויער צעזעצן זיך אויף בינטלעך שטרוי אדער אויפן גראז. אבער טראץ די

אומבאקוועמע באדינגונגען, הערשט אין די דאָזיקע פאַרשטעלונגען א ספּע־ציעלע אטמאָספער. דאס ליכט פון די רעפלעקטאָרן גיסט זיך צונויף מיטן שיין פון דער לבנה און די שטערן, מיטן ריח פון די בוימער און גראָז פון ארום, דער ווידער־קול פון די בערג ענטפערט די ארטיסטן, און דאס אלץ גיט אָפּט צו דער שפּיל אזא פּראכט, וואס מען קען ניט טרעפן אין קיין שום טעאטער־זאל.

א. גליזער

## פאך־בילדונג

די הסתדרות פירט איר טעטיקייט אויפן געביט פון פאך־בילדונג אין צוויי הויפּט־ריכטונגען: שולן און קורסן.

אינגלעך, וואָס האָבן געענדיקט א פאלקס־שולע, קענען זיך דער־ווערבן א פאך אין איינער פון די „עמל״־שולן פון דער הסתדרות. זיי בעקומען דא במשך פון 3 יאָר יידישע און אלגעמיינע בילדונג, אויפן ניוואָ פון א מיטל־שולע, און לערנען גלייכצייטיק טעאָרעטיש און פּראקטיש זייער פאך: מעכאנישע שלאָסעריי, פיין־מעכאניק, אויטאָמאָביל־מעכאניק, לאנדווירטשאפטלעכע מאשינען, וואסער־אינסטאלאציעס, עלעקטראטעכניק, סטאָלעריי.

די רשימה פון די פאכן איז גאנץ גרויס, פונדעסטוועגן טאָר מען זיך נישט באגנוגענען מיט איר. פון איין זייט, שאפט די אנטוויקלונג פון לאנד נייע באדערפנישן און פאָדערט פאכלייט אויף נייע געביטן. פון דער צווייטער זייט, האָט די קאטאסטראָפע אין אייראפּע אויסגעטריקנט דעם קוואל פון פאכלייט אין די טראדיציאָנעלע יידישע פאכן, וואָס האָבן פאר דער מלחמה געשטראָמט קיין ארץ־ישראל מיט דער עליה.

צווישן די פּלענער, מיט וועלכע די אָפּטיילונג פאר פאך־דער־ציאונג פון ועד הפּועל פון דער הסתדרות באשעפטיקט זיך איצט, געפינען זיך שולן (אדער נייע אָפּטיילונגען אין די עקזיסטירענדע שולן) פאר בוי־ארבעט, דרוקעריי, דערנערונגס־אינדוסטריע (און באזונדערס בעקעריי), כעמיע און עלעקטראָכעמיע, שיפבוי, אעראָפּלאנען־מעכאניק, אינדוסטריעלע מאָנטערן א. אז. וו.

די „עמל״־נעץ ציילט היינט־צו־טאג 6 שולן, און עס לערנען זיך אין איר איבער 500 אינגלעך. די עלטסטע (געעפנט אין 1933) איז די

שולע אין תל־אביב, אויפן נאמען פון מאקס פיין. פון איין אָפטיילונג (מאשינען־שלאָסעריי) האָט זי זיך אנטוויקעלט צו דריי (אויך עלעקטראָ־טעכניק און אויטאָמאָביל־מעכאניק) און זי איז די גרעסטע פאך־שולע אין לאנד.

אין 1943 איז געעפנט געוואָרן (מיט דער הילף פון „אמאלגעמייטעד קלאָדינג וואָרקערס־יוניאָן" אין אמעריקע) די שולע אין ירושלים. אויך דא לערנט מען מעכאנישע שלאָסעריי, אבער די שולע אין ירושלים — נאענט צום ים־המלח — ווידמעט באזונדערע אויפמערקזאמקייט דעם לימוד פון כעמיע.

אין 1944 זענען געעפנט געוואָרן נאך 2 שולן: אין חדרה לערנען די שילער האָלץ־ארבעט — מעבל און בוי־סטאָלעריי, האנד־ארבעט און מיט מאשינען. דאס איז א פרווו צו ברענגען די ארץ־ישראל־יוגנט ווידער צו אן אלטן יידישן פאך פון גרויסער וויכטיקייט, פון וועלכן די יוגנט האט זיך דא דערווייטערט און האט אים אויסגעמיטן. די שולע אויפן נאמען פון גרין אין צפת (געגרינדעט מיט דער הילף פון דער גרין־משפחה) איז געעפנט געוואָרן אלס טייל פון אלגעמיינעם פלאן צו שטארקן דעם יידישן ישוב אין דער היסטאָרישער הויפט־שטאָט פון גליל. דא לערנט אויך א באַזונדערס גרויסע צאָל שילער פון דער „עלית הנוער". די שולע גיט זיך אָפּ ספעציעל מיט פיינמעכאניק, און די תלמידים לערנען זיך צו מאכן איידעלע אינסטרומענטן — כירורגישע מכשירים וכדומה.

אין 1946 זענען ווידער געעפנט געוואָרן צוויי נייע שולן: אין טבריה, מיט איר לאנדווירטשאפטלעכן הינטערלאנד פון עמק הירדן, ווידמעט זיך די שולע באזונדערס לאנדווירטשאפטלעכע מאשינען. די „אינטערנעשענעל־הויז" (אויפן נאמען פון דער „ליידיס גארמענט־וואָר־קערס־יוניאָן" אין אמעריקע, וועלכער האָט געהאָלפן אויפשטעלן די שולע) אין גרויס־חיפה (קרית־חיים) — אָט די שולע ערציט פאכלייט אויפן געביט פון וואסער־אינסטאלאציעס — א צווייג, וואס וועגן זיין באדייטונג פארן לאנד איז איבעריק צו ריידן. די צווייטע ריכטונג פון דער שולע איז אויס־צובילדן פאך־ ארבייטער פאר דער שווערער אינדוסטריע (סיי פון דער הסתדרות און סיי דער פריוואטער), וועלכע קאָנצענטרירט זיך ספעציעל ארום חיפה.

די שולן אין ירושלים, טבריה און צפת ערפילן א באזונדערע אויפגאבע אויפן געביט פון פראָדוקטיוויזאציע פון די זין פון „אלטן ישוב" און פון די מזרח־אידן.

די פאך־בילדונג פאר מיידלעך איז ווייניגער פארשידנארטיק. אין 5 שולן (תל־אביב, ירושלים, רחובות, פתח־תקוה און חדרה) לערנען 160

מיידלעך שניידעריי. די מועצת הפועלות צוזאמען מיטן „הנוער העובד" פירט אָן די שולן. דער קורס דויערט 2 יאר.

די פאַך־שולן זענען די באַזע פון דער פאַך־דערציאונג. דא געפינען זיך די שילער א גאנצן טאג און באקומען א גרינדלעכע אלגעמיינע און פראָפעסיאָנעלע אויסבילדונג. דאָס באדייט אבער ניט, אז די הסתדרות פארנאכלעסיקט דעם טייל פון דער יוגנט, וועלכער קען זיך נישט דערלויבן צו גיין אין א פאַך־שולע. נאָך אין 1929 האָט די הסתדרות געעפנט אין תל־אביב די ערשטע „ארבעטס־ווארשטאַטן" פאר מעטאל־ארבעט אויפן נאָמען פון מאקס פיין. היינט־צו־טאָג עקזיסטירן אָוונט־קורסן פאר דער ארבעטנדער יוגנט אין תל־אביב, ירושלים, חיפה און אין א רייע מושבות. איבער 2000 אינגלעך און מיידלעך דערגענצן דאָ נאָך דער ארבעט זייער אלגעמיינעם וויסן און פאַך־קענטנישן אויפן געביט פון מעטאל־ארבעט — שלאָסעריי, טאָקעריי, פיין־מעכאניק, אויטאָמאָביל־מעכאניק, עלעקטראָ־טעכניק, סטאָלעריי, דרוקעריי, איידעלע גלאָז־ארבעט, קאָנדיטאָריי, האנדלס־און ביוראָ־ארבעט, שניידעריי און לאנדווירטשאפט.

ווייניקער סיסטעמאטיש זיינען די פאַך־דערגענצונגס־קורסן פאר דערוואקסענע. לויט די באדערפנישן, ארגאניזירן פון צייט צו צייט די פארשיידענע פראָפעסיאָנעלע פאראיינען פון דער הסתדרות קורסן פאר זייערע מיטגלידער און פאר נייע עולים — אויפן געביט פון בוי־ארבעט, מעטאל־ארבעט, לאנדווירטשאפט, דיאמאנטן־שלייפעריי, ביוראָ־ארבעט א. ז. וו. א באזונדערס אינטערעסאנטער אויפטו אויפן געביט פון פאַך־בילדונג איז דער „בית־המדרש לפקידות" — א הויכשולע פאר בעאַמטע, וועלכע די הסתדרות הפקידים האט געעפנט אין יאר 1947 אין ירושלים.

זינט 1946 ווערט די פאַך־דערציאונג פון דער הסתדרות קאָנצענטרירט אין די הענט פון דער ספּעציעלער „אָפּטיילונג פאר פאַך־דערציאונג" ביים ועד הפועל פון דער הסתדרות.

ד. קלעי

## ארכיוו און מוזעאום פון דער ארבעטס־באוועגונג

### א

אָנהויב 1917 האָט ב. כּצנלסון צונויפגעשטעלט א ברייטע טעטי־קייטס־פּראָגראם פאר דעם אלגעמיינעם צוזאמענפאָר פון די ארץ־ישראל־דיקע ארבעטער, און אין די אויפגאבן פון דער קולטור־קאָמיסיע איז אויך

איינגעשלאָסן געוואָרן דאס „שאפן אַן ארכיוו און היטן די אנדענקונגען פון דער ארבעטס־באוועגונג און פון ישוב". דאס הייסט, ב. כצנלסון׳ס חוש פאר דער באוועגונג האט אים שוין דאן, צום סוף פון דער צווייטער עליה, אונטערגעזאָגט, אז מען מוז היטן דעם נאָענטן עבר. און מיט רעכט, ווייל פון יענע טעג איז זייער ווייניק געבליבן, און פיל איז פארלאָרן און פארברענט געוואָרן אויף פארשיידענע אופנים אין יענע שווערע צייטן.

ווי נאָר עס האט זיך געגרינדעט די הסתדרות און עס זיינען באַשטימט געווארן אירע אנשטאלטן, איז אויפן ועד הפועל, לויטן באשלוס פון צווייטן צוזאמענפאָר פון דער הסתדרות, ארויפגעלייגט געוואָרן איינצואָרדנען „אַן ארכיוו פאר אלע ענינים פון דער ארבעטס־באוועגונג, וועלכער זאל אנטהאלטן די געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג און אלע איבעריקע ענינים, וואס זיינען נוגע צום לעבן פון די ארבעטער אין לאנד". דער אנשטאלט איז פארבונדן געווארן אין דעם זעלבן באשלוס מיט דער גרינדונג פון א סטאטיסטישער אָפטיילונג. און ווירקלעך, ווען אט די אפטיילונג איז געגרינדעט געווארן, האט זי אין א געוויסער מאָס געדינט אלס ארכיוו פון דער באוועגונג. אין אב 1926 האָט זיך דער ועד הפועל געווענדעט צו אלע אנשטאלטן און פארטייען, צו די ישובים און גרופירונגען מיט א צירקולאר וועגן דעם, אז ער טרעט צו איינצואָרדנען אַן ארכיוו, וואס וועט אנטהאלטן דעם גאנצן געשריבענעם און געדרוקטן מאטעריאל (ביכער, בראָשורן, זאמלונגען, מאָנאטלעכע און וועכנטלעכע זשורנאלן, צייטשריפטן, פלוגבלעטלעך, צירקולארן, פראָטאָקאָלן, דאָקומענטן, פלענער, חשבונות, מודעות, פראָספעקטן, בילדער, פאָטאָגראפיעס, צייכנונגען, מוסטערן א. ד. גל.) אין לאנד און אויסלאנד, וואס איז אין א וועלכן ניט־איז אופן נוגע דער ארבעטער־באוועגונג אין לאנד. אין זעלבן חודש איז געלייגט געוואָרן דער גרונט פאר א וויכטיקער זאמלונג פון ביכער און דאָקומענטן וועגן דער ארבעטער־באוועגונג אין לאנד, וואָס האט זיך קאָנצענטרירט אין דער סטאטיסטישער אָפטיילונג.

פאר די אלע יארן האט זיך אויך אין דער צענטראלער ביבליאָטעק פון דער הסתדרות אנגעזאמלט אן אוצר פון העקטאָגראף־ און דרוק־זאכן און אין 1927־טן יאָר איז ביי איר באשטימט געוואָרן א ספעציעלע אפטיילונג צו קאָנצענטרירן דעם מאטעריאל, וואס איז נוגע דער ארבעטס־באוועגונג אין לאנד.

אויסער די צוויי צענטראלע אנשטאלטן האבן אויך אייניקע פערזאָנען אנגעהויבן זאמלען מאטעריאלן אין פארשיידענע ערטער, ביז עס איז אין 1932 געגרינדעט געוואָרן א ספעציעלער אנשטאלט צו דעם צוועק: „ארכיוו און מוזעאום פון דער ארבעטס־באוועגונג".

פון דאמאָלסט אָן האט זיך אנגעהויבן א פלייסיקע און סיסטעמאַ־טישע ארבעט פון זאמלען פארשיידענעם מאטעריאל פון קיבוצים און יחידים. אין משך פון דער צייט איז אָנגעזאמלט געוואָרן א רייכער, וואָגיקער מאטעריאל וועגן דער ארבעטס־באוועגונג אין לאנד פון דער צייט פון דער צווייטער עליה און פאר איר, און אויך פארשיידענע מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער און אלגעמיינער ארבעטער־באוועגונג אין דער וועלט, פונם ישוב און פונם ציוניזם.

דער ארכיוו האט זיך פארבונדן מיט פארשיידענע אנשטאלטן אין אויסלאנד. אבער מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן זיך די אלע פארבינדונגען איבערגעריסן. עס איז אויך איבערגעריסן געוואָרן די ליטעראַרישע טעטיקייט, מיט וועלכער דער ארכיוו האָט אנגעהויבן: בראָשורן „ידיעות", אין וועלכע עס זיינען געגעבן געווארן פאָרשונגען און זכרונות צו דער געשיכטע פון אונזער באוועגונג אין ארץ־ישראל און אין גלות. א גרויסע זאמלונג זכרונות וועגן „השומר", א פאָטאָגראפירטע אויפלאגע פונם „האמת" — די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג אין העברעיש, א. א.

צוליב געוויסע סיבות איז די טעטיקייט פון דעם אנשטאלט איבערגעריסן געווארן אויפן גאנצן יאָר 1942, און האט זיך באנייט אָנהויב 1943 מיט דער ערעפנונג פון דער „באָרכאָוו־אויסשטעלונג" צו זיין 25־טן יאָרצייט. דער דאזיקער אויפטו איז געווארן א צייכן פון א נייער ריכטונג אין דער טעטיקייט פון דעם אנשטאלט: צו דינען דעם ברייטן עולם און אָנקניפּן באציאונגען מיטן גאנצן ארבעטער־כלל.

ב

דער ארבעטס־ארכיוו דינט דעם כלל מיט די אויסשטעלונגען, וועלכע ער אָרדנט איין פון צייט צו צייט. יעדע אויסשטעלונג קאָנצענטרירט טויזנטער באזוכער. פון זעקס גרויסע אויסשטעלונגען, וואס זיינען ביז איצט אָרגאניזירט געווארן, זיינען נאר צוויי — „די ארלאָזאָראָוו־אויסשטעלונג" און „די הסתדרות אין פאָטאָגראפיעס און דיאגראמען" — פאָרגעקומען אין תל־אביב אליין. די איבעריקע אויסשטעלונגען: „די באָראָכאָוו־אויסשטעלונג", „די צווייטע עליה", „די העלדן פון תל־חי" זיינען איינגעאָרדנט געווארן אין צענדליקער ארבעטס־ישובים. די לעצטע אויסשטעלונג „פון געפאנגענשאפט" האט אין תל־אביב אליין קאָנצענטרירט 6500 באזוכער. אויסער די דאזיקע צענטראלע אויסשטעלונגען, האט דער ארכיוו איינגעאָרדנט אויסשטעלונגען פונם ערשטן מאי אין אייניקע מושבות, יובל־אויסשטעלונגען פון „אחוה" און „מעבר" און מיטגעהאָלפן צו אָרגאניזירן פיל ארטיקע אויסשטעלונגען.

דער ארכיוו טיילט זיך אין סעקציעס און אָפּטיילונגען: זעקס סעקציעס — לויטן אינהאַלט פונם מאַטעריאַל, און צען אָפּטיילונגען — לויט זיין אָנגעהעריקייט אין יעדער סעקציע. די סעקציעס זיינען:

א. דאָקומענטן. דאָס הייסט: כל־ערליי זאַכן אין שריפט, דרוק און סטענסיל פון אונזער לעבן אינם עבר און פונם איצטיקן געזעלשאַפט־לעכן לעבן. די דאָקומענטן פונם עבר גיבן אונז איבער דעם גייסט פון אונזער דאַמאָלסטיקער געזעלשאַפט און דעריבער מוזן מיר זיי שטרענג אָפּהיטן. עס טרעפט, אַז די זאַכן זעען אויס ווערטלאָז אין די אויגן פונם חבר אדער פונם אַנשטאַלט, און פאַרן ארכיוו זיינען זיי — אומשעצבאַר. דעריבער זאָרגט דער ארכיוו אויפצונעמען יעדן דאָקומענט, יעדן פּאַפּירל, וואָס האָט אַ שייכות צו געזעלשאַפטלעכע ענינים. אין 8000 טעקעס ליגן הונדערטער טויזנטער דאָקומענטן, פאַנאַנדערגעטיילט לויט ענינים, אונטער־נעמונגען און פּערזאָנען.

ב. פּרעסע: די דאַזיקע סעקציע איז די גרעסטע אין כמות און אויך איר איכות איז וויכטיק, ווייל זי פאַרמאָגט צייטונגען, וואָס מיט דעם חורבן פון גלות — זיינען זיי אפשר די איינציק־פאַרבליבענע נומערן. אין דער דאַזיקער סעקציע געפינט זיך די גרעסטע פּרעסע־קאָלעקציע פון דער ארבעטס־באַוועגונג און דער עיקר פון די ארבעטנדע ישובים, הגם פון שלימות איז זי נאָך ווייט.

ג. ביכער: אויף דעם געביט פעלט א סך, אבער דער אַנשטאַלט האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל אויפצוזאַמלען אונזער גאַנצע ליטעראַטור, אריינגערעכנט אַלע ליטעראַרישע אויסגאַבן, אויך פון איינצלנע אינסטי־טוציעס און אונטערנעמונגען. ביז איצט איז ניטאָ אַזאַ אָרט, אויף וועלכן מען זאָל קענען זאָגן, אַז דאָרט געפינט זיך די גאַנצע ארבעטס־ליטעראַטור. ס'איז אבער א פליכט דאָס צו טאָן, ווייל ס'זיינען פאַראַן מאַטעריאַלן, וועלכע פאַרשווינדן פון מאַרק.

ד. מודעות: דער דאַזיקער מין דינט אין פיל פאַלן ווי א זיכערער דאָקומענטאַלער מאַטעריאַל און א דייטלעכער עדות פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג, אירע קעמערלעך און טיילן. אילוסטרירטע מודעות ווערן געזאַמלט באַזונדער.

ה. פאָטאָגראַפיעס: אין ארכיוו געפינען זיך העכער עלף טויזנט פאָטאָגראַפיעס, און די זאַמלונג האַלט אין איין וואַקסן, אבער טראָץ אַלעם איז עס בלויז א קליין הייפעלע פון דעם, וואָס איז פאַראַן און דאַרף נאָך קאָנצענטרירט און געזאַמלט ווערן. ס'איז ניטאָ קיין מער איבער־

צייגנדע דאָקומענטאציע, ווי א גרופן־פאָטאָגראפיע אָדער א פאָטאָגראפירטע טעטיקייט פון אמאָליקע צייטן.

ו. געגנשטאנדן: אין דער דאזיקער סעקציע זיינען צונויפגע־זאמלט פאָנען, זשעטאָנען, עטיקעטן, מטבעות, קמיעות און כל־ערליי אָנ־דענקונגען פון פערזענלעכקייטן און פארשיידענע געשעענישן, ווי אויך קונסט־שטיק. אין די לעצטע יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן א ספעציעלע סעקציע פאר קונסט פון ארבעט, וואס דארף זיך אנטוויקלען אין א ספע־ציעלן מוזעאום. דערווייל ציילט אָט די סעקציע ארום דרייסיק קונסט־שטיק אין מאַלעריי און סקולפּטור פון אונזערע בעסטע קינסטלער.

און יעצט לויט די אָפּטיילונגען:

די ערשטע אפּטיילונג אין כמות און איכות איז די אָפּטיילונג פון דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטערשאפט. אין איר זיי־נען קאָנצענטרירט 80% פון די סעקציעס פאר דאָקומענטן און פאָטאָ־גראפיעס און ביי א העלפט פון דער פרעסע־סעקציע. זי פאַרמאָגט אָריגי־נעלע דאָקומענטן און פאָטאָגראפיעס, בראָשורן און צייטונגען פון אָנהויב פון דער ארבעטס־באוועגונג אין לאַנד און פון די פארשיידענע ארבעטס־אָרגאניזאציעס פון פאר דער צווייטער עליה. דער אנשטאלט באמיט זיך אויך אויפצוזאמלען לויפנדע מאטעריאלן פון היסטאָרישן ווערט.

די דאזיקע אפּטיילונג איז געווידמעט דעם גאנצן ארבעטנדן כלל אין ארץ־ישראל; אויך די באוועגונגען, וועלכע זיינען אויסער די ראמען פון דער הסתדרות אדער זיינען אפילו אירע קעגנער, — געפינען זיך אינם ארבעטס־מוזעאום.

פונם דאזיקן צענטער־פונקט, ד. ה. פון אונז אליין, גייען מיר ארויס צו די אנדערע אָפּטיילונגען: די נאָענטסטע אָפּטיילונג, לויט איר גרויס און אינהאלט, איז — די ציוניסטישע ארבעטס־באוועגונג אין גלות. דאָ געפינסטו שפּורן פון דער שאפונג פון צענדליקער באַ־וועגונגען און אָרגאניזאציעס אין אלע עקן פון גלות. און בשכנות מיט איר — די נאָענטסטע אָפּטיילונג: די יידישע ארבעטער־באוועגונג, און דאן די אָפּטיילונג: יידן אין דער אלוועלטלעכער ארבעטער־באוועגונג. אויך די ענינים פון אָט דער אָפּטיילונג זיינען אונז פיל נאָענטער, ווי עס דוכט זיך אויפן ערשטן אויגנבליק, ווייל ער נעמט ארום ניט נאָר די לערער פון דער באוועגונג, ווי מארקס, לאסאל און לוקסעמבורג, אבער אויך נאָענטערע פון זיי. עס זיינען אָנגעקניפּט געוואָרן באציאונגען מיט אייניקע אלגעמיין־סאָציאליסטישע פערזענלעכ־קייטן, ווי בערנשטיין און בלום, אָטאָ באוער און מאקס בער.

נאָך דעם ערשטן קרייז, דעם יידישן ארבעטער־קרייז — קומט אָן

אלגעמיין־יידישער קרייז. א באזונדערע אָפּטיילונג איז געווידמעט ארץ־ישראל בכלל. די שכנותדיקע אפטיילונג איז געווידמעט דעם ציוניזם בכלל, ווייל ס׳איז אוממעגלעך צו פאָרשן די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער־באוועגונג, אָן דער געשיכטע פונם ציוניזם. דער דאָזיקער צוזאמענהאנג דריקט זיך אויס ניט נאָר אין דעם, וואס דער ציוניזם האט פון זיין אָנהויב אָן פאָראויסגעטראָגן דעם געדאנק פון ארבעט, אבער אויך אין דער ממשות׳דיקער טעטיקייט פון אונזערע חברים אויפן געביט פון ציוניזם. אָט ליגט, למשל, דער מיטגלידס־ביכל נומער איינס פון דער הסתדרות נעבן דעם מיטגלידס־ביכל פונם געהיימען אָרדען „בני־משה״, וואס אחד העם האָט געגרינדעט, און ביידע געהערן זיי צו איין חבר, אלעקסאנדער זיסקינד ראבינאָוויטש ז״ל.

פונם ציוניזם — צו דער נאָענטסטער אָפּטיילונג: יידישקייט. פארשטייט זיך, אז דער מאטעריאל פון אָט דער אָפּטיילונג ווי אויך פון די שכנותדיקע אפטיילונגען מוז שטרענג קאָנטראָלירט ווערן, און בלויז דאס, וואס איז באמת פארבונדן מיט דער ארבעטס־באוועגונג, דארף בלייבן אינם ארכיוו, אבער בדרך כלל קען מען זאָגן, אז ניט ווייניק פונם אלגעמיין יידישן מאטעריאל האָט א שייכות צו אונז.

דער דריטער קרייז נעמט ארום די דריי לעצטע אָפּטיילונגען. די וויכטיקסטע פון זיי איז: די אלוועלטלעכע ארבעטער־באוועגונג אין אלגעמיין. דערווייל איז אָט די אָפּטיילונג נאָך אָרעם לגבי דעם, וואס מען פאָדערט פון איר און צו וואס מען שטרעבט.

איר אונטערליגן די לעצטע צוויי אָפּטיילונגען: דעמאָקראטיע, פארשיידענע דעמאָקראטישע באוועגונגען אין דער וועלט, וואס זיינען מייסטנס א שול פאר ארבעטס־באוועגונגען, באפרייאונגס־באוועגונגען און ענלעכע; און די לעצטע אָפּטיילונג: פארשיידנס, ד. ה. מאטעריאלן, וועלכע עס איז שווער צוצוטיילן צו איינער פון די אויבנדערמאָנטע אָפּטיילונגען.

ד

אין דער הסתדרות זיינען טעטיק ארום הונדערט פופציק אנשטאלטן און אונטערנעמונגען, און אלע שאפן, אלע בויען די געשיכטע. אבער ווי באוואוסט ווערט געשיכטע אָנגערופן געשיכטע ערשט דאן, ווען זי גייט אריבער דאָקומענטאריש צו די קומענדיקע דורות. דעריבער מוז מען צוגרייטן באדינגונגען פאר היסטאָריאָגראַפיע, און דאס איז, אייגנט־לעך, דער צוועק פונם ארכיוו.

אבער דער ארכיוו קען זיך ניט באגרענצן נאר מיט אונזערע בא־

דערפענישן אינם לאנד. אונזערע פארצווייגטע פארבינדונגען מיט די גלות־לענדער און מיט די אינטערנאציאָנאלע באוועגונגען פאָדערן א פיל ברייטערן פארנעם. פאר דער מלחמה זיינען געווען אין דער וועלט צוויי ארבעטס־ארכיוון פון א וועלט־מאסשטאב — איינער אן ארבעטער־ארכיוו פון „בונד״ און דער אנדערער, א ברייטערער, אן אלגעמיין־געזעלשאפטלעכער פון דעם ציוניסט דע־לימא אין אמסטערדאם. ביידע זיינען חרוב געווארן. דער ארבעטס־ארכיוו אין ארץ־ישראל דארף אלזאָ דינען אלס צענטראלער אוצר, אין וועלכן עס זאל געהיט ווערן יעדער פונק פון שאפונג פונם יידישן ארבעטער אין דער גאנצער וועלט און אויך פון די ארבעטער פון דער גאָרער וועלט.

מ. קושניר

## די „חדרי עיון״ אויפן נאמען פון נחמן סירקין

צום צענטן יארצייט פון נחמן סירקין, (אין יאָר 1935) האָט דער ועד הפועל באשלאָסן איינצואָרדנען אין תל־אביב „חדרי עיון״ (שטודיר־צימערן״) אויף זיין נאָמען.

די צענטראלע ביבליאָטעק פון דער הסתדרות האָט אין די יאָרן פון איר טעטיקייט (1922—1927) פארלייגט גרונט־ביבליאָטעקן אין די לאנדווירטשאפטלעכע ישובים, אין די מושבים, מושבות און שטעט, און האָט יאָרן־לאנג צוגעשטעלט די הונדערט און צוואנציק סניפים דאָס נייע און פאכמענישע בוך.

פון דעם רעשט ביכער האָט מען אויסגעקליבן ארום צען טויזנט בענדער און מען האָט צוגעקויפט נייע ביכער אין די פינף ריכטונגען: ארץ־ישראל־וויסנשאפט, שפראך־וויסנשאפט, יידישע דעמאָגראפיע און געשיכטע, ארץ־ישראל־דיקע ארבעטס־ליטעראטור, העברעישע ליטעראטור און סאָציאָלאָגיע. אָט דער אוצר פון ביכער האָט געדינט אלס יסוד פאר די „חדרי עיון״.

די „שטודיר־צימערן״ ווערן פיל באזוכט פון דער יוגנט און אירע אינסטרוקטאָרן, פון תלמידים, סטודענטן, לערער און קולטורטרעגער. זיי געניסן אויך פון דער פארצווייגטער ביבליאָגראפיע, וועלכע ווערט אין אנשטאלט גופא צוגעגרייט אין פארשיידענע וויסנשאפטלעכע געביטן.

די „שטודיר־צימערן״ פארמאָגן היינט צו טאָג העכער 16 טויזנט

ביכער און א ווייכטיקן אוצר פון טעגלעכער יידישער פרעסע אין העברעיש, יידיש און פרעמד־שפראכן, ווי אויך זאמל־ביכער פון אָנהויב פון אונזער נאציאָנאַלן רענעסאַנס ביז אונזער צייט.

ז. אהרנאוויטש

# אַן ארבעטער־אוניווערזיטעט

## א

די סאָציאַליסטישע באוועגונג — דער לעצטער אָנשפּאַר פאַרן גלויבן אין מענטש — זעט דעם ציל פונם סאָציאַליזם אין דער גייסטיקער פרייהייט פונם מענטש, וועלכע דריקט זיך אויס אין נאציאָנאַלער, סאָציאַלער, פּאָליטישער און קולטורעלער גלייכהייט. די דאָזיקע פרייהייט וועט דער ארבעטער דערגרייכן נישט דורך רעגלאַמענטאציע פון זיין גייסטיקן לעבן. דער עיקר יסוד פון פּראָלעטארישער דעמאָקראַטיע באשטייט אין פרייהייט פון וואָרט, געדאנק און קריטיק — פרייהייט פון אמת־זוכעניש.

די אנטוויקלונג פון דער דערציאונג פאר פּראָלעטארישער דעמאָקראַטיע פאָדערט מער צייט, געדולד און אָנשטרענגונגען — ווי דאָס איז, אין פלוג, נויטיק פאר אויפגעצוואונגענער דערציאונג. אין קאפּיטאליסטישן רעזשים זיינען נישטאָ קיין ברייטע מעגלעכקייטן פאר א פּראָלעטארישער און אוניווערסאַלער דערציאונג פאר ארבעטער־קינדער, און דער דערוואקסענער ארבעטער האָט נישט קיין איבריקע רעזערוון פון צייט און כוח, וועלכע זיינען נויטיק פאר ערנסטע און טיפע לימודים. אָבער אויך די מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען געווען און זיינען נאָך פאראן, זיינען ביז איצט נישט אויסגענוצט געוואָרן אין דער פולער מאָס דורך דער ארבעטער־באוועגונג.

אין אן אויספאָרשונג פון 1921, וועלכע איז אדורכגעפירט געוואָרן דורכן טרייד־יוניאָנען־קאָנגרעס אין ענגלאנד וועגן דער דערציאונג אין דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג, געפינען מיר צווישן אנדערע: „— דער גרעסטער טייל פון ארבעטער און ארבעטערינס פארלאָזן די שולע נאָך איידער זיי האָבן באהערשט דאָס לייענען, שוין אָפּגערעדט פון לימודים. נאָר דורכן צוזאמענשטויס מיט ערנסטע פּראָבלעמען אין זייער לעבן, אָדער ווען זיי פאראינטערעסירן זיך מיט די אויפגאבן און צילן פון זייער פאראיין, דערוועקט זיך אין זיי דער ווילן צום לערנען. אָבער די ספקות אינעם דערפאָלג פון זייערע לימודים, און אויך אנדערע סיבות פאראליזירן

זייער ווילן. עס איז נויטיק א הילף פון דער באוועגונג, כדי דער חבר זאָל גובר זיין די ערשטע שוועריקייטן און די נאַטירלעכע אומזיכערקייט, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַזאַ אַנשטרענגונג".

אַ שמועס אויף דער דאָזיקער טעמע מיט טוער פון דער פּראָפעסיאָ־נעלער באַוועגונג אין ענגלאַנד, אין 1936, האָט מיך גאָרניט איבערצייגט, אַז אויפן געביט פון דערציאונג איז געמאַכט געוואָרן אַזאַ אַרבעט, וואָס פּאַסט זיך פאַרן כוח און פאַר די באַדערפענישן פון דער דאָזיקער מעכטיקער באַוועגונג. אין אַ סך־הכל־שמועס מיט איינעם פון די הויפּטפירער פון דער ענגלישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג האָב איך געפרעגט: וויאַזוי גרייט זיך צו די בריטישע אַרבעטער־באַוועגונג צו דער אויפגאַבע פון איבער־נעמען די מאַכט אין דער מדינה און אין דער אימפּעריע? וויאַזוי גרייט זי צו די אַרבעטער־אַדמיניסטראַציע פאַר די קאָלאָניעס, דעם פּראָלעטאַ־רישן דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס, די ווירטשאַפטס־קאַדרען, די פּאָליטישע אָנפירער? דער ענטפער האָט נישט באַפרידיקט. די בריטישע פּראָפעסיאָ־נעלע באַוועגונג איז אין די סך יאָרן פון איר עקזיסטענץ געווען בעיקר אַן ערנסטע שולע פאַר פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן, אין ענגען זין פון וואָרט, אָבער זי האָט נישט געדינט ווי אַ לערן־אַנשטאַלט פאַר דער צוגרייטונג פונעם אַרבעטער־קלאַס צו רעגירן מיט ענגלאַנד. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָט זיך די טעטיקייט אויף דעם געביט אַ רוק געטאָן פאָראויס.

ערנסט גרין — דער לייטער פון דער דערציאונגס־אָפּטיילונג פון דער בריטישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, — שרייבט אין 1944:

„דער דויער פון דער איבערגאַנגס־תקופה צווישן דער אַלטער און נייער געזעלשאַפט וועט זיין אָפּהענגיק אין דער מאָס פון דער דערציע־רישער פאַראינטערעסירונג ביי דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג. ווען מיר וועלן קענען זאָגן, אַז מיר האָבן פאַרגרעסערט אויף צוואַנציק מאָל אַזויפיל די צאָל אַרבעטער, וואָס לערנען געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן, וועלן מיר זיך פילן מער זיכער. מיר וועלן וויסן, אַז מיר האָבן, לכל הפחות, צוגעגרייט אַ גענוגנדן כוח אַוועקצולייגן דעם יסוד פאַר דער נייער געזעל־שאַפט, — — די פאַרווירקלעכונג פון די שטרעבונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז אָפּהענגיק נישט ווייניקער אינעם איכות פון די מיטגלידער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, ווי אין זייער כמות. אין יעדער אַרבעט־טער־באַוועגונג איז פאַראַן אַ פעסט קערנדל, וואָס אַרום אים קאָנצענטרירט זיך דער גרויסער קרייז. דער דאָזיקער גרויסער קרייז אין דער פּראָפעסיאָ־נעלער באַוועגונג איז מערסטנס צוזאַמענגעשטעלט פון נייע חברים, וועלכע קענען זייער ווייניק די געשיכטע און די שטרעבונגען פון דער באַוועגונג. דער כוח אויסצוהאַלטן יעדן קריזיס געפינט זיך אינעם קערנדל. זיינע חברים

בילדן דעם אקטיוון, פראָגרעסיוון און דינאַמישן כוח. דער עיקר פּראָבלעם איז — צו פאַרברייטערן דעם ראַדיוס פונם קערנדל אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל באַשטראַלן אַלע חברים פון דער פּראַפּ. באַוועגונג און ער זאָל וועקן אין זיי דעם ווילן אויסצונוצן זייערע מעגלעכקייטן און דערפילן זייערע פליכטן; כדי דאָס צו דערגרייכן איז פאַראַן נאָר איין וועג — אַ סיסטעמאַטישע און דויערנדע דערציאונג. די פאָדערונג וועט נישט קומען פון די אַרבעטער זעלבסט, אונזער דערציאונגס־מעטאָד איז נישט אַזאַ, אַז ער זאָל וועקן באַגייסטערונג פאַר בילדונג. עס איז מעגלעך, אַז מיר האָבן געקענט לעבן אַזוי מיט צוואַנציק יאָר צוריק. איצט איז די דרינגענדסטע אויפגאַבע — שאַפן דעם געזעלשאַפטלעכן אַחריות־געפיל צווישן די חברים אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, פאַרמערן אין אַ גאָר גרויסער מאָס די צאָל חברים, וואָס זאָלן אויף אַן אַקטיוון אופן באַטייליקן זיך אין דער הערשאַפט פונם פאָלק, פאַרן פאָלק און דורכן פאָלק".

ב

ביים פינף־און־צוואַנציק יעריקן יובל פון דער הסתדרות, קומען אַרויף אויפן געדאַנק דריי גרונדפראַגן: וואָס איז אַנטהאַלטן אין די „דריי דימענסיעס" פונם הסתדרותישן וועזן? וויאַזוי, מיט וועלכע וועגן און מיט וואָס פאַר־אַ מעטאָד איז אָנגעזאַמלט געוואָרן דער מענטשלעכער, גייסטיקער און מאַטעריעלער פאַרמעג פון דער הסתדרות? און ווער איז דער „הויפּט־העלד" אין דער אייגנאַרטיקער היסטאָרישער דראַמע, וואָס רופט זיך אַלגעמיינע הסתדרות?

איך וועל מיך אָפּשטעלן נאָר אויף דער לעצטער פראַגע.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען געווען עטלעכע דעצידירנדיקע פראָנט־קאַמפן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט נעמען פון באַרימטע קאָמאַנדירן. אָבער אויך בנוגע די דאָזיקע קאַמפן דערציילט מען אונז, אַז זייער גורל איז דעצידירט געוואָרן נישט אין געלונגענע שלאַכטן איבער לענדער, געגנדן און שטעט. מען דערציילט אונז, אַז דער אויסגאַנגס־פּונקט פאַרן נצחון זיינען געווען די קאַמפן פּנים־אל־פּנים פון איינצעלנע זעלנער, אָדער איינצעלנע גרופּעס זעלנער, אויף אַ קליינעם שטח, אינעם קאַמף פאַר אַ קעלער, אַ שטוב, אַ שטאָק אָדער אַ הויז. אין אַזעלכע קאַמפן זיינען פאַרשטאָפּט געוואָרן געפערלעכע שפּאַלטן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן דורכן שונא און עס זיינען אויפגעריסן געוואָרן די טויט־שפּאַלטן אינעם שונאס פראָנט. איצטער, נאָכן נצחון איז אַ ספק צי מען געדענקט נאָך די שטחים, וואו עס זיינען געשטאַנען די הייזער אין וועלכע עס זיינען פאָרגעקומען די קאַמפן, וואָס זיינען געווען

אנטשיידנדיק פאר לענדער און קאָנטינענטן, אין גרעסטן טייל ווייסט מען אפילו נישט די נעמען פון די אומבאקאנטע העלדן, וועלכע האָבן אויסגעפירט די דאָזיקע מלאכה.

דער ארץ־ישראל׳דיקער ארבעטער־באוועגונג זיינען באקאנט גרויסע פערזענלעכקייטן, הערלעכע אידעען און אָריגינעלע שיטות, וועלכן האָבן מיטגעווירקט אינם רעאליזירונגס־פּראָצעס. ביז איצט קען מען נאָך זען אין לאנד שאָסייען, פּרדסים, ווירטשאפטן, וואו עס איז פאָרגעקומען דער געראנגל פון יחידים אין באשטימטע צייטן און קריזיסן, פאר אַן אויסגאנגס־פּונקט צו אויפמונטערונג, האָפנונג און גלויבן. אָבער שוין היינט איז נישטאָ דער אויסדרוק פארן קאמף פון די מאסן אומבאקאנטע חברים — פריער הונדערטער, און שפּעטער טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, — וועלכע האָבן אין פארשידענע צייטן און אין פארשידענע קריזיסן געקעמפט: פאר דעראָבערן און גובר זיין זיך זעלבסט און זייערע שוואכקייטן; פאר ארבעטס־דעראָבערונג, פאר ארבעטס־פעאיקייט, ארבעטס־מקורות, ארבעטס־מאטאָדן און ארבעטס־פּלעצער; דאָס זיינען געוועזן יענע מאסן חברים און חברטעס, וועלכע האָבן געלעבט אין באדינגונגען פון עקזיסטענצלאָזיקייט, אָן א פעסטער געגנווארט און אָן אויסזיכטן אויף דער צוקונפט, פאראיינזאמט צווישן איינצעלנע און פאראייזאמט צווישן מאסן, אָבער מיטן ווילן זיך גובר צו זיין. עקשנותדיק און אפשר אויך לית־ברירהדיק, האָבן זיי געפירט דעם קאמף מיטן אקעראייזן, גראָבאייזן און האמער, כדי צו דערגרייכן דאָס, וואָס האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי א ציל פארן כלל און פארן פּרט גלייכצייטיק.

דער יידישער ארבעטער אין ארץ־ישראל האָט געהאַט א כאראקטער, וועלכער האָט אים אין דעם עבר דערפירט צו דעם, צו וואָס ער איז דערגאנגען, און ער האָט אים געהאָלפן צו פארווירקלעכן דאָס וואָס ער האָט פארווירקלעכט — א כאראקטער פון „בכל נפשך ובכל מאודך״, — „מיט לייב און לעבן״.

איז דער דאָזיקער כאראקטער אָפּגעהיט געוואָרן ביים ארץ־ישראלדיקן ארבעטער? מיר אלע זיינען פארפליכטעט „אָנצוגעמען זיך מיט כוח און זען״ די זאכן אזוי ווי זיי זיינען. דידאָזיקע אייגנשאפט איז ספּעציעל וויכטיק אין א תקופה, ווען אין אונזער געזעלשאפטלעכקייט פארטיפט זיך דער אויסדרוק: „מיר וועלן פאָרזעצן — אויב אפילו אליין״.

מען דאַרף פעסטשטעלן, אז פון דער צווייטער העלפט פון דער צייט, זינט עס עקזיסטירט די הסתדרות, און בעיקר זינט דער מאסן־עליה אין 1933, האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון אָרגאנישער ענדערונג אינם צוזאמענשטעל פון דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטערשאפט. נישט אלע

וואָס זיינען געקומען ביז דאַן זיינען געבענטשט מיטן „אַמאָליקן" כאַראַק־טער פונם ארץ־ישׂראלדיקן ארבעטער, אויך ניט אַלע וואָס זיינען געקומען שפּעטער — זיינען פון דאָזיקן כאַראַקטער געווען פריי. אָבער עס איז גישטאָ קיין שום ספק, אַז די ארבעטער־עליה, וואָס איז געקומען אין דער ערשטער העלפט פון דער הסתדרות־עקזיסטענץ, איז צום גרעסטן טייל געקומען „לשמה", אידעאַליסטיש, — זי איז אין גרעסטן טייל אַדורכ־געגאַנגען דעם „החלוץ" און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון ארבעטענדן ארץ ישׂראל אין גלות. דאַקעגן איז די ארבעטער־עליה אין דער צווייטער העלפט פון דער הסתדרות־עקזיסטענץ געקומען אין לאַנד „שלא לשמה". געוויס האָבן אַ סך טויזנטער פון דידאָזיקע ארבעטער זיך אַקלימאַטיזירט, איינגע־וואָרצלט און איינגעפּאַסט זיך אין דער ארץ־ישׂראלדיקער ארבעטער־באַוועגונג, אָבער אַ סך טויזנטער זיינען געבליבן אָפּגעריסן פון דער באַוועגונג — פון דאַן ביזן היינטיקן טאָג.

די לעצטע צוועלף יאָר איז אויסגעוואַקסן דער צווייטער דור פון די געבוירענע אין ארץ־ישׂראל (און גישט דווקא ארבעטער־קינדער) און פון די, וועלכע זיינען געקומען אין לאַנד אַלס קינדער. דערדאָזיקער שיכט נעמט שוין אַרום אַ באַדייטענדן פּראָצענט אין דער ארבעטעראַשאַפט. אין אַ טייל פון זיי, וועלכע געפינען זיך אין דער ארבעטער־לאַנדווירטשאַפט, אָדער וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען פון די שטעט און מושבות צו דער ארבעטער־לאַנדווירטשאַפט, האָבן זיך אויסגעמישט די פּאָזיטיווע אייגנ־שאַפטן פון די ארץ־ישׂראלדיקע איינגעבוירענע מיט דער פּאַרטיפּטער דער־ציאונג פון דער חלוצישער באַוועגונג. אָבער אַ טייל פונם צווייטן דור אַרבעטנדע אין די שטעט און אין די מושבות, האָבן ניט באַקומען קיין שום אידייאישע דערציאונג אָדער אַ גאַנץ אויבערפלעכלעכע דערציאונג און זיי זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אינם ארץ־ישׂראלדיקן ארבעטער־קעסל אָן שום אידייאישער צוגרייטונג.

אין די לעצטע צוועלף יאָר האָבן זיך אויך געענדערט די אַלגעמיינע אומשטענדן, אין וועלכע עס געפינט זיך דער ארץ־ישׂראלדיקער ארבעטער. אַמאָל האָט זיך אויסגעשמידט דער כאַראַקטער פונם ארץ־ישׂראלדיקן ארבעטער אין אומשטענדן פון ווייניק ברויט און אַ סך וויזיעס, און דאָס האָט זיך אויסגעגלייכט אין אַ פּאָזיטיוון באַלאַנס. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אין לאַנד געשאַפן אומשטענדן, וועלכע ברענגען אילוזיעס לגבי דעם גורל פונם פּרט און מאַנגל אין וויזיעס לגבי דעם גורל פונם כלל. אויך דאָס האָט זיך אויסגעגלייכט — אין אַ נעגאַטיוון באַלאַנס.

און נאָך עפּעס. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די גרויסע דערגריי־כונגען פון דער הסתדרות — זיינען געקומען נישט נאָר צוליב איר אָרגאַ־

ניזאציאָנעלער צענטראַליזאַציע־סיסטעם. די הסתדרות האָט זיי דערגרייכט אויך צוליב דעם, און אפשר דוקא צוליב דעם, וואָס אין דעם עבר האָט אין איר געהערשט אַן אידייאישע קאָנצענטראַציע פון א קלאַסן־פּאַרטיי. אָט די אידייאישע קאָנצעטראַציע איז אין די לעצטע יאָרן אויפגעטרייסלט געוואָרן און צוזאַמען מיט איר איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער דערציע־רישער כוח פונם הסתדרותישן כלל.

אויב מיר וואָלטן געדאַרפט שאַפן די הסתדרות אין 1947, וואָלטן מיר זי נישט געשאַפן אַזוי ווי זי איז איצטער, נישט נאָר צוליב דער פּאָליטישער צעשפּליטערונג פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר צוליב דעם, וואָס אַנגעזעענע טיילן פון דער אַרבעטער־שאַפט, אַזוי ווי זי איז ביים היינטיקן טאָג, וואָלטן נישט מסכים געווען אויף א הסתדרות, וואָס איז נישט נאָר א פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, נאָר א הסתדרות וואָס נעמט אין זיך אריין דאָס גאַנצע אַרומיקע לעבן: א הסתדרות וואָס איז אומרויק לגבי דעם גורל פונם פאָלק, דעם גורל פונם ישוב, דעם גורל פון אָפּגעשטאַנענע שיכטן און עדות אין דער אַרבעטער־שאַפט; א הסתדרות וועלכע באַאומרויקט נישט נאָר די אַנדערע קלאַסן, נאָר אויך אירע אייגענע חברים, ווייל זי איז א הסתדרות, וואָס נישט נאָר מען שטעלט איר פאָדערונגען, נאָר אויך זי שטעלט פאָדערונגען צו אירע חברים.

די צוקונפטיקע עקזיסטענץ פון דער הסתדרות, אַזוי ווי זי איז איצט, פאָדערט א טיפע דערציאונגס־און־בילדונגס־איבעראַקערונג צווישן די צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אין איר איינגעשלאָסן אין דער צווייטער העלפט פון איר קיום. די דאָזיקע מסקנה און איר לעבנס־נויטווענדיקייט וועט נאָך בולטער ווערן, אויב מיר וועלן זיין מסוגל פאָר־צושטעלן זיך „די צעבראָכענע לוחות", וועלכע וועלן אָנקומען מיט דער צוקונפטיקער עליה פונם אייראָפּעישן גיהינום.

און נאָך איין עיקר. צוליבן כמותדיקן וואוקס פון דער הסתדרות, און אויך אומאָפּהענגיק און נישט אין דער פּראָפּאָרץ צו איר כמותדיקן וואוקס, האָבן זיך פאַרטיפט און פאַרמערט אירע אויפגאַבן, אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע אָפּצווייגן, אַרבעטס־געביטן, אירע אינסטרומענטן און מיטלען. כדי זיי אָפּצוהיטן זיינען איצט נויטיק א סך מער כוחות און מער ספּעציא־ליזירטע כוחות, ווי עס איז נויטיק געווען ביים אָנהויב. דעמאָלט איז אויך מעגלעך געווען צו פאַרלאָזן זיך אויף דעם „רוח אלוהים", וואָס שוועבט איבער איר. איצט זיינען אפילו די רוחות וואָס שוועבן אַנדערע ווי דעמאָלט.

די הסתדרותישע אָרגאַניזאַציע, אינם ענגן זין פון וואָרט, נעמט אַרום

א פארצווייגטן הסתדרותישן אפאראט פון טויזנטער מיטארבעטער: אָנגעשטעלטע אין די ביוראען, אין געזונטהייטס־דינסט, דערציאונג, ווירטשאפט, אין דער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג; די הסתדרותישע אָרגאַניזאציע, אין ברייטן זין פון וואָרט, נעמט ארום נאָך טויזנטער חברים — מיטגלידער פון ארבעטער־קאמיטעטן, פון ארבעטער־ראטן, פארוואלטונגען פון פראָפעסיאָנעלע פאראיינען און זייערע ראטן, אינ־סטרוקטאָרן פון יוגנט־אָרגאַניזאציעס, מיטארבעטערינס פון „ארגון אמהות עובדות" און אנדערע.

מיר האָבן דעם גאנצן כבוד צו די מיטארבעטער פון די הסתדרו־תישע אינסטיטוציעס, מען מוז אָבער צוגעבן, אז דאָס וועט זיין אן ערנסטע פארנאכלעסיקונג, אויב מען וועט נישט שאפן ממשותדיקע מעג־לעכקייטן פאר זייער אידייאישער דערציאונג — לכל הפחות, פאר גרויסע טיילן פון זיי, ווייל אין זייערע הענט איז דאָך איבערגעגעבן געוואָרן די פאקטישע אָנפירונג מיט די אונטערנעמונגען און דינסטן פון דער הסתדרות.

איינער פון די גרויסע אדמיניסטראטאָרן אין ראטנפארבאנד האָט אמאָל געזאָגט: „א גוטע אָרגאַניזאציע איז די, אין וועלכער עס זיינען נישטאָ קיין מענטשן, וועלכע מען קען נישט פארטרעטן". און אונזער הסתדרות ליידט נישט נאָר פון מאנגל אין קאדרען אָנצופירן מיט דער ארבעטער־ווירטשאפט, אין מאנגל פון קאדרען פאר א פארטיפטער קול־טור־טעטיקייט צווישן די מאסן, פאר דער ארבעט אין דער פראָפעסיאָ־נעלער באוועגונג — עס זיינען אויך נישטאָ גענוג מענטשן, וועלכע זאָלן קענען פאַרטרעטן די אָנפירער פון דער קולטור־טעטיקייט ביי דער יוגנט, צווישן די מזרח־עדות. אויך די עקזיסטירנדע ארבעטער־קאָמיטעטן נויטיקן זיך אין נייע יונגע רעזערוון. מיט דער וואוקס פון דער הסתדרות פאָדערט זיך אלץ מער און מער פעאיקע און אויסגעבילדעטע חברים פאַר דער דאָזיקער אויפגאבע, וועלכע איז איינע פון די פונדאמענטאלע אין דער הסתדרות. אזוי איז די לאגע אין יעדן הסתדרות־געביט, וואו מען זאָל זיך נישט ווענדן.

אין די לעצטע ניין יאָר זיינען געמאכט געוואָרן דורך דער הסתד־רות דריי פרוּוון אויף דעם געביט: א סעמינאר פאר אקטיווע טוער אין דער צייט פון י. זאנדבאנק ז"ל, דער „שטודיר־חודש" אָנגעפירט דורך ב. קאצענעלסאָן ז"ל און א סעמינאר פאר די הסתדרות־שליחים אין גלות.

מיט צוואנציק יאָר צוריק איז געשאפן געוואָרן דאָס צענטראלע קולטור־ווערק פון דער הסתדרות, — דער „דבר" — דעמאָלט א וואוג־

דערלעך ווערק: א ארץ־ישראלדיקע טאָג־צייטונג פאר ארץ־ישראלדיקע ארבעטער, ארויסגעגעבן דורך ארץ־ישראלדיקע ארבעטער. מיט עטליכע יאָר צוריק איז געשאפן געוואָרן דאָס צווייטע צענטראלע קולטור־ווערק — „עם־עובד” — א באזע פאר דער גייסטיקער העגעמאָניע פונם ארץ־ישראלדיקן ארבעטער אין לאנד. און דאָס דריטע ווערק, וואָס איז א לעבנס־נויטיקייט פאר דער הסתדרות — איז צו שאפן אן אוניווער־זיטעט פאר ארבעטער, א נר־תמיד פון דער ארבעטס־תורה, אן ארבעטער־אוניווערזיטעט, וואָס באזירט זיך אויף א טענדענץ פון טעאָרעטישער צוגרייטונג פאר הסתדרותישער ווירקלעכקייט, אן ארבעטער־אוניווערזי־טעט, וועלכער וועט פלאנמעסיק און מעטאָדיש, מיט אויסדויער און התמדה צוגרייטן אקטיווע כוחות צווישן דער ארבעטרשאפט פאר דעם גאנצן קנויל אויפגאבן, וואָס זיינען נויטיק כדי אָנצופירן מיט דער הסתדרות.

אזא אינסטיטוציע, אויב זי וועט אָנטשטיין, וועט זי אויך קענען אקטיוויזירן און כסדר שפייזן א פאָפולערע ליטעראריש־פראָלעטארישע אויסגאבע, צוגעפאסט צו די ארבעטער־מאסן און צו די פארשיידענע קולטורעלע קלימאטן אין דער ארבעטערשאפט.

צום פינף־און־צוואנציקסטן יובל פון דער הסתדרות, וועט דאָס זיין די בעסטע מתנה פון דער הסתדרות פאר דער ארבעטערשאפט, ווען זי וועט צוטרעטן אויפצושטעלן דעם ערשטן און אייגענעם בנין פארן יידישן ארבעטער־אוניווערזיטעט אין ארץ־ישראל.

**באמערקונג: דעם ערשטן מאי 1946 איז אוועקגעלייגט געוואָרן דער גרונדשטיין פאר א לערן־אנשטאלט פאר הסתדרות־טוער, און דעם ערשטן מאי 1947 איז געפייערט געוואָרן זיין חנוכת הבית. אין סוף מאי 1947 האט די שול אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן.**

**ב. קאצענעלסאן:**

## דער ביכער־פארלאג פון דער הסתדרות

אויב דער געדאנק פון א ביכער־פארלאג, ווי א שטענדיקע און אומפאסנדע אונטערנעמונג פון דער הסתדרות, איז אין די פריערדיקע יאָרן ניט רעאליזירט געוואָרן, איז עס ניט דערפאר, ווייל מען האָט דאן גארניט געטאן. פארקערט, די הסתדרות און אירע אנשטאלטן האבן יא עפעס אויפגעטאן, אויך אין די פריערדיקע יארן, אויפן געביט פון

דער ליטעראַטור. עס זיינען פאַראַן ווערטפולע ווערק, וועלכע האָבן זוכה געווען צו אַלגעמיינער אָנערקענונג. געננג צו דערמאָנען די מאָנאַט־שריפט: „השדה“ און די ביכער, וואָס זי גיט אַרויס, און וואָס האָבן ניט קיין גלייכן אין קיין שום אַנדער ווינקעלע פון אונזער פאַכמענישן לעבן. אויך אונזער אָרגאַניזאַציע פון אָנגעשטעלטע (הסתדרות הפקידים) איז אַרויף אויפן וועג פון פאַכמענישער ליטעראַרישער שאַפונג, און ס׳איז איר געלונגען צו לייגן די התחלה פאַר אַ גוטער ביבליאָטעק.

שוין אין די ערשטע טעג איז מען געווען איבערצייגט, אַז די הסתדרות דאַרף אַרבעטן אויף דעם געביט. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מיר זיינען געווען זייער אָרעם, האָט די הסתדרות חקלאית (לאַנדווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע) געגרינדעט אַ ביכער־פאַרלאַג „אדמה“, וועלכער האָט זיך שוין דאַמאָלסט דערוועגט צו באַשטעלן אייניקע אָריגינעלע און איבערזעצטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. שפּעטער, ווען ס״איז געשאַפן געוואָרן די קולטור־קאָמיסיע פון דער הסתדרות, האָט זי אין דעם פּעריאָד פון איר בליען געשענקט אונז ביכער, וואָס האָבן ביז היינט זייער ווערט ניט פאַרלאָרן. „המסילה“ איז געווען דאָס לייען־בוך און דאָס לערן־בוך פון דער באַוועגונג. קורץ נאָך אים איז געגעבן גע־וואָרן חיסין׳ס „פּונם טאָג־בוך פון אַ בילו“; ס׳איז געגעבן געוואָרן „קריני־צה“ און אייניקע באַזונדערע התחלות, ווי „קובץ הקבוצה“, דאָס בוך פון לאַסאַל. עס זיינען געשאַפן געוואָרן אַזעלכע ביכער, ווי „דברי פועלות“, „השומר“ — וועלכע זיינען אוצרות פון דער גאַנצער באַווע־גונג. מיט דער איניציאַטיוו פון פאַרשידענע חברים זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אונטערנעמונגען, ווי „ספרית ברזילי“ און „חברה“.

אויך „דבר“, אַלס אַרויסגעבער, האָט ניט קיין קליינע רשימה פון ביכער. „דבר“ האָט אויסגעלייזט די ליטעראַרישע ירושות פון חברים: צבי שאַץ און רחל; האָט צונויפגעזאַמלט און געראַטעוועט פון אונזער פּאָעזיע אין רוסלאַנד אלישע ראַדין און לענסקי; האָט געמאַכט דעם ערשטן פּרוּוו צו איבערזעצן אין עברית כמעט פאַרלאָרענע זאַכן פון א. ש. ליבערמאַנס ירושה; האָט געהאָלפן דער יונגער פּאָעזיע; האָט פאַרעפנטלעכט דאָקומענטאַלע ביכער, ווי „בריוו“ אָדער „די געשעענישן פון תרצ״ו“. „דבר“ האָט אויך געגעבן בענדער וועגן דעם יידישען סאָציאַליסטישן געדאַנק. אָבער דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן ניט סיסטעמאַטיש, אָן ספּעציעלע מיטלען, מיט גרויסע אָנשטרענגונגען. עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַן אויפטו, וואָס שיינט צו זיין נאָר אַ צייטונגס־זאַך, נאָר ער איז זיך צעוואַקסן אין פיל בענדער: „דבר ליל־דים“. ניט פיל זיינען די זאַרגער פאַר אַ העברעישער קינדער־ליטעראַ־

טור. די קליינע וועכענטלעכע צייטונג שפייזט דאס קינד און די משפחה און די שול ניט נאר דאן, ווען זי דערשיינט, נאר אויך פיל יארן שפעטער.

דאס אלץ איז געמאכט געווארן כמעט אגב־אורחא, אָן באדינגונגען פאר פארברייטערונג, אָן שטענדיקייט, אָן שטענדיקע מענטשן. ס״איז געקומען די צייט, אז דאס דאזיקע ארבעטס־פעלד זאל טיף דורכגעאקערט ווערן.

כדי ניט ארויסצורופן קיין טעות: איך מיין ניט קיין פארלאג פון א פראפעסיאנעלער ארגאניזאציע אדער א פאליטישער שטרעמונג — די דאזיקע זאכן קענען און ווערן געטאן דורך די ארבעטער־ראטן, פראפע־סיאנעלע פאראייניגן, דורך די פּאליטישע שטרעמונגען אליין. מיין כוונה איז, אז די הסתדרות זאך צוטרעטן צו דעם ווערק אזוי, ווי זי איז שוין צוגעטראטן צו אייניקע וויכטיקע חלוצישע ווערק, אז די הסתדרות זאָל נעמען אויף זיך די אויפגאבע צו שאפן אין העברעיש דעם פאלקס־פארלאג, א ביכער־פארלאג, וואס וועט געוויס ניט פארנאכלעסיקן די דירעקטע באדערפענישן פון דער פראקטישער, עקאָנאָמישער, פראָפעסיאָ־נעלער און הסתדרותישער טעטיקייט, אבער וועט זיך ניט באנוגענען דערמיט און וועט זארגן צו דערפילן די גייסטיק־ליטעראַרישע באדער־פענישן פון דעם יידישן לעזער, בפרט דעם, וועלכער לעבט דאס לעבן פון דער הסתדרות.

איך וויל דערקלערן, פארוואס איז דאס פאר אונז ניט קיין סתם פרומער וואונש, נאר טאקע א לעבענס־נויט.

די גרינדער פון דער הסתדרות, די ערשטע גרופן פון דער צווייטער און דריטער עליה, האָבן מיטגעבראכט מיט זיך א געוויסן גייסטיקן באגאזש. ניט דאס איז די פראגע, צי דער באגאזש איז געווען א גענוגענדער: געוויס איז ער ניט געווען קיין גענוגענדער. אבער עס איז געווען א גייסטיקער באגאזש, וואס האט געקלעקט אויף יאָרן. ניט דאס בוך און ניט דאס לערנען זיינען געווען דער עיקר אין אונזער גייסטיקן לעבן. דער איבערגאנג פון א לעבן פונם בוך אָדער פון ליידיקגייערייי, צו א לעבן פון ארבעט — אין דעם אליין איז געווען א גענוגענדע גייסטיקע אָנשטרענגונג, וואס איז פעאיק צו באררייכערן די נשמה און דעם גע־דאנק. די דורות פון די גרינדער — זייער גייסטיקער לעבן איז ניט אזוי אָפּהענגיק געווען פון דער מאס פון זייער בילדונג; די טעכנישע און ווירטשאפטליכע באדערפענישן, וועלכע פלעגן געבוירן ווערן אין דער ארבעט, האבן געפאָדערט זייער פארענטפערונג מער, ווי די אלגעמיינע, אדער פאליטישע און געזעלשאפטלעכע בילדונג. און דאָס אינטימע טייערע ווינקעלע וואס איז דאמאָלסט געשאפן געווארן אין דער ארבעטס־ליטע־

ראטור, יענע פונקן פון געדאנק און פאעזיע זיינען פאר דעם הייפעל ארבעטער וואָס האָט געוואוסט זיין שוואכקייט, געגוג געווען צו דער־קוויקן די נשמה.

אין צווישנצייט זיינען מיר פון א הייפעל געוואָרן א פאָלק פון עולים און איינוואנדערער, וועלכע שפייזן זיך נאך טיילווייז פון פרעמדע וועלטן — געוואָרן א באוועגונג וואס איר גייסטיקער צענטר איז אין ארץ־ישראל. די בילדונג האט מען געדארפט באקומען אין לאנד, און דאס קינד האט מען געמוזט דערציען דא. מיר זיינען געוואָרן א באוועגונג, וואס פאר גרויסע טיילען פון איר איז עברית זייער איינציקע שפראך, די שפראך פון זייער ריידן און די שפראך פון זייער בילדונג, און דער דאזיקער עולם האט פארשיידענע גייסטיקע באדערפעגישן. ער האט עלעמענ־טארע באדערפעגישן און האט אויך מער קאמפליצירטע באדערפעגישן. און דער דאָזיקער עולם, וועלכער איז אן ארץ־ישראלדיקע לויל דער שפראך און לויט זיין לעבנס־אינהאלט — ווערט ער געשיקט צו זוכן זיינע גייסטיקע שפייזן אין דרויסן, אין ווייטע מקומות. ס'איז ניט קיין געזונטע לאגע, ווייל זי שטופט דעם מענטשן צו א פרעמד־שפראך, ווייל אויסערלעכער מאטעריאל פאָדערט א באארבעטונג און פארדייאונג, און לגבי מערערע פונם דור, וואס וואקסט אין דער באוועגונג, באדייט עס שיקן זיי צו מקורות, פאר זיי געשלאָסענע. אוי׳ב נאך צוואנציק יאָר קיום פילט די הסתדרות באמת די גאנצע ערנסט־קייט פון דער אחריות פאר איר צוקונפט, פארן גורל פון אירע אויפטוען; אויב דער ארבעטער־כלל לייגט ארייז אזוי פיל כוחות אין דער דערציאונג פון זיינע קינדער; אויב מיר פלעגן יוגנט־אָרגאניזאציעס — און גלייכ־צייטיק באמיען מיר זיך ניט צו דערלאנגען זיי אלעמען הילף דורך פאסנ־דער ליטעראטור — איז עס פונקט, ווי מען וואָלט ארויסגעשיקט מיליטער אויפן פראָנט און ניט מיטגעגעבן זיי דעם מינדעסטן וואפן, וואס איז זיי נויטיק.

מען דארף ניט פארגעסן, אז דער יונגער דור אין לאנד איז דאָפלט געשלאָגן געוואָרן: פון איין זייט איז אים ניט געלאָזט געוואָרן באַנוצן זיך מיט יענע בילדונגס־וועגן, וועלכע זיינען בדרך כלל אָפן געווען פאר זיינע עלטערן, — סיי אויב ער קומט פון אויסלאַנד, פון באדינגונגען פון חורבן, גזירות און שטערונגען אין בילדונג, און סיי אויב ער וואַקסט דאָ אין לאַנד, און שוין אין אַ יונגן עלטער רייסט ער איבער די לימודים און גייט ארבעטן. און אפילו אויב ער ענדיקט די שול — איז דער באַגאַזש ביט גענוג פאַר די באַדערפעגישן פון אַ דור, וועלכער שטייט אין די ערשטע רייען פון אַ גרויסן נאַציאָנאַלן פראָנט און וועלכער ווערט אויפגעפאָדערט צו בויען א פעסטן געזעלשאַפטלעכן בנין. פון דער אנדער זייט, — אויך

יענער גייסטיקער פאַרמעגן, וועלכן די באַוועגונג האָט געשאַפן אין ארץ־ישראל אין משך פון פינף און דרייסיק יאָר, און וועלכער איז אָנגעזאַפּט מיטן גייסט פון די הסתדרות־גרינדער, ווערט וואָס אַ מאָל ווייניקער צוטריטלעך פאַר די יונגע לעזער. עס זיינען אַוועק די צייטן, ווען יעדער לעזער איז געווען באַהאַוונט אין פאַרבאַרגענע ווינקעלעך פון דער ליטעראַטור, האָט געשעצט אַלטע בלעטלעך און געוואוסט, וואָס עס באַהאַלט זיך אין זיי און וואו צו זוכן דאָס, וואָס ער דאַרף. ס׳איז א פאקט, אז איצט דאַרף מען די זאכן ארויפלייגן אויפן האנט, העלפן פארדייען. און אויב די באוועגונג שאצט ניט אָפּ וואס זי פארמאָגט, אויב זי ווייס ניט, וואס איז דער גייסטיקער פארמעגן, וואס זי האט אין משך פון די יאָרן באשאפן, און קען די זאכן ניט צונויפנעמען, אָפּקלייבן די ווערטפולע און מאכן זיי צוטריטבאר פאַרן וואקסנדיקן דור — הייסט עס, אז זי איז אליין מותר אויף איר שאפונג.

די דאזיקע באדערפעניש צו געבן דעם חבר פון דער באוועגונג, די מאסן פון דער באוועגונג און די קינדער פון דער באוועגונג אַ גייסטיקע שפייז, קען ניט געמאכט ווערן אויף א צייטווייליקן אופן, אבי אָפּצופטרן. עס זיינען פאראן ליטעראַרישע פרוכטן, וואס ווערן לייכט צייטיק, אָן א ספּעציעלער זאָרג, אָן אַ השגחה. אין עס זיינען פאראן אזעלכע, וועלכע פאָדערן א טיפן אקער, אָן אָפּקלייב, א קאָנטראָל און א באַאַרבעטונג. עס זיינען דאָ ווערק — אויך געלונגענע — וועלכע פאָדערן ניט קיין פאָרשונג און פארטיפונג, און עס זיינען פאראן ווערק, וואָס פאָדערן א גרויסע צוגרייטונגס־אַרבעט און ספּעציעלע אָנשטרענגונגען. ווער וועט זיי מאַכן?

צי איז דאס ניט משונהדיק? אין א סך געביטן זיינען מיר די הויפּטצושטעלער (אָדער די איינציקע) פאר אונזער מחנה: אויפן געביט פון ארבעט, אויפן געביט פון מאטעריעלן געברויך; מיר פארשטייען, ווי שעדלעך עס איז צו זיין אָפּהענגיק פון מעקלערס, ווי וויכטיק עס איז די הסתדרותישע געברויכס־קאָאָפּעראציע, ווי וויכטיק עס איז אונזער אונטערנעמערישע טעטיקייט. אָבער אין דער גייסטיקער וועלט האָבן מיר זיך פארלאָזן אויף אנדערע, זיי זאָלן אונז ארויסהעלפן. ניט אויס גרינגשעצונג פון דעם, וואס אנדערע טוען, און ניט כדי אָפּצוזאָגן זיך פון דעם, וואס אנדערע טוען, פאָדער איך צו אָרגאניזירן אונזערע ווערק. ס׳איז דא ניטא קיין פראגע פון מאָנאָפּאָל. יעדער שאפנדער כוח וועט זיך אליין אנטפלעקן און וועט ווייזן, וואס ער קען.

איך רייד וועגן דעם ענין קודם־כל מצד די באדערפענישן פונם לעזער: ס׳איז א לעבנס־נויט פאר א מענטשן צו לייענען א גוטן בוך און ניט פארשווענדן זיין צייט אויף ווערטלאָזע ביכער; די זאָרג פאר דער

היים, פארן קינד, פאר דער בילדונג פונם לערער, פאר דער בילדונג פונם כלל־טוער, די זאָרג פאר דער יוגנט, וואס שפייזט זיך פאקטיש פון א צופעליקער אינסטרואירונג און צופעליקע ברשורן.

און ס'איז דא נאך א זייט אין דעם פראבלעם: די באציאונג פון דער ארבעטער־באוועגונג צום יידישן גייסטיקן שעפער. צי האט די ארבעטער־באוועגונג א פליכט צו זאָרגן פארן יידישן שעפער? איך זאָג: יא! אונזער באוועגונג, וואָס ליידט דעם ווייטאָג פון יעדן ארבעטנדן מענטש, דעם ווייטאָג פון זיין פארשקלאפונג, פון זיין ארבעטסלאָזיקייט — זי קען ניט זיין פריי פון מיטפילן דעם גייסטיקן שעפער.

און ס'איז דאָ נאָך א פראגע — ניט נאָר די פראגע פונם לעזער און שרייבער, נאָר פון גאנצן כלל: די זאָרג פאַר דער שאפונג פונם פאָלק. מען מוז זען מיט אָפענע אויגן, וואָס עס דערוואַרט אונז אינם גייסטיקן לעבן אין לאנד. עס הערשט נאָך ביי אונז א גייסטיקער מישמאש. מיר שפייזן זיך פון עטלעכע ירושות, פארבאָרגענע און לעבעדיקע, און מיר בילדן נאך ניט קיין איינהייטלעכן קולטורעלן קערפער. דאָס האָט א געוויסע מעלה: מיר אונטערליגן ניט איין קולטור. עס עקזיסטירן נאך פארשיידענע מקורות צום שעפן, ס'איז נאָך דאָ א טענדענץ צו באפרייען זיך פון כל־ערליי אָפנהענגיקייטן. ביים וואקסנדן דור ווירקט נאָך די טענדענץ צו עפעס אייגנעם. אבער, וואס דערוואַרט אונז אין גייסטיקן זינען, אויב די זאכן וועלן זיך ווייטער אנטוויקלען אזוי, ווי זיי אנטוויקלען זיך? עס זיינען דאָ גוטע מענטשן, וואס כאפן זיך אויף פון צייט צו צייט און „אנטדעקן" סכנות. זיי זיינען מייסטנס געגויגט צו זען די געפאר ניט דאָרטן, וואו זי עקזיסטירט. ביי מערערע איז געווען א מאָל אַן איבער־צייגונג, אז יידיש וועט זיין א סכנה פאר דער אויפלעבונג פון עברית; און אָט, נאך צוואנציק יאָר פון דער אזוי־גערופענער מאסן־עליה קען מען זאָגן מיט זיכערקייט, אז די געפאר פון יידיש עקזיסטירט ניט. זאָלן אריינקומען אין לאנד מאסן, וועלכע קענען ניט קיין עברית — ניט דאָ שטעקט די געפאר פאר עברית. א מענטש, וואס קען העברעיש און איז צו דער שפראך ניט צוגעבונדן -- ער איז פאר אונז א פיל גרעסערע געפאר. און אזעלכע זיינען דאָ צענדליקער טויזנטער. זיי קענען אויך זיין „פאטריאָטן פון עברית", אָבער דער דאָזיקער פאטריאָטיזם עקזיסטירט כל זמן ער שטערט ניט זייער קאריערע אָדער זייער פּאָזיציע אין דער געזעל־שאפט. די גרויסע סכנה איז נאך אפשר איצט ניט בולט, אָבער זי קען דערשיינען אין איר גאנצער שפלדיקייט מארגן־איבערמארגן: ארץ ישראל אלס ענגלישע קאָלאָניע אין גייסטיקן זין. אלץ ארום העלפט דערצו: די רעגירונג, די אויבערשטע שיכטן פון ישוב, די ביליקע פרעמדע ביכער,

וואס סטאַרטשען אַרויס פון אונטערן אָרעם ביי יעדן ייִנגל און מיידל, די זאָגן אונז אָן א נייעם לעוואַנטיניזם. ניט קיין לעוואַנטיניזם פון „אַליאַנס״, נאָר א פיל געפערלעכערער לעוואַנטיניזם, א צוועקמעסיקערער און רייכערער לויערט אויף אונז.

מיט דער דאַזיקער געפאַר, פונקט ווי מיט יעדער גייסטיקער סכנה, קען מען ניט קעמפן מיט באָיקאָט און זידלערייען. איר מקור שטעקט אין א באַשטימטער פּאָליטישער און סאָציאַלערווירקלעכקייט, מיט וועלכער מען דאַרף קעמפן. דערווייל זיינען נויטיק פאַרפעסטיקונגען, א גייסטיקע שטאַרקונג; שאַפן גייסטיקע אוצרות, וואס זאָלן דערוועקן כבוד; און זאָל מען ניט מיינען, ווי עס מיינט איצט יעדער מיידל און ייִנגל, אַז די העברעישע ליטעראַטור איז אָרעם און לאַנגווייליק, און אַז אינטערעס, לעבן און רייכטום קען מען געפינען נאָר אין איבערזעצונגען; זאָל מען וויסן, אַז א גוטע פאָרשונג און קלאַסישע וויסנשאַפט און ליטעראַטור קען מען געפינען ניט בלויז אין פרעמדע שפּראַכן, נאָר אויך אין עברית.

ווען עס וואָלט אין ציוניזם געהערשט דער געדאַנק, אַז די פּראָגע פון נאַציאָנאַלער קולטור איז פאַר אונז א גורל־פּראָגע (ווייל גייסטיקע פאַרפעסטיקונג איז דאָך א באַדינג פאַר דער מלחמה אין אַנדערע שטחים), וואָלטן זיך אויך געפונען וועגן פאַר ממשותדיקע ענדערונגען אין דער לאַגע פון דער ליטעראַטור און אין דעם גייסטיקן זעלבסטגעפיל פונם דור. אָבער עס איז ניט אַזוי, און פונקט ווי אין די אַנדערע ענינים זיצן מיר ניט און וואַרטן, אַז עמיצער זאָל זיך אויפכאַפּן און פאַרשטיין, און עס זאָלן זיך געפינען די מיטלען, נאָר מיר טוען דאָס אונזעריקע — אַזוי דאַרף די הסתדרות זיך מאָביליזירן צו אונזער גייסטיקער פאַרפעסטיקונג, ווייל דאָס איז אַ לעבנס־פּראָגע פאַר איר, פאַר איר צווייטן און דריטן דור. א ביכער־פאַרלאַג קען זיין בלויז א טייל פון דער פּראָגראַם.

ניט איין מאָל איז אין דעם לעצטן דור די גייסטיקע טעטיקייט אוועקגעשטעלט געוואָרן ווי א קעגנזאַץ צו דער קאָלאָניזאַטאָרישער און פּאָליטישער. מיר האָבן אין אונזער געשיכטע א שווערע ירושה: דער טראַגישער קעגנזאַץ צווישן די יבנה־לייט און די קנאים. יעדער פעסימיסט, יעדער ווער עס פאַרגינט אונז ניט קיין גרויסן ציוניזם, רעדט אין נאָמען פון „יבנה״. מיר ווייסן ניט די כוונות פון בן־זכאי, אָבער עס זיינען דאָ פאַרשיידענע יבנה׳ס: א יבנה פון פּוילן, א יבנה פון פלאַוויוס, א יבנה פון די קעגנער פון פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט. אָבער די יידישע געשיכטע קען אויך א ביישפּיל פון א פאַראייניקונג פון פּאָליטישן און סאָציאַלן אַקטיוויזם מיט גייסטיקן אַקטיוויזם: דער בונד צווישן רבי עקיבא און בר־כוכבא. אַזא פאַראייניקונג פאָדערט זיך פון אונזער דור.

אין פּאָליטישע און סאָציאַלע באַוועגונגען איז פאַראַן אַ נייגונג איבערצושאַצן דעם ווערט פון איין פאַקטאָר און ניט צו דערשאַצן דעם אַנדערן. דאָס איז אַ שלעכטע מידה. מיר האָבן געזען, ווי טייער עס האָבן אַרבעטער־באַוועגונגען אין דער וועלט באַצאָלט פאַרן איבערשאַצן דעם ווערט פון פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזאַטאָרישער אָדער פּאַרלאַמענטאַרי־שער טעטיקייט און וויפל זיי האָבן פאַרלאָרן צוליב פאַרנאַכלעסיקן דעם געביט פון דערציִונג, סיי אינעם ענגן און סיי אינעם ברייטן זין פון וואָרט. און אויב די זאַכן זיינען ריכטיק לגבי יעדער גרויסער באַוועגונג, זיינען זיי נאָך ריכטיקער לגבי אונדז. אויב ס׳איז דאָ אַ באַוועגונג וועגן וועלכער מען קען זאָגן: צוערשט איז געווען די אידעע — איז אונדזער באַוועגונג. מיר וואָלטן ניט געקומען אין לאַנד אַרײַן, ווען ניט אַ געוויסע גייסטיקע וועלט פון דורות, וועלכע זיינען געווען פאַר אונדז. געוויס ווערט מען זיך באַמיִען אונדז אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף דעם אָביעקטיוון מוז, וואָס איז דערבײַ געווען, ווייל אַלע וועגן זיינען פאַר אונדז געווען געשלאָסן. זיכער אַזוי, אָבער דער זעלבער מוז איז געווען ניט נאָר פאַר אונדז, נאָר פאַר נאָך מיליאָנען יידן — פאַרוואָס האָט ער ניט געווירקט אויף זיי? דער מוז עקזיסטירט, אָבער מען דאַרף אים זען, און ניט אַלע יידן האָבן אים געזען. בלויז אַ טייל האָט אים געזען, אַ טייל, וואָס אַ באַשטימטע גייסטיקע באַוועגונג האָט אים געעפנט די אויגן און געווענדעט זיין האַרץ. און אַ באַוועגונג, וועלכע האָט נאָך ניט באַוויזן צו געפינען אַ שטאַרקן עקאָנאָמיש־פּאָליטישן באַזיס, וועלכע מוז נאָך קעמפן פאַר עלעמענטאַרע רעכט; וועלכע מוז נאָך פירן אַ לאַנג־דויערנדע מלחמה פאַר זעלבסט־שטענדיקייט, אָנהויבנדיק פונם נידעריקסטן מוניצ׳פּאַלן קערנדל ביז צום העכסטן; אַ באַוועגונג, וואָס אויך דאָס, וואָס זי האָט ערוואָרבן געפינט זיך נאָך תמיד אין געפאַר — אַזאַ באַוועגונג, אויב זי קען זיך אַליין ניט שטאַרקן, אויב זי קען זיך ניט פעסט קעגנשטעלן קעגן פאַרלייקענען זיך אַליין, קעגן שפלות — איז זיך אַליין פון פאָראויס מפקיר דעם פיינד־לעכן שטורעם.

עס איז דאָ אייניקע מאָל געוואָרפן געוואָרן דאָס וואָרט „העגעמאָ־ניע" — העגעמאָניע פונם אַרבעטער אינעם פאָלק, אינעם ישוב, אינעם ציוניזם. טייל האָבן די זאַך געטייטשט צום גוטן און טייל צום שלעכטן. העגע־מאָניע — באַדייט ניט: „איך — און אויסער מיר גאָרניט"; העגעמאָניע באַדייט ניט: פאַרלייקענען די עקזיסטענץ פון אַנדערע קרייזן אָדער גרינגשעצן זיי; העגעמאָניע באַדייט אויך ניט די׳קטאַטור. העגעמאָניע ווערט ניט ערוואָרבן דווקא דורך מאַכט־מיטלען. העגעמאָניע באַטייט: גייסטיקע הערשאַפט, אַנטשיידנדיקע השפעה, גיין פאָראויס אינעם לעבן

פון פאָלק. און יעדע באַוועגונג, וועלכע האַלט זיך ניט בלויז פאַר א פּראָ־פעסיאָנעלן פאַראיין, שטרעבט צו העגעמאָניע. „בני משה" האָבן געשטרעבט צו א העגעמאָניע אין דער חיבת־ציון־באַוועגונג. דער אַרבעטס־געדאַנק קען זיך בכלל ניט פאַרווירקלעכן, אויב ער וועט ניט דערגיין צו א העגע־מאָניע אינם לעבן פון פאָלק. ס'איז ניט גענוג, אז דער יחיד, וועלכער טראָגט א געוויסן געדאַנק, זאָל זיך באַמיען אים צו פאַרווירקלעכן אין זיין פּערזענלעכן לעבן. עס איז אומבאַדינגט נויטיק, אז דער געדאַנק זאָל ווערן א קנין פונם כלל. ווען די אַרבעטער־באַוועגונג שאַפט באַשטימטע פאָרמען פון קאָלאָניזאַציע, ווען זי פירט דעם קאַמף פונם אַרבעטער אין דער מושבה, ווען זי קעמפט אויס פּאָזיציעס אינם מוניציפּאַלן לעבן, ווען זי קעמפט פאַר עליה — זיינען דאָס אַלץ דערשיינונגען פון דעם קאַמף פונם אַרבעטס־געדאַנק פאַר זיין פאַרווירקלעכונג, און זיין פאַרווירקלעכונג קען קומען בלויז דורך א העגעמאָניע אין דעם פאָלק. איך בין זיך מודה: פאַר מיר איז דער ענין פונם ביכער־פאַרלאַג, פון דער יוגנט־דערציאונג, פון שאַפן א העברעישע קינדער־ליטעראַטור, — אויך א קאַפּיטל אין דעם קאַמף פונם אַרבעטער און חלוץ פאַר דער העגעמאָניע אין ציוניזם.

(פון א רעפעראַט אויף דעם 42־טן ראַט פון דער הסתדרות, 1941)

ג. קרעסעל

# „דבר" און „עם עובד"

### „דבר" און זיינע אָפּצווייגונגען

אין דעם פּראָגראַמאַטישן אַרטיקל פון ב. קאַצענעלסאָן, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם ערשטן נומער פון „דבר", — איז אָנגעצייכנט געוואָרן די פּראָגראַם און טענדענץ פון דער טעגלעכער צייטונג פאַר די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער. די ערשטע אויפגאַבע פון „דבר" איז צו געבן א פּילזייטיקע אינפאָרמאַציע וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין דער אַרבע־טער־מחנה און אויסער איר. צו דער דאָזיקער אויפגאַבע זיינען צוגעקומען נאָך פיל אַנדערע. „דער וויסנס־דורשט פון אונזער עולם לאָזט זיך דערווייל ניט שטילן מיט אן אינפאָרמאַציע פונם טאָג; אונזער באַוועגונג איז נאָך א יוגנט־באַוועגונג, שטרעבט צו לערנען און וויסן — — — און די טעמען פון לערנען און וויסן זיינען אומציילבאַר, די וויסנשאַפטלעכע אוצרות

(אריינגערעכנט די ארבעטס־וויסנשאפטן) ווארטן מען זאָל זיי אויסדריקן אין אַ פּאָפּולערער פאָרם, און די אוצרות — סיי אונזערע, און סיי פון דרויסן, פון די גויים. פארשטענדלעך, אז דער „דבר" וועט זאָגן זיין וואָרט ניט נאָר אין די ארבעטער־פראגן, אבער אויך אין פראגן פון פּאָליטיק און פונם גאַנצן ישוב און אין די פּראָבלעמען פון דער אלגעמיינער און פּראָלעטארישער וועלט. קורץ: „ניט קיין צייטונג פאר ארבעטער וועט זיין „דבר", נאר די צייטונג פון די ארבעטער". און דאָ איז ספּעציעל אונטערשטראָכן די נויטיקייט, אז דער ארבעטער זאל אליין אנטיילנעמען אין זיין צייטונג, ער זאָל טראָגן דעם לאָזונג פון משה העס: „פרייהייט פון מיינונגען און איינקייט פון טאָט".

מיט דער צייט, נאך „א יאָר לעבן" פונם „דבר" האָט ב. קאצענעלסאָן אונטערשטראָכן דעם ווערט פון דער צייטונג „וועלכע האָט געהאט מוט ארויסצוטראָגן דעם ארבעטערס וואָרט פון דעם שמאָלן קרייז פון דער וועכנטלעכער פארטייאישער פרעסע און ברענגען אים צום גרויסן ארבע־טער־כלל, און אויך אויסער זיינע גרענעצן. דאס וואָרט פונם אר־בעטער איז געוואָרן צום וואָרט פון פאָלק".

„דבר" איז געוואקסן אין כוחות, וועלכע ער האט דערוועקט צווישן די ארבעטס־מענטשן אין שטאָט און אין דאָרף און אין קרייזן פון שרייבער אין ארץ ישראל און אין חוץ־לארץ, וואס זיינען געוועזן נאָענט צו דער ארבעטער־באוועגונג. גאָר גיך האָט ער דערוויזן, אז קיין שום מענטשלעכע זאך איז ניט פרעמד דעם יידישן ארבעטער, און אז ענינים פון קולטור און ליטעראטור זיינען אים ניט ווייניקער נאָענט צום הארצן, ווי דאָס פארטיידיקן זיינע פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן. קיינער האט אזוי גוט, ווי „דבר" ניט צעקלאפט די מיינונג, אז דער געדאנקען־האָריזאָנט פונם ארבעטער קען ניט אריבערשטייגן זיין באגרענעצטן קרייז. (ס'האט מיר אַמאָל ב. קאַצענעלסאָן דערציילט, אז ווען ער איז געקומען צו אחד־העם'ן און אים דערציילט וועגן פלאן פון א טעגלעכער הסתדרותישער צייטונג, האָט אים אחד־העם געפרעגט: „און וואו וועט איר נעמען אזוי פיל שטרייקן, צו שרייבן וועגן זיי טאָג־טעגלעך?"...).

די ענינים זיינען אלץ מער געוואקסן און זיך צעשפרייט, און דער „דבר" האט זיי ניט געקענט ארומנעמען, הגם ער האט זיך מיט דער צייט שטארק פארגרעסערט. די באזונדערע „ווינקלען" פאר די ענינים און קערפּערשאפטן פון דער הסתדרות זיינען אליין געווארן צייטונגען. דער ערשטער, וועלכער איז געווארן א זעלבסטשטענדיקע צייטונג, איז געווען „די ליטעראַרישע ביילאַגע" („המוסף הספרותי"). די דאָזיקע ביילאַגע האט זיך שוין אין אירע ערשטע נומערן באמיט צוצוציען די ארץ־

ישראל׳דיקע ליטעראַרישע כוחות. אויף אירע זייטן זיינען דערשינען: ש. שלום, רחל און פיל אנדערע אויפן געביט פון שיינער ליטעראַטור און וויסנשאַפט.

אין די צייטן פון עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, פּאָליטישן קריזיס און די בלוטיקע געשעענישן פון 1936, האָט דער „דבר" דרייסט פּאָלעמיזירט מיט אונזערע שונאים, און איז ניט צוריקגעטראָטן צוליב קאָנפיסקאַציעס און רדיפות. אין יענע טעג האָט מ ש ה ב יי ל י נ ס אָ ן געטראָגן הויך דאָס קאַמפּס־וואָרט און אין זיינע רייכע לייט־אַרטיקלען האָט ער אריינ־געלייגט זיין גאַנצן ווייטאָג.

אין די צייטן פון פּאָליטישן קריזיס, ווען מען האָט געדאַרפט אונזערע ענינים דערקלערן די פעלקער, האָט דער „דבר" אַרויסגעגעבן אַן ענגלישן און דייטשישן „דבר" (אין די יאָרן 1929—1931), און דיביידע האָבן געהאָלפן צו צעשטרויען דעם נעפּל און דעם חשד, וועלכע האָבן, ווי א קאָשמאַר, געדריקט אויף אונזער ווערק. ווען ס׳איז געקומען דער היטלעריזם אין דייטשלאַנד און ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אין לאַנד אריין עולים פון דייטש־ריידנדע לענדער, האָט דער „דבר" טאָג־טעגלעך אַרויסגעגעבן א „דבר לעולה" מיט נקודות און דערקלערונגען.

„דבר" האָט זיך ניט באַנוגנט מיט זיינע אויסגאַבן אין די פרעמדע שפּראַכן, וועלכע זיינען געווען באַשטימט פאַר אויסלאַנד, און ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן א ספּעציעלע העברעישע צייטונג פאַרן גלות מיטן נאָמען — „דבר לגולה" (1939—1940). די דאָזיקע צייטונג האָט יעדע וואָך איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פונם „דבר" אין משך פון דער גאַנצער וואָך, אויך צייכנונגען און בילדער, און ס׳איז קיין צווייפל ניט, אז ווען ניט די מלחמה, וואָלט די ווירקינג פון דער צייטונג אין גלות געהאָלטן אין איין וואַקסן.

פון יאָר 1932 איז צום „דבר" צוגעקומען די „ביילאַגע פאַר קינדער", וועלכע האָט זיך אין 1936 פאַרוואַנדלט אין „ד ב ר ל י ל ד י ם", וואָס דער־שיינט איצט סיסטעמאַטיש יעדע וואָך. די דאָזיקע קינדער־צייטונג איז ביז איצט די אממייסטן פאַרשפּרייטע און איז באַליבט ביי די קינדער, לערער און די שריפטשטעלער, וועלכע נעמען אין איר א שטענדיקן אַנטייל.

מיר דאַרפן נאָך אויסרעכענען דעם „ד ב ר ה פ ו ע ל ת", די צייטונג פון דער מועצת הפועלות און דעם „ה מ ש ק ה ש ת ו פ י", וואָס איז געווידמעט דער אויפקלערונג פון די עקאָנאָמישע פראַגן בכלל און פון דער הסתדרות בפרט.

מיט דער אַנטוויקלונג פון „דבר" וואַקסט אויך זיין ביכער־פאַרלאַג. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אז פון אַלע פאַרשיידענע ביכער פונם „דבר"־

פארלאג שאפן די בענדער פון דער ארץ־ישראל׳דיקער אָריגינעלער פּאָעזיע דעם גרעסטן און חשובסטן טייל. פון יאָר 1927 אָן זיינען דערשינען פּאָעזיע־ביכער פון רחל, א. שלאָנסקי, א. צ. גרינבערג, מ. ז. וואָלפאָווסקי, ש. שלום, אנדא פינקערפעלד, א. בראָידעס, מ. טעמקין, ש. מעלצער, פאניע בערג־שטיין, זרובבל, ח. לענסקי, א. ראָדין, לאה גאָלבערג, ב. טענענבוים, י. בת־מרים, י. ראבינאָוו, מ. ג. לאנגער. דבורה בּאראָן איז געווען די, וועלכע האָט געעפנט דעם פארלאג פון „דבר״ בכלל און די אָפּטיילונג פון דער־ציילונגען בפרט. נאָך אירע דערציילונגען זיינען דערשינען די דערציי־לונגען פון מ. פּאָזנאנסקי, ש. קדרי, ש. גלאָזמאן, ד. שטאָק, י. יערי, א. טבקאי, פ. היילפערין און א. נחתומי. צוזאמען מיט די פילע לידער און דערציילונגען, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרן אין „דבר״ און דעם „מוסף״ און זיינען ניט געבוכט געוואָרן, איז עס א וויכטיקע מתנה פאר דער נייער העברעישער ליטעראטור, וואָס איז אויסגעוואקסן אדאנק דער אויפמונ־טערנדיקער באציאונג פון „דבר״.

די איבעריקע ביכער פון „דבר״ געהערן צו אלע געביטן פון קולטור, ליטעראטור און טאָג־טעגלעכע ענינים. אויפן געביט פון פובליציסטיק פון דער ארבעטס־באוועגונג זיינען צווישן אנדערע ארויסגעגעבן געוואָרן די שריפטן פון ד. בן־גוריון, פון א. ש. ליבערמאן, די בריוו פון י. ח. ברענער, שריפטן פון מ. ביילינסאָן, (דערווייל איז דערשינען בלויז דער ערשטער טייל) און דער ערשטער באנד פון נחמן סירקין׳ס שריפטן, מיט א הקדמה פון ב. קאצענעלסאָן.

אין ארץ־ישראל־קענטשאפט — וואָס „דבר״ האָט איר שטענדיק געשענקט פיל אויפמערקזאמקייט — איז וויכטיק צו פארצייכענען י. בן־צבי׳ס „שאר ישוב״, וואָס באהאנדלט די שפורן פונם אמאליקן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

מיר האָבן, פארשטייט זיך, נ ט אויסגערעכנט אלץ, וואָס „דבר״ האָט ארויסגעגעבן. דאָס וואָס מיר האָבן אויבן אויסגערעכנט, איז געבראכט געוואָרן כדי צו וויזן, ווי גרויס עס איז געווען די שטרעבונג פון דער אויסגאבע צו דערלאנגען דעם יידישן ארבעטער דאָס בעסטע פון אונזערע אָריגינעלע שאפונגען און פון קולטור־און וויסנשאפטס־ווערק אויף די פארשיידענע געביטן.

דאָס אלץ איז געווען בלויז א צוגרייטונג פאר א ביכער־פארלאג פון דער הסתדרות, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין 1942־טן יאָר און איז דערגאנגען צו א פארנעם, צו וועלכן עס איז נאָך קיין מאָל ניט דער־גאנגען די העברעישע ליטעראטור אין גלות און אין ארץ־ישראל.

די יסודות פון א הסתדרותישן ביכער־פארלאג האָט ב. קאַצענעלסאָן באגרינדעט אין זיין פאָרטראג אויף דעם הסתדרות־ראט אין 1941 יאָר און שפעטער פאָרגעזעצט מיט מונדלעכע און שריפטלעכע אויפקלערונגען. דער דאָזיקער ביכער־פארלאג איז פאָרויסגעזען פאר די מאסן, און ער באמיט זיך צו פארוואנדלען די מאסן אין שטענדיקע לעזער, און אויך מאכן די הסתדרות אלס איינעם פון די הויפט־טרעגער פון דער העברעאישער ליטעראטור. די זאָרג צו באפרידיקן די ליטעראַרישע באדערפענישן פונם ארבעטער איז די זאָרג פאר קולטור און בילדונג פארן ארבעטער, און גלייכצייטיק פארהיט זי דאָס פאָלק פון א גייסטיקן מישמאש, אדאנק די השפעות פון די פרעמדע קולטורן פון גלות. דער ביכער־פארלאג פון דער הסתדרות „טיילט ניט אָפּ צווישן די „פראָלעטארישע" באדערפענישן פונם ארבעטער און צווישן זיינע „מענטשלעכע" און „יידישע" באדערפענישן. ער זעט אין דעם ארבעטער א פ ו ל ן מ ע נ ט ש ן, — און אויב די מעג־לעכקייטן פונם ביכער־פארלאג זיינען נאָך היינט קליין, זעט ער אָבער פאר זיך דעם ציל אין זיין גאנצן היקף".

אנטשפרעכנד דעם דאָזיקן צוועק איז ערב פסח 1942 ארויסגעגעבן געוואָרן דער ערשטער פראָספעקט פון „עם עובד", אין וועלכן עס זיינען אויסגערעכנט געוואָרן די ערשטע סעריעס פון ביכער.

די ערשטע פיר ביכער־סעריעס, וועלכע דער פראָספעקט האָט אָנגע־זאָגט, זיינען געווען:

א. „פ א ר ן ד ו ר" — „דאָס בעסטע פון דער לעבעדיקער העברעי־שער ליטעראטור; געקליבענע ווערק פונם סאָציאליסטישן געדאנק אין אונזער צייט; מוסטער־שאפונגען פון דער וועלט־ליטעראטור; יידן אין גלות און אין לאנד; דאָס לעבן פון פעלקער, באוועגונגען און פערזענלעכ־קייטן; בלעטלעך געשיכטע; פראָבלעמען פון אונזער לעבן; ראָמאנען אין דערציילונגען, אָריגינעלע און איבערזעצונגען; אויטאָביאָגראפיעס און זכרונות; היסטאָרישע, פאָליטישע און געזעלשאפטלעכע מאָנאָגראפיעס; פאָרשונגען פון דער יידישער סאָציאָלאָגיע, פילאָזאָפיע און קריטיק; ליטעראַרישע זאמל־ביכער".

ב. „י ו ג נ ט" — „געקליבענער לייען־מאטעריאל, טיילווייז מיט נקודות און אילוסטרירט — פאר יונגע און דערוואקסענע לעזער; צוציענדע געשיכטן פון אונזער צייט, פון דעם נאָענטן און ווייטן עבר, פון יידישער און וועלט־ליטעראטור; נאטור־פאָרשונגען און דערפינדונגען; די וועלט פון בעלי־החיים׳ס און געוויקסן; דאָס לעבן פון פערזענלעכקייטן, פיאָנערן

פון דער וויסנשאפט, העלדן פון פרייהייט און רעפאָרמאטאָרן פון דער וועלט; די פיין פון גלות און אויפבוי פונם פאָטערלאנד".

ג. „פארן קינד" — דערציילונגען און געדיכטן, מיט נקודות און בילדער פאר עלטערע און יינגערע קינדער;

ד. שריפטן פון דער ארבעטס־באוועגונג.

מיט דער צייט זיינען צוגעקומען פאָלגנדע ביבליאָטעקן: „וויסן" וויסנשאפטלעכע ליטעראטור איבער דער דעקעגנטניס פון אונזער פאָלק און פון דער וועלט, אמאָל און היינט; פאָעזיע־ביכער" — הויפטזעכלעך אָריגינעלע פאעזיע; „הילף פארן לערנער" — הילפס־ביכלעך פארן לערער און אינסטרוקטאר; „פונם שייטערהויפן" — פון די געטאָס און פארניכטונג־לאגערן, דערציילונגען פון פליטים, דאָקומענטן פון דער אונטערגרונט־באוועגונג, פעלקער און לענדער בשעת דער מלחמה און אין די נעגל פון די נאציס; „שריפטן פון שרייבערס", מיינונגען" — ציוניסטישע, ישובישע, סאציאליסטישע, יידישע און אלגעמיינע פובליציס־טיק; „זוטא" — פאר נאוועלן און ארטיקלען; „קטינא" — פאר די יינגסטע; פארשיידנס.

רעזיומירנדיק די טעטיקייט פון „עם עובד" קען מען זאגן, אז דער דאזיקער פארלאג פון דער הסתדרות האט די העברעישע ליטעראטור בכלל, און די הסתדרותישע בפרט, ארויסגעפירט פון דער שמאלער ראם, אין וועלכער זיי האבן זיך פריער געפונען — צו א ברייטן פעלד, וואס וועט נאך ברייטער ווערן.

# אויפן פאליטישן פראנט

די הסתדרות, אלס די אלגעמיינע, אלץ ארומנעמענדיקע ארגאניזאציע פונם יידישן ארבעטער־קלאס אין ארץ ישראל, וואָס איז דער הויפט־טרעגער פון דער ציוניסטישער פאר־ווירקלעכונג, איז מיט איר עצם עקזיסטענץ אַן ערשטקלאסי־קער פאָליטישער פאקטאר אין לעבן פונם ישוב. ווייל אין רעאלן לעבן זיינען פראגן פון ווירטשאפט, פראפעסיאנעלן קאמף, סאָציאלער געזעצגעבונג, עליה און קאלאניזאציע, קאמף פאר יידישער ארבעט וכדומה — ענג פארבונדן מיט פאָליטישע פראָבלעמען. די הסתדרות, וואָס איז די פאָרשטייער־שאפט פון ארבעטער־כלל און גלייכצייטיק דער גרעסטער ארגאניזירטער כוח אינם ישוב, מוז דעריבער אפט אנטוויקלען א ברייטע פאליטישע טעטיקייט און אונטערנעמען פארשיידע־נע פאליטישע אקציעס.

ח. ארלאזאראוו

(פון א מעמאראנדום, וואָס דער ועד הפועל פון דער הסתדרות האָט צוגעשטעלט צו דזשאן הופ־סימפסאָן, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין 1930 יאָר דורך דעם קאָלאָניען־מיניסטעריום אויסצופארשן די פראגן פון עליה און קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל).

## יידישע ארבעט

איך וויל דאָ ניט ברייט אויפקלערן דעם הויפט־פרינציפּ, וואס זעט אין דער יידישער ארבעט דעם גרונדשט״ין פאר דער יידישער נאציאָנאלער היים; מען קען קורץ פאָרמולירן פינף באגרינדונגען פונם דאָזיקן פרינציפּ:
א) אויפריכטן די נאציאָנאלע היים — באדייט ניט נאָר א צוריק־

קער פון א וואנדערנדן, לאנדלאָזן פאָלק צו זיין לאנד, אבער אויך זיין צוריקקער צו א לעבן פון ארבעט און שאפונג.

ב) אָן דער פשוטער פיזישער ארבעט, אין אירע פארשיידענע קאַטעגאָריעס, וואס איז א נאטירלעכער טייל פונם טאָגטעגלעכן לעבן ביי יעדן פאָלק, וועט די נאציאָנאלע היים ניט קענען דערגיין צו זעלבסט־שטענדיקייט און גאנצקייט.

ג) די נאציאָנאלע היים, וואָס איז ניט קיין געלט־גייציקע אונטערנעמונג פון א געזעלשאַפט, וואָס האָט א קאָנצעסיע, טאָר ניט געבויט ווערן אויף עקספלואַטאציע פון דער ביליקער ארבעט פון די היגע געבאָרענע איינוואוינער דורכן קאפיטאל פון די, וואָס קומען אָן.

ד) דאס יידישע ווערק אין לאנד איז א פרוכט פון א באוואוסטזיניקער געמיינזאמער אָנשטרענגונג פון פארשיידענע גרופן און יחידים פונם יידישן פאָלק מיטן צוועק אויפצובויען די נאציאָנאלע היים. דאָס אריינפליסן פון יידישן נאציאָנאלן און פריוואטן קאפיטאל, אויף וועלכן אונזער ווערק באזירט זיך, דארף שאפן א נאטירלעכן צענטר אריינצונעמען די עליה פון יידישע ארבעטער.

ה) די יונגע יידישע עוֹלים, וואס קומען אָן אין לאנד הויפטזעכלעך צוליב התישבוּת, נויטיקן זיך אין לאנדווירטשאפטלעכער הכשרה. די ארבעט ביים פלאנצן אָדער אין די לאנדווירטשאפטן אין משך פון עטלעכע יאָר שאפט דעם באזיס פאר דער דאָזיקער הכשרה.

וואס זיינען די רעזולטאטן, וואס דער פרינציפ פון יידישער ארבעט קאָן ברענגען לגבי דעם אראבישן ארבעטס־מארק?

ווען מיר קומען באטראכטן די דאָזיקע פראגע, דארפן מיר שטענדיק האָבן פאר די אויגן איין גרינדלעכן פאקט. דער יידישער עולה רעפּרעזענטירט — אין קעגנזאץ צום רוב ארבעטער, וואס עמיגרירן אין אנדערע לענדער מיט א באדייטנדער אויפנאמס־פעאיקייט, — אָן ארבעטער מיט א לעבנס־סטאנדארט און לוין־ניוואָ, וואָס איז באדייטנד העכער ווי ביים אָרטיקן אראבישן ארבעטער. אין דער צייט ווען אינם רוב אויפנאמס־פעאיקע לענדער ברענגט מיט זיך דער אָנגעקומענער ארבעטער די סכנה, אז ער וועט דריקן דעם לוין פון די אָרטיקע ארבעטער און ארויסשטויסן זיי פון זייערע ארבעטס־פלעצער — איז די לאגע אין ארץ ישראל א פארקערטע. דער יידישער ארבעטער קען ניט ארויסשטויסן דעם אראבישן, נאָר ער מוז זיך שטענדיק שווער פארטיידיקן קעגן זיין קאָנקורענץ.

די אלגעמיינע מסקנות פון דער דאָזיקער לאגע זיינען:

א) דער אראבישער ארבעטס־מארק איז אויף א נאטירלעכן אופן געשיצט קעגן אריינדרינגען פון דער טייערער יידישער ארבעט.

ב) דער יידישער ארבעטס־מארק געפינט זיך אין א שטענדיקער נויט צוליב דעם דרוק פונם ניט־אָרגאניזירטן אראבישן ארבעטער מיט זיינע קליינע באדערפענישן.

ג) אויב עס געלינגט פונדעסטוועגן דעם יידישן ארבעטער־עולה צו פארזיכערן זיך א שטעלונג אין דער יידישערווירטשאפט אין לאנד, איז דאס א דאנק זיין בעסערער טעכנישער צוגרייטונג, א דאנק די מאָדערנע איינריכטונגען און לייטונג פון דער יידישער ווירטשאפט, און א דאנק די גרויסע געלטער, וואס ווערן אינוועסטירט און דערמעגלעכן דעם ארבעטער צו דערגרייכן א העכערע פּראָדוקטיוויטעט און אויסהאלטן דעם דרוק פון דער ביליקער ארבעט.

ג א ל ד ע  מ א י ר ס א ן

# אונזער ווערק

(פון דער רעדע, וואס ח׳ גאלדע מאירסאן האט געהאלטן, אין אויפטראג פון דער הסתדרות, פאר דער ענגליש־אמעריקאנישער אויספארשונגס־קאמיסיע, אויף איר זיצונג אין ירושלים, דעם 1946.25.3)

... איך וועל אין געציילטע מינוטן אויסמאָלן פאר אייך דעם עבר פון יענע מענטשן, וואס זיינען אָנגעקומען אין ארץ ישראל מיט 40 יאָר צוריק און מער, און האָבן געגרינדעט דאָס, וואס מיר רופן געווינלעך אָן „ארבעטס־געמיינשאפט" און וועלכע טראָגן די אחריות פאר אירע טע־טיקייטן און אונטערנעמונגען.

די דאָזיקע מענטשן זיינען אָנגעקומען הויפּטזעכלעך פון מזרח־אייראָפּע. זיי זיינען אויסגעוואקסן אין א סביבה, אין וועלכער יידן האָבן געלעבט אין אומזיכערקייט, כסדר באדראָט פון פּאָגראָמען. די דאָזיקע מענטשן זיינען געקומען צום אויספיר, אז מען דארף ענדיקן מיט דער זינלאָזיקייט פון אזא עקזיסטענץ. זיי האָבן ריכטיק פארשטאנען דעם עלעמענטארן אינהאלט פון ציוניזם, וואס איז א ביטערער פּראָטעסט־געשריי קעגן אזא פאָרם פונם יידישן לעבן.

זיי זיינען געקומען קיין ארץ ישראל פון אייגענעם ווילן. אנדערע לענדער זיינען דאן געווען פאר זיי אָפן, זיי זיינען אָבער געקומען אַהער,

ווייל זיי האָבן געגלויבט שוין דאן, אין וואס מיר און מיליאָנען אנדערע יידן גלויבן היינט, אז די איינציקע לייזונג פאר אונזער פראגע איז שאפן א זעלבסשטענדיקן יידישן לעבן אינם יידישן פאטערלאנד.

און נאָך איין ציל האָבן זיי געהאט, ווען זיי זיינען געקומען, — א געהויבענעם ציל: אופריכטן דאָ א נייע געזעלשאפט, וואָס זאָל זיך באזירן אויף יסודות פון גלייכהייט, יושר, קאָלעקטיוויזם און קעגנזייטי־קער הילף.

זיי האָבן זיך דאָ אָנגעשטויסן אָן א שווערער ווירקלעכקייט. זיי זיינען געקומען מיטן צוועק צו באהערשן און באזיגן: באהערשן די שווערע נאטור, וואס זיי האבן געפונען אין לאנד, באזיגן דעם קלימאט, די זומפן, דעם מדבר און די מאלאריע. זיי האבן געמוזט באהערשן זיך אליין. ווייל זיי זיינען ניט געווען געוואוינט — ניט צו פיזישער ארבעט און ניט צו א קאָלעקטיוון לעבן, און זיי האבן זיך געמוזט צופאסן דערצו.

שוין פון אָנהויב אָן האבן זיי געוואלט צו טאָן דאָס דורך פולשטענ־דיקער פריינטשאפט און מיטארבעט מיט דער אראבישער באפעלקערונג, מיטן אראבישן ארבעטער. מיר אונטערשטרייכן, אז די ערשטע אראבישע ארבעטער־אָרגאניזאציע איז געשאפן געווארן דורך יידן, וואס זיינען קורץ פאר דעם אנגעקומען. אנהויבנדיק פון יאָר 1919, ווען עס איז געגרינדעט געווארן דער פאראיין פון די אייזנבאן־ארבעטער, האָט אונזער הסתדרות און די יידישע ארבעטער־באוועגונג אין ארץ ישראל ניט דורכגעלאזן קיין שום געלעגנהייט צו געפינען א וועג פון בארירונג, מיטארבעט און קעגנ־זייטיקער הילף מיט אונזערע חברים, די אראבישע ארבעטער. ס׳איז ניט געווען לייכט, און מיר האבן געהאט ניט בלויז נצחונות, אבער מיר האָפן, אז די קערנדלעך, וואס מיר האבן פארזייט, האבן געשלאָגן וואָרצלען.

מעגלעך, אז איינער פון די וויכטיקסטע פאקטאָרן, וואס האבן אונז געהאָלפן בייצוקומען די גרויסע שוועריקייטן, איז אונזער אלטע פריינט־שאפט מיט דער ענגלישער ארבעטער־באוועגונג, ווי אויך אונזערע באַ־ציאונגען מיט דער ארבעטער־באוועגונג אין אמעריקע. דער דאָזיקער פאקט וועט אייך, מיינע הערן, אפשר קלערער מאכן דעם שטארקן קלאפ, וואס מיר האָבן לעצטנס באקומען. אזא קלאפ ווייטאָקט אונז מער פון אנדערע, ווייל ער קומט אויף אונז פון גוטע פריינט. עס שטעלט זיך איצט פאר אונז די פראגע: צי דארפן מיר פארלירן יעדע האָפנונג? צי דארפן מיר קומען צום אויספיר, אז אויך די, וועמען מיר האָבן געגלויבט, די וואס קענען איינאָרדענען א בעסערע און גליקלעכערע וועלט — אז אפילו זיי ווייזן ניט ארויס קיין פארשטענדעניש פאר אונזערע טאטן און ווערק אין ארץ ישראל? . . .

מיט די אייגענע אויגן האָט איר געזען די שעכטהייזער פונם אייראָ־פּעאישן יידנטום; איך וועל וועגן זיי ניט ריידן. כ'וועל בלויז זאָגן, אז איר מוזט זיך פארטיפן אין אונזער טראגעדיע און פארשטיין, וואָס עס האָט באדייט פאר אונז זיצן דאָ און וויסן וואס עס טוט זיך דארטן, — ניט קענענדיק העלפן! און מיר זיינען דאן גרייט געווען דערצו מיט לייב און לעבן!

מיינע הערן, אין נאמען פון 160,000 מיטגלידער פון אונזער הסתדרות דעקלאריר איך, אז ס'איז ניטא קיין זאך אויף דער וועלט, וואס די יידישע ארבעטער־באוועגונג אין ארץ ישראל וואָלט ניט גרייט געווען צו טאָן אין דעם לאנד, כדי אויפצונעמען גרויסע מאסן פון יידישע עולים, אָן קיין שום תנאים און באגרענעצונגען. דאָס איז דער ציל, צוליב וועלכן מיר זיינען אַהער געקומען, אָן וועלכן אונזער לעבן דאָ האָט ניט קיין טעם. שטעלט אייך פאָר, וואס עס האט באדייט פאר אונז זיצן דאָ און זען כמעט מיט די אויגן הונדערטער יידן אנטלאָפענע פון גיהינום, וואס זינקען אין ים, און מיר האָבן ניט די מעגלעכקייט זיי צו ראטעווען!

— — — מיר באשולדיקן די רעגירונג! מיר באשולדיקן זי אין ניט העלפן אָרגאניזירן א יידיש־אראבישן ארבעטער־בונד. מיר קענען דער־ווייזן, אז די רעגירונג איז שולדיק מער ווי מיט „ניט העלפן". מיר באשול־דיקן זי אין ניט העלפן די אנשטאלטן, וואס מיר האָבן אויסגעבויט אויפן געביט פון סאָציאלער הילף, דערציאונג און מעדיצין. מיר האבן פיל טענות צו דער רעגירונג, אבער אונזער הויפּט־באשולדיקונג איז, אז די דאָזיקע רעגירונג און איר פאָליטיק — די „ווייס־בוך"־פאָליטיק — האָט אונז גע־צוואונגען זיצן דאָ ליידיק, אינדערצייט ווען מיר זיינען איבערצייגט, אז מיר האבן געקענט ראטעווען, אויב ניט מיליאָנען, איז ווייניקסטנס צענ־דליקער טויזנטער. מיר זיינען איבערצייגט, אז יידן זיינען געפאלן א קרבן נאָר צוליב דעם, וואס עס איז זיי ניט געגעבן געווארן די מעגלעכקייט אריינצופארן אין לאנד דאן, ווען זיי האבן געקענט עולה זיין און דורך דעם זיך ראטעווען.

איר, מיינע הערן, וואס האבן זוכה געווען צו זיין זין פון צוויי גרויסע דעמאָקראטישע פעלקער — דעם ענגלישן און אמעריקאנישן — איך צווייפל, צי ביי אייער בעסטן ווילן צו פארשטיין אונזער פּראָבלעם, וועט איר קענען באגרייפן די פולע באדייטונג פון דער זאך: געהערן צו א פאָלק, וואס ווערט געפּאָרשט ניט וועגן ענינים, וואס דארפן ווערן געלייזט און געאָרדנט, נאָר וועגן זיין עצם קיום?! זיין עצם קיום שטייט תמיד אונטער א פראגעצייכן!

ווען וועט די וועלט אויפהערן צו פאָרשן די פראגע, צי מעגן יידן

זיין אזוי ווי מיר זיינען, ניט בעסער, אבער אויך ניט ערגער פון אנדערע, מיט אונזער שפּראַך און קולטור, מיט א זעלבסט־באשטימונג, אין פריינט־לעכע באציאונגען און פולער מיטארבעט מיט אלע נאָענטע און ווייטע?

מיר פאָדערן פאר זיך בלויז דאָס, וואס איז אויף א נאטירלעכן אופן געגעבן געווארן אלע פעלקער פון דער וועלט: הערשן אליין איבער אונזער גורל; איבער אונזער גורל און ניט איבערן גורל פון אנדערע; לעבן מיט רעכט און ניט מיט חסד; מיר זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו דערציען דאָ א גרויסע צאָל יידישע קינדער — לײדער, ניט פיל זיינען זיי אונז געבליבן — צוזאמען מיט אונזערע קינדער, פריי פון פחד, מיט אַן אויפ־געהויבענעם קאָפּ און שטאָלצן גייסט.

# אינטערנאציאנאלע פארבינדונגען

צ. ראזענשטיין

## אונזערע פארבינדונגען מיט דער אלוועלטלעכער ארבעטער־באוועגונג

### א

נאך איידער ס׳איז געגרינדעט געווארן די הסתדרות, איז געווען א טייל אין דער ארבעטער־באוועגונג אין ארץ ישראל, וואס האָט געזוכט פארבינדונגען מיט דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג. די חברים פון „פועלי־ציון״ און מערערע אומפארטייאישע אין לאנד האבן די דאזיקע פארבינדונגען געהאלטן פאר וויכטיק, הן פונם ארבעטער־שטאנדפונקט און הן פונם ציוניסטישן שטאנדפונקט. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אז די ארבעטס־באוועגונג אין ארץ ישראל איז ענג פאר־בונדן מיט דער ארבעטס־באוועגונג אין דער וועלט, און אז דער אלוועלט־לעכער ארבעטער־קלאס איז א נאטירלעכער פארבינדעטער פונם יידישן ארבעטער אין לאנד.

דער דאָזיקער געדאנק פון אינטערנאציאָנאלער סאָלידאריטעט איז געקומען צום אויסדרוק אויך אין דער רעזאלוציע פונם איחוד־צוזאמענפאָר פון די ארץ־ישראלדיקע ארבעטער אין פתח־תקוה (1919): „די ארבעטס־באוועגונג אין ארץ ישראל איז א צווייג פון דער סאָציאליסטישער אר־בעטס־באוועגונג אין דער וועלט, וואס שטרעבט פולשטענדיק צו באפרייען דעם מענטשן פון דרוק פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג״.

א צייט לאנג פאר דער גרינדונג פון דער הסתדרות האָט די ציוניסטיש־סאָציאליסטישע באוועגונג אין ארץ ישראל און אין חוץ־לארץ געזוכט א פארבינדונג מיטן פאָליטישן צווייג פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג — מיטן סאָציאליסטישן אינטערנאציאָנאל. נאך אין יאָר 1907 האָט דער וועלט־פארבאנד „פועלי־ציון״ זיך געווענדעט צום

סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועגן אריינטריט. ער האָט זיך געווענדעט א צווייטן מאָל אין 1908 און א דריטן אין 1911 — אבער אָן דערפאָלג. דער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען געבויט אויפן טעריטאָריאַלן און ניט אויפן נאַציאָנאַלן יסוד — ד. ה. אויפן יסוד פון פאַרשטייערשאַפט פון לענדער און ניט פון פעלקער. אלס א פאַרשטייערשאַפט פון אַן עקס־טעריטאָריאַלן פאָלק איז דער פארבאַנד „פועלי ציון" געווען א יוצא־דופן אין אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי פונם אינטערנאַציאָנאַל. דערצו האָט געהערשט א פרעמדקייט צו דעם עצם אינהאַלט פונם סאָציאַליסטישן ציוניזם, און בכלל האָט לגבי אים געהערשט א אומפאַרייִנדלעכע באַציאונג אין די קרייזן פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. ערשט צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געקומען א ווענדונג צום גוטן. עס האָבן גענומען בלאָזן נייע ווינטן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. די אנערקענונג האָט לאַנגזאַם גענומען אלץ מער אריינדרינגען אין די קרייזן פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם — די אנערקענונג פון דער אייגנאַרטיקייט פון יידישן פראָ־בלעם, פון זיין אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער און פון א טעריטאָריאַלער לייזונג, אלס די איינציקע ראַדיקאַלע לייזונג.

אין יענער צייט, אין יאָר 1917, איז צושטאַנד געקומען די ערשטע פאַרבינדונג פון „פועלי־ציון" מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג. זיי זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אָנטיילצונעמען אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געזאָלט באַנייען דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל. די איניציאַטיוו פון צוזאַמענפאָר איז געקומען פון דעם „האָלענ־דיש־סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט", וואָס איז אין יאָר 1916 געגרינדעט געוואָרן דורך די סאָציאַליסטן פון די נייטראַלע לענדער. אמת, דער צוזאַמענפאָר איז ניט צושטאַנד געקומען, אָבער דער „האָלענדיש־סקאַנדינאַווישער קאָ־מיטעט" האָט געטאָן נאָך א זאַך, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט א שטאַרקן אָפקלאַנג: אין שטאָקהאָלם, דער רעזידענץ־שטאָט פונם קאָמי־טעט, זיינען פאָרמולירט געוואָרן די שלום־פאָדערונגען פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, און אין זיי איז איינגעשלאָסן געוואָרן א ספּעציעלער פּונקט וועגן די פאָדערונגען פונם יידישן פאָלק אין ארץ ישראל און אין גלות. דאָס איז געווען דאָס ע ר ש ט ע  מ אָ ל, ווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אינסטיטוציע האָט געשטיצט דעם ציוניזם.

אין די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע צוזאַמענפאָרן נאָך דער מלחמה אין בערן און אַמסטערדאַם (אין 1919), האָבן שוין די „פועלי ציון" אָנטיילגענומען און האָבן דורכגעפירט באַשלוסן אין גייסט פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

## ב

מיט דער גרינדונג פון דער הסתדרות איז אַקטועל געוואָרן די פראַגע פון אָנקניפּן באַציאונגען מיטן פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל. אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער הסתדרות (1923) ווערט אָנגענומען וועגן דעם א קורצער באַשלוס:

„דער צוזאַמענפאָר באַשליסט אָנטיילצונעמען אין דעם אינטער־נאַציאָנאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין אַמסטערדאַם, אַלס פאַרבאַנד פון די ארץ־ישראלדיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

יעדער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון דער הסתדרות וועט אָנטייל־נעמען אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד פון די לאַנדעס־אָרגאַניזאַציעס פון דעם זעלבן פאַך, וואָס געהערן צום אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל.

דער צוזאַמענפאָר פאַרפליכטעט דעם ועד הפועל צו פאַרבינדן זיך מיטן ביוראָ פון דעם פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל אין אַמסטערדאַם וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָזיקן באַשלוס״*.

אין דעם זעלבן יאָר (1923) האָט זיך די הסתדרות אָנגעשלאָסן אָן דעם פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל אין אַמסטערדאַם. פון דאַן אָן האָבן זיך איינגעשטעלט שטענדיקע פאַרבינדונגען צווישן דער הסתדרות און דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. די פאַרבינדונגען זיינען פאַרשיידנפאַרביק לויט דער פאָרם און לויטן אינהאַלט: אָנטייל אין די קאָנגרעסן פון דעם פּראָפעסיאָנעלן און קאָאָפּעראַטיוון אינטערנאַציאָנאַל; אין אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן פון באַשטימטע פּראָפעסיעס (לאַנד־ווירטשאַפט, טראַנספּאָרט א. א.) אָדער פאַר באַשטימטע פראַגן (ווי עמי־גראַציע, קולטור, ספּאָרט א. א.); אין די קאָנפערענצן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד; פאַרבינדונגען מיט אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין פאַרשיידענע לענדער; דעלעגאַציעס א. א.

די דערשיינונג פונם ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער אויפן אינטערנאַ־ציאָנאַלן פאָרום האָט געבראַכט כבוד דער ציוניסטישער אַרבעטס־באַוועגונג. זיינע דעלעגאַטן האָבן פאַרשטאַנען צו טראָגן הויך די פאָן פון דער באַוועגונג, ברענגען פאַר די אַרבעטער פון דער וועלט זיין ספּעציפישע און וויכטיקע פּראַקטיק אויפן ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן געביט און פאָדערן אינטערנאַציאָנאַלע הילף אויף זיינע שווערע געזעלשאַפט־לעכע און פּאָליטישע פּראָבלעמען. אין משך פון דער צייט האָבן די יידישע

---

* כדי די זאַך זאָל זיין קלאָר, דאַרף מען באַצייכנען, אַז עס האָבן דאַמאָלסט עקזיסטירט צוויי פּראָפעסיאָנאַלע אינטערנאַציאָנאַלן: איינער — אין אַמסטערדאַם, און דער צווייטער — אין מאָסקווע.

ארבעטער אין ארץ ישראל אָנגעקניפּט וויכטיקע באַציאונגען מיט ארבע־טער־אָרגאַניזאַציעס אין פאַרשיידענע לענדער. די דאָזיקע באַציאונגען האָבן ניט איינמאָל געהאָלפן דער הסתדרות אין אירע קאַמפן פאַר די רעכט פון די ארבעטער און קעגן די אָנגריפן אויפן יידישן ישוב און דאָס ציוניסטישע ווערק.

ס'וואָלט פאַרנומען צו פיל פּלאַץ, אויב מיר וואָלטן געוואָלט אויס־רעכנען אלע פאַרשיידנאַרטיקע אַקציעס פון דער הסתדרות אויפן געביט פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען. מיר וועלן אָנמערקן די וויכטיקסטע:

1) שטענדיקער אָנטייל אין די קאָנגרעסן פון דעם פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל. צום ערשטן מאָל האָבן די פאָרשטייער פון דער הסתדרות אנטיילגענומען אין זיין דריטן קאָנגרעס (ווין, 1924). דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס יידן זיינען ארויסגעטראָטן אויף דער טריבונע פונם פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל, אַלס פאָרשטייער פון יידישע ארבעטער און אויך דאָס ערשטע מאָל איז אַ יידישע ארבעטער־אָרגאַניזאַציע ארויסגע־טראָטן ווי אַ פאָרשטייערשאַפט פון אַ באַשטימטן לאַנד.

די דעלעגאַטן פון דער הסתדרות צו דעם קאָנגרעס זיינען געווען: אליהו גאָלאָמב, דוב האָז און דוד סוועדלאָוו. פון דעמאָלסט אָן שיקט די הסתדרות כסדר אירע דעלעגאַטן צו יעדן קאָנגרעס פונם פּראָפע־סיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל.

2) שטענדיקער אָנטייל אין די קאָנגרעסן פון דעם קאָאָפּעראַטיוון אינטערנאַציאָנאַל. דער דריטער ראַט פון דער הסתדרות (טבת תרפ״ד, 1924) האָט באַאויפטראַגט דעם ועד הפועל: „פאַרבינדן די ,חברת העובדים', אַלס קאָאָפּעראַטיוון צענטער פון די אַרבעטער אין ארץ־ישראל, מיטן אינטערנאַציאָנאַלן קאָאָפּעראַטיוון־פאַרבאַנד, וואָס זיין צענטראַלע איז אין לאָנדאָן". דער אָנשלוס פון „חברת העובדים" איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קאָאָפּעראַטיוון אינטערנאַציאָנאַל אין יאָר 1925, און פון דאַן הויבן זיך אָן שטענדיקע באַציאונגען.

3) אנטייל אין אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן פאַר באַשטימטע פּראָפעסיעס: יעדע פּראָפעסיע אין ארץ ישראל — אין דעם אנטשפּרעכנדן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר. אזוי האָט די הסתדרות חקלאית אין ארץ ישראל אנטיילגענומען אין די אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן פון די אגריקולטור־ארבעטער; דער פאַראיין פון די אייזנבאַן, פּאָסט און טעלע־גראַף־ארבעטער — אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון די טראַנספּאָרט־ארבעטער א. א. וו.

4) אנטייל אין אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן פאַר געוויסע פראַגן: פאַר קולטור־פּראָבלעמען (אָקספאָרד 1924), פאַר עמיגראַציע־

פראָבלעמען (פראג 1924, לאָנדאָן 1926); אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן צוזאמענפאָר פון ארבעטערינס א. א.

„הפועל" נעמט כסדר אנטייל אין דעם סאָציאַליסטישן ספּאָרט־אינטערנאַציאָנאַל און אין די וועלט־אָלימפּיאַדעס.

5) דעלעגאציעס קיין רוסלאנד: **די הסתדרות האָט תמיד געזוכט א באַרירונג מיט דער ארבעטער־באַוועגונג אין רוסלאנד. דעריבער האָט זי געראן אָנגענומען די איינלאַדונג אנטיילצונעמען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג אין מאָסקווע (1923) און שפּעטער אין דעם אלרוסישן קאָאָפּעראַטיוון צוזאמענפאָר (מאָסקווע, 1925).**

6) אויסדרוקן פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט: **די באַשטייערונג לטובת די ווינער ארבעטער (1934), די באַשטייערונג לטובת די שפּאַנישע ארבעטער (1936), די מעדיצינישע טראַנספּאָרטן פאַר דער רויטער ארמיי קיין טעהעראַן בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה א. א.**

7) פאַרבינדונגען מיט דער לייבאָר־פּאַרטיי אין ענגלאנד: **אויף דעם געביט האָבן פאָרשטייער פון דער הסתדרות געפירט א סיסטעמאַטישע ארבעט אין משך פון יאָרן. עס דאַרף דאָ באַצייכנט ווערן די טעטיקייט פון די חברים ש. קאַפּלאַנסקי, דוב האָז, ב. לאָקער, ב. קאַצנעלסאָן, ד. בן־גוריון, ג. מאירסאָן. א. א. הויפּטזעכלעך האָט זיך אויסגעצייכנט דער חבר ד ו ב  ה א ָ ז, וועלכן עס איז געלונגען אויפצוקלערן די פירער פון די ארבעטער אין ענגלאנד די ספּעציפישע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון אונזער ווירקלעכקייט אין ארץ. אדאנק דער סיסטעמאַטישער טעטיקייט פון אונזערע חברים איז די בריטישע ארבעטער־באַוועגונג געווען אין משך פון א סך יאָרן א וויכטיקער פּאָליטישער אָנשפּאַר פאַר אונז, פאַרן ציוניזם און פאַר דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער־באַוועגונג.**

**די הסתדרות האָט א שטענדיקע פאָרשטייערשאַפט אין לאָנדאָן, וואָס שטייט אויף דער וואַך פון אונזערע אינטערעסן אין דעם דאָזיקן פּאָליטישן צענטער.**

8) פאַרבינדונגען מיט די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן: **די „אמעריקען פעדערײשן אָוו לייבאָר" („די ארבעטס־פעדעראַציע אין אמעריקע") און דער „קאָנגרעס פון די אינדוסטריעלע פאַראייניגן" („סי. אַי. אָ") — דאָס זיינען צוויי גרויסע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס קאָנצענטרירן מיליאָנען ארבעטער. די הסתדרות־שליחים אין אמעריקע האָבן פיל מי אוועקגעלייגט כדי אויפצוקלערן אונזער ענין און זיי איז טאַקע געלונגען צו געווינען די סימפּאַטיע פון דיביידע מעכטיקע פּראָלעטאַרישע ארגאַניזאַציעס פאַר אונזער זאַך.**

9) פרוּוון אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס

אין די שכנות׳דיקע לענדער און אין די לענדער פונם מיטעלן מזרח: מצרים, איראן, קאפריסן א. א. די הסתדרות האָט פון שטענדיק אָן געזוכט א באַרירונג מיט די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס אויפן מזרח, אבער די דאָזיקע ארגאַניזאַציעס זיינען ניט שטאַנדהאַפט.

10) אויך מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטס־אַמט, וואס זיין רעזידענץ איז ביז 1940 געווען אין זשענעווע ביי דעם פעלקער־בונד און וועלכער האָט זיך שפּעטער צייטווייליק אריבערגעטראָגן קיין מאָנטרעאַל, קאנאדע, איז די הסתדרות געשטאַנען אין פאַרבינדונג. אמת, דאָס רעכט צו געהערן צו דער „אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטס־אָרגאַניזאַציע" האָבן בלויז זעלבסטשטענדיקע מדינות, אבער „דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטס־אַמט" אינטערעסירט זיך מיט דעם, וואָס טוט זיך אין אַלע לענדער,— אויך אין די מאַנדאַט־לענדער, און מען קען זאָגן, אז דער גרויסער אינטערעס און באַהאַוונטקייט, וואס די קרייזן פונם „ארבעטס־אַמט" ווייזן ארויס אין די ענינים פון ארץ ישראל, זיינען א רעזולטאַט פון דער אויפקלערונגס־ארבעט פון דער הסתדרות. אין די לעצטע יאָרן האָט די הסתדרות צו פאַרצייכנען א וויכטיקע דערגרייכונג: אויף די לעצטע אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן אין פילאַדעלפיע (1944) און פאַריז (1945) איז דער פאָרשטייער פון דער הסתדרות נאָמינירט געוואָרן אלס עקספּערט אין דער קאָמיסיע צו פאַרבעסערן די סאָציאַלע לאַגע אין די ניט־זעלבסטשטענדיקע לענדער.

ג.

ענדע קריג זיינען געמאַכט געוואָרן ממשות׳דיקע שריט צו פאַרווירקלעכן די שטרעבונג פון אַלע ארבעטער צו באַנייען די אינטערנאַציאָנאַלע אייניקייט פונם ארבעטער־קלאַס און אין דער ערשטער ריי — אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט.

פעברואַר 1945 איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געלייגט די יסודות פאַר דער באַנייאונג פון דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אין דעם צוזאַמענפאָר האָט אַנטיילגענומען א דעלעגאַציע פון דער הסתדרות, וואס האָט געאַרבעט לויט אינסטרוקציעס, וועלכע זי האָט באַקומען פונם הסתדרות־ראַט.

דער עיקר־טייל פון די אינסטרוקציעס לויטעט:

נעמענדיק אין אַכט דעם ציוניסטיש־פּאָליטישן און הסתדרותישן ווערט פון דעם געשלאָסענעם און געמיינזאַמען ארויסטריט פון דער הסתדרות אויפן ערשטן אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער־קאָנגרעס אין דער דאָזיקער מלחמה און

**פילנדיק די אחריות פאַר דעם אויסערלעכן ציוניסטישן פּאָליטישן פראָנט, באַשליסט דער הסתדרות־ראַט:**

**1) די דעלעגאַציע פון דער הסתדרות צום אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער־קאָנגרעס וועט אונטערשטיצן די פּאָליטישע פאָדערונגען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג לויט די באַשלוסן פונם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט פונם 10־טן נאָוועמבער 1942 וואָס זאָגן:**

**א. עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר יידישער עליה.**

**ב. איבערגעבן דער סוכנות די מאַכט איבער דער עליה קיין ארץ־ישראל און די נויטיקע פולמאכטן צו דער אנטוויקלונג און אויפבוי פון לאַנד אריינרעכענדיק די ניט־באַוואוינטע שטחים.**

**ג. אויפבויען ארץ־ישראל ווי א יידישע רעפּובליק אין דעם נייעם דעמאָקראַטישן בוי פון דער וועלט.**

אויפן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר איז מיט א גרויסער מערהייט אָנגענומען געוואָרן דער פאָלגנדער באַשלוס:

„מען מוז דערמעגלעכן דעם יידישן פאָלק פאַרצוזעצן דעם אויפבוי פון ארץ ישראל אלס זיין נאַציאָנאַלע היים, וואָס איז אזוי געלונגען אָנגעהויבן געוואָרן — דורך עליה, התישבות, לאַנדווירטשאַפט און אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע״.

דער דאָזיקער באַשלוס, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן מיט דער הסכמה פון דער רוסישער דעלעגאַציע, איז א גרויסער נצחון פאַרן סאָציאַליסטישן ציוניזם און פאַר דער הסתדרות, ווייל דאָס איז ערשטע מאָל וואָס די ארבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט מיט אלע אירע שטרעמונגען און שאַטירונגען דריקט דייטלעך אויס איר אונטערשטיצונג פאַרן ציוניזם און דאָס ארץ־ישראל׳דיקע ווערק.

אויפן גרונט פון די לאָנדאָנער באַשלוסן איז פאָרגעקומען אין פּאַריס, סעפּטעמבער 1945, א קאָנגרעס פונם פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל. אויפן קאָנגרעס זיינען געווען פאַרטראָטן 70 מיליאָן ארבעטער פון 52 לענדער פון אלע וועלט־טיילן, אריינגערעכנט די לענדער פונם מיטעלן מזרח: איראַן, מצרים, סיריע, לבנון, קפריסין און ארץ ישראל (די הסתדרות, „ברית פועלי ארץ־ישראל״ און צוויי אראַבישע אָרגאַניזאַציעס).

אויפן קאָנגרעס איז געווען א געראַנגל — א מאָל אַן אָפענער און אַ מאָל א פאַרשטעלטער — צווישן צוויי גרויסע בלאָקן: איינער מיט רוסלאַנד בראש און דער צווייטער מיט ענגלאַנד בראש, וואָס האָט אויך דעצידירט וועגן צוזאַמענשטעל פון דעם אויספיר־קאָמיטעט פונם אינטערנאַציאָנאַל. אלס פאַרשטייער פונם מיטעלן מזרח זיינען אויסגעוויילט גע־

וואָרן: אַן אראַבישער קאָמוניסט פון לבנון אלס מיטגליד פונם אויספיר־קאָמיטעט, און דער חבר ב. לאָקער — אלס פאַרטרעטער.

---

די פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען איז פאַר דער הסתדרות ניט בלויז א פראַגע פון „תכלית", פון פראַקטישער נוץ. די פרייהייט פון יידישן פאָלק און די פרייהייט פון דער וועלט זיינען אין דעם באוואוסטזיין פונם יידישן ארבעטער־קלאַס אין ארץ ישראל געבונדן. דאס באוואוסטזיין, אז דאָס לעבן פון פעלקער און לענדער ווערן אלץ מער און מער פאַרבונדן צווישן זיך; די איבערצייגונג, אז די אידעע פון דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איז געמיינזאַם פאַר דעם ארבעטער־קלאַס אין דער וועלט, און אז דער קאַמף פאַר איר פאַרווערקלעכונג פאָדערט א פאַראייניקטע אָנשטרענגונג מצד די ארבעטער פון אלע פעלקער — דאס אלץ האָט געשטויסן די הסתדרות פונם טאָג פון איר גרינדונג אָן צו זוכן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען.

די הסתדרות האָט דעראָבערט פאַרן יידישן ארבעטער וויכטיקע פאָזיציעס אין דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־באַוועגונג. זי האָט פון „פאַלעסטינע" געמאַכט ארץ ישראל אין דעם באוואוסטזיין פון מיליאָנען ארבעטער און סאָציאַליסטן אין דער וועלט.

# די פארבינדונגען מיט דער יידישער ארבעטערשאפט אויף דער וועלט

* * *

דער געדאנק פון דער אלוועלטלעכקייט פונם יידישן פאָלק איז איינער פון די גרונט־פרינציפן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי פון דעם ציוניזם בכלל. האט טאקע די הסתדרות, פון אירע ערשטע טאג אָן, געזוכט וועגן זיך צו פארבינדן מיט די יידישע ארבעטער־ארגאניזאציעס אויף דער גארער וועלט.

דער ערשטער וויכטיקער אויפטו אויף דעם געביט איז געווען די דעלעגאציע, וואָס די הסתדרות האָט געשיקט אין 1921 יאר קיין אמעריקע. זי איז באשטאנען פון די חברים ב. קאצענעלסאן, יוסף בּאראץ און מאניא שוחט, און איר דירעקטע אויפגאבע איז געווען צו פארשפרייטן אקציעס פון דעם נאר־וואָס געגרינדעטן בנק הפועלים. אָבער די הסתדרות האָט דאָ געשטרעבט צו עפּעס מער, ווי בלויז צו א פינאנציעלן דערפאָלג. נישט ווייניקער וויכטיק פאר איר איז געווען די ד ע ר צ י ע ר י ש ע אויפגאבע — שאפן א פארשטענדניש פאר אונזער א״י־ווערק אין דער יידישער ארבעטערשאפט אין אמעריקע, וועלכע איז געווען דאן פארפרעמדעט.

אין משך פון פילע יאָרן האָט די הסתדרות געמאכט כסדרדיקע באמיאונגען צו געווינען די יידישע ארבעטערשאפט אין אמעריקע פאר אונזער זאך, און זיי זיינען געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

אבער ניט בלויז אין אמעריקע זיינען געמאכט געוואָרן אזעלכע באמיאונגען. עס זיינען געשאפן געוואָרן „ליגעס פאַרן אַרבעטנדן ארץ ישראל״ אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע (פוילן, ליטא א. א.), ווי אויך אין דרום־אמעריקע. די „ליגעס״ האָבן געדארפט קאנצענטרירן פריינד פון דער הסתדרות אין די גלות־לענדער, און אויך לייסטן פינאנציעלע הילף דער הסתדרות דורך זאמלונגען פארן קפא״י („קופת פועלי ארץ ישראל״ — „פאלעסטינע־ארבעטער־פאנד).

צו די אויפטוען פון דער הסתדרות פון יענער צייט געהערט אויך דער „קאָנגרעס פונם ארבעטנדן ארץ־ישראל״, וועלכער איז אפגעהאלטן געוואָרן אין בערלין, אין 1930 יאָר.

די „ליגעס״ אין מזרח־אייראפע האָבן זיך ניט אנטוויקלט און לאנג ניט עקזיס־

טירט. דאָקעגן אין דרום־אַמעריקע עקזיסטירן זיי ביזן היינטיקן טאָג (אין אַרגענטינע, בראַזיל, אורוגוואַי א. א.)

לעצטנס האָט די הסתדרות אָנגעהויבן אַ פּלאַנמעסיקע טעטיקייט אין ענגלאַנד, צווישן די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן. עס ווערן אָרגאַניזירט פאַראיינען פון „פריינט פון דער הסתדרות", און עס ווערט געשאַפן עפּעס ענלעכעס צו דער „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין" אין אַמעריקע, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתע פאָלקס־באַוועגונג.

יוסף שלאָסבערג

# די עלטסטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, אין אַמעריקע, און די יינגסטע, אין ארץ ישראל

אין דער תקופה פון פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, אין די יאָרן 1881־2, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן שטראָמען פון יידישע אויסוואַנדערער. איין קליינער שטראָם, דער „עם עולם", איז אַוועק קיין אַמעריקע צו אונטערנעמען יידישע קאָלאָניזאַציע. אַ צווייטער קליינער שטראָם, „בילו", איז אַוועק מיטן זעלבן צוועק קיין ארץ ישראל. ניט דער „עם עולם" און ניט „בילו" האָבן דערגרייכט זייער ציל.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַן אַנדער יידישע וואַנדערונג נאָך אַמעריקע. דאָס זיינען געווען מאַסן־מענטש־יידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון פּאָגראָמען, אַנטיסעמיטישע פאַרפאָלגונגען און עקאָנאָמישער נויט. דאָס איז געווען אַ גרויסער און שטענדיק־וואַקסנדער מענטשן־שטראָם. די דאָזיקע מאַסן־וואַנדערער זיינען ניט געווען באַקאַנט מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען און האָבן ניט געוואוסט פון געזעלשאַפטלעכע פּראָגראַמען. זיי זיינען אַנטלאָפן פון אונטערדריקונג, און האָבן זיך אַריינגעריסן, וואו נאָר זיי האָבן געפונען אַן אָפענע טיר. קליינע טיילן האָבן זיך באַזעצט אין ענגלאַנד, אין דרום־אַפריקע און אין אַנדערע לענדער. די גרויסע מאַסן האָבן געפונען היימען אין צפון־אַמעריקע. די יונגע, גרויסע און רייכע רעפּובליק פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט געהאַט פרייהייט, עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן, און דער עיקר, אַ ברייט־געעפנטע טיר.

אַלץ וואָס געהערט צו דער יוגנט־צייט איז באַדעקט מיט גלאַנץ, נאָך וועלכן עס בענקט זיך. אפשר איז עס טאַקע ניט מער ווי דער גלאַנץ פון דער ווייטקייט. אָבער אין אונזער פאַל איז עס מער ווי בלויזע ווייטקייט און פאַרגאַנגנהייט. איך האָב דורכגעלעבט יענע שווערע און ביטערע

אָנהויב־יאָרן פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן אין אמעריקע, און טראַכט וועגן זיי שטענדיק מיט פיל בענקשאַפט.

יענע וואַנדערער האָבן באַוויזן א וואונדער. די פאַרפּאָלגטע פון דער אַלטער היים און נאָך ניט קיין איינגעבירגערטע אין דער נייער, האָבן אויפגעבויט די גרעסטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט.

דער לעזער מוז זיך אַריבערטראָגן פון דער היינטיקער צייט, מיט איינגעפונדעוועטע אַרבעטער־באַוועגונגען, אין יענער צייט, ווען מיר האָבן נאָך אַזעלכע באַוועגונגען ניט געהאַט. אייראָפּע האט ערשט גענומען זיך באַפרייען פון דער דריקנדער רעאַקציע. די אַרבעטער־באַוועגונגען איבעראַל זיינען געווען יונג, קליין און שוואַך. די יידישע אימיגראַנטן האָבן גאָרנישט געוואוסט פון אַרבעטער־אָרגאַניזירונג, ווייל אין צאַרישן רוסלאַנד איז דאָס ניט געווען. אין אַמעריקע זיינען די דאָזיקע אימיגראַנטן באַטראַכט געוואָרן פון די אַרבעטער ווי האַלבע באַרבאַרן, וואָס זיינען א סכנה פאַרן לאַנד, ווי שטרייק־ברעכער און לוין־דריקער. פאַר די אַמעריקאַנער זיינען זיי געווען „סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן, ניהיליסטן". ווען דער היינטיקער יידישער אַרבעטער אין אַמעריקע זאָל זיך קאָנען מאַכן א באַגריף פון דעם שרעקלעכן מדבר־וועג, וואָס דער פריערדיקער דור האט געמוזט דורכמאַכן אום אויפצובויען אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָלט ער אפשר געהאַט מער דרך־ארץ פאַר דעם אַמאָליקן „אומפּראַקטישן טרוימער". דער אמת איז, אַז דער היינטיקער „פּראַקטישער" דור שטייט אויף די פּלייצעס פון דעם פריערדיקן „אומפּראַקטישן". אָן יענעמס פּיאָנערן־אַרבעט וואָלט דער ערפאָלג פון היינט ניט געווען מעגלעך.

לאַנג האָבן זיך געצויגן די פּיאָנערן־יאָרן. דער אומדערפאַרנער דור האָט זיך געמוזט אַליין דערוואָרבן די בויטיקע דערפאַרונג מיט זיין אייגענעם מאַרך און בלוט. ער האָט דאָס ניט געקאָנט אַרויסלערנען פון ביכער אָדער אָפּלערנען פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער.

די אַרבעטער־קאַמפן אין די פאַר־מלחמה יאָרן, 1909, 1910 און 1913 האָבן שוין געוויזן א גרויסע מאָס קלאַסן־קאַמף דערפאַרונג; פיל איז דערגרייכט געוואָרן אין די מלחמה־יאָרן; און גאָר א סך — זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה. די יוניאָנס, וואָס יידישע אַרבעטער האָבן געבויט, געהערן צו די בעסטע און שטאַרקסטע אין לאַנד; זייערע דערגרייכונגען — די העכסטע.

און איצט א קורצער פאַרגלייך צווישן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונגען אין אַמעריקע און אין ארץ ישראל.

דער „עם עולם" אין אַמעריקע איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן; ער האָט ניט איבערגעלאָזן קיין שפּור פון איינפלוס, ניט אין דער יידישער

אַרבעטער־באַוועגונג און ניט אין יידישן לעבן בכלל. אין ארץ ישראל איז דער נאָמען „עם עולם" פיל בעסער באַקאַנט ווי אין אַמעריקע.

די ביל"ויים אין ארץ ישראל האָבן ניט איבערגעלאָזן קיין דירעקטע יורשים. אָבער אין אָנהויב האָבן זיי געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. דער ישוב געדענקט זייער גוט דעם אַמאָליקן יחוס פון ביל"ו. און ווייל מען געדענקט די ביל"ו־באַוועגונג — געדענקט מען אויך די „עם עולם"־באַוועגונג.

די גרויסע יידישע מאַסן פון רוסלאַנד זיינען געקומען אין אַמעריקע ווי הינטערשטעליקע מענטשן, ווייל זיי זיינען געקומען פון אַ הינטער־שטעליק לאַנד מיט אַ נידעריקן מצב אין יעדער הינזיכט. זיי זיינען געקומען אין אַ שטאַרק־אַנטוויקלט לאַנד מיט אַ הויכן און שטייגענדיקן לעבנס־סטאַנדאַרט. זיי זיינען געקומען אום דערהויבן צו ווערן אין אַ רייכן לאַנד.

די געציילטע יידן, וואָס זיינען געקומען פון רוסלאַנד אין ארץ ישראל, זיינען געקומען פון אַ הינטערשטעליק לאַנד מיט אַ נידעריקן לעבנס־סטאַנדאַרט אין אַ פיל מער הינטערשטעליקן לאַנד, אין אַ כמעט וויסטן לאַנד. זיי זיינען געקומען מיט דעם חלום צו דערהויבן אַ געפאַלענעם לעבן.

די ערשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ ישראל, אגודת הפועלים, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1887, מיט אַ יאָר איידער עס זיינען געגרינדעט געוואָרן, ווי אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, די „פאַראייניקטע יידישע גע־ווערקשאַפטן" אין ניו־יאָרק.

די אגודת הפועלים האָט עקזיסטירט בלויז עטלעכע יאָר. און עס איז געמאַכט געוואָרן נאָך אַ פּרוּוו צו שאַפן אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין 1890־טן יאָר, און שפּעטער — אין 1900 — אַ דריטער פּרוּוו, ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן די הסתדרות הפועלים, און זי האָט עקזיסטירט ביז 1903. ווי שטאַרק דאָס דערמאָנט אונז אָן די אַנטשטייאונגען און אונטערגאַנגען פון די יידישע יוניאָנס אין אַמעריקע אין יענע יאָרן!

די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 האָט געשיקט אַ סך סאָציאַליסטיש אויפגעקלערטע אַרבעטער אין ארץ ישראל. זי האָט אויך געשיקט מאַסן באַוואוסטזיניקע יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, פועלי ציון, בונדיסטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן אַריינגעבראַכט פיל לעבן אין די דאַמאָלס ניט גאָר לעבעדיקע יידישע יוניאָנס.

אין אַמעריקע האָבן די יידישע יוניאָנס נאָכגעפאָלגט די גרופּירונגען אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג; דאַקעגן אין ארץ ישראל איז קיין אַרבעטער־באַוועגונג ניט געווען אויסער דער יידישער.

עס איז ניטאָ נאָך אַ לאַנד און נאָך אַ פאָלק אין דער וועלט, ביי וועמען נאַציאָנאַלע אינטערעסן און קלאַסן־אינטערעסן גייען אַזוי ענג צו־

זאמען ווי ביי די יידישע ארבעטער אין ארץ ישראל. דאָס איז דער ערשטער פאַל, וואו אַן ארבעטער־קלאַס בויט באַוואוסטזיניק א היים פאַר זיין פאָלק. דעריבער איז זייער ארבעטער־באַוועגונג אַזוי פאַרבנרייך און אַזוי פאַר־שיידן פון אנדערע ארבעטער־באַוועגונגען. און דעריבער ווערט זי אָפט מיספאַר־שטאַנען.

די בויט און דער ווילן זיך איינוואָרצלען אין לאַנד האָבן געטריבן די יידישע ארבעטער אין ארץ ישראל צו זוכן סאָציאַליסטישע מיטלען זיך צו פאַרפעסטיקן אין לאַנד. אַזוי זיינען געשאַפן געוואָרן די סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס, קאָאָפּעראַטיוון און פאַרשיידענע אַנדערע אַנשטאַלטן, וואָס די ארבעטער־באַוועגונג אין ארץ ישראל פאַרמאָגט איצט.

נאָך פאַרשידענע פּרוּוון צו פאַראייניקן די באַזונדערע ארבעטער־גרופּן, האָט זיך עס ענדלעך איינגעגעבן, און עס איז געשאַפן געוואָרן די יידישע ארבעטער־אָרגאַניזאַציע, באַקאַנט אַלס די „הסתדרות", ביים סוף 1920. די מיטגלידערשאַפט פון דער פאַראייניקטער ארבעטער־באַוועגונג איז דאַמאָלס געווען 4,400. איצט פאַרמאָגט די הסתדרות נאָענט צו הונ־דערט און זיבעציק טויזנט מיטגלידער. און איז דער גרעסטער כוח אין דעם יידישן ארץ ישראל. עס איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן ארץ ישראל אָן דער הסתדרות.

די וואָס האָבן אויפגעבויט די וואונדערבאַרע ארבעטער־באַוועגונג אין ארץ ישראל זיינען פון דעם זעלבן מענטשן־מאַטעריאַל ווי די, וואָס האָבן געבויט די יידישע ארבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. זיי זיינען געקומען פון די זעלבע רוסיש־פּוילישע שטעט און שטעטלאַך, און אויך פון די זעלבע פאַמיליען.

די פּיאָנערן פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע וואָלטן ניט געקאָנט טאָן זייערע שווערע ארבעטן אָן אידעאַליזם. און דאָס האָבן זיי געהאַט. א לאַנגע צייט איז דאָס אויך געווען זייער איינציקער כוח. מיט דעם זעלביקן אידעאַליזם איז אויך געבויט געוואָרן די ארבעטער־באַוועגונג אין ארץ ישראל. עס איז אָבער פאַראַן אָט דער אונטערשייד צווישן דער לאַגע אין אַמעריקע און אין ארץ ישראל:

וואָס האָט דערגרייכט דער אידעאַליסט, וואָס האָט ריזיקירט מיט זיין חיונה און האָט געבויט ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, וואָס האָט ריזיקירט מיט זיין געזונט און אויך מיטן לעבן, שטייענדיק אויף דער „פּיקעט־ליין" (שטרייק־פּאָסטן) טראָגן די פאַרשיידענע סכנות? וואָס איז געווען דער שכר פאַר זיינע יסורים? דאָס געווינען דעם שטרייק איז געווען דער שכר.

א געוואונענער שטרייק, וואָס ברענגט דעם ארבעטער א געוויסע

פארעבסערונג אין זיין לעבן, איז זיכער א גרויסע זאך, און איז כדאי דערפאר צו קעמפן. שפעטער מוז דער זעלביקער קאמף ווידער דורכגע־מאכט ווערן, ווייל דער גרעאנגל צווישן ארבעטס־געבער און ארבעטער גייט שטענדיק אָן. און עס קאן אנדערש ניט זיין אין א קאפיטאליסטישער אָרדנונג. יעדער ארבעטס־זיג איז ענטוועדער עפעס א פארבעסערונג אין דעם ארבעטערס לאגע, אדער אן אָפּווער קעגן פארערגערן זיין לאגע. ווייטער קען עס ניט גיין.

אבער ארץ ישראל איז נישט קיין קאפיטאליסטיש לאנד אין דעם אייראָפּייאיש־אמעריקאנישן זין. קאפיטאליסטן האָבן געגומען אינוועסטירן געלט אין אונטערנעמונגען ערשט ווען די חלוצים האָבן דורך זייער פראצע און זייערע קרבנות געשאפן לעבנס־מעגלעכקייטן אין דעם פריער גאנץ פוסטן און וויסטן לאנד, געשאפן א מארק. אָט די ספעציעלע באדינגונגען האָבן געמאכט מעגלעך פאר די ארבעטער־אידעאליסטן איינצופירן א סאָ־ציאליסטישן סדר אין די פלעצער, וואס זיינען אין זייער רשות. יעדע קאָאָפּעראטיווע ארבעטער־קאָלאָניע איז א קליינע סאָציאליסטישע רעפּוב־ליק, אָן פּריוואטע באלעבאטים און אָן געדונגענע ארבעטער. פּריוואטער פּראָפיט און לוין־ארבעט זיינען דאָרטן ניטאָ.

די הסתדרות־טוער זיינען ניט קיין איבער־מענטשן, וואס באווייזן נסים. וואָלטן זיי עס געוואָלט, וואָלטן זייערע אויפטוען קיין ממשות ניט געהאט, ווייל צוזאמען מיט זייער אוועקגיין, ווען זייער צייט קומט, וואָלטן געמוזט אויפהערן די נסים, און עס וואָלט געווארן אויס ארץ ישראל. די פארזיכערונג פאר דער צוקונפט באשטייט גראָד אין דעם, וואָס די הסתדרות־טוער זיינען אזעלכע מענטשן ווי מיר אלע; דאָס וואָס זיי טוען, וועלן אויך קאָנען טאָן די, וואס וועלן קומען נאָך זיי. מיר דארפן זיי נאָר דאנקבאר זיין דערפאר, וואָס זיי זיינען געווען גענוג אינטעליגענט און טריי זייער זאך אויסצונוצן אויף דעם בעסטן אופן די געפונענע מעגלעכ־קייטן. דאָס איז א גליק פארן לאנד און פארן יידישן פאָלק. דאס מאכט מעגלעך, אז די ארבעטער־באוועגונג זאָל אין דער זעלבער צייט בויען היימען פאר די איינצעלנע ארבעטער און א נאציאָנאלע היים פארן יידישן פאָלק. דאס קאָן ניט טאָן קיין יידישע ארבעטער־באוועגונג אין קיין לאנד; דאס קאָן טאָן נאָר די הסתדרות אין ארץ ישראל.

ארבעט איז א הייליקער אידעאל ביי די יידישע ארבעטער אין ארץ ישראל. זיי ווידמען זיך אליין דעם אידעאל פון ארבעט און ווידמען דערצו אויך זייערע קינדער. ארבעט איז ביי זיי א רעליגיע. ארבעט האָט ביי אונז אין אמעריקע אן אנדער זין ווי אין ארץ־ישראל. ביי אונז איז ארבעט ניט מער ווי א מיטל צו פארדינען אויף דער חיונה. אונטער א קאפיטאליס־

טישער אָרדנונג איז די פונקציע פון דעם אַרבעטער נאָר צו שאַפן פּראָפיטן פאַר זיין באַלעבאָס. ער דינט ניט דער געזעלשאַפט, נאָר זיין אַרבעטס־געבער. און דער אַרבעטער איז אונטערוואָרפן די אַלע ליידן, מיט וועלכע לוין־אַרבעטער אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד זיינען אַזוי גוט באַקאַנט. עס איז ניטאָ פאַרוואָס באַגייסטערט צו ווערן. אין ארץ ישראל זעט דער אַרבעטער דעם געזעלשאַפטלעכן נוצלעכן און שעפערישן זין פון זיין אַר־בעט. דאָרטן זעט ער קלאָר די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע געווינסן פון זיין פּראַצע. ער זעט עס אין שטאָט, אין דאָרף, און איבעראַל.

די הסתדרות איז אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, אַזוי ווי די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער. אָבער זי האָט אויך אַ סך פליכטן און פונקציעס, וואָס קיין אַנדער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָט ניט. דאָס מאַכט די הסתדרות פאַר אַן אויסנאַם צווישן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין דער וועלט.

---

אין 1918, צוויי יאָר איידער עס איז געגרינדעט געוואָרן די הסתדרות, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק דער ערשטער אַרבעטער־קאָנגרעס פאַר ארץ ישראל. דער שרייבער פון די שורות איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פון דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. יענער קאָנגרעס האָט ניט גע־בראַכט קיין באַלדיקע רעזולטאַטן. אָבער ער האָט געמאַכט אַן אָנהויב צום קאַמף קעגן דעם חרם אויף ארץ ישראל, וואָס האָט דאַמאָלס געהערשט צווישן די יידישע אַרבעטער.

מיט פינף יאָר שפּעטער איז די באַוועגונג פאַר ארץ ישראל באַנייט געוואָרן דורך דעם „נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַרן אַרבעטער ארץ ישראל", וואָס איז באַקאַנט ווי די „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין", מיט מאַקס פּיין אַלס פאָרזיצער.

מיט דער צייט האָט די „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין" געוואונען אַלע וויכטיקע יידישע יוניאָנס ווי מיטבאַטייליקער. צוזאַמענפאָרן פון דעם „אַמעריקען פעדעריישן אָוו לייבאָר" און פון דעם סי.אַי.אָ. האָבן אָנגענומען רעזאָלוציעס פון סאָלידאַריטעט פאַר דער הסתדרות. אַרום דער פאָן פון דער „געווערקשאַפטן קאַמפּיין" האָבן זיך פאַרזאַמלט א.פ.און.ל. און סי.אַי.אָ. יוניאָנס, צווייגן פון דעם „יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד" און פון דעם „אַרבעטער־רינג", פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון און פון די לינקע פּועלי־ציון, „פּיאָנערן פרויען־אָרגאַניזאַציע", לאַנדסמאַנשאַפטן און גרופּן פון געשעפטסלייט סימפּאַטיקער.

די „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין" האָט געשיקט דעלעגאַטן צום הסתדרות

קאָנגרעס אין בערלין אין 1930 און צו דער הסתדרות אין ארץ ישראל. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס יידישע ארבעטער אין אמעריקע האָבן געשיקט פאָרשטייער אין אויסלאנד פאר יידישע צוועקן. דער כוח פון דער הסתדרות האָט געבראכט דערצו.

אין 1937 האָט די טרייד־יוניאָן אפטיילונג פון דער געווערקשאפטן־קאמפיין געשיקט א דעלעגאציע פון פראָפעסיאָנעלע טוער צו דער הסתדרות. דאָס איז געווען א גאנץ נייער אויפטו פון די אָרגאניזירטע יידישע ארבעטער אין אמעריקע. דאס איז געווען באזונדער וויכטיק דערפאַר, וואס עס האָט געוויזן, אז דער חרם אויף ארץ ישראל איז לחלוטין באזיגט געוואָרן.

די דעלעגאטן, דערפארענע יוניאָן־טוער, זיינען געקומען צוריק א היים מיט העכסט באגייסטערטע באריכטן וועגן דער הסתדרות. דאָס האָט פיל געשטארקט די כוחות פון דער „געווערקשאפטן־קאמפיין".

דער אינטערעס צו ארץ ישראל מצד די יידישע ארבעטער אין אמעריקע האָט דערגרייכט א נייע הויך בשעת די וואַלן צום 22־טן ציוניס־טישן קאָנגרעס, אין 1946־טן יאָר.

עס איז שטענדיק געווען אָנגענומען, אז די „געווערקשאפטן־קאמ־פיין" ווירקט נאָר אין די ראמען פון דער הסתדרות און באטייליקט זיך ניט אין פאָליטישע טעטיקייטן. אָבער ווען געוויסע ציוניסטישע קרייזן אין אמעריקע האָבן אנגעהויבן דורך זייער וואל־פּראָפּאָגאנדע אטאקירן די אָרגאניזירטע ארבעטערשאפט אין ארץ ישראל, האָבן די מייסטע טרייד־יוניאָן טוער פון דער „געווערקשאפטן־קאמפיין" זיך קאָנסטיטואירט ווי א טרייד־יוניאָן קאָמיטעט פאר דעם ציוניסטישן ארבעטער־בלאָק אום צו שטארקן די הסתדרות. צום ערשטן מאָל האָבן טרייד־יוניאָניסטן פארקויפט שקלים און גערופן זייערע קאָלעגן זיך צו באטייליקן אין ציוניסטישע קאָנגרעס־וואלן, און צום ערשטן מאָל זענען טרייד־יוניאָן טוער געשיקט געווארן אלס דעלעגאטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס. מיט צען יאָר צוריק, וואָלטן עס אונזערע גרעסטע אָפּטימיסטן ניט באטראכט פאר מעגלעך.

עס איז איצט ניטא אין אמעריקע קיין יידישע ארבעטער־באוועגונג ווי מיט דרייסיק—פערציק יאָר צוריק. עס זיינען פאראן אין די גרויסע צענטערס יידישע פיליאלן פון געמישטע אָרגאניזאציעס. אָפטמאָל זיינען אויך די יידישע פיליאלן געמישטע. אין די טראדיציאָנעלע יידישע אינ־דוסטריען, ווי שניידעריי, זיינען די יידישע מיטגלידער א פארשווינדענ־דיקע מינדערהייט. דער אלטער דור, וואס האט געבויט די יוניאָנס, גייט אוועק, און דער יונגער דור גייט אין אלערליי אנדערע באשעפטיקונגען, און העלפט בויען יוניאָנס דאָרטן.

דער ארבעטער אימיגראנטן־דור איז גוט אמעריקאניזירט. און וואָס

מער ער ווערט אַמעריקאַניזירט, אַלץ מער ווערט ער באַוואוסטזיניק יידיש און ארץ ישראלדיק. אָן דער הסתדרות וואָלט דער דאָזיקער פּראָצעס געווען זייער א לאַנגזאַמער. דער יידישער אַרבעטער אין אַמעריקע האָט לכתחילה געענטפערט אויף דעם רוף פון דער הסתדרות, ווייל זי איז אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, אָבער דורך דער הסתדרות האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשטיין ארץ ישראל.

דער נאָמען פון דער הסתדרות איז הייליק ביי די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע. זיי זיינען שטאָלץ אויף זייערע חברים און חברות אין ארץ ישראל.

ניו־יאָרק, 1947

א. העמלין

# די הסתדרות און דער „געווערקשאַפטן-קאַמפּיין" אין אַמעריקע

די גרינדונג פון דער הסתדרות איז א היסטאָרישע דאַטע ניט נאָר אין לעבן פון דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג און פון יידישן פאָלק, נאָר אויך אין לעבן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע. די גרינדונג פון דער הסתדרות איז געווען דער וויכטיקסטער שטויס צו דער אָרגאַניזירונג פון „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין" און צום אָנפאַנג פון א נייער עפּאָכע, אין וועלכער דער יידישער אַרבעטער אין אַמעריקע האָט זיך דערפילט מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גורל פון זיין פאָלק. א געשיכט־לעכער טעות איז פאַרריכט געוואָרן. א קוואַל פון אָנגעזאַמלטער ענערגיע איז פרייגעלאָזן געוואָרן פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל און פאַר יעדער קאָנסטרוקטיווער טאַט אין יידישן לעבן בכלל.

טיף אין האַרצן פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע האָט געלעבט די האָפנונג פון באַפרייאונג און נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. אָט די האָפנונג איז אָבער ניט געקומען צום אויסדרוק א דאַנק די אידעען פון אַסימילאַציע, וועלכע האָבן באַהערשט די מוחות פון דער יידישער אינטעליגענץ און די איינריידניש, אַז דער סאָציאַליזם וועט ממילא פאַר־ענטפערן די יידיש־נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. אין לויף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די פּועלי־ציון פּאַרטיי אין אַמעריקע געמאַכט ענער־

גישע פארזוכן צו געווינען די יידישע ארבעטערשאפט פאר דעם ארץ־ישראל־געדאנק. א רייע ארבעטער־קאנפערענצן זיינען דאן צושטאנד גע־קומען, אויף וועלכע ס'איז געפירט געוואָרן דער קאמף צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון ציוניזם און ארץ־ישראל־אויפבוי. באזונדערס אימפּאַזאנט איז געווען דער יידישער ארבעטער־קאָנגרעס פאר ארץ ישראל, וועלכער איז פאָרגעקומען אין יאָר 1918. צו דעם קאָנגרעס זיינען אָבער געקומען בלויז טיילן פון דער טרייד־יוניאָן באוועגונג, אָבער ניט די ארבעטער־שאפט אלס גאנצע. א קינסטלעכע מחיצה איז געשטאנען צווישן דער יידישער ארבעטערשאפט און דער רענעסאנס־באוועגונג פון יידישן פאלק. עס האָט זיך געפאָדערט אז אימיצער זאָל אָט די מחיצה אומווארפן אין דערנענטערן ברידער פון איין קלאַס און פון איין פאָלק. אָט דער אימיצער האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן.

אויף דער ווענדונג פון דער הסתדרות, וואס איז געקומען אין אויגוסט 1923, איז געקומען דער ענטפער פון די „פאראייניקטע יידישע געווערקשאפטן" — די צענטראלע קערפערשאפט פון די יידישע טרייד־יוניאָנס און איר אומפארגעסלעכן פירער, מ א ק ס פ י י ן, א מענטש פון מוט און א דרייסטער קעמפער פאר זיינע איבערצייגונגען. דער ענטפער פון די געווערקשאפטן האָט געאָטעמט מיט ווארעמקייט, מיט ברידערלעכער סאָלידאריטעט און מיט דער פארזיכערונג, אז „גאר די גרעסטע יידישע ארבעטער־אָרגאניזאציעס פון אמעריקע זיינען איינציק אין דעם, אז עס איז אונזער פליכט צו פארשטארקן אייערע פּאָזיציעס, העלפן אייך ארייג־ברייגען אין ארץ ישראל וואס גרעסערע מאַסן און אויפנעמען זיי אין די ארבעטער־רייען".

שווער איז געווען די התחלה. ניט אלע האָבן נאָך געהאט דעם מוט צו באטרעטן דעם נייעם וועג, און א רייע שטערונגען האָבן שיר ניט אומגעבראכט דעם געוואגטן אָנהויב. עס האָבן זיך אָבער געפונען א צאָל מוטיקע ארבעטער־פירער, וועלכע האָבן זיך געשטעלט בראש פון דער באוועגונג און האָבן פּראָקלאמירט די אקציע פארן ארבעטנדיקן ארץ ישראל. צווישן די ערשטע מיטארבעטער, וועלכע זיינען טריי געשטאנען מיט מאקס פיינען און געהאָלפן פאנאדערצאַקערן דאָס פעלד, דארפן דער־מאָנט ווערן דער אומפארגעסלעכער סאָציאליסטישער טריבון אברהם ש י פ ל א ק אָ װ, דער פירער פון די בעקער־ארבעטער דזש. ג אָ ל ד ש ט י י ן, דער גענעראל־סעקרעטאר פון דער קאפן־מאכער יוניאָן, מאקס צ ו ק ע ר־מ א ן, דער מיטארבעטער מיט פיינען און שפעטער־צו, דער סעקרעטאר פון די פאראייניקטע יידישע געווערקשאפטן, מאָריס פ י י נ ס ט אָ ן, און — זיי צו לאנגע יאָר — יוסף ש ל אָ ס ב ע ר ג, ברוך צ ו ק ע ר מ א ן, הערי

ל א נ ג, און א רייע חברים און פריינט, וועלכע האָבן דעם קאמפיין גע־גרינדעט און געבראכט אים צו דער הויכער מדרגה, אויף וועלכער ער געפינט זיך איצט.

א גרויסע דערמוטיקונג איז געווען דער אָפּרוף פון איבערן לאנד און די ספּאָנטאַנע באגייסטערונג, וואס האָט ארומגעכאפּט טויזנטער יידישע ארבעטער. עס טליעט נאָך אין זכרון די ערשטע גרינדונגס־פארזאמלונג, דעם 14־טן פעברואר 1924, בעת מאקס פּיין האָט פּראָקלאמירט, דאָס „מיר זיינען געקומען פארניכטן א דאָגמע און ארונטערנעמען דעם חרם, וואָס איז געלעגן אויף אונזערע שוועסטער און ברידער אין ארץ ישראל". ענלעכע פארזאמלונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פארשיידענע ערטער, האָבן קלאָר באוויזן, אז אין די מוחות פון די יידישע ארבעטער קומט פאָר א גייסטיקע רעוואָלוציע, און פון אָט קליינער התחלה וועט זיך פאנאנדער־וואקסן אַ גרויסע באוועגונג, וועלכע וועט אָנצינדן די הערצער פון די יידישע מאסן און וועט ברענגען קראפט און דערמוטיקונג צו דער יידישער ארבעטערשאפט אין ארץ ישראל.

### דער קאמפיין ווערט א שטענדיקע קערפּערשאפט.

דער ערשטער קאמפיין, וועלכער האָט צונויפגעבראכט דעם סכום פון 51 טויזנט דאָלאר, איז בלויז געווען אן איינמאָליקע אקציע. ס'איז אנגעגאנגען א ויכוח אין די געווערקשאפטן־קרייזן, צי דער קאמפיין זאָל בלייבן פּערמאנענט אָדער ניט. אין נאָוועמבער 1925 האָבן די פאראייניקטע יידישע געווערקשאפטן באשטעטיקט דעם פאָרשלאג צו באנייען די טע־טיקייט פארן ארבעטנדיקן ארץ ישראל. דעם 2־טן יאנואר 1926 איז פאָר־געקומען דער ערשטער גרינדונגס־צוזאמענפאָר מיט דעם אָנטייל פון 350 דעלעגאטן, פארטרעטנדיק 150 אָרגאניזאציעס. דער צוזאמענפאָר האָט פּראקלאמירט דעם געוועקשאפטן־קאמפיין אלס א פּערמאנענטע קערפּער־שאפט.

פון דאן אָן איז דער קאמפיין געגאנגען בארג־ארויף. מיט דער אויס־נאמע פון די שווערע קריזיס־יארן פון 1933־31 זיינען די הכנסות פון קאמ־פיין כסדר געוואקסן, ביז זיי האָבן דערגרייכט אין 45־1944 דעם סכום פון א מיליון 638 טויזנט דאָלאר, אין וועלכן עס איז איינגעשלאָסן די סומע פון 277 טויזנט דאָלאר פון דער „פּיאנערן־פרויען ארגאניזאציע" פאר דער מועצת הפועלות. צוזאמען איז דורך דעם קאמפיין און זיינע אנגעשלאסענע ארגאניזאציעס דערגרייכט געווארן די סומע פון זיבן און א האלב מיליאן דאָלאר. דאס שליסט ניט איין די סכומים, וואָס זיינען געשאפן געוואָרן פאר דעם „הסנה" דורך דעם „יידישן נאציאנאלן ארבעטער־פארבאנד", פאר דער

„בנק הפועלים". „נחשון", „אמפּאַל", און א רייע אנדערע אויפטועז, וואס זיינען דערמעגלעכט געווארן אדאנק דער אויפקלערונגס־ארבעט און די פריינטשאפט, וואס דער „געווערקשאפטן־קאמפיין" האט דערווארבן.

אין דער ערשטער אקציע האבן אנטיילגענומען 60 פונקטן פון 20 שטאטן און דריי שטעט אין קאנאדע. אין דער לעצטער אקציע האבן אנטייל גענומען איבער 400 פונקטן אין 45 שטאטן, אין אלע פראווינצן פון קאנאדע און אין מעקסיקע. אין דעם ערשטן צוזאמענפאַר האָבן אנטיילגענומען פארטרעטער פון 150 ארגאניזאציעס. ביים לעצטן צוזאמענפאר, וואס איז אָפּגעהאלטן געוואָרן אין ניו־יורק דעם 24־טן און 25־טן נאָוועמבער 1946, האָבן אנטיילגענומען קרוב 3000 דעלעגאטן, פארטרעטער פון איבער א האלב מיליאן יידישע ארבעטער און פאלקס־מענטשן.

פון גרויס באדייטונג זיינען אויך די יערלעכע קאנפערענצן, וואס קומען פאָר אין באָסטאָן, פילאדעלפיא, באלטימאָר, דעטרויט, קליוולאנד, פיטסבורג, שיקאגע, סיינט לואיס, מינעאפאליס, ניו דזשירזי סטייט, מאנט־רעאל, טאראנטא, וויניפעג, לאָס אנדזשעלעס, מערב קאנאדע, און אנדערע געגענטן פון לאנד. צוזאמען באטייליקן זיך אין די קאָנפערענצן און אין דער טעטיקייט פון קאמפיין קרוב צו 3000 ארבעטער־און פאָלקס־אָרגאניזאציעס.

דער „געווערקשאפטן־קאמפיין" אנטוויקלט זיך
צו א גרויסער פאלקס־באוועגונג

די באדייטונג פון „געווערקשאפטן־קאמפיין" ליגט ניט בלויז אין זיינע פינאנציעלע דערגרייכונגען, ווי וויכטיג און דרינגענד זיי זאלן ניט זיין. דורך דעם געווערקשאפטן־קאמפיין איז געשאפן געווארן א בריק פון ברידערלעכער סאלידאריטעט צווישן דער יידישער ארבעטערשאפט אין אמעריקע מיט דער דאָן נאך יונגער ייד׳שער ארבעטערשאפט אין ארץ־ישר־אל. אין יענער צייט, בעת די הסתדרות האט געציילט וויי־ניקער ווי צען טויזנט מיטגלידער און איז געשטאנען פנים אל פנים מיט אומגעהוירע שוועריקייטן, איז די גרינדונג פון געווערקשאפטן־קאמפיין געווען א ליכטי־קע בשורה און א קוואל פון גרויסער דערמוטיקונג. אין דעם באשטעטיקונגס בריוו, וואס דער ועד הפועל האט דאן צוגעשיקט אלס ענטפער אויף דער ערשטער טראנסמיסיע, ווערט צווישן אנדערן געזאגט:

„עס איז איבעריק צו דערציילן אייך, חברים, וועלכע האפנונגען די ארגאניזירטע יידישע ארבעטערשאפט פארבינדט מיט דער התחלה פון אייער קאמפיין אויפן געביט פון ארץ ישראל. מיר פילן די גאנצע צייט, אז ערשט

**נאך דעם ווי עס וועט ארויסגערופן ווערן פארשטענדיקונג און מיטגעפיל פאר אונזער ארבעט ביי דער ארגאניזירטער יידישער ארבעטערשאפט אין גאר דער וועלט, — ערשט דעמאלט וועט געשאפן ווערן דער פרייער כוח, מיט וועמענס הילף עס וועט אונז געלינגען בייצוקומען אלע מניעות. אייער ערשטע געלד־זענדונג איז געווען א בשורה פאר אונז, אז די דאָזיקע צייט דערנענטערט זיך. גראד איצט, בשעת אויף די אויפגעבויטע פאזיציעס פון דער ארבעטערשאפט אין ארץ־ישראל ווארפן זיך געניטע און אויסגעפּרובירטע ארבעטער־קעגנער פון אלע צדדים, איז אייער חברישע מיטהילף פאר אונז געווען א טאפּלטע טרייסט. ווי א וואונק אויף א נייער ווענדונג האט די יידישע ארבעטערשאפט אין א״י אויפגענומען אייער אקציע, און אייער געלט האָט געבראכט דעריבער ניט נאָר הילף, נאָר אויך שטארקונג פון מוט.**

**„זאָל די שטענדיקע סיסטעמאטישע און אקציאנסרייכע פארבינדונג צווישן דעם ארגאניזירטן יידישן ארבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל און דער ארגאניזירטער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין גאר דער וועלט ווערן דער באשטימנדיקער פאקטאר פון אונזער אלגעמיינער אנטוויקלונג. דעמאָלט וועט אונזער שווערע אבער האפנונגספולע ארבעט זיין געבענטשט מיט א נייער קראפט״.**

די פארויסזאגונג פון דעם בריף איז אין א גאר גרויסער מאס מקויים געווארן. דער צוזאמענבונד פון דער הסתדרות מיט דער ארבעטערשאפט פון אמעריקע איז שטארקער געווארן פון טאג צו טאג. אין א גרויסער מאס האבן צו דעם בייגעטראגן די שליחים, וואס די הסתדרות האט דעלעגירט קיין אמעריקע און די צוויי אמעריקאנער ארבעטער־דעלעגאציעס, וועלכע האָבן באזוכט ארץ ישראל אין די יאָרן 1930 און 1936. די צאָל יידישע ארבעטער, וועלכע האבן זיך אָנגעשלאסן אין דער באוועגונג, איז מיט יעדן יאר געשטיגן, אזוי, אז ביים היינטיקן טאג שטייט כמעט די גאנצע יידישע ארבעטערשאפט סאלידאריש און ברידערלעך מיט דעם קאמף און שטרע־בונגען פון דער הסתדרות. עס איז אויך מקויים געווארן דער צווייטער וואונטש, וואס איז אויסגעדריקט געווארן אין בריוו. די ארץ־ישראל ארבע־טערשאפט איז געווארן דער באשטימענדער פאקטאר אין דעם אויפבוי פון יידישן היימלאנד. דער חותם פון דער ארבעטערשאפט ליגט אויף יעדן ווינקל פון סאציאלן, עקאנאמישן און קולטורעלן לעבן פון דעם נייעם ארץ־ישראל. פעסטע און זיכערע יסודות זיינען אוועקגעלייגט געווארן פאר דער קאָאָפּעראטיווער ארבעטנדיקער געזעלשאפט, יסודות אין וועלכע די יידישע מאסן פון אמעריקע האָבן ארייננגעוועבט ניט נאָר זייער פינאנציע־לע מיטהילף, נאר אויך זייער הארץ, נשמה און טיפע איבערגעבנקייט.

די צווייטע וויכטיקע דערשיינונג איז — די פאַרוואַנדלונג פון „גע־וועררקשאַפטן־קאַמפּיין" אין א גרויסער און פאַרצווייגטער פאָלקס־באַוועגונג. פון די קרוב צו דריי טויזנט קערפּערשאַפטן, וועלכע באַטייליקן זיך אין קאַמפּיין, זיינען צוויי־דריטל לאַנדסמאַנשאַפטן און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. אָבער ניט נאָר אָרגאַניזאַציעס, נאָר אויך צאָלרייכע יחידים, כלל טוער און פאָרשטייער פון פאַרשידענע שיכטן האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט דער אַרבעט פון דער הסתדרות. איינער פון די גאָר ערשטע, וואָס האָט געגעבן דעם קאַמפּיין א היפשע דערמוטיקונג איז געווען דער פאַרשטאַרבענער לואיס ד. בראַנדייס: „אין די מאַסן ליגט די האָפנונג פון ארץ ישראל", — האָט דער חשובער ריכטער זיך איינמאָל אויסגעדריקט פאַרן שרייבער פון די שורות. די טריבונע פון „געווערקשאַפטן קאַמפּיין" איז גאַנץ אָפט באַשיינט געוואָרן פון אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי דר. חיים ווייצמאַן, אַלבערט איינשטיין, דר. סטיפען וויין, חיים נחמן ביאַליק, און די חשובסטע פאָר־שטייער פון אַמעריקאַנער יידענטום, וועלכע האָבן דערזען אין דער הס־תדרות ניט בלויז דעם פּאַרקעמפער פאַרן אַרבעטער־קלאַס, נאָר פאַרן פאָלק ישראל. אַט די סענטימענטן זיינען אויסגעדריקט געוואָרן אין צוויי דעקלאַ־ראַציעס, וועלכע זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן לטובת דער הסתדרות אין יאָר 1934, דורך 241 רעפאָרם־ראַבינער און דורך דער „ראַבינישקל אַסעמ־בלי", אין וועלכער עס זיינען אָרגאַניזירט אַלע קאָנסערוואַטיווע רבנים. אין דער הקדמה צו דער דעקלאַראַציע, זאָגט ד"ר וויין פאָלגענדעס:

„די צוויי סטייטמענטס, וועלכע זיינען א כבוד פאַר די אַמעריקאַנער ראַבינער, וועלן אויפקלערן די אַמעריקאַנער יידן די שטרעבונגען פון דער הסתדרות אין וועלן צוזאַמענברענגען פאַר ארץ ישראל פאַרשיידענע גרופּן, וועלכע זיינען זאַנסט צעטיילט. דאָס נייע ארץ ישראל וועט ניט זיין קיין „ריעל עסטייט" אונטערנעמונג אדער אַן אָראַנזשען פּלאַנטאַציע... זי וועט געבויט ווערן ניט אויפן באַזיס פון קאָנקורענץ, וועלכע האָט געבראַכט די מענטשהייט צו דעם כאַאָס, אין וועלכן זי געפינט זיך איצט, נאָר אַלס א קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, געבויט אין איינקלאַנג מיט די נביאישע אידעאַלן פון יידישן פאָלק".

די 25־יעריקע געשיכטע פון דער הסתדרות, אירע מעשים און דער־גרייכונגען, אירע הערואישע אָנשטרענגונגען אויפן געביט פון רעטונג, עליה און קאַמף פאַר אונזערע רעכט — האָבן די האָפענונגען באַשטעטיקט.

## דער געווערקשאפטן־קאמפיין — די גרעסטע דערציערישע באוועגונג צווישן די יידישע מאסן אין אמעריקע

פון ערשטן טאג האט זיך דער געווערקשאפטן־קאמפיין געשטעלט אלס ציל צו דערציען די יידישע מאסן צו זייער פליכטס־באוואוסטזיין און צו דער פירנדיקער ראלע, וואס זיי דארפן שפילן אין דער באפרייאונג פון פאלק און אין דעם אויפבוי פון ארץ ישראל. דער אנפאנג פון אט דער דערציאונג און פראפאגאנדע איז געקומען דורך די פארשטייער פון דער הסתדרות און דורך די טרייע שליחים, וואס האבן זיך ארויסגעלאזן אין די ווייטסטע פונקטן פון די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע. מיט דער צייט איז אט די פראפאגאנדע אויסגעברייטערט געווארן און האט אנגענומען א גרויסן מאסן־כאראקטער. טויזנטער ארגאניזאציעס ווערן באזוכט דורך די פארשטייער פון קאמפיין, וועלכע ברענגען איבעראל דאס ווארט פון קאמף און האפנונג. הונדערטער טויזנטער יידן ווערן דערגרייכט דורך ליטעראטור, ראדיא, בולעטינען, פרעסע און פילם. טויזנטער קינדער ווערן דערגרייכט דורך דער ארבעט פון ועד המחנכים און דורך דער פערטיאדישער קינדער־ליטעראטור, וואס דער קאמיטעט גיט ארויס.

צענדליקער טויזנטער יידן ווערן אינספירירט דורך די גרויסע קאנפערענצן, מאסן־פארזאמלונגען און קאלעקטיווע יום־טובים. די „דריטע סדרים" וועלכע דער געווערקשאפטן־קאמפיין האט איינגעפירט, ווערן געפייערט אין פיל שטעט. צו די אלע צוזאמענקונפטן ווערט געבראכט דאס ווארט פון דער הסתדרות און דאס ליד פון ארבעט און האפנונג; עס ווערט דערהויבן דער יידישער גייסט און נשמה; עס ווערט צעמענטירט דער בונד מיטן חלוצישן ארץ ישראל.

דערמיט איז צו דערקלערן דעם דראנג פון געווערקשאפטן־קאמפיין צו פירן זיין ארבעט זעלבסטשטענדיק און ניט „פארשלונגען" ווערן פון די וואוילטעטיקייטס־פאנדן און די אלגעמיינע „דרייווס", וואס ווערן געפירט איבער אמעריקע. נאר דורך זעלבסטשטענדיקער ארבעט קען ער פאנאנדערוויקלען זיין פאן און דערגרייכן די ברייטע יידישע מאסן. נאר דורך זעלבסשטענדיקער טעטיקייט קען ער ברענגען איבעראל דאס ווארט פון דער הסתדרות און פון יידישער אויפלעבונג. גייענדיק אויף אט דעם וועג, וועט דער געווערקשאפטן־קאמפיין מיט דער צייט ארומנעמען אלע שיכטן פון פאלק און ווערן א גרויסע רענעסאנס־באוועגונג ניט נאר פאר ארץ ישראל נאר אויך פארן יידישן לעבן אין אמעריקע, פאר וועמען די הסתדרות וועט זיין דער אינספירירנדיקער כוח און עמוד־האש.

## די הסתדרות און די אמעריקאנער ארבעטערשאפט

די גרינדונג פון דער הסתדרות און פון געווערקשאפטן קאמפיין האט מיט דער צייט ארויסגערופן דעם דרך ארץ און די ווארימסטע סימפאטיען מצד דער גאנצער אמעריקאנער ארבעטערשאפט. בולטע סימנים פון אט דער פריינדשאפט האבן זיך ארויסגעוויזן פון סעמיועל גאָמפערס נאָך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיינען נאכדעם פארשטארקט געווארן דורך דער מוטיקער שטעלונג פון איר איצטיקן פרעזידענט וויליאם גרין. אין די צייטן פון קאמף און פון ביטערע נסיונות אין די יארן 1929, ־1936, און אין די לעצטע יארן — איז די „אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר" תמיד ארויסגעטראָטן מיט די שארפסטע פראָטעסטן קעגן די שוועריקייטן, וועלכע זיינען געמאכט געווארן דעם אויפבוי פון ארץ ישראל און האט געפאדערט די פולשטענדיקע דורכפירונג פון דער באלפור־דעקלאראציע.

א דעצידירנדע שטעלונג האָט אויך אָנגענומען די „סי.אי.א." און איר פרעזידענט פיליפ מארעי. די „סי.אי.אָ." האט ביי איר קאנוועגשאן אין שיקאגא אָנגענומען א רעזאָלוציע, פאָדערנדיק דעם אויפבוי פון יידישן היימלאנד. פיליפ מארעי האט צוגלייך מיט גרינען שארף רעאגירט אויף די שענדלעכע האנדלונגען פון דער בריטישער ארבעטער־רעגירונג. אן ענלעכע שטעלונג האט אויך אנגענומען די קאנאדער „קאאפערטיוו קאמאנ־וועלט פעדעריישאן" (סי.סי.עף.), וועלכע האט אינפארמירט דער בריטי־שער רעגירונג וועגן איר פאָזיטיווער אונטערשטיצונג פון די יידישע פאָדע־רונגען. אין די שווערע טעג וואס דער ישוב גייט דורך, איז די איינשטימיקע האנדלונג פון דער אמעריקאנער ארבעטערשאפט א גרויסע טרייסט און דערמוטיקונג.

## די טרייע אומצעטיילבארע שותפות

דורך די פארגאנגענע 25 יאָר איז אויסגעשמידט געוואָרן א טרייע, ניט־צעטיילבארע שותפות צווישן די יידישע מאסן פון אמעריקע און דעם חלוצישן אוואנגארד אין ארץ ישראל. די שותפות פילט זיך אין טרייד־יוניאָן באוועגונג, וועלכע איז געוואָרן ניט נאָר א פינאנציעלער, נאָר אויך א פאָליטישער שטיץ־פונקט פאר דער הסתדרות. דאָס געפיל פון טרייער שותפות איז טיף איינגעקריצט אין די הערצער פון דער פארטיי פועלי־ציון, אין „אידיש נאציאנאלן ארבעטער־פארבאנד", די „פיאנערן־פרויען ארגאניזאציע", די יוגנט־ארגאניזאציעס „הבונים", השומר הצעיר, די לינקע פועלי־ציון און די אלץ־וואקסענדיקע מחנות פון פאלקס־ארגאניזאציעס, „ארבעטער־רינג" אפטיילונגען און די צאלרייכע פריינט, וועלכע זיינען פאראנטווארטלעך פארן דערפאלג פון קאמפיין.

אט די שותפות האט געשטארקט די הענט פון דער הסתדרות און דערמעגלעכט, זי זאל ווערן אזא שטארקער און ווירקזאמער פאקטאר אין אויפבוי פון לאנד.

די דאזיקע שותפות וועט איצט נאך שטארקער ווערן און וועט זיך אויסדריקן ניט נאר אין געמיינזאמער ארבעט, נאר אויך אין געמיינזאמען קאמף און אין געמיינזאמער קרבנות־גרייטקייט ביז די מלחמה פארן יידי־שן קיום וועט געוואונען ווערן — ביז ארץ ישראל וועט ווערן א יידישע קאָמאָנוועלט, אלס גלייכבארעכטיקטער מיטגליד אין דער משפחה פון פרייע פעלקער פון דער וועלט.